THE STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY PROVIDES
ON-DEMAND REPRINTS OF MODERN YIDDISH LITERATURE





MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Garvolin : yizker bukh : sefer yizkor / [redaktsye, Zishe Nokhgelt]. |
| IMPRINT | 880-02 Tel-Oviv ; Nyu-York : Farband fun di Garvoliner, 1972. |
| DESCRIPT | 304 p. : ill. ; 31 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Poland -- Garwolin. |
| | Garwolin (Poland) -- Ethnic relations. |
| | Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Poland -- Garwolin. |
| ADD'L TITLE | Garwolin; a memorial to the Jewish community of Garwolin (Poland) |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING

PRINTED IN THE U.S.A.




פארלאג / הוצאת

**פארבאנד פון די גאַרוואָלינער - ארגון יוצאי גארוואלין**

תל־אביב * ניו־יארק * פאריז

תשל"ב - 1972

מאַפּע פון גאַרוואָלין

מאפע פון גאַרוואָלין

געצייכנט דורך: ברוך שיין





ששה נרות —
כמספר המיליונים שניספו

## אינהאלט / תוכן :

לזכר חברים:

## רשימת התמונות

הרב מ. מ. ראמער (עמוד 2), כנס רבנים וראשי קהל במחוז גארוואלין (2), הרב י. ק. טענענבוים, משפחת טענענבוים (4), ד. בערמאן (5), שמואל־הירש מאקאטאוו, יוסף בלאס, דוד בערמאן, קולטור ליגע אין גארוואלין (6), י. מ. זינגער (7), יעקב־מנשה ואשתו (8), אלטער קליימאן (9), אַ גרופּע פון „החלוץ״ (11), אַ פאַלקס שולע (13), מ. ש. ברוקאזש (14), פאמיליע ברוקאזש (17), אַ גרופּע ארבעטער אין שלום שווארצס דרוקעריי (13), בעריש ברוקאזש (19), קינדער־גאַרטן (21), זישע נאַכגעלט (23). אַ גרופּע שילער פון אוונט־קורסן (24), חשבון הנדבות לקניית אדמה בארץ־ישראל (26), שיינדל לעווין, אַ גרופּע בונדיסטן (27), די דלוגע גאַס (29), ברוך שיין, משפחת שיין (31), ר׳ מלך האַכבערג (32), קבוצת עסקנים של המזרחי (33), קיילע ולייביש שיין (34), קבוץ הכשרה של החלוץ המזרחי (35), הוועד של „עזרת חולים״ (37), ר׳ יעקב־הרש פויגלר ואשתו (39), ר׳ שמואל־מרדכילה זצ״ל (40), רבקה פערקאל־לעווין (41), אַ גרופּע געזעלשאפטלעכע טוער (43), פאלקס שולע (45), אַ גרופּע פון „פועלי ציון״ (47), אַ הויז אויף קאשציושקע גאס (49), דער קאמיטעט פאר דאָס ארבעטנדן א״י (50), בערל אמבאראס (51), משה קליימאן (53), „קונע לעמל״ פאַרשטעלונג (55), פוטבאָל גרופּע (59), אַ באַשטעטיקונג פאר דוד בערמאן (61), „פרחי אגודת־ישראל״ (63), מיכל קויפמאן־קאפנהויז (64), יצחק־אייזיק און לאה קאפנהויז (65), מיכל קויפמאן אין יאר 1921 (68), מיכל און שרה קויפמאן (69), קיבוץ הכשרה פון „החלוץ המזרחי״ (72), משה האנדקאַן (73), אַ באַנקעט לכבוד ה׳ האנדקאַן (75), משה און שרה האנדקאַן (77), פאמיליע האנדקאַן (78), אהרן אגמון־אנגליסטער (79), רחל לייבל און צפורה אנגליסטער (80), „בנות אגודת ישראל״ (83), אַ „תנאים״ און הויז פון מתתיהו רובין (85), אברהם פייגנבוים (88), השוק בגארוואלין (90), שלמה בלאס, ירחמיאל בלאס (91), „הליגה של ארץ־ישראל עובדת״ (92), מאיר־שלום לעווין, ארייננעכאפט אַ לערנען (93), אַ גרופּע בונדישע טוער (95), די פוילישע פאלקס שולע (97), משה בורשטיין (98), משפחת בורשטיין (99), חברי „צעירי־מזרחי״ ו„ברוריה״ (101), יונה־אהרן וואסערצוג (102), מאיר־יחיאל רובין, משפחת רובין (103), יחיאל פישמאן, קבוצת גארוואלינאים בישראל (104), רבקה קירשנבוים־האַכבערג, יהודית האַכבערג, קיילע לייבל און פייגעלע ראזענבערג (105), יהודית האכבערג מיט אירע אַ פריינדין פון ווארשע (106), צפורה צעשינסקי־קירשנבוים (107), משפחת קירשנבוים (108), רחל הירשפלד־וואמפאן, פאמיליע וואמפאן (109), חיים־וואלף שטאבאוויטש (110), באַשטעטיקונג אלעס פארטיזאנער (111), חנה קארפמאן־ראזנבערג (114), דער גארוואלינער שטאָטראט (115), שרה ראזנבערג־פייגנבוים (117), יהושע וואמפאן (118), צעירי מזרחי (119), קן „השומר הדתי״ (131), שלמה נחשון־שלאנג, חנה, משה לוסטיג און זייע קינדער (122), די קינדער פון שלמה־מאיר און מאלע פרוזשניאק, חנה און משה לוסטיג (123), ישראל סאָקאָל (124), עוזר סאָקאָל (125), יוסף גורפינקל, מרים פעדערמאן און איר שוועסטער, מרדכי גובער און זיין משפחה (126), מאיר בירובסקי, אברהם וראזע בורובסקי (127), ישראל־מאיר פאַפּאָווער, סניף „ברוריה״ (128), ר׳ לייבל אהרנסון (129), אלטע קליינמאן־באראווסקי, ישעיהו ווינעצקי מיט זיין פרוי (130), חיים רובק (131), מענדל און רחל גאלדבערג (132), האנטווערקער פאריין (134), יהודה רובין (135), יוכבד־אסתר הערמאנאוויטש (136), אסתר טראסטערמאן פאמיליע טראסטערמאן (138), אליהו מילער אוז זיין זון (140), לוטעק מיקאווסקי (141), דער פאוויאט (147), די ליגע פארן ארבעטנדן א״י (149), אַ מאסקן באַל אין 1935 (151), קיבוץ הכשרה אין אָברעמב (153), ספארט קלוב „הפועל״״ (155), ישראל אהרנסון (158), בחיק משפחת אהרנסון (160), נסיעתה של חיה רובין לארץ־ישראל (161), פאמיליע רושניעווסקי (168), בעריש ברוקאזש און זיי פרוי (169), ישראל בעהמאן, לאה זילבערמעהל, עוזר סאָקאָל, משה קליימאן, מרים שלאנג (175), צווי יוגנטלעכע פון „השומר הדתי״ (183), אַ גרופּע קולטור טוער (185), גזיזת הפאות והזקן של יהודי ע״י נאצים (186), מאיר הערץ (187), פאמיליע וואסערניס (189), מאיר און ישראל הערץ איף קבר אבות (191), מאיר קליינבוים (194), מצבות של משה ורחל הערץ (195), משה קליינמאן, בת־ים (196), די צונויפגעזאמלטע מצבות פארן פאָוויאט (199), צירל מינץ (205), פייגע און רבקה מינץ, יוסף קורצער (206), פאמיליע ראזנבערג (211), יואל גאטפריד־קראזע מיט זיין פרוי (215), יעקב קירשנבוים בישראל (216), האדמו״ר הזקן מגור זצ״לבמארינבאד (317), פאמיליע ראטמאן (218),

שיע בריוו. חיה בריוו, משה בריוו, מאָטל בריוו (219), אברהם ראזנבערג (220), מתתיהו יום־טוב, לייבל און אברהם ראזנבערג (221), אריה העלדנבערג (223), שבתי ראָדאָשינסקי (224), די פארוואלטונג פון „הפועל" (228), די צעוואָרפענע מצבות (235), יהודית וחיה יום־טוב, בני מנחם־מנדל ולייצ'ה יום־טוב (243), משפחת יום־טוב (244), סבא ר' משה'לה מילגרום, קבוצת צעירים (246), ר' חנינא־נתן שיין (248), התמונות על אושוויץ בעמודים 249, 251 253, ו־262 — מארכיונו של עתון „הצופה", מראה רחוב נאלעווקי (256), הטראמווי בגיטו ווארשע (258), שמואל־מאיר ראָטשטיין מיט זיין פרוי פאמיליע ניימאן (259), ביים דענקמאָל פאר די אויפשטענדלער פון ידישן געטא אין ווארשע (264), חנה הערמאנאוויטש און איר טאכטער (266), משפחת קליינמאן (267), אלעזר און אלטע ראָכמאן (271), א זיצונג פון גארוואלינער קאמיטעט און ישראל (273), זישע נאכגעלט און משה האָנדקאן (275), שרה קעזמאן (276), הערשל לייפער, משה ראזנבערג, צפורה אנגליסטער (278), חיה רובין־אנגליסטער, חוה פייגנבוים (279), לייבל מאָקאטאָוו, דן מאקאטאוו (280), יהושע קארפמאן, לוויית משה מאקאטאוו (281), יהושע וואמפאן בתפילה ליד הכותל המערבי (282), יששכר בלאנק (285), שמואל לאקסמאן (287), שמואל לאקסמאן ביי אָ מצבה (288), מחלה אפגאנג (289), משפחת סאקאל, פייבל, שלמה, און יעקב פעלדמאן (291), אברהם, חיים, אלי ראָדאָשינסקי, משפחת חיים רובק (292), מאיר־שלום שטאבאוויטש, מצבה פון שמעון לנדאו (293), פאמיליע קאָזשיראָוו (294), אזכרה בהר־ציון (295), ישראל הוכברג, אהרן נחשון, שרגא לעווין, יעקב־דוב מינץ (302), לוח הזכרון במרתף השואה בהר־ציון (304).

# אַריינפיר־וואָרט

בדחילו ורחימו זענען מיר צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן דאָס „ספר גאַרוואָלין". מיר האָבן געוווּסט וועגן די שוועריקייטן וואָס מיר נעמען אויף זיך און נישט איינמאָל האָבן אונדז, בעת דער אַרבעט, געמאַטערט ספקות: וועלן מיר בכוח זיין אַרויסצוגעבן אַ ספר עס זאָל זיין ראוי לשמו; אַ ספר וואָס זאָל אפשפּי־גלען ווי וויט מעגלעך דאָס לעבן פון די יידן אין שטעטל? צי וועלן מיר באַווייזן מיט אונדזערע אָרעמע כוחות צו געבן אַן אָביעקטיוו בילד פון דעם געזעל־שאַפטלעכן, רעליגיעזן, קולטורעלן, עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן פון די יידן אין גאַרוואָלין?

אמת, מיר האָבן לכתחילה נישט געהאַט קיין שום ליטעראַרישע אָדער געשיכטלעכע אַמביציעס. מיר האָ־בן נישט פּרעטענדירט אַז אונדזערע מאמרים זאָלן פאַרמאָגן געשיכטלעכן אָדער ליטעראַרישן שטאַף. מיר האָבן אָבער געוווּסט: דאָס ספר וועט דאַרפן אַרומנעמען אַ תקופה פון קרוב צו אַ יובל יאָרן, אָנהויבנדיק נאָך פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אין גאַרוואָלין האָט נאָר וואָס אָנגע־הויבן שפּראָצן אַ יידיש געזעלשאַפטלעך לעבן, ביז צום חורבן, אין יאָר 1939, און נאָך דעם דער אומקום פון שטעטל. וועלן אונדז סטייען כוחות צו שילדערן דאָס אַלץ? מיר זענען זיך מודה ומתוודה, אַז נישט איינמאָל האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אונדזערע הענט!...

דער באַוווּסטזיין אַז די אַרבעט אַרום ספר איז אַן עבודת־הקודש ממש, אַז דאָס ספר גאַרוואָלין איז נישט סתם אַ ספר. נאָר אַ מצבה פאַר דער פאַרשניטע־נער יידישער קהילה, אַז פאַר די גאַרוואָלינער יידן וועט יעדע שורה, יעדעס אות אין ספר אַרויסרופן ימים זכרונות און ביים לייענען אין ספר, אין מינוטן פון השתפכות־הנפש, וועט יעדער איינער זיך מתייחד זיין מיט די קדושי־גאַרוואָלין — אָט דער דאָזיקער באַוווּסטזיין האָט געשטאַרקט אונדזערע הענט, גע־געבן אונדז כוח גובר צו זיין אַלע שוועריקייטן.

איצט, בעת מיר האָבן זוכה געווען און מיר גיבן דאָס ספר אַרויס, מעגן מיר מיט רעכט זאָגן, אַז נישט געקוקט אויף דעם וואָס מיר האָבן נישט געהאַט קיין שום מקורות, פונוואַנען צו שעפּן דעם געהעריקן מאַטעריאַל, איז פון דעסטוועגן אונדז געלונגען אַרויס־צוגעבן אַ ספר מיט וועלכן מיר קענען באמת זיין שטאָלץ. דאָס דאָזיקע ספר איז אַ כבוד פאַר די צענדליקער מחברים, וואָס זייערע מאמרים, געשרי־בענע אויסשליסלעך פון זכרון, שפּיגלען אָפּ דאָס יידישע שטעטל אין עטלעכע תקופות: סיי די תקופה פון צווישן ביידע וועלט־מלחמות, סיי די שואה־תקופה, די געטאָס און נאַצישע טויט־לאַגערן, אַזוי אויך די קאָשמאַרע סאָוועטישע לאַגערן.

אַ באַזונדערן חן גיבן צו דעם ספר די גרויסע צאָל בילדער, וואָס מיר האָבן באַוויזן צונויפצוזאַמלען. אַ בילד רעדט אַ סך מאָל צום האַרץ נישט ווייניקער פון געשריבענעם וואָרט. בילד באַהאַפטן מיט דער־ציילונג מאַכט דאָס דערציילטע בולטער, שאַרפער און עס בלייבט אויך אין זכרון לענגער.

דאָס ספר איז געשריבן בעיקר אין יידיש, אַ גרויסער טייל אויך אין עברית. מיר האַלטן דאָס פאַר ריכטיק. יידיש, ווייל דאָס איז געווען דאָס לשון פון די קדושים און עברית, ווייל דאָס ספר איז נישט בלויז פאַר אונדז גראַטעוועטע, נאָר אויך — און אפשר נאָך מער — פאַר אונדזערע קינדער. ווען אונדזערע קינדער און אייניקלעך וועלן בלעטערן אין דאָזיקן ספר, וועלן זיי זיך דערוויסן נישט בלויז וועגן אומקום פון זייערע זיידעס, נאָר אויך וועגן די גרויסע גייס־טיקע אוצרות וואָס זיי האָבן געשאַפן, און וועגן קאַמף און גראַנגל זייערן מיט די שונאים... אין דעם זעען מיר די עיקרדיקע חשיבות און באַשטימונג פונעם ספר גאַרוואָלין.

דאָס דערשיינען פונעם ספר האָבן מיר צו פאַרדאַנ־קען קודם־כּל אַלע גאַרוואָלינער פון דער ברייטער וועלט. יעדער שטאָטישער, ווו ער זאָל זיך נישט האָבן געפונען, האָט צוגעלייגט אַ האַנט צום דאָזיקן ספר און האָט דערפאַר אַ חלק אין דעם. אָבער זאָל אונדז דערלויבט זיין צו דערמאָנען באַזונדער די קאָלאָסאַלע הילף, וואָס די רעדאַקציע־קאָמיסיע האָט באַקומען פון די דריי בוך־קאָמיטעטן, געשאַפענע פאַר דעם צוועק: דער קאָמיטעט אין אַמעריקע, פּאַריז און די רעד.־קאָמיסיע אין ישראל. די טרייע חברים פון די דערמאָנטע קאָמיטעטן, וואָס זענען נישט מיד געוואָרן צו טראָגן דעם עול און די אחריות פאַרן ספר, דריקט די רעדאַקציע אויס איר האַרציקן דאַנק.

אַ באַזונדערן דאַנק פאַרדינט דער הויפּט־רעדאַק־טאָר פונעם ספר — דער יידישער שרייבער משה זאַלצמאַן — וועלכער האָט נישט געקאַרגט קיין מי, אַז דאָס ספר זאָל אויך אין רעדאַקציאָנעלן זין זיין ראוי לשמו. אַ דאַנק דעם וועד און בעיקר — דעם ח' זאַלצמאַן — קאָנען מיר פעסטשטעלן, אַז דאָס ספר גאַרוואָלין איז אחוץ אַ מצבה פאַר די קדושים — אויך אַ ווילכטיקער צושטייער צו דער חורבן־ליטעראַטור, וואָס איז דערשינען ביז איצט.

ז. נ.

# פתח־דבר

„למען ידעו דור אחרון
בנים יולדו, יקומו ויספרו לבניהם"
(תהלים, ע"ח)

ספר גארוואלין — אותו הגו רבים וטובים, משרידי העיירה — במשך שנים רבות — היה לעובדה והוא מוגש עתה לקורא ולמעיין בו — על־כל־מה שיש בתוכו.

עם הופעת הספר נפרע במידת־מה חוב קדוש שהוא גם חובת־לבבות רבים ודוויים, להציב יד ושם לקהילה־קדושה גארוואלין — אחת מני אלף, שנכרתה ונמחתה על־ידי הצורר הנאצי בהשתוללות־הדמים הפראית בפולין בשנות תרצ"ט—תש"ה.

לספר את כל סיפורו של ספר זה — הרי כאילו אמרנו לכתוב ספר חדש. עם זאת אין הדבר פוטר אותנו מלספר אחדים מחבלי לידתו.

בראשית היה רעיון הספר נחלת יחידים. הרוב התייחס לכך בספקנות או בביטול. טענתם העיקרית היתה: מי יכתוב ומי יספר לנו תולדות העיירה. ומה שחשוב — מאין נקח את הכסף, בסכום של רבבות, הדרוש להוצאת־ספר ראוי לשמו.

נדרש היה על־כן מסע של שיכנוע בקרב בני עירנו בארץ ומחוצה־לה כדי שהכל יתנו ידם למיפעל־אדירים זה.

— אם אין בידינו להקים לעיירתנו — טענו בעלי הרעיון — מצבה מאבן, כמנהג ישראל מדורות, נקימנה על־ידי גל־עד של דפי נייר ל ב ן כתובים בכאב ש ח ו ר שיבטא את שהיתה לנו גארוואָלין ואילו ערכים היא הנחילה לנו.

בהצלחת מסע־השיכנוע לא פתרנו עדיין את כל הבעיות הכרוכות בהוצאת הרעיון לפועל.

קודם־כל נזדקרה השאלה מאילו מקורות היסטוריים נשאב כדי לספר את תולדות העיירה. מתי היא נוסדה וכיצד היתה התפתחותה?

בפנייתנו אל רושמי תולדות קהילות ישראל בפולין — נתקלנו בתשובה: גארוואלין היתה קהילה צעירה יחסית ולא נשארו עליה מקורות במיגנזת הקהילות. גם פנייתנו לחוקרי השואה ולסופריה — הושבה ריקם.

ולא זו בלבד. גם אלה מבני עירנו, המושכים בשבט־סופרים, אשר פרי מחשבתם יתנו בעטם — לא נשתמר אצלם כל חומר ארכיוני פרטי או ציבורי — מהם יוכלו לדלות חומר לבניית תולדות־העיירה. נשאר, איפוא, המקור האחד והיחיד — הזיכרון. הזכרונות שנחרתו במוחו ובמעמקי לבו של כל אחד משרידי העיירה שימשו מקור לא־אכזב למלא את דפי הספר — בו מובאים סיפורים על תלמידי־החכמים שבה ועל בני־עמך, על סוחריה ובעלי־המלאכה שלה, על חיי הכלכלה וחיי־רוח ותרבות, על פעולות של מוסדות ציבור ועל אירועים־פרטיים־משפחתיים.

שורטטו בספר קווים לדמותם של אישים וטיפוסים — מי בשפה פשוטה וברורה ומי בחרוז ובדברי־הגות. איש־איש לפי סיגנונו ומזגו. הדברים יצאו בהירים ומאירים. לפעמים מתובלים בסממני התפעלות עצמית ומהולים בשיקויי נוסטלגיה — אך אינם נעדרים חותמה של אמת תמימה וכנה.

אנו מעיזים, איפוא, לומר: אם אמנם נבצר היה מחברי מערכת־הספר להשיג מאמר־היסטורי כתוב בידי חוקר־מקצועי — הרי שהיסטוריונים ימצאו בו חומר־רב למחקר תולדותיה של אחת מעיירות פולין שהיתה **ואיננה עוד**.

המאמרים המובאים בספר ניתנו בלשון יידיש ועברית, כי אלה היו שפת **חול וקודש** של היהודים בדור שלפני השואה. נמנענו מהרקה מלשון אחת לחברתה, — כדרך שנהגו עורכי ספרי־יזכור רבים, אף שבמקרה זה היינו מוסיפים לו **כמות** בדפים, אך לא היינו תורמים אף במשהו **לאיכותו**. עשינו זאת גם מתוך ההנחה, כי תוכנם של הדברים שהועלה בשתי השפות — חד הוא. לכן גם אם יימצא איש אשר יבחר לקרוא בספר רק באחת השפות, לא יהיה חסר דבר.

*

הקורא ימצא בספר תמונות — ציבוריות ומשפחתיות, שיש בהן משום המחשה חזותית של חיי העיירה על כל גווניה ותנועותיה. דאגנו גם לשרטט מפת־העיירה לפי הזיכרון, לאחר שקוויה הכלליים התאימו לתמונה שנשתמרה בזכרונם של בני העיירה. שיבוץ **תמונת**־המחבר במאמר שנכתב על־ידיו (עד כמה שיכולנו) — גם הוא חידוש שאינו מצוי ברוב ספרי־השואה ושיש בכך משום קירוב הקורא לכותב שנתרחק ממנו בתמורות הזמן והמקום.

נציין עוד את חשיבותן של רשימות הנעדרים בעיירה, שהוכנסו לספר. רשימות אלו שהורכבו לפי הזיכרון של אחדים מבני עירנו באו להציב זכר לבני העיירה שלא הניחו קרובי־משפחה — לא בישראל ולא בחוץ־לארץ.

*

לא נבוא בפתח־הספר ברשימת „עלינו לשבח" בפירוט שמי של כל אלה שעמלו עם הוצאת הספר — אם בסיגנון דברים ואם בהגהה ובדפוס — אך לא נחסוך מהם רחשי תודה על העבודה הנאמנה שעשו. יישר כוחם!

*

תרומה נכבדה להוצאת הספר העלו ועדי המערכת, — בניו־יורק, בפאריס ובישראל, שלא חסכו מזמנם

וממרצם בעבודה מייגעת זו. תיזכר לטובה עבודתה של הוועדה האירגונית והכספית, שפעלה בעיקר בישראל. לאלה וגם לאלה — עצם הופעת הספר היא תודתם — בבחינת שכר־מצווה — מצווה.



סוף דבר: חז"ל אמרו (שקלים) ,,אין עושין נפשות (מצבות) לצדיקים — מעשיהם הם הם זכרונם". ניסינו בדפים אלה שלפניכם להעלות מקצת ממעשיהם של קדושי גארוואלין (שצדיקים היו במותם על קידוש־השם) — למען יעמדו ימים רבים עד דור אחרון בחיי הנצח של האומה.

**ב. ש.**



צוגעקומען נאך איין יזכור־בוך — ספר גארוואלין. די שפע ביכער פון דעם מין פארפלייצט דעם „מארק" פון יידישן שריפטום. אפילו די אויטענטיש־ליטעראַרישע דערציילונג פון נאכן חורבן איז פונעם מין — יזכור. נישטא מער די כלים און דער שטאף פאר יענער עכטער ליטעראַרישער שאפונג וואס איז געווען די אפשפיגלונג פונעם קאכיקן יידישן לעבן פון אמאל, ווייל ס'איז נישטא מער די באזע. דאס שטעטל איז טויט — און אלץ וואס ווערט נאך געטאן סיי אין פאעזיע, סיי אין פראזע איז בבחינת מצבה. ווייס איך נישט צוליב וואס און אין ווענמס אינטערעס עס ווערט כסדר באטאנט דער אומקום פון א דריטל בלויז פון אונדזער פאלק, ווען אין דער אמתן איז די השמדה געווען א טאטאלע, א פולע. אין סך־הכל ענדערט דאס נישט די אלגעמיין־באקאנטע גלאבאלע ציפער. — ס'איז אבער כדאי צו געדענקען און צו אונטערשטרייכן אויף ווי ווייט דעם אשמדאי האט זיך יאָ איינגעגעבן אויסצופירן זיינע פינצטערע פלענער לגבי אונדזער פאלק.

דאס אריינרעכענען אין חשבון פון די „גראטעוועטע" אויך יענע יידן, וועלכע די רוצחישע האק האט נישט דערגרייכט, שוואכט בלויז אפ דאס בילד. די טרייסט פאר אונדז לעבעדיקע, וואָס באהאלט זיך אויס אין אזא סאָרט חשבון, איז אויך א קנאַפע.

דס יידישע פוילן און דער גרעסטער טייל יידיש־אייראפע איז פולשטענדיק פארניכטעט געווארן, און דאס — ביי דער אפענער, צי באהאלטענער צושטימונג פון דער א"ג „מענטשהייט", פון דער וועלט. איז פאר מיר קיין ספק נישט — און זוכט נישט אין דעם קיין מיסטיק — אז די דאָזיקע וועלט **דאַרף, מוז** און וועט אונטערגיין. אונטערגאנג איז איר פארדינטער גורל. האט שוין דער קדוש מארקיש געזאגט:

...„א וועלט אזא איז חייב מיתה!"...

און חייב מיתה איז די וועלט נאך פון פריער — נאָך פאר דעם גרויסן אומגליק אונדזערן: חייב מיתה איז זי פאר יעדן קינד, צי זקן וואס שטארבט ערגעץ אין אפריקע, אינדיע, צי אין דרום־אמעריקע א „נאטירלעכן" הונגער טויט; חייב מיתה איז זי נאך פאר „זבאנשין", פאר דער „קרישטאל־נאכט"; חייב מיתה איז די וועלט אוודאי פארן נישט אריינלאזן מלחמה־צייט די וואגלענדיקע יידישע שיפן פליטים ביז זיי זענען נישט געזונקען אין די טיפעניש פון ים, אדער — וואס נאָך ערגער — ביז זיי זענען געצווונגען געווארן זיך אומצוקערן אין דייטשן האמבורג; חייב מיתה איז זי פארן אומברענגען די יידישע שרייבער און פאר אנדערע מעשי־סטאלין אין ראטנפארבאנד; חייב מיתה איז די וועלט נאך פאר דער „הייליקער אינקוויזיציע". די שליחים פון סאמע כביכול צו פלאנצן ליבע צווישן מענטשן זענען נאך היינט אונדז נישט מוחל דעם חטא הקדמון, דעם כלומרשטן מארד פון איין איינציקן יידן — זייער גאט. זי קאן אונדז נישט פארגינען אונדזער שווערן קיום...

יא, אזא וועלט מוז אונטערגיין.

מיין אינטואיטיווע שפירונג האָט נישט צו טאָן מיטן גערעכטן געפיל פון נקמה.

אויב כ'האב פריער געזאָגט „מ'זאָל נישט זוכן אין דעם קיין מיסטיק", איז עס פשוטו כמשמעו. נישט פאראן קיין אומבאשטראָפט פארברעכן. נישט וויכטיק צי די שטראָף, לויט די בעלי־אמונה, קומט ווי א גזר מן השמים, אדער לויטן נאטירלעכן געזעץ פון פאר־ברעכן און שטראף. וראיה לדבר: די וועלט גייט טאקע צו איר אייגענעם אומקום, באזונדערס נאָך יענעם קאסמישן פארברעכן פון אומברענגען דאס ערשטע קינד. דער „הסתרת פנים" פון דער השגחה פון יענער טייוולאנישער צייט האלט פערמאנענט אן און בלוט גיסט זיך, אמאל אין קארעא, היינט אין וויעטנאם, מארגן ערגעץ אנדערשוו, ביז — ביז ס'וועלן נישט אויפשפילן די גרויסע טויט־ארקעס־טרעס און די וועלט וועט אריין אין דעם מיט אירע אייגענע הענט פארגרייטן תהום, וואס זיין אנהייב איז געווען די פארניכטונג פון אונדזער פאָלק.

*

מיר רופן זיי קדושים און מיר ציילן זיי אין די מיליאנען. יא, מיר זענען א פאלק פון מיליאנערן... קיין אומה ולשון קאן זיך מיט אונדז נישט פאר־גלייכן. נסים און קדושים האבן מיר לרוב, אפילו אויף עקספארט. מיר וואלטן מיט א לייכט געמיט אפגעטראָטן א ביסל פון דער „סחורה" אונדזערע שונאים. זאלן אויך זיי זיך ראטעווען דורך נסים און מאגאזינירן קדושים...

עס דארף אבער געזאגט ווערן, אז די זיבן־נוליקע ציפער האט דא א נעגאטיוון אויסקלאנג. דער גרויסער ציפער פארגרעסערט דא נישט, נאר פארקערט... באשווערט אויפצונעמען דאס אומגליק אין זיין גאנצן היקף. דאקעגן ציטערן מיר אויף ביי דער דערמאנונג פון יעדער פארשניטענער משפחה באזונדער. אזוי טראכט איך שטענדיק, ווען כ'ריר זיך נאר צו בלויז צו אונדזער גרויסן אומגליק, וועלכן מיר האבן זיך שוין צוגעוווינט צו פארטויטשן מיטן איינציקן ווארט: „שואה". ס'איז איבעריק צו אונטערשטרייכן, אז דאָס דאזיקע ווארט און קיין שום אנדער ווארט שטייט נישט אין דער מינדסטער פראפארץ צו דעם געשעענעם און אנטשפרעכט נישט די גרייס און געוויכט זיינעם.

דאס וואס ס'איז געשען מיט אונדזערע נאענטסטע און טייערסטע איז א נאמענלאזער „עפעס" וואס לאזט זיך נישט איינראמען אין וועלכע ס'איז פאר־טיקע באגריפן, און איז איבער דער נאטור און כוח פונעם מענטש אפילו בלויז צו טראכטן וועגן דעם: אומקום, קאטאסטראפע, קאטאקליזם, מבול, שואה, חורבן, פארלענדונג, פינצטערניש, וויסטעניש איז נאך

אלץ נישט די ריכטיקע פארב, די ריכטיקע קאָליר פונעם „בילד״.

דאס פארברעכן איז פון קאסמישער גרייס און אזא — די יסורים פון די לעבענגעבליבענע.

*

צום סוף וויל איך נאך זאגן, אז כ׳בין צוגעטראטן צוגרייטן דאָס בוך מיט גרויס פארכט. אחוץ וואָס כ׳האב זיך געשראקן ארויפצוגיין אויף אזא „מינירט פעלד״ ווי ס׳איז א יזכור־בוך — מינירט מיט אזוי פיל צער און אומגליק — האָב איך אויך שטארק מורא געהאט פאר די אנטיילנעמער, די מיטארבעטער. פארט נישט קיין פראפעסיאנאלן... אצינד, נאכן פאר־ענדיקן די ארבעט, מוז איך זאגן, אז די מורא, בעיקר פארן צווייטן אספעקט, איז געווען אן אומזיסטע. אַפגערעדט שוין פון דעם טייל מאטעריאל וואָס איז באלד לכתחילה געווען רייף, געשריבן מיט עכט־שרייבערישן אָטעם, איז אויך דאָס שווערערע מא־טעריאל א באשטעטיקונג פון אונדזער אלטער לעגי־טימאציע אלס עם־הספר, און אחוץ די בלוט־טבילה, וואס מ׳האט, געוויינלעך, ביים באארבעטן אזא מאטעריאל, האט מען אויך דעם „שכר״ און „נחת״ פון דער באגאבטקייט און כוח־יצירה פון אונדזער פאלק — און מען איז נהנה פונעם תיקון הברכה: שלא עשנו גוי...

ביי דער געלעגנהייט וואלט אפשר געווען נישט איבעריק צו באדאנקען כאטש דעם טייל מחברים פון די באזונדערס־גוטע ארבעטן אין דעם ספר. מיר וועלן עס אבער נישט טאן, כדי נישט ארויסצורופן די אזוי פארשפרייטע מחלה: קנאת־סופרים. דער לייענער וועט דאס אליין אוסגעפינען. דער זאמלבוך איז דער אנשטרענג און מי פונעם גאנצן קאלעקטיוו, פון דער גאנצער שרידי־הפליטה פון גארוואלין און די מצבה — די מצבה פונעם גארוואלינער חלק אינעם קרבן פון אונדזער אוסגעהרגעט פאלק.

מ. ז.



## דער אמריקאנער קאמיטעט

שטייען (פון רעכטס): ה. וואסערמאן, רחל וואסערמאן, רחל מעסינג, פיניע מעסינג, אברהם ראזענבערג, אגנעס ראזענבערג, יעקב פרידמאן, פרוי פרידמאן. זיצן (פון רעכטס): בערל אמבאראס, רחל אמבאראס, מיכל קויפמאן, שרה קויפמאן (קאפענהויז), יצחק פאליאק, פעסע פאליאק

## ועדת הספר בישראל


אהרן אגמון-אנגליסטר


רבקה הוכברג-קירשנבוים


רחל הירשפלד-ואמפן


מאיר-שלום לעווין


נתן נונגולד (זישע)


שלמה נחשון-שלאנג


חיה פייגנבוים-יום-טוב


צפורה צעשינסקי
קירשנבוים


משה קליימאן


מאיר קליינבוים


יחיאל-מאיר רובין


יהודה רובין


ברוך שיין



**דער פאריזער קאָמיטעט**

פון רעכטס: שמשון קאָזשעראָוו, יחיאל ניימאַן, משה האַנדקאַן, צירעלע פוטערפלאַם־מינץ, חיים רושניעווסקי, חיים שטאַבאַוויטש.



**אזכרה לקדושי גאַרוואָלין (נשיאות)**

ישבים, משמאל: חיה פייגנבוים־יום־טוב, רבקה קירשנבוים־האָכבערג, מאיר־שלום לעווין, רחל הירשפעלד־וואַמפאַן, יהודה רובין; עומדים: משה קליימאַן, אהרן אגמון־אנגליסטער, ברוך שיין, מאיר קליינבוים. נתן נוגגולד (זישע נאָכנעלט) מדליק נר־הזכרון, לידו החזן ישעיהו וויינרייך.



**הקהל באַזכרה לקדושי גאַרוואָלין בישראל**

1) יהודה רובין, 2) ברוך שיין, 3) רבקה הוכברג־קירשנבוים, 4) אסתר פישמן־וואמפאַן, 5) רחל הירשפעלד־וואמפאַן, 6) משה הירשפעלד, 7) מאיר קליינבוים, 8) יוסף ווײַנבלוט, 9) משה בורשטיין, 10) שלמה שלאַנג (נחשון), 11) פרוי בורשטיין, 12) אהרן אנגליסטער, 13) החזן י. וויינרייך, 14) חיים ראַבאַק, 15) משה קליימאַן, 16) שלמה בלאַס, 17) יחיאל פישמאַן, 18) מאיר שלום לעווין, 19) ישראל פאַפּאָווער, 20) אהרן אפּגאַנג, 21) ישראל אהרנסון, 22) פרוי פון יצחק אהרנסון, 23) ישראל סאָקאָל, 24) קליינמאַן (זון פון גוטע די פאָטאָגראַפיסטן), 25) פרוי בן־דב, 26) דוד בערמאַן—בן־דב, 27) לייבל העלדענבערג, 28) יהודה בערמאַן, 29) טאָכטער פון יחיאל־מאיר מינץ, 30) פרוי מינץ, 31) יחיאל מאיר מינץ, 32) פרוי פון לייבוש פייגנבוים, 34) חנה רובין־טענענבוים, 35) יחיאל רובין, 36) יצחק אהרנסון, 37) משה־דוד ווּדקאַ, 38) פנחס קעזמאַן, 39) מאיר באַראַווסקי, 40) אלטע באַראַווסקי־קליינמאַן, 41) פייטשע קירשענבוים־צעשינסקי, 42) משה פישמאַן, 43) חוה אנגליסטער־לייזעראָוויץ, 44) מרים זעלדין־האָכבערג, 45) שיינדיל קאַמינער־סאָקאָל, 46) אסתר פּטר־סאָקאָל, 47) שמחה קאַרפּמאַן, 48) שלמה מינץ, 49) משה אייזנ־שטיין (חיים קלעזמערס זון), 50) אסתר זבילסקי (פּאַפּיראַשניקס), 51) חיים מינץ, 52) פראַדיל וואַסערצוג־פינקלשטיין, 53) יעקב קליינמאַן, 54) חנה ראָזענבערג, 55) יהודית גדאַנקען־יום־טוב, 56) חיים באַראַווסקי, 57) ישראל הערץ, 58) לאה פיינזילבער, 59) נתן נונגאַלד־זישע נאַכגעלט 60) חיים פייגענבוים־יום־טוב, 61) דוד גורדון, 62) מאיר פייגענבוים, 63) ברכה פערבער־שיין.

# רשימת יוצאי גארוואָלין החיים בארץ ובעולם

**ישראל:**

אגמון־אנגליסטר אהרן (תל־אביב)
אהרנסון ישראל (ת"א)
אהרנסון יצחק (ת"א)
אופגנג אהרן (יפו)
אופנהיים יהושע (רמת־גן)
אייזנשטיין ישראל (ת"א)
אייזנשטיין משה (חיפה)

בייטל שלמה (בני־ברק)
בלס יוסף (הרצליה)
בלס יחיאל (הרצליה)
בלס נפתלי (ת"א)
בלס שלמה (ת"א)
בלנק שרה (פיגנבום) (ת"א)
בליזינסקי מאיר (רמת־גן)
בליזינסקי שמואל
ד. בן דוב (חיפה)
ברנהולץ משה (פתח־תקוה)
בורשטין משה (ת"א)
בורובסקי חיים (רמת־גן)
בורובסקי מאיר ואילנה (רמת־גן)
בן מתי אסתר (ת"א)
ברנהולץ־(הרמנוביץ) חנה (רמת־השופט)

גדנקן יהודית (יום טוב) (ת"א)
גדולד מאיר (ת"א)
גוטרמן משה (ת"א)
גוטמרק אברהם (ת"א)
גורדון דוד (גבעתיים)
גיטמן משה (ת"א)
גוטקינד רחל (ת"א)

הירשפלד משה ורחל (ת"א)
הוכברג ברוך (ת"א)
הלדנברג אריה (אזור)
הפנר אהרן (בני־ברק)
הרץ ישראל (ת"א)

יקסלבום מתילדה (הירשלפד) (ת"א)
וודקה משה־דוד (בני־ברק)
וודקה שמואל (ת"א)
ויינבלוט יוסף (ת"א)
וסרצוג שמעון ופראדל (ת"א)

זלוטוגורה משה (ת"א)
זילברשטיין משה (בת־ים)
זלדין מרים (הוכברג) (ת"א)
זילברמן אסתר (טרוסטרמן) (ת"א)
זבילסקי אסתר (רמת־גן)

טרומר אברהם (חיפה)
משפחת זינגר (בני־ברק)
ידוואב שמחה (חולון)

לוין מאיר־שלום (ת"א)
משפ. לקסמן (ת"א)
משפ. לנדא אהרן (פתח־תקוה)
לייזרוביץ חוה (אנגליסטר) (ת"א)

מוקוטוב לאה (ת"א)
מוקוטוב שלום ונילי (ת"א)
מילגרום נח (בת־ים)
מינץ יחיאל מאיר (בני־ברק)
מינץ שלמה (רמת־גן)
מינץ חיים (רמת־גן)
מילרשטיין אברהם (סלמה ג')
מיודובסקי חיים (ת"א)
נונגולד נתן־זישע נאכגעלט (רמת השרון)

נוימן דובה (הירשפלד) (ת"א)
נדל אליהו (ת"א)
נחשון שלמה (ת"א)

סוקול ישראל (חדרה)
סוקול אסתר (חדרה)
סוקול שיינדל (קמינר) (ת"א)

פישמן יחיאל ואסתר (ת"א)
פישמן משה (ת"א)
פיינזילבר לאה (ת"א)
כלדמן יהושע (רמת־גן)
פלדמן נח (רחובות)
פייגנבום מאיר וחיה (רמת־גן)
פייגנבום משה (רמת־גן)
פייגנבום אריה (ת"א)
פוירשטיין פלטיאל (ת"א)
פרבר ברכה (שיין) ת"א)
פלדמן אברהם (ת"א)
פופובר ישראל (ת"א)
פייגנבום חיים רמתיים)

צימבעראוויטש אברהם (חיפה)
צישינסקי פיגה (ת"א)

קירשנבוים רבקה (ת"א)
קליינמן יעקב (ת"א)
קליימן אלתר (כפר סבא)
קליימן משה (משמר השרון)
קעזמן דב (רמת־גן)
קעזמן פנחס (רמת־גן)
קליינבום מאיר (ת"א)
קרפמן חנה (ת"א)
קרפמן שמחה (רמת־גן)
קליימן משה (בת־ים)
קפנשטוק אורי (ת"א)

רובין חיים (ת"א)
רובין יהודה (רמת־גן)
רובין מאיר וחנה (רמת־גן)
רפלנסקי חנוך (חדרה)
רדושינסקי ש. (רמת־גן)

שיין ברוך (ת"א)
שטמפשר מאיר (קרית גת)
שטמפשר שבתאי (חיפה)

**ארגענטינע:**

מ. אשלאק
י. בערנהאלץ
ט. באראווסקי
י. אייזענשלוס
ל. אייזענשלוס
ב. גאנטארסקי
י. גאנטארסקי
מ. גאטפריד
ר. גרייצער
י. גובער
ע. יולמאן (חולמאן)
א. סאפערשטיין
ה. צוקערמאן
מ. צוקערמאן
קלאנג
ה. רויטמאן
ס. רויטמאן
מ. ראטערמאן

**אויסטראליע:**

צ. גוטמאן
י. גאלדמאן
ל. גאלדמאן (רויטפארב)
ס. האפמאן

**פראנקרייך:**

משה האנדקאן
מאיר ורבקה הערץ
חיים יום־טוב
שיינדל לעווין
פ. מילנאווסקי
יחיאל ניימאן
צירל פוטערפלאָם
שמשון קאזשעראוו
מ. קעזמאן
ח. רודניצקי
חיים רושניעווסקי
חיים שטאבאוויטש

**קאנאדע:**

אייזענבערג
ס. בריף
א. זילבערמאן
מ. זאלצשטיין
פ. יעשינאוויטץ
י. קארן
רבקה פערקאל־לעווין
מרדכי ראַטמאַן

**דייטשלאנד:**

אשר ראזענבערג
נחמן ראזענבערג

**קאראקאס:**

א. איגליצקי

**רופלאנד:**

מאיר־שלום ברוקארזש
בוטשע וואסערמאן

**צפון אמעריקע:**

ב. אמבאראס
מ. אנגליסטער
ה. בארד (ווייסבארד)
ד. גאטפריד
ה. גאנטארסקי
ל. דאמב
א. ווישניא
ס. ווייסבארד
ר. וואסערמאן (ראפאפארט)
סיניע ורחל מעסינג
ס. סאלניק
י. פרידמאן
ר. פיינבערג
י. קוואלברום
ב. קעזמאן
מיכל קויפמן־קאַפנהויז
פעסע פאַלאַק־קאַפנהויז
ר. ראכמאן
אברהם ראזענבערג
י. ראז (פרומער)

**גארוואלין:**

מענדל צימבעראוויטש

יוסף מילנער / פּאַריז

# גאַרוואָלין און איר אומגעגענט

## א

### גאַרוואָלין אַ פּאָוויאַט־שטעטל אין שעדלעצער

גובערניע, ווו יידן האָבן געגאָסן פון וווינרעכט זייט לענגערע צייטן. גאַרוואָלין האָט אין יאָר 1856 געהערט צו לובלינער גובערניע. אין יענעם יאָר (ד״ה מיט הונדערט יאָר צוריק) האָט גאַרוואָלין געציילט 1.173 קריסטן און 546 יידן..

בעת דער פאָלקס־ציילונג פון יאָר 1897 (ד״ה מיט 63 יאָר צוריק), האָבן אין גאַנצן גאַרוואָלינער פּאָוויאַט געלעבט 120 טויזנט תושבים, צווישן זיי 17.822 יידן. אין גאַרוואָלין גופא 2.199 יידן.

## ב

### לאַסקאַרזשעוו

פאַראַן אַ בישאָף־עדיקט פון יאָר 1751, וואָס איז פאַר־בלייבן ביז 1862, לויט וועלכן יידן האָבן זיך נישט געטאָרט באַזעצן אין לאַסקאַרזשעוו. נישט געקוקט אויף דעם האָט לאַסקאַרזשעוו אין יאָר 1856 פאַרמאָגט 100 (הונדערט) יידן אויף 936 קריסטן. לויט דער צאַרישער פאָלקס־ציילונג האָבן אין לאַסקאַרזשעוו אין יאָר 1897 געלעבט 1.258 יידן און 2.821 נישט־יידן.

## ג

### אַ ס י ע צ ק

אַסיעצק: גאַרוואָלינער פּאָוויאַט. יידן האָבן דאָרט שטענדיק כמעט געהאַט וווינרעכט. אין יאָר 1856 האָט אַסיעצק געהערט צו לובלין. אין יענעם יאָר האָבן דאָרט געלעבט 524 יידן און 965 נישט־יידן. אין 1897, בעת דער צאַרישער פאָלקס־ציילונג, האָבן אויף 1.581 איינוווינער, געלעבט דאָרט 481 יידן. ס'איז אינטערעסאַנט צו קאָנסטאַטירן, אַז אין פאַר־לויף פון 40 יאָר האָט די צאָל יידן באַדייטנדיק זיך פאַרקלע־נערט.

## ד

### פ אַ ר י ס אָ ו ו

פּאַריסאָוו: גאַרוואָלינער פּאָוויאַט. יידן פלעגן דאָרט זיין נישט־געוווּנשן. ערשט אין יאָר 1856 האָבן זיך דאָרט געפונען 556 יידן און אין יאָר 1897 (לויט דער צאַרישער פאָלקס־ציילונג) לעבן דאָרט 2014 יידן אויף 3140 איינוווינער.

## ה

### ר י ק י

ריקי: גאַרוואָלינער פּאָוויאַט. לויט דער פאָלקס־ציילונג פון 1897: אויף 1615 תושבים, 1573 יידן. אַ דורכאויס יידיש שטעטל.

בעת דער אינוואַזיע פון די מאָטאָריזירטע היטלער חיות אויף די אַלע מקומות איז זיכער די צאָל יידן געווען אַ טאָפּלטע. אַלע זענען זיי אומגעקומען על קידוש השם. הי״ד.

פ. ס.

אין דער געגנט זענען געווען נאָך צוויי דערפער: סטענזשיצע און סאַבענע־יעזשערי מיט קליינע יידישע ישובים. איך שרייב נישט וועגן זשעלעכאָוו, וועלכע פאַרמאָגט אַן אייגענעם זעלטענעם יזכור־בוך.

י. מ.

ברוך שיין / תל־אביב

# הרב

רבה של גארוואלין ר׳ משה־מנחם ראמער, שייך היה לסוג הרבנים שאיחדו באישיותם כל מושגי החיים הציבוריים בעיירות פולין, בזמן שבין שתי מלחמות־העולם. מצד אחד הוא שאף להנהיג את עדתו בנתיבי המסורת האדוקה שחיי הדת מחייבים, מבלי לוותר על אף מנהג וחומרה הלכתית, כפי שהיו מקובלים מדור דור; ומאידך היה מתהלך בנועם גם עם ה„אפיקורסים" של העיירה, שריננו אחריהם ש„יצאו לתרבות רעה" ואינם מקיימים מצוות כהלכתן. כשפגש אחד מבני צעירי העיר מסוג האחרון היה מקדים לו שלום ובחיוך אבהי היה מוסיף:



הרב משה־מנחם ראמער, הי״ד

— מעולם לא הייתי מאמין שאתה, בנו של פלוני מחשובי העיר, עלול לעשות דברים המתנגדים להילכות הדת, כגון עישון בשבת או, חלילה, הפצת דעות אפיקורסיות... ומיד היה נכנס עמו בשיחה על בעיות אישיות של פרנסה ועיסוקו היום־יומי. פגישה כזו היה הרב מסיים במלים מעין אלה:

— למה לא ראיתיך בשבת האחרונה בתפילה, בבית־הכנסת, מהי הסיבה?...



משכמו ומעלה היה גבוה מכל תושבי העיר. היה מתהלך תדיר בקומה זקופה. זקנו הלבן הארוך שהיה יורד על פי מידותיו הוסיף לו הוד והדר ולא היה איש שעבר על־פניו מבלי שרטט קל יתעורר בו, מחמת יראת הכבוד. אף אלה שלא מבני ברית, משראו את הרב עובר על־פניהם ברחובות העיר, היו נעצרים לרגע ומלחשים זה לזה: „ראַבין" (הרב)...

במיוחד נחרתו בזכרוני מימי הילדות בגארוואלין, תפילותיו של הרב ב„ימים הנוראים", בהם היה עובר לפני התיבה ל„מוספים". קולו החמים והעמוק היה מרטיט לבבות. בשעה שהיה אומר את קטעי „ונתנה תוקף", „כל מאמינים", ו„מלכויות, זכרונות ושופרות" בראש השנה ואת פרקי „העבודה" ביום־הכיפורים, דומה היה כאילו כך באמת היתה תפילתו של הכהן הגדול בזמן שבית המקדש היה קיים...

היה טיפוס של רב עממי. דרשותיו שהיה משמיע ב„שבת הגדול" וב„שבת תשובה" היו שזורים בסיפורי מעשיות ומשלים עם „מוסר־השכל".

משליו שהיו שגורים בפיו הם: על „בן מלך שגלה מעל שולחן אביו" או „בת מלכה שנפלה בשבי ה„גויים". וכן על „ספינה שנטרפה בלב ימים". הנמשלים היו מובנים מאליהם.

במיוחד אני זוכר את משלו שנשא בשעת ההספד על פטירת זקן העיר, ר׳ ירחמיאל בלאס ז״ל. הרב דימה אותו כ„תמרור דרך" („וועגווייזער") שלולא הוא, אי־אפשר היה לו לאדם להתמצא בסבך הדרכים שהוא מהלך בו. עם זאת אני זוכר, כי בתקופה האחרונה, סמוך לעלייתי ארצה, השמיע הרב דרשה ב„שבת תשובה" שבה שילב פילפול הלכתי על מהות התשובה שהפתיע את קהל השומעים, ואף הלמדנים אמרו: מה אירע לרב שלנו?...



זכורני שאצלנו נתעוררה בפסח שאלה של כשרות־המים, שהכינונו בטרם חג בחבית גדולה, לאחר שנמצא פירור מצה על מכסה הבד הרטוב שכיסה את החבית. השאלה היתה, אם אין בכך משום חריגה מחומרת ה„שרוייה", שבה נזהרו כל חסידי פולין. משבאנו לפני הרב בשאלה זו התחמק בפיקחותו האופיינית לו ואמר: „רק אצל אסתר־גולדע (זו אמי) יכולה להתעורר שאלה מעין זו". מתוך אמירה זו הבינונו, כי יש בכך משום חומרה יתירה. אולם אילו היתה מתעוררת שאלה זו בבית הרב בוודאי היה נוטה להחמיר.

בגלל החמרה זו בהילכות חמץ ומצה פרצה אף מחלוקת גדולה בעיירה לקראת חג־הפסח, בשל חילוקי־דעות על כשרותו של הקמח לאפיית מצות. הרב התנגד להביא קמח מטחנות מיכניות, שבהן מועברים הגרעינים לטחינה במעליות („אלווטורים") ועל־ידי־כך הם מתחממים ומביאים לידי חשש הימוץ כלשהו. הרב סבר שיש להביא קמח למצות מטחנות־אבנים, שבהן הטחינה היא פשוטה והגרעינים של החיטה אינם מתחממים, עובר לטחינתם. אף־על־פי שבקמח „אלווטורים" המצות הן יותר יפות ובהירות, קיבל רוב הקהל את חומרת הרב והמצות נאפו בקמח של טחנות־אבנים.

בהיותו צאצא של דורות רבנים כוחו היה גדול בפסק־הלכה והיה משיב בענייני איסור והיתר בכל מקום שנשאל. כשהיו באים אליו ב„שאלות" היה משיב במקום: „כשר" או „טריף". בדרך כלל היה מוחזק כמיקל בכל מיני שאלות. לעומת זאת היה מחמיר על עצמו ועל בני־ביתו בענייני איסור והיתר. הייתי מבקר רבות בבית הרב ופעמים אין ספור נתעוררו שאלות לפני כל ארוחה וארוחה בדבר כל פרט ופרט שבה ולא אחת קרה שהיו מסירים את המאכלים מן השולחן בגלל ספק־ספיקא של כשרות שלא נתבררה די־הצורך. בייחוד היה מקשה

הרב על בני ביתו בימי פסח. מעטים היו המצרכים שעלו על שולחנו של הרב בשמונת ימי החג, מחשש כלשהו של חמץ. בכל זאת משפנו אליו בשאלות על סוגי מצרכים הכשרים לפסח היה מתיר כמעט הכל.

אף שהרב עצמו היה חסיד והיה „נוסע" לאדמו"ר מפורי־סוב היה נוהג בעיירה גינוני־„רבי" ומקיים בביתו „שולחן" ל„שלש סעודות" בשבתות. גם בליל־שני של פסח — לאחר ה„סדר" היו מתאספים רבים בבית הרב לאמירת המחצית השנייה של ה„הגדה" ולהתחיל לספור את „ספירת העומר". בני העיר היו באים גם למסיבת סיום החג באחרון של פסח. מיפגשים אלה היו מלווים בטקס עליז. המסובים שרו פרקי „הלל" וה„הגדה" ואף הושמעו פארודיות עממיות הקשורות בהגדה של פסח, ובייחוד הושרו הפרקים: „אחד מי יודע" ו„חד גדיא" בכמה לשונות: רוסית, פולנית, אידיש וארמית וגם בתוכן מבדח.

אך לא רק בימי חג ומועד אפשר היה ליהנות משולחנו של הרב. דומה שלא היתה סעודה בביתו בימות החול שלא היו סמוכים על שולחנו, כמה אורחים. מלבד זה ידוע היה כי בבית הרב אפשר לקבל „נדבה" מכובדת וקבצנים רגילים וגם נצרכים מכל הסוגים היו משכימים לפתחו כדי להנות מנדיבות לבו. לזה יש להוסיף כי תמיד נמצאו אצל הרב בני משפחה נצרכים כמו אלמנתו ובנותיו של בנו יוסף ז"ל שמת בדמי ימיו. גם משפחת בנו יהושע היו סמוכים על שולחנו ונדמה לי שהמשכורת שהגרוואלינאים רינגו עליה שהיא מנופחת בצורה מופרזת, הספיקה בקושי לגמור את החודש בלא גרעון.

כאמור בתתחילת דברינו, היה הרב של גארוואלין מקבל את כל אדם בסבר פנים יפות ולא היה אדם שהקדים אותו באמירת „בוקר טוב" כי תמיד הוא היה הראשון שהקדים לקבל פני האנשים שנקלעו בדרכו. ואף שהיו בעיירה מתנגדים לו לרב הוא התנהג עמהם בידידות ובחביבות ולא שמר טינה לאף אחד מהם.

טבעי היה על־כן, שכל בני העיירה, שעלו ארצה מצאו לנכון לפקוד את ביתו ולקבל מן הרב ברכת פרידה.

זכורני כי לפני עלייתי ארצה נכנסתי אליו ב„שמחת תורה" אחר־הצהרים לקבל ממנו ברכת פרידה. הרב היה כבר אז „סגי־נהור" ואף שעברה תקופה ממושכת שלא באתי לביתו, בגלל השקפותי הציוניות, להן התנגד הרב בהיותו חסיד פוריסוב — הוא הכירני לאחר שאמרתי „גוט יום־טוב" (חג־שמח). ביקשני לשבת ונכנס עמי לשיחה על תכניותי בעלייתי לארץ־ישראל. גם כיבדני בכוסית לשתיית „לחיים", אך להיפרד ממני לא רצה בחג והזמינני לבוא שנית במוצאי־החג. ושבאתי, בירכני לשלום ואף ליווני עד לפתח הדלת.

זקן ושבע ימים היה, חסידי פוריסוב האמינו, כי עמדה לו ברכתו של הרבי מקלושין זצ"ל, שבעזבו את כס הרבנות בגארוואלין, אמר: עכשיו אני משאיר לכם רב שישב על כסאו עד בוא הגואל... ברכה זו בוודאי היתה מתקיימת לולי באו קלגסי היטלר, ימ"ש ונטלו ממנו את חייו.

בפרוץ מלחמת העולם השנייה, כאשר שבוע אחרי זה הועלתה גארוואלין באש מהפצצות הנאצים, היה גם הרב בין הפליטים שנטשו את העיירה. תשוש־כוח הגיע לריקי ומצא מקלט בבית בתו וחתנו הרב של העיירה.

פעם בישבו בפתח הבית, כדי לשאוב אוויר־צח, כחום היום, עבר קלגס נאצי ושפך בו את זעמו והרגו ביריה במקום.

עובדה זו שמעתי מפי ר' יעקב הימעלשטיין (בן הרב מסובולוב), שהיה עד ראייה למעשה. הוא הובא לקבורה בבית־העלמין של ריקי ליד קברות אבותיו הרבנים. נשמתו עדן.



מצאצאיו המצויים בישראל: בתו — הרבנית שרה רובינשטיין (אלמנת הרב נחמן־ברוך — הרב מראחוב ז"ל) נכדיו — ישראל'קע, נתן־נטע; נכדותיו — צפורה וסלבה ומשפחותיהם.

**כנס רבנים וראשי קהל במחוז גארוואלין**



**צוזאמענפאַר פון רבנים און דאזערעס פון גארוואלינער קרייז**

מאיר־יחיאל רובין / רמת־גן

# הדיין

הרב ר' ישעיה קלונימוס טננבוים הגיע לגרבולין, אחרי שהרבי מקאלושין זצ"ל עזב את הרבנות בעיר. משנתפנה כסא הרבנות נתבקש ר' ישעיה ע"י תלמידי החכמים והח־סידים בתוכם גם חסידי גור, אלכסנדר וורקה ועוד — למלא את מקומו של הרב ולשבת על כסאו, ובכך לשים קץ למחלוקת שפרצה מסביב לכהונה חשובה זו, כמקובל כמעט בכל עיירות פולין. כפשרה הסכים הרב ישעיה קלונימוס להתמנות כדיין ומורה צדק וכיהן בתפקיד זה עד הרגע האחרון, עם פרוץ המלחמה.



הרב ישעיהו־קלונימוס טענענבוים, הי"ר

תושבי העיר זוכרים לו לטובה את נאמנותו ומסירותו לתפקיד הקדוש. ולמרות שהיה חסיד הרבי מראדזין ואף ממשפחת הרבי שישב בוורשה — מעולם לא נעדר הרב ר' ישעיה קלונימוס מהעיר בשבתות או בחגים. נשי העיירה ידעו כי תמיד ימצאו את הרב בבית, כאשר תתעורר בביתן שאלה באיסור והיתר או בעניינים אחרים. בשעות הבוקר המוקדמות אפשר היה לפגוש את הרב כשהוא הולך ברגל בדרך לבית המטבחיים שנמצא מחוץ לעיר, כדי לנכוח בשעת השחיטה ולבדוק את החלפים של השוחטים. קפדן היה בעניין זה והשגיח היטב, שהשחיטה תיעשה לפי דקדוקי הלכה כדי לא להכשיל ח"ו את היהודים בנבלות וטריפות. כמו"כ השגיח תמיד שהמקווה תהיה כשרה ויהיו בה ארבעים סאה שכן בימות הקייץ כאשר ירדו המים בנהר — אליו היתה המקווה מחוברת, היה חשש שהמקווה תחסר משיעורה, והטבילה בה לא תועיל למיטהרים. בדומה לכך דאג בכל ערב שבת לתקי־נותו של העירוב בעיר ושיהיה מותר לטלטל בשבת בתוך תחומיה, שכן לעתים קרה שאיזה גוי חתך במזיד את חוטי העירוב ופסל אותו.

מלבד התפקידים הרשמיים הללו שהיו מוטלים עליו בתוקף כהונתו — היה מגיד שיעורים בפני בחורים חובשי בית המדרש ובפני חברים צעירי אגודת ישראל. בשבתות היו שולחים אליו את ילדי ה„תלמוד תורה" לבחון אותם בגמרא שלמדו במשך השבוע.

אשתו הרבנית איטה היתה עזר כנגדו ומסייעת לו באמונה בכל אשר יכלה. תמיד קיבלה את הבאים לביתם — בסבר פנים ובאדיבות. היו להם ארבעה בנים וארבע בנות. הבן הבכור ר' מרדכי ממיסדי „צעירי מזרחי" בגרבולין, היגר לבלגיה אבל בזמן המלחמה טלטל אותו הגורל חזרה לפולין וכך נספה יחד עם כל המשפחה. ומחוץ לבתם הצעירה חנה־לה הנשואה ליחיאל רובין, שעלו ארצה וחיים עתה ברמת־גן — לא שרד איש בחיים ממשפחת הרב טננבוים. הרב עצמו נהרג בגיטו פוריסוב ביום הראשון של חוה"מ סוכות תשי"ג — לפני חיסול הגיטו. הרב טננבוים ישב בבית הרב מפוריסוב יחד עם עוד רב; לפתע נכנסו גרמנים לבית ודרשו משלושת הרבנים לצאת החוצה. שני הרבנים האחרים, עמדו לציית אבל הרב טננבוים אמר שאין כל טעם לצאת כי הגרמנים במילא ירצחום ומוטב, איפוא, שיעשו זאת במקום. ואומנם הגרמנים „מילאו את משאלתו" וירו ברבנים בשבתם בחדר. בלווייתם עוד השתתפו יהודים מהגיטו והביאום לקבר ישראל. יתר בני המשפחה, אשתו הרבנים איטה ובניהם הניך ומרדכי בונים וישראל עם אשתו בלצה לבית ר' אהרן פייגנבוים עם שני ילדיהם ובנות הרב דבורה, שפרה ונחמה — הועברו לאושוויץ וניספו שם.

יזכרם אלקים יחד עם כל קדושי ישראל וינקום את דמם הטהור והקדוש, ובזכותם יביא לנו — לשארית הפליטה בארץ — את השלום במהרה בימינו.

מלמעלה: שפרה, דבורה,ביילצ'ה ובעלה ישראל טננבוים, נחמה, הרבנית איטה והבת חנה, תלב"ח, אשת יחיאל רובין



ד. בן־דב — בערמאַן / חיפה

# — 1917 — 1918 — 1919

**סוף יאָר** 1916 **אָדער אָנהויב** 1917 זענען מיינע עלטערן, מיט זייערע דריי זין: מאיר, דוד און יהודה געקומען פון וואַרשע קיין גאַרוואָלין. דאָס איז געווען בעת דער דייטשער אָקופּאַציע פון פּוילן, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. בירגערמייסטער איז דעמלט געווען אַן עלטערער דייטש מיטן נאָמען: כענטשינסקי, דער פּאָטער מיינער, וועלכער האָט באַהערשט ביידע שפּראַכן — די דייטשע און פּוילישע איז אויך געווען פון פאַך אַ באַאַמטער. ער האָט גלייך באַקומען דעם פּאָסטן אַלס מאַגיסטראַט־סעקרעטאַר. אַ ביסל שפּעטער האָט דער בירגערמייסטער אויך מיר פאַרגעלייגט אַן אַמט אין מאַגיסטראַט. מיין עלטערער ברודער, יהודה, האָט דעמאָלט שטודירט אין וואַרשעווער פּאָליטעכניקום און אין שטוב זענען מיר פאַרבליבן צוויי זין: דער יינגערער ברודער און איך.

אונדזער הויז איז געווען ציוניסטיש געשטימט. איך האָב דעריבער גלייך אָנגעבונדן חברשאַפט מיט די יוגנט־כוחות פון גאַרוואָלין. עס דאַרף דאָ אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אין יענער תקופה האָט דער „בונד" שוין געהאַט באַוויזן צו אַנט־וויקלען אין גאַרוואָלין אַ שטאַרקע טעטיקייט, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט דער דרוקער־אַרבעטער, אהרון גראָספעלד (ער האָט געאַרבעט אין דער דרוקעריי פון ה׳ מאַקאָטאָוו). אויסער דער „בונד", האָט אויך שוין עקזיסטירט אַ „פּועלי־ציון" גרופּע, מיט משה לאַנדאַן בראש. כ׳האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער ריכטונג פון גרינדן אַ ציוניסטישן יוגנט־פאַראיין. מיר צו הילף איז געקומען אַ גרופּע יוגנטלעכע, בעיקר, קינדער פון באַלעבאַטישע עלטערן, וועלכע האָבן בכלל נישט געהערט צו קיין שום פּאַרטיי און נישט אָנטייל גענומען אין קיין שום געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. די ערשטע פּיאָנערן, וועלכע האָבן מסכים געווען מיטצואַרבעטן מיט מיר ביים גרינדן דעם פאַריין זענען געווען: יוסף בלאָס און זיין שוועסטער הינדע, יחיאל גאָלדבערג, שמואל הערש (צבי) מאַקאָטאָוו, יהודה בלאַנק און זיינע שוועסטער, די ברידער יחיאל און יוסף הערץ, אברהם אָקאַן א״אַנד.

כדי צו קענען אָנהייבן אַ וועלכע ס׳איז טעטיקייט, האָבן מיר זיך געניטיקט אין אַ לאָקאַל — און דאָס איז אין יענע צייטן געווען זייער שווער, כמעט אומדערגרייכבאַר. יעדע פרייע דירה, אַפילו אַן איינצל־צימער, האָט די דייטשע מ׳אַכט רעקווירירט פאַר אירע באַאַמטע פון פּאַוויאַט. דער מאַגיס־טראַט האָט געהאַט די פליכט צוצושטעלן פאַר זיי וווינונגען. דאָ האָב איך אויסגענוצט דעם שאַנס מיינעם אַלס מאַגיסטראַט־באַאַמטער און דער בירגערמייסטער האָט, אַנטקעגנקומענדיק מיין בקשה, דערלויבט מיר צו דינגען אַ לאָקאַל פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און מיר אַפילו צוגעזאָגט דורכ־צופירן די לעגאַליזירונג אירע אין פּאַוויאַט...

דער ערשטער אָפיציעלער פאַראיין אין גאַרוואָלין איז געוואָרן אַ פאַקט. מיר האָבן אָנגעהויבן פירן אַ ברייטע טע־טיקייט אין פאַרשידענע ריכטונגען. כמעט יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס און שבת זענען געוואָרן אָפּגעהאַלטן לעקציעס אויף קולטור־געזעלשאַפטלעכע־און פּאָליטיש־טעמעס, גאַנץ אָפט מיט לעקטאָרן פון וואַרשע. די צאָל מיטגלידער פון פאַראיין איז געוואַקסן, נישט געקוקט אויף די שריט וואָס עס האָבן אָנגענומען די עלטערן פון די... „פאַרפירטע" קינדער. עס האָבן זיך אַפילו געפונען עלטערן, וואָס זענען געקומען צום בירגערמייסטער אים בעטן, ער זאָל רעקווירירן דעם לאָקאַל אונדזערן, אָבער אָן דערפאָלג. דער בירגערמייסטער האָט אָפּגעזאָגט זייער בקשה...

אין דעם לאָקאַל האָבן זיך געפונען צייטונגען, זשורנאַלן, ווי אויך אַ ביבליאָטעק און לייענזאַל. אין אונדזער לאָקאַל פלעגט קומען יעדן אָוונט די גאַנצע יוגנט פון גאַרוואָלין, אַפילו די יוגנט וואָס האָט געהערט צו די אַנדערע, קעגנערישע פּאַרטייען. כ׳געדענק נאָך גוט די שטורמישע דעבאַטן, וואָס האָבן זיך געפירט אין פאַראיין בעיקר — אויף ציוניסטישע טעמעס.

מיט דער צייט האָבן מיר אָנגעהויבן פירן אַ ברייטע טע־טיקייט אויך אויפן סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכן געביט. פאַר־שטייער פון „צעירי־ציון" האָבן אָנטיילגענומען אין פאַרזאַמ־לונגען און זיצונגען פון די „פּני־העיר", געזאָגט אַ דעה וועגן די ספּעציפישע באַדערפענישן פון שטאָט און געפאָדערט אַ פאַרשטייערשאַפט זייערע אין דער קהילה. צו יענער צייט האָט אין פּוילן געאַרבעט דער „דזשוינט", וועלכער האָט אונטערשטיצט מיט געלט און פּראָדוקטן דער רוי׳ניר־טער פון



ד. בערמאַן ביי דער ארבעט אין מאגיסטראט



**פון רעכטס: שמואל־הערש מאַקאַטאָוו, יוסף בלאָם (מאירים), דוד בערמאַן.**

דער מלחמה יידישער באַפעלקערונג. אונדזערע פאַרשטייער זענען געווען פאַרטראַטן אויף אַלע געביטן פון דער קולטור־און סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון „דזשוינט". איך האָב זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן הויפּט־קאָמיטעט פון „דזשוינט" אין וואַרשע און אויסגעפועלט ביי זיי צו עפענען אין גאַרוואָלין אַ היים פאַר אָרעמע יידישע קינדער. די דאָזיקע „קינדער־היים" איז געוואָרן אַ באַזונדערע אינסטיטוציע און געווען אויף דער פולער אויסהאַלטונג פון „דזשוינט". מיט וואַרעמקייט און גרויס איבערגעגעבנקייט האָט אונדזער יוגנט מיטגעאַרבעט מיט דעם דאָזיקן וויכטיקן קינדער־אַנשטאַלט.

ביסלעכוויז האָבן שוין אויך די עלטערן אָנגעהויבן צו באַציען זיך גאָר אַנדערש צו דער טעטיקייט פון זייערע קינדער און נישט נאָר האָבן זיי אויפגעהערט אונדז צו טאַדלען, נאָר אין אַ געוויסער מאָס אונדז געהאָלפן אין אונדזער אַרבעט. אַזוי האָבן זיך געעפנט פאַר אונדז די בתי־תפילה, אין וועלכע מיר האָבן דורכגעפירט געלט־זאַמלונגען פאַרן „קרן־קיימת" באַזונדערס אין די ערב יום־טובים. מיר האָבן אפילו דורכגעפירט אַ בלימל־טאָג אויף די גאַסן פון שטאָט, וואָס אין יענע צייטן, האָט זיך עס גערעכנט פאַר אַ פּריצת־גדר... איך אַליין פלעג פיל מאָל עפנטלעך קריטיקירן די טעטיקייט פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג. אַזוי אַרום האָט פון טאָג צו טאָג זיך פאַרשטאַרקט אונדזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צעירי־ציון".

עס דאַרף דאָ באַזונדערס באַמערקט ווערן, אַז אונדזער טעטיקייט האָט שטאַרק באַווירקט די קלענערע שטעטלעך פון גאַרוואָלינער קרייז. גאַנץ אָפט פלעגן קומען צו אונדז דעלעגאַטן פון די שטעטלעך נאָך אינסטרוקציעס און הערן פון אונדז נייעס, וואָס האָט זיי אינטערעסירט. עס איז אויך געקומען צו אַ קרייז־צוזאַמענפאָר פון דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג. דעלעגאַטן פון גאַרוואָלין זענען שטענדיק געווען פאַרטראַטן אויף אַלע לאַנד־צוזאַמענפאָרן פון „צעירי־ציון" אין וואַרשע.

נאָכן איבערנעמען די מאַכט דורך די פּאָליאַקן, איז די ערשטע אַרבעט פונעם נייעם פּוילישן בירגערמייסטער געווען צו באַזייטיקן אַלע יידישע באַאַמטע און פאַרטרעטן זיי דורך פּאָליאַקן. אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. מיין פאָטער און איך האָבן פאַרלוירן די אַרבעט.

אין יאָר 1919 פאַרלאָזט אונדזער משפחה גאַרוואָלין. מיר זענען אָפּגעפאָרן קיין גראָדנע. נאָך פיל יאָרן פלעג איך זיך דורכשרייבן מיט מיינע יוגנט־חברים און מיט אייניקע פון זיי פון צייט צו צייט — זיך אויך טרעפן. אין יאָר 1921 האָב איך עולה געווען קיין א"י.

אַ שוידער נעמט מיך דורך ווען איך דערמאָן זיך, אַז די אַלע טייערע חברים מיינע, די פאָלקס־טרייע און באַליבטע יוגנט פון גאַרוואָלין לעבט מער נישט, איז אומגעקומען על קדושת ה' והעם. הי"ד.



**„קולטור ליגע" אין גאַרוואָלין, 1921**

יעקב מנשה זינגער, ז״ל / בני־ברק *

# ספר זכרון – מצווה לדורות

כתיבת ספר זכרון מה שעשו לנו העמלקים של ימינו — הנאצים ימ״ש, היא מצווה לדורות. בתורה כתוב (דברים כ״ה): „זכור את אשר עשה לך עמלק בדרך בצאתכם ממצרים״. אבל לכל זכירה יש להצמיד עשיה. למשל „זכור את יום השבת לקדשו״. מטרת הזכירה של השבת היא כדי לקדשה. וכמו שאמרו חז״ל: „זכור ושמור — זכרהו על היין״ כלומר הקידוש. המטרה הקדושה של זכירת מה שעשה לנו עמלק — היא והיה בהניח ד׳ אלקיך לך מכל אויביך מסביב, בארץ אשר ד׳ אלקיך נותן לך נחלה לרשתה — תמחה את זכר עמלק מתחת השמים, לא תשכח. ובכן מטרת הזכירה — היא מחייתו של העמלק. אבל עצם הזכירה מהי? כלומר כיצד נוכל להבטיח שלא נשכח? גם זאת מבארת לנו התורה. בספר שמות בסוף פרשת בשלח נאמר: „כתוב זאת זיכרון בספר ושים באזני יהושע, כי מחה אמחה את זכר עמלק מתחת השמים"... מכאן שכתיבת ספר זיכרון ושימה באזני יהושע — זה הדור השני של יוצאי מצרים וממנו לדורות הבאים — הן המטרה הסופית של הזכירה, שתביא למחייתו הגמורה של העמלק, ובנינו ינקמו את דם אחינו השפוך, כמו שנאמר: „ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשיו והיתה לה׳ המלוכה״. (עובדיה). ואל יבואו אנשים רכי־לב ויאמרו שכתוב בתורה „לא תיקום ולא תיטור״ שכן הלאווים האלה נוגעים רק „לבני עמך״. ואילו מה שעשו אותם הרשעים העמלקים — הנאצים וגרוריהם — חובה קדושה לנקום.



ובכן מטרת ספר הזיכרון לקדושי עיירתנו גרבולין היא העשיה שצריכה לבוא בעקבות הזכירה, שבנינו ובני בנינו יחתרו לקיום מצוות מחיית העמלקים שבימינו ועוזריהם במזרח ובמערב. לא מעטים מהם התיחסו בשוויון נפש למה שעשו הנאצים לעמנו ועמדו על הדם. הם נעלו את שערי ארץ ישראל בעת צרה ואף טבעו אניות עם מעפילים או הגלום לקפריסין ולאיים אחרים. את הכל עלינו לזכור, את השונאים האקטי־ויים והפאסיוויים, את הידועים ואת הבלתי ידועים לנו. כי כל עוד העמלקים מתהלכים חפשים בעולם אין השם שלם ואין כסאו שלם. נזכור: „מלחמה לד׳ בעמלק מדור דור״, ורק עם מחיית העמלק נזכה לשלום.

## מזכרונותי

תשעה באב תרע״ד. יום מועד לפורענות בתולדות עמנו, יום חורבן בית המקדש, יום גירוש היהודים מספרד ועוד. הנה גם עתה התקדרו השמים בעבים שחורים — שאינם מבש־רים טובות לעמנו, פרצה מלחמה בין רוסיה של הצאר ניקוליי, אבי הפוגרומים של קישינוב ושדליץ ועוד ערים ברוסיה, פולין וליטא — לבין וילהלם השני קיסר גרמניה, שאף הוא אינו אוהב היהודים. אבל הרוסים חשדו שרבים מבין היהודים „מצפים לנצחונה של גרמניה״ ולכן לקחו ערבים מקרב ראשי הקהילות משמנן ומסלתן של אנשיה. גם בגרבולין נהגו כך ולקחו מספר יהודים כערבים וביניהם את זלמן יוסיל יעדוואַב, אשר לאשתו רייזל היתה מסעדה ליד הגשר של העיירה.

מסתבר שהיהודים אמנם שמחו למפלתם של הרוסים ובבוא הגרמנים לעיירה קיבלום היהודים בסבר פנים ידידותי. גרנו אז בבית שקומתו התחתונה היתה בנויה מאבן וזו שמעליה — מעץ. בקומה העליונה גרו אלימלך האכבערג ויענק׳ל בלאנק. בעת התקדמות הגרמנים לעבר העיירה כאשר הפגיזו אותה בתותחיהם והרוסים התחילו לסגת — עמד אלימלך ליד החלון וכאשר ראה שהגרמנים כבר נכנסו לעיירה ארז חבילה, ירד אלינו לקומה הראשונה וצעק בשמחה לאשתו: „ניעמצי!״ מלה זו דו־משמעות: בפולנית פירושה „גרמנים״ ואילו ביידיש היא מתחלקת לשתיים: „נעם צי״ — כלומר תקחי זאת. אבל השמחה לא ארכה הרבה והששון הפך ליגון. מהרה הוכיחו הגרמנים את פרצופם האמתי. אכן אבות נאמנים לצאצאיהם הנאצים. קלגסי וילהלם הפרוסי אסרו מיד את המסחר, החרימו את הסחורות שהיו בידי היהודים והוציאו אותן לגרמניה. הם הנהיגו הגבלות על מצרכי מזון ולחם אפשר היה להשיג רק לפי פנקסי נקודות. השוק השחור החל לפרוח, היהודים סיכנו את עצמם וסחרו עם הגרמנים, אבל רבים מהם נלקחו למאסר או אף הוצאו להורג. אין צורך לומר שחלק ניכר של היהודים איבד במסחר בלתי חוקי זה את כל כספו ורכושו.

פעם גילו הגרמנים אצלנו עשרה כיכרות לחם בתנור שאמי אך זה אפתה. הגרמנים החרימו את הלחם ולקחו את אבי למאסר של שבועיים. הם גילחו את זקנו, הלבישוהו בגדי אסיר והעבידו אותו קשות יחד עם אסירים אחרים גנבים ורוצחים. בעיניהם היה גנב ומבריח אותו פשע ואותו עונש.

המחסור והרעב הציק לנו מאוד ולא ידענו מאין תבוא עזרה. באה רייזל בעלת המסעדה, אשה טובת לב מאוד — וביקשה מאמי שאחותי צפורה תבוא ותעבוד אצלה במסעדה ותהיה לה כבת. אמא הסכימה. צפורה הלכה למסעדה, ואמנם התיחסה אליה רייזל כמו לבת וגם לנו היתה רווחה מסויימת. והנה אירע אסון מחריד. היה זה ביום שישי כ׳ בתמוז תרע״ז. יחיאל בנו של מנשה פארבער, עבד אצל הגרמנים וכדרכו בכל בוקר השכם, עבר גם באותו היום ליד המסעדה והפעם נכנס לאכול. מכיוון שהשעה היתה מוקדמת מדי ואחותי צפורה עדיין ישנה, לא רצתה רייזל להעיר אותה והיא בעצמה שירתה את יחיאל. והנה כאשר לקחה פח נפט ויצקה לכיריים בעת שהאש כבר בערה בהם, ניתזו ניצוצות אש אל הפח וזה

---

*) המאמר נתקבל במערכת לאחר שהוחלט להוציא את ספר גארוואלין. כעבור זמן נפטר המחבר. בינתיים נפטרה גם אשתו, חווה ובנם: ירחמיאל־דוד. יהא זכרם ברוך.

התפוצץ. האש אחזה בבגדיה של רייזל ונכוותה אנושות. גם אחותי ציפורה נכוותה קשה בכל חלקי גופה אך הרופאים שהוזעקו אליה הרגיעו אותנו ואמרו שאין מה לדאוג, והלוואי שמצבה של רייזל יהיה כמותה. אולם הרופא המחוזי, הגרמני בידרמאן רשע וסאַדיסט התערב וציווה שיש להעביר את שתי הפצועות לבית החולים הממשלתי ששמו יצא לדראון כי כל חולה הבא בשעריו אינו חוזר חי לביתו. באו איפוא שוטרים ולקחו בכוח את שתי הנשים לבית החולים, אשר מרבית חוליו היו חולי־טיפוס. הרופאים הגרמנים ציוו לגלח את שערותיה של אחותי למרות התנגדותה, עשו לה אמבטיה קרה ואח״כ סגרו את שתיהן בחדר ולא נתנו לאיש מבני משפחותיהן לבקר אצלן. כאשר אנחנו, אבי, אמי ואחי, ניסינו להיכנס בשערי בית החולים, גירש אותנו השוער בשוט ובמכות.

בשבת בבוקר הלכנו שוב לבית החולים בתקווה שאולי יתנו לנו להיכנס ולבקר אצל החולות, אך לשווא. בשער נתקלנו באחות רחמניה גרמנית ושאלנו לשלומן של הנשים. בציניות וברשעות השיבה האחות, שהאשה כבר מתה וגם הבחורה הצעירה תמות. ואמנם עוד באותו יום באחת בצהרים יצאה נשמתה של אחותי צפורה, מבלי שיכולנו לראותה בטרם מותה. מהזעזוע הגדול נחלה אבא והתיסר במחלתו כמה שנים עד ליום מותו בכ״א באלול תרפ״ח, בבית החולים בוורשה, ושם גם הובא למנוחות בבית העלמין שברחוב גנשה, ברובע 17, שורה 14, קבר 7.



אלו היו מעשיהם האכזריים של הגרמנים אבי־אבות הטומאה הנאצית. ובשנת תש״ב בחג הסוכות. באו צאצאיהם הרוצחים קלגסי היטלר והשמידו את כל בני משפחתי: את אמי שרה־ריבה, את אחותי פרידה עם בעלה, את אחותי ביילה פריל ואת אחי יהודה ומרדכי, הי״ד.

אני ניצלתי בע״ה, שכן שמונה שנים לפני כן בחג הסוכות תרצ״ד עזבתי את פולין ועליתי לארץ ישראל יחד עם רעייתי חווה. לבית שרפהרץ ממאטשעוויץ, ושני בנינו ירחמיאל־דוד ומשה־יצחק ובתנו הפעוטה: בת שמונה חדשים.



יעקב־מנשה ואשתו חוה ז״ל לפני עלייתם ארצה

אַלטער קליימאַן / כפר סבא

# נאָטיצן פון גאַרוואָלין

### א.

גאַרוואָלין געהערט צו די יינגסטע ישובים אין פוילן. לויט פוילישע אַרכיוון זאָל די שטאָט האָבן אַנטשטאַנען אויף די חורבות פון אַ פריערדיקן ישוב, וועלכער איז צעשטערט געוואָרן בעת אַ גרויסער שריפה. אין דעם געוועזענעם ישוב זאָלן זיך האָבן געפונען אַזש פיר הונדערט קאָוואַליעס. מען קאָן נישט אָננעמען די השערה וועגן דער צאָל קאָוואַליעס, ווי אַ מאָס פאַר דער גרייס פון יענעם אַמאָליקן ישוב. וואָלט עס געווען אַזוי — וואָלט די גרייס פונעם ישוב געווען פּראָפּאָרציאָנעל צו דער אָנגעבענער צאָל קאָוואַליעס — וואָלטן מיר עס געוווּסט, אָדער, לפּחות, פון אַזאַ „כרך" געהערט. די עקזיסטענץ פון דעם כרך איז אָבער אין גדר פון בלויזע השערות — און דאָס, איינציק אויפן סמך פון דער גוזמהדיקער צאָל קאָוואַליעס... ס'איז אָנצונעמען, אַז די אָנגעגעבענע צאָל קאָוואַליעס, ווען זי זאָל אַפילו זיין אַ ריכטיקע, איז אַנטשטאַנען אַ דאַנק דעם גרויסן פאַרקער־פונקט וואָס ס' האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די געגנט פונעם ישוב אויף וועלכן ס'איז שפּעטער אויסגעבויט געוואָרן די שטאָט גאַרוואָלין.



גאַרוואָלין ליגט אויפן רעכטן ווייסל־ברעג און איז אַ קנופּן־צענטער, וואָס פאַרבינדט פוילן דורך אַ שאָסיי מיט לעמבערג — אַמאָליקע עסטרייכישע מדינה פון איין זייט, און פון דער צווייטער — מיט בריסק („ברעסט־ליטאָווסק"), רוסלאַנד. היות אַמאָל איז דער פאַרקער באַשטאַנען בעיקר פון פערד און וועגן, ווערט פאַרשטענדלעך די ריזיקע צאָל קאָוואַליעס אינעם ישוב. מהאי טעמא איז גאַרוואָלין געווען באַקאַנט אויך מיט דער גרויסער צאָל פערד־שטאַלן אירע.

### ב.

אין מיינע צייטן איז די אָרטיקע קריסטלעכע באַפעלקערונג באַשטאַנען בעיקר פון מיטלשטאַנד; זי איז געווען קאַטויליש־פרום און געהערט על־פי־רוב צו דער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, די אַ"ג „ענדעציע" — די מייסטנס אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי אין פוילן. די צאָל קריסטלעכע פאַמיליעס אין שטאָט האָט דערגרייכט ביז 1000; די יידישע — ביז 650 משפחות, ד"ה אַז די קריסטן זענען געווען אין אַן איבערוויגנדיקער מערהייט לגבי די יידן. דער מצב פון די יידן איז דערביי געווען נישט קיין לייכטער. נאָך שווערער איז געוואָרן דער מצב נאָכן אַנטשטיין פונעם אומאָפּהענגיקן פוילן (1918/19). דאָס מוניציפּאַלע וואַל־געזעץ איז געוואָרן צוגעשניטן אַזוי, אַז מ'האָט די נאָענטע אַרומיקע דערפער מוניציפּאַל צוגערעכנט צו דער שטאָט. די יידישע מינדערהייט האָט אין רעזולטאַט פון דעם געזעץ נאָך מער זיך איינגעשרומפּן און איר פאַרשטייערשאַפט אין שטאָט־ראַט איז געפאַלן צו אַ מינימום. דאָס האָט גורם געווען, אַז יעדער פאַרשלאַג, וואָס האָט געצילט פון פאַרבעסערן די יידישע לאַגע, איז דורך דער קינצלעך־געשאַפענער קריסטלעכער מערהייט לייכט און ברוטאַל אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

דער עיקר־פּרנסה־קוואַל פון דער גאַרוואָלינער קריסטלעכער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען אינעם אויסאַרבעטן שעפּסן־פעל און מאַכן פון דעם פעלצן, וועלכע זענען שפּעטער פאַרקויפט געוואָרן אויף די מערק פון לענטשנע און לוויוויטש. פון די דאָזיקע גאַרבערייען און אויך פון דער גרויסער צאָל חזירים, וואָס די שטאָטישע גויים פלעגן האָדעווען לרוב, האָט זיך איבערן שטעטל געטראָגן אַ ריח, וועלכער האָט זיך געלאָזט „הערן" פון גאָר ווייט... נאָך מער איז גאַרוואָלין געווען פאַרפעסטעט פונעם „גייסטיקן" ריח — דעם אַנטיסעמיטיזם. אַזוי אַרום האָט דאָס יידישע גאַרוואָלין, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע קהילות אין פוילן, געלעבט אַ גלות בתוך גלות...

### ג.

אויב גאַרוואָלין, ווי שוין דערמאָנט, האָט געהערט צו די יינגסטע שטעט אין פוילן, איז דער יידישער ישוב אירער געווען נאָך יינגער. אין מיינע צייטן האָט די עלטער פונעם ישוב — זיין אָנהויב — זיך גערעכנט 80—90 יאָר. דער ערשטער רעליגיעזער פאַרשטייער פון דער נאָר־וואָס געגרינדעטער קהילה איז געווען מיין עלטער־זיידע, ר' עקיבא נטע גלאַטשטיין; ער איז געווען דיין, שו"ב און מוהל, בעל תפילה און בעל קורא. ר' עקיבא איז געבוירן אין זשעלעכאָוו און געשטאָרבן אין גאַרוואָלין, פון אַן עפּידעמיע, אין עלטער פון עטלעכע פערציק יאָר.

צו דער כאַראַקטעריסטיק און צדקות פון דעם דאָזיקן יידן, וועט זיין נישט איבעריק צו דערמאָנען דעם פאַקט פון אַדאָפּטירן דורך אים און זיין ווייב דעם דעמלט אין גאַרוואָלין זיך אַרומוואַלגערנדיקן קיילעכיקן יתום מיט אַ פאַרלאָזענעם, אומהיילבאַרן פאַרך. זיי האָבן דאָס יינגל אַריינגענומען צו זיך אין שטוב, אויסגעהאַלטן אים במשך יאָרן מיט אַלע הצטרכותן און מיט די אייגענע הענט טאָג־טעגלעך אים געוואַשן און געשמירט מיט זאַלבן אַזוי לאַנג ביז זיי האָבן אין גאַנצן אים אויסגעהיילט פון דער דאָזיקער מיאוסער קרענק. דעם דאָזיקן יתום, גרשן, האָב איך נאָך געקענט. ער איז געווען דער פאָטער פון משה גרשונס דעם שניידער. משה גרשונס איז געווען פּרנס אין גאַרוואָלין.

נאָך דער פּטירה פון עקיבא נטע האָט גאַרוואָלין אויפגענומען — אויך נאָר אַלס דיין — ר' מאיר דיין (מיין מאַמעס אַ פעטער). ר' מאיר איז געווען אַ גרויסער קפּדן. וועגן אים ווערט דערציילט, אַז ער פלעגט צוריקוואַרפן דאָס פּסק־געלט צו די צדדים — אויב אַפילו איין צד נאָר האָט נאָך דער

דין־תורה אַרויסגעוויזן אומצופרידנקייט פונעם פסק־דין. צו־זאַמען מיטן דיין, האָט גאַרוואָלין אויפגענומען אַלס שוחט מיין זיידן (פון מוטערס צד) ר' פנחס דוד. בשייכות מיטן זיידן האָט מיין טאַטע מיר דערציילט אַ מעשה שהיה, וואָס דער מוסר־השכל אירער איז געווען, אַז מען טאָר נישט האָבן קיין פאַרטרויען צו די סוחרים פון מעל אויף מצות־שמורה, וועלכע זענען בדרך־כלל גרויסע אָרעמע לייט און קוקן אויס אויף דעם ביסל פּרנסה פון מעל אַ גאַנץ יאָר. ס'איז מוטל בספק, צי וועט פון זיי קאָן ביישטיין דעם נסיון־הפסד, וואָס איז פאַרבונדן מיטן איבערפירן שמורה־מעל פון מיל אַהיים בעת אַ רעגן... און דאָס איז די מעשה:

איין מאָל, פאַרטאָג, בעת אַ שטאַרקן גאָס־רעגן — ממש אַ מבול, האָט מיין פאָטער געזען פאַרבייפאָרן אַ וואָגן מיט מעל. דאָס מעל איז געווען איבערגעדעקט מיט עטלעכע צעריסענע דורגעווייקטע פון רעגן זעקלעך. אים איז איינגעפאַלן נאָכצוגיין נאָכן וואָגן זעען צי דאָס מעל געהערט נישט אַמאָל צו דעם סוחר, דעם באַקאַנטן חסיד, ביי וועלכן נישט בלויז ער, מיין פאָטער, נאָר אַפילו דער רבי קויפט נאָר ביי אים מעל אויף מצות־שמורה. צוקומענדיק אויפן אָרט, האָט ער געטראָפן דעם סוחר לויפן הין און צוריק, מיטן קאָפּל אויפן קאָפּ, אַראָפּ־כאַפּנדיק פונעם וואָגן איין זעקל מעל נאָכן צווייטן. דער טאַטע האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— זאָג נאָר, צי טאַקע פון דעם מעל וועסטו דאָס פאַרקויפן אויף מצות־שמורה, נאָך דעם ווי ס'איז אַ גאַנצע נאַכט געפירט געוואָרן פון מיל אַ הער אין אַזאַ גאָס־ו־עגן?..

— שוויג! — האָט אים דער חסיד געענטפערט — פאַר דיר האָב איך אַנדער מעל!..

פון דעמאָלט אָן האָט מיין פאָטער אויפגעהערט עסן מצות־שמורה. אָבער דער זיידע, ר' פנחס דוד, האָט נישט געקאָנט מוותר זיין אויף דער מצווה און פלעגט ברענגען מעל פון זיין ברודער, מרדכי־אלעזר, וואָס איז געווען שוחט אין פאַריסאָוו. נאָכן מעל פלעגט ער גיין צופוס קיין פאַריסאָוו, 20 קילאָמעטער אַהין און צוריק. בעת איינעם אַזאַ גאַנג האָט מיין זיידע זיך פאַרקילט און געשטאָרבן.

דעם ערשטן רב, יעקב מנחם, האָט גאַרוואָלין אויפגענו־מען נאָך דער פּטירה פון ר' מאיר דיין. ר' יעקב מנחם פלעגט אַרומגיין זומער און ווינטער אין איין און דעם זעלבן מלבוש — אַזאַ אָרעמאַן איז ער געווען. ער פלעגט אָפּריכטן נאַכט ביי נאַכט חצות און אָפּט זיך אונטערגעלייגט צוקאָפּנס אַ שטיין, כדי נישט צו פאַרשלאָפן זמן חצות. אַחוץ וואָס ער האָט אַליין זיך געפּייניקט מיט תעניתים און סיגופים, האָבן אים נאָך געוויסע קהל־לייט געפּייניקט ביז יאוש. אַזוי האָט אַמאָל ביי נאַכט ר' יעקב־מנחם אויפגעריסן דאָס ארון־קודש און מוסר־דין געווען לשמים...

נאָך ר' יעקב מנחם איז אין גאַרוואָלין אויפגענומען געוואָרן אַלס רב דער שפּעטערדיקער קאָלושינער רבי, ר' מאיר־שלום — אַ ברודער פונעם פאַריסאָווער רבי, ר' יעקב צבי, און אייניקל פונעם ייד־הקדוש פון פּזשיסכע. אַחוץ רב און רבי איז ר' מאיר שלום געווען אַ גרויסער למדן און אַ ייד אַ חכם.

ד.

פאַר דער גרייס פונעם יישוב איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס ביי שו"ת א"א דאָקומענטן, אין וועלכע מען האָט באַדאַרפט אָנגעבן אַן אַדרעס, האָט מען זיך באַנוצט מיט דער צושריפט: „גרבולין הנמצא סמוך למינטנה". דאָס דאָרף מיענטנע איז דעמאָלט געווען אַ באַקאַנטער יידישער ישוב. נאָך פאַרן גרינדן פון דער קהילה, האָבן גאַרוואָלינער יידן געמוזט גיין שבת צום דאַווענען קיין מיענטנע. גאַרוואָלין אַליין האָט נישט געהאַט קיין מנין יידן. אַפילו שוין אין מיין צייט, געדענק איך, אַז בערך 70 פּראָצענט יידן אין גאַרוואָלין האָבן געשטאַמט פון דער פרעמד. מיר דוכט זיך, אַז אויך די 30 פּראָצענט איינגע־בוירענע האָבן געשטאַמט פון די אַרומיקע דערפער. וועגן דעם זאָגן עדות די צונעמענישן, ווי, למשל, משה לייב מיענט־נער, יודל סאַלבינער, יאָסל רעמבקאָווער, גאָדל לאַנקער, יצחק לעשטשינער, יאַנקל גערקער אדג"ל

אַן אינטערעסאַנטער טיפּ איז געווען דער אַלטער פיניע סאַמאָזשאַנדקער: אַ הויכער, פעסט־געבויטער ייד, מיט אַ שיינער, רויטער באָרד און שמעקעדיקן ציגאַר אין מויל; זיין שטרענגע ריינקייט און דאָס מילדע באַנעמען זיך מיט מענטשן פלעגט דערמאָנען אין אַ גוטן פּוילישן פּריץ. אַזוי פלעגט ער דעם מלמד פון זיין זון, ביי וועלכן אויך איך האָב געלערנט, מוסיף זיין יעדעס מאָל אַ פּאָר קערבלעך צום אָפּגערעדטן שכר־לימוד. געהאַנדלט האָט ער מיט וואַלד וואָס ער פלעגט אָפּקויפן ביים סאַמאָזשאַנדקער פּריץ. ער האָט אויך געוווינט אין דאָרף... אַזוי אויך האָט דער „סאָקאָלאָווער־שוסטער" געשטאַמט פון דאָרף סאָקאָלאָוו. און כמעט אַלע קצבים, באַ־זונדערס יענע וואָס פלעגן האַנדלען אַ קעלבל, אַ שעפּסל האָבן געשטאַמט פון די אַרומיקע דערפער. די אַלע האָבן זיך באַזעצט אין גאַרוואָלין נאָך דעם ווי די שטאָט האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ צענטער.

*

אונטער דער צאַרישער הערשאַפט איז דער יידישער עול־פּרנסה נישט געווען אַזוי גרויס ווי אונטערן באַפרייטן, אומאָפּהענגיקן פּוילן. ווי שוין דערמאָנט, איז גאַרוואָלין געווען אַ קנופּן־פּונקט. דורך גאַרוואָלין האָבן זיך געקרייצט די וועגן: רוסלאַנד — עסטרייך. האָט די צאַרישע מאַכט דערהויבן די שטאָט צו אַ פּאָוויאַט (קרייז־שטאָט), מיט אַ גרעסערער צאָל פּאָליציי און באַאַמטע. אין גאַרוואָלין איז אויך געשטאַנען דאָס קאַוואַלעריע־פּאָלק, מיט זיינע אָפיצירן און נאַטשאַלסטוואָ. איז דאָס אַלץ געווען אַ פּרנסה־קוואַל. ס'האָבן זיך געמערט אַלערליי פּאַדריאַטשיקעס: פון פלייש; פון היי און האָבער; פון נאַפט, האָלץ און קוילן. יידן האָבן אַפילו צוגעשטעלט פּאַפּיראָסן פאַר די אָפיצירן. עס זענען אויך געווען באַזונדערע א"ג מיליטער־שניידערס, ד"ה שניידער וואָס האָבן געאַרבעט אויסשליסלעך פאַרן מיליטער. אַזוי אויך שוסטערס. געווען נאָך אַנדערע בראַנזשעס און צעכן, וואָס האָבן דירעקט, צי אומדירעקט געצויגן זייער חיונה פון פּאָלק.

ביי פּוילן האָבן די אַלע צושטעלער־פּאַדריאַטשיקעס נישט געהאַט קיין דריסת הרגל צום פּאָלק און צו אַלע אַנדערע מלוכהשע און קאָמונאַלע אינסטיטוציעס. זיי זענען פאַרביטן געוואָרן דורך פּאָליאַקן. עס זענען אויך אַנטשטאַנען פּוילישע געשעפטן מיט דער באַקאַנטער פון יענער צייט לאָזונג: „סוואָי דאָ סוואָגאָ" וואָס דאָס האָט געמיינט: נישט קויפן ביי יידן. ביי די גאַרוואָלינער יידן האָבן שנעל אויסגעטרוקנט די פּרנסה־מקורות.

*

על־פּי־רוב האָט דאָס יידישע גאַרוואָלין געהערט צום מיטלשטאַנד. אמת, געווען אייניקע רייכערע יידן, אָבער ווייניק. זיי האָבן זיך געלאָזט איבערציילן אויף די פינגער.

דאָס זענען געווען די אייגנטימער פון די געציילטע גרעסערע געשעפטן פון שניט, גאַלאַנטעריע, אייזנוואַרג, הויז־כלים און קאָלאָניאַל. בדרך כלל אָבער, איז דער מסחר באַשטאַנען פון קליינהאַנדל. געווען אַ גרעסערע צאָל באַלמעלאָכעס: שניי־דערס, שוסטערס, היטלמאַכערס, בעקערס, קצבים, קאָוואַליעס, בלעכערס אד״גל. געווען אויך אַזעלכע קליינהענדלער וואָס פלעגן קויפן אויפן מאַרק אַ קערצל ווייץ אָדער ברענגען אויף די פּלייצעס פון דאָרף אַ קעלבל, אַ שעפּסל. באַלעגאָלעס וואָס פלעגן פירן פון וואַרשע, לובלין א״אַנד ערטער לאָדונג פאַר די אָרטיקע סוחרים. געווען מאַרק־פאָרערס, וועלכע פלעגן פירן אויף די מערק שניט, צעלניק, טיכער און וועש פאַר די פויערים. אויך אַ טייל האַנטווערקער פלעגט פירן אויף די מערק זיין פאַרטיקע פּראָדוקציע.

ה.

דאָס קולטור־לעבן האָט אין יענע טעג זיך קאָנצענטרירט צווישן די פיר ווענט פון בית־מדרש. מען פלעגט לערנען אין דער פרי און נאָך מנחה־מעריב. געלערנט האָבן סיי בחורים, סיי עלטערע יידן. אַ ביסל שפּעטער האָט דאָס בית־מדרש שוין אָנגעהויבן פוסטעווען. געלערנט האָט מען נאָך בעיקר אין גערער שטיבל. אויך אין די אַנדערע שטיבלעך האָט מען געלערנט צו ביסלעך. פון אַ יידישער אָדער העברעישער צייטונג — לית מאן דכר שמיה... כ׳געדענק, ווען צו חיים־יאָסל נגידס איידעם איז אַ מאָל אָנגעקומען די „הצפירה״, האָט מען געקוקט אויף אים מיט חשד... אין 1912, בעתן בונט פון די באַלקאַן־פעלקער קעגן טערקיי, האָב איך אַמאָל פאַר־געלייענט פאַר מיין פאָטער אַ צייטונג, האָט אַ פאַרבייגייענדי־קער ייד געמוסרט מיין טאַטן, הלמאי ער לאָזט מיך לייענען צייטונגען... ס׳פלעגט טרעפן אַ פּאָדריאַטשיק זאָל איבער דערציילן נייעס וואָס ער האָט געהערט פון די רוסישע אָפיצירן פונעם פּאָלק, אָדער וואָס ער אַליין האָט געלייענט אין אַ רוסי־שער צייטונג און אַפילו זי מיטגעברענגט אין בית־מדרש אַריין. אַ רוסישע צייטונג איז אַליבא דכולי עלמא געווען כשר... מיט צוויי יאָר שפּעטער, נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, פלעגט מען שוין לייענען צייטונגען, נאָר אין קליינעם מאַסשטאַב. דער צייטונג־פאַרשפּרייטער איז געווען אברהם וואָדקי. נאָך שפּעטער, בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט זיך מיטן פאַרקויף פון דער פּרעסע פאַרנומען אַ חסידישער ייד און ער האָט שוין באַוויזן צו פאַרקויפן ביי הונדערט עקזעמפּלאַרן טעגלעך.

★

ביזן אויפקום פון פאַרטייען אויף דער יידישער גאַס, איז דאָס בית־מדרש געווען דאָס איינציקע אָרט, ווו יידן האָבן זיך געטראָפן און צוזאַמען דורכגערעדט די נייעס פון טאָג, דערציילט זיך אַ גוטן וויץ אָדער סתם זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן, באַפרייענדיק זיך אַ מינוט פון די זאָרגן און האַרץ־קלעמענישן. אין אַ געוויסער מאָס איז דאָס בית־מדרש געווען דער בליץ־אָפּלייטער פונעם גרויען, אַלטעגלעכן, אָפּטמאָל אומדערטרעגלעך־שווערן יאָך פונעם יידישן קיום; פון דער אייביק־נאָגנדיקער שאלה: „וואָס ווייטער?״... אין בית־מדרש פלעגן אויך געבוירן ווערן פּראָיעקטן, אויפטוען לטובת הכלל, לטובת פאַרשידענע וווילטעטיקע צוועקן, וואָס גאַרוואָ־לינער יידן האָבן דורכגעפירט מיט דער ברייטער האַנט. אַזוי אַרום איז דאָס בית־מדרש געוואָרן דער צענטער פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ו.

כמעט הונדערט פּראָצענט פון די יידן אין גאַרוואָלין זענען באַשטאַנען פון חסידים. געווען פאַרשידענע מינים חסידים: גערער, אַלעקסאַנדערער פּאָריסאָווער, קאַלושינער, וואָרקער, זשעלעכאָווער, קאָזשעניצער, ראַדזינער א״אַנד. קיין מתנגדים זענען אין גאַרוואָלין נישט געווען. אַזוי אַרום האָט גאַרוואָלין אויסגעמיטן מחלוקתן צווישן די ביידע טיילן יידנטום —




אַ גרופּע
פון „החלוץ״
אין גאַרוואָלין

צווישן חסידים און מתנגדים — מחלוקת כאַראַקטעריסטישע פאַרן רוב יידישע קהילות אין פּוילן. דאַכט זיך, אַן אידיליע פון משיחס צייטן. אָבער — טלית שכולה תכלת? — אויך גאַרוואָלין איז געווען בבחינת אליה וקוץ בה... אויך דאָ האָט אַ מאָל דער שטן פון מחלוקת אויסגעפּרווּווט זיין מאַכט. און דווקא צווישן די חסידים גופא. דאָ האָט מען זיך אַרומגעריסן נישט וועגן נוסח התפילה, אויך נישט וועגן פאַסטן בה״ב. און אַפילו נישט וועגן אַ „ויצמח פורקנה״ — אַן עיקר אין דער אייביקער מחלוקה צווישן חסידים און מתנגדים, נאָר גאָר צוליב כבוד און ענלעכע זאַכן, וואָס זענען מיר באַקאַנט ווי מיין אייגענע האַנט: נהירין לי שבילי דגרבולין... אָבער נישט איך וויל און נישט איך מעג וועגן דעם שרייבן. איך וויל נישט אויפרייסן קיין אַלטע ווונדן. עס זענען נאָך איצט פאַראַן קינדער אָדער אייניקלעך פון אָט די אַלע גורמים. „אבות אכלו בוסר ושיני בנים תקהינה?״ — — —

ז.

עס וועט אפשר קלינגען פּאַראַדאָקסאַל, ווען איך וועל זאָגן, אַז דער זיכערקייטס־מצב פון די יידן אונטער דער ממשלה פונעם צאַריזם איז געווען אַ פּיל־בעסערער איידער אונטער דעם באַפרייטן פּוילן. וויפל די רוסן, — מיט זייערע פּורישקעוויטשעס און „נאָוואָיע־ווּרעמיאַ״, וואָס האָבן זיך נישט געקאַנט פאַרשעמען קעגן די שפּעטערדיקע, אונדז אַזוי טרויעריק־באַקאַנטע „פעלקישער בעאָבאַכטערס״ און „שטורמערס״ פון די געבעלסעס און שטרייכערס י״ש, — האָבן נישט פיינט געהאַט די יידן, האָבן זיי דאָך געטראָגן אַ גרעסערע שנאה צו די פּאָליאַקן, און פאַרקערט — די שנאה פון די פּאָליאַקן צו די רוסן איז געווען שטאַרקער ווי צו יידן. באַזונדערס האָט די תשוקה צום קלאַנג פונעם צאַרישן זילבערנעם קערבל אַ סך מאָל גובר געווען ביי די רוסן אַלע אַנדערע חשבונות און געפילן. דאָס דאָזיקע אויסגעפּרווּווטע מיטל פון כופר־נפש, האָט נישט איין מאָל אָפּגעראַטעוועט יידן פון אַ זיכערן פּאָגראָם.

איך געדענק בלויז איין פאַל, ווען ס׳האָט געדראָט גאַרוואָלינער יידן אַ פּאָגראָם. געווען איז עס אין 1915, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה; ווען דער טרויעריק־באַרימטער ניקאָלאַי־ניקאָלאַיעוויטש איז געווען הויפּט־קאָמאַנדיר און די דייטשן האָבן פאָרסירט די ווייסל ביי גאַרוואָלין. מ׳האָט די גאַנצע צייט פון דער מלחמה מורא געהאַט פאַר אַנפאַלן מצד די קאָזאַקן. דאָס מאָל אָבער, בעתן לעצטן צוריקטריט פון די רוסן, האָט מען זיך געשראָקן פאַר אַ פּאָגראָם ממש. בלויז אַ דאַנק דעם כאַבאַר וואָס עס האָט דעמאָלט באַקומען דער פּאָליציי־נאַטשאַלניק איז אויסגעמיטן געוואָרן דער דערוואַרטער פּאָגראָם. ער מיט זיינע פּאָליציייטע זענען פאַרבליבן אין שטאָט און געהיטן זי ביזן סוף פונעם צוריקטריט...

אונטער די פּאָליאַקן געדענק איך צוויי פאַלן, ווען פּאָגראָמען זענען געהאַנגען איבער גאַרוואָלין ווי בלוט־כמאַרעס — נאָר־נאָר זיך אַראָפּצולאָזן... דער ערשטער פאַל:

אַ קריסטלעכער קצב איז געקומען אין שעכטהויז אָפּשינדן אַ בהמה. נישט ווייט פון אים האָט אויך געאַרבעט אַ יידישער קצב. די צוויי האָבן זיך צעקריגט. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ געיעג — דער ייד האָט נאָכגעיאָגט דעם קריסט *) דער קריסט איז געפאַלן אַ טויטער. ער איז געווען דורכגעשטאָכן. קלאָר, דער ייד האָט אים דערשטאָכן. אין שטאָט, ווי דער שטייגער, האָט זיך אויפגעהויבן אַ געוואַלד: „יידן הרגענען קריסטן״... ס׳האָט גלייך געהערשט אַ פּאָגראָם־שטימונג. געדענק איך, אַז די שרעק אין אונדזער שטוב איז געווען באַזונדערס גרויס. קריסטן האָבן אָנגערעדט די מוטער פונעם הרוג, אַז זי זאָל אַריינשלעפּן אין דעם עסק אויך מיין טאַטן, דעם שוחט, ווי אַ שותף צום מאָרד. ובכן, מיין טאַטע זאָל האָבן כלומרשט געזאָגט דעם בחור, ער זאָל הרגענען איר זון. דער ציל איז געווען אַ קלאָרער: צו פאַרוואַנדלען דעם צופעליקן מאָרד ווי אַ רעזולטאַט פון אַ פּערזענלעכער קריגעריי — אין אַ כלל ישראל־מאָרד, אויסגעפירט דורך יידן לגבי אַ קריסט. מיט איין וואָרט: אַן עלילת־דם. כ׳געדענק ווי מיין מאַמע איז געלאָפן מיט אַ געוויין צו דער קריסטן — די מוטער פונעם הרוג — בעטן זי, נישט אַריינצומישן אין דעם ענין דעם טאַטן...

אויפן פּראָצעס, האָט דאָס געריכט אויפן סמך פון עדות־דערקלערונגען, קריסטן ווי יידן, פעסטגעשטעלט, אַז בעת דער יידישער „רוצח״ האָט גענומען נאָכיאָגן זיין פאַרפאָלגער האָט ער פריער דאָס מעסער אַוועקגעלייגט. דאַקעגן דער קריסט, דער „פאַרפאָלגטער״, האָט ביים אַנטלויפן יאָ געהאַלטן זיין מעסער, און פאַלנדיק — זיך דורכגעשטאָכן מיטן אייגענעם מעסער... דער ריכטער (אַ קריסט) האָט פון דעסטוועגן פאַראורטיילט דעם ייד צו 7 יאָר טורמע **).

אין שטאָט האָט מען געלויבט די חכמה פונעם ריכטער. דער שווערער אורטייל האָט, אַזוי צו זאָגן „אַרויסגענומען דעם ווינט פון די זעגלען״... דורך דעם אורטייל איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ פּאָגראָם אויף יידן.

נאָך אין איין פאַל איז געוואָרן אויסגעמיטן אַ פּאָגראָם ממש אין דער לעצטער מינוט. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער פּויליש־באָלשעוויסטישער קריג, בעת די פּאָליאַקן האָבן צוריק אָפּגענומען גאַרוואָלין (דאַכט זיך אין 1920). די אַזוי גערופענע „פרידלעכע״, ציווילע באַפעלקערונג האָט דווקא געוואָלט נקמה נעמען פון די יידן צוליב זייער כלומרשטער צופרידנקייט מיטן דעראָבערן גאַרוואָלין דורך די באָלשעוויקעס. מ׳האָט אויך אויסגענוצט דעם פאַקט וואָס איין ייד האָט עפנטלעך דערקלערט זיין פריינדשאַפט מיט די באָלשעוויקעס. איין ייד האָבן די פּאָליאַקן תיכף דערשאָסן. זיי האָבן זיך אָבער געגרייט „דערלעדיקן״ אויך די איבעריקע...

אַ דאַנק צוויי מענטשן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט איינגעשטעלט פאַר די יידן, איז דער פּאָגראָם אין דער לעצטער מינוט אויסגעמיטן געוואָרן. די צוויי זענען געווען: ד״ר שווענצקי און איינער אַ משומד, וואָס פלעגט זיך אַרומטראָגן מיט אַ גרויסן צלם אויפן האַלדז, זיי האָבן געטענהט מיט די אינספּיראַטאָרן פונעם פּאָגראָם:

— מיט גאַרוואָלינער יידן וועט איר נאָך נישט אומברענגען אַלע יידן פון גאַנץ פּוילן... צי לוינט עס צוליב איין שטעטל יידן צו ברענגען חרפה אויפן נאָר־וואָס באַפרייטן פּוילן? — — —

*) אין די זכרונות פון דעם מחברס ברודער, משה קליימאַן, ווערט דער זעלבער פאַל דערציילט אין אַ פאַרקערטער ווערסיע: דער קריסט האָט נאָכגעיאָגט דעם ייד (רעד).

**) אין דער ווערסיע פון משה קליימאַן האָט ער באַקומען נאָר 3 יאָר תפיסה (רעד).

✶

אין „נאָרמאַלע״, רויִקע צייטן פלעגן יידן אָפט פאַרגעסן, אַז פאַר די קריסטן זענען מיר נאָר יידן — און נישט קיין מענטשן. בלויז געוואַלט־אַקטן קעגן יידן פלעגן אונדז דער־מאָנען וועגן דעם... פון צייט צו צייט פלעגט פאַסירן עס זאָל ווער אויפרייסן די טיר פון בית־מדרש מיטן רוף:

— יידן, שיכורע גויים אין גאַס שלאָגן יידן...

כהרף עין פלעגט דאָס בית־מדרש זיך אויסליידיקן... אַוודאי האָט דאָס נישט פאַסירט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. אַנדערש, וואָלט דאָך בכלל נישט מעגלעך געווען צו עקזיסטירן.

געווען אויך פאַלן, ווען צוויי־דריי יידישע קצבים אָדער טרעגער פלעגן צעטרייבן אַ מאַרק מיט פויערים און אַגוואַרפן אויף די „מעשטשאַנעס״ אַ שרעק וואָס זיי האָבן פאַרגעדענקט חדשים און יאָרן...

ח.

די יידן פון דער סביבה פלעגן קוקן אויף גאַרוואָלינער ווי אויף גרויסשטאָטישע. ווי סקוקט די פּראָווינץ אויפן צענטער. זיי האָבן געהאַלטן, אַז מיר קליידן זיך שענער, זענען אינטע־ליגענטער, קלוגער און ווייסן מער וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. געווען אפשר אין דעם אַ שמץ אמת. צוליב דער נאָענטער שכנהשאַפט מיט די גויים, האָט מען געמוזט האַמעווען געוויסע אימפּולסן, וואָס מען טוט עס נישט צווישן אייגענע. אַזוי האָט מען געמוזט זיין געהיטן מיט איבעריקע רייד... אויך די האַלטונג האָט געמוזט זיין אַ קאָרעקטע. גאַרוואָלינער יידן זענען געווען נענטער צו די אָפיציעלע אינסטיטוציעס איידער די יידן פון דער סביבה — און אויך דאָס האָט מתחייב געווען צו עפּעס... דער פאַקט, וואָס דאָס גאַרוואָלינער יידנטום האָט געשטאַמט פון יידן פון פאַרשידענע מקומות, האָט אויך אפשר גורם געווען צו אַ געוויסער שטייפ־קייט, אָפּגעפרעמדקייט אין די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן די יידן גופא. פון דער צווייטער זייט אָבער — האָט דווקא די כלומרשטע דערווייטערטקייט זיך אויסגעווירקט פּאָזיטיוו, אינעם זין פון די נישט־געזונטע „טראַדיציעס״ פון כבוד און ייחוס, מיט וועלכע ס׳זענען געווען אַזוי רייך די אַנדערע ישובים אין פּוילן.

נישט געקוקט אויף דעם — און אפשר דווקא אַ דאַנק דעם האָט גאַרוואָלין זיך אויסגעצייכנט מיט אייגנאַרטיקע טראַדיציעס, באַזונדערס מיט די טראַדיציעס פון אירע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס און חברה׳ס, וועלכע גאַרוואָלינער יידן פלעגן שטיצן מיט דער ברייטער, אָפענער האַנט, און מיט דער הילף פאַרן פּרט, פאַרן יחיד, ווען ער איז געווען אין נויט. דאָס איז בולט געקומען צום אויסדרוק בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די רוסישע מיליטערישע מאַכט האָט אַרויסגעטריבן די יידן פון דער גאַנצער לענג פונעם ווייסל־ברעג און אַרום דער פעסטונג „איוואַנגאָראָד״. גאַרוואָלינער יידן פלעגן זיך טיילן מיט היימלאָזע נישט בלויז מיטן דאַך איבערן קאָפּ, מיטן בעט, נאָר אויך מיטן לעצטן ביסן...

✶

פאַר מיין פאַרלאָזן גאַרוואָלין האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן אויספּיקן אַ יוגנט וואָס האָט געשטרעבט און געחלומט וועגן אַן אַנדער לעבן. שפּעטער האָט די יוגנט אויך מיטגעריסן דעם עלטערן דור. דער איינציקער בשותפותדיקער ציל זייערער איז געווען — ארץ ישראל.

געווען אַ יידיש גאַרוואָלין, וואָס האָט געלעבט, געשטרעבט, געוויטיקט, אַ מאָל — אויך געפרייט זיך... חבל על דאבדין!.



אַ פאָלקס־שולע אין גאַרוואָלין

מאיר ברוקאַזש / וויטעבסק

# דאָס איז פאָרגעקומען

...דער וואָס האָט געקאָנט דורכלעבן,
דאַרף האָבן כּוח צו פאַרגעדענקען אַלץ.

א. הערצען

**דער זומער פון 1920־סטן יאָר איז געווען אַ הייסער.**

די זון ברענט אומברחמנותדיק, די ערד אַ פאַרשמאַכטע, האָט געלעכצט נאָך אַ טראָפּן וואַסער און פון דער טריקעניש זיך געשפּאָלטן, ווי די ליפּן ביי אַ מענטשן, וואָס ברענט פון גרויסער היץ. דאָס גראָז איז פרי געל און פאַרוועלקט געוואָרן, די לאָנקעס האָבן פאַרלוירן זייער דערפרישנדיקע גרינקייט.



שוין וואָכן אַז ס'גייט ניט קיין רעגן. מענגעס המונים, מיט גל־חים בראש, ריכטן אָפּ תפילות. איבער פעלדער ציען זיך מאָנאָטאָנע ניגונים און איבער די מתפּללים פלאַטערן שוואַרצע פענער מיט צלמים. די לופט איז אָנגעזאָפּט מיט א שווערער אומרויקייט.

אין דער צייט איז דער שאָסיי וואַרשע־לובלין שטאַרק באַלעבט. אין וואָלקנס גרוי־עסנדיקער שטויב טראָגן זיך טראַסקנדיק קאַטשען, פורלעך, מיליטערישע אַבאָזן — דאָס אַנטלויפן פריצים, טשינאָווניקעס, אָסאַדניקעס פאַר די מיליטער־טיילן פון דער אָנגרייפנדיקער רויטער־אַרמיי. מיט יעדן טאָג ווערט די בהלה אַלץ גרעסער און גרעסער.

דער גאַנצער ערב־רב טראָגט זיך אין פּחד אויף יענער זייט ווייסל.

אַרום דעם צענטן אויגוסט איז שוין לובלין פאַרנומען פון דער רויטער־אַרמיי. אין גאַרוואָלין הייבן אָן עוואַקויִרן זיך די פּאָוויאַטאָווע אַנשטאַלטן, די פּאָליציי. אין שטאָט איז טומל־דיק. ס'ווערט געשאַפן אַ פּריוווּיליקע מיליץ בראש מיטן דאָקטער שוויענצקי.

מיט עטלעכע וואָכן פריער, איידער די רויט־אַרמיי איז אַריין קיין גאַרוואָלין, האָט זיך אין שטעטל באַוויזן אַ ברייט־ביניקער מענטש, ניט קיין הויכער אין אַ בלויען אַרבעטער־רעקל. אָפט פלעגט ער זיך דרייען אויפן שאָסיי ווו ס'שפּאַצירט די יוגנט. ער האָט אַרויסגערופן ביי אונדז אַ חשד, אפשר איז דאָס אַן אַגענט פון דער דעפענסיווע?

אַרום צענטן־צוועלפטן אויגוסט האָבן זיך אָנגעהויבן באַ־וויזן אָפּטרעטנדיקע מיליטערישע טיילן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן ראַבעווען, דורכפירן עקסצעסן. מען האָט געשניטן יידי'שע בערד, איזדעקעוועט זיך. אויף דעם „פראָנט" האָבן זיך אויסגעצייכנט האַלערטשיקעס און פּאָזנאַנטשיקעס. יידי־שע שטיבער זענען פאַרשלאָסן, די פענצטער פאַרמאַכט מיט די לאָדנס. די גאַסן ווי אויסגע־שטאָרבן. מען באַהאַלט זיך אויס, אונדזער לעבן איז הפקר.

נאָר אַפילו באַהאַלטענע האָט מען געפינען און געכאַפּט זיי צו טרייבן בהמות צו דער ווייסל. לעגיאָנערן רייסן זיך אַריין אין די הייזער און מען שלעפּט אַרויס מענטשן. צווישן די געכאַפּטע איז אויך געווען מיין פאָטער. דערוויסנדיק זיך פון דעם, בין איך אַוועק אויפן פעלד, ווו די בהמות, וועלכע מען באַדאַרפט טרייבן האָבן זיך געפונען. בהמות זענען געווען ביי 50—60, געכאַפּטע צום טרייבן אַ מענטשן 12, צווישן זיי דער טאַטע. לעגיאָנערן 4—5.

איך בין צוגעגאַנגען צום עלטסטן און געזאָגט אים אַז ער זאָל אָפּלאָזן דעם פאָטער, ווייל ער איז קראַנק. ער האָט דער־לויבט. דער פאָטער אַ צעטומלטער כאַפּט דעם זעלנערס האַנט און וויל איר אַ קוש טאָן. אַ דערשטוינטער, האָב איך אַ כאַפּ געטאָן דעם טאַטנס האַנט און אויסגעשריגן „טאַטע! וואָס טוסטו?" אַ פאַרלוירענער, האָט ער צוגענומען זיין האַנט. ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר אַזאַ טאַט.

מען האָט זיך שוין אָנגעהויבן קלייבן אין וועג איז פלוצים געקומען מיינער אַ גוטער חבר, הערשעלע יעדוואַב, זיין טאַטע איז אויך געווען צווישן די געכאַפּטע. זיין טאַטן האָט מען אויך באַפרייט. מיר איז געוואָרן פריילעכער אויף דער נשמה, זאַלבעצאַנד וועט זיין גרינגער צו באַפרייען זיך.

צווישן די געכאַפּטע איז געווען מיינער אַ שכן ישראל־וועלוול גרייצער, אַ באַלעגאַלע.

פאַרנאַכט־צו האָט מען אָנגעהויבן טרייבן די בהמות. אויפן וועג קיין אָסיעצק. די לעגיאָנערן זענען געריטן אויף פערד. אַז מיר זענען צוגעקומען צום שעכט־הויז איז געקומען צולויפן ישראל וועלוולס טאָכטער עטקע און געבראַכט דעם טאַטן אירן עסן. נאָכן איבערגעבן אים דאָס עסן, האָט זי גע־וואָלט אַ היים גיין, נאָר דאָ איז צו איר צו אַ לעגיאָנער און געזאָגט:

— דו וועסט אויך טרייבן די בהמות — און מען לאָזט איר ניט גיין צוריק. בלית ברירה, איז זי אַוועק מיט אונדז.

אַז מען איז געווען שוין ווייטלעך פון שטאָט, האָבן די לעגיאָנערן געוואָלט מיט כּוח נעמען עטקען אויף אַ פערד. איר פאָטער האָט ניט געלאָזן, ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ גע־ראַנגל — דער זעלנער רייסט איר, דער פאָטער האַלט איר פעסט, עטקע וויינט. מיט דער שייד פון דער שווערד הייבט ער אָן שלאָגן ישראל־וועלוולן איבערן קאָפּ, ער באַגיסט זיך שוין מיט בלוט. אָבער ער לאָזט ניט אָפּ די טאָכטער פון זיך, דאָ האָבן מיר אַלע אויפגעהויבן אַ רעש. סוף־כל־סוף האָט דער לעגיאָנער אָפּגעלאָזט איר, נאָר גלייך, ווי ווילדע חיות האָבן אַלע לעגיאָנערן מיט גראָבע קאַנטשיקעס אונדז אַלעמען אָנגעהויבן ממיתן און אַרומגעיאָגט מיט די פערד. קלעפּ זענען געפאַלן אויף אונדזערע קעפּ שווערע, בלוטיקע. געווען אַ מלמד (צום באַדויערן, האָב איך פאַרגעסן זיין נאָמען) האָט ער געהאַלטן אין איין שרייען „שמע ישראל!" ס'האָבן זיך

געטראָגן אין דער נאַכט געוויינען, געשרייען און קרעכצן. די פּנימער זענען געווען באַדעקט מיטן שטויב פון וועג. מיר האָבן זיך אויסגעמישט מיט די בהמות.

אַז די לעגיאָנערן האָבן זיך געהאַט „פאַרמאַטערט" און דער צעיושעטער כעס האָט זיך אַביסל באַרויִקט האָבן זיי אונדז געמאָלדן: „פאַר יעדע בהמה, וואָס וועט פאַרלוירן גיין, וועט פון אייך אויך ווערן וויניקער מיט אַ קאָפּ!". צעשלאָגענע, מיט אַ שווערן געמיט און מיט אַזאַ „בשורה" האָבן מיר ווייטער זיך געלאָזן אין וועג. ס'איז שוין פינצטער, די נאַכט איז געווען אַ נעפּלדיקע, אַלץ איז איינגעהילט אין חושך. פון ביידע זייטן וועג ציִען זיך וועלדער. איך מיט הערשעלן האַלטן זיך די גאַנצע צייט צוזאַמען, מיר טראַכטן מאַכן פּליטה, אָבער מיר האַלטן זיך אָפּ, ווייל די פאַרבליבענע עלטערע מענטשן קאָנען מיאוס אָפּשניידן.

מיר שלעפּן זיך לאַנגזאַם, די בהמות, פאַרמאַטערטע, רעווען, זיי זענען שוין אין וועג אַ סך טעג, דער וועג איז אַ זאַמדיקער, אַ שווערער. אָפט האָבן מיר באַגעגנט אָפּטרעטנדיקע מיליטערישע אָפּטיילן, אַלע לויפן צו דער ווייסל, כדי אויף דער צווייטער זייט צו געפינען אַ רעטונג.

פּלוצים האָבן זיך פון דער ווייטן דערזען צאַנקנדיקע פייערלעך, מיר דערנענטערן זיך קיין אָסיעצק. מיר באַשליסן ווייטער ניט גיין. מער וועלן מיר קיין בהמה־טרייבערס ניט זיין.

אַ זייגער 12 באַנאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין שטעטל. די גאַסן זענען פול מיט מיליטערישע אָבאָזן, אויפן מאַרק ברענען שייטערן, זעלנער וואַרעמען זיך אַרום זיי.

דאָ האָט מען אונדז אָפּגעשטעלט, די לעגיאָנערן ציילן איבער די בהמות, אַלע אויפן אָרט. זיי מעלדן אונדז, אַז דאָ וועלן מיר שטיין אַ שעה צוויי און נאָך דעם טרייבן ביז דער ווייסל, דע־מאָלט וועט מען אונדז אָפּלאָזן.

איך מיט הערשלען באַשטימען ווייטער ניט צו גיין, מיר עצה'נען די איבעריקע אויך צו טאָן דאָס זעלבע.

אַזוי ווערן מיר נעלם אין אַ פינצטערן געסעלע. אָבער וווּ וועלן מיר נעכטיקן?

גייענדיק אַזוי דערזעט זיך פון אַ שטיבל, דורך די לאָדנס אַ שוואַכער אָפּשיין. שטיל אָנגעקלאַפּט. מיר זענען שטאַרק פאַר־מאַטערט. גיך הערט זיך אין פאַרהויז טריט. ניט עפענענדיק די טיר פרעגט מען אויף פויליש:—ווער איז דאָס? מיר ענטפערן אויף יידיש: „מיר זענען גאַרוואָלינער, געטריבן בהמות. לאָזט אונדז איבערנעכטיקן, גיין ביינאַכט קיין גאַרוואָלין איז געפערלעך". מען האָט גלייך געעפנט די טיר.

גאַנץ פרי האָבן מיר זיך געלאָזט קיין גאַרוואָלין דורך פּילאַווע. וויסנדיק, אַז די רויטע־אַרמיי גרייפט אָן און געפינט זיך שוין זיכער אין גאַרוואָלין, האָבן מיר געקאָנט אַריינפאַלן צווישן די פראָנטן.

דער פרימאָרגן אַ זוניקער, דער נעפּל צעגייט זיך ביסלעכ־ווייז. די זון אַ רויטע הויבט אָן זיך רוקן אַלץ העכער און העכער. דערווייל איז נאָך גאַנץ פריש.

ביי דער אייזנבאַן־ליניע, וואַרשיינלעך וואַרשע־לובלין, באַגעגענען אונדז באַוואָפנטע לעגיאָנערן. זיי באַפעלן אונדז אָפּשטעלן זיך.

— פון וואַנען גייט איר, — פרעגן זיי.
— פון אָסיעצק, — ענטפערן מיר.
— וווּ אַהין גייט איר,
— קיין גאַרוואָלין.
— אַהאַ! איר לויפט צו די באָלשעוויקעס!

איך דערצייל זיי אַז מיר האָבן געטריבן בהמות. זיי באַראַטן זיך און מען הייסט אונדז פאַרזעצן דעם וועג.

אין פּילאַווע זענען מיר אָנגעקומען אַ זייגער 9 אינדער־פרי. דאָס שטעטעלע איז ווי אויסגעשטאָרבן.

מיר דערוויסן זיך, אַז ניט לאַנג איז דאָ געווען אַן אויס־שפּיר־גרופּע רויטע אַרמייער, צווישן זיי און אַ גרופּע לעג־יאָנערן איז פאָרגעקומען אַ קורצע שיסעריי. די לעגיאָנערן זענען אַנטלאָפן. די רויטע אַרמייער זענען אויך אַוועק.

מיר פאַרשטייען, אַז אין גאַרוואָלין איז שוין דאָ די רויטע־אַרמיי, נאָר איצט גיין אויפן שאָסיי אַ היים איז געפערלעך. מיר באַשטימען אָפּוואַרטן עטלעכע שעה ביז דאָ וועט ניט אָנקומען די רויט־אַרמיי. דאָ געפינען זיך געוויסע גאַרוואָלינער. אין דער איינציקער צווישטאָקיקער מויערל דאָ האָבן זיך געפונען פיל יידישע משפחות. דער פחד איז גרויס, מען האָט מורא, אַז פאַרן אָפּטרעטן וועלן די פּאָליאַקן מאַכן עקסצעסן.

דערווייל דערטראָגן זיך שיסערייען פון דער אייזנבאַן; פּלוצים האַרמאַטן שאָסן, נאָכדעם האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ פּוילישער פאַנצער־צוג. נאָך דער שיסעריי האָט זיך דערהערט אַ באַוועגונג פון מענטשן. פאָרזיכטיק האָבן מיר אַרויסגעקוקט אויפן גאַס. אָ, אַ פרייד אויף דער גאַס, ביי די־זייטן, מיט די ביקסן פאָרויס, באַוועגן זיך פּאַמעלעך רויט־אַרמייער.

איך מיט הערשעלן לאָזן זיך אין וועג. ס'ווילט זיך שוין זיין גיכער אין גאַרוואָלין. אַז מיר זענען אַרויס אויפן שאָסיי איז ער געווען פול מיט פאַרשיידענע רויטאַרמייִשע טיילן: אַרטילעריע, קאַוואַלעריע, פּעכאָטע, אָבאָזן, מיליטערישע קיכן, אַלץ באַוועגט זיך צו וואַרשע. פונדאַנען איז פאַרבליבן קיין וואַרשע אַ קילאָמעטער 40—35.

אָפט שטעלט מען אונדז אָפּ און מען האַלט זיך אין איין נאָכ־פרעגן: „נאָך ווייט קיין וואַרשע?" אַנשטאָט אַ דאַנק, הערן מיר „דאַיאָש וואַרשאַווו! אָנגעטאָן איז דאָס מיליטער אין כלערליי בגדים. עס זעען זיך קאַוואַלעריסטן אין רויטע הויזן, אַ טייל טראָגן ציווילע קליידער, שוכוואַרג: פון שטיוול, קאַמאַשן, ביז לאַפּטיעס. נאָר דער ענטוזיאַזם, פילט זיך, איז ביים מיליטער אַ גרויסער.

די פאַרמאַטערטקייט פון אונדזערע איבערלעבונגען פאַרן לעצטן מעת־לעת פילן מיר שוין ניט, פאַר אונדז שטייט אַ ליכטיקער מאָרגן, צו אַזאַ צוקונפט, צו וועלכער מיר האָבן גע־טרוימט און געגרייט געווען דעם לעבן אַוועקגעבן.

מיר דערוויסן זיך אַז פרייטיק דעם 13 אויגוסט 1920, 5—6 אַ זייגער אין דער פרי, איז די רויטע אַרמיי, אַריין קיין גאַרוואָלין. קיין שלאַכטן זענען כמעט נישט פאָרגעקומען. פאַרנאַכט זענען מיר געקומען קיין גאַרוואָלין. די גאַסן זענען געווען שטאַרק באַלעבט. אויב די לעצטע וואָכן איז דאָס שטעטל געווען, ווי אָפּגעשטאָרבן, איז איצטער יום־טוב. פאַר־שוווּנדן דער פחד, פרייד איז אויסגעגאָסן אויף אַלעמענס פּנימער. מען פילט זיך, ווי באַפרייט. אַלע פענצטער אָפענע, עס טראָגט זיך פון זיי די שיין פון שבת־ליכט צוזאַמען מיטן זמירות־געזאַנג. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט די יוגנט געהוליעט צוזאַמען מיט רויט־אַרמייער.

מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויף דער בשורה, אַז וואַרשע איז פאַרנומען. מיר האָבן גוט געוווּסט אַז ביי וואַרשע וועלן פאָרקומען גרויסע שלאַכטן.

שבת, זענען אויף די הייזער אַרויסגעהאַנגען געוואָרן מעל־דונגען, אַז זונטיק וועט אויפן חזיר־מאַרק פּאַרקומען אַ מיטינג.

שבת און זונטיק זענען די גאַסן פול געווען מיט מענטשן. אַזאַ אויפלעבונג האָט מען זעלטן געזען אין גאַרוואָלין.

ס'האָט זיך מיר פאַרגעדענקט אַ שמועס, וועלכער איז פּאַרגעקומען אין זאַקסישן גאָרטן, לעבן קלויסטער.

הינדע בלאַס, איינע פון די אַנטוויקלטסטע פרויען, פרעגט ביי מיר:

— וואָס וועט איר טאָן, ווען דער רויטער־אַרמיי וועט אויס־קומען אָפּטרעטן פון פּוילן?

די פראַגע איז מיר אויסגעקומען עפּעס ווי ניט נאַטירלעך, אַזאַ געדאַנק האָבן מיר געהאַלטן, טאָר ניט קומען אויפן זינען. דאָס איז אַפּיקורסות.

— ערשטנס, האָב איך געענטפערט, וועט דאָס קיינמאָל ניט פּאַרקומען. און אויב יאָ, חלילה, — וועלן מיר אַריינטרעטן אין דער רויטער־אַרמיי. צום מיטינג האָט זיך צונויפגעקליבן אַ גרויסער עולם, ניט נאָר שטאָטישע, נאָר אויך אַ סך דאָר־פישע, פּאַראַבקעס פון די אַרומיקע פּריצישע הויפן. דער מאַרק־פּלאַץ איז געפּאַקט. אַ סך טראָגן אין די לאַצן רויטע בלימלעך. פון די ציגל, וועלכע האָבן זיך דאָ געוואַלגערט נאָך פון דער צייט ווען די דייטשן זענען געווען אין גאַרוואָלין, איז געמאַכט געוואָרן אַ טריבונע. איינס אַ זייגער זענען אויף דער טריבונע אַרויף די מיטגלידער פון רעווקאָם. ווי דער־שטוינט זענען מיר געוואָרן, אַז דעם מיטינג האָט געעפנט דער זעלבער, וועלכן מיר האָבן חושד געווען, אַז ער איז אַן אַגענט פון דער דעפענסיווע און זיין פאַמיליע נאָמען איז מאַראַלסקי. ער איז געווען אַ פלאַמיקער רעדנער.

די טעג האָב איך געהאַלטן פאַר היסטאָרישע, ס'הויבט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון פּוילן. אַז וואַרשע וועט אָט־אָט פאַרנומען ווערן און אפשר איז זי שוין פאַרנומען, איז ביי מיר ניט געווען קיין שום ספק. אין ביאַליסטאָק געפינט זיך שוין אַ רעוואָלוציאָנערע פּוילישע רעגירונג בראש מיט מארכלעווסקין, אין איר גייען אַריין פעליקס דזערזשינסקי פעליקס קאָן א"אַנד. דערווייל האָבן מיר באַדאַרפט אויסזוכן אַ הויז ווו מען זאָל קאָנען אָרגאַניזירן אַ קלוב.

מאַנטיק קלייבן מיר זיך אין גאַס, דער זייגער איז שוין אַרום 12. ראַפּטעם דערטראָגט זיך אַ שטאַרקע שיסעריי פון קוילנוואָרפער. וואָס איז דאָס? די שיסעריי טראָגט זיך ניט פון פראָנט, פון דער וואַרשעווער זייט, נאָר פון דער פּאַרקער־טער, פון דער זשעלעכאָווער, פון דער בריק. רויט־אַרמייער, זאָגן, אַז דאָס באַשיסן אַעראָפּלאַנען. מיר קוקן אויפן הימל, אָבער קיין שום אַעראָפּלאַנען זעען זיך ניט. מיר דערזעען אינגיכן, ווי ס'לויפן רויטע־אַרמייער פון די קאַשאַרן, מען פרעגט ביי זיי:

— וואָס איז געשען?

— לעגיאָנערן גרייפן אָן!

גלייך דערזעען זיך פּויערישע פורלעך און אויף זיי לעג־יאָנערן מיט קוילנוואָרפערס וועלכע שיסן פאַרנדיק.

מען האָט אָנגעהויבן לויפן צום שאָסיי. און איך אויך צווישן זיי. פון וואַרשעווער שאָסיי בין איך אַראָפּ אויפן פעלד. צווישן די לויפנדיקע הער איך קורצע אויסגעשרייען: זעלנער פאַלן, פון שאָסיי גייט אַ געדיכטע שיסעריי.

איך בין אַריין אויף אַ הויף ווו אַ רויט־אַרמייער האָט איינגעשפּאַנט אַ פערד. נאָר דער וואָגן איז שוין פול, איך וויל אויך זיך זעצן, ס'איז אָבער זייער ענג, ניטאָ ווו אַ פוס אַוועק־צושטעלן. אויפן האַרצן איז ביטער. וואָס טוט מען?

און דאָ דערזע איך דוד'ל גאָטפריד. ער איז אַ בלאַסער, אַ דערשראָקענער. זיין אויסזען באַווייזט מיר מיין אויסזען.

— קום, ברוקאָזש! ביי אונדז איז דאָ אַ גוטע באַהעל־טעניש. ניט לאַנג געטראַכט לויף איך מיט אים, זיי וווינען ניט ווייט. דוד'ס עלטערן האָבן געוווינט אין אַ צווייטשטאָקיקן מויער אויף א הויף, לעבן דעם מויער איז געשטאַנען אַ שטוב. צווישן די ביידע הייזער אויפן דאַך, וועלכער איז געווען אינ־גאַנצן פאַרשטעלט, האָבן מיר זיך באַהאַלטן.

אין שטאָט גייט אָן אַ שיסעריי, צו אונדז דערטראָגן זיך געשרייען, געוויינען — דאָס ראַבעוועט מען יידישע הייזער. דאָס לעבן איז ווידער געוואָרן הפקר. איך ווייס, אַז קיין שוינונג פאַר די, וועלכע זענען געווען אַקטיוו אין די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס וועט ניט זיין. די שטימונג איז אַ געדריקטע. וואָס וועט ברענגען דער מאָרגן? און די ערשטע טעג ווילט זיך שטאַרק ניט אַריינפאַלן צו די לעגיאָנערן אין די הענט, ווייל איצט איז זיי אַלץ דערלויבט.

אין שטאָט איז די שיסעריי געוואָרן קלענער, עס הערן זיך נאָר ווייטע האַרמאַטן שאָסן.

דוד'ס ייִנגערער ברודער האָט געוווּסט ווו מיר באַהאַלטן זיך און האָט אונדז אָפּט איבערגעגעבן, וואָס ס'טוט זיך אין שטאָט.

די ערשטע דערשיטערנדיקע נייעס — דעם פּאַרזיצער פון רעווקאָם מאַראַלסקין האָט מען מערדערלעך אומגעבראַכט, אין שטאָט קומען פאַר אַרעסטן. די אַרטיקע כוליגאַנעס ווייזן אָן דער פעלד־זשאַנדאַרמעריע וועמען מען דאַרף אַרעסטירן.

אַ גאַנצע נאַכט זענען אָנגעגאַנגען האַרמאַטן־שיסערייען. ווי ס'האָט שפּעטער זיך אַרויסגעוויזן האָבן די רויטאַרמייִישע חיילות, וועלכע זענען געשטאַנען לעבן וואַרשע זיך דורכ־געריסן, מיר האָבן אין דער נאַכט־פינצטערניש געזען פלאַמען פון פּולווער אויפרייס, איבער אונדזערע קעפּ זענען גע־פלויגן האַרמאַטן־קוילן.

וועגן שלאָפן אין אַזאַ לאַגע איז שוין אָפּגערעדט. — פיזיש אויסגעשעפּטע זענען מיר אַ גאַנצע נאַכט געלעגן אין געהאַקטע צרות.

אויף צומאָרגנס האָט מען אונדז איבערגעגעבן, אַז ס'זענען געהרגעט געוואָרן נאַראַדאָוויטש און טראַיאַן — מיטגלידער פון רעווקאָם. מען האָט אויך געהרגעט אַ ייִד, וואָס האָט געהאַט אַ שענק — וועלכער האָט ניט געהאַט קיין שום שייכות צו אַ פּאָליטישער־באַוועגונג. דאָס האָט זיך באַמיט זאַיאַנץ דער קאַלבאַסניק.

אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג האָט מען צענדליקער מענטשן אַרעסטירט, צווישן זיי פיל מיינע חברים. מיין ייִנגערער ברודער בעריש, וועלכער האָט געהאַט מיט מיר פאַרבינדונג, קומט אין אַ טעג דריי־פיר אַרום, ווו איך בין געלעגן אין דער באַהעלטעניש, אַ בלאַסער, אַ דערשראָקענער, קוים ער רעדט אַרויס אַ וואָרט: „לעגיאָנערן מיט ביקסן זענען געקומען דיך נעמען, אַזוי ווי דו ביזט ניטאָ, ווילן זיי נעמען דעם טאַטן.

איך טראַכט ניט קיין סך און כאַפּ זיך אַראָפּ פון דער באַהעלטעניש און לויף אויפן הויף, ווו ס'איז געווען דער שניידער־וואַרשטאַט. נאָך פון דער ווייטנס, דערזעענדיק מיך, האָבן זיי אויסגעשטעלט זייערע ביקסן מיט באַיאָנעטן, צוקומנ־דיק נענטער שרייען זיי: „אָט איז ער דער באָלשוויק". זיי

האָבן מיך אַרומגערינגלט און באַפוילן גיין. דער פּאַטער פּול מיט אימה קוקט אויף מיר, גלייך ווי ער וואָלט זיך מיט מיר געזעגענען אויף שטענדיק. מיינע צוויי ייִנגערע ברידער בעריש און עליע לויפן מיר נאָך ביז דער טורמע.

אַז איך בין אַריין אין דער תּפיסה־קאַמער האָב איך דאָרט געטראָפן אַ סך חברים מיינע, ווי יאַנקל וואַלדבוים, קלמן מילער, שלמה ווינאָקור, הערשעל יעדוואַבס טאַטע, הערשעלע איז אַנטלאָפן, ביי אַ 25 מענטשן. קיין נאַרעס איז אין דער קאַמער ניט געווען. מען איז געלעגן אויף דער צעמענט פּאָדלאָגע. אַ סך זענען געווען שרעקלעך צעמיטשט. ס׳האָט זיך מיר פאַרגעדענקט אַ פּוילישער שוסטער פון פּאַריסאָוו אַ שרעקלעך צעשלאָגענער. אין דער פרויען־קאַמער האָבן זיך שוין דאָ געפונען די שוועסטער רבקה און יאַכטשע לעווין. אַן עלטערע יידישע פרוי מיט אַ סימפּאַטישע יונגע טאָכטער פון פּאַריסאָוו.

מען האָט אין אַ טאָג אַרום געבראַכט אַ גרופּע מענטשן פון לאַסקערעוו, איינער אַן עלטערער ייד איז געווען שטאַרק צעבלוטיקט. מענטשן אין טורמע ווערן אַלץ מערער און מערער. ליגן קאָן מען שוין ניט. מען זיצט צוגעדריקט איינער צום צווייטן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אָנגעהויבן פירן אַן אויס־פאָרשונג. די פעלד־זשאַנדערמעריע האָט זיך געפונען אין דאָקטאָר קראַסאָצקיס שטוב.

די ערשטע פראַגעס זענען געווען:

— האָסטו געקאָנט דעם באָלשעוויק מאַראַלסקי?

— ביזטו געווען אַ מיטגליד אין דער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע?

— האָסטו געטראָגן אַ רויט בלימל און געזונגען דעם אינטערנאַציאָנאַל אויפן מיטינג?

— דעם קלוב האָסטו באַזוכט?

אויף אַלע פראַגעס, אַחוץ דער לעצטער, האָב איך געענטפערט „ניין". אין דעם עפנט זיך די טיר האַסטיק, עס באַווייזט זיך אַ יונגער לעגיאָנער, וועלכער מעלדעט דעם אָפיציר אַז ס׳זענען פאַראַן זייער פיל געפאַנגענע רויט־אַרמייער, ניטאָ ווו זיי צו האַלטן.

דער אָפיציר, ניט לאַנג טראַכטנדיק זאָגט אים:

— צעשיסט מערער, וועלן זיי האָבן אַן אייביקע וווינונג.

ביי דער אויספאָרשונג האָט ער צו מיר קיין גוואַלד מיטלען ניט אָנגעווענדעט.

קומענדיק צוריק אין טורמע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז מען האָט אַרויסגערופן אויף אויספאָרשונגען נאָך עטלעכע חברים. אַ טייל פון זיי איז געקומען צוריק צעשלאָגענע.

אין אייניקע טעג אַרום האָט מען אונדז, אַ גרופּע גאַר־וואָלינער באַפוילן אַרויסגיין פון די קאַמערן, אַרומגערינגלטע מיט לעגיאָנערן, וועלכע האָבן געהאַלטן אויסגעשטרעקט זייערע ביקסן, האָט מען אונדז געפירט אויף דער קאַזע גאַס.

ס׳איז שוין געווען פינצטער. די גאַסן טויטע, קיין מענטשן זעען זיך ניט. עטלעכע פרויען האָבן אָנגעהויבן וויינען און שעפּטשען, אַז מען פירט אונדז שיסן, זיי ברעכן די פינגער און כליפּנדיק זאָגן זיי „אַ בראָך צו אונדז!"

ניט לאַנג האָט מען אונדז געפירט, לעבן שטאָט־ראָט האָט מען זיך אָפּגעשטעלט און אַריינגעפירט אונדז אינעווייניק.

דאָ האָט מען ווידער אָנגעהויבן פאָרשן.

די אויספאָרשונג האָט געפירט די דעפענסיווע. זי האָט זיך ניט צערעמאָניעט.

אויף מיין אויספאָרשונג איז דער אָפיציר צוגעלאָפן צו מיר מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט, צוגעשטעלט אים צו מיין קאָפּ און שרייט: „דו לעבסט נאָך, אָדער דו ביזט שוין אַ טויטער?!"

— דערווייל לעב איך נאָך. — האָב איך מיט געמאַכטער רו געענטפערט.

— „שוויג!" — האָט ער אויסגעשריגן און מיטן רעוואָלווער מיר אַ קלאַפּ געטאָן.

נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן מיט גוטע רייד, אַז איך זאָל



חיים־דוד ברוקאַזש און זיין פאַמיליע

זאָגן ווער עס זענען די אָנפירער פון דער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע וועט מען מיך גלייך אַרויסלאָזן.

זעענדיק, אַז איך האַלט זיך פעסט, האָט ער מיך אָפּגע־לאָזט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען פיל חברים באַפרייט. מיך מיט ווינאָקורן, יחיאל לאַסקעראָווער, די שוועסטער לע־ווינס, האָט מען אָפּגעשיקט מיטן עטאַפּ קיין לובלין. געזעסן זענען מיר אין שלאָס. געהונגערט האָט מען שרעקלעך.

דעם ערשטן טאָג ראש־השנה האָט מען מיך און יחיאלן באַפרייט. איך בין נאָך געווען מינדעריעריק.

אַז מען איז אַרויס אויפן גאַס האָט זיך נאָך ניט געגלויבט אונדז, אַז מיר זענען אויף דער פריי. עפּעס אַזוי אומגעריכט איז געקומען די גליקלעכע מינוט. און דו קאָנסט גיין וווהין דו ווילסט.

אויף דער גאַס איז געווען קאַלט, עס האָט געבלאָזן אַ צפון־ווינט. אָנגעטאָן בין איך געווען זייער לייכט.

די שטימונג איז געווען אַ גוטע, נאָר ווי אַזוי דערקלייבט מען זיך קיין גאַרוואָלין, אין קעשענע איז קיין גראָשן ניטאָ און עסן ווילט זיך אויך.

זייענדיק אַזוי פאַרטראַכט, גיט אַ זאָג יחיאל לאַסקעראָווער: דאָ וווינט אַ גאַרוואָלינער, וועלכער האָט זיך מיט אַ קורצער צייט צוריק אַריבערגעצויגן אַהער, ער איז אַ פערד־הענדלער, נאָר זיין אַדרעס ווייסט ער ניט.

מיר האָבן זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן ביי יעדן פאַרבייגייענ־דיקן, ביז מיר האָבן באַגעגנט אַ מענטשן, וועלכער האָט אונדז אָנגעוויזן זיין וווינונג.

מען האָט אונדז זייער וואַרעם אויפגענומען, געגעבן אָפּצו־עסן און געלט אויף בילעטן.

דער לובלינער וואָקזאַל געפּאַקט מיט לעגיאָנערן, ציווילע זענען זיך וויניק, די מלחמה דויערט נאָך.

אַ צוג נאָך דעמבלין איז גיך אָנגעקומען. אין אַ געפּאַקטן וואַגאָן טראָג איך זיך אַ היים, וואָס קאָן נאָך זיין פריידיקער! נאָך אַזוי פיל פּייניקע איבערלעבענישן ביזטו צוריק אַ פרייער מענטש. גייענדיק פון דער באַן־סטאַציע, פון ווילגע אין שטאָט, איז די גאַנצע לאַנדשאַפט געווען אַזוי פריש און נאָענט, עס זעט זיך שוין פון גאַנץ ווייט דער שפּיץ פון קלויסטער, אַלץ איז אַזוי היימיש נאָך פון קינדוויי.

איך גיי ניט, נאָר איך פלי, גלייך ווי פליגלען וואָלטן מיר אויסגעוואַקסן. און אָט איז דאָס שעכט־הויז. איך בין שוין אין דער היים. כ׳האָב קוים באַוויזן אַריינגיין אין שטוב, האָט די מאַמע גלייך געלאָזט אַ טרער. דער טאַטע, רויקער, האָט זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן אויף די איבערלעבונגען. ביז איצט פיל איך דעם טעם פונעם גלאָז טיי מיט ווישניאַק, וועלכער פינקלט מיט אַ רויטלעך־ראָזעווען שיין און פאַרשפּרייט אַן אָנגענעמענעם ריח.

...אָבער אין שטעטל איז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אָפּגעשטאָרבן, די קלובן זענען פאַרמאַכט. פון די חברים פעלן אַ סך — מען האָט זיי פאַרשיקט אין דעמביער־לאַגער.

מיך האָט די פּאָליציי אַרויסגערופן און געמאָלדן מיר, אַז יעדן 1־טן און 15־טן דאַרף איך זיך מעלדן ביי זיי, וויל איך בין אונטער פּאָליצייישער אויפזיכט.

נאָכן יאָר 1920 הויבט זיך אָן אַ ניי בלעטל אין דער גע־זעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין גאַרוואָלין און אין מיין פּערזענלעכן לעבן.

## מיין ערשטע ליבע

פאַרוואָס? פאַרוואָס איז די ציכטיקסטע, ערשטע יוגנט־ליבע, מערסטנטייל, אַזוי ניט מזלדיק? טאַקע פאַרוואָס?

אפשר עקזיסטירט אַזאַ ערשטער ליבע־שטערן, וועלכער פאַלט, ווי נאָר ער ווערט געבוירן און לאָזט נאָך זיך אַ טיפן שפּור, גליענדיקע פונקען אויפן הימל און אין אונדזערע פיל־באַרע, פאַרליבטע הערצער?

און אָט די דאָזיקע צאַפּלדיקע, גליענדיקע פונקען ווערן קיינמאָל ניט פאַרלאָשן און וועקן אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט, וועלכע האָט לויטן שכל הישר לאַנג שוין באַדאַרפט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַש, אָבער ניין! די פונקען גליען און ברענען אין אונדז אין משך פון גאַנצן לעבן.

אין דעם ליגט דער כח פון דער ערשטער ליבע.

פייגעלע. אָט שטייט זי פאַר מיר לעבעדיק. אַ שלאַנקע מיט בלאָנדע האָר און גרויסע, בלויע, ווי קאָרנבלימעלעך, אויגן. אויף איר חנעוודיק לענגלעך פּנים ליגט אַ צאַרטקייט. זי איז ניט געווען קיין שיינהייט, נאָר פאַרמאָגט עפּעס אַזעלכעס, וואָס געפעלט און האָט אַ צוציונגס כוח.

די ערשטע באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אויף די טרעפּ צו משה לערער. איך גיי אַרויף, זי גייט אַראָפּ. אין האַרצן האָט עפּעס האַסטיקער אַ קלאַפּ געטאָן, איך שמייכל צו איר, זי ענטפערט מיט אַ שמייכל. איך שטעל זיך אָפּ, זי אויך. איך פרעג באַ איר:

— וואָס לערנסטו?

—יידיש און דייטש, — ענטפערט זי.

פון דאַמאָלסט אָן ווילט זיך מיר איר באַגעגענען. איך זוך איר. איך טראַכט וועגן איר.

כ׳בין אָנגעקומען זיך לערנען אַלס דרוקער אין מאַקאָטאָווס דרוקעריי, ווו דער עלטערער אַרבעטער איז געווען אהרן גראָס־פעלד. אַ גאָר אָנטוויקלטער מענטש, גראָספעלד האָט געהאַט אויף מיר אַ גרויסע ווירקונג.

אין יאָר 1917 הויב איך אָן באַזוכן דעם קולטור־פאַראיין, דאָ פונקציאָנירט אַ ביבליאָטעק. איך נעם ביכער. לייענען האָב איך ליב געהאַט.

פייגעלע קומט אויך אַהער נעמען ביכער. זאָגן, אַז ביי איר איז געווען אַ גרויסער אינטערעס צו זיי טאָר איך ניט.

טרעפט, אַז איינמאָל אין אָן אָוונט, גייענדיק פון פאַראיין, האָט אהרן גראָספעלד געפירט פייגעלען אונטער דער האַנט, דאָס האָט מיך פאַרדראָסן טיף. ערשטנס, איז ער געווען עלטער



א גרופּע ארבעטער אין שלום שוואַרצ׳ס דרוקעריי

פון איר מיט אַ יאָר צען־צוועלף, צוויטנס, איך פלעג אַריינקומען צו אים אין צימער און דאָרט באַגעגנט ניט איינמאָל מרים האַכבערג. דאָס איז געווען אַ פריילעך מיידל, גאַנץ גוט געזונגען. מיר האָט זיך פאַרגעדענקט איין ליד פון איר רעפּערטואַר:

גיי איך מיר שפּאַצירן טראַלאַ־לאַ־לאַ
גיי איך מיר שפּאַצירן טראַלאַ־לאַ־לאַ
באַגעגנט מיך אַ בחור אַהאַ־אַהאַ

דערביי האָט זי געמאַכט אַזעלכע באַוועגונגען, וועלכע האָבן אַרויסגערופן אַ שטאַרק געלעכטער, זי האָט זיך פּשוט, געקראַצט.

אין געליבטע האָט ער שוין, פאַרוואָס דאַרף ער נאָך איינע? ! דריטנס, דאָס איז דאָך מיין ליבע. פייגעלע האָט דאָס שוין דעמאָלט געפילט.

איך האָב דאָס קרענקלעך אויפגענומען. צומאָרגנס אין דרוקעריי האָב איך ניט געקענט קוקן אויף אים מיט די פריערדיקע אויגן. אהרן האָט איר, מסתמא, ניט ליב געהאַט, אָבער פאַרברענגען מיט איר, און ניט נאָר מיט איר, האָט ער זיך ניט אָפּגעזאָגט ביי אַ געלעגנהייט.

מיט פייגעלען האָבן מיר זיך באַגעגנט אין „קולטור פאַראיין״, באַזונדערס, אין דער ביבליאָטעק. מיר דוכט, אַז די ביבליאָטעקאַרין איז געווען מרים אַמבאַראַס. איך האָב זייער אַ סך געלייענט. פון יענע ווערק האָט זיך מיר פאַרגעדענקט דינעזאָנס „אבן נגף״. מיין יינגלערישע נשמה האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן און פאַרגאָסן אַ פּאָר הייסע טרערן. מיט אַ גרויסן אינטערעס האָב איך געליינט זיין „הערשעלע״, „יאָסעלע״. זיינע ראָמאַנען, הגם סענטימענטאַלע, האָבן געשאַפן אַ ברייטן לייענער־קרייז אין פאָלק. אַ טיפן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט ש. אַש׳ס „שטעטל״, וויסנבערגס „אַ שטעטל״, פּרץ׳ס „חסידיש״ „פאָלקסטימלעכע געשיכטעס״ און „פּראָווינץ רייזע״.

כ׳האָב ליב געהאַט צו דערציילן פייגעלען פון די דורכגעליינטע ביכער, עצה׳נען איר וואָס צו ליינען.

נאָר איין זאַך האָב איך ניט געקאָנט זאָגן איר — וועגן מיין שטאַרקער ליבע צו איר און געטראָגן דעם סוד טיף אין האַרצן. געליטן און געשוויגן. יעדע באַגעגעניש מיט איר איז געווען אַ גרויסע פרייד פאַר מיר, נאָר דאָס איז פאַרגעקומען זעלטן. געוועזן צייטן, אַז זי פלעגט אויסמיידן מיך, ווערן פרעמד.

דאָס האָט געמוזט געשען אין יאָר 1919. איך זיץ אין קולטור־פאַראיין און לייען. פייגעלע איז אויך דאָ. מיינע געדאַנקען ליגן ניט אין בוך. איך שפּיר איר נאָך, אָבער זי שענקט מיר ניט אַפילו קיין בליק, זי באַמערקט מיך ניט. צו מיינע אויערן דערגייען אירע ווערטער, אַז זי פאָרט קיין וואַרשע, מיט אַלעמען געזעגנט זי זיך, נאָר מיט מיר ניט. דאָס איז פאַר מיר געווען אַ שרעקלעכער קלאַפּ, כ׳האָב גלייך דערפילט, אַז דער קאָפּ ברענט ביי מיר. אַ היים בין איך דערגאַנגען, ווי אַ שיכור. געלייגט זיך שלאָפן מיט גרויס היץ.

אין וואַרשע האָט זי פאַרבראַכט עטלעכע וואָכן. קומענדיק צוריק האָט זי ווידער אָנגעהויבן שמייכלען און רעדן מיט מיר. אַ סך מאָל שפּאַצירט.

מיר דערמאָנט זיך אַ טראַגיש־קאָמישע געשעעניש פון יענע טעג. דאָס איז געווען אין אַ ווינטער־אָוונט, אויפן גאַס איז פראָסטיק. אין לאָקאַל פון פאַראיין איז וואַרעם. ס׳ברענט אַ גרויסער בליצלאָמפּ. איך לייען פאַר אויפן קול, כ׳פלעג אָפט פאָרלייענען הויך, מען האָט ליב געהאַט מיך הערן, אַ דערציילונג פון זשורנאַל „ראָמאַן־צייטונג״, וועלכער האָט זיך דאָ געפונען אַן איינגעבונדענער פאַר עטלעכע יאָר. פייגעלע איז אויך געווען פון די צוהערער. ווען מען האָט געשלאָסן דעם לאָקאַל, זענען אַ גרופּע חברים אַוועק שפּאַצירן צום וואַרשעווער שאָסיי.

איבער דער גאַרוואָלינער ווינטער־נאַכט הענגט אַ פולע לבנה, דער גאַנצער אַרום איז פאַרגאָסן מיט אַ בלאַסן זילבערשיין, דער שניי פינקלט, און סקריפּעט אונטער די פיס. איך פיר פייגעלען אונטערן האַנט, אויפן האַרצן איז זייער אָנגענעם. מיר זינגען אונדזערע באַליבטע לידער, וועלכע הילכן אָפּ אין דער ווייט.

פלוצעם גיט עמעצער אַ געשריי: אַ מענטש אין ווייסן גייט אויפן פעלד!״ אין פחד הויבן מיר אָן לויפן און זעען



מיין ברודער — בעריש, ז״ל

בפירוש אַ מת אין ווייסן לויפט נאָך אונדז. מיר לויפן — ער לויפט. לויפנדיק, שרייט איינער אויס: „שטייט״! דאָס איז דאָך אַ קופּע ווייסע שטיינדלעך, וואָס ליגן ביים שאָסיי״. לויפנדיק אין שרעק האָט זיך געדוכט, אַז עמעצער אין ווייסן יאָגט אונדז. מיר זענען שטיין געבליבן מבולבל׳ע, די אימה האָט אונדזערע אויגן פאַרבלענדט. באַרויִקטע, האָבן מיר ווייטער שפּאַצירט און ווייטער געזונגען. נאָר דאָס דורכגעלעבטע האָט געעקבערט, כ׳האָב זיך זעלבסט געוואָלט דערקלערן דעם פאַקט, ער האָט ביי מיר אַרויסגערופן אַ סך רעיונות. מיר האָבן זיך געהאַלטן פאַר מענטשן, וואָס זענען ווייט פון אַזעלכע נאַרישקייטן. איך האָב זיך דערקלערט, אַז די דאָזיקע אומזיניקייטן שטאַמען פון די מעשות וועגן שדים און שרעטעלעך וואָס מיר האָבן זיך אָנגעהערט אין דער קינדהייט און מיט וועלכע מיר האָבן געלעבט כמעט בשכנות. אגב, האָט מען דערציילט, אַז אין דער מויער, ווו ס׳האָט געלעבט משה לערער, וווינען (אַרודעווען), פון 12 אַזייגער ביינאַכט, די שרעטעלעך. עמיצער האָט אַפילו אַליין געהערט רוקן דאָרט טישן... אונדזערע קינדערישע מוחות זענען געווען פול אָנגעשטאָפּט מיט גייסטער, מחבלים, טייוואָנים, געשפּענסטער, וועלכע האָבן געוועקט קינדערישן פחד.

בכלל איז דער וואַרשעווער שאָסיי געווען אונדזער באַליבסטער שפּאַציר־אָרט און קיינמאָל מער האָבן מיר דאָרט ניט באַגעגנט קיין שד... אפשר האָט ער מורא געהאַט פאַר די לידער, וועלכע פלעגן דאָ אָפט קלינגען?

וואָס פאַראַ לידער, פול מיט גלויבן אין אַ בעסערער צוקונפט, האָבן זיך דאָ ניט געהערט? אויך ליבע און לירישע לידער. די ליד איז געווען אונדזער טרייַע באַגלייטערין אויף די שווערע לעבנס־וועגן. ביז היינט האָב איך זיך מיט איר ניט צעשיידט, אַ סך לידער דערמאָנען ווייט פאַרגאַנגענע געשעענישן, איבערלעבונגען.

מיט אַ צייט צוריק האָב איך צונויפגעשטעלט אַ רשימה פון די אַמאָליקע לידער, ס׳האָט זיך באַקומען העכער פון הונדערט. איצט זענען זיי שוין האַלב פאַרגעסענע. „נייַע צייטן, נייַע לידער”.

שטענדיק, ווען כ׳הויב אָן זינגען די באַקאַנטע שובערט־סערענאַדע „שטילע לידער לאָז איך קלינגען, אין דער נאַכט צו דיר”, דערמאָנט זיך מיר פרילינג 1919, אָדער דאָס 20־סטע יאָר. אַ וואַרעמער אָוונט, פון די לאָנקעס טראָגט זיך אַ פאַרשיכורנדיקער ריח פון פרישן היי, איך, פייגעלע און הערשל ראָזענבערג שפּאַצירן אויפן וועג צום צמענטאַזש. מיר האָבן זיך צוגעזעצט צו אַ קופּע פרישע היי, דער ריח איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז מיר זענען אַנטשלאָפן געוואָרן. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און הייב אָן וועקן, הערשל האָט זיך גלייך אויפגעכאַפּט, נאָר פייגעלע, וויפל מען האָט איר ניט געוועקט, אַ נעכטיקער טאָג. מיר האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן. וואָס טוט מען? מיר האָבן באַשטימט אויפהייבן איר און פירן איר אַ שלאָפנדיקע, איך אונטער איין האַנט און הערשל ביי דער צווייטער. אַז מען האָט איר אַזוי אָפּגעפירט אַ שטיקל וועג האָט זי פלוצים אַ טיפן זיפץ געגעבן און געזאָגט „מאַמע!” און געפרעגט „וואָס איז געשען מיט מיר?” מיר האָבן איר באַרויִקט, אַלץ דערציילט, זי האָט גאָר ניט געדענקט. פאַרשטייט זיך אַז דאָס האָט געווירקט אויף איר דער שטאַרקער ריח פון פרישן היי.

✶

אין 1919־טן יאָר האָב איך געאַרבעט אין שוואַרצ׳ס דרוקעריי. אין אַ בוידעם־שטיבל אין דעם זעלבן מויער, האָבן געלעבט עטלעכע דרוקער־אַרבעטער, צווישן זיי יאַנקל וואַלדבוים, איינער פון די זייער ווייניקע געבילדעטע אַרבעטער אין גאַרוואָלין. אַ גרופּע יוגנטלעכע האָט ביי וואַלדבוימען גענומען לעקציעס, צווישן זיי אויך איך, פייגעלע, קלמן מילער, אייזיק שערמאַן. א״אַנד. איין עפּיזאָד פון די קורסן האָט זיך שטאַרק איינגעקריצט אין זכרון. אַ שפּעטער האַרבסט־טריבער אָוונט. עס טריפט אַ דראָבנער רעגן. די גאַסן זענען איינגעהילט, ווי אין אַ פינצטערן זאַק. מען קלייבט זיך שוואַך אויף די לעקציעס. דער אויוון אין צימער ברענט. פייגעלע אָנגעטאָן אין אַ ווייס־פּוכיק טיכל זיצט ניט ווייט פון אויוון, איר פּנים פלאַמט. אין מיינע אויגן באַקומט זי אַזויפיל שיינקייט, פון איר שטראַלט אַזויפיל חן, זי איז היינט אַזוי צוציִענדיק, אַזוי רייצנדיק. איך קאָן ניט אַראָפּנעמען פון איר די אויגן. זי פילט מיינע אַרייַנדרינגנדיקע בליקן, אָבער זי שענקט מיר ווייניק בליקן.

די לעצטע יאָרן, איידער כ׳האָב פאַרלאָזט גאַרוואָלין, זענען מיר געוואָרן נענטער. אהרן גראָספעלד, יאַנקל וואַלדבוים זענען אין גאַרוואָלין שוין ניט געווען. דערנאָך איז קלמן מילער אַוועק. פון די נאָענטע זענען מיר פאַרבליבן איינצלנע. אָפט פלעגן מיר טרוימען: נאָך יאָרן צעשיידונג ווידער צו באַגעגענען זיך אין גאַרוואָלין, צום גרויסן באַדויערן, איז דאָס ניט געשען און וועט שוין קיינמאָל ניט געשען...

אין 1921־טן יאָר איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער יוגנט אָרגאַניזאַציע „צוקונפט”, איך בין אַריבער אין קאָמיוג, געוואָרן אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. פייגעלע איז פאַרבליבן אין „צוקונפט”. אָבער דער אַלגעמיינער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין, וועלכער האָט זיך געפונען ביי דער פרוי אָשליאַק אין אַ קעלער־צימער, האָט פאַרמאָגט אַ ביבליאָטעק, ווו איך בין געווען ביבליאָטעקאַר. פייגעלע פלעגט דאָ נעמען ביכער.

בכלל איז דער אינטערעס צו דער ייִדישער ליטעראַטור געווען אַ באַדייטנדער. אַחוץ די יידישע שפּראַך האָט כמעט קיינער ניט באַהערשט קיין אַנדערע. אַזוי־אַרום, אַז געלייענט האָט מען נאָר ייִדישע ביכער. אמת, אויף יידיש זענען דערשינען אַ סך איבערזעצונגען פון אַנדערע שפּראַכן. מיר דערמאָנט זיך דעם טיפן איינדרוק, וואָס עס האָבן געמאַכט גאָרקיס דערציילונגען. אין יענער צייט האָב איך געקויפט פאַר דער ביבליאָטעק דעם בוך פון ד״ר פינעס „די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור”, מיר האָבן געלייענט, פאַרשטייט זיך, די קלאַסיקער, אַש, די יונגע שרייבער אין דאַמאָלסטיקן פּוילן. מיר האָבן אָבער ניט געהאַט קיין אַנונג פון דער דורותדיקער רייכער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור. דער בוך האָט אונדז געעפנט די אויגן.

איך לייג פאָר פייגעלען, אַז מיר זאָלן צוזאַמען לייענען — גוט, ענטפערט זי.

✶

אַ זומער פאַרנאַכט, איך אָנגעטאָן אין אַ ווייסן סלאָוואַצקן קאָלנער, זי אין אַ באַטיסטן זומער־קליידל מיט קורצע אַרבל, פון איר שמעקט מיט פרישקייט און מיידלשע צאַרטקייט. לאָזן מיר זיך אויפן וועג צום וויאַטראַק, ווו ס׳געפינען זיך די בערגלעך. אויפן האַרצן איז אַזוי אָנגענעם אי פון פייגעלען, אי פונעם בוך, אי פון דעם אָוונט, וואָס איז פול מיט ריחות פונעם בליענדיקן בעז. מיר זעצן זיך צו, זי הערט אויפמערקזאַם מיין לייענען. די זון הויבט אָן פאַרגיין, ס׳ווערט טונקל. מיר לאָזן זיך צוריק אין שטעטל.

פירנדיק איר אונטערן האַנט, טראַכט איך, אַז מען דאַרף איר איצט זאָגן וועגן מיין שטאַרקער ליבע צו איר, נאָר דאָס מויל איז פאַרשלאָסן, איך קאָן גאָר ניט אַרויסזאָגן. איך באַשטים אָפּלייגן דאָס אויף אַן אַנדערש מאָל... דערווייל איז שוין געוואָרן פינצטערלעך, פונווייטן האָבן שוין געציטערט אָפּשייַנען פון די נאַפט־לעמפּלעך פון די פענצטער. די נאַכט איז אַריין אין איר פולער רעכט.

געלייענט צוזאַמען האָבן מיר נאָך אייניקע מאָל. אין איינעם אַן אָוונט האָט זי געזאָגט, אַז זי פאָרט קיין וואַרשע צו דער שוועסטער. מיר איז געוואָרן אומעטיק, און קיין וואָרט ניט געזאָגט, מיך האָט פאַרדראָסן, וואָס דעם בוך האָבן מיר ניט פאַרענדיקט.

פייגעלע האָט גוט געפּילט מיין ליבע צו איר. איינמאָל האָט זי געזאָגט:

— מאיר שלום, דו קאָנסט ליבן.

ביז היינט איז פאַר מיר אַ רעטעניש די צווישן־באַציונגען פון פייגעלען מיט אהרן גראָספעלד. אָפט פלעגט זי פאָרן קיין וואַרשע ווען גראָספעלד האָט דאָרט געאַרבעט, אַז ער האָט איר ניט ליב געהאַט דאָס איז קלאָר. גאָר זי אים? מעגלעך, אַז יאָ. קומט אויס, אַז איר ערשטע ליבע איז אויך געווען ניט גליקלעך.

אין אָנהייב צוואַנציקער יאָרן האָט גראָספעלד עמיגרירט קיין אַמעריקע, דאָרטן געווען טעטיק אין די לינקע קרייזן, געהאַט אַ פאַמיליע. ער איז געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק.

★★★

1923 יאָר. איך באַשטים אַוועק צו פאָרן אין ראַטנ־פאַרבאַנד צוזאַמען מיט ברוך וואַסערמאַן און חיים יעדוואַב.

דאָס איז געווען אין האַרבסט. עס זענען געשטאַנען וואַ־רעמע טעג. דעם צווייטן טאָג ראש השנה אין אָוונט, דער לעצ־טער אָוונט פון מיין זיין אין גאַרוואָלין. איך מיט פייגעלען שפּאַצירן אויפן וואַרשעווער שאָסיי. זישע נאַכגעלט און געניע לאַנגער שפּאַצירן אויך דאָ.

— דאָרט איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט זיך צו לערנען...

דאָס איז געווען מיין גרעסטער פאַרלאַנג. „יאָ, זאָגט פייגעלע, דאָס איז אַ גוטע זאַך" און גוט צו, „אפשר וועט דער גורל מיך פאַרוואַרפן צו דיר. אירע ווערטער דרינגען טיף אַריין און האַרצן צו מיר, דאָס באַווייזט, אַז זי טראַכט וועגן מיר. מיט הייסע קושן באַדעק איך איר צעפלאַמט פּנים. מיר איז אַזוי גוט, איך פיל איר צאַפּלדיק האַרץ. דער אָוונט האָט זיך טיף איינגעקריצט אין האַרצן. מיר האָט זיך געוואָלט, אַז ער זאָל זיך לאַנג, לאַנג ציִען. באַגלייטן אונדז צום באַן זענען געגאַנגען אַ סך צענדליקער יוגנטלעכע. מיין לעצטער האַנטדרוק און בליק. מיר צעשיידן זיך מיט פייגעלען. איך בין זיכער אַז מיר וועלן סוף־כּל־סוף זיין צוזאַמען...

זייענדיק אין ראַטנפאַרבאַנד האָבן מיר זיך רעגולער דורכגע־שריבן. איך האָב געוואָלט איר אַריבערנעמען. זי האָט זיך אַפילו אָנגעהויבן לערנען אַ פאַך. ניט איינמאָל האָט זי מיר געשריבן, ווי שטאַרק זי וויל זיין צוזאַמען מיט מיר. נאָר אַזוי האָט זיך ניט באַקומען...

איך האָב פריער חתונה געהאַט, זי שפּעטער. כ'האָב באַ־קומען פון איר אַן איינלאַדונג. צו איר חתונה האָב איך געגעבן אַ באַגריסונגס טעלעגראַמע. איר מאַן איז געווען ניט פון אונדזער סביבה.

אין אַלבאָם, וואָס כ'האָב איר געלאָזן אַלס מתנה, האָב איך אַריינגעשריבן: „טייערע פייגעלע! ווען די לבנה וועט זיין אַ פולע אין הימל קוק זיך איין אין איר, אויך איך ווו כ'וועל ניט זיין, וועל אויך קוקן אויף איר און דעמאָלסט וועלן מיר זיין צוזאַמען".

ביזן היינטיקן טאָג קוק איך זיך גוט איין אין דער לבנה...

## אַ טייל גאַרוואָלינער צונעמענישן

משה האָקל * יויעל קראָזע * פראָים פעץ * אברהם קאַראָל * אברהם פאַצעט * הערשל פאַצעט (שוסטער) * משה אָגער * שלמה חורבן * שלמה ספּאָדניצע * משה שטשערב * לאה הויקער * משה פאָליוקע * שלמה קרעפּל * משה־ברך מיט דער קילע * משה שמויש * הערש דוד גאַרבאַצקע * לייבושל שפּרינגער * יחיאל גיידיק * נחמן פאַרך * לייבישל מייזעלע * משה שליאַך * לייזער מערביקער * לייבישל פויזנער שרה די קאַטשקע * ייִדל קרול * הערשל תמוז * חנה די כאַמעשקעס * נתן דוד קליסקעלעך * חיים יוסף פערפעלעך * יאָסל וואַסערגיסער * ישראל קאָריק * שמחה דיבוק *

נאָך 47 יאָר אַוועקפאָרן פון גאַרוואָלין האָט זיך פאַרגע־דענקט ווייט ניט אַלע צונעמענישן. נאָר דאָס וואָס כ'האָב פאַרגעדענקט גיט צו אַ היימישן קאָלאָריט צו די שטעטלדיקע מענטשן.



קינדער־גאָרטן
מיט די לערערין
ב ע ר ט אַ

# מיין קדיש

**געווידמעט מיין פאַרשניטענעם פאָטער**
**חיים דוד, און מיין מוטער גיטל.**

גרויס דער בראָך, טיף דער ווי,
זעקס מיליאָן פאַרשניטענע,
אַלע מיינע צווישן זיי!

כ׳האָב קיין קדיש ניט געזאָגט,
קיין קריעה ניט געריסן,
אַש אויפן קאָפּ ניט געשאָטן,
קיין שבעה ניט געזיצן.

נאָר קיטל־ווייס מיין פּנים,
שבעה אייביק איך וועל זיצן,
אַש־גרוי מיינע האָר,
קריעה — מיין האַרץ צעריסן.

טאַטע־מאַמעס קבר. ווו איז ער?
פאַרהוילט אין חושך־נאַכט.
נאָר אין מיין צאַפּלדיקן זכרון,
שטענדיק לעבעדיק איר וואַכט.

מיין טאַטן, דעם בעל־מחשבות
מיט שאלות דער קאָפּ אים ברענט,
קאָן דאָס אין דער וועלט געמאָלט זיין,
אַ פאָלק פאַרמשפּט׳ן צום טויט און שאַנד!

מען יאָגט מיין מאַמען אַ בלאַסע,
צעפּאַטלט איר קאָפּ דעם ווייסן,
מערדער, לאַכנדיקע טיוולאָנים,
שליידערן איר צווישן מתים.

שעכטער פון מיליאָנען און מיליאָנען,
אויף דורות געחתמעט אייער זינד
און אויב עמעצער וועט פאַרגעסן אין דעם
זאָל אייביק אים זיין ווי־און־ווינד!

די צייט פאַרהיילט? די ווי פאַרגייט?
ניין! טויזנטער מאָל ניין!
מיר וועלן געדענקען און ניט פאַרגעסן,
די טייכן בלוט און טאַטע־מאַמע געוויין.

גרויס דער בראָך, טיף דער ווי,
טויזנטער קהילות פאַרשניטענע,
גאַרוואַלין צווישן זיי.

**נאָוועמבער 1969.** **מ. ש. ב.**

זישע נאכגעלט-נונגולד / רמת השרון

# פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון דער יוגנט

**נישט האַבנדיק פאַר זיך קיין שום דאָקומענטן,**



פאַרנעם איך זיך נישט צו שרייבן געשיכטע. דער איינציקער מקור פון וועלכן איך שעפּ — מיין זכרון — איז אויך עלול צו מאַכן טעות׳ן; בעט איך לכתחילה דעם לייענער צו זען אין די „בלעטלעך״ בלויז זכרונות — זכרונות פון עפּיזאָדן, פּאַסירונגען און געשעענישן, וואָס דער מחבר איז נישט געשטאַנען מן הצד פון זייער אַנטוויקלונג, נאָר אַקטיוו אין זיי אָנטייל גענומען. און נישט איין מאָל געווען פון די וואָס האָבן משפּיע געווען אויפן גאַנג זייערן.

דער בראשית פון דער טעטיקייט פון דער יידישער יוגנט אין גאַרוואָלין איז געווען דאָס יאָר 1916 — צווויי יאָר נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און איין יאָר נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן אָקופּירט פּוילן. די איניציאַטאָרן פון דער דאָזיקער טעטיקייט זענען געווען דווקא נישט קיין גאַרוואָלינער. אין יענעם יאָר באַזעצט זיך אין גאַרוואָלין די משפּחה האַכבערג. ער, האַכבערג, פאַרנעמט אַ הויכן פּאָסטן אין קרייז־געריכט און די פרוי האַכבערג עפנט אין גאַרוואָלין אַ שול פאַר יידישע קינדער. שפּעטער פירט אָן מיט דער שול פרוי האַכבערגס שוועסטער — בערטאַ. גלייכצייטיק מיט דער שול, עפנט די יידישע יוגנט אין גאַרוואָלין די ערשטע „פאָלקס־ביבליאָטעק״. אויך ביים עפענען די דאָזיקע קולטור־אינסטיטוציע און ביים אָנפירן מיט איר האָבן אין אָנהייב געשפּילט די ערשטע ראָל נישט קיין גאַרוואָלינער, נאָר די צוויי איינגעוואַנדערטע דרוקער־אַרבעטער: יעקב וואַלדבוים און אהרן גראַספעלד. געבראַכט קיין גאַרוואָלין האָט זיי דער אייגנטימער פון אַ יידישער דרוקעריי — שוואַרץ. שוואַרץ גופא איז אויך נישט געווען קיין גאַרוואָלינער; ער איז געווען אַ בילגאַרייער, וואָס האָט זיך באַזעצט אין גאַרוואָלין.

די השפּעה אין דער פאָלקס־ביבליאָטעק האָט געהאַט דער „בונד״. דאָ דאַרף אויפגעקלערט ווערן די סיבה פאַרוואָס די דאָזיקע השפּעה איז צוגעפאַלן דווקא דעם „בונד״ און נישט קיין שום אַנדערער פּאָליטישער באַוועגונג.

אָנהייב 1916 האָבן די דייטשן אָנגעהויבן בויען אין גאַרוואָלין אַ שאָסיי און אַ באַן־ליניע וואָס זאָל פאַרקירצן דעם וועג פון גאַרוואָלין צו דער באַן־סטאַציע. ביז דעמאָלט האָט מען צו דער באַן געמוזט פאָרן דורך „פּילאַוואַ״ (נישט צו פאַרטוישן עס מיט דער שטאָט פּולאַוו) 10 קילאָמעטער בערך. די דייטשן האָבן די ליניע פאַרלענגערט ביזן דערפל „מוראַנאַוו״, בערך דריי קילאָמעטער פון גאַרוואָלין און אַזוי־אַרום פאַרקירצט דעם וועג אויף זיבן קילאָמעטער.

צווישן די שאָסיי־אַרבעטער האָט זיך געפונען אַ פרעמדער יונגערמאַן, וואָס קיינער האָט אים נישט געקאַנט. ביסלעכווייז איז זיין נאָמען באַקאַנט געוואָרן און עס האָבן אַרום אים זיך אָנגעהויבן וועבן לעגענדעס... געווען איז ער איינער פון די פירער פון „בונד״ אין וואַרשע נאָך פון דער צאַרישער צייט, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל בעתן ביילים־פּראָצעס. געהאַט האָט ער יתרו׳ס נעמען. צוליב טעמים פון קאָנספּיראַציע האָט ער יעדעס מאָל געטוישט זיין נאָמען. אין גאַרוואָלין האָט ער זיך דעמאָלט גערופן „היינע״. געוווּסט האָבן מיר אַז חבר היינע שטאַמט פון זאַמאָשטש און אַז ער האָט הינטער זיך אַ גרויסע פּאָליטישע פאַרגאַנגענהייט. ואת חטאי אני מזכיר: אויך אויף מיר האָט חבר היינע געהאַט אַ גרויסע השפּעה. ווי אַ גרויסער ערודיט, אָראַטאָר, בן־תורה און אַפּיקורס, האָט ער שטאַרק משפּיע געווען אויף אַלעמען, באַזונדערס אויף געוועזענע ישיבה־בחורים. ווי איינער פון זיי — איז זיין השפּעה אויף מיר געווען זייער אַ גרויסע...

צו די ערשטע וואָס האָבן געהאָלפן דעם ח׳ היינע האָבן געהערט: די לערערין האַכבערג, די צוויי אויבן־דערמאָנטע דרוקער־אַרבעטער וואַלדבוים און גראַספעלד, אהרן האַכבערג, אַ זון פון „גרויסן מלך״, שמחה הערמאַנאָוויטש (היינט אין אַרגענטינע), נתן דוד שוחט׳ס זון, מלך, און אַ ריי אַנדערע, וואָס זייערע נעמען זענען מיר אַרויס פון זכרון.

אַ יאָר שפּעטער קומט אין דער פאָלקס־ביבליאָטעק צו אַ שפּאַלטונג. אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער יוגנט פאַרלאָזט די פאָלקס־ביבליאָטעק און גרינדעט דעם „קולטור־פאַריין״.

אין אָנהייב האָט דער קולטור־פאַריין זיך געהאַלטן פאַר אַן אומפּאַרטיייִשע אינסטיטוציע וואָס איר אויפגאַבע איז בלויז צו הייבן דעם קולטור־ניוואָ פון דער יידישער יוגנט. פלעגן טאָקע פון צייט צו צייט דאָרטן פאָרקומען לעקציעס פון געשיכטע, קולטור, ליטעראַטור, ווי אויך איבער אַ גאַנצער ריי פּראָבלעמען אַקטועלע אין יענער צייט. שפּעטער איז צום קולטור־פאַראיין צוגעטרעטן דער ח׳ וואַלדבוים. ער האָט פאַרלאָזט די „פאָלקס־ביבליאָטעק״ און זיך געשטעלט אין שפּיץ פון „קולטור־פאַריין״. אין יאָר 1918 ווערט דער שרייבער פון די שורות מיטגעריסן מיט דער רענעסאַנס־כוואַליע פון דער יידישער יוגנט אין פּוילן. ער גייט אַוועק פון בית־המדרש און טרעט אַריין אינעם קולטור־פאַראיין. צום קולטור־פאַראיין געהערן אויך הינדע בלאָס, די עלטסטע טאָכטער פון מאיר בלאָס, ראָזאַ ניימאַן, די טאָכטער פון מתתיהו (מאָטיס) ניימאַן (היינט אין פּאַריז), יחיאל גאָלדבערג א״א. צווישן די מיט־גלידער פון קולטור־פאַראיין הייבן זיך אָן אויסקריסטאַליזירן געוויסע פּאָליטישע מיינונגען, דער פאַראיין פאַרלירט זיין

אויסשליסלעכן קולטור־כאַראַקטער און ווערט אַן אַרענע פון פּאָליטישן קאַמף צווישן פאַרשידענע פּאָליטישע ריכטונגען, ווי דער „בונד“, וואָס איז אויך אין קולטור־פּאַראַיין אַ גרויסער כוח, „פאָלקס־פּאַרטיי“ און דער „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן א״י“.

נאָך דעם ווי די דייטשן פאַרלאָזן פּוילן און ס'אַנטשטייט די פּוילישע מדינה, באַזונדערס אין רעזולטאַט פון דער פּוי־ליש־באָלשעוויסטישער מלחמה, האָט די קולטור־פּאָליטישע טעטיקייט פון דער גאַרוואָלינער יידישער יוגנט כמעט זיך אָפּגעשטעלט. די כוואַליע פון אַנטי־יידישע עקסצעסן איז גורם די שליסונג פון ביידע אויבן־דערמאָנטע אינסטיטוציעס. נאָכן ריגער שלום־אָפּמאַך צווישן רוסלאַנד און פּוילן באַנייט די יידישע יוגנט אין גאַרוואָלין איר טעטיקייט, אָבער שוין ביי אַנדערע פּאָליטישע באַדינגונגען: סיי דער „בונד“, סיי די „פּוע״צ“ ווערן גרויסע פּאָליטישע פאַקטאָרן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין גאַרוואָלין (ברייטער וועגן דעם שרייב איך אין אַ באַזונדערן מאמר). עס זענען אויך טעטיק דער „הפועל־המזרחי“ און די „צעירי־אגודת־ישראל“. זייער איינפלוס אָבער איז געווען בלויז אויף אַ טייל פון דער פרומער יוגנט. אין די אויגן פון עלטערן דור, האָט דער עצם־קיום זייערער געהייסן: מרידה... באַזונדערס האָט מען געקוקט ווי אויף „מורדים“ אויף די מיטגלידער פון „הפועל־המזרחי“ צוליבן א״י־פּראָבלעם... זייער „מרידה“ איז באַשטאַנען אין דעם וואָס אַ טייל פון זיי האָט עולה געווען קיין א״י.

די רעלאַטיווע סטאַביליזאַציע פונעם פּאָליטישן לעבן אין פּוילן, דאָס איינשטעלן פון געוויסע דעמאָקראַטישע פאָרמען צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג און דער יידישער מינדערהייט איז גורם צום אויסברייטערן זיך פון פּאָליטישן באַוווסטזיין ביי דער יידישער יוגנט: זי ווערט שטאָלצער, קעמפערישער, ווערט באַהערשט פונעם געפיל פון כוח, זי פאַרשטייט איר חוב און אחריות פאַרן ענדערן דאָס עקאָנאָ־מישע פּנים פון דער יידישער יוגנט אין פּוילן. אַ וויכטיקער פאַקטאָר אינעם דאָזיקן אויפשטייג איז געווען דער יידישער פּאָליטישער כוח אין פּוילישן סיים. ביידע פּאַרטייען, סיי דער „בונד“, סיי די „פּוע״צ“ ברייטערן אויס זייער טעטיקייט. דער „בונד“, גרינדעט אין גאַרוואָלין אַ ספּעציעלן קלוב אין וועלכן ס'ווערט געפירט אַ פאַרצווייגטע קולטור־פּאָליטישע אַרבעט. דער „בונד“ שפּרייט אויס זיין השפּעה כמעט אויף דער גאַנצער אַרבעטנדיקער יוגנט. „פּוע״צ“ גרופּירט אַרום־זיך אויסשליס־לעך די יוגנט פון די א״ג באַלעבאַטישע און סוחרישע היימען. די באַציונגען צווישן ביידע פּאַרטייען זענען קאָרעקטע. נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו האַלטן אַ לעקציע אין לאָקאַל פון „פּוע״צ“. אַ מאָל איז דאָס געווען אינעם בוידעם־שטיבל פון דער משפּחה וואַסערניס, דאָרט ווו עס האָט געוווינט דער רב, אַ מאָל — אין דער שענק פון עוזיאל ראַפּאַפּאָרטס פאָטער (דאָרט איז אַ געוויסע צייט געווען דער לאָקאַל פון דער „ליגע“).

אין יאָר 1924 האָט דער „בונד“ אין גאַרוואָלין אומגע־ריכט צובאַקומען אַ שטאַרקן כוח — דעם ד״ר דאַווידסאָן. ביז יענער צייט האָט גאַרוואָלין נישט געהאַט קיין יידישן דאָקטאָר. עס זענען געווען צוויי קריסטלעכע דאָקטוירים און עטלעכע יידישע פעלדשערס. כ'ווייס נישט די סיבה פון ד״ר דאַווידסאָנס באַזעצן זיך אין גאַרוואָלין, כ'געדענק נאָר אַז מיט זיין אָנקומען האָט זיך דער אָנזען פון „בונד“ געשטאַרקט. ד״ר דאַווידסאָן האָט געשטאַמט פון פּולאַוו. אויב כ'האָב קיין טעות נישט — איז ער געווען אַ ברודערן־זון פון ד״ר נח דאַווידסאָן פון וואַרשע. שטודירט האָט ער אין דער שווייץ און געהערט דאָרט צו דער בונדישער קאָלאָניע. אויסער דאָקטאָר, איז ער אויך געווען דער מאַן פון גרויסער פּאָליטישער אָריענטאַציע, הוי־כער קולטור און פון אַ סך יידישן וויסן. צווישן מיר און ד״ר דאַווידסאָן האָבן זיך באַלד איינגעשטעלט נאָענטע, חברישע באַציונגען. נישט בלויז ער, נאָר אויך זיין פרוי איז געווען אַ מענטש פון הויכער קולטור. איך בין געוואָרן אַ בן־בית אין הויז פון דער דאָזיקער איידעלער משפּחה. מיט זיין וואַרעם יידיש האַרץ, האָט ד״ר דאַווידסאָן זיך אויך געשאַפן אַ



**אַ גרופּע שילער פון אָוונט־קורסן**

גוטן נאָמען צווישן דער יידישער באַפעלקערונג בכלל. ער פלעגט אויך קומען אין בונדישן קלוב האַלטן לעקציעס וועגן פּאָפּולערער מעדיצין.

צו יענער צייט האָבן זיך אין גאַרוואָלין געפונען צוויי יידישע לערערס, געקומענע פון גאַליציע. איינער פון זיי, אברהם רובינגער, האָט געשטאַמט פון סטאַניסלאַוואָוו. ער האָט געהערט צו די „פּועל"צ" און צוזאַמען מיט הינדע בלאַס, חיים־דן מאָקאָטאָוו געווען פון די פירער פון „פּועל"צ" אין שטעטל.

די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון דער יידישער יוגנט אין גאַרוואָלין האָט גורם געווען גרויסע רייבונגען צווישן דער יוגנט און עלטערן דור. די פרומע יידן האָבן געזען אין דעם אַ געפאַר וואָס דראָט אומצוברענגען חלילה דאָס יידישקייט. מען דאַרף געדענקען אַז צו יענער צייט האָט די רעליגיעזע פרומקייט אַרומגענומען כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון שטעטל. דער קלענסטער אָפּנויג פונעם אָנגענומענעם פרומען דרך, האָט ביים עלטערן דור זיך גערעכנט פאַר פּריצת־גדר און אַפּיקורסות. דער דאָזיקער קאַמף פלעגט אַ סך מאָל אָננעמען גאַנץ שאַרפע פאָרמען. נישט איינמאָל פלעגט דער בונדישער קלוב באַפאַלן ווערן דורך דער פּוילישער פּאָליציי אין רעזולטאַט פון מסירות מצד די פרומע קרייזן. אַפילו אין „צעירי מזרחי" האָבן די פאַנאַטיקער געזען אַ סכנה. כ'געדענק אַפילו אַ מעשה פון יענע יאָרן: בעת משהלע מלמדס זון, יעקב־מנשה האָט זיך אָנגעהויבן לערנען שטובן־מאָלעריי, כדי נאָך דעם עולה צו זיין קיין א"י, האָט דאָס אַרויסגערופן צווישן פרומע יידן אַ שרעקלעכן שטורעם און שפּעטער — ווען ער האָט טאַקע עולה געווען — האָט מען זיין פאָטער, משהלע מלמד, אַרויסגעוואָרפן פון חסידים־שטיבל.

די יוגנט אין גאַרוואָלין האָט דעם דאָזיקן קאַמף געפירט מיט ווירדע. ביסלעכווייז האָט די צייט געטאָן אירס: פרומע יידן האָבן זיך צוגעוווינט צום מצב און אָנגעהויבן קוקן אויף דעם אַלעם מיט אַנדערע אויגן. די יוגנט אין שטעטל ווערט אַ פאַקטאָר מיט וועלכן מען מוז זיך רעכענען. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אין יאָר 1927 האָבן שוין ביידע פּאַרטייען — דער „בונד" און די „פּועל"צ" — געוואַגט אַרויסצושטעלן אייגענע באַזונדערע ליסטעס צו די וואַלן צום שטאָטראַט. ביידע האָבן טאַקע אין יענער קאַדענץ דורכגעפירט צו איינצלנע מאַנדאַטן. דער שרייבער פון די שורות איז געווען דער קאַנדידאַט פון „בונד" און אברהם רובינגער — פון „פּועל"צ". כדאי צוצוגעבן, אַז דער פאַקט פונעם דורכפירן דורך דער יוגנט צוויי ראַטמענער צום שטאָטראַט האָט אויפגעהויבן איר פּרעסטיזש נישט בלויז ביי יידן, נאָר אויך ביי די גויים. בכלל איז עס געווען דער ערשטער פאַל אין שטעטל, אַז די יוגנט זאָל גיין צו די שטאָטראַט־וואַלן מיט אייגענע באַזונדערע ליסטעס. אגב, איז אין יענער צייט, אויף איינער פון די ערשטע זיצונגען, געשען אַ זאַך וואָס האָט אויפגערודערט אויסער גאַרוואָלין, אויך אַ גאַנצע ריי שטעטלעך אַרום גאַרוואָלין און געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין דער יידישער פּרעסע אין פּוילן: דער „היינט", „מאָמענט" און „פאָלקס־צייטונג" האָבן וועגן דעם געשריבן גרעסערע קאָרעספּאָנדענצן. ווי אַ דירעקטער אָנטיילנעמער אין דער דאָזיקער געשעעניש, בין איך געווען דער מחבר פון דער קאָרעספּאָנדענץ אין דער „פאָלקס־צייטונג" (וועגן דער געשעעניש גופא שרייב איך באַזונדער).

די וואַלן זענען פאָרגעקומען אין יוני 1927. די קאַדענץ איז געווען אויף 3 יאָר, ביז יוני 1930. צוליב פּערזענלעכע סיבות וואָס נישט דאָ איז דאָס אָרט וועגן דעם צו שרייבן (איך שרייב וועגן דעם אין מיין בוך „זכרונות פון מיין לעבן"), בין איך געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל נאָך פאַרן סוף פון דער קאַדענץ. ווינטער פון 1928/29 (דאָס יאָר פון גרויסע פרעסט) האָב איך פאַרלאָזט גאַרוואָלין און אַוועק קיין וואַרשע, לאָדזש און ווילנע. אַזוי־אַרום ווערט איבערגעריסן מיין טעטיקייט מיט דער יוגנט אין גאַרוואָלין.

דאָס בילד וואָלט נישט געווען גאַנץ, ווען איך זאָל צום סוף נישט דערמאָנען אויך די טעטיקייט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין גאַרוואָלין. אמת, כ'האָב מיט איר נישט געהאַט קיין מגע־ומשא, כ'געדענק דערפאַר וועגן איר כמעט גאָרנישט. אָבער דאָס נישט דערמאָנען זי וואָלט געקאָנט פאַרשטאַנען ווערן, אַז זי האָט אין גאַנצן נישט עקזיסטירט, אָדער אַז איך מייַד אויס צו דערמאָנען וועגן איר בכוונה תחילה. ביידע השערות וואָלטן געווען נישט קיין ריכטיקע. אויף וויפל איך דערמאָן זיך, איז דער קאָמוניסטישער איינפלוס אין גאַרוואָלין אין מיין צייט געווען זייער אַ שוואַכער, ער האָט כמעט זיך נישט אָנגעזען. אגב, האָבן אָנהייב 20־ער יאָרן פאַרלאָזט גאַרוואָלין דער רוב קאָמוניסטישע פירער. זיי זענען אַלע אַריבער אומלעגאַל קיין ראַטנפאַרבאַנד. צווישן אַנדערע פאַרגעדענק איך די נעמען פֿון מלך נתן שוחטס, יאַכטשע (יוכבד) יצחקל חיינעס, מאיר שלום ברוקאַזש מיט זיין קוזין באַטשע (ברוך). ביידע זין פון זלמן־יאָסל יעדוואַב, — הערשעלע און חיים. לייבוש אַמבאַראַס, אַ ברודער פון בערל אַמבאַראַס (געשטאָרבן מיט 2 יאָר צוריק בערך אין מאָסקווע). אפשר זאָל דאָס האָבן געווען די סיבה וואָס דער קאָמוניזם האָט צו יענער צייט צווישן דער יידישער יוגנט אין גאַרוואָלין קיין וואָרצלען נישט געשלאָגן? —

איך האָב זיך באַמיט צו געבן אַ קורצן איבערבליק פון דער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון דער יוגנט אין גאַרוואָלין אין פאַרלויף פון 12 יאָר — פון 1916 ביז 1928. 10 יאָר פון די 12 בין איך געווען איינער פון די וואָס האָבן געשפּילט אַ געוויסע ראָל אין דער געשטאַלטונג פון דער יידישער יוגנט אין שטעטל. כ'האָב ביים שרייבן באַמיט זיך צו זיין געטריי דעם אָביעקטיוון אמת און נאָכצוגיין טריט ביי טריט נאָכן זכרון, גלויבנדיק אַז ער פאַרראַט מיך נישט. צי איז עס מיר געלונגען? — ווייס איך נישט. זאָלן די וואָס געדענקען יענע תקופה זיין מיינע שופטים.

רשימת תורמים לקניית אדמה בארץ־ישראל בשנת תרע"ג (1913)




# חשבון

## הנדבות בערים שונות

### בערב יום הכפורים תרע"ג

### לטובת החברה לתמיכת בני ישראל עובדי אדמה ובעלי מלאכה בסוריא ובארץ הקדושה

## לקנית אדמה בארץ ישראל

**גארוואלין**
(פ. ביעדלעץ)
ע"י מ. בייסאן

| | ק. | ר. |
|---|---|---|
| ש. שחייצאר מטראטבעק | 50 | |
| הרב משה ראטער | 30 | |
| אייזיק ליכט | 30 | |
| י. מאקאטאד | 30 | |
| ח. י. גורפינקעל | 30 | |
| יהושע בלומענקאמפף | 30 | |
| רפאל גיטערמאן | 30 | |
| שלמה בלאנק | 30 | |
| מענדיל יום טוב | 30 | |
| דוד בלאנק | 30 | |
| העניך בורשטיין | 30 | |
| אשר פעדערמאן | 30 | |
| יצחק זילבערמאן | 30 | |
| משה מאקאטאוו | 30 | |
| שמחה יעדוואב | 30 | |
| יעקב שלום שווארץ | 30 | |
| טוביה קערשענבוים | 30 | |
| אלימלך גאכבערג | 30 | |
| מענדיל וואכמאן | 30 | |
| יוסף ראטער | 30 | |
| שלמה מאיר פרוושניאק | 30 | |
| ישראל פערקאל | 30 | |
| אברהם גרייצאר | 30 | |
| משה בייסאן | 30 | |
| משה וארשאווסקי | 30 | |
| גדליהו ברין | 30 | |
| יצחק ליב פרוושניאק | 30 | |
| שלמה יעדוואב | 25 | |
| שמואל דינער | 25 | |
| שלום זילבערמעל | 25 | |
| א. א. פינקעלשטיין | 25 | |
| משה אורבאך | 25 | |
| משה פירשטמאן | 25 | |

| | ק. | ר. |
|---|---|---|
| יוסף בלאנק | 25 | |
| אלימלך צוקערמאנטש | 25 | |
| חיים רובינשטיין | 20 | |
| נחמן קיפערגויס | 20 | |
| נעצח פערעלשטיין | 20 | |
| משה צבי סדיווקא | 20 | |
| ישראל יצחק וויגאנראד | 20 | |
| יהודה בער לובטיק | 20 | |
| הירש יעדוואב | 20 | |
| העניך ראמפארב | 20 | |
| אברהם אייביש סרגריה | 20 | |
| יקותיאל גומשמיד | 20 | |
| יעקב יעדוואב | 20 | |
| אליעזר בלאנק | 20 | |
| יעקב גאטפריד | 20 | |
| מענדיל וואסערנים | 20 | |
| אריה פינקעלשטיין | 20 | |
| אליהו בורשטיין | 20 | |
| אליעזר קיסערבוים | 20 | |
| משה פישמאן | 20 | |
| הירש יצחק בליווקע | 20 | |
| שלמה קיפערמאן | 20 | |
| יוסף קאפענבערג | 20 | |
| מ. הינך גורפינקעל | 20 | |
| נחמן אנגליסטער | 20 | |
| יהושע ליסטעק | 20 | |
| מיכל וויינבלום | 20 | |
| הירצקא גאטפריד | 20 | |
| מיכל קייזמאן | 20 | |
| חיים יהושע פייערשטיין | 20 | |
| מענדיל בערענהאלץ | 20 | |
| אברהם וואקשטיין | 20 | |
| בביהמ"ד ע"י ס. | | |
| מיקאצינסקי | | |
| נדבות קטנות | 46 | 1 |

| | ק. | ר. |
|---|---|---|
| בבית דחסידי קאלביעל | | |
| נדבות קטנות | 36 | |
| בבית דחסידי גער | | |
| נדבות קטנות | 43 | |
| בבית דחסידי פאריסאוו | | |
| נדבות קטנות | 23 | |
| בבית דחסידי גארוואלין | | |
| נדבות קטנות | 38 | |
| אברהם נאנאווער | — | 1 |
| אברהם פייגענבוים | 25 | |
| חסידי אלכסנדר | | |
| ע"י יוסף בליאם | | |
| נדבות קטנות | 70 | |
| יוסף בליאם | 30 | |
| משה אבפייער | 50 | |
| זילא טובי ראפאפארט | 30 | |

אַ ליסטע פון שפענדער פאר אויסלייזן ערד אין ארץ־ישראל
אין יאר תרע"ג (1913)

שיינדל לעווין / פאַריז

# מיינע קינדער יאָרן

## ס׳איז איין און פערציק יאָר ווי איך האָב פאַרלאָזט



מיין געבורט־שטעטל — גאַרוואָלין, דאָך שטייט עס מיר נאָך אַזוי בולט פאַר די אויגן; אָט זע איך דעם טייך מיטן קלאָרן, שאָרוועדיקן וואַסער; דאָס הילצערנע בריקל פון צוויי ברעטער, אַריבערצוגיין אויפן צווייטן ברעג טייך; די ברייטע פּאַשע־פעלדער; די ריינע, ברוקירטע געסלעך מיט נידעריקע הייזקעס... איך זע אויך דעם גרויסן מאַרקפּלאַץ מיט די קלייטן אַרום דעם שיינעם וואַרשעווער וועג, מיט די הויכע, צעצווייגטע ביימער פון ביידע זייטן זייגע, און די רחבותדיקע תבואה־פעלדער אַרום דעם שטעטל.

מיין היים האָט געהערט צו די נישט־פאַרמעגלעכע, אָבער בכבודיקע חסידישע היימען פונעם שטעטל. דער טאַטע מיינער איז געווען אַ גמרא־מלמד און געמאַכט אויך אַ ביסל קידוש־וויין צום פאַרקויפן. די מאַמע האָט צוגעהאָלפן צו דער פּרנסה — איז געשטאַנען אין די מאַרקטעג מיט אַ טישל קאָלירטע בענדער, שפּיצן און קאָפּטיכלעך פאַר פּויערטעס. אין די פרייע אָוונטן פלעגט די מאַמע אויך שטריקן סוועטערס פון פּויערישער וואָל, נאָר פון די אַלע פאַרדינסטן האָט קוים געסטייעט אויף אַ באַשיידן לעבן פאַר דער „משפּחה זאַלבע אַכט". ניט געקוקט אויף דעם, פלעגט דער טאַטע געבן אַ נדבה מיט דער ברייטער האַנט און געהעריק אויפנעמען אַ מענטשן. נישט זעלטן פלעגן קומען צו אונדז געסט — דעם טאַטנס פריינד אָדער קרובים.

יעדן שבת אין דער פרי, פאַרן דאַווענען, פלעגט קומען צום טאַטן אַ גרופּע חסידים, און ביי אַ גלעזל קאַווע שמועסן עטלעכע שעה חסידות... מיין מאַמע, וועלכע האָט אויך געשטאַמט פון אַ חסידישער היים, איז געווען שטאָלץ אויף איר מאַן און זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט אויף איר שווערן גורל. די צוויי עלטערע שוועסטער מיינע, רבקה און יאַכעט, האָבן אין שול נישט געלערנט. צו יענער צייט איז געווען אָנגענומען, אַז פאַר אַ יידיש מיידל איז גענוג צו קענען דאַווענען, לייענען דעם טייטש־חומש און שרייבן אַ יידיש בריוול — און דאָס האָבן מיינע שוועסטער אויך געלערנט. מיין עלטערער ברודער, נחמן, האָט געלערנט אין ישיבה. דער יינגערער — מאיר־שלום — אין תלמוד־תורה.

גאַרוואָלין איז געווען אַ שטעטל מיט אַ קליינער יידישער באַפעלקערונג. קיין פאַבריקן, אפילו גרעסערע וואַרשטאַטן זענען אין שטעטל נישט געווען. געווען אַ גאָר קליינער פּראָצענט באַלמעלאָכעס. דער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך באַשעפטיקט מיט קליינהאַנדל אויף די מערק. עס זענען אין גאַרוואָלין נישט געווען קיין יידישע אַרבעטער און אויך נישט קיין אינטעליגענץ. דערפאַר, קאָן זיין, איז דאָס שטעטל נאָך ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען שטאַרק צוריקגעשטאַנען, פאַנאַטיש־פרום, און עס האָט זיך דאָרט נישט געפילט נאָך די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אויפוואַכונג, וועלכע האָט צו יענער צייט געהאַט שוין באַ־



אַ גרופּע בונדיסטן אין גאַרוואָלין

הערשט די אַנדערע יידישע ישובים אין פּוילן. אָבער אַ טייל פון דער גאַרוואָלינער יוגנט האָט שוין דעמאָלט אין דער שטיל געבענקט נאָך וויסן און קולטור.

איצטער — האַרט פאַרן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — האָט אין לעבן פון דער יידישער יוגנט אין גאַר־וואָלין אַ סך זיך געענדערט — אַ דאַנק דער איינגעוואַנדערטער מלחמה־צייט אינטעליגענטער משפּחה האַכבערג און אַ דאַנק די צווייַ יינגע באַגאַבטע דרוקער־אַרבעטער אהרון גראָספּעלד און יעקב וואַלדבוים. געקומען זענען זיי פון וואַרשע, ווו עס האָט געהערשט הונגער, כדי איבערצולעבן די שלעכטע צייט אינעם שטעטל, ווו דאָס לעבן מלחמה צייט איז שטענדיק אַביסל לייכטער. איינע פון דער פאַמיליע האַכבערג, פריילין בערטע, האָט געעפנט אַ מיידל־שולע; עס האָבן באַלד זיך געפונען תלמידות, יינגערע און דערוואַקסענע. מיינע צוויי שוועסטערן, רבקה און יאַכעט, וועלכע האָבן צו יענער צייט שוין געאַרבעט און פאַרדינט האָבן אויך באַזוכט בערטעס שול.

אַחוץ לייענען און שרייבן, האָט מען אויך געלערנט ליטעראַטור. עס האָבן זיך געעפנט פאַר אונדז נייע וועלטן: ציוניזם, סאָציאַליזם. מיר האָבן אָנגעהויבן באַנעמען די פאַרשידענע ריכטונגען, וואָס האָבן שוין דעמאָלט באַאיינ־פלוסט דאָס יידישע לעבן אין פּוילן. אַ גרויסן חלק אין דער דאָזיקער אויפקלערונגס־אַרבעט, האָבן די שוין דערמאָנטע צוויי דרוקער־אַרבעטער גראָספּעלד און וואַלדבוים, וועלכע זענען קיין גאַרוואָלין געקומען שוין מיט אַ פאַרטיקן פּאָליטישן באַגאַזש...

אויף זייער איניציאַטיוו איז געשאַפן געוואָרן אַ יידישע ביבליאָטעק מיט אַ לייענזאַל. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעטאָן אין דער שטיל, דער רב און די פרומע יידן זאָלן נישט שטערן...

צו לאַנג האָט עס אָבער קיין סוד נישט געקאָנט פאַר־בלייבן. ס׳איז שנעל דערגאַנגען צו דער עפנטלעכקייט. דער רב און די חסידישע עלטערן האָבן דאָס איבערגעלעבט טראַגיש... אינעם צונויפקום פון יינגלעך מיט מיידלעך, אינעם לייענען ביכער האָבן זיי איינגעזען מעשה־שטן, וואָס פירט אַראָפּ פון גלייכן וועג און וועט אין ס״ה ברענגען אומגליק אויף דער שטאָט. זיי האָבן געפּרוּווט מיט אַלע מיטלען שטערן די דאָזיקע אַנטוויקלונג. דאָס האָט אָבער געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג. די יוגנט האָט זיך מער נישט געוואָלט אומקערן צום פרומען פאַנאַטיזם: וואָס מער שטערונגען מצד דעם על־טערן דור, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן דער דראַנג צום וויסן, און אַלץ אַ גרעסערער טייל פון דער יוגנט האָט אָנגעהויבן באַזוכן דעם לייענזאַל.

מיט דער צייט האָט זיך געעפנט אַ גרויסער קלוב און אַ קולטור־פאַראיין. ביסלעכווייז פאַרלאָזט די יוגנט די חסי־דים־שטיבלעך און פילט אָן די קלובן, אין וועלכע ס׳ווערן געהאַלטן רעפעראַטן וועגן ציוניזם, בונדיזם און קולטור־געשיכטע.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען זעקס — זיבן יאָר. די בעסטע חברטע מיינע איז דעמאָלט געווען מיין שוועסטער, ריינע; זי איז געווען מיט צוויי יאָר עלטער פון מיר. ווען זי האָט אָנגעהויבן גיין צו בערטע אין שול, איז מיר געוואָרן שטאַרק אומעטיק, כ׳בין געבליבן גאַנצע טעג אין שטוב — אָן אַ חברטע. כ׳האָב אָנגעהויבן בעטן, וויינען, מען זאָל אויך מיך שיקן אין שול צוזאַמען מיט ריינען. די היים האָט סוף־כל־סוף נאָכגעגעבן. כ׳האָב אָנגעהויבן גיין אין שול און געלערנט מיט גרויס חשק.

אַחוץ לייענען און שרייבן, האָבן מיר אויך געלערנט זינגען, דעקלאַמירן און טאַנצן. די לערערין האָט אונדז צו־געגרייט צו עפנטלעכע אַרויסטריטן.

דער ערשטער אויפטריט אונדזערער איז פאָרגעקומען אום חול־המועד־פּסח. דער קאָנצערט איז דורך מיט גרויס דערפאָלג. דער פרייד אונדזערער איז אָבער נישט באַשערט געווען קיין אַריכת־ימים. דעם זעלבן פּסח איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט גורם געווען דאָס איבעררייסן מיין לערנען ביי בערטען און געמאַכט אַ סוף צו מיין חלום וועגן בילדונג. צומאָרגנס נאָכן קאָנצערט האָט בערטע אַרויסגעטראָגן אַ ברויט פון אַ קריסטלעך געוועלב פאַר די אויגן פונעם גאַנצן שטעטל יידן. אין „קלייניקייט״: חמץ אום פּסח!... די דאָזיקע ידיעה האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן שטעטל מיט דער שנעל־קייט פון אַ בליץ...

דער דאָזיקער נאַרישער פעלער מצד בערטען, האָט אויפ־גערודערט דאָס שטעטל און געטראָפן שווער אין די געמיטער פונעם רוב יידן אין גאַרוואָלין. אונדזערע עלטערן האָבן אונדז נישט דערלויבט מער צו גיין אין שול צו בערטען.

איינע פון די בעסטע אויפטוען, וואָס איז דערמעגלעכט געוואָרן אַ דאַנק דער נאָכמלחמהדיקער אַמעריקאַנער הילף, איז געווען דאָס שאַפן פון דער מיידלשול פאַר קינדער פון נישט־פאַרמעגלעכע עלטערן. איך און ריינע האָבן אויך געלערנט אין דער שול. די לערערין, פריילין פרידמאַן, איז געווען אַן אידעאַלע לערערין. זי האָט אונדז אַלע שטאַרק ליב געהאַט און זיך באַמיט מיר זאָלן זיין זאַט: מיר פלעגן באַקומען צוויי מאָלצייטן טעגלעך; געמאַכט שפּאַצירן אויף דער פרייער לופט; איינגעאָרדנט קינדער־פאַרוויילונגען; אַ קינדער־ביב־ליאָטעק. זי האָט געטאָן אַלץ, כדי צו פאַרשאַפן אונדז אַביסל פרייד — דאָס וואָס אונדז האָט געפעלט אין אונדזערע אָרעמע היימען.

ליידער האָט אויך די שול עקזיסטירט נישט צו לאַנג. כ׳געדענק נישט גענוי ווי לאַנג, כ׳געדענק אָבער די געזעגענונג מיט דער לערערין. ס׳איז געווען אָנהייב זומער־וואַקאַציעס. די לערערין האָט זיך געגרייט צו פאָרן צו אירע עלטערן קיין וואַרשע. אַ גרופּע קינדער איז אַוועק צו דער לאָנקע אַרום דעם טייך און דאָרט אויפגעקליבן אַ גרויסן בינט בלויע בלימלעך: „פאַרגעס מיך ניט״ — האָט מען די בלומען גערופן: אָפּגעוואַרט די לערערין ביי דער דראָזשקע, וואָס האָט געפירט צום באַן, און ביים געבן איר דעם בלומען־בינט — געזאָגט:

— לערערין, „פאַרגעס אונדז נישט״... די לערערין האָט אונדז אַלע געקושט און מיט טרערן אין די אויגן פאַרזיכערט:

— מיינע טייערע קינדער, איך וועל אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!...

איך גלויב, אַז זי האָט אונדז טאַקע נישט פאַרגעסן, פּונקט ווי מיר האָבן זי נישט פאַרגעסן. אָבער קיין גאַרוואָלין איז זי מער נישט געקומען. — ס׳האָט אויסגעבראָכן די פּויליש־באָלשע־וויסטישע מלחמה און די שול האָט זיך מער ניט געעפנט.

אין יענער תקופה האָבן אויך די יוגנט־קלובן זיך געש־לאָסן. אָבער די יוגנט האָט נישט אויפגעגעבן איר טעטיקייט און אָפּגעהאַלטן אירע קרייזן אין געהיים. די יוגנט פלעגט זיך צונויפקומען אויף דיסקוסיעס און באַראַטונגען. ווען די באָלשעוויקעס האָבן פאַרנומען גאַרוואָלין און דורכגעפירט אויפן גרויסן מאַרק־פּלאַץ דעם ערשטן מיטינג, איז אַ גרויסע צאָל יוגנט געקומען צום מיטינג און ענטוזיאַסטיש באַגריסט די באָלשעוויסטישע רעדנער. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט אויפגעוועקט ביי די פּויליש־פּאַטריאָטישע אַנטיסעמיטן גרויס

צאָרן און בעת די באָלשעוויקעס זענען געצוווּנגען געוואָרן צו פאַרלאָזן גאַרוואָלין, האָבן זיי זיך נוקם געווען אין דער יידישער יוגנט. צו קיין בלוט־פאַרגיסונג איז נישט געקומען; זיי האָבן בלויז אַרעסטירט אַ טייל יוגנט; צווישן זיי — אויך מיינע שוועסטערן, רבקה און יאַכעט.

דער אַרעסט פון מיינע שוועסטערן האָט אָנגעטראָגן אין אונדזער שטוב אַ שרעקלעכן אומרו. דאָס פוילישע געריכט פלעגט דעמאָלט אַרויסגעבן טויט־אורטיילן, אָן שום באַווייזן — און זיי פלעגן אויך אויסגעפירט ווערן. דער טאַטע האָט נערוועז געשפּאַנט איבער דער שטוב. די מאַמע האָט נישט געקאָנט איינזיצן און מיט פאַרוויינטע אויגן אַרומגעלאָפן איבערן שטעטל, מיט דער קנאַפּער האָפענונג צו דערוויסן זיך עפּעס וועגן די שוועסטערן. איך און ריינע האָבן זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל און געוויינט.

די אַרעסטירטע האָט מען אין גאַרוואָלין נישט געהאַלטן, מען האָט זיי פאַרשיקט, און קיינער האָט נישט געוווּסט וווּהין. נאָך עטלעכע וואָכן איז אַ טייל פון די אַרעסטירטע באַפרייט געוואָרן. מיינע צוויי שוועסטערן, מיט נאָך איינעם אַ יונגן בחור, שמואל הירש מאַקאַטאָוו, האָט מען אָפּגעשיקט אינעם לאַגער פאַר פּאָליטיש־אַרעסטירטע און קריגס־געפאַנגענע אין דאָמביע, ביי קראָקע, און ערשט פון דאָרט האָבן מיר באַקומען פון זיי דעם ערשטן באַרויקונגס־בריוו.

נאָכן דערהאַלטן דעם בריוו האָט די מאַמע נישט גערוט. זי האָט גלייך גענומען זיך גרייטן צו פאָרן אויף אַ זעונג מיט די קינדער. זי האָט אָנגעשריבן אַ בקשה צו דער מאַכט, פאַרזען מיט עטלעכע צענדליק אונטערשריפטן פון אָנגעזעענע בירגער פון שטאָט, וועלכע האָבן באַשטעטיקט, אַז מיינע שוועסטער זענען שטילע, אָרנטלעכע קינדער און אַז זיי זענען אין גאַרנישט נישט שולדיק. די מאַמע האָט געבעטן מען זאָל זיי באַפרייען.

אין ביוראָ פונעם לאַגער האָט מען ביי איר אָנגענומען די בקשה, אויך דאָס שפּייזפּעקל, דערלויבט איר אַ זעונג מיט די קינדער, נאָר באַפרייט האָט מען זיי נישט. זיי זענען פאַרבליבן אינטערנירט ביז נאָך דער קריג.

✶

די פוילישע פאָלקס־שולן אין גאַרוואָלין, וואָס האָבן זיך געגרינדעט גלייך נאָך דער מלחמה, האָבן קיין יידישע קינדער נישט אָנגענומען. דער תירוץ — קריסטלעכע עלטערן ווילן ניט זייערע קינדער זאָלן זיך לערנען צוזאַמען מיט יידישע קינדער. געוויסע אויסנאַמען, פאַר קינדער מיט גרויס פּראָטעקציע, זענען יאָ געמאַכט געוואָרן. אַ גרעסערע גרופּע מיידלעך, אין עלטער פון 10 יאָר, האָט זיך צוזאַמענגערעדט און אַוועק צום שול־אינספּעקטאָר וועגן אַ שול פאַר אונדז. עס האָט אונדז אויפגענומען דער סעקרעטאַר. נאָכן אויסהערן אונדזער בקשה, האָט ער צוגעזאָגט צו עפענען אין שול אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר יידישע קינדער. ער האָט געהאַלטן וואָרט, אַזאַ אָפּטיילונג איז טאַקע געעפנט געוואָרן. עטלעכע יאָר האָבן מיר, יידישע קינדער, געלערנט באַזונדער. שפּעטער האָט מען אונדז צוזאַמענגעגרופּירט מיט די קריסטלעכע קינדער.

מיין שוועסטער און חברטע, ריינע, איז אין שול מער נישט געגאַנגען, זי האָט געהאָלפן דער מאַמען שטריקן סוועטערס און אַ צייט זיך געלערנט ביי אַ פּריוואַטן לערער. די עלטערע שוועסטערס, נאָכן באַפרייען זיך פון לאַגער, זענען לאַנג אין גאַרוואָלין נישט געזעסן. זיי זענען אַוועק קיין וואַרשע, ווו זיי האָבן געאַרבעט שניידעריי. רבקה האָט געאַרבעט ביי דאַמען־מאַנטלען, געקומען אויף בונדישע גרופּעס און מיטגעאַרבעט אַ סך יאָרן מיט דער פאַך־קאַמיסיע פון דאַמען באַקלייד, יאַכעט האָט געאַרבעט ביי קליידער. שטאַרק באַאיינפלוסט פון די קאָמוניסטן, איז זי אין יאָר 1922 אַוועק קיין רוסלאַנד. די ערשטע צייט האָט זי דאָרט געאַרבעט אין אַ פאַבריק, נאָך דער אַרבעט האָט זי באַזוכט קורסן. אַ דאַנק איר ענערגיע און באַזונדערער פעיקייט צום לערנען, האָט זי אין אַ קורצער צייט דורכגעמאַכט אַ מיטלשול און אַן אינזשעניערן־אינסטיטוט. זי האָט באַקומען אַ סטיפּענדיע און אין גאַנצן זיך געווידמעט דער לערע. איר חלום האָט זיך פאַרווירקלעכט. זי האָט געענדיקט אַלס אינזשינער, זיך איינגעאָרדנט אויף אַרבעט אין אַ גרויסער מאָסקווער אַוויאַן־פאַבריק, געהייראַט מיט אַן אינטערעסאַנטן מאַן און געהאַט אַ גראַטן טעכטערל. ביזן טרויעריק־באַרימטן 37־טן יאָר געהערט זי צו דער העכערער געזעלשאַפט פון מאָסקווע. אין יענעם יאָר ווערט זי אַרעסטירט




**די דלוגע גאַס**
**אין גאַרוואָלין**

און פֿאַרשיקט אין די שקלאַפֿן־לאַגערן פֿון סיביר. אויך איר טעכטערל ווערט פֿאַרשיקט אין אַ קינדער־לאַגער. די גאַנצע משפּחה איז דאָרט אומגעקומען. דעם זעלבן גורל האָט אויך געטיילט אַ צווייטע גרופּע גאַרוואָלינער, וועלכע איז אין דער זעלבער צייט וואָס יאָכעט אַוועק קיין רוסלאַנד, מיטן טיפֿן גלויבן צו געפֿינען דאָרט אַ מער־יושרדיק און שענער לעבן.

מיין דריטע שוועסטער, ריינע, מיט איר אומרויִקן כאַראַקטער האָט אויך נישט געקאָנט זיך אָפּגעפֿינען אין דער שטרענג־ חסידישער היים פֿונעם שטעטל. זי האָט זיך אויסגעלערנט אַביסל נייען און אַוועק קיין וואַרשע, ווו זי האָט געאַרבעט ביי דאַמען־מאַנטלען, פֿאַרקערט צווישן דער קאָמוניסטישער יוגנט, אָבער דאָס שווערע לעבן אָן אַ היים, האָט זי ווייט נישט באַפֿרידיקט. זי שרייבט זיך דורך מיט יאָכעטן, באַקומט פֿון איר אַרויספֿאָדערונגס־פּאַפּירן, און גרייט זיך צו פֿאָרן קיין ראַטנפֿאַרבאַנד, ווו זי האָפֿט צו געפֿינען מעגלעכקייטן זיך צו לערנען. איר פּלוצלינגער און טראַגישער טויט, רייסט איבער איר טרוים. סוף זומער 1926, גייענדיק אין אַ רעגנדיקן פֿרימאָרגן צו דער אַרבעט, ווערט זי געטראָפֿן פֿון אַ שטיק געזימס, וואָס פֿאַלט אַראָפּ פֿון אַ מויער און ווערט געהרגעט. דער דאָזיקער טראַגישער טויט אירער האָט זייער ווייטיקלעך געטראָפֿן די גאַנצע משפּחה.

דער איינציקער פֿון אונדזער שטוב, וואָס איז נישט באַאיינפֿלוסט געוואָרן פֿון די נייע שטרעמונגען אין יידישן לעבן, איז געווען מיין עלטסטער ברודער, נחמן. ער איז פֿאַרבליבן אַ פֿרומער, חסידישער יונגערמאַן, האָט חתונה געהאַט אין וואַרשע און געצויגן חיונה פֿאַר זיין הויזגעזינד פֿון אַ קליין שפּייז־געוועלבל. ער האָט געלעבט ערלעך, פֿרום און באַשיידן. דער ייִנגערער ברודער מאיר־שלום, איז אָנגעגאַנגען פֿאַר אַ פֿרומען בחור, געדאַווענט, געלערנט אַ בלאַט גמרא, אין געהיים אָבער, לייענט ער ביכער, קומט אויף פֿאַרלעזונגען און איז אונטער דער השפּעה פֿון ציוניזם...

ביז מיין אַוועק פֿון גאַרוואָלין, האָב איך געלערנט אין שול. כ׳האָב ליב געהאַט דאָס שטעטל און די שיינע אַרומיקע לאַנדשאַפֿט. די זומער־וואַקאַציעס פֿלעגן מיר, מיט מיינע חברטעס, פֿאַרברענגען אויף דער פֿרייער לופֿט אויסער דעם שטעטל: ביי דער מיל; אויף די פּאַשע־פֿעלדער אַרום דעם שטעטל און אין נאָענטן וועלדל. כ׳האָב אויך ליב געהאַט אין די פֿריע אָוונטן צו שפּאַצירן אויפֿן שיינעם וואַרשעווער וועג, און זיך אַנטציקן מיט די ווונדערלעכע סוף־זומערדיקע שקיעות, מיט דער סודותדיקער שטילקייט פֿון דער אַרומיקער נאַטור. כ׳האָב זיך געלערנט נישט שלעכט און געהאַט באַשלאָסן, נישט געקוקט אויפֿן שווערן אָרעמען לעבן אין מיין היים, צו פֿאַרענדיקן די פֿאָלקסשול און צו מאַכן באַמיִונגען צו לערנען ווייטער. זייענדיק שוין אין 7־טן קלאַס איז מיין באַשלוס צעשטערט געוואָרן. דער טאַטע איז שוין אַ לענגערע צייט נישט געהאַט געווען אין דער היים. נישט קאָנענדיק געפֿינען קיין פּאַסיק מלומדות אין גאַרוואָלין, איז ער אַוועק קיין פֿאַלעניץ, ווו עס האָט געלעבט אַ גרעסערער חסידישער עולם, און ס׳איז אים געלונגען צוזאַמענצושטעלן אַ מלומדות פֿון אַ גרעסערער גרופּע ייִנגלעך. נאָך אַ געוויסער צייט האָט ער געדונגען אַ וווינונג. אַהיימקומענדיק אַמאָל אויף אַ שבת, האָט ער געבעטן דער מאַמען זי זאָל זען וואָס שנעלער זיך אַריבערצוציִען קיין פֿאַלעניץ. ס׳איז אים נמאס געוואָרן די איינזאַמקייט. דער באַשלוס צו פֿאַרלאָזן גאַרוואָלין האָט געטראָפֿן באַזונדערס מיך. ס׳איז מיר שווער געווען איבערצורייסן די לערע אין לעצטן שול־יאָר, ווען דאָס לערנען איז אינטערעסאַנט. ס׳איז מיר אויך אַ שאָד געווען זיך אָפּצורייסן פֿון מיינע שול־חברטעס, מיט וועלכע כ׳האָב זיך געהאַט גוט איינגעלעבט. דער גורל איז אָבער שטענדיק שטאַרקער. די לערער און די חברטעס האָבן שטאַרק באַדויערט מיין אַוועקפֿאָרן. כדי מיך געהעריק צו געזעגענען, האָבן מיינע יידישע שול־חברטעס מיר איינגעאָרדנט אַ געזעגענונגס־אָוונט אין דער היים פֿון מיינער אַ פֿאַרמעגלעכער חברטע. ביי אַ שיין־געדעקטן טיש, האָב איך פֿאַרבראַכט מיט מיינע חברטעס דעם לעצטן אָוונט מיינעם אין גאַרוואָלין.

צומאָרגנס, נאָכן געזעגענונגס־באַנקעט. בין איך נאָך אַוועק אין שול געזעגענען זיך מיט די לערער און מיט דער שולבאַנק. פֿון דאָרט בין איך אַוועק צום טייך. ס׳איז געשטאַנען אַ שיינער, זוניקער האַרבסטאָג. די ביימער — האַלבנאַקעטע — האָבן מיט באַדויער אַראָפּגעקוקט צו די זיך־וואַלגערנדיקע אַרום זיי געלע, פֿאַרוויאַנעטע בלעטער. כ׳האָב אַ ווײַלע אַריינגעקוקט אין רוישיקן וואַסער, געכאַפּט אַ בליק אויף דעם בריקל, אויף דער מיל, און אויף די ברייטע פּאַשע־פֿעלדער פֿון דער צווייטער זייט טייך און זיך אומגעקערט אַ היים, ווו ס׳האָט שוין געוואַרט די פֿור מיטן אָרעמען ביסל ווירטשאַפֿט אונדזערן פֿאַרן טויער. כ׳בין אַריין אין הויף, ווו די מאַמע און מאיר־שלום האָבן געוואַרט אויף מיר. כ׳האָב זיך געזעגנט מיט די שכנים און מיר האָבן זיך געלאָזן נאָך דער פֿור. מיר זענען דורך דעם מאַרק־פּלאַץ. מיין האַרץ, מיין געמיט, מיין גאַנץ וועזן האָט אויפֿגעציטערט מיט אַ מאָדנער בענקשאַפֿט. מיר זענען צוגעקומען צום וואַרשעווער וועג, ווו די פֿור האָט אויף אונדז שוין געוואַרט. אויפֿן וועג שוין, האָב איך אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו געבן אַ לעצטן בליק אויף מיין געבורט־שטעטל, אויף די ברייט צעאַקערטע פֿעלדער, אויף די הויכע נאַקעטע ביימער און געלאָזן זיך אַוועקפֿירן פֿון מיין שטעטל גאַרוואָלין קיין פֿאַלעניץ, ווו מיינע עלטערן, מיין ברודער, נחמן, מיט זיין פֿרוי און 4 קינדערלעך האָבן מיט יאָרן שפּעטער דורכגעמאַכט דעם וועג פֿונעם גרויזאַמען טויט — דעם וועג פֿון די זעקס מיליאָן יידן...

פֿאַריז, דעם 17־טן דעצעמבער 1966.

ביכער זענען נישטאָ אין דער היים, זענען זיי אוודאי דאָרט...

אָבער דאָס אַלץ איז געווען, אַזוי צו זאָגן, נאָך פאַר „מתן תורה", נאָך פאַר דער גרינדונג פון דער ביבליאָטעק. מען דאַרף נאָך צוגעבן, אַז אברהם וואָדקעס פאָטער, נתן קאַמאַשנ־מאַכער, איז געווען אַ ייד אַ משכיל און האָט אַליין געלייענט צייטונגען, זשורנאַלן און אויך ביכער.

## די גרינדונג פון דער ערשטער ביבליאָטעק אין גאַרוואָלין

מיין ערשט בוך, וואָס איך האָב איבערגעלייענט, און וואָס האָט געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן רושם, איז געווען „אבן נגף" פון יעקב דינעזאָן. איבעריק צו זאָגן, אַז דאָס דאָזיקע ווערק האָט געעפנט פאַר מיר „נייע האָריזאָנטן". אַחוץ דאָס שטאַרקע ליבע־געפיל, וואָס באַווירקט באַזונדערס יונגע מענטשן, האָט דער גורל פון דער „שיינער רחלע" אָנגעשפּאַנט אונדזערע חושים צום גורל פון מענטש... אַזוי האָט זיך געשאַפן דער דראַנג צום לייענען. אונטערן איינפלוס פון די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען פון דער צייט, פון די סאָציאַלע שפּאַנונגען, האָט די יוגנט זיך אָרגאַניזירט: ס'זענען געוואָרן גערופן געהיימע פאַרזאַמלונגען; מ'האָט געזאַמלט געלט אויף ביכער. דאָס אַלץ איז נישט צוגעגאַנגען אַזוי לייכט. נאָך איידער די ביבליאָטעק האָט זיך געעפנט, האָבן זיך שוין געהאַט געשאַפן צוויי לאַגערן. דער באַלעבאַטישער יוגנט איז נישט אָנגעשטאַנען דער שותפות מיט דער אַרבעטער־יוגנט. די אַרבעטער־יוגנט ווידער, איז געווען צו קליין אין צאָל צו קאָנען עס טאָן אַליין. קיין פאַבריקן, ווי געזאָגט, זענען אין שטאָט נישט געווען. געווען נאָר האַנטווערקער — און זייערע קינדער זענען עס געווען די אַרבעטער־יוגנט. געווען אויך געזעלן, אָבער זייער ווייניק. דער רוב האַנט־ווערקער האָט געאַרבעט מיט אייגענע קינדער. די באַלע־באַטישע יוגנט האָט געשטרעבט צו שאַפן אַן אייגענע ביבליאָ־טעק. דעם פאַרשלאַג, וואָס איז מיר געמאַכט געוואָרן דורך חנה ראָטפאַרב (׳חנה סימע־לאַה׳ס) וועגן מיין צושטיין צו דער באַלעבאַטישער יוגנט, האָב איך אָפּגעוואָרפן מיטן מאָטיוו: „אויב די יוגנט איז פאַקטיש פאַראינטערעסירט אין דער גרינדונג פון אַ ביבליאָטעק, טאָר זי נישט צולאָזן צו קיין שפּאַלטונג. די אויפגאַבע איז נישט אַזאַ לייכטע, ווי מען שטעלט זיך עס פאָר". מיין איראָניע וועגן דער „העכערער אינטעליגענץ" (חנה׳ס אויסדרוק) האָט זי אַביסל צעטומלט. דאָך האָט זי זיי מיר אויסגערעכנט: „יאָסל גאָלדבערג, יאָסל בלאָס, לייזער פוקס מיידלעך, די זילבערשפּאַרנס, נחמה בלאַנק, נחמה בלאָס, משה־הערש (דעם שמש׳ס זון) א״אנד. צו קיין שפּאַלטונג איז דערוויל נישט געקומען. מ׳האָט בהדרגה איינגעקויפט ביכער. ס׳איז געלונגען צו דינגען אַ צימער, איינצוקויפן די נייטיקע מעבל און די ביבליאָטעק איז געוואָרן אַ פאַקט.

די דערעפענונג איז פאָרגעקומען אין אַ שבת. די ערשטע געוואָגטע פון די מיידלעך אַריבערצוטרעטן די שוועל פון דער געגרינדעטער ביבליאָטעק זענען געווען: רבקה יצחקל כיינעס און מרים האַכבערג. מיר האָבן זיך אַריינגעכאַפּט בגנבה, אַרומקוקנדיק זיך פריער, צי ס׳זעט נישט ווער. אַ פאָר טעג שפּעטער אין אויך געקומען מיין שוועסטער, יאָכטשע. אין שטוב האָט מען נישט געטאָרט וויסן, אַז מיר קומען אין „טומאהלע" אַריין. (אַזוי האָט דאָס שטעטל גערופן די ביבליאָטעק). אין גאַרוואָלין האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל אַרום די „יונגען מיט די מיידן". אין איינעם אַ שבת, ביים טיש, האָט דער טאַטע מיר אַ זאָג געטאָן:

— רבקה, כ׳בעט דיך זאָלסט זיך נישט מישן מיט דער "חברה"; אַז איך דאַרף עס דיר בלויז זאָגן, איז מיר אויך שוין גענוג...

ס׳איז מיר, אמת, געווען אַ גרויס רחמנות אויפן טאַטן, אָבער העלפן אים האָב איך, ליידער, נישט געקענט. איך האָב שוין דעמאָלט געאַרבעט און פאַרדינט — און אין שטעטל זענען אָנגעגאַנגען גרויסע קאַמפן צווישן די קינדער און עלטערן. באַזונדערס שטאַרק האָבן געליטן פון דעם מיינע



אַ גרופּע געזעלשאַפטלעכע טוער אין גאַרוואָלין

עלטערן. איין מאָל אין אַ פאַרנאַכט, אויסהערנדיק די קללות און חרמות אויפן „טומאַהלע״ מצד די שכנישע ווייבער, איז מיין מוטער איינגעפאַלן צו זעען אויב אירע מיידלעך זענען נישט דאָרטן; און זי איז טאַקע געגאַנגען. בעתן אַריינקומען האָט זי קיינער נישט באַמערקט, מחמת אַלע זענען געזעסן אַרום טיש און געליינט. די ערשטע האָט מיין מוטער דערזען יאַכטשען. אָן אַ וואָרט אויסצורעדן, איז זי צו איר צו און דערלאַנגט איר צוויי הילכיקע פעטש, אינעם אַנטשטאַנענעם טומל, האָט מיין מוטער דערזען אויך מיך:

— רבקה, איך זע אויך דיך! — האָט זי איינגאַנצן געציטערט... מיר זענען אַלע דריי אַהיימגעגאַנגען.

צומאָרגנס, האָט די מאַמע באַוווּנדערט די שטילקייט, וואָס הערשט אין דער ביבליאָטעק:

— יעדער זיצט אַ פאַרטיפטער אין זיין בוך. וואָלטן עס נאָר נישט געווען קיין אַפּיקורסישע ביכער... — האָט זי טיף אָפּגעזיפצט.

מיט דער צייט איז געוואַקסן די צאָל יוגנט. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ קולטור־טעטיקייט. מען האָט געליינט און באַהאַנדלט אויף עפנטלעכע פאָרומס די געליינענטע ביכער. מ׳האָט צוגעקויפט נייע ביכער, צייטונגען און פאַר־שידענע זשורנאַלן. פון די ערשטע צו נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעט איז געווען אברהם וואַדקע. ס׳איז געפירט געוואָרן אַ באמת שיינע קולטור־אַרבעט. זייער פיל האָט אונדז געהאָלפן דאָס געקומענע פון וואַרשע פאָרפאָלק האַכבערג. ווי אינטעליגענטן (ער — אַן אינזשעניער־עלעקט־ריק, זי — אַ לערערין), האָבן זיי אונדז געהאָלפן נישט נאָר בלויז מיט לעקציעס פון ליטעראַטור, נאַטור־וויסנשאַפט און פּויליש, נאָר אַריינגענומען אונדז אין זייער וווינונג, נאָכדעם ווי דער קריסטלעכער ווירט האָט אויף דער אינטערווענץ פון אונדזערע עלטערן אונדז אָפּגעזאָגט די דירה.

מיר האָבן איינגעאָרדנט א״ג „קעסטל־אָוונטן״, אַראָפּ־געבערענגט פון צייט צו צייט באַקאַנטע פּרעלעגענטן. אַזוי האָבן מיר צום ערשטן רעפעראַט געבערענגט דעם בקאַנטן רעליגיעזן דענקער, דעם שפּעטערדיקן קדוש, הלל צייטלין הי״ד. צו זיין רעפעראַט איז געקומען אַ גרויסער עולם. ער האָט גערעדט אויף אַ יידיש־געשיכטלעכער טעמע און געהאַט גרויס דערפאָלג. פאַר די שטעטלשע פאַנאַטיקער איז אָבער אויך ער געווען אַן אַפּיקורס. די באַגאַבטע אומאַ לעוואָנטאַל (יצחק פעלדשערס טאָכטער) מיט איר חתן, משה לעוואָנטאַל, האָבן אונדז געהאָלפן שאַפן אַ דראַמאַטישן קרייז. אויך רויזע ניימאַן האט אָנטייל גענומען אין דראַמאַטישן קרייז. עס האָבן נאָך מיטגעאַרבעט מיט אונדזער דראַמקרייז בערל אַמבאַראַס און זיין פריינד פון וואַרשע, מייזלמאַן, בערלס פרוי און שוועסטער, משה־יחיאל פייגנבוים, אהרן און מרים האַכבערג און יאַכטשע לעווין. שפּעטער, ווען די האַכבערגס זענען אַוועק צוריק קיין וואַרשע, האָבן מיר איבערגענומען זייער גאַנצע וווינונג און די אַרבעט האָט זיך געפירט נאָך בעסער.

דער באַלעבאַטישער טייל פון דער יוגנט האָט נאָך אַלץ נישט געקענט משלים זיין מיט דער צוזאַמענאַרבעט מיט דער אַרבעטער־יוגנט, וועלכע איז שוין דעמאָלט געווען אַ מערהייט אין דער ביבליאָטעק. אויסער דעם, זענען מיר געווען „בונ־דיש״ געשטימט, און דאָס איז דאָך אַוודאַי געווען אַ פּסול. אין איינעם אַ טאָג, בעת מיר זענען געקומען אין ביבליאָטעק, האָבן מיר געטראָפן די פּאָליצעס ליידיקע, אָן ביכער. פונעם באַלעבאָס האָבן מיר זיך אויך דערוווּסט, אַז זיי, די באַלע־באַטישע חברה, גייען זיך עפענען אַ קולטור־פאַראיין און דאָס אַרויסגנבענען די ביכער האָבן זיי באַטראַכט פאַר זייער ערשטער טעטיקייט. מיר האָבן עס שטאַרק איבערגעלעבט. אין שטעטל האָט זיך גערודערט פון דער גנבה. חוץ מזה האָבן זיי איינגערעדט דעם באַלעבאָס, אַז צוליב אונדזער אָרעמקייט וועלן מיר נישט האָבן אויף צו צאָלן קיין דירה־געלט. זיי האָבן אים נאָך אָנגעבאָטן פאַרן לאָקאַל אַ טאָפּלטן פּרייז. פאַר עטלעכע חדשים האָבן מיר שוין געהאַט באַצאָלט אַפּריער. שפּעטער האָט דער ווירט אונדז געמאָלדן, אַז ער וויל טאַקע טאָפּלט דירה־געלט, און אַ גאַנץ יאָר פאָראויס. די דאָזיקע פאָדערונגען האָבן מיר שוין נישט געקאָנט נאָכקומען און קיין אַנדערע דירה האָבן מיר אויך נישט באַקומען. אַזוי איז ליקווידירט געוואָרן די ערשטע יידישע „פאָלקס־ביבליאָטעק״. זיי האָבן טאַקע מיט די גנבהשע ביכער געשאַפן אַן א״ג „קולטור־פאַראיין״. מיר האָבן אָנגעהויבן פירן אונדזער אַרבעט אין פּריוואַטע שטובן; אַ מאָל ביי אהרן גראָספעלד, אַ מאָל ביים גניעוואָשאָווער שוסטער אין שטוב. זומער, פלעגן מיר זיך צוזאַמענקומען הינטער דער שטאָט. יאַנקל וואַלדבוים, וועלכער האָט געהערט צום „קולטור־פאַראיין״, פלעגט אונדז צורעדן צו ווערן דאָרט מיטגלידער. מיר האָבן נישט פאַר־שטאַנען: ווילן זיי אונדז ווידער, צו וואָס האָבן זיי זיך אָפּגעריסן פון דער „פאָלקס־ביבליאָטעק״? מיר האָבן געגעבן אונדזער הסכמה זיך אָנצושליסן ווי אַ גרופּע. אויף דעם האָבן זיי נישט מסכים געווען. זיי האָבן מורא געהאַט ווידער צו בלייבן אין אַ מינדערהייט. זיי האָבן אונדז פאָרגעלייגט אָנצו־געבן אינדיווידועלע דעקלאַראַציעס. אַזוי אַרום האָבן זיי געמיינט אָנצונעמען דעם אַקטיווערן טייל און די איבעריקע — אָפּוואַרפן. נאָך אַ צייט, האָבן מיר אויך דעם באַדינג אָקצעפּטירט. מיר האָבן אונדזער אַרבעט געפירט ווייטער, אָנגעבנדיק גלייכצייטיק דעקלאַראַציעס אין „קולטור־פאַראיין״. ווי ס׳איז געווען פאָראויסגעזען, האָבן זיי אָנגענומען נישט אַלע... שפּעטער, ווען מיר זענען שוין דאָרט געווען פאַרטראָטן אין אַ היפּשער צאָל, האָבן זיי שוין אונטער אונדזער דרוק, געמוזט אַריינעמען אַ גרעסערע צאָל חברים, ווי זיי האָבן זיך דאָס געהאַט פאַרפּלאַנירט, אָבער ווייט נישט אַלע. קומען אין „קולטור־פאַראיין״ האָבן געקאָנט אַלע, אָבער נישט אַלע האָבן געקענט ווערן מיטגלידער...

מיט אונדזער אַריינטריט אין פאַראיין האָט די אינסטי־טוציע ווידער אויפגעלעבט. עס זענען ווידער איינגעאָרדנט געוואָרן פאַרשידענע אָוונטן; מ׳האָט באַנייט דעם דראַמקרייז און אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער. די אַרבעט איז אַוועק אין פולן גאַנג, אָבער אונדזערע חברים זענען אין פאַראיין געווען פאַרטראָטן נישט ווי פולע מיטגלידער און דערפאַר האָבן מיר אין דער פאַרוואַלטונג געהאַט אַ קליינע פאַרטרעטער־שאַפט. אונדזערע פאַרשלאָגן פלעגן אַלעמאָל אָפּגעוואָרפן ווערן. די אַרבעט מיט אונדזערע יוגנט־קרייזן און בונדישע פּאַרטיי־גרופּן האָבן מיר געמוזט פירן אויסער דעם תחום פון דעם פאַראיין. אַ פאַרזאַמלונג פון אונדזערע חברים און סימ־פּאַטיקער האָט באַשלאָסן צו דינגען אַן אייגענעם לאָקאַל. מיר האָבן זיך ביסלעכוויז געגרייט, געזאַמלט געלט און געזוכט אַ פּאַסיקן לאָקאַל. מיר האָבן וועגן אונדזערע פּלענער געמאָלדן דעם „קולטור־פאַראיין״ און געפאָדערט אַ פּראָ־פּאָרציאָנעלע פאַרטיילונג פון די ביכער. זיי האָבן אונדזער פאַרשלאַג אָפּגעוואָרפן. ס׳האָט געהייסן, אַז אַרויסטרעטן פון „קולטור־פאַראיין״ קאָנען מיר, נאָר אָן ביכער. בלית־ברירה

האָבן מיר זיי אָפּגעצאָלט מידה כנגד מידה... אונדזערע חברים און סימפּאַטיקער האָבן אויסגעבאָרגט ביכער און זיי נישט צוריקגעגעבן.

אַזוי אַרום האָבן מיר דערוואָרבן אַ שיין ביסל ביכער. ס'איז אונדז אויך געלונגען צו קריגן אַ לאָקאַל. מיר האָבן געעפֿנט אַ „גראָסער־קלוב" און אָנגעהויבן אַ טעטיקייט. אומאַ לעווענטאַל איז געווען מיט אונדז. מיר האָבן אויסגענוצט איר שטוב פֿאַרן דראַמקרייז, אויף רעפּעטיציעס. מיר האָבן זיך געגרייט שפּילן טעאַטער. אברהם וואָדקע איז אויך געווען מיט אונדז. מיר האָבן געעפֿנט אָוונט־קורסן און געפֿירט אַ שיינע טעטיקיים, פֿאַרשטייט זיך, לויט אונדזערע מעגלעכקייטן. מיט אונדזער אַרויסטריט פֿונעם „קולטור־פֿאַראיין" איז דער דאָזיקער פֿאַראיין געוואָרן אָפּגעטויט. מיר, דאַקעגן, האָבן צו ביסלעך צוגעקויפֿט ביכער און שוין געהאַט אַ שיינע ביבליאָטעק.

מיט אַ מאָל איז געקומען פּאָליציי פֿון לובלין און אַרעסטירט די ח"ח: אהרן גראָספּעלד און הערש ראָזענבערג. מ'האָט זיי אַוועקגעפֿירט קיין לובלין. דער אַרעסט האָט געמאַכט אויף אונדז אַ פּיינלעכן איינדרוק. אויף אונדזער ווענדונג צום סטאַראָסטע, האָט ער אונדז דערקלערט, אַז ער האָט נישט קיין האַנט אין דעם אַרעסט. דער ענין איז נוגע לובלין. די רעוויזיע אויף וועלכער מיר האָבן זיך גערעכט, איז גאָר פֿאָרגעקומען אין „קולטור־פֿאַראיין" און נישט אין אונדזער קלוב. מיר האָבן געשיקט אַ שליח קיין וואַרשע. דער חבר העניק ערליך האָט אינטערווענירט, ווו מען האָט באַדאַרפֿט און נאָכן אָפּזיצן אַ חודש, זענען אונדזערע צוויי חברים באַפֿרייט געוואָרן. מיר האָבן זיך געפֿרייט מיט זייער באַפֿרייאונג און באַנייט אונדזער טעטיקייט.

אויף אונדזער ווענדונג קיין וואַרשע, איז געעפֿנט געוואָרן אַ יידישע שול. די שול האָט זיך איינגעאָרדנט אין לאָקאַל פֿון „קולטור־פֿאַראיין", מסתמא, ווייל דער לאָקאַל איז געווען מער פּאַסיק פֿאַר אַ שול. נאָך דער ערשטער מעלדונג וועגן דער שול, זענען געקומען פֿיל עלטערן פֿאַרשרייבן זייערע קינדער. זיי זענען געקומען אין אַזאַ צאָל, אויף וועלכער מיר האָבן זיך אינגאַנצן נישט גערעכט. מיר האָבן נישט געקאָנט אויפֿנעמען אַזאַ צאָל. מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט די לערערין קרימילאָווסקי פֿון אָטוואָצק. די קינדער האָבן זי ליב באַקומען און די אַרבעט איז אַוועק גלענצנדיק...

מיר האָבן געהאַט פֿיל אויסצושטיין פֿונעם פֿאַנאַטיזם פֿון שטעטל. ס'דערמאָנט זיך מיר פֿאָלגנדער קוריאָז: ווי שוין דערמאָנט, פֿלעגט אונדז האָכבערג געבן לעקציעס פֿון נאַטור־וויסנשאַפֿט. ס'איז געווען אין איינעם אַ זומערדיקן שבת, צוריקגייענדיק פֿון הינטער דער שטאָט, ווו מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַזאַ לעקציע, האָבן מיר זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַ גרופּע ווייבער, וועלכע האָט אַזוי זיך שפּאַצירט נאָכן שבתדיקן שלאָף. ס'איז עפּעס אויסגעקומען אַזוי, אַז איך מיט יאָכטשען זענען געגאַנגען אין איין ריי מיט האָכבערגן — ער האָט נאָך אַלץ קאָמענטירט מיט אונדז די לעקציעס. עס זענען אונדז אַנטקעגן געקומען זיסקינדס דריי טעכטער. איינע פֿון זיי האָט נישט געוווינט אין גאַרוואָלין; זי איז געקומען צוגאַסט צו אירע שוועסטערן. ווען מיר האָבן קעגנזייטיק זיך באַגעגנט, זאָגט איין שוועסטער צום גאַסט:

—זעסט, דאָס זענען עטע שיינדל־מלכהס מיידלעך...

ווי אַן אָפּגעבריטע האָט זי מיט ביידע הענט זיך אַ כאַפּ געטאָן פֿאַרן פּנים:

— וויי איז מיר — האָט זי כמעט ווי אויסגעשריגן — ס'איז אַ שטראָף פֿון גאָט, נעבעך!... כדאי צוצוגעבן, אַז אין אונדזער גרופּע איז אויך מיטגעווען האָכבערגס פֿרוי...

אויף ווי ווייט ס'האָט געגרייכט דער פֿאַנאַטיזם, רעדט דער פֿאַקט, וואָס אין רעזולטאַט פֿון אַ מסירה האָט מען ביי אונדז אָפּגענומען די לעגאַליזאַציע פֿון דער ביבליאָטעק. די מסירה איז געווען נישט אויפֿן פּאָליטשן, נאָר אויפֿן רעליגיעזן באָדן.

צו די שטיבער, וועלכע מיר האָבן אויסגענוצט פֿאַר אונדזער טעטיקייט, דאַרף מען אויך צו רעכענען חנה־ביילעס די וועבערינס שטוב. זי איז געווען די מוטער פֿון בערל אַמבאַראַס. חנה־ביילע, אַ פֿרומע, גלויביקע פֿרוי, האָט געזען,



פאלקס־שולע אין גאַרוואָלין

אַז מיר טוען נישט קיין שום שלעכטס. איר טאָכטער, חיה, חנה־ביילעס, אַן אַקטיוויסטין פון אונדזער קלוב, האָט אויך געשפּילט אין אונדזער דראַמקרייז. שפּעטער האָט זי געוווינט אין וואַרשע, ווו זי איז אומגעקומען צוזאַמען מיט איר מאַן און זייערע צוויי דערוואַקסענע מיידלעך; די עלטערע איז בעתן אומקום שוין אַלט געווען 18 יאָר. דאָס דאָזיקע מיידל, חיה, חנה־ביילעס טאָכטער, איז געווען אַקטיוו בעתן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ; שפּעטער אין וואַלד, אַלס פּאַרטיזאַנערין. זי איז אומגעקומען צוזאַמען מיט איר פריינד און נאָך 4 פּאַרטיזאַנער. זייענדיק אין וואַרשע אין יאָר 1946, צום יאָרצייט פונעם געטאָ־אויפשטאַנד, בין איך אַוועק אין וואַלד, ווו עס געפינט זיך דער ברודער־קבר פון זעקס פּאַרטיזאַנער, וואָס צווישן זיי געפינט זיך אויך דאָס געביין פון פייגעלע גאָלדשטיין, חיהס טאָכטער.

אויסער דער שול, האָבן מיר נאָך געשאַפן ביים גראָסער־קלוב אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. מיר האָבן אָנגעפירט מיט אַקציעס וועגן לוין־העכערונג, אַמאָל אויך מיט אַ שטרייק. אַזוי זענען מיר אָנגעגאַנגען מיט אונדזער אַרבעט ביזן אויסברוך פון דער פּויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה.



שווער איבערצוגעבן אין ווערטער די איבערלעבונגען אונדזערע אין רעזולטאַט פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און שפּעטער — בעת דער פּויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה. צו דעם דאַרף מען האָבן מער טאַלאַנט. ס׳איז דאָ, אפשר, אויך נישט דאָס פּאַסיקע אָרט פאַר דעם. דאָס זענען געווען שטורמישע צייטן. פיל זענען געוואָרן מיטגעריסן מיטן שטראָם און שפּעטער זיך ביטער אַנטוישט. די אַלגעמיינע מאָביליזאַציע, וואָס פּוילן האָט דעמאָלט דורכגעפירט, האָט ביי אונדז צוגענומען דעם גאַנצן אַקטיוו. פון דער בונדישער גרופּע איז פאַרבליבן בלויז פופצן מיטגלידער. און דאָס — די סאַמע יינגסטע. איך בין געווען די עלטסטע פון דער גרופּע. בערל אַמבאַראַס איז שוין דעמאָלט נישט געווען אין גאַרוואָלין; אהרן האַכבערג האָט געוווינט אין פּילאַווע. פון די חברים, מענער, זענען פאַרבליבן בלויז די זיבעצן־יאָריקע און דאָס — אויך זייער ווייניק. נישט געקוקט דערויף האָבן מיר די אַרבעט נישט אָפּגעשטעלט.

מיטן דערנענטערן זיך פון די באָלשעוויקעס, האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַרמאַכן דעם קלוב. די פּאָליאַקן האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף אונדז, ווי אויף „פאַררעטער״, ווי מיר וואָלטן געווען דער גורם פון דער דערנענטערונג פון דער רויטער־אַרמיי. מיר האָבן אויך מורא געהאַט פאַר אַן איבערפאַל מצד זיי.

נאָכן פאַרמאַכן דעם קלוב, פלעגן מיר אָפּהאַלטן באַראַטונגען אין אונדזער שטוב. (איך און מיין שוועסטער יאַכטשע האָבן דעמאָלט שוין געוווינט אָפּגעזונדערט פון אונדזערע עלטערן). נישט וויסנדיק די שטעלונג פון „בונד״ לגבי די באָלשעוויקעס, און נישט וויסנדיק ווי אַזוי זיך צו פאַרהאַלטן נאָך זייער פאַרנעמען גאַרוואָלין, האָבן מיר צוזאַמען מיט קלמן מילער (היינט אין פראַנקרייך) און הערש ראָזענבערג באַשלאָסן צו דינגען צוויי שיפלעך, ווי מיר האָבן דאָס נישט איינמאָל געטאָן, מיטנעמען צוויי פּעשלעך קאָרטן און דאָרט, אויפן צוויטן ווייסל־ברעג, שפּילנדיק כלומרשט אין קאָרטן, זיך באַראַטן וועגן אונדזער שטעלונג כלפּי די באָלשעוויקעס. אין גאַרוואָלין איז גראַד געווען אהרן האַכבערג, האָבן מיר אויך אים מצרף געווען צום „קאָרטנשפּיל״. די לערערין קרימילאָווסקי איז אויך געווען מיט אונדז אויפן שיפל. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן אַ חבר קיין וואַרשע נאָך אינסטרוקציעס. אַלס דעלעגאַטין איז באַשטימט געוואָרן מיין שוועסטער, יאַכטשע. ס׳איז געווען אַ 10 — 12 טעג פאַרן פאַלן פון גאַרוואָלין. דער וועג קיין וואַרשע איז געווען אַ שווערער; אַ געפערלעכער: די באַנען זענען געווען געפּאַקט מיט מיליטער; פיל מענטשן זענען געפאָרן אויף די דעכער פון דין וואַגאָנען; די שטימונג — אַ נערוועזע. די מאָביליזאַציע איז געווען אַן אַלגעמיינע. מענער פון 18 יאָר און ווייטער האָבן זיך נישט געקאָנט ווייזן אויף די גאַסן, מ׳האָט זיי געכאַפּט צום מיליטער אָדער אויף אַרבעט. באַזונדערס שווער איז געווען צו טרעפן וועמען אין וואַרשע. נאָך איניקע מאָל באַזוכן דעם „גראָסער־קלוב״ אין וואַרשע, האָט זי דאָרט געטראָפן דעם מיטגליד פון ק.צ. פון „יוגנט־בונד־צוקונפט״, שלום הערץ (היינט אין ניו־יאָרק). לויט זיינע אינסטרוקציעס, האָט מען באַדאַרפט אויפנעמען די באָלשעוויקעס פריינדלעך, אָבער מיט רעזערוו — אַזוי לאַנג זיי וועלן נישט איינשטעלן אַ ציווילע מאַכט, אַ סימן, אַז זיי זענען נישט זיכער, אויב זיי בלייבן. נאָכן איינשטעלן אַזאַ מאַכט, פאַרנעמען פּאָסטנס, לויט אונדזערע מעגלעכקייטן.

יאַכטשע איז צוריקגעקומען דינסטיק פרי. זי איז אַרויסגעפאָרן פון וואַרשע מיטן לעצטן צוג. האַכבערג, פאַרשטייענדיק, אַז זי וועט מיטברענגען אַ צייטונג, (קיין גאַרוואָלין זענען שוין אַ לענגערע צייט קיין צייטונגען נישט אָנגעקומען), איז צוגעקומען צו אונדזער פענצטער, פרעגן אויב זי איז געקומען, און צי זי האָט נישט מיטגעבראַכט קיין צייטונג. מיר האָבן אים די צייטונג אַרויסדערלאַנגט דורכן פענצטער. ווייזט אויס, אַז אונדזער שטוב איז געווען שטאַרק אָבסערווירט. נאָכן אַרעסט פון האַכבערגן, האָט מען ביי דער אויספאָרשונג אים געפרעגט: „וואָסערע דאָקומענטן ער האָט אַרויסבאַקומען פון די לעווינס דורכן פענצטער״?

פרייטיק, 12 אַ זייגער בייטאָג, זענען די באָלשעוויקעס אַריין קיין גאַרוואָלין. מיר האָבן אויך געטראָפן אַ יידישן רויטאַרמייער, דערצו נאָך אַ בונדיסט. מיר האָבן באַשטימט צו טרעפן זיך מיט אים ביי אפרים שניידער, ישראל קלייטמאַנס פאָטער, אין סאָד. דער רויטאַרמייער איז טאַקע געקומען און אונדז אינפאָרמירט וועגן דער לאַגע פון „בונד״ אין רוסלאַנד. (דער מצב פון „בונד״ איז שוין דאַן געווען נישט קיין פריילעכער). „דער „בונד״ איז ביי אונדז, ווי אַ פינפט ראָד צום וואָגן״ — האָט ער געזאָגט. ס׳האָט אונדז גלייך אַ טיאַכקע געטאָן ביים האַרצן. דעם זעלבן פרייטיק אָוונט, איז אונדזער גרופּע זיך צוזאַמענגעקומען, אָפּגעזעסן ביז דריי ביינאַכט און גערעדט. געווען פון וואָס צו רעדן... אַ חבר האָט זיך געוויצלט: „רוקט זיך אָפּ פון פענצטער, אַ שייגעץ קאָן נאָך אַריינוואַרפן אַ שטיין״... אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

שבת פאַרנאַכט האָבן די באָלשעוויקעס גערופן אַ מיטינג פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. ער איז פאַרגעקומען אויפן חזיר־מאַרק. גערעדט האָט אַ רוס און אַ פּאָליאַק האָט איבערזעצט זיין רעדע. דער מיטינג האָט זיך פאַרענדיקט מיטן געזאַנג פון אינטערנאַציאָנאַל. זונטיק פרי האָט מען געהערט, אַז די באָלשעוויקעס גרייטן זיך איינצושטעלן אַ ציווילע מאַכט, ווי אַ „רעווקאָם״ און אַנדערע „קאָמען״...

אין איינקלאַנג מיט אונדזערע אינסטרוקציעס פון וואַרשע, האָבן מיר געשיקט אין רעווקאָם אַריין די לערערין קרימילאָווסקי. כ׳געדענק נישט וואָסערע נאָך פּאָסטנס אונדזער

גרופּע האָט געזאָלט פאַרנעמען. דעם זעלבן זונטיק אָוונט, האָבן מיר זיך באַראַטן בשייכות מיט די ליידיקע דירות, וואָס זענען פאַרבליבן נאָך די עוואַקוי'רטע. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו נעמען פאַר דער פאָלקס-שול דעם רעיענטס הויז מיטן גאָרטן, און דאָס הויז פון דער שטאָטישער באַנק — פאַר אונדזער קלוב. ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אַן אויפרוף. אויף צו רעדאַגירן דעם אויפרוף האָבן מיר באַשטימט זיך צו טרעפן מאָנטיק, אַ זייגער 6, פרי. נאָכן רעדאַגירן דעם אויפרוף, האָבן די ח"ח קלמן מילער און הערשעלע יעדוואָב באַדאַרפט אים אָפּטראָגן אין דער דרוקעריי, און איך מיט הערש ראָזענבערג זענען געגאַנגען וועגן די דירות. אויפן וועג האָבן מיר באַגעגנט דעם פּאָליציי-שעף, אַ פּעפּעסאָוויעץ. ער איז געווען מסכים מיט אונדזער פּלאַן צו באַזעצן די ליידיקע דירות, כדי עס זאָלן זיי נישט פאַרנעמען קיין פּריוואַטע מענטשן, וועלכע מען זאָל שפּעטער דאַרפן באַזייטיקן.

נאָך גוט, וואָס דאָס הויז פון באַנק איז געווען געשלאָסן און דער „דאָזאָרצע" מיט די שליסלען איז נישט געווען אין דער היים. מיר זענען אַוועק, באַשטימענדיק זיך ווידער צו טרעפן וועגן זעלבן ענין נאָכמיטאָג. מיר איז שווער צו שילדערן מיט וואָסערע געפילן מיר זענען געגאַנגען פאַרנעמען דאָס הויז פאַרן „גראָסער-קלוב". כ'האָב מיר אַליין נישט געגלויבט. כ'האָב געטראַכט: „איז עס נישט קיין חלום?"... מיר האָבן געשוועבט אין די הימלען, אַן „ספּוטניק"... נישט לאַנג האָבן מיר אַזוי געשוועבט אין לופטן. קוים באַוויזן עפּעס אָפּצופּעסן און זעצן זיך צו דער מאַשין אַ ביסל נייען, האָט מיין שוועסטער זיך אָנגערופן:

—דאַכט זיך, רבקה, כ'האָב געהערט אַ שאָס.

— ווי פאַלט עס דיר איין? מסתמא האָט אַ יינגל געוואָרפן אַ שטיין — האָב איך געזאָגט נישט זיכער — ווער וועט עס איצט פּלוצעם נעמען שיסן?...

כ'האָב שוין אויפגעהערט נייען, זיך אָנגעשטרענגט אויפצוכאַפּן די טעמפּע קלעפּ, וואָס האָבן פון דעסטוועגן נישט אויפגעהערט — זענען עס טאַקע שאָסן? נאָך אַ מינוט זענען די שאָסן געוואָרן בולטער און נישט איבערגעלאָזן קיין שום ספק... מיר האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס דערנענטערט זיך די פּוילישע אַרמיי.

אַרויסקומענדיק אויפן גאַס, האָב איך שוין געזען: ס'איז נישט היימלעך... די רוסן זענען געלאָפן צעטומלטע — זיי האָבן נישט געוווּסט וווהין צו לויפן... די שאָסן — אַלץ געדיכטער און שטאַרקער. אויך איך בין געוואָרן צעטומלט...

מיר האָבן געוווינט אין זעלבן הויז, ווו עס האָבן געוווינט די עלטערן פון זישע נאָכגעלט — אין פראָנט. נישט זאָגנדיק גאָרנישט מיין שוועסטער, בין איך אַריין צו זישען. כ'האָב אים געטראָפן אין גאַנצן אַן איינגעבראָכענעם. ער האָט כסדר זיך געבראָכן די הענט, טענהענדיק, אַז מיר זענען אַלע פאַרפאַלענע:

וואָלט איך געהאַט אַ רעוואָלווער — האָט ער כסדר איבערגעחזרט — וואָלט איך זיך דערשאָסן אַליין, איידער דערמאָרדעט צו ווערן פון זייערע הענט!...

כ'האָב אים אַ ביסל באַרויקט:

— וואַרט נאָך צו — האָב איך ביטער געשפּאַסט — שיסט זיך נאָך נישט, האָסט נאָך צייט...

כ'האָב אים פאַרגעלייגט מיר זאָלן זיך אַריבערכאַפּן צו יאַנקל וואַלדבוים, צו באַראַטן זיך, וואָס צו טאָן. מיר האָבן ביידע געהאַט פאַרגעסן, אַז וואַלדבוים איז איצט ביי דער אַרבעט. מיר זענען געלאָפן צו אים, נישט געקוקט אויף דער שיסעריי. די קוילן זענען געפלויגן איבער אונדזערע קעפּ. מיר האָבן זיך געשאַרט ביי די ווענט, און כ'פאַרשטיי עס נאָך ביז איצט נישט ווי אַזוי מיר זענען פון דעם וועג אַרויס גאַנצע. וואַלדבוים האָט דעמאָלט געוווינט ביי חיהלע די פריזיערקע און דער ווירט פונעם הויז, אַ קריסט, האָט געוווינט אין זעלבן הויז.

חיהלעס „קבלת-פנים" האָט אונדז צום רעשט דערשלאָגן. זי האָט געטענהט: איר מאַכט אונדז אומגליקלעך... די קריסטן וועלן דאָך מיך פאַרשטיינען. זיי ריכטן אָפּ תפילות, אַז זייער



**אַ גרופּע פון „פּועלי ציון"-פאַראיין אין גאַרוואָלין**

פ:ן אויבן: שמואל רזשניעווסקי, שרה קעזמאַן, מאיר קעזמאַן, רחל אנגליסטר, טובה טיקוציינסקי, יהושע סוקול, רחל זילבערמעהל, לייביש שיין, היה זילבערמעהל, חנה ראזנבערג, רחל בלאס (בת מאיר), שמחה קאַרפמאַן, שרה בלאס, חיה בלאס, מאיר באראווסקי, היגדע בלאס, לאה זילבערמעהל, י. בארעק.

אַרמיי זאָל צוריקקומען און איר קומט זיך דאָ צונויף אויף געהיימע „סכאָדקעס״...

גיין צוריק איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. מיר זענען פאַרבליבן. די שיסעריי האָט פּאַמעלעך אויפגעהערט און ס'האָט נישט געדויערט לאַנג, האָבן מיר דערזען דורכן פענצ־טער פּוילישע זעלנער — אַוודאי די ערשטע אויספּירער. עטוואָס שפּעטער האָבן מיר שוין געזען, ווי זעלנער פירן זלמן מענדלען אין דער באַגלייטונג פון אייניקע קריסטן, מיטן שענקער בראָש. זיי האָבן דורכן חזיר־מאַרק אַרויסגעפירט אים הינטער דער שטאָט און גלייך האָבן מיר דערהערט עטלעכע שאָסן. קלאָר, דאָס האָבן זיי געשאָסן אין זלמן מענדל. באַלד איז דורכגעלאָפן זיין משפחה מיט אַ געוויין.

אַביסל שפּעטער איז אָנגעקומען די לערערין קרימי־לאָווסקי. אין דער צייט פון דער שיסעריי, איז זי געווען אין שול מיט די קינדער. נאָך דער שיסעריי, האָט זי די קינדער אָפּגעפירט אַ היים. אויפן וועג אַהער איז זי פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער בירגער־מיליץ. ס'איז גראָד אָנגעקומען זייער נאַטשאַלניק. זי האָט אים אויפגעקלערט, אַז ווי די לערערין פון דער יידישער שול, איז זי אין דער צייט פון דער שיסעריי געווען מיט די קינדער אין שול. אַצינד האָט זי די קינדער אָפּגעפירט אין זייערע היימען און זי אַליין גייט אויך אַהיים. דער נאַטשאַלניק האָט זי באַפרייט.

אויפן וועג אַהיים, האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט צו ווינאַ־קורס עלטערן, צו זאָגן זיי, אַז זייער זון באַהאַלט זיך אויס. זישע האָט נאָך מורא געהאַט אַרויסצוגיין. כ'בין אַריין אויך באַרויִקן זיינע עלטערן. זיין מוטער האָט מיר געזאָגט, איך זאָל אַ היים נישט גיין, ווייל ביי אונדז אין שטוב איז געווען אַ רעוויזיע. בעת דער רעוויזיע איז אויך מיין שוועסטער נישט געווען אין שטוב: זי איז געווען ביי אונדזערע עלטערן. כ'בין גלייך אַוועק אַהין.

צומאָרגנס אין דער פרי, האָט רחל לעוויס (היינט אין ניו־יאָרק) אונדז דערציילט, וועמען מ'האָט שוין אַלץ אַרעסטירט. כ'בין זיכער געווען, אַז מען וועט אויך אונדז, מיך מיט מיין שוועסטער, נישט היינט, איז מאָרגן, אַרעסטירן. און אַזוי איז טאַקע געשען. זיך אויסבאַהאַלטן, איז נישט געווען ווו. אַלע קריסטן האָבן אונדז גוט געקענט. זיי האָבן אויך געוווּסט, ווו אונדזערע עלטערן וווינען.

אַזוי האָט עס געדויערט ביז דאָנערשטיק. דאָנערשטיק אינדערפרי האָט מען אויך אונדז אַרעסטירט. מיר זענען געווען צוגעגרייט צום אַרעסט. די גאַרוואָלינער טורמע איז געווען עוואַקויִרט, האָט מען אונדז „איינגעקוואַרטירט״ אין אַ פאַרלאָזן דורך די אייגנטימער פּריוואַט־הויז. דאָרט האָבן מיר שוין געטראָפן אַלע, וואָס זענען אַרעסטירט געוואָרן ביז אונדז. ווייזט אויס, אַז מיט אונדז האָט זיך געשלאָסן די רשימה פון די אַרעסטאַנטן. בערך אַ שעה שפּעטער, האָט מען אונדז אַלע אַוועקגעפירט. אין שטאָט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מען פירט אונדז צום שיסן. מיר זענען געווען בערך 15 מאַן: קלמן מילער; מאיר שלום ברוקאַזש; יאַנקל וואַלדבוים; שלמה ווינאַקור; באַרלעווי — דעם אייזערנעם קאָפּס; כיל הערץ און כיל ראַטערמאַן. פון די מיידלעך: איך מיט מיין שוועסטער; כאַוושע איטשע־בערס און מאיר ליפּשיצס אַ מיידל. צי חיהלע די פריזיערקע איז אין זעלבן טאָג אַרעסטירט געוואָרן, געדענק איך נישט, אָבער אַרעסטירט איז זי געוואָרן. עס זענען געווען נאָך אַרעסטירטע, כ'געדענק אָבער נישט זייערע נעמען.

די קלאַנגען, אַז מען פירט אונדז שיסן, האָבן אַרויסגע־רופן גרויס בהלה. די קרובים פון די אַרעסטירטע זענען געקומען צו לויפן זיך געזעגענען. אויך אונדזערע שוועסטער־לעך, שיינדל און כיינע, זענען געקומען. קיין גרויס נחת האָבן זיי פון אונדז נישט געהאַט. אונדזער מוטער האָט זיך געשעמט, נעבעך, צו קומען. דער טאַטע — אַוודאי און אַוודאי. אַ קליי־ניקייט, אַזאַ חרפה...

מאיר שלום ברוקאַזשס מוטער איז געקומען מיט די תפילין, זאָגנדיק אים:

— נאַ, נעם די תפילין און זיי אַ ייד!... — צי ער האָט זיי גענומען, געדענק איך נישט.

באַגלייט אויפן עטאַפּ אונדזערן האָט אונדז די בירגער־מיליץ און איינער פון דער דעפענסיווע. דער טאָג איז געשטאַ־נען אַ הייסער, און דער דעמבלינער שאָסיי איז געווען פול מיט מיליטער. אויף דער פראַגע פון דורכפאָרנדיקע אָפיצירן, האָט אונדזער וואַך געענטפערט, אַז מען פירט אונדז אויף אַרבעט.

דער וועג איז געווען אַ שווערער. מיר זענען געפאַלן פון די פיס. פאַרבייגייענדיק אַ דאָרף, האָט דער ראש פון „קאָנ־וואָי״ אונדז פאַרגעלייגט צו דינגען 2 פורלעך, מיר זאָלן נישט דאַרפן גיין דעם גאַנצן וועג צופוס. מיר האָבן צוזאַמענ־גענומען אַביסל געלט, פאַר וועלכן מען האָט געדונגען צוויי פורלעך.

בעת דער אָפּוועזנהייט פון קאָנוואָי־עלטסטן, וועלכער איז אַוועק דינגען די פורלעך, איז דערווייל דורכגעפאָרן די גאַר־וואָלינער פּאָליציי, וועלכע האָט זיך אומגעקערט פון דער עוואַקואַציע. איין פּאָליציאַנט, באַמערקנדיק כיל הערצן צווישן די אַרעסטירטע, האָט אַ פאַרחידושטער געפרעגט אים:

— ווי קומסטו עפּעס צו ווערן אַרעסטירט?

כיל הערץ איז צוגעגאַנגען צו דער פּאָליציייִשער פור און געבעטן דעם פּאָליציאַנט, ער זאָל מיטנעמען אַ פּאָר ווערטער פאַר זיינע עלטערן. ווי ער האָט אַזוי געשריבן דאָס בריוול, זענען דורכגעפאָרן צוויי העכערע מיליטער־לייט און איינער פון זיי האָט אָנגעהויבן שרייען?

— אַרעסטאַנטן דערלויבט מען שרייבן? — און אַראָפּ־געלאָזט אַ מיליציאַנער פון אונדזער וואַך אַ הילכיקן פּאַטש. די צוויי מיליטער־לייט זענען גלייך פאַרשוווּנדן.

דער געליטענער מיליציאַנט האָט געהייסן כיל הערצן זיך אַוועקגעלייגן אויף דער ערד, באַפעלנדיק זיין חבר: „צייל אים אַריין פינף קוילן״...

מיר האָבן אַלע אויפגעהויבן אַ געשריי. דער מיליציאַנער האָט מיט זיין נאַהייקע געשלאָגן כילן און שפּעטער אונדז אַלע איבער די קעפּ. געשאָסן האָט ער נישט. מיך האָבן עפּעס די קלעפּ, כ'ווייס נישט ווי אַזוי, אויסגעמיטן. יעדער שמיץ, האָט איבערגעלאָזט אַ געפּלאַצטע הויט. דערווייל האָט דער קאָנוואָי־נאַטשאַלניק זיך אומגעקערט מיט די פורלעך. מיר האָבן אים דערציילט, וואָס עס האָט פּאַסירט בעת זיין אָפּוועזנהייט. ער איז נישט געווען קיין נאַר און פאַרשטאַנען, אַז ער האָט דאָ נישט צו טאָן מיט קיין גרויסע „פאַרברעכער״. „אין אַזאַ צייט — האָט ער געזאָגט — ווען די וועגן זענען פול מיט מיליטער, האָט מען נישט באַדאַרפט דערלויבן שרייבן״...

צופרידענע, וואָס מיר זענען אָפּגעקומען בלויז מיט קלעפּ, האָבן מיר זיך אויפגעזעצט אויף די פורלעך.

אויפן וועג האָבן מיר זיך ווידער אָנגעטראָפן אויף דורכ־פאָרנדיקע מיליטער־לייט. נאָכן באַראַטן זיך מיט איינעם פון

זיי, האָט אונדזער קאָנוואָי־עלטסטער געהייסן אַראָפּפירן די פורלעך פונעם טראַקט. ער האָט אונדז געפירט אויף אַ זייטיקן וועג אין אַ קליין וועלדל אַריין. ס׳איז שוין געווען טונקל. פאַרנאַכט. אַלע האָבן זיך דערשראָקן, געבליבן שטיל. אויך איך האָב זיך דערשראָקן. כדי דעם עולם עטוואָס צו באַרויִקן, האָב איך אַרויסגעזאָגט אַן השערה, אין וועלכער כ׳האָב אַליין נישט געגלויבט: „מען פירט אונדז אַוודאי אין אַ דאָרף אַריין איבערנעכטיקן". פאַרנדיק אַזוי האָבן מיר פון ווייטנס באַמערקט אַ פייערל פון אַ כאַטע אין וועלכער מיר האָבן טאַקע איבערגענעכטיקט.

אינדערפרי, נאָכן אַרומוואַשן זיך ביי אַ נאָענט טייכל, האָבן מיר זיך אויפגעזעצט אויף די פורלעך. אונדזערע שומ־רים האָבן אונדז געמאָלדן, אַז מיר פאָרן צוריק קיין גאַרוואָלין. מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס איז דער רעזולטאַט פונעם נעכטיקן שמועס פון אונדזער שומר מיט דער דעפענסיווע, וועלכע האָט זיך אומגעקערט קיין גאַרוואָלין. אין גאַרוואָלין האָבן מיר די ערשטע דערזען קלמן מילערס מוטער. זי האָט אונדז געזאָגט, אַז דער סטאַראָסטע איז צוריק אין שטאָט און דאָס האָט ער עס געהייסן אונדז צוריקברענגען.

אין שטעטל האָט זיך אויפגעהויבן אַ גאַנצער טומל אַרום אונדז. דער מאַרק, ווו מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, איז געווען פול מיִט מיליטער און ציווילע. קיין ייד האָט מען נישט געזען. ווען מען האָט זיך געטשעפּעט צו אונדז, בפרט צו די מיידלעך, און דער קאָנוואָי אונדזערער האָט געזען, אַז ער וועט זיך אַליין קיין עצה נישט געבן, האָט ער געהייסן אַראָפּפירן אונדז אויפן שאָסיי, נאָך שיע ישראל דודס. דערזעענדיק, אַז מען פירט אונדז אין פעלד אַריין, האָט אַ טייל אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, אַנדערע האָבן ספּאַזמירט. כ׳האָב זיי ווידער געפּרוווט באַרויִקן, אָבער אָן דערפאָלג. אונדזערע עלטערן האָבן זיך גלייך אַלץ דערוווּסט און טאַקע באַלד געקומען. יעדער האָט עפּעס מיטגעבראַכט. מ׳האָט זיי אַלעמען צו אונדז צוגעלאָזן און דאָס האָט אונדז אַביסל באַרויִקט. דער קאָנוואָי־עלטסטער איז אַוועק נאָך אינסטרוקציעס. ער איז באַלד צוריקגעקומען און געהייסן צוריקפירן אונדז אין שטאָט אַריין. צוריקפאָרנדיק האָב איך דערזען מיין מאַמען שטיין אין אַ זייט. אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. זי האָט געהאַט פולע אויגן טרערן. פון גרויס גערירטקייט האָבן זיך אויך ביי מיר געשטעלט טרערן אין די אויגן. אויפן אָנבליק פון מיינע טרערן, האָט „חברה" זיך ווידער דערשראָקן... אַז זי וויינט, מוז שוין זיין גאָר שלעכט... ס׳האָט לאַנג געדויערט, ביז זיי האָבן פאַרשטאַ־נען, אַז מיין וויינען מוז נישט זיין קיין סימן פון שלעכטס...

מען האָט אונדז ווידער אַריינגעפירט אין אַ ליידיק הויז, אין וועלכן מיר זענען געווען ביז פאַרנאַכט. מ׳האָט אַלעמען צו אונדז צוגעלאָזט. פאַרנאַכט האָט מען אונדז איבערגעפירט אין טורמע. די טורמע איז פול געווען מיט געפאַנגענע באַל־שעוויקעס. אין דער פּרוויען־צעלע האָבן מיר געטראָפן אונדזער לערערין און, דאַכט זיך, חיהלע חנה ביילעס. איך געדענק נאָר נישט, צי איז זי אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט אונדז, אָדער שפּעטער. אויך חיים־מאיר ראָזענבערג איז אַרעסטירט געוואָרן. מיר האָבן אים געטראָפן אויף דער אויספאָרשונג. די אויספאָרשונג האָט באַפרייט חיהלען, יאַנקל וואַלדבוים, כאַוועשע, מאיר ליפשיצס מיידל, יחיאל הערץ און חיים־מאיר ראָזענבערג. אַלע איבעריקע זענען געבליבן זיצן נאָך צוויי וואָכן. שפּעטער האָט מען אונדז געפירט דורך דעמבלין, לובלין, קראָקע קיין דאַמביע, ווו מיר זענען געזעסן אַ קנאַפּ יאָר. דאָס איבערשיקן אונדז פון איין אָרט צום צווייטן, איז נישט געווען אַזוי לייכט, ווי עס רעדט זיך. וועגן די דאָזיקע „עטאַפּן" בעט זיך אָנשרייבן אַ גאַנץ בוך, אָבער דאָס איז שוין נישט פאַר מיינע כוחות און „טאַלאַנט"...

נאָכן באַפרייען זיך, האָבן מיר שוין אין גאַרוואָלין נישט געקאָנט בלייבן. קינד און קייט, בעיקר פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, פלעגן אויף אונדז טייטלען מיט די פינגער: „אהא, די רויטע אַרמיי גייט!" — געווען אויך אַ טייל יידן, וואָס האָבן געטאָן דאָס אייגענע. מיר זענען אַוועק קיין וואַרשע, ווו מיר האָבן געאַרבעט און געלעבט.



איך האָב דורכגעלאָזן פיל מענטשן און פּאַסירונגען, וועגן וועלכע ס׳וואָלט כדאי געווען צו דערציילן. אַזוי האָב איך נישט דערציילט וועגן זישע נאַכגעלט. ער איז געווען אַקטיוו ביי אונדז. כ׳געדענק נאָר נישט אין וועלכער צייט. אָבער



**אַ הויז אויף דער קאַשציושקע־גאַס עק דלוגע**

צו וואָס אים פאַרלויפן דעם וועג. ער וועט מסתמא אַליין שרייבן. ס׳וואָלט אויך כדאי געווען צו דערציילן וועגן מלך האָכבערג און זייער שטוב. זאָל דאָס טאָן מרים האָכבערג. מיר איז פשוט שווער צו שרייבן וועגן אַלעמען. איך וועל זיך דעריבער באַגנוגענען מיט דעם, וואָס כ׳האָב אָנגעשריבן ביז איצט.

איך וויל נאָך דערמאָנען עטלעכע גאַרוואָלינער משפחות, וואָס האָבן שפּעטער געוווינט אין וואַרשע און אומגעקומען אין דאָרטיקן געטאָ. אַזוי וויל איך דערמאָנען דוד גאָטפריד מיט זיין פרוי, פּערעלע, און זייער טאָכטער, לוטקע; פּאָלאַ גאָטפריד־גלוקאָווסקי, איר מאַן מענדל, און זייער יינגל, יאָסעלע, וואָס איז אַלט געווען בעת זיין אומקום צען יאָר. אין עלטער פון 5 יאָר, האָט ער געענטפערט דעם לערער פון קינדער־גאָרטן, אויף דער פראַגע: „צו וואָס, קינדער, דאַרף מען געווער" — „די אַרבעטער דאַרפן געווער אויסצושיסן אַלע פאַשיסטן, כדי עס זאָלן קיין מלחמות נישט זיין"... מיט פינף יאָר שפּעטער איז ער אַליין אומגעקומען דורך די פאַשיסטישע רוצחים.

אויף מיין באַזוך אין ישראל, האָבן זיך מענטשן דערמאָנט, אַז אין גאַרוואָלין בין איך געווען אַ גויע. נישט קיין האַלבע, נאָר אַ גאַנצע גויע. טראָג איך נישט אויף קיינעם קיין תרעו־מות... איך ווייס, אַז דאָס איז געווען אַ פועל־יוצא פון פאַנאַטיזם... הלוואי וואָלטן זיי אַלע געלעבט, די פאַנאַטיקער. טראָץ אַלעמען, פיל איך צו גאַרוואָלין דעם גרעסטן יראת הכבוד — אויך צו די פאַנאַטיקער.

מיין שוועסטער יאָכטשע האָט דוחק־קץ געווען און אַקעגנ־געלאָפן דעם „פּראָגרעסיוון" רויטן משיח, אַזש קיין מאָסקווע. זי האָט דאָרט געמאַכט אַ קאַריערע, געענדיקט אויף אינזשי־נער־כעמיע, פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אָבער אין יאָר 1937, בעת די טרויעריק־באַרימטע פּראָצעסן איז איר מאַן, אַ דירעקטאָר פון אַ גרויסער מעטאַל־פאַבריק אין מאָסקווע אַרעסטירט געוואָרן. מיט 12 שעה שפּעטער, איז אויך זי אַרעסטירט געוואָרן. זיי האָבן איבער־געלאָזט אַ מיידעלע פון 13 יאָר. זיי האָבן געהאַט אין מאָסקווע אַ גרויסן שיינעם צימער. אַ וואָך נאָכן אַרעסט איז געקומען צום מיידל אַן ענקאַוועדיסט מיטן אויסרייד, אַז ער וויל זי ברענגען זעען די מוטער, האָט ער זי אַרויסגענאַרט פון שטוב און פאַרנומען דאָס צימער, אין וועלכן ער וווינט ביזן היינטיקן טאָג. דאָס קינד האָט ער פאַרשיקט ערגעץ אין אַ קינדער־לאַגער. קיינער ווייסט נישט ווו זי געפינט זיך.

בעת מיין זיין אין רוסלאַנד (אין 1940), בין איך אין מאָסקווע אויסגעווען אין אַלע ביוראָס פון דער ענקאַווודע, פרעגן זיך אויף יאָכטשען. אומעטום האָב איך באַקומען דעם זעלבן ענטפער: „נישט פאַראַן אַזאַ". מענטשן האָבן מיר געראַטן ווינציקער צו פרעגן און זוכן, ווייל: „סיי ווי וועסטו קיינעם נישט געפינען"... זיי האָבן מיר דערציילט, אַז מענטשן זוכן זייערע קינדער די גאַנצע דריי יאָר (פון יאָר 1937), אָן רעזולטאַט... סטודענטן זענען צוגענומען געוואָרן אויפן וועג צום אוניווערסיטעט און מער נישט צוריקגעקומען. פאַרשטייט זיך, אַז איך ווייס נישט פון מיין שוועסטער, פונקט ווי מען ווייסט נישט פונעם געביין פון די מיליאָנען מענטשן, וואָס זענען פאַרשוווּנדן אין די טעג פון יענעם גרויסן פּאָגראָם אין רוסלאַנד, וואָס רופט זיך היינט פּאָפּולער: „דאָס יאָר 1937".

יאָ, אַזאַ איז ער, דער גן־עדן, פאַר וועלכן אַ טייל פון אונדזער יוגנט — און איך בתוכם — האָט אַוועקגעגעבן דאָס בעסטע פון לעבן — זייער יוגנט.



א. ליפּסקי, לייבל ראָזנבערג, קיילע האָכבערג, לייבל מאָקאָטאָוו, שלמה זילבערמעל, מאיר באָראָווסקי
קיילע שיין, ישראל סאָקאָל, רחל בלאָס, הערש וואָדקע.

בערל אַמבאַראַס / ניו־יאָרק



# א שיינער חלום...

**פון דער קליינער און אָרימער היים שטאָט,ביים טאָטן,**
**ביז צו די גרויסע און רייכע, פאַראייניקטע שטאַטן.**

אָנגעהויבן האָט זיך די געשיכטע, טאַקע אין גאַרוואָלין,
נישט געוווּסט אַז זי וועט זיך ציען און ווו אַהין.

פון גאַרוואָלין קיין וואַרשע, געבליבן שוין אויף אַן אָרט,
אָבער אין יאָרן שפּעטער, ליידער, געמוזט אַוועק פון דאָרט.

אַוועק קיין ווילנע, דאָרט געווען צוויי מאָל, איצט דאָס דריטע,
געהערט שוין צו פּוילן, שפּעטער רוסלאַנד, נאָך דעם ליטע.

פון דאָרט קיין מאָסקווע, גאַנץ סיביר, אויך בירא־בידזשאַן,
פון וולאַדיוואָסטאָק מיט אַ קלענער שיפל אַריין אין יאַפּאַן.

אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, ווידער אַ שיף קיין שאַנכיי — אין כינע
צום לעצט: האָנקאָנג, פיליפּינען און די גאָלדענע מדינה.

מיט משפּחה געלאָפן צוזאַמען, אַ סך מאָל יעדער באַזונדער,
מיר וואָלטן זיך פאַרלוירן, ווען נישט וואָס ס'געשען ווונדער.

געלאָפן אַ האַלבע וועלט אַרום, דורך אַ לאַנגן שווערן וועג —
צו לויפן נאָך ווייטער, ווו נעמט מען כח און גענוג טעג?

איז שוין בעסער דאָ בלייבן און נישט ווו אַנדערש פאָרן,
אָבער אומעטום פאַרבענקט זיך נאָך די גאַרוואָלינער יאָרן.

פון חדר, משפּחה, חברים, אַלץ מאַרשירט אין געדאַנק פאַרביי,
אַ שאָד וואָס מ'קאָן דעם אַמאָל, נישט אויפלעבן פון דאָס ניי.

היינט וואָלט מען געזען גאַרוואָלין אין איר אמתער גרויס,
כאָטש איר פאַרנעם איז געווען, נאָר אַ פּאָר גאַסן בלויז.

די יוגנט האָט געטאָן איר אַרבעט, האַרציק און זייער פיין,
געזאָרגט וועגן גאַנצן אַרום, נישט בלויז פאַר זיך אַליין.

אַ יוגנט וואָס האָט זיך נאָך געהיטן פאַר עלטערנס אויגן,
זאָל צו די פאַרשידענע טעטיקייטן, זיך אַזוי גוט טויגן.

ס'האָט זיך געטומלט אין שטעטל, גערוישט אין אַלע גאַסן,
ווי עס וואָלט געווען אַ באַוועגונג, פון גאָר גרויסע מאַסן:

מיט פּאַרטייען: בונדיסטן, ציוניסטן, ווי אין גרויסע שטעט,
אין דער אַרבעט זיך געאײלט, ס׳זאָל נישט ווערן צו שפּעט.

אַ קולטור־אַרבעט מיט אָנזען, האָט מען אין שטאָט געפירט,
אַלע וועלט־פּראָבלעמען זענען דאָרטן געוואָרן דיסקוטירט.

רעדנער פון אַלע פּאַרטייען האָט גאַרוואָלין כסדר געהאָט,
דער עולם איז גערן געגאַנגען הערן אַ פיינעם רעפעראַט.

געשפּילט אויך טעאַטער, געהאַט אַן אייגענער ביבליאָטעק,
מ׳פלעגט קומען לייענען אַ בוך און זיצן דאָרט גאַנצע טעג.

עס האָט זיך אויך אַמאָל געטראָפן, צו האָבן אַביסעלע שרעק,
ווען אַ טאַטע איז געקומען און געשלעפּט זיין קינד אַוועק.

אָדער ווען פּלוצלינג האָט זיך באַוויזן, אין זאַל פּאָליציי,
און געהייסן וועמען פון די פאַרזאַמלטע, צו גיין מיט זיי.

כאָטש אין שטאָט האָט מען וועגן די אַלע זאַכן פיל גערעדט,
פלעגט אָבער די יוגנט קומען, ווי געצויגן פון אַ מאַגנעט.

אין דער אַרבעט פלעגן אַמאָל פאָרקומען שטאַרקע אַמפּערייען,
אַפילו דאָס האָט מען געמוזט קאָנען גוטמוטיק פאַרדייען.

די היינטיקע יוגנט לעבט אַנדערש, קאָן זיך אַ סך דערלויבן,
יוגנט אַמאָל האָט געהאַט עפּעס מער, אַן אידעאַל, אַ גלויבן.

יעדער גאַרוואָלינער מעג מיט שטאָלץ זיין יוגנט דערמאָנען,
און עס איז ווערט מיט דעם די אייגענע קינדער באַקאָנען.

פאַר מיר פאַרבלייבט גאַרוואָלין, ווי אַ חלום אַ שיינער,
געזען אין די יוגנט יאָרן, זייענדיק מיט זיי אין איינעם.

ליידער איז פון אַלע דאָרט כמעט קיינער נישט פאַרבליבן,
איז טאַקע אונדזער חוב אַ יזכור בוך זאָל ווערן געשריבן.

זאָל דאָס זיין ווי אַ מצבה, אויף זייערע צעשאָטענע קברים,
אין מצבה פאַר זיי אַלע גלייך, נישטאָ דאָרט רייך און אָרעם.

זאָל זייער אָנדענק זיין אונדז, שטענדיק הייליק און טייער,
אַלע וואָס זענען אומגעקומען אינעם ווילדן היטלער־פייער.

משה קליימאַן / משמר השרון

# זכרונות פון שטעטל

## ווייט איז דאס שטעטל. ס׳איז אין נעפל פארהילט.



קוים איך זע נאָך די הייזער, די גאַסן, וואָס זענען מיט אַזוי פיל יידיש מענטשלעך לעבן פול געווען.

דער מרחק פון צייט, די מערערע לענדער און פעלקער, צווישן וועלכע כ׳האָב די וויכטיקסטע צייט פון מיין יוגנט און עלטער פאַרבראַכט, אויך די אַלע יאָרן פון מלחמות, מיט זיי אַ סך טראַגישע געשעענישן, וואָס כ׳האָב זייער אכזריות פנים אל פנים דערקענט — דאָס אַלץ האָט פיל פון מיין אַמאָל מיטגענומען, פאַרטראָגן מיטן שטורעם...

און ווען כ׳זוך נאָך היינט דעם וועג אַהין — איז ער מיט אַזוי פיל פּיין פאַרטראָטן, אַז כ׳דערקען קוים מיינע אייגענע טריט.

די עלטערן געבוירן דאָס קינד. דאָס אָרט, די סביבה שאַפט דעם מענטשן.

## מיין קינדהייט

כ׳בין געבוירן אין אַ בעל־הבתישער היים צווישן זיבן קינדער: באַשע, שרה־לאה, מלך, חיי־רבקה, אלתר און אברהם. מיין פאָטער, ר׳ נתן־דוד, איז געווען אַ שוחט און דאָס רוב יאָרן מיט כבוד מפרנס געווען אונדזער משפחה. מיין מוטער, אלקה־הינדע, מיט אַלע אירע מעלות־טובות פאַר אונדז און פאַר אַנדערע, און ביי אַלע שוועריקייטן פונעם דערציען זיבן קינדער האָט פונדעסטוועגן אין מאָגערע צייטן צוגעהאָלפן צו דער פרנסה, מיט איר קליינעם מסחר.

מיר דאַכט זיך, אַז צוויי דערשיינונגען האָבן מיך אַבסאָלוט באַהערשט, נאָך אינעם פריען באַגין פון מיין לעבן, ווי נאָר כ׳האָב אָנגעהויבן זעען, הערן און פאַרשטיין: די מאַמע, וואָס האָט מיט נשמה אַלץ מיר אָוועקגעגעבן און די נאַטור — די לאַנדשאַפט אַרום דעם שטעטל: הימל, ערד, בוים, פעלד און טייך. כ׳בין אין זיי, ווי זיי אין מיר, פאַרפלאַנצט געווען.

אמת, די נישט־ווייניקע שטעטלשע ביטערניש האָב איך שוין דעמאָלט און נאָך מער שפּעטער אין זיך אַריינגענומען: די אָפּטע מחלוקתן צווישן שוחטים, רב און קהל זענען געווען און פאַרבליבן טיפע וווּנדן אין אונדזער משפחה. ס׳איז קיין וווּנדער וואָס דאָס רוב שוחטישע קינדער טראָגן אין זיך פונקען פון רעוואָלט. — אָבער ווער קען איצט, נאָך דעם גרויזאַם־שרעקלעכן וואָס ס׳איז געשען, צוריקגיין צו די אַלע פאַרדריסלעכע פּרטים. האָבן מיר דאָך אינעם שטעטל געהאַט אויך דערפאַרונגען פון פריינדשאַפט, ליבע — און אַלדאָס אומריינע איז געטובלט געוואָרן אינעם ריינעם קוואַל פון הארצן.

אין אַ באַשטימטן עלטער קומט מען צוריק, ווען אַפילו בלויז מיטן געדאַנק און בענקשאַפט צו די ערשטע יאָרן פון דער היים, פון דער קינדהייט.

## אין חדר אַריין

„אין אַ מזלדיקער שעה", — האָבן אַלע מיר צוגעוווּנשן, ווען כ׳בין צום ערשטן מאָל צום קליינעם משהלע אין חדר געגאַנגען. דאָ האָב׳ך שוין נישט באַדאַרפט אָנהייבן פון קמץ־אַלף—אָ. אין דעם האָט מען מיך פריער צוגעגרייט. כ׳האָב אַפילו געקענט קריאת־שמע און אַלע ברכות וואָס אַ יידיש קינד דאַרף קענען — פון אויסנווייניק. דאָך האָב איך ביי משהלען באַקומען דעם יסוד און דעם סדר פון לערנען.

דאָס חדר איז באַשטאַנען פון אַ גרויסער הינטער־שטוב מיט צוזאַמענגעשטעלטע טישן און בענק פאַר די קינדער. אַנטקעגן אונדז, ביי אַ קליין טישל, איז אויף אַ הויכער שטול געזעסן דער מלמד.

ווי קליין און נישט אַנזעעוודיק ר׳ משהלע איז געווען, האָט נאָך די באָרד די זיינע כמעט דאָס גאַנצע פנים אים פאַרדעקט. בלויז דער שטערן זיינער האָט זיך געוועלבט אָפן און פריי ווי ביי אַ בן־תורה. צווישן די ברעמען און באָרד האָבן זיינע אויגן אַרויסגעבליקט ווי פון אַ באַהעלטעניש אַרויס. פון דעסטוועגן האָבן זיי געזען אַלעמען צוזאַמען און יעדן פון אונדז באַזונדער און זיינע דראָבנע טריט האָבן אונדז דערגרייכט מיט דער הילף פון אַ לאַנגן פון האַלץ־געשניצטן טייטל און גרויסן קאַנטשיק. אַ סך מאָל האָבן זיך דער קאַנטשיק און דאָס טייטל קעגנזייטיק אַרויסגעהאָלפן ביים איינחזרן מיט אונדז דעם ריכטיקן טעקסט און ניגון פון חומש: „בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ — פון אָנהייב האָט גאָט באַשאַפן"... דער רבי: „און טאָקע נאָכאַמאָל — ווער האָט באַשאַפן?" די קינדער אין כאָר: „גאָט האָט באַשאַפן דעם הימל און די ערד"...

אין דער פאָדער־שטוב פונעם חדר האָט דעם מלמדס ווייב געהאַט אַ בעקעריי. פון דאָרטן האָט זיך געטראָגן דער געשמאַקער, רייצנדיקער ריח פון פריש־געבאַקענע גרעטשענע באַבעלעך וואָס מיר האָבן זיי יעדן פרימאָרגן פאַר גראָשנס געקויפט, מיט פוטער באַשמירט און מיט גרויס הנאה פאַרשלונגען. די פענצטער פון חדר זענען אַרויס אין אַ גרעסערן, בשותפותן מיט אנדערע משפחות הויף, וועלכער האָט זיך אָפּגעשלאָסן ביי אַ סאַד וואָס האָט געצויגן זיך שיף אַראָפּ ביז צום טייך. מ׳האָט דעם סאַד גערופן: סוואַצקיס גאָרטן. וויפל די פּרוכטביימער האָבן נישט געלאָקט, געצויגן, האָט קיינער פון דער חברה נישט געוואַגט דעם פלויט אַריבערצושפּאַנען. סוואַצקיס אלמנה — אַ הויכע, געזונטע גוי׳ע — האָט געהאַט שטרענגע, אַרויסשטאַרצנדיקע אויגן וואָס האָבן שטענדיק געוואַכט — און דאָס האָט געשראָקן...

אומהיימלעך לאַנג האָבן זיך געצויגן די טעג אין חדר. דער גרויסער וואַנטזייגער האָט איינטאָניק געשלעפּט די שעהען און ווי נאָר דער רבי האָט זיך אַ מאָל פאַרטראַכט, אָדער גאָר איינגעדרימלט אין מיטן לערנען, האָבן מיר פרייִלעכע אַרויסגעקוקט דורך די פענצטער אין הויף אַריין. און

שטענדיק איז דאָרט געווען וואָס צו זען. אַ סך מאָל האָב איך סתם־אַזוי זיך פֿאַרחלומט צום דרויסן אַרויס. מיין אינערלעכע וועלט איז פֿול געווען, האָט געבליט מיט קינדערישע פֿאַנ־טאַזיעס און חלומות פֿון זיך אָנגעהערטע מעשיות און פֿון אַליין געלייענטע אין די מעשה־ביכלעך וואָס כ׳פֿלעג קויפֿן ביי אלתר מוכר־ספרים׳ניק. אין זיין ווינקל אין בית־מדרש האָט אַלתר אויסער תפֿילין, מזוזות, ציציות א״אַנד תשמישי־קדושה פֿאַרקויפֿט אויך די ווונדערביכלעך. פֿון זיי האָב איך זיך דערוווּסט וועגן די פֿרומע מעשים פֿון צדיקים און גוטע־יידן, וועגן די למד־וואָוו וואָס האַלטן אונטער די יסודות פֿון דער וועלט. אין די ביכלעך זענען אויך געווען שרעק־מעשיות וועגן וואַלד גזלנים, מזיקים, שדים, דייטשלעך, דיבוקים און אַ סך אַנדערע ווילדע כוחות וואָס זוכן זייער תיקון און שרעקן און וועקן דעם קינדס נייגיר...

אין די ווינטער־פֿאַרנאַכטן, צווישן מנחה־מעריב, ווען דער רבי איז אַוועק אין בית־מדרש און מיר, די תלמידים, זענען געבליבן אַליין אין חדר, אין אַט דער טונקעלער־שעה פֿון נישט טאָג און נישט נאַכט, ווען יעדע באַוועגונג שאַטנט זיך אויף די ווענט, איז געווען מיין צייט צו דערציילן פֿון אַלעם וואָס כ׳האָב געוווּסט. די קינדער, ווי דערשראָקענע שעפּעלעך, האָבן זיך געטוליעט אַרום מיר, מיך אַרומגענומען מיט וואַרעמקייט און זיך צוגעהערט צו מיינע מעשיות מיט פֿאַרכאַפּטן אָטעם.

מיטן צוריקקומען פֿונעם רבין און מיטן אָנצינדן דעם נאַפּט־לאָמפּ, איז דאָס דערציילן פֿאַרדריסלעך איבערגעריסן געוואָרן.

אַ סך מאָל האָבן מיר אונדזער פֿרייהייט דערגרייכט מיט דער הילף פֿון סטראַזשניק. געווען נישט־ווייניק חגא־טעג, ווען ס׳איז פֿאַרבאָטן געווען צו לערנען. דער רבי פֿלעגט אַרויסשיקן איינעם פֿון אונדז זען צי ס׳געפֿינט זיך נישט אין דער סביבה קיין „קנעפּל". תמיד איז דער שליח צוריקגעקומען מיט דער בשורה־טובה, אַז ער האָט געזען... און צו דער פֿרייד פֿון אַלעמען, אפֿשר אויך צו דער פֿרייד פֿון רבין, איז דער חדר גלייך פֿונאַנדערגעלאָזט געוואָרן. אין דער פֿרי, צו שחרית, האָט מען אונדז פֿאַרזאַמלט אין בית־מדרש. דאָרטן איז שוין געווען נאַטשאַלסטוואָ און מיר האָבן מיטן חזן אָפּגע־זונגען דעם „הנותן תשועה" און דעם הימן: „באָזשע צאַריאַ כראַני". באַלד נאָך דעם זענען מיר געווען פֿריי און געלאָזט זיך אין גאַלאָפּ צו זאַלעסקין אונטער דער בריק שווימען (אַ דאַנק דעם זענען די גאַרוואַלינער שווימערס).

אין דער ווייניק פֿרייער צייט האָבן זיך די קינדער גע־שפּילט אין כאַפּאַלעך, אין באַהעלטעניש און זיך געציילט מיט „אברהם־בערל" און מיט „נישט אינס, נישט צוויי" ביז ס׳האָט ווער פֿון די עלטערן געכאַפּט זיי בעת־מעשה און אָנגעמוסרט מיט אַ „פֿע — ספּאַסט נישט"... מיטן בייט פֿון די חדשים, זמנים און יאָרן האָבן זיך אויך געביטן די מלמדים: דער קליינער משה׳לע, גרשון בער דער לאַטאָוויטשער, יעקב בער, שמעון דער זשעלעכאָווער א״אַנד. במשך דער וואָך האָבן מיר אויך געהאַט רוסיש־שעהען, ביי משה בעימאַן אין שולע. אַזוי בין איך געוואַקסן און אַריינגעוואַקסן אין עול התורה און מצוות: חומש־רש״י, גמרא, תוספות א״אַנד מפֿורשים. די פֿרומע יידישע וועלט האָט מיך איינגעשלאָסן אין זיך.

קליין און ענג איז געווען דער תחום פֿון יידישן לעבן. בלויז אַ וואַקלדיקע, אומזיכערע בריק האָט פֿאַרבונדן די צוויי טיילן פֿון שטעטל — דעם יידישן און קריסטלעכן טייל — צוויי פֿרעמדע דורך קנאה־שנאה געטיילטע וועלטן.

ס׳איז געווען דאָס יאָר ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין שחט־הויז האָט פּאַסירט אַן אינצידענט צווישן אַ יינגן יידישן קצב מיטן אָרטיקן פּוילישן סטרוזש. דער גוי איז באַפֿאַלן דעם ייד מיט אַ קיילער־מעסער און נאָכיאָגנדיק אים האָט ער זיך אויסגעגליטשט, געפֿאַלן אויפֿן מעסער און זיך דערשטאָכן. אַלע קצבים, אויך די שוחטים וואָס זענען געווען דאָרט בעת־מעשה, האָט מען אַרעסטירט און נאָך דער אויס־פֿאָרשונג באַפֿרייט. אויף דער אויספֿאָרשונג איז באַוויזן גע־וואָרן די אומשולד פֿונעם יידישן קצב. היימישע און פֿרעמדע אַנטיסעמיטן האָבן פֿון דעסטוועגן געהעצט די קריסטן צו נקמה. ס׳האָט זיך געטראָגן אין לופֿט דער ריח פֿון עלילת־דם, די שרעק פֿאַר אַ פּאָגראָם. אַ מזל, וואָס רוסישע זשאַנדאַרמען און פּאָליציי־לייט האָבן געהיטן און פֿאַרהיטן דעם יידישן ישוב פֿון אַ חורבן.

אין יענער צייט האָבן מיר געוווינט אין אַ קריסטלעכער געגנט און ווייל מיין פֿאָטער, אַלס שוחט, איז אויך געווען פֿאַרמישט אינעם אומגליקספֿאַל, האָט אונדזער משפּחה פֿאַר־לאָזט די וווינונג און ביז איבער דער לויה האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן ביי גוטע פֿריינד. מיך האָט די מאַמע געברענגט צו חיים ברוקאַזש אין הויז. זיין פֿרוי, גיטל, איז געווען אַ פֿריינדין פֿון מיין מוטער. איך, הגם אַ קינד נאָך, איז מיר די שרעק פֿון יענע טעג פֿאַרבליבן אין זכרון.

מיט ווי און בענקשאַפֿט קוק איך צוריק צו דעם שוין, דוכט זיך, אַזוי וויטן עבר. די יידישע געסלעך רוישן מיט דער באַוועגלעכקייט פֿון לעבן. די הייזקעס שטייען אַן אַ שאָטן פֿון אַ ביימל, אָפּגעדעקטע קעגן הימל, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: זע אונדז, גאָט, אַזוי ווי מיר זענען און שיק אונדז דיין ישועה. באַהאַלטן טיף אין זיך, פֿאַרדעקט מיט אַזוי פֿיל צער און אָרעמקייט איז געווען דאָס קוואַליק־ריינע פֿון דער יידישער נשמה, וועלכע די פֿרעמדע וועלט האָט נישט דערקענט, נישט געוווּסט און נישט געוואָלט וויסן פֿון איר.

דאָס בית־מדרש, געזען פֿון דרויסן, דאַכט זיך, נאָר אַן אַלטע הילצערנע געביידע, וואָס גליטשט זיך באַרג־אַראָפּ, נעמט מיט מיט זיך אויך די מקווה און זיי בלייבן שטעקן ביים ברעג פֿון טייך, אָבער אין זיין אינערלעכן פֿאַרנעם, איז עס נישט בלויז געווען אַ מקום־תורה ותפֿילה, נאָר אויך אַ געזעל־שאַפֿטלעכע היים סיי אין קה׳לשע סיי אין פּאָליטישע־ענינים און אַפֿילו אַ היים פֿאַר עוברי דרך און קבצנים וואָס האָבן זייער היים ערגעץ ווו פֿאַרלוירן. אין בית־מדרש, אינעם פֿאַרטונקלטן ווינקל פֿון הינטערן אויוון, האָבן זיי שטענדיק אַן אָרעמע היים געפֿונען. אין די שפּעטע נאַכט־שעהען ווען דאָס שטעטל פֿאַרלעשט דאָס ליכט און די איינגעשלאָפֿענע שטיבער טוקן זיך אינעם טיפֿן נאַכט־חושך, ברענט דאָ נאָך אַ פֿאַראיינזאַמט ליכטל — איבער אַ גמרא שאָטנט זיך דאָס געשטאַלט פֿון אַ מתמיד און ס׳הערט זיך אַן אויסגעצויגן געזאַנג פֿון לערנען. נאָך איצט קלינגען טיף אין מיר די אומעטיקע טענער פֿון זיין ניגון.

## די וועלט־מלחמה 1914—1918

שבת אין דער פֿרי נאָכן דאַווענען און נאָכן בחיפּזונדיקן פֿאַרענדיקן די שבת־סעודה, האָט מיך דער טאַטע פֿאַר דער האַנט גענומען און געפֿירט מיך אין גאַסן, פֿול־געפּאַקטע פֿון וועגענער און מענטשן וואָס זענען זיך צוזאַמענגעפֿאָרן פֿון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפֿער ווי אויף אַ גרויסן יאָר־

יאַריד. אַלץ האָט געשטראָמט אין דער ריכטונג צום פּאָוויאַט. דאָס איז געווען דער גערופענער „זאַפּאַס" (רעזערוו), וועלכער איז פון דאַנען צעשיקט געוואָרן אין מיליטערישע לאַגערן. דער טרויער פון פאַראייִנזאַמטע משפּחות, וואָס אַ סך פון זיי האָבן צום לעצטן מאָל זייערע נאָענטסטע געזען, האָט איבערגעלאָזט אויף אַלעמען אַ שווער דערדריקנדיק געפיל.

נעכטן האָט דער גאַרוואָלינער דראַגאָנער-פּאָלק פאַרלאָזט זיינע קאַזאַרמעס און אָפּגעריטן צום פראָנט. דאָס געפיל צו זיי איז געווען אַ ווייט געפיל. אַפשר דערפאַר ווייל אין זיין מיליטערישן לבוש זעט מען אינעם סאָלדאַט, נאָר דעם סאָלדאַט — און נישט דעם מענטשן. אומקערנדיק זיך אַהיים האָט מיין פאָטער זיך איבער מיר איבערגעבויגן און מיט טריבן ערנסט געזאָגט:

— זעסט, מיין קינד, זאָלסט עס פאַרגעדענקן, דאָס איז אַן התחלה פון אַ גרויסער וועלט-מלחמה, אַ הרג פון מיליאָנען מענטשן... גאָט דער לעבעדיקער ווייסט וואָס ס'וועט זיין מיט זיין פאָלק ישראל. — אוי, האָט ער פרום געזיפצט, ט׳.באָב! — זייט דעם חורבן בית-המקדש הייבן אַלע צרות און פורעניותן זיך אָן אין דעם טאָג — אַ זכר לחורבן.



איבערן גרויסן שטח פונעם בית-המדרש הויף ליגן קופּעס גרויסע שטיינער וואָס אַמאָל, אַמאָל זענען זיי באַשטימט געווען פאַר אַ פונדאַמענט צו אַ נייער געמויערטער שול וואָס מען האָט באַדאַרפט בויען. די שול איז נישט געבויט געוואָרן. די שטיינער זענען געבליבן. איצט זעט עס אויס ווי זיי וואָלטן פון דער ערד אַרויסגעוואָקסן. הינטער זיי שפּילן זיך קינדער אין באַהעלטעלעך און אויף זיי זעצן זיך צווישן מנחה-מעריב אויס די באַקאַנטע אין שטעטל פּאָליטיקער אַבוש מרגלית, משה מאָקאָטאָוו און מערערע פּאָליטישע קיביצער אַרום זיי. רעדן רעדט מען געווינלעך וועגן דעם מלחמה-מצב צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד. דער עולם איז צעטיילט אין צוויי לאַגערן: איין צד איז מיט די דייטשן און דער צווייטער — האַלט שטאָל און אייזן מיט די רוסן. ביידע צדדים באַגרינדן סטראַטעגיש זייערע מיינונגען וועגן די קריגערישע כוחות — און וועלכער פון זיי ס'וועט מנצח זיין אין דער מלחמה.

גאַרוואָלין געפינט זיך אויף אַ קרייצונג פון וועגן. אין אַלע תקופות פון אויפשטאַנדן און מלחמות אויפן באָדן פון פוילן פלעגן דאָ דורכגיין די חיילות פון מזרח צו מערב און צוריק. אין יענע אַלטע צייטן, ווען דער פאַרקער איז באַשטאַנען בלויז פון פערד און וועגן, איז דאָס שטעטל געווען אַ חשובע צווישן-סטאַציע אויפן וועג קיין וואַרשע. דערפאַר זענען דאָ אַמאָל געווען פול אַכסניות, קאָוואַליעס א״אַנד מלאכות דעם פאַרקער צו באַדינען.

אויך אין אונדזער צייט איז גאַרוואָלין פאַרבליבן אַן אָרט פון מיליטערישער וויכטיקייט: פּולקן, דיוויזיעס, קאָרפּוסן — מחנות, מחנות מיליטער. טאָג און נאַכט מאַרשירן זיי מיט טעמפּע שטיוול-טריט. די מאַרשן פון די אָרקעסטערס און דאָס רויע זעלנערישע געזאַנג טראָגט זיך אין ווייט:

— „טשובבאַ-ריקי טשוב טשיק, טשוב, טשוב, טשוב!"...

פון אָנהייב, ווען דער פראָנט איז נאָך פון אונדז ווייט, שטראָמט דאָס מיליטער יינג, מוטיק און געזונט ערגעץ-וווּ אַוועק. מען ווייסט, ס'איז מלחמה, מען פילט אָבער נישט איר שרעקלעכן באַדייט. צוריק קומען זיי שוין, די סאָלדאַטן, רעשטלעך פון מענטשלעכע פיזיגאָמיעס: מידע, פאַרשמוצטע, אין צעריסענע בגדים — איבערלאָזנדיק הינטער זיך מאַסן-קברים, פאַרזייטע אויף פרעמדע פעלדער. נאָך חדשים פון צווייפלהאַפטע נצחונות, יאָגן שוין די זיכערע מפּלות. דער רוסישער פראָנט איז איינגעבראָכן. איבער אַלע וועגן ציען זיך די רוסישע אַרמייען צוריק, טיפער אין לאַנד אַריין. עס



**„קונע לעמל"-פארשטעלונג**

מימין לשמאל: רבקה וודכנע, שינדל ומפן, טובה טיקוצינסקי, אלי יעדוואד, א. קלמנמאן י. וואדכנע רבקה ואסרניס, מאיר וולף. רושניעווסקי.

הערט זיך שוין אויך ביי אונדז דער גערודער פון די האַרמאַטן. די אימה פון דער מלחמה דערנענטערט זיך.

דער שטראָם פון די געשעענישן ברענגט מיט זיך פּחדים פאַר נייע גזירות, — די מיליטערישע מאַכט זוכט שולדיקע: שפּיאָנען, „גערמאַנצעס״, פאַררעטער — איז דער ייד דער בעסטער שעיר־לעזאזל. די שרעק פאַר פּאָגראָמען הענגט אין דער לופט.

אין די דאָזיקע אומרויִקע טעג קומען קיין גאַרוואָלין פּליטים־טראַנספּאָרטן — טויזנטער יידישע משפּחות פון די נישט־ווייטע פראָנט־געביטן — פאַרטריבענע פון זייערע היימען. דאָס שטעטל ווערט איבערגעפולט. אַלע הייזער שוין באַזעצט. די שפּעטערע באַקומען זייער דאַך איבערן קאָפּ אויף ביידעמער, אין קאַמערן און שטאַלן — אומעטום ווו ס׳איז נאָר מעגלעך שטח צו געפינען. יידן, בני רחמנים, העלפן מיט אַלע זייערע קאַרגע מעגלעכקייטן און מיטלען. יעדער איינער פאַרטראַכט זיך, אויב דער גורל האָט נישט באַשטימט דאָס זעלבע אויך פאַר אים. טאָג און נאַכט באַקן די בעקערייען און קענען נישט געניגענען דעם גרויסן נאָכפרעג אויף ברויט. די זעלבע לאַגע איז אויך מיט אַנדערע לעבנס־מיטלען, זיי ווערן אַלץ וויניקער אויפן פרייען מאַרק.

איך לערן איצט ביים לאַטאָוויטשער אין חדר. פון זיין דריי־צימערדיקע וווינונג איז אים נאָר איינציק דאָס חדר געבליבן. די אַנדערע צוויי זענען באַזעצט פון פּליטים. די פענצטער פונעם חדר קוקן זיך אָן מיט די פענצטער פון דער ווייבער־שול. אויך די ווייבער־שול איז פול מיט פּליטים, פרויען און קינדער. די מענער זענען איינגעקוואַרטירט אין בית־מדרש. נייגעריק קוק איך אַריבער צו דער ווייבער־שול, צו דעם ענגן, אומגליקלעכן לעבן פון די היימלאָזע.

אויפן ראַנד פון אַן אָפן פענצטער איז אַרויסגעלייגט געוואָרן אַ גרויס ראַזעווע ברויט. ווייזט אויס, מ׳האָט עס נאָר וואָס באַקומען גלייך פון הייסן אויוון אַרויס — און אַוועקגעלייגט עס צום אָפּקילן.

באַלד זע איך ווי די גרויס־געוואַקסענע טויב־שטומע טאָכטער פונעם שוסטער, אויך אַ פּליט וואָס וווינט אין אונדזער חדר־הויף, גנבעט זיך שטיל אונטער און כאַפּט צו דאָס ברויט. צוויי פרויען זוכן פאַרצווייפלט דאָס ברויט וואָס איז אויגנבליקלעך פאַרשוווּנדן געוואָרן. מיך הייבט עס־פון אָרט, איך געפין פאַרן מלמד אַ תירוץ און פיר די פרויען צום אָרט, ווו דאָס ברויט איז צו געפינען.

דער שוסטער זיצט ביי זיין ווערקשטעל, אין הויף, און זופּט פון אַ טיפער שיסל די איינגעברענטע זופּ, וואָס זיין טויב־שטומע מויד האָט אים דערלאַנגט. ער האַלט דאָס ברויט אויף זיין שמוציקן, אַרויסשטאַרצנדיקן בויך און שניידט פון דעם מיטן שוסטער־מעסער, ווי פון לעדער, לאַנגע דינע ברויט־שניצן און פאַרשלינגט זיי מיט גרויס אַפּעטיט. די צוויי פרויען קוקן זיך איבער... זאָגט איינע: — אַנטשולדיקט, דאָס ברויט איז אונדזער. מיר האָבן עס באַקומען מיט גרויס מי. ס׳איז פאַר צוויי משפּחות מיט קליינע קינדער.

דער שוסטער, עסנדיק:

— דאָס ברויט איז אייער, און ווו איז דער סימן? — פרעגט ער מיט אַ ניגן, נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ פון דער שיסל.

— דאָס יינגל איז אַן עדות! — זאָגט די פרוי.

— אויך מיר אַן עדות — ענטפערט איר דער שוסטער גלייכגילטיק.

— גיט אונדז כאָטש די העלפט — בעט זיך די צווייטע פרוי.

— אַז קיין סימן האָט איר נישט — זאָגט דער שוסטער קייענדיק — איז פאַרא מחותנים זענט איר, אַז איך זאָל זיך מיט אייך טיילן; וואָס, דאָס ברויט איז אויף אייער פעלד געוואָקסן? ער שניידט ווייטער פונעם ברויט, זאָגנדיק ווי פאַר זיך: —אַ ברויט איז דאָס, זאַמדיק, ס׳קנאַקט אין די ציין.

דער לעצטער צינישער זאָג זיינער, האָט מיך שוין אויפגעברויזט. אומגעריכט פאַר אַלעמען האָב איך אַ כאַפּ געטאָן דאָס ברויט און עס דערלאַנגט די פרויען. דאָס שוסטער־טישל מיטן עסן האָט זיך אַזש איבערגעקערט.

די פרויען האָבן מיך באַגלייט מיט אַ ברכה: — קינד־לעבן, גאָט זאָל דיך אויסהיטן פון הונגער און פון שפּאָט...

אויף אַלע מיינע וועלט־וועגן האָב איך פאַרגעדענקט דעם שפּאָטישן זאָג: „דאָס ברויט איז זאַמדיק, סקנאַקט אין די ציין״...

די רוסן פאַרלאָזן דאָס שטעטל. זיי צעשטערן הינטער זיך די בריק איבערן וואַסער. ס׳האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך דאָס פינצטערע, אַנטיסעמיטישע געשפּענסט. נאָך זיי קומען די דייטש־עסטרייכישע אַרמייען. זיי בויען אויף די בריק פון דאָס ניי. מען גלייבט, אַז אַ נייע ליכטיקע תקופה איז געקומען.

די פּליטים, אָדער היימלאָזע, ווי מ׳האָט זיי גערופן, פאַרלאָזן ביסלעכווייז דאָס שטעטל. זיי פאָרן אין זייערע פריערדיקע היימען. ווי תושבים, פאַרבלייבן אין גאַרוואָלין בלויז איינצלנע משפּחות. איינע אַזאַ משפּחה, לייבל גניעוואַשאָווער, מיט זיין גרעסער בני־בית איז מיר פאַרבליבן אין זכרון צוליבן טראַגישן סוף פון זיין עלטסטער טאָכטער אסתר גנענדל. איינע וואָכן פאַר איר חתונה האָט מען זי געפונען אין איר חופּה־קלייד אַ דערטרונקענע הינטער דער מיל. די סיבה פון איר שריט איז מיר נישט באַקאַנט.

באַלד נאָך דעם טראַגישן פאַל האָט אויך די משפּחה דאָס שטעטל פאַרלאָזט.

## די אָקופּאַציע

די מלחמה איז אַ מפלצת (פאַרזעעניש) אין פיל געשטאַלטן. די דייטשע הערשאַפט ברענגט אַריין זייער אַ סך ענדערונגען אינעם לעבן פון שטעטל. אויך דעם הונגער. אַלץ האָבן זיי „געזעצלעך״ גענומען פאַר זיך, און דאָס איבעריקע — אין היימלאַנד געשיקט. פון אַלע געבאָטן און פאַרבאָטן זייערע איז דאָס יידישע שטעטל געבליבן אָן פּרנסה. אויך אונדזער שטוב איז פון דעם שטאַרק געטראָפן געוואָרן. דאָס וויניקע, צוגעטיילטע שלעכטע קאַרטן־ברויט האָט קוים געשטילט די נויט. אַלדאָס איבעריקע האָט געהייסן לוקסוס. כמעט דער גאַנצער האַנדל האָט זיך פאַרוואַנדלט אין שוואַרצהאַנדל און שמוגל.

די מלחמה איז שוין געווען ווייט, נאָר אירע קאָשמאַרן האָבן נאָך אַלץ געשאָטנט אין אַלע ווינקלען פון לעבן. די שרעקלעכע אָרעמקייט, די נויט איז געווען אַ מלחמה־נאָכווייעניש וואָס האָט געברענגט מיט זיך צווישן אַלע אַנדערע קראַנקייטן, אויך דעם טיפוס. אַלע הילפס־מיטלען קעגן דער מגיפה, האָבן זי נישט באַקעמפט. באַזונדערס אומגעשטערט האָט דער טיפוס געפּאַנעוועט אין די יידישע היימען און אַוועקגענומען אַ סך טייערע קרבנות.

אויך אונדזער היים איז נישט געשוינט געבליבן. אונדזער

ליבע, שיינע שוועסטער, חיי־רבקה, איז געשטאָרבן פון טיפוס צו איר צוואַנציק־יאָריקן עלטער. אַנהויבנדיק פון יענעם טאָג, האָט די פרייד פון אונזער לעבן זיך פאַרלאָשן. אונדזער ליבע געטריע מוטער האָט דעם טרויער הייליק געהיטן.

אונדזער עלטסטע שוועסטער, באַשע־הדס, איז צו יענער צייט געקומען צו אונדז פון לאָדזש מיט אירע דריי קינדער: אפרים־הערש, אסתר־רחל און ירחמיאל־ישראל־יצחק, באַשע־הדס האָט קיינמאָל פון קיין געאָרדנט גליקלעך פאַמיליע־לעבן נישט געוווּסט. זי מיט אירע קינדער זענען שוין פאַרבליבן ביי אונדז אַלע שווערע יאָרן. אין אונדזער צוויי־צימער־וווינונג האָבן זיך געשוועסטערט דער פריערדיקער טרויער מיטן איצטיקן צער...

ווען איך דעק איצט אָפּ דאָס בילד פון יענער צייט זע איך אַזוי פיל באַדייטנדיקע פּאַסירונגען וואָס ס'איז שווער צו שיידן זיך מיט זיי. נאָר דאָ איז דאָס אָרט מיר צו ענג און זיי וועלן בלייבן אינדרויסן, הפקר צום פאַרגעסן. איך קוק צוריק צו יענע פאַרגאַנגענע יאָרן און פרעג ביי זיך אַליין: איז דען אַלץ אין דעם געגעבענעם צייט־אָפּשניט געווען אַזוי טונקל? ס'זענען דאָך אויך געווען זוניקע טעג פון פרייד, וואָס האָבן אַריינגעשמייכלט אין אונדזער משפחה־הויז. צוליב וואָס הילט זיך אַלץ אין שווערן, טונקעלן נעפּל?

האַרט פאַרן טויט פון דער אומפאַרגעסלעכער חיי־רבקה האָט אונדזער שוועסטער שרה־לאה חתונה געהאַט צו איר געליבטן מאַן, אברהם־מענדל, און זיי מיט זייערע דריי קינדער: איטקע־רחל, משה־הירש און אסתר האָבן געשאַפן אַ גליקלעכע היים — אַביסל נחת פאַר די עלטערן און פאַר אונדז אַלעמען.

הגם אונדזער היים איז געווען פאַרשלאָסן דורך אַלע פרומע באַגרענעצונגען, האָט דאָך שטענדיק עמעצער פון אונדז געעפנט אַ פענצטער צום דרויסן, פונוואַנען די פרייע לופט האָט אַלץ מער אַריינגעדרונגען. די שטוב האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעפילט מיט ביכער, מיט דיסקוסיעס וועגן נייע גלויבנס, מיט וועלכע די יוגנט האָט זיך שוין פריי אַרומגעטראָגן.

די מלחמה, די דייטשע אָקופּאַציע און די נויט האָבן געטריבן מענטשן פון אָרט צו אָרט. אין שטעטל האָבן זיך באַוויזן נייע געשטאַלטן, וואָס האָבן מיט זייער טעטיקייט געשאַפן נייע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, בעיקר אויפן פּאָליטישן געביט און מיט דעם אויך די כלים פאַרן נייטיקן קולטור־באַדאַרף. ס'איז געגרינדעט געוואָרן אַ קולטור־פאַראיין, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון „בונד". ס'זענען אויך געווען האַלב־געלונגענע פּרוּוון צו עפענען אַ יידישע שולע און פון צייט צו צייט זענען געשטעלט געוואָרן ערנסטע טעאַטער־פאָרשטעלונגען. עס האָבן דאָס שטעטל באַזוכט פאַרשידענע רעפערענטן און לעקטאָרן, וועלכע האָבן מיט זיך מיטגעברענגט די בשורה פון דער גרויסער וועלט.

פון דעם אַלעם וואָס כ'האָב באַוויזן אָפּן און געהיים צו לייענען בין איך שנעל אַרויס פון מיין קינדהייט און צו ביסלעך אַריין אין דער וועלט פון די דערוואַקסענע מיט זייערע באַגריפן און פּראָבלעמען.

מיין ברודער, אלימלך, וועלכער האָט אין זיין פריעסטער יוגנט מורד געווען אינעם לעבנס־וועג פון אונדזערע עלטערן, האָט פאַרלאָזט די היים, דורכגעמאַכט פאַרשידענע גלגולים און פאַרשווונדן ערגעץ אין וויטן רוסלאַנד — אינעם מבול פון אירע טראַגישע געשעענישן.

אָפּט דאַכט זיך מיר, אַז כ'בין אַרויף אויפן ברייטן שליאַך פון די שטעטלשע פּאַסירונגען. ס'ווילט זיך וויטער אַזוי גיין, דערציילן, דערציילן... פּלוצעם רופט מיך צוריק אַ פאַראוואָקסן שטעגל פון מיין קינדהייט, אַ שטעגל, אויף וועלכן כ'בין דורך ווילד־גראָז און דערנער געגאַנגען און דאָס האָט געצייכנט באַשטימטע טיילן פון מיין לעבן.

אין דער דערמאָנטער, שווערער הונגער־צייט, ס'איז געווען ערב די ימים נוראים, האָט מען מיין פאָטער אָנגעבאָטן צו זיין אַ בעל־תפילה אין אַ וויטן דאָרף ביי לאַסקעראַוו. און ווייל איך האָב געהאַט אַ שטאַרקן, פולן סאָפּראַן, האָב איך מיין פאָטער באַגלייט אַלס משורר (אונטערהעלפער). צו מאָרגנס, נאָך יום־כיפור, האָט דער טאַטע דאָס דאָרף פאַרלאָזט, כדי אין אַ וויטערן דאָרף צו שחטן עטלעכע קעלבלעך און עופות (דער טאַטע איז געווען אַ שוחט). כ'בין דאַן קוים 9 יאָר אַלט געווען און באַדאַרפט מאַכן צו פוס דעם וועג אַהיים 8 קילאָמעטער בערך. כ'האָב זיך שטאַרק דערפריייט בעת דעם אַרענדאַרס ווייב האָט מיר פאַרגעלייגט מיטצונעמען אַהיים אַ ביסל פון אירע פּראָדוקטן. אַזוי האָט אויך אין אַ וויטערן דאָרף אַ גוטע יידישע מוטער דעם זאַק מיט כל טוב אָנגעפילט. כ'האָב געמוזט די שווערע געוויכט אין צוויי זעק טיילן. אָפּגעטראָגן אין טייל, בערך אַ קילאָמעטער, באַהאַלטן אים און זיך אומגעקערט נאָך דער צווייטער טייל. אַזוי בין איך אַהין און צוריק לאַנגע שעהען געגאַנגען. כ'בין שפּעטער עטלעכע טעג קראַנק געווען.

דער עפּיזאָד, ווי אויך אַנדערע, דאָ נישט דערציילטע, דערמאָנען די שווערע צייטן, ווען ס'ווערט רייף אויך דעם קינדס געפיל און אחריות פאַר דער משפּחה.

## אין צייכן פון דער צייט

דער שוין דערמאָנטער טראַגישער פאַל אין שחט־הויז מיטן יידישן קצב און קריסטלעכן סטרוזש איז אַרויס פון דער פאַרגעסנהייט *). דער משפט האָט זיך באַנייט. די שטאָט־אַנטיסעמיטן האָבן נאָר אויסגעוואַרט אויף דער פאַר זיי פּאַסיקער צייט. נאָכן דערקענען דאָס פרעמדע פּרצוף פונעם פרישן אָקופּאַנט, האָבן זיי געהאַלטן אַז אַזאַ שעת הכושר איז געקומען. זיי האָבן שנעל איינגעזען אַז די דייטשן זענען נעענטער צו זיי, איידער צו די יידן. דאָס דייטשע קרייז־געריכט האָט דאָס מאָל פאַרמשפּט דעם יידישן בחור אויף 3 יאָר שווערער תפיסה.

די האַרבע דייטשע געזעצן, דער קריגס־אויסנאַם־צושטאַנד, וועלכער האָט פאַרשלאָסן די נעכט פאַר יעדער פרייער באַוועגונג, די פינצטערע אָוונט־שעהען, אָן ליכט אין די פענצטער — אַ רעזולטאַט פונעם דערמאָנטן אויסנאַם־צושטאַנד. דער טויט־אורטייל וועלכער איז געהאַנגען איבערן האַלדז ווי אַ שווערד, — אָט די אַלע דייטשע מאָס־מיטלען האָבן נישט געמינערט דעם רויב און מאָרד אויף די וועגן.

אונדזער קרוב אברהם משה פון פּאָריסאָוו איז באַרויבט און דערמאָרדעט געוואָרן אויפן וואַלדוועג צווישן גאַרוואָלין און זיין שטעטל. די רוצחים זענען נישט אַנטדעקט געוואָרן. דער אַלטער גאַרוואָלינער יידישער פערדהענדלער האָט געפונען זיין טויט הינטער דער שטאָט, ער איז אַהין פאַרנאַרט געוואָרן דורך זיינע קריסטלעכע שותפים. פון נאָענט און וויט האָט מען דערציילט וועגן רוצחישע אָנפאַלן.

אין מיין זכרון איז מיר פאַרבליבן אַן איבעראַשנדיקער

*) לויט דער ווערסיע פון אַלטער קליימאַן איז אויך דער קריסט געווען אַ קצב — (רעד.).

פאַל: אין צייטווייליקן שטאַטישן קריגס-געריכט האָט מען פאַרמשפּט צום טויט אַ ייִד און אַ קריסט. מ'האָט ביי זיי געפונען געווער. אונטער אַ שמירה פון 4 סאָלדאַטן האָט מען זיי אין אַ פאַרנאַכט אַריבערגעפירט פון דער תפיסה אין די קאַזאַרמעס. לויט דער פּראָצעדור, האָט דאָרט באַדאַרפט אויסגעפירט ווערן די עקזעקוציע. די פאַראורטיילטע זענען באַגלייט געוואָרן דורך זייערע משפחות מיט געוויינען און היסטערישע געשרייען. ביים מאַרק-פּלאַץ זענען זייערע געשרייען געוואָרן נאָך שטאַרקער. די וואַך האָט געפּרוווט פאַרטרייבן די שרייער און אין געשפּאַנטער בהלה איז דער פאַרמשפּטער ייִד נעלם געוואָרן צווישן די מאַרק-בודקעס. אויך דער קריסט האָט געפּרוווט אַנטלויפן, נאָר אים האָט מען גלייך געכאַפּט.

סאָלדאַטן, פּאָליציי און זשאַנדאַרמען האָבן די וועגן גע־שלאָסן. די גאַנצע נאַכט און טאָג נאָך דעם האָבן זיי געזוכט, געגנישטערט יעדעס ווינקל און אים נישט געפונען. פאַר־שידענע ווערסיעס האָבן קורסירט אין שטעטל וועגן דער טונקעלער פאַרגאַנגענהייט פון דאָזיקן ייִדן, לויט וועלכע ס'איז אַנצונעמען, אַז אין זיינע מעשים איז ער נישט געווען פון די גרויסע צדיקים.

דערווייל האָבן זיי אַרעסטירט אַנדערע דריי האַרציקע ייִדן, בני־רחמנים, וואָס ביזן משפּט פלעגן זיי אים טראָגן עסן אין טורמע אַריין. די מאַכט האָט זיי שפּעטער חושד געווען, אַז זיי ווייסן ווו ער געפינט זיך, אָדער מען האָט סתם געוואָלט נקמה־נעמען אין ייִדן. חדשים האָט מען די ייִדן געפּייניקט ביז צענטראַלע ייִדישע אינסטאַנצן פון וואַרשע, מיט נח פּרילוצקין בראש, איז געלונגען צו באַווייזן זייער אומשולד און מ'האָט זיי באַפרייט.

יאָרן שפּעטער האָט פּרילוצקי די פּרשה באַשריבן אין "מאָמענט".

## אַ בהלה, פרייד און טרויער

דריי זענען זיי געווען, פאַמיליען־פּאַטערס, שותּפים צו אַ סאָדע־וואַסער פאַבריק: זלמן־יאָסל, לוי און קיסעל, בעת די רוסן האָבן דאָס שטעטל פאַרלאָזט, מיטנעמענדיק זיי מיט זיך אַלס ערובניקעס קעגן שפּיאָנען.

די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט זיי באַפרייט און מיטן שטראָם פון די דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן פון די זיך צעפאַ־לנדיקע רוסישע אַרמייען, זענען אויך זיי צוריקגעקומען.

די איבערראַשונג איז געווען גרויס, מ'האָט נישט געגלייבט אַז זיי לעבן נאָך. נישט ווייסנדיק ווּהין און וואָס, איז אַלץ גע־לאָפן זיי זען. אינעם שטאַרקן טומל איז נישט מעגלעך געווען צו פאַרשטענדיקן זיך. האָט עמעצער געמיינט אַז אַ שריפה איז אויסגעבראָכן און געקלונגען אין די אַליאַרם־גלאָקן. ס'איז געווען אָוונט־צייט, פינצטער, און די בהלה איז געוואַקסן. דעם קליינעם משה'לעס עלטסטע טאָכטער, צפורה, האָט גראָד אָנגעצונדן דעם נאַפט־לאָמפּ און פון שרעק איז איר דער לאָמפּ פון די הענט געפאַלן און דער נאַפט מיטן פייער האָט זיך אויף איר אָנגעצונדן. אויך רייזל, זלמן יוסף'ס פרוי, וועלכע איז געקומען זי ראַטעווען, האָט זיך אָנגעצונדן. ביידע פרויען זענען פאַרברענט געוואָרן.

## נייע צייטן

די רוסישע רעוואָלוציע האָט זיך אויסגעווירקט אויך אויף פּוילן. די דייטשע הערשאַפט אין די פּוילישע געביטן איז פאַרענדיקט. ס'הערן זיך נישט מער די שווערע, גרילצנדיקע טריט פון די דייטשע געקאָוועטע שטיוול. אויך דער דייטשער לעבנס־ערזאַץ איז בהדרגה פאַרשוווּנדן. ס'ווילט זיך די תקופה מיט אַלע אירע ווייענישן און טריבע טעג פאַרגעסן. נאָר קוק איך אַריבער צו יענער צייט — די צייט פונעם פּיל־צוזאַגנ־דיקן ליכטיקן מאָרגן, זע איך אַ פאַרכמורעטן הימל מיט טונקעלע שווערע וואָלקנס... וועגן דער דאָזיקער „נייער צייט" וואָלט כדאַי געווען צו דערציילן. מיך רופט אָבער איצט די אייגענע היים.

מיר וווינען איצט ביים אַלטן וואַכאָוויעץ. אַ הויז מיט ייִדישע און קריסטלעכע שכנים. אַנטקעגן אונדז אינעם הויף וווינט די משפּחה בערנהאָלץ: פאָטער, מוטער מיט 5 קינדער: יעקב, לייבל, יצחק, חנה און שרה. ער, ר' משה בערנהאָלץ, איז געווען אַ ייִד אַ דעמב — פון אַלטן דאָרפישן (מיעגנטנער) שטאַם. עס שאָטנט דער בוים אין שטילער, נאַטירלעכער רו, מיט פאַרצווייגטן געזונטן שווייגן. ער וואָרצלט טיף אין פּרוכט־באַרן באָדן. געווען איז ר' משה אַ קאָלאָבילער חסיד, איינער פון יענע, וואָס חסידות איז לכתחילה פאַר זיי באַשאַפן געוואָרן. נישט געקוקט אויף זיין פיזישער פעסטקייט, איז ער פון־דעסטוועגן געווען אַ מענטש פון רוחניות. צום רבין פלעגט ער נישט פאָרן, נאָר גיין צו פוס — און דעם וועג אַ הין דורכ־געמאַכט מיט כוונה און אמונה.

איך האָב געוווּסט אַז ער איז געווען איינער פון די על־טערע ניקאָלאַיעווסקע־סאָלדאַטן און ס'האָט זיך מיר געוואָלט הערן פון אים אַליין וועגן די מרחקים פון קאַווקאַז און סיביר, איז ער אָבער געווען אַ שווייגער און זעלטן ווען עפּעס דער־ציילט. אָבער פון דעם ווינציקן וואָס כ'האָב פון זיין מויל יאָ געהערט און פון דעם וואָס ס'איז אין די ווינטער־טעג הינטערן וואַרעמען בית־מדרש־אויוון פון אַנדערע דערציילט געוואָרן — איז מיין פאַנטאַזיע באַרייכערט געוואָרן, ווי כ'וואָלט אַליין אין די ווייטע לענדער געלעבט...

פון אַ גאַנץ־אַנדערן טייג איז געווען זיין פרוי, וויט אסתר, אַ ברייטע ייִדענע, אַן אשת־חיל. אין איר הויז האָט זי גע־הערשט ביד־רמה און איר קול האָט זיך געהערט אין דרויסן אַרויס...

אַ סך יאָרן האָבן מיר געלעבט אין גוט־שכנה־שאַפט — אַ וויכטיקע סיבה צום געדענקען די משפּחה צום גוטן.

אין זעלבן הויז טיר־ביי־טיר האָט געוווינט די ייִנגע קריסטלעכע משפּחה וואַניעק. ער, סטאַך, אַן איידעלער, אַ שוואַכער. זי, מאַניאַ, אַ שיינע, אַ הויכע — מיט אַ קאָפּ העכער פון איר מאַן, אַ גראַדע און שטאַרקע, ווי אַ סאָסנע אין וואַלד. די פרייע צייט האָבן זיי שטענדיק פאַרברענגט ביי אונדז אין שטוב. אַלע אירע אינטימע סודות האָט זי, מאַניאַ, פאַרטרויט מיין מוטער. ביי מיין מוטער האָט זי געזוכט אַ באַדאַכטע, גוטע עצה...

נאָך אַ שכן האָבן מיר געהאַט, יאַן וואַכאָוויעץ, דער זון פונעם באַלעבאָס. יאַן איז געווען אַ מנהיג פון דער ענדעציע, איינער פון די געפערלעכסטע אַנטיסעמיטישע העצער אין שטעטל. ביי זיין גאַנצער אינטעליגענץ, איז ער געווען אַ שיכור, מיט אַ פינצטערער נשמה פון אַ רוצח. דעם כאַראַקטער האָט ער געירשנט פון זיין מוטער, וואָס אפילו אין איר טיפסטן עלטער — שוין אַ געליימטע — איז זי נאָך אַלץ געזעסן גאַנצע טעג אין טויער, געפּאַרשט, געהיטן אַלעמענס טריט און ווי אַ געשפּענסט געשראָקן יעדן פאַרבייגייער. איר „טייערער" יורש האָט די ערשטע פרוי זיינער דערהרגעט און די צווייטע

— די ייִנגע יוזשאַ האָט תמיד געלעבט אין סכנה. זייִנע דריי טעכטער האָבן געלעבט מיט אונדז אין פריינדשאַפט. אָבער דאָס האָט נישט געמינערט פון זייער האַס צו ייִדן.

## ישראל וועלוול — דער באַלעגאָלע

שבת. דורכן פענצטער זע איך אָנקומען ישראל־וועלוול, דעם באַלעגאָלע, אין זייַן שוואַרצער, געהאַקטער שבתדיקער־קאַפּעטע. אירע ברייטע פּאָלעס פאַרשטעקט אינעם גאַרטל, נישט צו פאַרשמוצן זיי. זייַן קורץ־געפּעסלטער גוף וויגט זיך שווער אין די הויכע כאָליעוועס פון זייַנע שטיוול. ישראל־וועלוול גייט אין שטאַל־אַריין זייַן זוג־סוסים גוט־שבת ביטן. שוין אַ לענגערע צייט ווי ער שטייט אין הויף, גלעט מיט צערטלעכער ליבע די גלאַטע, שטאַרקע העלדזער פון זייַנע זאַטע, שיינע פערד, ווי ער וואָלט צו זיי גערעדט: ס׳איז שבת היינט, גאָטס־געבענטשטער טאָג פון רו. רוט אייך אויס, טרייע פּרנסה־געבער. די תורה האָט אויך אין אייך געדענקט און דעם שבת־מנוחה אויך פאַר אייך געבאָטן... זייַן ווייב, מייטע, וואָס פאָרט מיט אים מיט אויף אַלע יאַרידן און טראָגט באַגלייך מיט אים דעם עול־פּרנסה, שטעקט איר גרויסן, קאַנטיקן קאָפּ פון פענצטער אַרויס. ס׳ווילט זיך איר זאָגן עפּעס שטאַרקס און האַרציקס פאַר איר מידן מאַן, פאַר די גוטע געטרייע פערד. נאָר דער שטן ציט איר פאַר דער צונג — און פון איר טיפער, ברייט־מענערישער שטים הערן זיך גאָר אַנדערע דיבורים:

— ישראל־וואָלף, ס׳איז שבת היינט, וואָס פּייניקסטו די פערד ?..

הערט דאָס ישראל־וועלוול און אַ היץ שלאָגט אים אין קאָפּ־אַריין. איין קלייניקייט, ער, ישראל־וועלוול, פּייניקט די פערד!

אין ערשטן אייגנבליק שטייט ער אומבאַהאָלפן, ווי מ׳וואָלט אים מיט דער בייטש איבערן קאָפּ דערלאַנגט. ער פאַרהוסט זיך צום פאַרשטיקן, די אָדערן פון האַלדז ווערן אים אָנגע־דראָלן צום פּלאַצן און פון גרויס כעס חזרט ער שפּאָטיש איבער דעם ווייבס ווערטער: „וואָס פּייניקסטו די פערד!״ האַ, וואָס פּייניקסטו די פערד ?!״...

די פערד פאַרשטייען נישט דעם דיאַלאָג פון זייערע באַ־לעבאַטים. זיי פילן זיך גאַנץ פריי, צופרידן, און קאַטשן זיך אין זאַמד צום פערדישן פאַרגעניגן... איין פערד פילט זיך גאָר ווויל־יונגעריש, שטעלט זיך מעשה קונדס אויף די הינ־טערשטע פיס און לאָזט אַרויס אַ ווילדן געהירזש, סתם אין דער וועלט אַריין...

אַז ישראל־וועלוול זעט דאָס, וואַקסט ביי אים די נשמה. פון גרויס הנאה פאַרגעסט ער דעם כעס.. ער דערלאַנגט דעם פערד אַ פּעטשל אינעם הינטן אַריין, ווי ער פלעגט עס טאָן אַ מאָל, אין די גוטע, יונגע־יאָרן, עמעצן אַנדערש... די פערד לאָזן זיך לוסטיקע, אין פרייען גאַלאָפּ, באַרג־אַראָפּ צום טייך וואַסער טרינקען.

ישראל־וועלוול גלעט זייַן קורץ רויט בערדל און שמייכלט פאָטערלעך צופרידן. אויך מייטע באַגלייט די אָדלערס מיט טרייע מוטערלעכע בליקן...

## נייע צייטן — אַלטע זאָרגן

פּוילן איז באַפרייט. די פּוילישע חוצפּה איז שיכור פון נצחון און ייִדן ווייסן דעם באַדייט... עס שרעקט דער מאָרגן. אַן אַלט פאָלק, אַ פאָלק מיט אַזוי פיל ביטערע דערפאַרונגען האָט זיך איצט דערפילט נאָך איינזאַמער...

ס׳איז נאָך דער מלחמה. נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע. די נייע צייט זאָגט אַ סך צו: אידייען מערן זיך ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. אויף די כוואַליעס פון דער צייט טראָגט דאָס לעבן זיך פאָראויס, צו ניי־געזעענע האָריזאָנטן. די ערשטע תקופה פון דער פּוילישער הערשאַפט, דוכט זיך מיר, איז געווען אַ תקופה פול ליבעראַליזם: פּאַרלאַמענטאַריזם, דע־מאָקראַטיע, מינדערהייטס־רעכט. אויך דער ייִד איז אַ בירגער צו רעכט און צו פליכט אינעם פּוילישן לאַנד. נאָר באַלד ווי עס איז אַוועק דער יום־טוב פון נצחון און עס האָט אָנגעהויבן די וואָכעדיקייט — דאָס טאָג־טעגלעך־נאָרמאַלע — גליטשט




פוטבאָל גרופּע פון „הפּועל״

זיך דער פעסטער באָדן, בהדרגה, אַוועק פון אונטער די פיס. די יידן־פראַגע בלייבט הענגען אין חלל ווי אַן אויפגעהויבענע שווערד.

כ׳בין נאָך אַ יינגער בחור. מיט מיינע יינגע, אומדער־פאַרענע, נאָר אָפענע אויגן זע איך די שיינקייט, דעם אמת פון לעבן, אָבער אויך דאָס מיאוסע און פאַלשע. איך שפּיר די הילפסלאָזע שוואַכקייט פונעם גערעכטן קעגן די אַלע ברוטאַלע כוחות וואָס פאַרמעסטן זיך די וועלט און קודם־כּל־אונדז יידן צו פאַרשלינגען. תמימותדיק זוך איך אַן ענטפער אויף אַ סך פראַגן, וואָס וואַקסן פּלוצעם אַרויס פון אַלע לעבנס־ווינקלען. מיך באַגלייט דער אַלטער יידישער חלום פון צדק און יושר. איך געפין זיך אין זיינע העכערע ספערן...

## שבת־קודש

די גאַס ווערט אַלץ שטילער. ס׳האָבן שוין אויך די לעצטע פאַרשפּעטיקטע די וואָכיקייט פון טאָג פאַרענדיקט: די גע־שעפטן געשלאָסן, די לאָדנס פאַרמאַכט. ס׳איילן יידן פון מרחץ, אויסגעבריטע, אויסגעצוואָגענע, ווי זיי וואָלטן אויף זיך אַ נייע הויט אַרויפגעצויגן. פאַרפאַרעטע ווייבער מאַכן די לעצטע הכנות צום אָנקומענדיקן שבת.

די גאַס איז פול מיט שאַרפע ריחות פון שבתדיקע פיש און אַנדערע געשמאַקע יידישע מאכלים. דאָס וואָכעדיקע לעבן זעט אויס ווי אַן אָפּגעשוווּמענער אומריינער פלוס. הינטער די לעצטע הייזקעס פון שטעטל זינקט פּאַמעלעך דער טאָג, די זון פאַרלעשט זיך, נאָר זי פאַרהאַלט זיך אויף אַ ווײַלע הינטער אַ בוים, צינדט אים אָן, פאַרבנדיק דעם האָריזאָנט מיט אַ שפע קאָלירן... דער אָוונט שאָטנט מיט טונקל־בלוי. באַלד וועט די נאַכט איינהילן די וועלט אין גרויען סאַמעט.

אין ייִדענעם שבתדיקן לבוש קומט דער טאַטע פון בית־הכנסת. ווי שטענדיק, באַגלייט אים אַן אורח צו דער סעודה. די שטוב ווערט פול מיט מלאכי־השרת, מלאכי עליון און מיט געזאַנג לכבוד שבת.

## דערוואַכונג

די שטוב איז פול מיט שאָטנס, ס׳צאַנקען שוין די שבת־ליכט. ס׳זיצן די עלטערן נאָך דער שבת־סעודה מידע, איינגע־דרימלטע צום געמיטלעכן איינשלאָפן. מיך אָבער ציט עס, ס׳רופט מיך צום דרויסן. ס׳איז די שטים פון יוגנט, פון דער פרייער לופט, פונעם פרילינג און דערוואַכונג.

איך זיץ איינזאַם פאַרן הויז. כ׳בין נאָך אין שבתדיקן תחום. נישט דרייסט, פול מיט בענקשאַפט, קוק איך אַריבער אויף יענער זייט, דאָרט ווו דאָס לעבן שטראָמט נאַטירלעך און פריי, שטראָמט אַריבער די געצוימטע ברעגן. איך זע, הער און ס׳הילכן אָפּ אין מיר די געטאָפּלטע שריט פון פאַר־ליבטע וואָס דערווייטערן זיך ווי אַ געזאַנג וואָס לעשט זיך אין ווינט... אַ פּריש ווינטל שוועבט פאַרביי מיין צעהיצט געזיכט. איך אָטעם איין די פרישע לופט, זי איז פול מיט פרילינגס־זאַמען, מיטן געבורט פון נאָר־וואָס רייף־געוואָרענער ליבע. עפּעס אַ ליד קומט אויף אין מיר. איך זינג עס נאָך אין דער שטיל:

ס׳האָט אַ שטערן דורגעבליצט דעם בלויען הימל אין
געפאַלן ערגעץ צום באָדן...

די גאַס ציט זיך ווייט. מיין בליק וואַכט איבער אַ טיר, פון וועלכער זי דאַרף אַרויסקומען. מיר האָבן זיך מערערע מאָל באַגעגנט, זיך פאַרשעמט און צוריקגעצויגן... אָן ווערטער, בלויז מיטן געפיל האָבן מיר באַשטימט אונדזערע ראַנדעוווּען... אין שכנות פון אונדז שטייט אַ הילצערן הויז. למעשה איז עס נאָר איין גרויס צימער. דאָ וווינט די משפּחה וואָדקאַ. ביז אין די שפּעטע אָוונט־שעהען איז דאָ אַ שטעפּעריי, ווו מען נייט שיך. עס אַרבעטן דער טאַטע מיט די בנים. אַ גאַנצן טאָג קלאַפּן די העמערלעך אויף שווערע גלאַטע מאַרמאָר־שטיינער. דאָס קלאַפּן זיי צום טאַקט פון די ניי־מאַשינען, וועלכע שטעפּן אַריין אינעם ווייכן לעדער די מינוטן, שעהען און יאָרן פון דער דאָזיקער האָרעפּאַשנער משפּחה. ס׳איז דאָ ענג. מעשה־נסים איז אין דעם צימער אויך פאַראַן אַ ווינקל פאַר דער בריה־שער מוטער, ווו זי קאָכט, וואַשט, נייט און פרעסט פאַר איר גרויסער מענער־משפּחה.

און די אָוונט־שעהען פאַרוואַנדלט זיך דאָס צימער אין אַ היימיש־ליטעראַרישן קלוב, ווו מען פילאָזאָפירט, פּאָליטיקירט איבער אַלץ און אַלעמען. אַמאָל כאַפּט מען אויך אַריין אַ קערטל. שפּעט אין אָוונט ווערט פון דעם קלוב אַ שלאָף־לאַגער...

שבת איז דער גערויש דאָ לגמרי איינגעשטילט. פון הינטער גרויסע, ווייסע ליילעכער שטאַרצן בולט אַרויס די איבערגעדעקטע מאַשינען. דאָס ווייס־געקאַלכטע צימער מיט אַלע זיינע איבערגעדעקטע מכשירים מאַכן דעם איינדרוק פון אַ ווייסן פאַרגליווערט־געוואָרענעם שטח.

די משפּחה וואָדקאַ האָט געהאַט אויף מיר אַ גרויסע השפּעה, זי איז געווען דאָס הענגבריקל, דורך וועלכן איך בין אַריבער אויף „יענער זייט״. דער פאָטער, מוטער און די צוויי עלטערע זין, משה־דוד און שמואל, וואָס זענען געוואָרן מיינע חברים, זענען אַלע געווען ליבע, פריינדלעכע און האַרציקע מענטשן. ביי זיי האָב איך געפינען אַן אוצר פון אַלטע ביכער און זשורנאַלן, וועלכן כ׳האָב איינגעשלונגען מיטן־שטויב. שפּע־טער זענען די צוויי ברידער געוואָרן מיינע טרייע אונטער־פירער אין דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פּועל״צ (צ״ס), וואָס איז געוואָרן מיין אידעיִשע היים.

## די אָרגאַניזאַציע

די אָרגאַניזאַציע האָט פריער זיך געפינען אין דער גרויסער בוידעם־שטוב ביי מענדל וואַסערניס אין הויז. זי האָט געזאַמלט אַרום זיך די יוגנט פון די בעסטע באַלעבאַטישע היימען — אַ יוגנט מיט אַ שוין באַשטימטן ציוניסטיש־סאָ־ציאַליסטישן באַוווּסטזיין. די צייט האָט אַלץ רייפער־געמאַכט די פּראָבלעמען פונעם יידישן קיום אַלס פאָלק. עס האָט גע־פייניקט די אומזיכערקייט פון דער עקזיסטענץ פונעם יידישן יחיד און כלל. דער אידעאַל פון אַן אַלוועלטלעכער לעזונג פון די פּראָבלעמען פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט האָט אַלץ מער געלאָקט, געוואַרעמט דעם געדאַנק און דאָס געפיל פונעם יידישן יוגנטלעכן און אַ גרויסן טייל פון דער גוטער יוגנט האָט עס געצויגן אויף לינקס. אין די ליידנשאַפטלעכע דעבאַטן צווישן דער יוגנט האָבן זיי, די לינקע, אָפט געשלאָגן דעם קעגנער מיט טרעפלעכע אַרגומענטן און מיט דער פעסטקייט פון זייער שטעלונג.

אַנדערש איז געווען מיטן ציון־געדאַנק, וועלכער איז נאָך געווען כמעט אין די וויקעלעך. פּאָליטישע וועלט־געשעענישן האָבן געשטרויכלט די שוואַכע טריט זיינע און פאַרנעפּלט זיין העל־זעערישע צוקונפט. דאָ האָבן אַלע תכלית־פראַגן אָפט געלאָזט דעם ענטפער אין ספיקות. אָבער דאָס שורשדיק־נאַציאָנאַלע געפיל ביי אַ טייל פון דער יוגנט האָט זי, די דאָזיקע יוגנט, דערהויבן צו איר שליחות.

גייסטיק בין איך שוין גרייט געווען צו קומען אין זייער תחום און אַלע מצוות צו דערפילן, נאָר כ׳האָב נישט פאַרגעסן

אינעם ערשטן טרעפל, אידער כ'בין אַרויף אויפן לעצטן — צום בוידעם־שטיבל. אַזוי האָב איך דורכגעמאַכט דעם קורס פונעם לערער באַראַבאַש פון דער פוילישער שפּראַך און געשיכטע. כ'האָב אויך אַנטייל גענומען אין אַלע אַנדערע ווינטער־אָוונטן. אין דעם שולקרייז בין איך געקומען אין חברישן קאָנטאַקט מיט די וואָס זענען שוין דאָרטן געווען חברים: חייקע יעדוואַב, ראָכעשע וואַסערניס, קיילע האַכבערג, שרה'לע קירשנבוים, זעלדע האַכבערג, שלמה זילבערמעל, חנה שלאַנג, ישראל באַרעק, לייבל מאַקאָטאָוו, עוזר סאָקול א״אַנד. מיט זיי איז מיר דער גאַנג אַהין לייכטער געוואָרן.

די אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן אַ גרויסער ווירקנדיקער פאַקטאָר — אַ רעזערוו פון אַ יינג־נאַציאָנאַלן כוח אין וווקס. אין יענער צייט — דער אַדרעס פאַר יעדער ציוניסטישער טעטיקייט אין שטעטל.

די לייטונג פון דער אָרגאַניזאַציע־אַרבעט איז געווען צעטיילט אין מערערע הענט. צום בולטסטן האָבן זיך אויסגעטיילט הינדע בלאַס און חיים מאַקאָטאָוו. די ערשטע מיט איר שאַרפן אַנאַליטישן מוח און כוח־הסברה, דער צווייטער — ווי אַ באַגאַבטער רעדנער און טאַלאַנטפולער אָרגאַניזאַטאָר. ביידע זענען געווען דער יסוד פון דער אָרגאַניזאַציע און פון אירע דערפאָלגן. אויך שרה בלאַס האָט מיט אַ סך פון איר וויסן בייגעשטייערט צום דערמאָנטן דערפאָלג. ס'איז אויך כדאי צו דערמאָנען דעם חבר משה לוסטיג, וועלכער האָט טריי און איבערגעגעבן געווידמעט דער אָרגאַניזאַציע אַ סך צייט.

אַ חשוב אָרט אין דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער יוגנט האָט פאַרנומען די ביבליאָטעק א״נ פון י. ח. ברענער. פון אָנהויב האָבן מיט דער ביבליאָטעק אָנגעפירט שיינדל סאָקול און פעסיע קאַפּענהויז, שפּעטער איז די לייטונג אַריבער אין די געניטע הענט פון לייבל מאַקאָטאָוו. וויכטיק זענען געווען די לעקציעס און פאַרלעזונגען פון אייגענע חברים און פון געסט, געברענגטע פון דער פרעמד. אַן ערנסטער פאַקטאָר אינעם גייסטיקן וווקס פון דער יוגנט, איז געווען דאָס טעאַטער אונטער דער אָנפירונג פון חבר ברוך האַכבערג.

אין דעם באַגרענעצטן תחום פון שטעטלשן לעבן איז די אָרגאַניזאַציע געווען אַ גרויסע געבענטשטע דערגרייכונג.

אַזוי ווי יעדעס גאַנצע האָט אויך זייטן־ווינקלען — אין חשבון פון וואָג און מאָס — אַזוי האָב איך אין דער חברה מיין אייגן אינטימען ווינקל געפונען, מיט מיינע נאָענטע פריינט שמחה סאָקול, חייקע בלאַס, אסתר־מלכה וואַמפּאַן און גאַנץ באַזונ־

## א באשטעטיקונג פאר'ן ציוניסטישן עסקן דוד בערמאן (זע עמ' 7)



פאָלקס־פראַקציע
„צעירי־ציון"
אין גאַרוואָלין.



דערס — מיט אסתר שערמאַן. נאָך היינט לעבן אין מיינע זכרונות יענע יוגנט־טרייע, תמימותדיקע יאָרן.

## די פויליש־באָלשעוויסטישע קריג

שוין ביים אָנהייב פון דער פוילישער מלוכהשער זעלבשטענדיקייט האָבן יידן מיט שרעק און חשד אין די בליקן אַריינגעקוקט טיפער אינעם כאַראַקטער און וועזן פון דאָזיקן פאָלק, כדי צו וויסן וואָס מ'האָט פון אים צו דערוואַרטן. און טאַקע באַלד — אין סאַמע באַגין פון זייער גאולה האָבן זיי דעם שיכורן נצחון זייערן געפייערט מיט אַנטיסעמיטישע אויסברוכן (דער פּאָגראָם אין לעמבערג און אַנדערע גרעסערע, צי קלענערע פּאָגראָמען). די שפּעטערע „נאַרמאַליזירטע" באַדינגונגען האָבן אַ סך פון דעם ערנסט פאַרטושט און דאָס לעבן איז אַוועק אין זיין נאַטירלעכן שטראָם.

ס'איז געווען אין דער זעלבער צייט, ווען פון דעם געשעפענעם אין רוסלאַנד תוהו ובוהו ווי אַ רעזולטאַט פון די דאָרטיקע רעוואָלוציעס, האָט זיך קיין פוילן דערטראָגן דאָס אימהדיקע הילפלאָזע געשריי פון די קרבנות פון די אוקראַיִנישע פּאָגראָמען. האָבן פוילישע יידן טעגלעך געבענטשט זייער זיכערקייט אין די גרענעצן פון פוילן.

פּילסודסקי האָט אין יענער צייט געזען אַ שעת־הכושר פאַר עקספּאַנסיע. די פּרעטענסיעזע רעכט פאַר דעם, האָט ער געפונען אין דער אַלטער פוילישער היסטאָריע ביז באַלעסלאַוו כראַברי. און ס'האָט אָנגעהויבן די פוילישע אינוואַזיע אַהין, ביז קיעוו און די רוסישע — אויף צוריק, ביז וואַרשע, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער אומדערוואַרטער באָלשעוויסטישער מפּלה.

אויף די דאָזיקע אינוואַזיעס האָבן געפירט איבער יידישע שטעט און שטעטלעך און איבערגעלאָזט אין זיי נישט ווייניק חורבן און פאַרוויסטונג. פאַר די געציילטע טעג פון דער באָלשעוויסטישער אָנוועזנקייט אין שטעטל, האָט גאַרוואָלין באַצאָלט מיט אַ יונגן, בלוטיקן קרבן. זלמן מענדל, חווה פון דער קאַנטינעס מאַן איז אומשולדיק דערשאָסן געוואָרן דורך דעם בלינדן פאַרוטשניק. אין חשד זענען געווען אַלע וואָס האָבן געהערט צו אַ פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע און אַ סך פון זיי זענען אַרעסטירט־און פאַרשיקט־געוואָרן אינעם לאַגער „דאָמביע". די שטאָטישע גויים האָבן אויך געמסרט דעם רב, וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן און בלויז בדרך נס — אַ דאַנק די מיפּולע אינטערווענץ פון די פירער פונעם יידישן נאַציאָנאַל־ראַט יצחק גרינבוים און אדוו' האַרטגלאַס — ניצול־געוואָרן פון אַ שענדלעכן משפּט.

יאָרן קומען און פאַרגייען און מיט זיי — גזירות רעות. דער מצב פון פוילישן יידנטום קייקלט זיך באַרג־אַראָפּ אין אַן אָפענעם תהום אַריין. די גראַבסקי־שטייערן שרומפּן איין וואָס מער די יידישע מאַטעריעלע עקזיסטענץ. פּאַראַלעל מיט דעם וואַקסט די אָרעמקייט און יאוש. די יידישע צוקונפט בלייבט אַן תכלית און האָפענונג. די ציוניסטישע פירער, גרינבוים און זשאַבאָטינסקי ריידן וועגן „עוואַקואַציע", ד"ה וועגן אַן אויסוואַנדערונג פון מיליאָנען. זיי זעען די נאָנטע סכנה, אָבער די טויערן פון די אימיגראַציע־לענדער זענען געשלאָסן. בלויז אַ מינימאַלער צאָל פון יונגע יידן געלינגט עס אַרויסצורייסן זיך פון דער פאַרצווייפלטער ענגשאַפט קיין דרום־אַמעריקע, פראַנקרייך און א"י. אַ דאַנק דעם איז געבליבן דער זכר פונעם שטעטל.

אויך איך פאַרלאָז דאָס שטעטל, לאָזנדיק הינטער זיך אַזוי פיל צאַפּלדיק לעבן... כ'בין אַלט געווען קוים 17 יאָר.

ס'איז דער לעצטער אָוונט. מיר זיצן אין שאָטן פון ביימער. מיר שיפּן זיך מיטן שטראָם פון געפילן. די שפּעטע שעה שניידט אונדז וויטיקלעך פונאַנדער. מיטן פרימאָרגן טראָגט מיך דער צוג אַוועק אין דער ווייט. זי איז געבליבן מיט איר טרוים...

ס'וואַקסט אַ בוים געקרעפּטיקט פון זיינע וואָרצלען,
פון טרייע הענט, וואָס האָבן זיין וווקס געהיטן.
מ'קען דעם בוים צו וויטן פאָרטראָגן, איבערפלאַנצן,
ער וועט דאָרט וואַקסן, זיך פאַרצווייגן...

## בעלגיע

אין שטעטל פליסט דאָס שמאָלע פלאַכע טייכל די „ווילגאַ", אין אַנטווערפּן — די „שעלדע". — אַן אָפענער אויסגאַנג צו ימים. איינע פון די גרעסטע האַפן־שטעט אין דער וועלט. אַ וויכטיק אייראָפּעיִשער צענטער פאַר פאַבריקאַציע און האַנדל. אַ מיטלפּונקט פון זיך צונויפטרעפנדיקע קולטורן נאָך פונעם בראשית פון דער אייראָפּעיִשער אַנטוויקלונג.

פרעמד בין איך אין דעם לאַנד צווישן טויזנטער ווי איך פרעמדע, געקומענע פון פאַרשידענע לענדער. איין גורל האָט אונדז אַהערגעבראַכט. טאָלערירטע, אָבער פרעמד דעם דאָרטיקן פאָלק. דאָס שטאַנד וואָרט „פרעמדלינג" האָט געשטאָכן אין פלייצע.

דאָ איז אפשר כדאי צו דערציילן אַ צופעליקן עפּיזאָד, וועלכער האָט מיר געברענגט אַ גרוס פון דער אויסגעבענקטער היים.

ווינטער. די „שעלדע" איז אַרויס פון אירע ברעגן און פאַרפלייצט דעם נידערן שטח ביים האַפן. יונג און נייגעריק, בין איך מיטן טראַם געפאָרן זען די סטיכיע. אויפן אָרט זענען געווען פיל פּאָליציי־לייט. צוריק בין איך שוין געפאָרן מיטן פחד פון אַן אומלעגאַלן: אַנטקעגן מיר, אויפן טראַם, איז געפאָרן אַ פאַרדעכטיקט געשטאַלט מיט אַלע סימנים פון אַ געהיים־אַגענט. ער האָט מיך אָבסערווירט, נישט אַראָפּגעלאָזט פון מיר זיינע פאָרשנדיקע בליקן. ס'איז מיר געוואָרן הייס און קאַלט. כ'האָב געזוכט אַ געלעגנהייט אַראָפּצושפּרינגען, צו פאַרשווינדן. ווייזט אויס ער האָט פאַרשטאַנען מיין כוונה און זיך צו מיר דערנענטערט און פאַרשטעלט מיר דעם אַרויסגאַנג. איך מאַך דעם לעצטן פאַרצווייפלטן פרווו און שפּרינג אַראָפּ. — ער נאָך מיר. ער כאַפּט מיך ביים האַנט. — נו, טראַכט איך, משה, ביסט פאַרלוירן... ער ווענדט זיך צו מיר אין דעם באַקאַנטן דייטשמערישן לשון:

— זי זענען מיר זייער באַקאַנט זענען זי נישט אַאויס פּאָלען?

הערנדיק דאָס לשון, איז מיר לייכטער געוואָרן אויף דער נשמה. איך קוק אים אַריין אין די אויגן און דערקען דעם גלות־געפּלאָגטן, טריבן אומרו.

— וועמען מיינט איר אין מיר צו דערקענען? פרעג איך שוין אַ באַרויִקטער.

—זענט איר נישט פון נעבן וואַרשע, פון גאַרוואָלין?..

— יאָ איז מיין ענטפער.

— אוי — רופט ער אויס מיט גרויס שמחה — מלך, נתן דוד שוחטס!

ניין — זאָג איך אים — כ'בין זיין ברודער, משה.

— און איך בין אויך אַ משה, דעם געמיינערס אַן אייניקל...

ער דערציילט מיר זיין טרויעריקע לאַגע, ער איז אין

פאַריז געוועזן אומלעגאַל. פּאָליציי האָט אים אַרעסטירט, איבער דער גרענעץ געשטעלט. איצט איז ער דאָ אַ פרעמדער, אָן געלט. כ׳האָב אים געגעבן אַן אַדרעס, ווו מ׳האָט אים געהאָלפן און ער איז צוריק געפאָרן קיין פראַנקרייך.

נאָך אַ צייט ווער איך אין אַ מזלדיקער שעה לעגאַל און ס׳ווערט זיכער מיין גאַנג. איך אַרבעט און לערן. מיין געזעל־שאַפט האָט געמישטע פנימער... אָבער מיין פנים, דאַכט זיך, איז מיר פאַרבליבן...

מאָטל טענענבוים, דעם דיינס זון, איז ביי מיר אַן אָפטער גאַסט. כ׳בין אים נאָנט צום געמיט.

מיינע עלטערן קומען. אויך מיין ברודער, אברהם. אונדזער משפחה האָט זיך דאָ פאַרגרעסערט. מיין ברודער, אַלטער מיט זיין פרוי און קינד; אונדזער שוועסטער, שרה־לאה מיט איר מאַן און דריי קינדער.

אויך איך בוי מיין פאַמיליע מיט מיין פרוי סאַלקע אָסט. מיט אונדז קומען דריי קינדער: רות, אמנון און רותלי. פון מיין משפחה בין איך נאָר און רותלי געבליבן.

פינצטערע בשורות. ס׳ברענגען זיי די וואָס קומען פון נאַצי־לאַנד. מ׳שרייבט, מ׳רעדט, מ׳וואָרנט וועגן דעם. ס׳גרייכט קוים צום פאַרשטאַנד, צום געוויסן, ווי דאָס וואָלט ערגעץ ווייט, אונטער די הרי־חושך געשען.

אין שפּאַניען ווילדעוועט דער בירגער־קריג מיט מיליאָנען קרבנות: פון איין זייט די שוואַכע פאַרטיזאַנער־הילף פון אַ טייל פונעם אַ״ג „סאָציאַליסטישן״ געוויסן און פון דער צווייטער — די צוויי שטאַרקע פאַשיסטישע וועלט־מאַכטן. ס׳איז דער טראַגישער פאָרשפּיל צו דער צווייטער וועלט־מלחמה.



**„פרחי אגודת ישראל״ אין גאַרוואָלין**

מלמעלה: פאפאווער, ליפונסקי, ציטרון, בלנק, ל. פייגנבאום, רוזנבוים, ראזנבערג, ווארשאווער, בורשטיין חיים מינץ, לעדרמן, ציטרין ש. פאפאווער.

מיכל קויפמאַן / ניו־יאָרק

# די זון איז פאַרגאַנגען...

**היינט, דעם 3־טן פעברואַר, 1970, כ״ז שבט, תש״ל,** הייב איך, מיכל בן יצחק־אייזיק ולאה, אָן פאַרצייכענען מיינע זכרונות פאַר דעם יזכור־בוך פון דער גאַרוואָלינער יידישער קהילה. די זכרונות וועלן דעקן אַ צייט־אָפּשניט פון אַרום 12 אָדער 14 יאָר. איך וועל פּרוּוון שילדערן אין קורצע עפּיזאָדן מיינע חדר־יאָרן, דאָס שטיבל, דאָס בית־מדרש, מיינע פּריוואַטע לעקציעס אין וועלטלעכע לימודים, די גייסטיקע אַטמאָספערע אין מיין היים, די צדקה־אינסטיטוציעס, שבתים און יום-טובים, דאָס רעליגיעזע לעבן, פּאָליטישע־און רעליגיעזע־טעטיקייטן און מיין פאַרלאָזן גאַרוואָלין, ווען איך בין אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

כאָטש איך האָב דעמאָלט געלעבט אין דער וועלט פון קינדער און ניט געהאַט קיין נאָענטן קאָנטאַקט מיטן לעבן פון די דערוואָקסענע, האָף איך אַז איניקע עפּיזאָדן וועלן אפשר האָבן אַ קולטור־היסטאָרישן ווערט און אַפשר וועלן זיי אויפלעבן דעם עכאָ און אַראָמאַט פון אונדזערע שניי־ווייסע קינדער יאָרן און פון דעם קאָלירפולן און גייסטרייכן יידישן לעבן אין גאַרוואָלין, וואָס איז אָפּגעמעקט געוואָרן מיט פייער און גרויל.

דער גורל האָט געוואָלט אַז מיט אַ צענדליק יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה זאָל מיין טאַטע פאַרלאָזן זיין געבוירן־שטאָט מיקאָלאַיעוו אין אוקראַינע און פאָרן זוכן חיונה. ער איז געפאָרן איבער די שליאַכן פון אוקראַינע און פּוילן און פאַרפאָרן קיין גאַרוואָלין.

יאָרן שפּעטער האָב איך מיין טאַטן געפרעגט פאַרוואָס ער האָט אויסגעקליבן גראָד גאַרוואָלין און ניט וואַרשע? איז זיין לאַקאָנישער ענטפער געווען: „איך ווייס ניט פאַרוואָס איך בין געבוירן געוואָרן אין מיקאָלאַיעוו און פאַרוואָס איך האָב גראָד משנה־מקום געווען קיין גאַרוואָלין”.

אונדזער הויזגעזינד איז באַשטאַנען פון מיין טאַטן יצחק־אייזיק קאַפּענהויז (אייזיק פאַרבער), מיין מאַמע לאה אָדער לאה׳צע, מיין ברודער אליעזר, מיין שוועסטער מישקע, זכרונם לברכה, און צו לענגערע יאָר, מיין שוועסטער פּעסע, איך — יחיאל מיכל און מיין ברודער דוד.

## חדר יאַרן

דער ערשטער חדר ווו איך האָב אָנגעהויבן לערנען, איז געווען שמאי מלמד׳ס. איך זע איצט דאָס חדר ווי דורך אַ טיולענעם פּוירהאַנג. מיין טאַטע אָדער מאַמע שטייט ביי דער זייט. פון אַ הענגלייכטער איבערן טיש פאַלן אַראָפּ קאַרמעלקעס, וואָס מלאכים האָבן פאַר מיר אַראָפּגעוואָרפן. דער רבי טייטלט און זינגט צו: „אַ שטעקאַלע מיט אַ באַטאַלע איז אַ גי.. גי..—גימל. אַ קאַטשקאַלע מיט אַ פאַרדרייט העלדזאַלע איז אַ לאַ.. לאַ..—למד. דראַ שטעקאַלעך מיט קריינדאַלעך איז אַ שי.. שי..—שין”.

ער האָט געהאַט אַזאַ פּעדאַגאָגישן וואָקאַבולאַר פאַר דעם גאַנצן א׳ב. אָבער מער ווי דאָס וואָס איך האָב פריער דערמאָנט, געדענק איך ניט.

אַרום צוועלף אַזייגער פלעגט זיך חברה נעמען צום אָנבייסן. עס רעדט זיך אַזוי — אָנבייסן. מ׳האָט געגעסן אַ טרוקן שטיקל ברויט, ברויט מיט ציבעלע, מיט פּוטער, מיט הערינג, אָדער אַן אוגערקע. איניקע קינדער האָבן אַפילו אַ פּיסנע שטיקל ברויט ניט געהאַט. פלעגן זיי נעבעך שטיין מיט פאַרגאַוועטע מיילעכלעך און קוקן. אַ מאָל האָבן זיי זיך אָנגענומען מיט מוט און געבעטן באָרגן אַ „פינגער” ברויט. אַז עס פלעגט אַ מאָל קומען צום אָפּצאָלן, איז געוואָרן אַ סיכסוך: געבאָרגט האָט מען אויף דעם גרויסן פינגער; ביים אָפּגעבן האָט מען געמאָסטן אויף דעם קליינטשיקן פינגער.

די מלאכים מיט די קאַרמעלקעס האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן אַז איך זיץ און לערן תורה. אָבער מיט דער צייט האָב איך זיך אויסגעלערנט דעם א׳ב מיט די נקודות. אַ באַוואָפנטער מיט דעם כלי־זין בין איך אָנגעקומען אין דעם קליינעם משה׳לעס חדר.

דער קליינער משה׳לע האָט געטאָן אַלץ אין דער וועלט כדי מפרנס צו זיין די פאַמיליע. מ׳האָט געכאָוועט עופות, געבאַקן באָבעלעך, געמאַכט וויין, פאַרדינגען דעם חדר פאַר אַ שטיבל אויף שבתים און יום־טובים, געגאָסן חנוכה־דריידלעך, געווען אַ בעל־תפילה, אַ בעל־קורא, אַ בעל־תקיעה, געלייענט די מגילה און בעיקר — אַ מלמד. פון דעם אַלעמען האָט ער קוים אויסגעשלאָגן חיונה.

די רביצן איז אַלע אינדערפרי געשטאַנען ביים הייסן אויוון און געבאַקן באָבעלעך. די טעכטער פלעגן זיך אַרויסלאָזן איבער דער שטאָט מיט דער הייסער סחורה. אַ גאַנצן פרימאָרגן האָט זיך געצויגן די פּראָצעסיע מיט די הייסע באָבעלעך.

אויף די וויטרינעס פונעם חדר זענען געווען אויסגעשטעלט קאַרפּינקעס מיט שקאַרמיצלעך ראָזשינקעס. מ׳האָט געלייטערט וויין אויף שבת און יום־טוב. גרויסע און קליינע טראָפּנס האָבן זיך פאַמעלעכקע פאָרמירט, געשאָקלט, געציטערט און מאָנאָטאָן אַראָפּגעקאַפּעט אין דער קאַרפּינקע אַריין. זיי האָבן אויסגעזען ווי טרערן און זיך געלייגט מיט טרויער אויף מיין געמיט. מען האָט געזאָגט, אַז דאָס זענען טרערן אויף דעם חורבן בית־המקדש. דעריבער איז דער וויין הייליק.

אינעם צווייטן צימער האָט זיך אַרומגעדרייט דער רבי, זיין טלית־קטן האָט כמעט דערגרייכט די פּאָדלאָגע. ער האָט זיך שטענדיק געפּאָרעט: אויסגעשניצט אַ פאָרעם פאַר דריידלעך אָדער פאַרריכט אַ זייגערל. אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַן איינגעהילטער ארון־קודש. האַרט ביי די ווענט זענען געווען בענק, אימפּראָוויזירט פון לאַנגע ברעטער אויף קלעצ־

לעד, צונויפגעשטעלט ווי אַ רעטעניש. קליינטשיקע יינגעלעך, ווי פייגעלעך, זענען געזעסן אויף די בענק, אויף דער פּאָדלאָגע און געווען פאַרטיפט אין פאַרשידענע שפּילערייען.

דער קליינער משה׳לע האָט געהאַט זיין אייגענעם סדר אין לערנען. אַלע מאָל האָט ער צוגערופן אַן אַנדערע יינגעלע, געקנעלט מיט אים און נאָכדעם — אַ צווייטס, אַ דריטס און אַזוי האָט מען זיך ביסלעכווייז אויסגעלערנט עברי.

דער הויף ווו מיר פלעגן עסן אָנבייסן און זיך שפּילן, האָט געגרענצט מיט אַ גאָרטן. פון דערווייטנס האָט געלאָקט דער טייך וואָס האָט שטיל געפליסט ביים ראַנד פון דער שטאָט.

דער הויף האָט דערמאָנט אַ יאַריד: הינער, גענדז און ציגן האָבן זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס. מ׳האָט געכאַפּט



**יצחק־אייזיק און לאה —**
די עלטערען פון מיכל קויפמאַן

פליגן, אַריינגעלייגט זיי אין גריבעלעך, צוגעדעקט מיט גלאָז און געוואַרט זיי זאָלן לייגן האָניק. אַ יינגעלע האָט אַרומגעזוכט קונים אויף אַ רעדעלע פון אַ זייגערל, אַ גרויסער סוחר האָט געהאַט אַ מעסערל... עס פלעגן קומען דעלעגאַציעס פירן פאַרהאַנדלונגען פאַר געהיימע קונים. אַן אַנדערער האָט זיך געיאַוועט מיט אַ „סוד". פאַר אַ קנעפּל אָדער אַן אַנדער שמאַכטע, האָט ער דעם „סוד" פאַרקויפט. דער קונה איז באַלד אַוועק פאַרהאַנדלען די סחורה פאַר אַ ביליגערן פּרייז. מ׳האָט געהאַנדלט און קאָנקורירט אַזוי לאַנג, ביז אַלע האָבן געוווּסט דעם „סוד". לסוף האָט עפּעס ניט געשטימט. יעדער איינער האָט געהאַט אַן אַנדערע ווערסיע.

אַז מען קען שוין עברי, קומט מען אָן צו הערשל סופר לערנען חומש מיט רשי. דאָ איז שוין געווען אַן אַנדערע וועלט. די טיר האָט געעפנט אַ ליכטיקע און ריינע שטוב. רעכטס איז געווען דער אויוון און דאָס שלאָפצימער, פאַרצויגן מיט אַ פּורהאַנג. אויבן־אָן איז געזעסן הערשל סופר. ער האָט אויסגעזען ווי אַ שיינער יינגער לייב, מיט זיין לאַנגער געשניצטער באָרד.

ער האָט געלערנט סיסטעמאַטיש און געוויסנהאַפט. מ׳האָט איין מינוט ניט פאַרלוירן. ער איז געווען אַ שווייגער. אייניקע האָבן פאַר אים מורא געהאַט. אַלע האָבן געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ. ער האָט געהאַט אַ קאַנטשיק, אָבער אים זעלטן באַנוצט, אַ קוק זיינער איז געווען גענוג.

דאָ האָב איך זיך באַקענט מיט מאיר ברוקאַזש און משה האַנדקאַן. איך האָב נאָך ניט געוווּסט אַז עס זענען דאָ אויף דער וועלט שדים און לצים. משה׳ס היים איז געווען פול מיט זיי, האָט ער מיט זיינע מעשיות צעשטערט מיין אויסגעחלומט, שטיל און רויִק קינדער־וועלטעלע.

אַלע אינדערפרי איז ער געקומען אַ פאַרסאַפּעטער: — נעכטן האָט מיין מאַמע אַוועקגעשטעלט דעם בעזעם אין אַ ווינקל, אינדערפרי איז ער געשטאַנען קאַפּויער. די טעפּ זענען געווען איבערגעקערט, די קליידער פאַרקניפּט... ס׳האָט זיך געטאָן חושך ביי זיי אין הויז. נו — און וועגן שוסטער? — ער איז געזעסן און פאַרריכט שיך: פּלוצים, שטעקט אים אַ ציג אַרויס פון דער קופּע שיך אַ לאַנגע צונג. האָט ער אַ פּאַכע געטאָן מיט דעם מעסער, איז דער לץ נעלם געוואָרן. שפּעטער האָט ער געזען אַז די נאָסקעס פון אַלע שיך זענען אָפּגעשניטן...

ווען איך בין געווען אַליין אין דער היים, פלעג איך ציטערן. איך בין געווען זיכער אַז צווישן דער שאַנק און די וואַנט ליגן לצים און טשאַטעווען אויף מיר.

און די מעשיות וועגן וואַסער־מענטשן? משה׳ס זיידע האָט סך־הכל געהאַט אַ הויז אונטערן וואַסער. ער האָט געמאָלן מיט אַלע פּרטים דאָס הויז מיט דעם מעבל. ווען אַ מענטש איז דערטרונקען געוואָרן, האָט ער זיך אַריינגעצויגן אין זיידענ׳ס הויז. איין מאָל אין אַ קאַלטן זומער ווען קיינער האָט זיך ניט געבאָדן, האָט אַ וואַסער־מענטש אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און אַ געשריי געטאָן: ווו איז ער? דאָס האָט ער אַרומגעזוכט נאָך אַ יידן צום מנין.

זישע, הערשל סופר׳ס זון, האָט געהאַט אַ שם פאַר אַן עלוי. מיט אונדז קליינוואַרג האָט ער זיך ניט אָפּגעגעבן. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ דערוואַקסענעם. אַלע אינדערפרי פלעגט ער שטיין ביים שפּיגל און מיט געדולד און צערטלעכ־קייט געקרייזלט די פּאות. וואָס האָבן אויסגעזען ווי צוויי ענגלען וויינטרויבן. טאַטע און זון האָבן זעלטן אַרויסגערעדט אַ וואָרט. אָבער דער טאַטע פלעגט אָפּט וואַרפן אַ צערטלעכן בליק אויף זישען. מיט דער צייט האָט דער רבי אָנגעהויבן קוקן אויף אים מיט טרויער און יאוש. יאָרן שפּעטער איז מיר דער ענין קלאָר געוואָרן.

אין קאַליביעלער שטיבל האָב איך אָנגעהויבן לערנען גמרא. אונדזער רבי איז געווען אַ שיינער, עלעגאַנטער יונ־גערמאַן, ראובן קאַרפּ, דעם סטאָליערס זון. יעדן אינדערפרי פלעגט ער אונדז אַרויסגעבן אַ שיעור — אַ בלאַט גמרא. דאָס האָבן מיר אַליין געדאַרפט לערנען. סוף וואָך האָט ער אונדז פאַרהערט.

מיר זענען געווען אַ קליינע גרופּע פון אַרום פינף־זעקס יינגלעך. איך געדענק נאָר צוויי — דוד קאַרפּ, ראובנ׳ס ברודער, און חיים דן מאַקאַטאַוו.

צו יענער צייט האָט זיך מיין טאַטן פאַרוואָלט ניט אַנדערש, נאָר אַז איך זאָל זיך אויסלערנען צוואַנציק בלאַט גמרא אויף אויסנווייניק. ער האָט מיר צוגעזאָגט אַ גאָלדענעם זייגער. איך האָב זיך אונטערגעגאַרטלט און גענומען חזרן בלאַט נאָך בלאַט. ווען איך בין צוגעקומען צום צענטן בלאַט, האָב איך מיט אַמאָל פאַרלוירן דעם פאָדעם און ניט געקענט טראָגן דעם שווערן יאָך פון נאָך צען בלאַט גמרא; פון דעם גאָלדענעם זייגער איז געבליבן אַ גאָלדענער חלום.

אינדערפרי האָבן מיר געלערנט בהתמדה. נאָך דעם אָנבייסן האָבן מיר געלערנט אַ קורצע צייט און מען האָט זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען און כאַפּן אַ שמועס. ווען ס׳איז אונדז געוואָרן לאַנגווייליק, האָט מען זיך גענומען יאָגן אַרום די טישן און פאַר כלי־זין האָבן מיר גענוצט די גאַרטלען. אַ מאָל האָבן מיר געשפּילט אין „צאַפּן וויין פון דער וואַנט". איינער האָט איינגעשמירט אַ היטל אין סאַזשע, אַ צווייטער

„אַקטיאָר" וואָס האָט דערפון ניט געוווּסט, אָדער זיך געמאַכט ניט־וויסנדיק, האָט מיטגעשפּילט. מ׳האָט זיך געטוישט מיט די היטלען און אַזוי לאַנג געמאַכט העוויות און מאַניפּאָרגעס, ביז דער מיטשפּילער האָט אַרומגעווישט זיין פּנים מיט דער סאַזשע־היטל. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט געקריגן אַ שיינע צורה. און ער האָט כלומרשט ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס מיר האַלטן זיך ביי די זייטן...

סוף זומער פלעגן מיר פאַרקייטלען די טיר פונעם שטיבל און אָנגעהויבן אויספּרובירן די שופרות. אַ מאָל פלעגן מיר אַרויסקריגן אַזאַ תקיעה־גדולה אַז מען האָט געמיינט אַז משיח איז געקומען. יידן האָבן געקלאַפּט אין טיר און פענצטער: „לאָבוסעס, שקצים, גויים!". ווען זיי זענען אַוועק, האָבן מיר זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט.

ווען כ׳בין אָנגעקומען לערנען אין בית־מדרש, האָב איך זיך דערפילט ווי אַ פרייער פויגל. יעדער איינער האָט געלערנט וואָס און ווען ער האָט געוואָלט. אַ מאָל פלעגט אַריין קומען שמעון ענגעל. ער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ לעגענדאַרישן עלוי. וועגן אים האָט מען דערציילט די אָפּטדערציילטע גוזמא: אַז מען האָט אַריינגעשטעקט אַ נאָדל אין אַ גמרא, האָט ער אָנגערופן דעם דף און דאָס אות וואָס דער שפּיץ פון דער נאָדל האָט דערגרייכט. יעדער איינער האָט געציטערט טאָמער קומט ער צו אים פאַרהערן.

דאָ האָבן מיר געהאַט אַ סך פרייע צייט. האָט מען געשפּילט ציגן־וואָלף אָדער שאָך — אויף ברעטלעך אויסגעקריצט אויף די טישן. קיין שאָך קאָמפּלעט האָבן מיר ניט געהאַט, האָט מען אויף שטיקלעך פּאַפּיר אָנגעשריבן: מלך, מלכה, חיל, רוכב און מ׳האָט געשפּילט. עלטערע יידן פלעגן כאַפּן אַ קוק און נאָכדעם אַ זאָג טאָן: „פּפו זאָל דאָס ווערן". פון דער „פּפו" זענען די פיגורן" זיך צעפלויגן און אויס שפּיל.

לאָזער שוחט׳ס זון איז געווען אַ פאַרלוירענער טאַלאַנט וואָס האָט געקענט ווערן אַ גרויסער מאַטעמאַטיקער. מיר האָבן זעלטן גערעדט וועגן סאָציאַלע אָדער פּאָליטישע ענינים. ער פלעגט אויסשטעלן אַ לוח אויף הונדערטער יאָרן און אויסגערעכנט ליקוי־חמות וואָס וועלן פאָרקומען איבער דער צייט. ער איז געווען באַהאַוונט אין געאָגראַפיע, אַסטראָנאָמיע, בוכהאַלטעריע און אַלגעברא. ער האָט פאַרמאָגט אַן אמת־פיינעם יידישן חוש פאַר הומאָר. איין מאָל האָט ער אָנגעהויבן חוזק׳ן פון די „שראַבער וואָס גראַמעווען". אַ וואַזשנע קונץ. רעדן אַזוי ווי מיר, שטייט זיי ניט אָן. אַלץ צעלייגן זיי אויף טעלערלעך. ווי געפעלט דיר אַזאַ לשון:

„אַ קי איז אַראָף אָפּן דאַך,
האָט זעך באַלד דערהערט אַ קראַך.
אָדער אַזאַ באַשראַבעכץ:
„אָפּן גרינעם פעלד מיט גראָיז,
איז געלעגן אַ ייד מיט אַ לאַנגער נאָיז".

ער איז זיכער געווען איינער פון די אינטערעסאַנטסטע מענטשן וואָס איך האָב באַגעגנט אין יענע יאָרן. ער האָט אויף מיר איבערגעלאָזט אַן אומגעהויערן און אומפאַרגעסלעכן איינדרוק.

וואָס איז געווען זיין גורל?

## יידישע קינדער שפּילן זיך

אַ באַלעבאַטיש קינד דאַרף ניט פּטרן צייט אויף שפּילע־
ריי‏ען. דער עיקר איז מען געווען קעגן גליטשן זיך אויף ליזשוועס אָדער באָדן זיך. דאָס איז אַן ענין פאַר שקצים.

פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך אַן עצה געגעבן. זומער האָבן מיר געריסן אין די פעלדער טשאַטשקעס, געוואָרפן שטיינדלעך אין טייך וואָס האָבן זיך געדאַרפט גליטשן אויפן פלאַך פון וואַסער, דאָס האָט געהייסן „מאַכן קאַטשקעלעך". מ׳איז אַריבער די לאַווע לעבן דער מיל און זיך אַרויסגעלאָזט זוכן בערן. מיר האָבן געזוכט קיילעכיקע, ברוינע קייקלעך, ווי פאַרפוילטע שוואָמען. אַז מען האָט עס אַ קוועטש געטאָן, איז אַרויס אַ טוכלער שטויב. די געניטע יעגער צווישן אונדז האָבן געזאָגט אַז דאָס זענען „נפיחימלעך" פון די בערן. און אַבי מיר זענען אויפ׳ן שליאַך, וועלן מיר שוין געפינען אַ פּאָר בערן. נו, נפיחימלעך האָבן מיר גראָד געפינען אַ סך, אָבער אַ בער קיינמאָל ניט. יאָ, איינמאָל האָבן מיר גראָד יאָ אָנגעטראָפן אַ בער — איז ער געווען אַ ייד.

בין־הזמנים האָבן מיר זיך געבאָדן, געמאַכט נורקעס, געלייגט קלאַפּטער און זיך געלערנט „טריט־וואַסער". ביים בית־מדרש האָבן מיר געשפּילט באַהעלטעניש, אַרומגעיאָגט ציגן איבער די שפּיציקע שטיינער, וואָס זענען געלעגן אין שול־הויף. מ׳האָט געשפּילט קנעפּלעך — מיט בליאַשקעס און קלינגערס און היסב־בעט. פּורים האָבן קליינע גרופּעס פאַרסאַזשעט די פּנימער אָדער אָנגעטאָן „מאַזשגאַרן". מ׳איז געגאַנגען פון הויז צו הויז, אָפּגעזאָגט „האַנט איז פּורים, מאָרגן איז אָס, גיץ מע אַ גראָשן און וואַרפּץ מעך אַראָס" און אַוועק ווייטער. אַנדערע „טרופּעס" האָבן געשפּילט „מכירת יוסף". אָבער דאָס האָב איך ניט געזען.

חנוכה האָט מען געשפּילט דריידל. פּסח האָט מען אַריינגעלייגט ניס אין גריבלעך אין געשפּילט „הימל און ערד".

אָבער די קרויץ־שפּיל איז פאָרגעקומען ל״ג־בעומר.

אַ פּאָר וואָכן פאַר ל״ג בעומר האָט קליינוואַרג זיך אָנגעהויבן צוגרייטן. מ׳האָט זיך אָפּגעשמועסט אַז ל״ג־בעומר אינדערפרי טרעפן מיר זיך לעבן שיע־אסתר־הערשעלעס געוועלב. יעדער האָט געדאַרפט מיטברענגען עסן און אַ פיילנבויגן. דאַן וועלן מיר אַלע מאַרשירן אין וואַלד אַריין און האָבן אַ סעודה.

אַזוי האָבן מיר טאַקע געטאָן. ווען מיר האָבן זיך שוין געהאַט פאַרזאַמלט, איז אַרויסגעקומען שיע מיט זיין ברודער. ביידע זענען געווען אָנגעטאָן ווי סטראַזשניקעס — אַ היטל מיט אַ קאָקאַרדע, אַ מאַרינאַרקע מיט אַ פּאַסיק און אַ שווערד אין אַ שייד אָנגעהאָנגען ביי דער זייט. אַלץ איז געווען פּינקטלעך אימיטירט פון טאָוול און פּאַפּיר אָפּגעמאַליעוועט מיט זילבערנער, גאָלדענער און שוואַרצער פאַרב. שיע האָט אַרויסגעצויגן די שווערד פון דער שייד, פאַרוואָרפן זי אויפ׳ן אַקסל און אויסגערופן: „שאַגאַם מאַרש!". ער איז אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט — און באַלד איז געוואָרן אויס „שאַגאַם" און אויס „מאַרש". ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ס׳איז געקומען אַ קליינע צאָל קינדער. אַ סך פון זיי האָבן ניט מיטגעבראַכט קיין עסן אָדער פיילנבויגנס. מ׳האָט ניט געוווּסט דעם וועג צום וואַלד. אייניקע האָבן געטראַכט אַז מען וועט אונדז באַפאַלן אויפן וועג. איז גאָר ניט געוואָרן פון גיין אין וואַלד אַריין און פון דער סעודה.

די ל״ג בעומר־מאַנעוורעס זענען מער ניט פאָרגעקומען. אַ סטראַזשניק איז געקומען צו אסתר־הערשעלעס און געמאָלדן אַז ס׳איז אָנגעקומען אַ וואָרנונג פון פּעטערבורג: די ל״ג־בעומר שפּילער קענען מיט דער צייט אָנהייבן טראָגן אמתע מונדירן; נאָך דעם וועלן זיי מאַכן אַ רעוואָלוציע און אַרונטער־

וואַרפן דעם צאַר. ער האָט, זעט אויס, געוואָלט אַ פּאָר גראָשן כּאַבאַר.

נאָך דעם ל״ג־בעומר מאַרש האָבן מיר געשפּילט „מלחמה״. צוויי שורות ייִנגלעך האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף ביידע זייטן פון דער ברוקירטער גאַס. מען האָט זיך אָנגענומען ביי די הענט און געמאַכט אַ קייט. איינער פון דער גרופּע איז געווען קיסר. איין קיסר האָט אַרויסגעשיקט אַ סאָלדאַט, ער האָט געדאַרפט אַריינלויפן און איבעררייסן די קייט. אויב ס׳איז אים געלונגען, האָט ער אַ טייל פון דער קייט גענומען אין „פּלען״ און אָנגעשלאָסן זיי אין זיין אַרמיי. אויב ניט, איז ער געבליבן אין „פּלען״.

ויהי־היום — בין איך געווען קיסר, איך האָב אַרויסגע־שיקט אַ סאָלדאַט גרויס ווי אַ שרעטעלע, איז ער נעבעך געלאָפן מיט זיין גאַנצער גבורה, זיך אָנגעשלאָגן אין דער קייט און איז באַלד אָפּגעשפּרונגען ווי אַ אַרבעסל פון אַ שטיינערנער וואַנט. איך האָב געהאַלטן אין פאַרלירן איין סאָלדאַט נאָכ׳ן אַנדערן, ביז איך האָב פאַרלוירן מיין גאַנצע אַרמיי.

ביטער ווי גאַל! כ בין געבליבן — אַ נאַקעטער מלך און מיין טראָן האָט זיך געוואַקלט. כ׳האָב זיך אַרויסגעלאָזט מיט גרויס אימפּעט און געלאָפן ראַטעווען מיין קעניגרייך, כ׳האָב אַריינגעקראַכט אין דער קייט מיט דעם אמתן זבענק. די קייט האָב איך ניט איבערגעריסן, אָבער אַלע זענען אומגע־פאַלן ווי אונטערגעשניטענע זאַנגען. ס׳איז געוואָרן אַ גראַטשקע. איניקע ייִנגלעך האָבן זיך אַרויפגעלייגט אויף מיר און מיך גענומען אין „פּלען״. איך האָב געטענהט אַז איך האָב אויפגעטאָן מער ווי איבעררייסן די קייט. בקיצור, ס׳האָט גאָר ניט געהאָלפן. מיין קעניגרייך איז פאַרשוווּנדן.

אַ מאָל פאַלט ל״ג־בעומר אויס אין תשעה־באב...

## די גייסטיקע אַטמאָספערע אין מיין היים

אויף מיין טאַטן האָט מען געזאָגט אַז „ער איז אויסגעווען אַ וועלט״. דאָס האָט געמיינט אַז ער איז אַרומגעפאָרן ווייט און ברייט איבער רוסלאַנד. ער איז באמת געווען אַ „קראַסאַ־וויעץ״ — הויך, שלאַנק און אימפּאָזאַנט. געדינט אין דער אַרמיי און זיך דערדינט צו אַ הויכן ראַנג. גערעדט רוסיש ווי אַ וואַסער.

ער האָט געהאַט שווונג, פאַנטאַזיע און אונטערנעמע־רישקייט. ער האָט געהאַט דעם שטעל פון אַ גרויס־שטאָטישן סוחר. ווינטער איז ער געפאָרן אין טיף רוסלאַנד: קרים, ראָסטאָוו. די רייזע האָט געדויערט אַ פּאָר חדשים. ער האָט דאָרט איינגעקויפט אַ פּאָר טויזנט פעל און זיי פאַרקויפט צו די פאַליאַקן פון גאַרוואָלין און פון די אַרומיקע דערפער. זומער איז ער אַוועק אָפּקויפן שטרעקעס וואַלד מיט דעמבענע ביימער. די דעמבענע קאָרע האָט מען גענוצט אויף אויסצו־אַרבעטן אָדער „אויסדעמבעווען״ די פעל. פון זיי האָט מען געמאַכט פּעלצן. דאָס איז געווען אַן אינדוסטריע וואָס מיין טאַטע האָט אַנטוויקלט אין גאַרוואָלין. אויף אויסצואַרבעטן די פעל האָט מען געדאַרפט אַ פאַבריק — האָט ער דאָס אָרגאַניזירט. בקיצור — ער האָט באמת געהאַט אַ שלל מיט ענערגיע.

אַהיימקומענדיק פון די ווייטע נסיעות, האָט ער אַלעמען געבראַכט מתנות. ס׳איז געוואָרן ליכטיק און יום־טובדיק ווען די טיר האָט זיך געעפנט און ס׳האָט זיך באַוויזן מיין עלעגאַנטער טאַטע. ס׳האָט געשפּרודלט פון אים מיט גוטמו־טיקייט און פרייד.

מיין טאַטע האָט געהאַט אַ אייגנאַרטיקן חוש פאַר הומאָר. ווי אַ געשליַפטער אַקטיאָר פלעגט ער דערציילן מעשיות, וואָס האָבן פאַרכאַפּט דעם אָטעם — מ׳איז געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן און אָנגעשפּיצטע אויערן.

אויב איך שרייב באריכות וועגן מיין מאַמען, מיינט עס ניט מיין טאַטע האָט געשפּילט אַ קלענערע ראָלע אין מיין לעבן און אין דער היים. ס׳איז דערפאַר וואָס דער טאַטע איז מערסטנס געווען אונטערוועגנס און מיט דער מאַמען האָב איך פאַרבראַכט יעדן טאָג פון מיין יוגנט. דערפאַר האָט זי זיך שטאַרקער איינגעקריצט אין מיין זכרון. איבעריקנס, אַ סך פון מיין מאַמעס מעשׂים־טובים זענען געטאָן געוואָרן מיט זיין צושטימונג און אומדירעקטן אָנטייל. אַחוץ דעם איז מיין מאַמע דירעקט פאַרבונדן מיטן לעצטן ייִדישן חורבן.

ווי איך געדענק, האָט זיך אין אַלע ווינקלען פון מיין היים אָפּגעשפּיגלט דער עיקר מיין מאַמעס מאַגנעטישע פּערזענלעכקייט.

„אני חבצלת השרון שושנת העמקים״.

„איך בין די רויז פון שרון, אַ ליליע פון די טאָלן״.

דעם פּסוק פון שיר השירים האָט מיין מאַמע אָפּט דערמאָנט. און ווי פאַר אַזאַ געדענק איך זי: „אַ ליליע פון די טאָלן״. צאַרט און דופטיק ווי אַ בלום; שלאַנק, עלעגאַנט און מאַיעסטעטיש ווי אַ פּרינצעסן.

יונגערהייט איז זי געבליבן אַ קיילעכיקע יתומה. איר עלצטער ברודער, אַ למדן און בקי אין וועלטלעכן וויסן, האָט זי דערצויגן און מיט איר געלערנט. זי האָט געקענט ציטירן גאַנצע שטעלן תנ״ך אויסנווייניק. ווען איך פלעג שבת בייטאָג לייענען פאַר מיין טאַטן די הפטורה, האָט זי אַ זאָג געטאָן: „גיט מיר אַ ביסל וואַסער צו וואַשן די הענט״, און האָט אָנגערופן די „סוואַרבערע״, ווו די הפטורה געפינט זיך. נאָך דעם האָט זי אויסגעזינגען טיילן פון דעם ספר וואָס זי האָט אָנגערופן.

אין אירע שמועסן האָט זי איינגעוועבט ציטאַטן פון תנ״ך און תלמוד, משלים, שפּריכווערטער און עפּיגראַמען.

איר שפּראַך איז געווען שטאַרק קולטיווירט און ראַפינירט; זי האָט קיינמאָל ניט געבראַכט אויף אירע ליפּן אַ קללה, אַ גראָב, צווייַדייטיק אָדער וווּלגאַר וואָרט. אַלץ וואָס זי האָט געזאָגט איז געווען איידל און לויטער ווי קוואַלוואַסער, דאָס געזאַנג פון אַ פידל.

אויפן העכסטן שטאַפּל איז ביי איר געשטאַנען לערנען תורה און נאָכדעם ערשט וועלטלעכע לימודים. זי האָט געהאַט אַן אָריגינעל און ווירקעוודיקע מעטאָדע אונדז צו אינספּירירן צום לערנען. זי פלעגט אָפּט זאָגן דעם טאַטן, כלומרשט בסוד, אָבער הויך גענוג איך זאָל הערן: „ער האָט אַ טייערן קאָפּ, ער קען אַלץ אין דער וועלט זיך אויסלערנען, ער דאַרף נאָר וועלן״. מיט דער צייט, האָב איך אַליין טאַקע אָנגעהויבן גלויבן אין דעם. אין אָנהויב האָב איך זיך אַ ביסל איבערגענומען, אָבער ביסלעכווייז האָב איך דערפילט אַז מען לייגט גרויסע האָפע־נונגען אויף מיר. דאָס דאָזיקע געפיל האָט אָנגעצונדן מיין געמיט מיט פונקען: איך קען ניט און טאָר ניט אַנטוישן מיינע עלטערן. די פונקען האָבן זיך צעפלאַקערט — און איך האָב באמת דערפילט אַ שטאַרקן באַגער צו לערנען און לערנען.

איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, ווייס איך אַז איך עקזיסטיר אין דיין זכות. דאָס פּינטעלע ייד און מענטש אין מיר — דאָס ביסטו, מאַמע. האָסט מיך פאַרכישופט און אָנגעשטעקט מיט אַ דורשט צום לערנען און זוכן... נאָך איצט, פליסט דער דורשט אין אַלע מיינע אברים, ברענט מיין צונג און ליפּן. אין מיר, אַרום־מיר שוועבט שטענדיק דיין גייסט און באַגלייט אַלע מיינע טריט אויף גאָט'ס ערד.

איך בין געווען צו יונג צו באַנעמען די שיינקייט און קדושה וואָס האָט געשטראַלט פון דיר. איצט באַנעם איך דיך קלאָרער, בין נענטער צו דיר, בין אַ טייל פון דיר.

טאַטע־מאַמע האָבן געוואָלט אַז די קינדער זאָלן קריגן אויך וועלטלעכע בילדונג. האָט מען אָנגעשטעלט אַ לערער וואָס האָט אונדז געגעבן פּריוואַטע לעקציעס. מיר האָבן געלערנט קאַליגראַפיע, אַריפמעטיק, אבאַקוס אָדער „ראַש־טשאָט". פון שפּראַכן — פּויליש, רוסיש, דייטש און פראַנצויזיש. מיר האָבן געדאַרפט איבערשרייבן דעם אַלפאַבעט פון יעדער שפּראַך. מיט דעם „מעטאָד" האָבן מיר, הייסט עס, געזאָלט באַהערשן די שפּראַכן. מאָלט אייך אַז קיין גרויסע שפּראַכן־קענער זענען מיר פון אַזאַ לערנען ניט געוואָרן.

מיר האָבן אויך גענוצט, דוכט זיך, בלאָשטיינ'ס בריוונשטעלער. דער יידיש פונעם בריוונשטעלער איז געווען אַזאַ, וואָס אָדער שמר'ס העלדן אָדער כינעזער רעדן אַזוי. למשל: „צו מיין טויערע ברויטיגאַם". עד־היום ווייס איך ניט צו „ברויטיגאַם" איז אַ שטרויס־פויגל אָדער אַ לונג־און לעבער. דאָס האָט געזאָלט זיין השכלה־יידיש פון אַ גרויס שטאָטישן אינטעליגענט.

ביים סוף קורס האָבן מיר גענוצט קליינע העפטן — אַ קורס אין בוכהאַלטעריע פון איינעם אַ מאַרגאַלעס.

אַמבעסטן האָט זיך אין די לעקציעס אויסגעצייכנט מיין שוועסטער פעסע — און איך האָב זיך ווי עס איז נאָכגעשלעפּט.

מיין מאַמע פלעגט אָפט אין אירע געשפּרעכן דערמאָנען דעם רמב"ם, מורה נבוכים, שפּינאָזאַ, שבתי־צבי, גרעץ, משה מאָנטעפיאָרע, ווילנער גאון, ד"ר הערצל, שמר, שלום עליכם. צייטנווייז איז אַריינגעקומען די „הצפירה" און, כמעט אַלע טאָג, דער „מאָמענט".

כ'האָב געהערט אַז מיין מאַמע איז אַזוי „אינטעליגענט" אַז זי פירט אַפילו אַ טאָג־בוך.

אַ מאָל פלעגט אין הויז ווערן אַ טרעוואָגע. מען האָט שנעל גענומען צוראַמען און אויסגלעטן. דורכן פענצטער האָט מען געזען ביים צוויטן עק חזיר־מאַרק, ווי יצחק פעלדשער, אָנגעלענט אויף זיין באַרימט שטעקעלע, שפּאַצירט פּאַוואָליע, ווי ער וואָלט אַליין געווען אַ חולה... דאָס איז ער פון צייט צו צייט געקומען טרינקען אַ גלעזל טיי און שטיל און געמיטלעך געשמועסט מיט מיין מאַמען. ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון איר און געזאָגט אַז „זי איז שיין, קלוג, אינטעליגענט אָבער ניט געזונט. — פונדעסטוועגן דאַרפט איר נאָך ניט אָפּשרייבן אייערע „פּאַלוואַרקעס", פלעגט ער פאַרענדיקן מיט אַ ווונק...

## פילאַנטראָפּיע און צדקה

ביי מיינע עלטערן איז פילאַנטראָפּיע געשטאַנען אויף דער זעלבער הייך וואָס לערנען תורה. מיטן געפיל פון אַחריות פאַר נויטבאַדערפטיקע, מיטן באַוווסטזיין אַז „כל ישראל ערבים זה לזה", האָבן זיי געלעבט יעדן טאָג, יעדע שעה פון זייער לעבן.

מען האָט שטענדיק גערעדט וועגן הכנסת־אורחים, ביקור־חולים, לינת־הצדק, גמילת־חסדים, הכנסת־כלה און סתם צדקה.

אַלע מאָנטיק אינדערפרי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ טשאַטע אָרעמע־לייט ווי פייגל. איידער זיי האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער די הייזער, האָבן זיי זיך געמאָלדן צו ישראל־יצחק שמש, ביי וועלכן זיי האָבן אויסגעטוישט גראַשנס אויף האַלבע גראַשנס, אָדער פּרוטות — דאָס זענען געווען קליינטשיקע שטיקלעך טאָוול מיט אַ גרינער חתימה פון קהילת גאַרוואָלין, אויף צו געבן רעשט פון אַ גראַשן דאָרט, ווו מ'איז ניט געווען ביכולת צו געבן אַ נדבה אַ גאַנצן גראַשן.

דער משמש האָט אויך אויסגעשריבן קוויטלעך און געשיקט די אָרעמע־לייט צו די שטיצער פון הכנסת־אורחים, וואָס נעמען אַן אורח אויף שבת.

מיר פלעגן האָבן אַן אורח כמעט יעדן שבת. אויף אַ שבת אָן אַן אורח, האָט די מאַמע געזאָגט: „מען האָט מיר פאַרשטערט דעם שבת".



מיכל קאַפּנהויז (קויפמאַן) אין יאָר 1921

ווען דער אורח האָט זיך געמאָלדן מיטן קוויטל, האָט אים מיין מאַמע געדאַנקט און געבעטן זיצן. שטילערהייט האָט זי איינגעפּאַקט העמדער מיט גאַטקעס און דאָס אים מיטגעגעבן. פריייטיק, איידער מיין טאַטע איז אַוועק אין מרחץ, האָט ער גענומען זוכן אונטערוועש און אָפט ניט געפונען. האָט ער אויסגערופן: „לאה'צע, לאה'צע, קום נאָר אַ הער. הישמע כזאת אַז איך זאָל ניט קענען געפינען קיין לייטיש העמד אויף שבת!". די מאַמע האָט כלומרשט געהאָלפן זוכן. „זע נאָר, איך ווייס טאַקע נישט, ווו איז עס אַהינגעקומען?".

ביידע האָבן געוווּסט אַז דאָס איז אַן אָנשטעל, אַ שפּיל אַזאַ. ביידע האָבן שטילערהייט, אָן ווערטער און מיט אינערלעכער פרייד זיך געטיילט מיט אַ קליינעם חלק עולם־הבא.

די מאַמע האָט זיך געפּאָרעט אַרום דעם אורח ווי אַרום אַ קינד. „עסט, עסט געזונטערהייט. זאָל אייך וווּיל באַקומען". זי האָט צעשניטן די חלה אויף רעפטלעך. שטילערהייט האָט זי אַ זאָג געטאָן: „אַ מאָל שעמט זיך דער אורח אַליין נעמען און שניידן". ווען מען האָט סערווירט די מאכלים, האָט מען, דוכט זיך מיר, סערווירט צום ערשטן דעם אורח.

אין מיטן־וואָך האָט די מאַמע אָפט, אומבאַמערקט, זיך אַרויסגעשלייכט פון הויז. דאָס איז געווען אַ געהיימע מיסיע: זאַמלען געלט פאַר וועמען, אָוועקטראָגן אַ ביסל געקעכץ, ווו מ'האָט זיך געשעמט אויסשטרעקן די האַנט נאָך אַ נדבה. זי האָט מבקר־חולה געווען, באַזוכט אַ קימפּעטאָרין. אַ היים געקומען איז זי אַזוי שטיל, ווי זי איז אַוועק. זי האָט קיינמאָל ניט געזאָגט וואָס זי האָט געטאָן. מען טאָר ניט אויסזאָגן וועמען

מ׳העלפט אַרויס. מ׳דאַרף קיינעם ניט מבייש זיין. צדקה דאַרף זיין — מתן בסתר.

אונדזער היים איז געווען אַ זויבערע, איינפאַך און באַשיידן. אָבער פון די ווייס־געקאַלכטע ווענט האָט אַרויס־געשטראַלט די פאַרבנרייכע שיינקייט פון אָרטאָדאָקסישן שטייגער־לעבן; ס׳איז געווען אַן אמת ריין־רעליגיעז לעבן מיט אַ קליינעם וועלטלעכן אונטערשלאַק.

## שבת און יום־טוב

דאָס דערוואַרטן און דאָס גרייטן זיך אויפצונעמען דעם שבת אָדער יום־טוב, איז געווען כמעט אַזאַ פרייד ווי דער יום־טוב אַליין.

פרייטיק, אַרום ליכט צינדן, קומט צו שוועבן די זיידענע מלכה־שבת. מיט צאַרטע פינגער גלעט זי אויס די קנייטשן פון דער נשמה. זי פאַנגט אונדז אין איר גילדענער נעץ פון רו, פרייד און עקסטאַז. ווי פון אַ געהיימען, קילן קוואַל, פליצט אַרויס דער יידישער בטחון, וואָס גיט כוח צו טראָגן דעם שווערן יאָך פון די וואָכעדיקע טעג.

מיר געדענקען דעם עקסטאַז פון סוכות, שמחת־תורה און דעם פאַרכטיקן ציטער פון די ימים־נוראים.

פסח, ווי קען מען דיך פאַרגעסן, פסח? די פסחדיקע כלים; דאָס שייערן, וואַשן און רייניקן דאָס הויז; בדיקת־חמץ; די פרישע, שמעקעדיקע מצה; דער סדר, די פיר קשיות; דער אַפיקומן; אליהו הנביא און זיין געשליפענער כוס ויין; דאָס ווייסינקע ציגעלע פון חד־גדיא, וואָס איז מיר געקומען צו חלום ווען איך בין איינגעשלאָפן ביים סדר.

סוכות — די פרייד פון העלפן בויען די סוכה. אין סוכה, ביי דער סעודה, מאַך איך צו די אויגן און באַלד וואַנדער איך אין מדבר מיט משה רבינו און די יידן, אָדער איך רו אין אַ געצעלט ערגעץ אין אַ ווינגאָרטן אין ארץ־ישראל.

שמחת־תורה — מיין גילדן־פּאַפּירענע פאָן מיט דעם עפּל און ליכטל, וואָס ברענט נאָך איצט... די הקפות — כוואַליעס אויף כוואַליעס פרייד. צומאָרגנס נאָכן דאַווענען האָט זיך אַ טשאַטע יידן אַרויסגעלאָזט איבער די הייזער, מאַכן אַ לחיים, כאַפּן אַ שטיקל הייסע קישקע און אַוועק אין אַן אַנדער הויז. צו אונדז איז אַריין אַ גאַנצע כאַליאַסטרע. איינער האָט אָנגעטאָן אַ קרענצל ציבעלעס און אַרויף טאַנצן אויפן טיש. דער טיש האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, זיך איבער־געקערט — און דער טענצער איז שוין געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע.

אין אין הויז האָט מען די בגילופנדיקע יידן ניט אַריינ־געלאָזט. איז איינער פון זיי אַרויף אויפ׳ן דאַך און אַראָפּגעלאָזט זיך אין הויז אַריין דורך דעם קוימען. ווי אַזוי ער איז אַרויס אַ לעבעדיקער, ווייס איך ניט. אויסגעזען האָט ער ווי אַ שוואַרצער רוח.

מיין טאַטע און איך האָבן עולה־רגל געווען צום זשע־לעכאָווער רבין אויף יום־כיפור. „פאַרן צום רבין איז ניט קיין קונץ, גיין צופוס איז אָנגעלייגט אי ביים רבין, אי ביים רבונו־של־עולם״, — האָט מיין טאַטע אַ זאָג געטאָן, בעת מיר זענען אַרויס פון דער היים.

מיר זענען געגאַנגען דורך אַ וואַלד. דאָס איז געווען אַ קירצערער וועג. אַרום מיטאָג צייט האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ „פּיען״, אויסגעפּאַקט פון אַ רויטער פאַטשיילע די צידה לדרך און געכאַפּט אַ ביס. די קעלט איז געקראָכן אין די ביינער. כ׳האָב אַ טראַכט געטאָן אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן ספּעציעל פאַר אונדז יידן. די גאַנצע נאַטור אַרום ווייסט אַז היינט איז ערב יום־כיפור, דערפאַר זעט אַלץ אויס אַזוי אומעטיק און סמוטנע. די ביימער האָבן רעזיגנירטע געשאָקלט מיט האַלב־נאַקעטע קעפּ. פּאַרטריקענטע בלעטער האָבן זיך געטראָגן אין לופטן ווי שמות. אויף זיי איז אָנגעש־ריבן דער גורל פון יעדן מענטשן. ווינטן האָבן אויסגעשפּילט ימים־נוראים־ניגונים. פייגל זענען געשפּרונגען אויף די צווייגן, אָנגעשלאָסן זיך אינם כאָר און טרויעריק מיטגעזינגען.

קיין זשעלעכאָוו זענען מיר אָנגעקומען שפּעטלעך. דעם רבינס הויז האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַרצייטישער גוט. אַ הויכער פּאַרקאַן האָט אַרומגעצוימט אַ וועלדל. אינמיטן איז ווי אַ שלאָס געשטאַנען דאָס הילצערנע, גאָרנדיקע הויז.

דער רבי האָט אונדז אָפּגעגעבן שלום. אין אַ זייטיקן צימער האָבן מיר גיך אָפּגעכאַפּט אַ ביס און אַריין אין שול.

די שול איז געווען געפּאַקט. אויף די טישן זענען אין קעסטלעך מיט זאַמד געווען אַריינגעשטעקט גרויסע וואַקסענע ליכט, ווי פאַרגליווערטער האָניק. פון דער שטאַרקער היין האָט מיר פאַרפעלט אָטעם. בין איך אַרויס אין הויף. ס׳איז שוין געווען טונקל און עס האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַן אימה.



**מיכל קויפמאַן און זיין פרוי שרה**
(צוגעשיקט ספּעציעל פאַרן יזכור־בוך)

דאָס וועלדל האָט אויסגעזען ווי אַ בית־עולם פול מיט מתים. אונטער די ביימער זענען געשטאַנען יידן אין ווייסע קיטלען און זיך שטיל געשאָקלט. אַ דערשראָקענער בין איך צוריק אַריין אין שול.

מען האָט זיך געגרייט צו כל־נדרי. דער צעעפנטער ארון־קודש איז געווען פול מיט ספרי־תורות אין געהאַפּטענע מענטעלעך און גרויסע זילבערנע כתר׳ס. דער רבי איז צוגע־פאַלן צום ארון־קודש און לאַנג שטילערהייט מתפלל געווען. מיט אַ מאָל האָט זיך פון דאָרט דערטראָגן אַ שטילער געוויין ווי פון ערגעץ ווייט, ווייט... ביסלעכווייז איז דאָס געוויין איבערגעגאַנגען אין אַ יללה, ווי גאַנצע דורות וואָלטן פון דאָרט אַרויסגעוויינט. כ׳האָב אָנגעהויבן פילן אַז אַן אומגליק

וועט געשען — אַלע וועלן שטאַרבן און די וועלט וועט אונטערגיין.

דער רבי האָט בהדרגה אויפגעהערט וויינען. אַ פּאָר מינוט איז געווען שטיל, נאָכדעם האָט זיך געהערט אַ דין געזאַנג ווי פון אַ הייל־טיפעניש:

„כל נדרי"...

אַ ציטער אין האַרצן; טרערן אין די אויגן.

פון דער גרויסער היץ האָבן אַ סך האַלב־אויסגעברענטע ליכט פאַרבויגן די קעפּ און פאַרלאָשן געוואָרן. איך ווייס ניט פאַרוואָס, אָבער דאָס האָט מיך באַאומרויקט. צומאָרגנס האָב איך דאָס דערמאָנט מיין טאַטן. ער האָט אַ זיפץ געטאָן: „דער שמש מישט אויס די ליכט אַזוי, אַז קיינער וועט ניט דערקע־נען וועמענס ליכט ס'איז פאַרלאָשן געוואָרן"...

דער תענית איז אַריבער. נאָך דעם מחדש זיין די לבנה, האָט מען סערווירט משקה, לעקעך און הערינג, איינגעטונקען אין שוואַרצן פעפער. ווען איך האָב פאַרזוכט אַ שטיקל הערינג, האָב איך געמיינט אַז מיין עלטער־באָבע האָט מיר געגעבן צו שמעקן האַרצשטאַרק.

נאָך דער סעודה איז מען צוריק אַריין אין שול. מען האָט אַרום רבין געמאַכט אַ קאַראַהאָד און געטאַנצט ביז די שטערן זענען פאַרשוווּנדן.

אין מיטן דער נאַכט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט. ס'איז מיר אַריין אין קאָפּ אַז איינס פון די אויסגעגאַנגענע ליכט איז מיין טאַטנס. איז אָדער דער טאַטע, אָדער די מאַמע וועט אַוועק פון דער וועלט. ביסלעכוויז בין איך געוואָרן זיכער אַז דאָס וועט זיין די מאַמע. אַ שוויס האָט מיך באַשלאָגן. כ'בין שוין מער ניט געשלאָפן.

אינדערפרי האָט דער טאַטע מיר געזאָגט אַז מיר בלייבן נאָך אַ טאָג אין זשעלעכאָוו. האָב איך אַרויסגעלאָזט אַ יללה אַז ער האָט זיך דערשראָקן. איך בין געווען זיכער אַז מיין מאַמע איז שוין ניט צווישן די לעבעדיקע. דער טאַטע האָט ניט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס איך וויין אַזוי, אָבער איך האָב זיך אַזוי צעהעשעט און פאַרקייכט, אַז ער האָט מיך אַרויפגע־זעצט אויף אַ פור מיט יידן. ער אַליין איז פאַרבליבן אין זשעלעכאָוו.

דער וועג אַ היים האָט זיך געצויגן ווי פעך. כ'האָב געמיינט אַז כ'גיי אויס. ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין גאַרוואָלין, האָב איך ניט געהאַט קיין כוח צו לויפן אַ היים. איך האָב אָנגענומען די קליאַמקע און מורא געהאַט צו עפענען די טיר. ווען כ'בין אַריין אין שטוב און דערזען די מאַמען, זענען מיר די אויגן געוואָרן פול. כ'בין צוגעלאָפן צו איר און צוגעטוליעט מיין קאָפּ צו אירע קני. זי האָט אַרומגענומען מיין פּנים מיט אירע יידן־וואַרעמע הענט. אַ מלאך האָט אַראָפּגע־נידערט, מיך איינגעהילט אין זיינע צעשפּרייטע פליגל און פאַרוויגט.

## קולטור־און פּאָליטיש־טעטיקייט

לויט מיין קינדערישן באַנעם איז גאַרוואָלין געווען ווי אַרומגעמויערט מיט אַ פעסטונג וואָס האָט זי באַשיצט פון דער אַרומיקער וועלט. אינעווייניק האָב איך געלעבט אין מיין קליין קינדעריש וועלטעלע פון בית־מדרש און היים. פון דאָרט האָב איך אָבסערווירט דאָס יידישע לעבן מיט מיינע קינדערישע אויגן.

פאַר מיר איז גאַרוואָלין געווען אַ פולשטענדיק יידישע שטאָט. די פּאָר פּאָליאַקן וואָס האָבן דאָרט געוווינט, האָבן זיך גלאַט־אַזוי געדרייט אונטער די פיס.

אין דער גאַנצער גאַמע פון טאָג־טעגלעכע אַקטיוויטעטן איז געווען איינגעוועבט דער שולחן־ערוך. דאָס לעבן האָט געקלאַפּט מיטן ריטעם פון אַ גוטן זייגער מיט אַ יידישן ציפערבלאַט: ס'איז געווען ווי געקנאָטן פון איין טייג; ווי אויסגעגאָסן פון אַ פאָרעם פון דריידלעך; ווי אַן אָרקעסטער אין וועלכן יעדער סעקטאָר שפּילט־אויס אויף זיינע אינסטרו־מענטן זיין יידישקייט און די נגינה גיסט זיך צונויף אין אַ סימפאָניע. די סעקטאָרן זענען געווען די גערער, זשעלע־כאָווער, קאָליביעלער, קאָצקער, ראַדזינער חסידים און סתם יידן. יעדער סעקטאָר מיט זיין באַזונדערן וועג, אָבער אין אַלגעמיין, מיט קליינע וואַריאַציעס, האָבן אַלע אָפּגעהיטן שבת, געפראַוועט ימים־טובים, שבע־ברכות, בריתן בר־מצוה'ס און לוויות. מ'האָט אויך געטראָגן די זעלביקע הלב־שה. נעמט אַזאַ פשוטע זאַך ווי אַ היטל. אָבער אַ היטל צו אַ היטל איז ניט גלייך. לויט דער דענקע פונם היטל האָט מען דערקענט אַז דער איז ניט קיין גאַרוואָלינער נאָר אַ זשעלעכאָווער אָדער פאָריסאָווער חסיד אָדער גאָר אַ „ליטוואַק".

אויב אַ ייד וואָלט אַפילו ניט געוואָלט פירן אַ יידישלעך לעבן, וואָלט ער עס אין גאַרוואָלין ניט געקענט באַוויזן. כ'בעט אייך, וואָס וואָלט אַ ייד געקענט טאָן פרייטיק־צו־נאַכטס נאָך קבלת־שבת, אַ חוץ מאַכן קידוש, עסן געפילטע פיש און פאַרבייסן מיט זמירות. שבת נאָכן דאַווענען האָט מען זיך אונטערגעלעגט דאָס האַרץ מיט פיש, טשאָלנט און קוגל. אָפּגעבענטשט, כאַפּט מען אַ „דזשים" און נאָכדעם דערפרישט מען זיך מיט אַ גלעזל לאַקריץ. וואָס דען זאָל אַ ייד טאָן? און אויב איינער וויל רק מחלל־שבת זיין, איז ער ניט קראַנק צו פאָרן קיין וואַרשע!

אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ דיסאָנאַנס אין דער גאַר־וואָלינער יידישער סימפאָניע: דעם פריזירערס זון איז געקומען פון וואַרשע, האָט ער געטראָגן אַ מאַרינאַרקע ווי אַ „פראַנצויז" און געריטן אויף אַ רייטוועגעלע. איינער האָט שבת אין בית־מדרש זיך באַרימט, אַז ער האָט היינט אינדערפרי געלייענט דעם „מאָמענט", וואָס איז אָנגעקומען טאַקע היינט, שבת, פון וואַרשע. אַ ייד וואָס האָט דאָס געהערט, האָט אים בשעת־מעשה געגעבן אַן אַדערויף אַ פּאָר פעטש... תשעה־באָב האָט מען אויף יענער זייט טייך געכאַפּט אַ פּאָר לאָבוסעס שפּילן קאָרטן. און טרעפט אויף וואָס די קאָרטן זענען געלעגן? — יאָ, אויף אַ געפּגרט פערד. כאָטש איך האָב רחמנות געהאַט אויף אים, פלעג איך מיט נאָך קליינוואַרג נאָכלויפן אַ משומד און נאָכשרייען: „אַלאַ באָגאַ, מאַטקאַ באָסקאַ בענקאַרט!".

אָבער באַלד פלעגט ווידער ווערן שאַ שטיל און דאָס יידישע לעבן האָט ווייטער געפליסט רויק און באַזאַכט ווי די וואַסערן פון דער ווילגאַ אין אַ קלאָרן זומער־טאָג.

מיט דער צייט האָט זיך געיאָוועט אַ שפּאַלט אין דער גאַרוואָלינער פעסטונג און אַ לייכט ווינטעלע, וואָס האָט געוועקט אומרו, האָט אָנגעהויבן בלאָזן פון דער דרויסנדיקער וועלט.

דאָס איז געווען, דוכט זיך מיר, אַרום 1917.

חיים דן מאַקאָטאָוו האָט מיך מיטגענומען צום איינבינדער וואָס האָט געבונדן ביכער פאַר זיין טאַטנ'ס בוך־געשעפט.

אויף דער פּאָדלאָגע איז געלעגן אַ שטויס ביכער. כ׳האָב געוווּסט אַז ספרים לייגט מען ניט אויף דער פּאָדלאָגע. איך האָב געעפנט אַ בוך און דערזען אויפ׳ן שער־בלאַט: שלום אש. מערי. ראָמאַן. ביים וואָרט „ראָמאַן״ האָב איך דערפילט אַ לייכטן ציטער. ביז דעמאָלט האָב איך נאָך ניט געהאַט געלייענט קיין יידיש בוך און אַ ראָמאַן דערצו. די שפּראַך האָט זיך געלייענט אַזוי לייכט און פאַרשטענדלעך און איז מיר געווען אַזוי נאָענט און ליב.

איך האָב איבערגעמישט דעם שער־בלאַט און גענומען לייענען. איך געדענק נאָך דעם תמצית פון די ערשטע בלעטלעך: „מערי ראָזענצווייג איז געגאַנגען צווישן געדיכטע קוסטעס. ס׳איז געווען האַרבסט. זי איז פּייכט געוואָרן פון די גראָזן. זי איז געווען אין דער מאַלאָרוסישער קירכע, וואָס איז געווען ווייט פון דער שטאָט. זי האָט דאָרט געהערט דעם כאָר זינגען און זי האָט געטראַכט אַז יידן האָבן ניט קיין שיינע רעליגיעזע צערעמאָניעס״.

איך האָב פאַרמאַכט דאָס בוך און זיך פאַרטראַכט. אַ געדאַנק איז מיר דורגעלאָפן אין מוח און כ׳האָב זיך דערשראָקן: ווען איך פלעג פאַרבייגיין דעם „קאָשטשאָל״, האָט זיך געהערט קלאַנגען פון מוזיק. מ׳האָט מיר געזאָגט אַז דאָס שפּילט אַן אָרגל און אַז מיר האָבן געהאַט אַן אָרגל אין בית־המקדש. די גויים האָבן אים צוגעגנב׳עט. אפשר האָב איך אויך אַמאָל געטראַכט וואָלטן די יידישע תפילות געווען שענער, ווען מען שפּילט זיי אויס אויף אָרגל. כ׳האָב פאַרטריבן דעם געדאַנק. נאָכדעם איז מיר איינגעפאַלן אַז אויב עס ליגן אַזוי פיל ביכער פון שלום אַש, איז אַ סימן אַז מען לייענט אין גאַרוואָלין ראָמאַנען. ווער זשע לייענט זיי? — די בית־מדרש בחורים.

ביסלעכווייז איז פון דעם קליינעם ווינטעלע געוואָרן אַ שטורעם.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָב איך געהערט, אַז זישע נאָכגעלט האָט זיך אָפּגעשוירן די פאות. ער האַלט רעדעס און „אַגיטירט״. ער צוזאַמען מיט אהרן גראָספעלד, יאַנקל וואַלדבוים און חיים דן מאָקאָטאָוו האָבן אָרגאַניזירט אַ קולטור־פאַראיין און אַ ביבליאָטעק. מ׳האָט זיך געקאָכט וועגן „בונד״, צעירי־ציון און מזרחי. יצחק פעלדשערס טאָכטער, וואָס האָט שטודירט אין אויסלאַנד פראַנצויזיש און פאָרטיפּיאַן, איז אַראָפּגעקומען מיט איר געליבטן. ביידע האָבן גאָר גערעדט יידיש, געגעבן אַ קאָנצערט און געזונגען „הער אויס דו שיין מיידעלע״. אַפילו האָבן געמאָלדן אַז אין דער שאָפּע ביי די פייער־לעשער, וועט מען שפּילן טעאַטער: „דער ישיבה בחור״ און נאָמבערג׳ס „די משפחה״. אהרן האָכבערג וועט שפּילן די הויפּט־ראָלע. סיראָטאַ׳ס אַ משורר וועט אָפּגעבן קאָנצערט. בקיצור, די שטאָט איז געגאַנגען אויף רעדלעך.

נאָך מיין אָפּפאָרן איז מיין שוועסטער פעסע געוואָרן סעקרעטאַרשע פון „צעירי־ציון״. ס׳זענען ביי איר פאַרבליבן אינטערעסאַנטע זכרונות פון יענער ברויזנדער קולטור־דערוואַכונג אין גאַרוואָלין.

צווישן די בחורים אין בית־מדרש האָט אָנגעהויבן יוירן. מיר האָבן אין געהיים זיך פאַרזאַמלט ביי איינעם אין הויז און געשמועסט וועגן „מאַכן״ אַ חברה וואָס וועט זיין ציוניסטיש. מען וועט לערנען העברעיש, דיקדוק, יידישע געשיכטע און נאָך און נאָך. מיטאַמאָל האָט זיך די טיר געגעבן אַ פראַל אויף און אַ יונגערמאַן איז אַריין. אַ קורצזיכטיקער, האָט ער יעדן באַטראַכט פון דער נאָענט. ווען ער האָט דערקענט זיין ברודער, האָט ער אים אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש. און ווערטער איז ער צוריק אַרויס. אַ פאַרשעמטער, איז זיין ברודער אים נאָכגעגאַנגען.

מיר זענען געבליבן און באַשלאָסן שיקן קיין וואַרשע יהושע ענגלס זון. ער וועט אונדז ברענגען אַ פּראָגראַם, וועלן מיר וויסן וואָס מיר ווילן.

ער האָט געזאָלט ברענגען אַ פּראָגראַם פון מזרחי. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער דערקלערט אַז דאָס פערד־און־וועגעלע האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן דער אגודת־ישראל, האָט ער געבראַכט זייער פּראָגראַם.

די אַקטיווע בעלי־בתים האָבן זיך דערוווּסט וועגן אונדזערע פּלענער און האָבן געמאַכט אַ קאָנטער־אַטאַקע. זיי האָבן פאַררופן אַן אַסיפה וועגן גרינדן אַ ישיבה, ווו מ׳וועט לערנען העברעיש, דיקדוק און תנ״ך. קונדסים האָבן אויסגעפונען וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען און עס צעלייגט אויף טעלערלעך.

איינער האָט ביי דער אסיפה געמאָלדן אַז מ׳דאַרף בענטשן גומל. עס וואָלט ח״ו געקומען צו אַן אומגליק, ווען ניט דאָס פערד, וואָס האָט געהאַט שכל און זיך אָפּגעשטעלט ביי דער אגודת־ישראל און ניט ביי — ווי הייסן זיי דאָרט די פּושעים. און עס וואָלט געווען אַ יושר מען זאָל אַמווייניקסטן אויפרופן צו מפטיר — דאָס פערד מיט דעם בעל עגלה.

וואָס שייך דיקדוק, האָט איינער געזאָגט, אַז זיין פאָטער איז געווען געבענטשט מיט אריכת־ימים. און דאָס גאַנצע לעבן זיינס האָט ער ניט געוווּסט, אַז ס׳איז דאָ אויף דער וועלט אַזאַ באַשעפעניש ווי דיקדוק. אסור מיר, צו עס האָט אים געשאַדט אויף אַ האָר.

נו, אַז אַ ייד רעדט אַזעלכע קלוגע רייד, איז דאָך ניט שייך. איז מען שנעל פאַרטיק געוואָרן מיטן דיקדוק און זיך גענומען צו העברעיש.

„— וואָס זאָגט איר — העברעיש? וואָס, איר זענט חסר־דעה? ווער דאַרף העברעיש מיט זייערע שלימויזן. לשון־קודש טויג שוין ניט? וואָס פאַר אַ טעם וועט עס האָבן, ווען איך שטעל זיך אַוועק ביים עמוד און זינג „לכה דודי״ אויף העברעיש, אָדער ווען איך רעכט אָפּ דעם סדר אויף העברעיש. אַ שיין פּנים וואָלט איך געהאַט ביי מיינע קינדער״.

אויב אַזוי, האַלט מען שוין ביי תנ״ך. רופט איינער אויס מיט עמאָציע: „פאַרוואָס פליוסקען מיר זיך שטענדיק ביים ברעג פון תנ״ך: יהושע, שופטים, שמואל?. פאַרוואָס לאָזט מען זיך ניט אַרויס שווימען אין די טיפע וואַסערן פון משלי, איוב, קהלת!״.

„ — וואָס זאָגט איר, — משלי? איוב? אַנדערש שטייט אייך ניט אָן? יהושע אָדער שופטים וועט זיי פאַרשאַטן צום מאָגן? שווימען האָט זיך זיי מיטאַמאָל פאַרוואָלט. אַזאַ שווימער ווי איר דאַרף גיין אין מקווה — וועט איר דאָרט שווימען״.

איינער אַן עלטערער ייד האָט זיך שטאַרק צעקאָכט, געגעבן אַ קלאַפּ אין טיש: „רבותי, איך זאָג אייך אַז תנ״ך איז ניט פאַר יידן!״.

נו — און וואָס איז מכוח די ישיבה?

אין לאָמזשע איז דאָ אַ באַרימטע ישיבה.

און אין גאַרוואָלין, ביים רעליגיעזן סעקטאָר, איז ווידער געוואָרן שאַ־שטיל. דאָס יידישע לעבן האָט ווייטער געפלאָסן רויִק און באַזאַכט, ווי די וואַסערן פון ווילגאַ אין אַ קלאָרן זומער־טאָג.

## „געפֿלויגן, געפֿלויגן די גאָלדענע פּאַווע...“

פֿאַרגעקומען איז עס אַרום 1921. איך האָב באַמערקט אַן אומעט אין די אויגן פֿון מײַנע עלטערן. זיי האָבן זיך געשושקעט. שפּעטער האָט מען גערעדט אָפֿן: אין אַ פּאָר יאָר אַרום וועל איך זיך דאַרפֿן שטעלן צום פּריזיוו. מ׳רעדט אַז מ׳וועט אָנהייבן נעמען 17 יאָריקע. מ׳האָט געשמועסט וועגן אַ פּאַס, אַפֿידייוויט, שיפֿסקאַרטע, „היאַס“. קורץ, מ׳האָט מיך גענומען אויסשטאַטן. ס׳איז געוואָרן קלאָר אַז איך פֿאַרלאָז מײַן היים און פֿאָר קיין אַמעריקע.

פֿאַר דעם אָפּפֿאָרן האָט מײַן מאַמע גענומען מיט מיר אַ פּאָר מאָל אַ שפּאַציר. זי האָט שטיל, וואַרעם און ערנסט גערעדט מיט מיר. ווי איך וואָלט געווען אַ פֿולשטענדיק דערוואַקסענער. איר שטימע האָט געהאַט דעם רעזאָנאַנס פֿון אַ פֿידל, וואָס שפּילט ערגעץ ווײַט, ווײַט. כ׳האָב זיך געפֿילט ווי אין אַ היפּנאָז; ניט געהערט, ניט פֿאַרשטאַנען וואָס זי זאָגט.

האָט זי געוווּסט אַז מיר וועלן זיך שוין קיינמאָל ניט זען? האָט זי געאַנט אַז אַ יאָר שפּעטער וועט „די גאָלדענע פּאַווע אַוועקפֿליען אויף יענער זײַט באַרג“ — אַז זי וועט אַוועק פֿון אונדז אין די בליענדיקע פֿערציקער פֿון איר לעבן און וועט געפֿינען איר רו אויף דעם גאַרוואָלינער בית־עולם? האָב איך געאַנט אַז יאָרן שפּעטער, וועט קומען די היטלער־קאַטאַסטראָפֿע און אָפּווישן גאַרוואָלין מיט דעם בית־עולם און מיר וועלן ניט וויסן ווו איר געביין געפֿינט זיך?

צוליב דעם האָבן מיר, אירע קינדער, די טראַגישע טרייסט, אַז מיר האָבן אַ טייערן חלק אין דעם גרעסטן ייִדישן חורבן.

אַלץ איז צוגעגאַן בסוד. כ׳האָב זיך געזעגנט און אַרויסגעפֿאָרן אויף אַ פֿערד־און־וועגעלע פֿון גאַרוואָלין.

איך האָב מיטגענומען אַ קליינעם באַגאַזש. כ׳האָב ניט געוווּסט אַז איך נעם מיט אַ גאָר גרויסן באַגאַזש, וועלכן כ׳האָב דעמאָלט ניט געזען — די דערציונג, וואָס מײַנע עלטערן האָבן מיר מיטגעגעבן. די דאָזיקע דערציונג האָט ווי אַ רעטונגס־גאַרטל מיך מציל געווען פֿון די שטורמישע אַסימילאַציע־כוואַליעס אין אַמעריקע. איצט, יאָרן שפּעטער, פֿרעגט מען מיך: „איר זענט שוין אַזוי לאַנג אין אַמעריקע און איר רעדט ייִדיש ווי אַ נײַ־געקומענער“. ענטפֿער איך: „דאָס איז די „זינד“ פֿון מײַנע עלטערן: זיי האָבן מיך פֿאַרכּישופֿט; איך קען זיך ניט באַפֿרײַען פֿון ייִדיש, ווען איך זאָל אפֿילו וועלן“.

איך האָב געוווּסט וואָס איך פֿאַרלאָז; כ׳האָב ניט געוווּסט וואָס איך וועל געפֿינען. אין פֿיבער האָב איך זיך געפֿילט געשפּאָלטן אויף צווייען: האַלב פֿון מיר בלײַבט אין דער היים; די אַנדערע העלפֿט הוידעט זיך אויף דעם וועגעלע, וואָס פֿירט מיך באַגעגענען מײַן גורל אין אַנדער לאַנד. כ׳האָב געוואָרפֿן אַ בליק אויף צוריק: די שטאָט, מײַן היים, טאַטע מאַמע, שוועסטער און ברודער, דאָס בית־מדרש, מײַנע שניי־ווײַסע קינדער־יאָרן — אַלץ האָט אַרויסגעקוקט ווי פֿון אַ חלום. מיטאַמאָל איז דאָס שטעטל פֿאַרשווּנדן פֿונעם בלויען האָריזאָנט, ווי מ׳ווישט אָפּ אַ ביסל שטויב פֿון מעבל.

דאָס וועגעלע האָט מיך געוויגט און ווי געשריבן דאָס לעצטע בלעטל פֿון אַן אידיליע.

טונקעלע שאָטנס זענען אַנטקעגן געקומען און זיך צעשפּרייט איבערן שאָסיי. ס׳איז געוואָרן פֿינצטער.

די זון איז פֿאַרגאַנגען...



**דער קיבוץ־הכשרה פֿון „החלוץ המזרחי“ אויף אַ באַזוך אין צעירי מזרחי אין גאַרוואָלין**

משה האַנדקאַן / פּאַריז

# איינע פון אַ מיליאָן...

(געשפּרעך מיטן פּאַריזער תושב — אונדזער בן־עיר — משה האַנקאַן)

## זינט קנאַפּע פּערציק יאָר וווינט אין פּאַריז



אונדזער בן־עיר, משה האַנדקאַן, וועלכער האָט דאָרט דערגרייכט אַ זייער הויכן שטאַפּל אין דער היעראַרכיע פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, זייענדיק לייטונגס־מיטגליד פון דער קאָנסיסטאָריע (קהלה) און אַנדערע ציבור־אינסטאַנצן — פון איין זייט און פאַרנעמענדיק אַן אַוואַנסירטע פּאָזיציע אין די פראַנצויזישע ערשטקלאַסיקע קאָמערציעלע קרייזן — פון דער אַנדערער זייט.

מיר האָבן זיך דעריבער מיט אַ צייט צוריק געווענדעט צו מ. האַנדקאַן מיט דער ביטע איבערצוגעבן שריפטלעך די זכרונות פון זיין אַמאָליקער היים, כדי זיי צו פאַרעפנטלעכן אינעם יזכור־בוך פון גאַרוואָלין. ליידער האָט מ. האַנדקאַן, צוליב זיינע איבערלאַסטנדיקע באַשעפטיקונגען סיי לטובת הכלל און סיי פון פּראָפעסיאָנעלן כאַראַקטער, ווי אויך צוליב עמאָציאָנעלע טעמים (וועגן וועלכע מיר שרייבן ווייטער), נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך דירעקט צו באַטייליקן אין אונדזער יזכור־בוך און דעריבער האָט אַ פּאַריזער זשורנאַליסט דורכגעפירט אין נאָמען פון אונדזער רעדאַקציע אַ געשפּרעך מיטן דערמאָנטן פּראָמינענטן לאַנדסמאַן, וועלכער האָט צו דעם צוועק זיך באַפרייט פון זיינע טאָג־טעגלעכע אַקטיוויטעטן און אין אַ שטילן ווינקל פון זיין זומער־רעזידענץ, וואָס געפינט זיך 35 קמ. פון פּאַריז, באַוויליקט צו ענטפערן אויף די אים געשטעלטע פראַגעס.

רעדאַקציע.

— אַלס, אָפּשטאַמיקער פון גאַרוואָלין, צי האָט איר אַ מאָל פאַרפיקסירט אייערע זכרונות פון דער דאָזיקער שטאָט און בעיקר פונעם חורבן אייראָפּע נאָך דער נאַצי־אָקופּאַציע, אין וועלכער ס'איז צווישן אַנדערע פאַרטיליקט געוואָרן די יידישע קהלה פון אייער געבוירן־אָרטשאַפט ?

— כדי צו פאַרשטיין מיינע געפילן אין שייכות מיט דער דאָזיקער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט — ווי באַוווּסט — פאַרניכטעט די גרעסטע טייל פון פּוילישן יידנטום, וועל איך אייך דערציילן אַן עפּיזאָד פון מיין פאַרגאַנגענהייט, וועלכער האָט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון און אין מיין נשמה. מיין פאָטער, ר' בערל ז"ל איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1928 און מיט זיין „טהרה" האָבן זיך מתעסק געווען די חשובי־העיר, חסידישע יידן, יראי־שמים און שומרי־תורה ומצוות. דאָס איז געווען דער איינציקער פאַל אין מיין לעבן, ווען איך האָב בייגעוווינט די דאָזיקע מצווה פון חסד של אמת, ווייל איך בין אַ כהן און טאָר נישט, נישט בלויז זיך מטפּל זיין, נאָר אויך נישט זיך דערנענטערן צו פרעמדע מתים. דערמאָנענדיק זיך מיט וואָס פאַר אַ זהירות בנוגע כבוד המת די חברה־קדישא־לייט האָבן דורכגעפירט די „טהרה", הויבן אָן מיינע הענט צו ציטערן און איך ווער אַרומגענומען מיט אימה און פחד שטענדיק ווען איך דאַרף זיך מתיחד זיין און שרייבן אפילו וועגן איין מת בלויז און וואָס נאָך וועגן אַ גאַנצער עדה, וואָס האָט געטיילט דעמזעלבן גורל פון אַ גאַנץ הייליק פאָלק פון 6 מיליאָן אומשולדיקע נפשות וואָס זענען אומגעקומען על קידוש השם דורך די היטלעריסטן, ימח שמם וזכרם. איך בין מער נישט בכוח צו באַהערשן מיינע עמאָציעס און אויסצודריקן אויפן פּאַפּיר מיינע געדאַנקען. פון דאַנען די סיבה, פאַרוואָס איך האָב ביז היינט נישט דערפילט דעם פאַרלאַנג פונעם רעדאַקציע־קאָמיטעט פון גאַרוואָלינער יזכור־בוך, פאַר וואָס איך בעט מיר צו אַנטשולדיקן.

— ווי וואָלט איר, ה' האַנדקאַן, אין קורצע ווערטער איבערגעגעבן די כאַראַקטער־שטריכן פון די יידן אין גאַרוואָלין, וועלכע זענען דאָך אייך אַזוי גוט באַקאַנט געווען ?

— איך וואָלט אויף אַ תמציתדיקן אופן געשילדערט ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען אַ יידישע היים, איינע פון דעם בערך אַ מיליאָן יידישע היימען, וואָס האָבן לעצטנס, נאָענט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, עקזיסטירט אין פּוילן. פאַרשטענדלעך מיט געוויסע וואַריאַציעס פון מנהגים און משפחה־טראַדיציעס. עס זיינען, נאַטירלעך, געווען אונטערשידן אין אַרט לעבן, וואָס איז געווען אַנדערש אין דער גרויסער שטאָט, אין די עקאָנאָמישע באַדינגונגען, פינאַנציעלע מעגלעכקייטן אפילו אינערהאַלב פון יעדן יידישן ישוב. עס זענען אויך געווען דיפערענצירונגען צווישן רעליגיעזע און ווייניקער רעליגיעזע, אָדער עקסטרעם־רעליגיעזע יידן, חסידים און מתנגדים — אָבער דער תוך, דער עצם פון אַלע יידישע היימען אין פּוילן, און נישט דווקא פון אונדזער שטאָט גאַרוואָלין — איז געווען כמעט דערזעלבער.

אומעטום, מיט קליינע אויסנאַמען, איז דער „קבלת שבת", דער פרייטיק־צונאַכטס, דער שבתדיקער טאָג געווען דער אויסלייזער פון פאַרשידענע דאגות, צרות, טרויעריקע פאַלן און אָן אַ שיעור אַנדערע שוועריקייטן, אין וועלכע דער יידישער כלל אין פּוילן האָט געלעבט און זיך געמאַטערט אין די וואָכעדיקע טעג. אָבער מיטן אָנקום פונעם הייליקן שבת האָט זיך כמעט אין אַלע יידישע שטובן די פריערדיקע אומעטיקייט און פאַרצווייפלונג פאַרוואַנדלט אין אַ האָפנונגספולע שטימונג, אין אַ מין דערהויבענער זאָרגלאָזיקייט. די גשמיותדיקע דאַגות — אין רוחניותדיקע תענוגים.

שוין פרייטיק האָבן זיך אָנגעהויבן די הכנות אויפצונעמען דעם הייליקן שבת, וואָס זיין קדושה האָט באַהויכט נישט בלויז דאָס בית־המדרש אָדער „שטיבל", נאָר אויך די פּריוואַטע היים. אַפילו די נישט שומרי שבת כהלכתו האָבן געפילט, אַז ס'איז אַנדערש ווי אין די טעג פון אַ גאַנצער וואָך. און ווער געדענקט נישט די התרוממות הנפש ביים דערהערן די ווערטער פון קידוש : ויברך אלוקים את יום השביעי ויקדש אותו... ושבת קדשו באהבה וברצון הנחילנו... וואָס האָבן באַגייסטערט

און דערפרישט די נשמה, פונקט ווי מיר וואָלטן זיי געהערט צום ערשטן מאָל, כאָטש זיי האָבן געקלונגען אין אונדזערע אויערן 52 מאָל אין יאָר. אָט־דאָס איז געווען דער כוח און די השפעה פונעם אַמאָליקן שבת אין דער אַלטער היים.

מען האָט זיך אַוועקגעזעצט צום שבתדיקן טיש אין די מייסטע פאַלן מיט איינעם אָדער מערערע אורחים און מען האָט נישט געמאַכט קיין חילוק צווישן אַ מיוחסדיקן אָדער אַ וויניקער מיוחסדיקן גאַסט, ווייל אַלע האָבן געהאַט די זעלבע נשמה יתירה. די אורחים האָט מען נישט בלויז מאכיל ומשקה געווען, נאָר מען האָט זיי — אויך אַרויסגעוויזן וואַרעמקייט און חברישקייט, זיי זאָלן אויך פילן, אַז דער „יום שבתון" איז גלייכצייטיק אַ „יום מחמדים" און מען דאַרף אים מכבד זיין נישט נאָר „ברוב מטעמים", נאָר אויך „ברוח נדיבה", בפרט כלפי די, וואָס געפינען זיך נישט ביים אייגענעם טיש.

בכלל האָבן די יידן אין פוילן זיך געטיילט אין צוויי קאַטעגאָריעס: אין געבערס און נעמערס. יעדער, וואָס ג־ט האָט אים געהאָלפן און האָט נישט געדאַרפט אָנקומען לידי מתנת בשר ודם, האָט געהאַט די פליכט צו זיין אַ צדקה־געבער, און ווייל די צרכי עמך ישראל זיינען תמיד געווען מרובים, איז ממילא דער עול פון געבן אויף פילאַנטראָפּישע צוועקן געווען אַ שווערער און טראָצדעם האָט מען אים געטראָגן גערנוויליק און אין יעדער שטאָט זענען געווען ברייטהאַרציקע נדבנים, וואָס האָבן נישט בלויז אויסגעהאַלטן די קהילה־אינסטיטוציעס, נאָר אויך געשטיצט די איינצלנע נצרכים אין דער פאָרעם פון „מתן בסתר". מען דאַרף דערביי מיט אונטערשטרייכונג אָנווייזן דערויף, אַז צדקה האָט מען געגעבן נישט כדי זיך צו באַפרייען פון אָרעמאַנס צודרינגלעכקייט, אָדער צוליבן וועלן פטור ווערן פון אים, נאָר פון מיטגעפיל און דורך דעם באַוווסטזיין פאַר דער אחריות פון בשותפותדיקן גורל. מען איז פרייוויליק געוואָרן אַן „אח לצרה".

— איר האָט געשילדערט דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער און מעלות־טובות פון פוילישן יידנטום. צי וואָלט איר אָבער אונדז נישט געקענט אָנווייזן אויף אַן אייגנאַרטיקע מידה אָדער אויסגעצייכנטקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין גאַרוואָלין?

ה' האַנדקאַן פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע און ענטפערט:

— אַחוץ די מעלות וואָס איך האָב אויבן אויסגערעכנט און וועלכע נעמען אַרום דעם גאַנצן כלל ישראל פונעם אַמאָליקן פוילן, קען איך באַהויפּטן מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז צווישן די גאַרוואָלינער יידן, נישט קוקנדיק אויף זייער געדריקטער לאַגע און אַז פיל פון זיי האָבן נישט שטענדיק געגעסן צו דער זעט אָדער געהאַט אָנצוטאָן אַ וואַרעמען מלבוש, זענען קיין גנבים אָדער שווינדלערס נישט געווען און זיי האָבן נישט געפּרווט זיך איינצושאַפן געלט־מיטלען אויף אַ נישט־ערלעכן וועג. זיי אַלע זענען געווען רעיעלע און אָרנטלעכע מענטשן אין אַלע הינזיכטן און טייערע, האַרציקע יידן. זיי זענען אַוועק פון דער וועלט אין אַזעלכע אויפטרייסלענדיקע באַדינגונגען און אין אַזעלכע קאָשמאַרע מיתות משונות, אַז ס'איז פשוט נישט מעגלעך צו באַגרייפן, ווי אַזוי האָט אַזעלכעס געקענט פּאַרקומען. מיר ווייסן אפילו נישט, ווו זייער הייליק אַש געפינט זיך און קענען נישט לאָזן אַ הייסע טרער אויף זייער „קבר". דער גאַרוואָלינער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל קומט דעריבער אַ גרויסער יישר־כוח פאַר איר איניציאַטיוו און מי אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך פאַר די קדושים פון אונדזער שטאָט.

— וואָס איז, בכן, לויט אייער מיינונג — די אויפגאַבע פון אַזאַ יזכור־בוך?

— איך האַלט, אַז ווי וויכטיק עס זאָל נישט זיין דאָס דערציילן וועגן דעם נאָענטן עבר און דאָס פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזערע פאַרפייניקטע קרובים, דאַרף אָבער דער ציל נישט זיין צו וועקן אַ נקמה־געפיל לגבי די מערדערס, „למען ידעו דור אחרון בנים יולדו יקומו ויספרו לבניהם". מען זאָל נישט פאַרגעסן, אַז עס איז געווען אַ צייט, ווען נישט בלויז יחידים אָדער אַן איינציק פאָלק, נאָר ממש אַ שטיק וועלט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סטאַדע חיות־רעות. די דאָזיקע וועלט, וואָס גייט אַן פאַר אַ ציוויליזאַציע־טרעגערין און אַ כלומרשטע באַשיצערין פון די מענטשלעכע ווערטן, איז אין תוך געווען אַ פאַרצוקנדיקע חיה אין גרויזאַמען מאַסשטאַב. דאָס דאַרפן וויסן די קינדער פונעם פאָלק, איבערהויפּט די „סאַברעס", ווי אַזוי מיר זענען שוידערלעך אָנטוישט געוואָרן אין אונדזער צוטרוי צו די פעלקער און אַז מען מוז אַליין שטיין אויף דער וואַך און פאַרטיידיקן דאָס אייגענע לעבן און זיך מער נישט פאַרלאָזן אויפן א"ג „חסד לאומים".

ה' האַנדקאַן זעצט פאָר זיינע אויספירונגען מיט אַ רירנדיקער שטים, באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט:

— דאָס יזכור־בוך דאַרף וועקן און דערמאָנען; אין יעדן יזכור־בוך דאַרף מערערע מאָל אונטערשטראָכן ווערן, אַז דאָס ספר איז געשריבן פאַר די קומענדיקע דורות, בכדי אַלץ זאָל געטאָן ווערן, אַז אַזאַ פאַרווילדונג פון דער מענטשהייט זאָל זיך מער נישט איבערחזרן. אַ יזכור־בוך מוז דינען אַלס וואָרענונג און אויפפאָדערונג, עס זאָלן אָנגענומען ווערן פרעווענטיווע מיטלען צו פאַרמיידן אַזאַ דעגראַדאַציע פונעם מענטשלעכן מין.

דאָס איז איין אויפגאַבע, כ'וואָלט זי אָנגערופן אַ טעטיקייט פון אַרויסרופן דעם „סור מרע" אין וועלט־פאַרנעם. די צווייטע אויפגאַבע פון ספר הזכרון דאַרף זיין דער „עשה טוב", ד"ה איבערפלאַנצן און אַריינברענגען אין אונדזער טאָגטעגלעכן לעבן די ווערטן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן דורכן פוילישן יידנטום אין זיין טויזנט־יאָריקער עקזיסטענץ, ווייל אַנדערש האָט אויסגעזען דאָס דאָזיקע יידנטום, ווען עס איז אָנגעקומען אויף דער פוילישער ערד און גאָר אַן אַנדער פנים האָט עס געהאַט איידער עס איז פאַרמשפט געוואָרן צו דער אכזריותדיקער שחיטה, האָבנדיק געשאַפן ביי די ברעגן פון ווייסל און אין די „פוילישע וועלדער" אייביקע אוצרות, וועלכע זענען נישט אָפּצושאַצן.

דאָס פוילישע יידנטום האָט אויפגעטאָן גרויסע זאַכן אויף אַלע געביטן פונעם לעבן אינעם לאַנד; האָט געהאַט צו פאַרצייכענען ריזיקע דערגרייכונגען אין דער עקאָנאָמיע, באַנק־וועזן, פּאָליטיק, פּרעסע, אינדוסטרי אאַז"וו., האָט אַרויסגעגעבן ספרים, דערצויגן דורות פון גאונים, תלמידי־חכמים און אַנדערע וויסנשאַפטלער, האָט פאַרעפנטלעכט אַן אַ צאָל ווערק אין מחשבת ישראל און בכלל אויסגעבויט אַ נעץ פון גייסטיקע אַנשטאַלטן. אויך דאָס פּריוואַטע לעבן אין דער יידישער היים האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר אָריגינאַליטעט און באַזונדערער רייניקייט און שיינקייט. יידישע מנהגים זענען געווען מאָראַליש באַזיניקט און געמאַכט עטיש־רייכער אונדזער לעבן. די ניגונים פון די תפילות און זמירות האָבן געווירקט אויפן געמיט, מיט זייער מיסטישן כוח און נאָך ביים היינטיקן טאָג שווימען אַרויף טיפע רעמינעסצענצן, ווען עס ברומט

זיך אַרויס אַ ניגון פון דער אַלטער היים. אַפילו מאָדערנע מעלאָמאַנען באַוווּנדערן דעם הויכן ווערט פון די ליטורגישע און חסידישע געזאַנג־און מוזיק־קאָמפּאָזיציעס, וואָס שטאַמען פון אַמאָליקן יידישן פוילן.

— ווי שאַצט איר אָפּ די השפּעה פון חסידיזם אויף דער גייסטיקער געשטאַלטונג פון פּוילישן יידנטום?

— זאָל מיר דערלויבט זיין צו באַמערקן, אַז דער נייצייטיקער חסידיזם איז דאָס קינד נישט בלויז פון פּוילישן יידנטום. ווי באַוווּסט, האָט דער בעל־שם־טוב גענומען פאַרשפּרייטן זיין תורה פונעם פּאָדאָליער שטעטל מעזשיבוזש און נאָך זיין פּטירה זענען די חסידים באַשטאַנען אויך פון אוקראַאינישע־און אַ טייל ליטווישע־יידן, אָבער אַנטוויקלט דעם חסידיזם, אים געגעבן אַ באַדייטנדיקן אינהאַלט, געשאַפן אַרום דער דאָזיקער לערע אַ מאַסן־באַוועגונג, אַרויסגעגעבן אַ רייכע ליטעראַטור מיט אַ ריין חסידישן געדאַנקען־גאַנג, געמאַכט פון דעם אַן אינטעגראַלן באַשטאַנד־טייל פון דער יידישער עקזיסטענץ — האָט נאָר דאָס פּוילישע יידנטום.

איך וויל נאָך צוגעבן, אַז אַ דאַנק דעם חסידיזם איז טאַקע פאַרזיכערט און פאַרפעסטיקט געוואָרן דער גייסטיקער קיום פון פּוילישן יידנטום, אָבער די גאַראַנטיע פאַרן המשך פון יידישן פאָלק האָט מען צו פאַרדאַנקען אין אַ גרויסער מאָס דעם ציוניזם, וועלכער האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען אינעם דאָזיקן יידנטום, וואָס האָט נישט בלויז אויסגעדריקט בעל־פּה דאָס הייסע שטרעבן פון „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים״, לשנה הבאה בירושלים״ אד״גל., נאָר טאַקע בפועל ממש מקרב געווען די עפּאָכע פון דער יידישער מלוכהשאַפט. עס וועט נישט זיין איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז אָן דער אמונה שלימה פון פּוילישן יידנטום אין דער נצחיות־דיקייט פון פאָלק ישראל און אָן זיינע מסירות־נפשדיקע מעשים לטובת דעם אויסלייז־ווערק, אָן זיין חלוציזם און הכשרות־אונטערנעמונגען, אָן זיינע אָנשטרענגונגען צו באַפרייען זיך פון די גלות־קייטן — וואָלט אין אונדזער צייט נאָך אפשר די מדינה נישט אויפגעשטאַנען. דאָס דאָזיקע יידנטום האָט אין דער באַנייאונג פון מלכות־ישראל געזען דעם וועג צו דער רוחניותדיקער גאולה. מען דאַרף דערביי נעמען אין אַכט, אַז אויב אַ פּוילישער ייד איז געווען אַ מסתפּק במיעוט אויפן געביט פון גשמיות, איז ער עס נישט געווען אויפן גייסטיקן שטח. ער איז גרייט געווען צו מאַכן וואָגיקע קאָנצעסיעס אין מאַטעריעלן זין, כדי אויסצונוצן זיין ענערגיע, פּאָטענץ און אַלע מעגלעכקייטן פאַר רוחניותדיקע צילן.

— וואָס קענט איר אונדז זאָגן וועגן פאַרמלחמהדיקן פּוילישן אַנטיסעמיטיזם?

— דאָס איז איינס פון די טרויעריקסטע קאַפּיטלעך פון דער יידישער געשיכטע אין פּוילן. די פיינטשאַפט מצד די פּאָליאַקן צו זייערע יידישע טויזנטיאָריקע שכנים האָט זיך געלאַזט שפּירן אויף טריט און שריט. זיי האָבן שטענדיק געקוקט מיט שנאה און כעס אויף די יידן און נישט פאַרגינען אפילו זייער נעבעכדיק לעבן. נאָכן ווידער־אויפקום פון דער פּוילישער מלוכה־אומאָפּהענגיקייט, צווישן ביידע וועלט־מלחמות, האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעריע פון רדיפות קעגן דער יידישער באַפעלקערונג און אין אַ ריי שטעט און שטעטלעך איז די וואַקכאַנאַליע דערגאַנגען ביז צו עקסצעסן און פּאָגראָמען, ביי דער גלייכגילטיקייט, אויב נישט צו זאָגן — מיט דער צושטימונג — פון די מאַכט־אָרגאַנען.

אין דער צייט, ווען איך האָב געלערנט אין דער לאָמזשער ישיבה, געווען איז דאָס זומער פון יאָר 1920, איז צו מיר דערגאַנגען אַ ידיעה, אַז אין אונדזער שטאָט גאַרוואָלין איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם קעגן די יידן. איך האָב באַלד איינגעפּאַקט מיינע זאַכן בכדי צו פאָרן אַ היים און צו זען, וואָס מיין משפּחה מאַכט נאָך דער דאָזיקער בלוטיקער געשעעניש. אַזוי ווי אויף דער באַן איז פאַר אַ ישיבה־בחור אין מיין „הילוך״ געווען אוממעגלעך צו פאַרן, האָט מיר דער ראש־ישיבה געראָטן צו מאַכן די נסיעה מיט אַ יידישן בעל־עגלה. עס איז גלייך אונטערגעקומען אַזאַ געלעגנהייט און אַ יידישער



**אַ באנקעט**
**לכבוד**
**ה׳ האנדקאן**
**ביי זיין באזוך**
**אין ישראל**

זיצן (פון רעכטס) : מ. האנדקאן, מארק יארבלום, פרוי האנדקאן, ש. לאקסמאן.
שטייען : מ. בליזשינסקי, ב. שייך, נתן (זישע) נונגולד (נאכגעלט)

אין דער זעלבער נאַכט אַנטלויף איך פון קאַצעט און קום קיין פּאַריז אָן פּאַפּירן. איך באַהאַלט זיך אויס ביי פרעמדע מענטשן. צומאָרגנס האָט מען מיך שוין געזוכט אויף מיין אַלטער דירה — די הויז דינערין האָט עס גלייך צו וויסן געטאָן מיין פרוי. אויף די גאַסן פון פּאַריז קומען כסדר פאָר אַבלאַוועס. יעדן טאָג, אויפן וועג צו דער אַרבעט, האָב איך באַדאַרפט זיין זייער וואַכזאַם. אויך אויף דער אַרבעט האָב איך נישט געקאָנט בלייבן, מיין קריסטלעכער באַלעבאָס האָט געפאָדערט פון מיר פּאַפּירן, אָן וועלכע ער האָט נישט געטאָרט מיך באַשעפטיקן. כ׳בין אַוועק אין דער צווייטער זאָנע, וועלכע איז קאָנטראָלירט געווען פון פראַנצויזן. צו דעם האָט מען באַדאַרפט האָבן מזל, ווייל די גרענעץ צווישן די זאָנעס איז באַוואַכט געווען פון דייטשן און געווען פיל פאַלן פון אַרעסטן און דעפּאָרטאַציעס פון וועלכע מ׳איז מער נישט צוריקגעקומען.

קיין ליאָן בין איך געקומען אָן פּאַפּירן און אָן געלט. דער איינציקער דאָקומענט מיינער — אַ צייגעניש פון דער פּוילישער אַרמיי אין פראַנקרייך. כ׳האָב געפונען אַרבעט אַלס טרעגער ביי דער באַן. געאַרבעט האָב איך אין דער נאַכטשיכט. כ׳בין שנעל קראַנק געוואָרן און געמוזט איבעררייסן די אַרבעט. עסן האָב איך געמוזט קויפן אויפן שוואַרצן מאַרק, קיין שום הילף איז פון קיינעם נישט געווען — כ׳האָב ווידער געמוזט אָננעמען יעדע אַרבעט.

דעם 1941.11.9 ווער איך פונדאָסניי אַרעסטירט און אַריינגעזעצט אינעם מיליטערישן לאַגער פּאַרציא אין ליאָן. דאָ האָבן זיך געפונען הונדערטער מענטשן אָן דאָקומענטן, אַ געמיש פון נאַציעס און לשונות. געהיטן האָבן אונדז פראַנצויזן. צומאָרגנס נאָך מיין אַרעסט ברעכט ביים מיטאָג אויס אַ געשלעג און אַ מוראדיקער טומל פון פרויען און קינדער. כ׳האָב אויסגענוצט דאָס געפילדער און אַנטלאָפן. כ׳האָב געפונען אַרבעט ביי אַ פראַנצויז. ס׳האָט זיך מיר אויך איינגעגעבן צו באַקומען אַ פאַלשן דאָקומענט אַלס פראַנצויז. מיין פרוי איז געקומען קיין ליאָן און מיר זענען ווידער צוזאַמען, און אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט מענטשן פון דער רעזיסטאַנס. מ׳האָט געדאַרפט כסדר בייטן די וווינונג.

אין 1943 האָבן מיר באַקומען אַ וווינונג אין וועז (אַ פאָרשטאָט פון ליאָן) אַלס „קאָנסערזש" (הויזוועכטער). דאָ האָט מיין אַרבעט פאַר דער רעזיסטאַנס זיך באַדייטנדיק אויסגעברייטערט. אַלס „קאָנסערזש" האָבן די שכנים נישט געלייגט קיין אַכט אויף מיין שטענדיקן אַרומדרייען זיך אַרום דעם הויז — ס׳איז שטענדיק געווען וואָס צו קערן... צוליב דער אייביקער געפאַר אַרעסטירט צו ווערן האָבן מיר דאָס קינד אָפּגעגעבן צו אַ נורעס.

ווי אַ „טעכניקער", האָב איך געמוזט פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע ליטעראַטור צווישן פראַנצויזן, יידן און אַפילו דייטשן. כ׳האָב אויך געמוזט קלעפּן אַפישן. ס׳האָט געטראָפן אַז מיינע מיט־חברים זענען נישט געקומען, האָב איך געמוזט טאָן די אַרבעט אַליין. דאָס שווערסטע איז געווען מיטן זוכן געווער. אין וועז איז געווען אַ באַנהויף, וווּ ס׳האָבן זיך קאָנצענטרירט אַ סך דייטשן. אין אָוונט האָט מען נישט געזען אַרום דעם באַנהויף קיין פרעמדע מענטשן און דאָס צונעמען ביי די איינצלנע זעלנער זייער געווער האָט געהערט נישט צו די לייכטע אויפגאַבן. — מ׳האָט זייער אָפט געמוזט בייטן די מעטאָדן.

אין 1944 ווערט דער קאַמף פון דער רעזיסטאַנץ מיטן אָקופּאַנט אַלץ שטאַרקער און אָפענער. אין רעזולטאַט פון דעם מערן זיך די אַרעסטן. די געשטאַפּאָ אַרעסטירט מיינע שכנים. עס ווערן אויך אַרעסטירט מיינע צוויי שוואָגערס אין ליאָן. אויך איך ווער געזוכט און כ׳מוז פאַרלאָזן די וווינונג אין וועז און אַריבער אין צענטער שטאָט. די שפּאַנונג פאַרשטאַרקט זיך פון טאָג צו טאָג. מיר פילן אַז באַלד וועלן מיר אַרויס מיט געווער אין גאַס און איבערנעמען די מאַכט פון דער פראַנצויזישער אָקופּאַנטישער מיליץ. די פאָרשטעט האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַפרייען. אַ סך מאָל מוזן מיר זיך צוריקציען פון אונדזערע פּאָזיציעס צוליבן אַריינפירן אין קאַמף מצד די דייטשן — טאַנקען.

נאָך אַ הילפס־פאַרשטאַרקונג אין געווער און מענטשן ווערט ליאָן באַפרייט.

מיט גרויס פרייד שטעלן מיר פעסט אַז אַלע בריקן זענען גאַנץ. די דייטשן האָבן קיין איינע פון זיי נישט באַוויזן אויפצורייסן. ליאָן איז געווען דער צענטער פונעם פראַנצויזישן ווידערשטאַנד און מיין קאַרט האָט מיר דערלויבט אַרומצוגיין טאָג און נאַכט מיט געווער און אַזוי־אַרום צו זיין אַ נאָנטער עדות פון די אַנטוויקלונגען. צו ביסלעך ווערט גאַנץ פראַנקרייך באַפרייט.

אין 1945 קום איך צוריק קיין פּאַריז. כ׳בין פּאָליטיש אַקטיוו, כ׳בין אַ מיטגליד פונעם נאַציאָנאַלן ראַט פון די פרעסע־פריינד. שפּעטער — מיטגליד פון „מראַפּ" — אָרגאַניזאַציע צו באַקעמפן אַנטיסעמיטיזם, פאַשיזם און פאַר שלום. כ׳בין אויך אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון געוו. יידישע קאָמבאַטאַנטן. נאָך שפּעטער — אין דער סאָסיעטע גאַרוואָלין — שעדלעץ, אין וועלכער כ׳פאַרנעם דעם סעקרעטאַר־פּאָסטן ביזן היינטיקן טאָג.

נאָך דער מלחמה פון די זעקס טעג ווערט אין פּאַריז אַ סך דיסקוטירט. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי רופט אירע קאַדרען אויף באַראַטונגען, זיי קומען פאָר אין פּאַרטיי־הויז אין דער אָנוועזנהייט פונעם פּאָליטביוראָ. די אַלע באַראַטונגען דרייען זיך אַרום דער אַקס פון דער א״ג „ישראל־אַגרעסיע". מען לייגט אונדז פאָר צו טאַדלען די כלומרשטע אַגרעסאָרין — מדינת־ישראל.

אויפן לעצטן אָוונט פאַרן אָפּשליסן די דיסקוסיע האָב איך געבעטן אַ וואָרט, אין וועלכן כ׳האָב פאַרטיידיקט די ישראל־רעגירונג, דערקלערנדיק צוו. אַנד. אַז דער עצם־באַגריף „ישראל־אַגרעסיע" איז אַ פאַרקריפּלונג, איז אַ פעלשונג. ווייטער זאָג איך אין מיין וואָרט: „נאָך העכער 40 יאָר פּאַרטיי־אַרבעט אין די ערגסטע באַדינגונגען, נאָך יאָרן תפיסה און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, נאָך רעזיסטאַנס און בלוטיקע גאַסן־קאַמפן אין די ראַמען פון דער פּאַרטיי, רייס איך איבער מיט איר. מיין איינציקער פאַרלאַנג — ווי לאַנג איך וועל נאָך לעבן — איז צו העלפן מדינת־ישראל מיט אַלע מיינע כוחות און ווילן אין קאַמף פאַר איר קיום".

ש. טענענבוים

# דער קברן פון גאַרוואָלין *)

א לאַנדסמאַן פון שטעטל גארוואלין, ירחמיאל ראָכמאן, דערציילט מיר, אז פון די עטלעכע טויזנט יידן, וואָס האָבן דאָרט געלעבט ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז קיינער נישט געבליבן אין דעם אלט־פרענקישן שטעטל, וואָס האָט, ווי די מערסטע יידישע שטעטלעך, פאַרמאָגט אזא באַטעמטע יוגנט; מיט אלע יידישע פאַר־טייען און מיט אַ בונט, אומרויק און געזעלשאַפטלעך לעבן. היטלער האָט זיי פארטיליקט מיט א טויזנט מיתות משונות...

— איז, הייסט עס, גאַנץ גאַרוואָלין טאַקע איצט „יודנ־ריין״? — פרעג איך זיך איבער.

פריינד ראָכמאַן דערמאָנט זיך אַז איין און איינציקער ייד איז געבליבן, דער באַגרעבער ר׳ אייזיק. יאָ, דער קברן איז געבליבן אינעם טייערן שטעטעלע גאַרוואָלין. אָבער זיינע יידישע קברים, אָן דעם בית־עולם, אָן שטיינערנע מצבות וואָס פלעגן שטיין צווישן די הויכע גראָזן אַזוי ווי לוחות. ר׳ אייזיק האָט פערזענלעך געקענט אַלע יידישע מתים וואָס זענען דורכגעגאַנגען דורך זיין האַנט... צוזאַמען מיט זייערע הייליקע נשמות וווינט ער איצט אַן איינזאַמער אינעם פוסטן, גויִישן שטעטל. זיין אייגענע משפחה איז אויך אומגעקומען. ער אַליין איז שוין צו אַלט כדי צו נעמען דעם וואַנדערשטעקן אין האַנט. וווינט ער ערגעץ אין אַ קעלער, אין איינעם פון די פאַרלאָזענע יידישע הייזער, וואָס זענען נאָך איבערגעבליבן פונעם אַמאָליקן ישוב. ער זוכט צעבראָכענע שטיקלעך מצבות צווישן ברוק אויף די טראָטואַרן, אין די חורבות. ביינאַכט לייגט ער צו זיין איינזאַמען און מידן קאָפּ צו דער ערד, דאָרטן ווו ער גלויבט אַז עס רוען נאָך פאַרגעסענע יידן אין די קברים. ער הערט זיך איין, ווי אַן אינדיאַנער, צו דער עקזיסטענץ פון די ביינער, וואָס ווײנען אין זיין געמיט. יאָ, אַ גאַנץ שטעטל מיט ביינער וויינט אין אייזיקס האַרץ. ער טראָגט אַרום איבערן חרוב־געוואָרענעם שטעטל דעם גאַנצן אַמאָליקן בית־עולם. טיילמאָל שטעלט ער זיך אָפּ אינמיטן גאַנג ביי אַ צעפוילטן פלויט, ביי דער טיר פון אַ יידיש הויז, וווּ עס איז נאָך געבליבן הענגען אַ מזוזה. ער זאָגט נאָך שטי־לערהייט תהילים פון אַן אַלט תהילימל, וואָס ער האָט געפונען ערגעץ צווישן אָפּפאַל און מיסט. די דינע, געלע בלעטלעך פונעם תהילימל קרישלען זיך אַזוי ווי די ביינער און קנאָכנס פון זיינע אַמאָליקע מתים ערגעץ טיף אונטער דער ערד, אויף וועלכער עס וואַקסט איצט קאַרטאָפל און עס גרינט...

אייזיקס באָרד איז פאַר דער צייט שוין גרייז־גרוי געוואָרן. זיינע אויגן זענען אויסגעלאָשענע. די הויט פון זיין פנים איז רויט, אָפּגעברענט פון דער זון. אין די לבנהדיקע נעכט קען ער רעכט נישט איינשלאָפן אויף זיין געלעגער. ער בלאָנדזשעט קרוע־בלועדיק אַרום איבער די אַמאָליקע, איצט שוין חרובע געסלעך, ווו יידן האָבן געוווינט זינט דורות; ווו זיי האָבן זיך געפרייט און געטרויערט; האָבן געשטעלט חופות פאַר יינגע פּאָרלעך, פאַר זייערע קינדער וואָס זענען געגאַנגען אין די טריט פון זייערע עלטערן; האָבן געבויט סוכות יעדעס יאָר אויף די הייף, געלייגט סכך אויף די דרענגלעך; האָבן זיך פאַרשטעלט פורים־צייט מיט פאַפּירענע מאַסקעס און קאָסט־יומען, געשפּילט אַלס דעם נאַרישן קייסער אחשורוש, די קעניגין אסתר המלכה, די קייסערינע ושתי, דעם צדיק מרדכי און דעם רשע המן מיט זיינע צען בנים, וואָס ווערן סוף־כל־סוף אויפגעהאָנגען. מען האָט פאַרראָכטן די לאָמפּן אין דער גרויסער שול; איינגעקויפט אַ געגילדעטע מנורה אין וואַרשע פאַרן היימישן בית־המדרש; געפירט אַ פייערלעכע סיום הספר־פראָצעסיע; אָפּגעריכט דעם סדר, געזונגען זמירות מיט אַזויפיל מתיקות; מען האָט געטאַנצט צו הקפות מיט דער הייליקער תורה אין שמחת־תורה. מ׳האָט געטיילט אין בית־המדרש עליות צו יידן, געקושט דאָס זיידענע מענטעלע פון דער תורה, געזאָגט קדיש נאָך פאַרשטאָרבענע קרובים; מען האָט געבוירן קינדער, געמאַכט בריתן, פדיון הבנס. יינגלעך זענען געגאַנגען אין די חדרים, אין די ישיבות און שפּעטער חתונה־געהאַט מיט כשרע יידישע כלהס. מען האָט געפּייערט ימים־טובים, פאַמיליע־שמחות, געגאַנגען צו לוויות, געקלאַפּט מיט די פּושקעס: „צדקה תציל ממות״...

דאָס אַלץ גדענקט דער לעצטער ייד, דער קברן פון גאַרוואָלין. איצט איז נישטאָ קיין שפּור פון דעם אַלעם. אָבער ביי אייזיקן, אין זיין וויינענדיקן האַרצן, איז שטיין־געבליבן אַזוי ווי לעבעדיק אַלץ וואָס עס איז אַ מאָל געווען אין שטעטל... אַפילו די קברים, וואָס די היטלעריסטן האָבן חרוב געמאַכט און די פּויערים האָבן שפּעטער צעאַקערט, שטייען ביי אים אין האַרצן — גאַנצערהייט נאָך, מיט די שיינענדיקע, גלייכע מצבות, מיט די הייליקע יידישע אותיות... אַפילו דער מצבה־קריצער, ר׳ גאָדל, איז געבליבן שטיין אין זיין זכרון ווי לעבעדיק...

אָ, דער לעצטער ייד אין דעם שטעטלע גאַרוואָלין, וואָס קוקט אָן דעם חורבן פון זיין פאָלק, ווי אַ מאָל דער נביא ירמיהו, וואָס האָט אַ פאַרשטיינערטער פונעם באַרג אַראָפּ זיך צוגעקוקט צום חרוב־געוואָרענעם ירושלים, און ביי וועמען די ברענענ־דיקע טרערן האָבן אויסגעגריזשעט די לעבעדיקע שוואַרצ־אַפּלען...

ניו־יאָרק, 12 אויגוסט 1968.

*) אין אַ בריוו צו אונדזער חשובן לאַנדסמאַן, משה האַנדקאַן, פון פּאַריז, צו וועלכן דער שרייבער האָט איבערגעשיקט פאַר דעם בוך זיין אַרבעט „דער קברן פון גאַרוואָלין״, שרייבט ש. טענענבוים צוו. אנד:

„מיין גוטער חבר פון גאַרוואָלין, ירחמיאל ראָכמאַן, האָט מיר אַנומלט דערציילט, ווען איך האָב אים אויסגעפרעגט וועגן זיין שטעטל גאַרוואָלין, וועגן דעם דאָרטיקן קברן. געוויינלעך האַב איך עס אָנגעשריבן לויט מיין אייגענער פאָרשטעלונג...

איך אַליין בין אַ פּולאַווער, ביי דער ווייסל, לובלינער גובערניע. מיין טאַטע שטאַמט פון שטעטל דעמבלין (איוואַנגאָראָד). מיין מאַמע קומט פון קוראָוו. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן מיר פאַר־בראַכט אין קאָנסקעוואָליע. שוין דעמאָלט, אַלט זייענדיק זעקס יאָר, האָב איך שוין געהערט אַז היימלאָזע יידן לאָזן זיך קיין גאַרוואָלין״

רעדאַקציע

# אונדזער הויז

## איינע פון די חרוב־געוואָרענע יידישע היימען



אין גאַרוואָלין איז געווען די היים פון מיין פאָטער, הערשל (צבי) ראָזענבערג, און מיין מוטער, חיה. מיר זענען געווען פינף קינדער: אברהם, יעקב־יצחק, פערל, רייזל און איך — חנה, — די איינציקע לעבנגעבליבענע פון דער גאַנצער משפּחה.

אונדזער שטוב איז געווען אַן אָפענע כמעט פאַר דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין גאַרוואָלין. מיין פאָטער — הערשל (צבי) ראָזענבערג איז חוץ אַ מאַנופאַקטור־סוחר, געווען פאַר אַ סך יידן דער בעל־יועץ אין אַלע ענינים פון זייער לעבן. עס פלעגן קומען צו אים מיט זייערע דאגות יידן אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך. ער פלעגט דורכפירן פאַרשידענע בוררותן, מען פלעגט זיך מיט אים באַראָטן אין ענינים פון שטייערן און אין געריכטלעכע ענינים. הערשל ראָזענבערג איז געווען דער אַדרעס, אויף וועלכן מען האָט געבערנגט אַלע קאָנפליקטן, רייסערייען. ער פלעגט מיטגיין — ווען נייטיק — מיטן באַדרענגטן צום רב, צום שטייער־אַמט, צום אַדוואָקאַט, בכדי צוזאַמען מיט זיי צו געפינען די געהעריקע עצה.

כ׳דערמאָן זיך מיין פאָטערס נסיעות קיין וואַרשע מיט הערשל־דוד וויינבלאַט און זיין זון, יאָסל, וועלכע ס׳האָט געדראַט לאַנגע יאָרן תפיסה צוליב זייערע פאַרדרייטע געשעפטן מיט אַ פּוילישן פּריץ. מיין פאָטער איז אָנגעקומען צום פּראָקוראָטאָר און זיי, ענדלעך, אַרויסגעדרייט.

כ׳געדענק אויך דעם מעל־סוחר, משה הערש. מיין פאָטער איז מיט אים אַריין אין דער קריסטלעכער באַנק, גאַראַנטירט אים פאַרן ערשטן וואַגאָן מעל און אַזוי־אַרום געהאָלפן אים ווערן אַ הורט־סוחר. הערץ איז אויך שולדיק געווען אַ סך טויזנטער פאַר שטייערן, איז מיין פאָטער געפאָרן צום הויפּט־דירעקטאָר פון האַנדלס־מיניסטעריום, מיכאַלסקי, און דעם גאַנצן חוב זיינעם אַנולירט.

כ׳דערמאָן זיך אויך די דין־תורה צווישן דער פירמע „זגאַדאַ" און „אימפּאָרט". רחל הערץ און איר מאַן, משה, צילע ראַפּאַפּאָרט און חנה גאָלדבערג פלעגן דעם טאַטן ממש נישט לאָזן אָפּעסן. זיי פלעגן כסדר קומען צו אים נאָך עצות און ציען אים דאַ צום אַדוואָקאַט, דאָ צום רב, להבדיל, ביז „זגאַדאַ" האָט זיך אויפגעלייזט. דאָס זעלבע מיט די דין־תורה צווישן שלמה פּרוזשניאַק און דער פירמע „עקספּאָרט". די דין־תורה איז פאַרגעקומען ביים סאָבאָלעווער רב, וועלכער איז געווען אַ שווערער מענטש, און זיך געצויגן חדשים לאַנג ביז מיין פאָטער האָט זי פאַרענדיקט. אַזוי אויך מיט משה קעזמאַן: משה קעזמאַן האָט געהאַט אַ לעדער־געשעפט אין וואַרשע. געפירט האָט דאָס געשעפט זיין זון, יאָסל. ער איז אָבער געווען אַ שוואַכער סוחר און דערפירט דאָס געשעפט צום באַנקראָט. האָט מיין פאָטער געמוזט יעדע וואָך פאָרן קיין וואַרשע צו די גרעסטע רבנים, פאַרהאַנדלען מיט די סוחרים ביז ער האָט דעם ענין דערפירט צו אַ גוטן גמר.

אָדער די מעשה רעפּלאַנסקי און זיינע 3 שותפים — יאָסל אײדלס, דוד־טשע פּרענט, יאַנעק רענקאַוועק. דער גאַרוואָלינער רב, ר׳ משה ראַמער וואָס האָט געפירט די דין־תורה האָט געזאָגט צו מיין טאַטן:

— הערשל, העלף מיר צו. אָן דיר וועל איך די דין־תורה נישט פאַרענדיקן. צי גאָר דער ענין פון ישראל גרשון ריבאַ, און זיינע פיש־סטאַוועס. ער האָט פּלוצים באַקומען אַ בריוו פון האַנדל־מיניסטעריום אין לובלין, אַז מען נעמט ביי אים אָפּ די קאָנצעסיע אויף די סטאַוועס. ישראל־גרשון איז געקומען צו מיין פאָטער:

— הערשל, דו מוזט מיך ראַטעווען....

דער טאַטע איז אַוועק קיין לובלין, אָנגעקומען צום הויפּט־דירעקטאָר אין זיין פּריוואַטער וווינונג און נאָך אַ לאַנג געשפּרעך — „צוגעשמירט", פאַרשטייט זיך, מיט אַ בכבודיקער סומע, וועלכע ער האָט דאָרט כלומרשט „פאַרלוירן", האָט ישראל־גרשון צוריקבאַקומען די קאָנצעסיע.

אַן ענלעכער פאַל האָט פּאַסירט מיט אברהם וואַסערניס, דער מיליטער־פּראָקוראָר אין שעדלעץ האָט ביי אים צוגענומען זיין בראָנפן־קאָנצעסיע. הערשל ראָזענבערג האָט אויך דעם ענין דערליידיקט.

אַזוי פלעגן קומען צו אונדז מיט זייערע ענינים יידן פון פּאַריסאָוו, פּשאַנקאַ, זשעלעכאָוו, סאָבאָליעוו, לאַסקעראָוו א״אַנד צווישן די שטענדיקע איינגייער אין אונדזער שטוב, געדענק איך ר׳ שמואל לאַקסמאַן, יעקב פייגנבוים, אברהם הירשפעלד, הענעך בורשטיין, משה מאַקאָטאָוו, לייזער וואָלמאַן, שלמה יעדוואַב און פיל, פיל אַנדערע, וועלכע כ׳געדענק שוין נישט אויסצורעכענען. נישט אומזיסט האָט מען מיין פאָטער גערופן: שטאָט־אַדוואָקאַט.

מיט ר׳ שמואל וואַקסמאַן, געדענק איך, איז מיין פאָטער געפאָרן דערליידיקן ענינים קיין לעמבערג.

צו די איינגייערס אין אונדזער שטוב האָט געהערט אויך ר׳ מענדל וואַמפּאַן. איך זע אים נאָך אַצינד ווי ער זיצט אין אונדזער געוועלב אָנגעלענט אין זיין שטעקן. ער האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אומגעקערט פון טשעכאָטשינעק. לײדער, איז ער אין איינציקע טעג אַרום פּלוצים געשטאָרבן.

✶

באַלד אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה האָבן די דייטשן פאַרשאָטן גאַרוואָלין מיט באָמבעס. די גאַנצע שטאָט איז גלייך געשטאַנען אין פלאַמען. איין הויז האָט זיך אָנגעצונדן פון צווייטן. ביי אהרן־לייזער פינקעלשטיין אויף סענאַטאָרסקע־גאַס זענען געשטאַנען פעסער מיט נאַפט און בענזין.

זיי האָבן זיך אָנגעצונדן און דאָס האָט נאָך פאַרשטאַרקט דאָס פייער. טאַקע דעמאָלט, באַלד פון די ערשטע אָנפליען זענען געפאַלן מענדל שמש, איטשע טרעגער און אויך אַ סך קריסטן. די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז זיך צעלאָפן, זיי זענען אַרויס אויף די ביישטאָטישע פעלדער ווו זיי האָבן געהאַט זייערע „סטאָדאָלעס" (שייערס). די יידן, דאַקעגן, איז באַפאַלן אַ שרעקלעכע פאַניק און אונטערן האָגל פון באָמבעס זענען זיי אַוועק פון די ברענענדיקע הייזער און מאַסנוויז געלאָזט זיך לויפן אינעם דערבייאיקן שטעטל פאָריסאָוו.

מיטנעמען עפעס מיט זיך האָט מען נישט באַוויזן. דאָך געדענק איך ווי רפאָל הערשאַלעס האָט געטראָגן אַ ספר־תורה. אויך אַנדערע יידן האָבן פאַרכאַפּט עפעס פון די תשמישי־קדושה. מיין פאָטער האָט גענומען דעם טלית און תפילין. געווען אויך ווינציקע וואָס האָבן געטראָגן קיישלעך מיט עסנוואַרג. דאָס געוויין און די געשרייען איז געווען אין לשער. איבערן גאַנצן וועג האָבן יידן, יעדער אויף זיין שטייגער, מתפלל געווען. ווער ס'האָט געזאָגט פסוקים פון תהלים, ווער ס'האָט אויסגעקרעכצט אַ שמע... געזיפצט, געגאָסן טרערן.

אין פאָריסאָוו איז געווען רויק. יידן זענען געגאַנגען פון דאַוונען. די פאָריסאָווער יידן האָבן אונדז גאַנץ גוט אויפגענומען, געהאָלפן יעדן מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט. באַזאָרגט אַלעמען מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ. אברהם לעדער, מיין טאַטנס אַ ידיד, וועלכער פלעגט אָפט זיין אונדזער גאַסט אין גאַרוואָלין, האָט אַריינגענומען אין זיין הויז אונדזער משפחה און אונדז אָפּגעגעבן אַ באַזונדער צימער. לעדער און מיין טאַטע זענען געווען אין חסידות — ביידע זענען געפאָרן צום קאָלאָביעלער רבין. קיינער פון די גאַרוואָלינער פליטים איז נישט געבליבן אויפן גאַס. אַזוי זענען אַוועק טעג און וואָכן און אַלע האָבן ווי ס'איז געלעבט.

מיטן אָנקומען פון ווינטער האָט דער מצב זיך פאַרערגערט. די זומער־הלבשה, אין וועלכער מ'איז אַנטלאָפן פון דער היים, האָט מער נישט געוואַרעמט. באַזונדערס האָבן די בגדים זיך אָנגעהויבן רייסן. מ'איז געווען באָרוועס און נישט געקאָנט זיך דערווייטערן פון שטאָט, שוין אָפּגערעדט פון ערגעץ פאָרן. באַשווערט די באַוועגונג האָבן אויך די אָפטע רויב־אָנפאַלן, וואָס האָבן זיך יענער צייט אָנגעהויבן מערן. נישט געקוקט דערויף פלעגט וועלכער ייד דורך הינטערוועגן זיך דאָך פון צייט צו צייט אַריבערכאַפּן אינעם פאַרברענטן גאַרוואָלין. מיר, — איך מיט מיין פאָטער, — פלעגן זיך אויך נישט איין מאָל אַרויסכאַפּן, אָנצוקוקן די חורבות פון אונדזער היים. און נישט איין מאָל האָבן מיר ביי דער חורבה פאַרגאָסן טרערן: ווו וועלן מיר גיין און וואָס וועלן מיר טאָן?...

איין מאָל בין איך אַוועק קיין גאַרוואָלין מיט נאָך אַ יידן. ראשית כל בין איך אַוועק צום „זדון" פיעטשיק און געבעטן אים ער זאָל מיט מיר מיטגיין אין מאַגיסטראַט. דער מאַגיסטראַט האָט זיך דעמאָלט געפינען אין דער נייער שול אויפן חזיר־מאַרק. דער קריסט האָט גראָד נישט געהאַט קיין צייט, האָט ער מיטגעשיקט מיט מיר די איינציקע טאָכטער זיינע. דערנענטערנדיק זיך צום מאַגיסטראַט האָבן זיך פלוצים דערהערט אַרטילעריע־שאָסן. די קוילן זענען געפלויגן פון אַלע זייטן. מיר האָבן זיך ביידע אַוועקגעלייגט אויף דרערד. פלוצים האָב איך אויפגעהויבן אַ געשריי: מאַמאַ! כ'האָב זיך אָנגעכאַפּט פאַרן בויך, כ'בין געווען זיכער אַז אַ קויל האָט מיך דורכגעשאָסן. געטראָפן האָט די קויל דעם שיקסל און זי




דער גאַרוואָלינער שטאָטראַט — דער ערשטער רעכטס: מיין פאָטער, הערשל ראָזנבערג, הי"ד

איז עטלעכע שעה שפּעטער געשטאָרבן. כ'האָב זיך נישט געקאָנט באַרואיקן, האָבן מיר זיך דאָך ביידע געהאַלטן פאַר די הענט. כ'בין זיכער געווען, אַז איר פאָטער וועט מיך לינטשן.

צו מיין גרויסער שטוינונג, האָט ער געהאַנדלט ווי אַן אמתער דזשענטלמאַן. ער האָט מיך באַרואיקט. אַ צייט שפּעטער האָט ער געזאָגט מיין פאָטער, אַז ער האָט נישט קיין תרעומות אויף מיר: „ס'איז איר באַשערט צו לעבן"...

נאָך אַ לענגערן באַשיסן די שטאָט, האָבן די דייטשן אַריינמאַרשירט קיין גאַרוואָלין. ווען כ'בין צוריקגעקומען קיין פּאַריסאָוו, האָט מען שוין ביי אונדז געוווּסט פון דעם פאַל און מיין פאָטער האָט פאַר מיר גומל־געבענטשט.

אַ ביסל שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן צו פאָרן קיין וואַרשע צו ברענגען פון דאָרט אַ ביסל מאַנופאַקטור־שטאָפן, כדי צו פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט. די דייטשן האָבן זיך נוהג געווען צו שניידן יידישע בערד מיטן פלייש. מיין פאָטער האָט דעריבער נישט געקאָנט אַרויסגיין פון שטוב. איז אויף מיר געפאַלן דער גאַנצער עול פון מפרנס זיין די משפּחה. דאָס ערשטע מאָל בין איך געפאָרן מיט מיין ברודער יעקיל.

מיט דער צייט האָבן יידן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן צוריקגיין קיין גאַרוואָלין. די שטאָט איז אָבער, ראשית, געווען פאַרברענט, שנית, האָבן די דייטשן נישט געגעבן די יידן וווינרעכט אין גאַרוואָלין. מיין פאָטער איז געווען גוט באַקאַנט צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, האָבן זיי זיך פאַר אים באַמיט ער זאָל קומען וווינען אין גאַרוואָלין. אַזוי האָבן דער ריכטער באַגוצקי, דער בירגערמייסטער פּאַלטשינסקי, ד"ר שוויענצקי א"אַנד. אינטערווענירט ביי דער דייטשער מאַכט און אַרויס־באַקומען פאַר אים אַ דערלויבעניש צו באַזעצן זיך אין גאַר־וואָלין אַלס באַלמעלאָכע. געוווינט האָבן מיר ביים קריסט לערנאַרטשינסקי, אויפן וועג וואָס פירט קיין טשיסקיוו. עס האָבן אויך באַקומען וווינרעכט נאָך עטלעכע יידישע אַרבע־טער־משפּחות. אינעם צווייטן הויז פון אונדז האָט געוווינט קלעפּפיש, פון דער צווייטער זייט — יאָסל בלאַכאַרזש. אַביסל העכער, שוין אויף אַלעקסאַנדראָווקע, — מיין פאָטערס שוועסטער, מרים, מיט איר מאַן אברהם פייגנבוים, וועלכער האָט באַגלאָזט דעם „קאַשטשאַל", די מיליטערישע קאַשאַרן א"אַנד. יידן האָבן שוין אָנגעהויבן קומען קיין גאַרוואָלין ביי־טאָג, ווער עפּעס קויפן, ווער פאַרקויפן, צו קענען פאַרדי־נען דאָס שטיקל ברויט. נאַטירלעך האָט יעדער איינער ייד געהאַט זיין באַקאַנטן קריסט און גאַרוואָלינער קריסטן האָבן זיך באַמיט צו העלפן די יידן אין זייער נויט. טראָץ דעם וואָס איבערנעכטיקן אַ ייד איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויסער ריזיקע. צו אונדז פלעגן קומען און נעכטיקן יעקיל פייגנבוים, מיט זיין זון, שלמה; פייגע, אהרן־לייזערס מיט איר זון, דניאל; שלמה קאַס, הענדל קאַס, שלמה יעדוואַב און זיין פאָטער; שלום לעדער־סוחר און אַ סך אַנדערע. דעם דערמאָנטן שלום לעדער־סוחר האָבן די דייטשן אין אַ צייט אַרום צוגענומען און שפּעטער אָפּגעשיקט צו זיין משפּחה דאָס געביין — אַ קעסטל אַש... מיר פלעגן פאַר די יידן אויסבעטן געלעגערס אויף שטרוי און זיי פלעגן זיך צודעקן מיט זייערע מאַנטלען, מיין מוטער, חיה, פלעגט קאָכן גריצן צו דערוואַרעמען זיי. נישט ווייט פון אונדז האָט אויך געוווינט אומלעגאַל לייבל קירשנבוים. ער פלעגט יעדן אָוונט קומען צו אונדז נעכטיקן. נאָכן טויט פון זיין איידעמס, אהרן מינץ, איז ער אַוועק קיין פּאַריסאָוו.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אונטערן דרוק פון די דייטשן געשאַפן אַ יודענראַט. דער הויפּט פון יודענראַט איז געווען הערשל קאָזע.

ווי שוין דערמאָנט, האָט דער גורל געוואָלט אַז איך זאָל ווערן די ברויט־געבערין פון דער משפּחה. איך פלעג פאָרן קיין וואַרשע אַלס קריסטין. געווען ביי אונדז אַ פאָלקס־דויטש, קאַלענדאַ, וועלכער האָט געהאַט אַ לאַסט־אויטאָ, האָט ער מיך שטענדיק געפירט אַהין און צוריק.

אין וואַרשע פלעג איך איינקויפן מאַנופאַקטור. יידן פלעגן אויספאַרקויפן זייערע סחורות. האָט זיך דער האַנדל אָנגע־הויבן נאָך האַלבער נאַכט — אַרום 1—2 אַזייגער, צוליב די בייזע אויגן פון די געשטאַפּאָ און פון די שפּיצלעס. מען האָט בייטאָג גאָרנישט געקאָנט קויפן אָדער פאַרקויפן. צו יענער צייט האָב איך באַקענט דעם קריסט סטאַניסלאַוו לענאַרטשיק, אַ באַאַמטער פון דער וואַרשעווער הויפּט־פּאָסט, אויפן פּלאַץ נאַפּאָלעאָנאַ. ער פלעגט די שטאָפן אַריינלייגן אין בריוו־זעק און זיי דורכפירן מיטן רויטן פּאָסט־קעטשל אַלס בריוו. די איינגעקויפטע שטאָפן פלעגן מיר אָפּלייגן ביי מיין פעטער יעקל ראָזענבערג, ביים קוזין — גדליה'ן און הערשל. זיי האָבן געקאָנט די פּוילישע פּאָליציי פון זייער ראַיאָן און מיר פלעגן זיך פריי באַוועגן. אין די נעכט פלעגן די דייטשן זיך נישט ווייזן אויף די גאַסן, זיי פלעגן זיך פאַרלאָזן אויף דער פּוילישער פּאָליציי.

אָפט פלעגט מיט מיר פאָרן פריידל וויינבליט. כ'פלעג אויך פירן גאַלאַנטעריע פאַר יעקיל פייגנבוים. אין וואַרשע פלעגן מיך אָפט אָפּזוכן ישראל־איטשע הירשפעלד, שלום מאַקאָטאָוו, יאָסל פּערקאַל, — וועלכער פלעגט מיטגעבן אַ ביסל פאַרבן פאַר הענעך בורשטיין. כ'פלעג יעדעס מאָל, ווען כ'פלעג פאָרן קיין וואַרשע, דערלעדיקן ענינים פאַר פאַר־שידענע מענטשן. כ'פלעג אויך מיטנעמען פאַרן קאַלאַביעלער רבין אַ ביסל פּראָוויאַנט, אַ העמד, און ער, דער רבי ז"ל, פלעגט מיך שטענדיק בענטשן: „זאָלסט אַהיימקומען בשלום"...

דאָס פאָרן אַהין און צוריק קיין וואַרשע איז געוואָרן וואָס אַ מאָל אַלץ שווערער. גאָר שלעכט איז געווען מיטן אַרויס־קריגן זיך פון געטאָ־וואַרשע. כ'פלעג מוזן קריכן אויף דעכער פון איין הויז צום צווייטן, אָדער דורך קעלערס און יעדעס מאָל ריזיקירן מיטן לעבן, טראָץ דעם וואָס מען האָט גוט באַצאָלט דעם וואָס האָט דיך געפירט. דער טויט האָט געדראָאָט סיי פונעם „פּירער" און סיי פון געשטאַפּאָ, וועלכע פלעגט לויערן אויף די גאַסן אויף יעדן דורכגייענדיקן. יעדעס מאָל האָבן זיי אַנטדעקט אַנדערע מאַלינעס...

דאָס האָט גורם געווען מיין איבעראַריענטירונג אויף לאָדזש, הגם די ריזיקע איז דאָ געווען פיל גרעסער; לאָדזש מיט אירע גרויסע מאַנופאַקטור־„זאַפּאַסן" האָט אָבער געהאַט אין זיך די אויסזיכט אויף גוטע פאַרדינסטן...

הגם די ריזיקע איז דאָ געווען אַ פיל גרעסערע, ווייל אַ יידן — אויב מ'האָט אים אידענטיפיצירט, — פלעגט מען אַרויסוואַרפן פונעם לויפנדיקן צוג, אָבער די מעגלעכקייטן זענען אין לאָדזש געווען גרעסערע. לאָדזש מיט אירע גרויסע מאַנופאַקטור־רעזערוון האָט געלאָקט צוליב דער שוין דער־מאָנטער אויסזיכט אויף גוטע פאַרדינסטן.

דאָ פלעג איך שוין נישט פאָרן אַליין. כ'האָב געאַרבעט בשותפות מיט מיכאַליקן פון הינטערן „קאַשטשאַל". כ'פלעג אויך פאָרן אין דער גרויסער גזשעלשאַפט פון דער מיקולסקין, אַכניע־

ווישטן. צווישן עטלעכע גאַרוואָלינער קריסטנס איז געווען לייכטער. כ׳פלעג זיך מאַכן שלאָפן און זיי פלעגן פאַר מיר דערלאַנגען מיין „בילעט״, זאָגנדיק צום קאָנדוקטאָר: „זי איז מיד, זי שלאָפט״...

אין לאָדזש האָבן יידן געמעגט זיך באַוועגן בלויז ביז 5 פאַרנאַכט און אויף פיאָטרקאָווער־גאַס — איבערהויפּט נישט. פלעג איך פונדעסטוועגן מיט דער גאַרוואָלינער קריסטין איינקויפן שווערע פעק און זי, מיכאַליק, פלעגט מיר העלפן די סחורה איבערפירן. אויפגעהאַלטן האָב איך זיך ביי דער משפחה לאָנדאָן. דאָס בלוט גליווערט מיר נאָך היינט. דערמאָנענדיק זיך מיין ריזיקע...

איין מאָל, בעת אַ שטאַרקער שיסעריי אויפן וואָקזאַל, אין וועלכער ס׳זענען געפאַלן פיל מענטשן, האָב איך זיך אינגאַנצן פאַרלוירן. די גאַרוואָלינער קריסטינס האָבן אין דער היים דערציילט, אַז מ׳האָט מיך דערהרגעט. כ׳דערמאָן זיך אין דער נאַכט, ווען כ׳בין צוריק אַהיימגעקומען. מיינע עלטערן האָבן געלאַכט און געוויינט, זיי האָבן זיך אַליין נישט געגלויבט אַז איך לעב נאָך און אַז דאָס בין איך... דאָס גליק האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. סוף 1941 הייסט מען די קאַרגע פאָר יידישע משפחות פאַרלאָזן גאַרוואָלין. יידן צעטיילן דאָס לעצטע ביסל פאַרמעגן זייערס צווישן באַקאַנטע קריסטן. אויך מיין פאָטער האָט דאָס שווער און ביטער, מיט סכנת־נפשות פאַרהאָרעוועט ביסל האָב און גוטס, צעטיילט אַביסל אין די דערפער און די רעשט ביי גאַרוואָלינער קריסטן.

אונדזער משפחה, דעם טאַטנס שוועסטער, מרים, מיט איר משפחה „באַזעצן״ זיך אין זשעלעכאָוו. ראשית, האָבן דאָרט געוווינט זייער שוועסטער, לאָה, ברודער, אהרן מיט זיין משפחה און מיין ברודער, אברהם. אין זשעלעכאָוו האָבן מיר אַפילו באַקומען דורכן יודענראַט נישט קיין שלעכטע וווינונג. דער פאָליאַק לענאַרטשיק איז דאָ געווען אַ מין שפּיליטער און מיר האָבן אויך אין זשעלעכאָוו אַ סך געהאַנדלט. טראָץ דעם וואָס דאָס געטאָ אין זשעלעכאָוו האָט נישט געהאַט קיין מויער און אַפילו קיין דראָטצוים, האָבן קיין צרות דאָ אויך נישט געפעלט. כמעט יעדע וואָך פלעגט קומען געשטאַפּאָ אין די ברוינע העמדער און טויטן־קעפ, צונעמען אַ 10 יידן, באַשמעלצן זיי מיט אַ קריסט און אַוועקשיסן אין מיטן מאַרק. אין איינעם פון די געשטאַפּאָ־„אויספלוגן״ איז דערשאָסן געוואָרן דער גאַרוואָלינער ייד יעקיל מיט די „גרויסע אויערן״, דאַכט זיך, גאָלדהאַמער.

אין זשעלעכאָוו פלעגן אַריינקומען צו מיין פאָטער אהרן ראָטמאַן, יעקל בלאַנק, שלמה מאיר פרוזשיניאַק, דוד מינץ, סענדער בעקער; עס פלעגן אָפט קומען חיים קלעזמער, זיין איידעם, משה שלאָכ׳ס מיט זיין פרוי, שרה־רבקה, לייזער דאָמב און פיל אַנדערע. אין זשעלעכאָוו האָבן מיר געפּענט אַ הורט־געשעפט פון קאָלאָניאַל־אַרטיקלען. געפירט דאָס געשעפט האָט



מיין קוזינע שׂרה ראָזנבערג־פייגנבוים, הי״ד

וואַכאָוויטשעס טאָכטער, שאַרקעוויטש. דאָס גרויסע פינצטערע „גליק״ האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז זיי האָבן אָנגעהויבן אויספאַרטיקן דעם גאַרוואָלינער פאָוויאַט, ד״ה ביזן גירוש פון די יידן קיין טרעבלינקע. סוכות־צייט 1942 איז געווען די ריי פון זשעלעכאָוו. מיין פאָטערס פראָטעקציע אין יודענראַט האָט אונדזער משפחה דערמעגלעכט צו פאָרן אין אַרבעטס־לאַגער ווילגאַ, דאָרט, — האָבן די דייטשן צוגעזאָגט, — וועלן די יידן שוין זיכער בלייבן לעבן.

די פראָטעקציע קיין ווילגאַ איז נישט חל געווען אויף דער גאַנצער משפחה. בין איך מיט דער יונגסטער שוועסטער רייזל, געבליבן אין זשעלעכאָוו, בעת דער טאַטע, די מאַמע, פערל און די ברידער אברהם און יעקב־יצחק זענען אַוועק קיין ווילגאַ. אברהם׳ס פרוי גנענדל מיט איר קינד זענען פאַרבליבן מיט אונדז אין זשעלעכאָוו.

יהושע וואמפאן (ז״ל) / תל־אביב

# מיין זיידע



**איך זע אים, דעם זיידן מיינעם, אין יעדן פאַרביי־**גייענדיקן יידן, וואָס זיין לאַנגע, גרייז־גרויע באָרד איז ריין פאַרקעמט און זיינע טריט — עלאַסטישע. כדער־מאָן זיך אים, ווי ער פלעגט פאַר־ברענגען אין אונדזער געזעלשאַפט און זיין עלטער האָט אים נישט געשטערט צו זיין וואַך און מיטצוהאַלטן מיט „חברה״. דאָס בילד פון זיידן ע״ה איז פאַרבונדן מיט די זכרונות פון מיין ליבער היים, עלטערן, שוועסטערן און מיט דער פריילעכער שטוב, ווו עס פלעגן זיך יעדן אָוונט צוזאַמענקומען מיינע חברים, די חברטעס פון מיינע שוועסטער — און דער זיידע בתוכם. זיין פאַר־ברענגען צווישן אונדז האָט נישט געשטערט. פאַרקערט, די אָנוועזנהייט פון זיידן פלעגט אונדזער געזעלשאַפט צוגעבן קאָלאָריט און אַ דערהויבענער שטימונג. איך זאָג: „פון זיידן״ און נישט — „מיין זיידן״, ווייל אַלע אין שטאָט האָבן אים גערופן „זיידע״. אַז מען האָט געזאָגט: „דער זיידע משהלע״ — האָט מען שוין געוווּסט וועמען מען מיינט.

ער איז געווען דער עלטסטער ייד אין שטעטל און אַ מנהג האָט זיך איינגעשטעלט אין גאַרוואָלין, אַז דעם עלטסטן יידן האָט געהערט די חזקה פון צינדן חנוכה־ליכט פאַר קהל אין שטאָטישן בית־מדרש. אין די לעצטע 7—8 יאָר פון זיין לעבן איז דער זיידע געווען דער חנוכה־ליכט בענטשער.

פאַר איין איינציקע מצווה — די מצווה פון כיבוד־אָב ואם — ווערט אין די עשרת הדיברות געגבן דער שכר אריכת־ימים, גלייך אויפן אָרט — „למען יאַרכון ימיך״... און די דאָזיקע מצווה האָבן מיינע עלטערן ע״ה נישט בלויז דערפילט, נאָר געווען פאַר אַ ביישפיל פאַר אַלע אַנדערע יידן אין שטעטל. זייער שכר אויף דער וועלט האָבן זיי, ליידער, נישט באַקומען (געוויס האָבן זיי דאָס זיכער באַקומען אויף יענער־וועלט). אין מיין גאַנץ לעבן האָב איך נישט אָנגעטראָפן זיך אויף נאָך אַ פאַל, אַז מענטשן זאָלן אַזוי ערלעך־האַלטן און אַזוי באַהאַנדלען אַן אַלטן טאַטן, ווי כ׳האָב דאָס געזען ביי מיינע עלטערן. עס וועט זיין נישט איבערטריבן, ווען איך וועל זאָגן, אַז זיי האָבן דעם זיידן געהאַלטן בעסער פון אַן אייגן קינד. און דאָס נישט עפּעס אַ יאָר אָדער צוויי, נאָר גאַנצע דריי און צוואַנציק יאָר.

ווען ער איז אַן אַלמן געוואָרן בין איך געווען אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר צוויי־דריי און ער, דער זיידע, שוין אַ זיבעציקער, נאָר פריש און געזונט און שטאַרק און פול מיט הומאָר, און אַזאַ איז ער פאַרבליבן ביזן לעצטן טאָג זיינעם; אַזוי, אַז אַלע מיינע זכרונות וועגן די עלטערן, שוועס־טערן, יוגנט און דערציונג זענען פאַרבונדן מיטן זיידן, מיט וועלכן כ׳האָב געלעבט צוזאַמען אַלע מיינע יוגנט־יאָרן, ביז איין יאָר פאַר מיין עולה זיין קיין א״י.

מיין פאָטער, פאַרטאָן אין מסחר, פלעגט לאַנגע וואָכן, אפילו חדשים פאַרברענגען ווייט פון דער חיים. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה — אין רוסלאַנד און שפּעטער — אין גאַליציע און אויך אין רומעניע. ממילא האָט די השגחה איבער מיין דערציונג געהאַט דער זיידע. אַ גאַנצע וואָך פלעג איך ווי אַלע ייִנגלעך פאַרברענגען אין חדר, ווו מען האָט געלערנט פון פרי ביז אָוונט. און די ווינטער־נעכט פלעגט מען אַ היים גיין ווען ס׳איז שוין געווען גוט פינצטער. ווער געדענקט זיי נישט די ווינטער־אָוונטן פון די חדר־יאָרן און די פּאַפּירענע לאַמטערנדלעך, מיט וועלכע מיר פלעגן זיך באַ־לייכטן דעם וועג אַ היים?

פרייטיק, דאַקעגן, האָט מען געלערנט ביז 12 בייטאָג, אָבער אפילו די פּאָר „פרייע״ שעהען — ביז קבלת שבת — דאַרף מען אויך נישט פאַרברענגען אין ביטול־תורה. פלעגט מען נאָכן צוריקקומען פון חדר מעביר־סדרה זיין, זאָגן שיר־השירים מיטן ריכטיקן ניגון. שבת נאָך מיטאָג האָט מען געלערנט פרק, געזאָגט ברכו נפשי — לויטן סעזאָן; און אַז כבין עלטער געוואָרן פלעג איך אויך לערנען אַ פּרק משניות.

בעת כ׳בין אַריבער אין אַ גרעסערן חדר, צו שמואל מלמד, האָט ער דווקא געוואָלט אָנהייבן דעם טאָג פון פינף פרי. — דער טאָג — האָט ער געטענהעט — איז צו קליין און די תורה צו גרויס און טיף, כדי צו מעגן פאָפן ביזן טאָג אַריין... און געוווינט האָט ער, דער רבי, נישט ווייט פון דער קירכע. אין געדאַנק האָבן זיך געוועבט די פּחדימדיקע מעשיות וועגן שדים, וואָס מיר פלעגן זיך אָנדערציילן אין די חדר־בין־השמשותן, בעת דער רבי איז אַוועק אין בית־מדרש צו מנחה־מעריב. מעשיות וועגן אָן אַ שיעור לצים, שדים און רוחות, וועלכע האָבן אַן אומבאַגרענצטע שליטה, באַזונדערס אויפן ייִנגן מענטשן, און וואָס שוועבן אַרום אין די נעכט אומעטום, בפרט אין דער סביבה פון דער קירכע.

גיי און שטעל אַליין איין דאָס לעבן צווישן שדים, דיבוקים און רוחות. פלעגט דער זיידע יעדן פאַרטאָג מיך אַוועקפירן אין חדר. ער פלעגט מיך פירן ביים האַנט און, ווי ס׳איז צוזען, מיך דורכגעפירט בשלום...

פיל זיטן און געוווינהייטן פון זיידן זענען מיר פאַרבליבן עד היום. אַזוי איז מיר פאַרבליבן די געוווינהייט צו לייגן זיך צום שלאָף פריער אויף דער לינקער זייט. כ׳בין זיכער, אַז נאָך אַ סך געוווינהייטן מיינע שטאַמען פון אים. ווי איצט, געדענק איך ווי ער פלעגט צווינקען בעת זיינע ייִנגערע חברים — אויך שוין זקנים — ר׳ מענדעלע און ר׳ שמעלקע פלעגן זופן דעם הייסן טיי מיט אַ הויכן... אַ־אַ־אַ מחיה!.. ער

פלעגט אונדז מיט אַ זשעסט מרמז זיין אויף זייער שוין שוואַכן זכרון, בעת זיי פלעגן דערציילן עפּעס נישט געלונגען...

אין שטוב בין איך געווען דער בן־יחיד, ביי פּינף שוועס־טערן, אָבער דער מיוחס איז געווען דער זיידע און אים האָט געהערט די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט. אַז כ'פלעג אים אַ מאָל פרעגן ווי אַלט ער איז? פלעגט ער שטענדיק ענטפערן: „איבער פופציק" — און גיי ווייס וויפל! ווען כבין עלטער געוואָרן האָב איך שוין געקאָנט זיין עלטער דערגיין דורך אַן אומוועג. ער פלעגט מיר שטענדיק דערציילן מעשות וועגן פוילישן אויפשטאַנד פון יאָר 1863, גלייך ס'וואָלט געשען נעכטן. איין מאָל האָב איך געפרעגט ווי אַלט ער איז געווען צו דער חתונה. מיט וואָכן שפּעטער האָב איך אים אַ מאָל געפרעגט וויפל יאָר נאָך זיין חתונה ס'איז פאָרגעקומען דער אויפשטאַנד — אַזוי האָב איך זיך שוין געמאַכט מיין חשבון.

דער זיידע פלעגט שטענדיק דערציילן, אַז ער איז געבוירן אום שבת און לויט דער מסורת, אַז מען איז געבוירן און מען שטאַרבט אום שבת גייט מען גלייך אין גן־עדן אַריין. און דאָס איז געווען זיין פאַרלאַנג — צו שטאַרבן אום שבת.

ביז זיין סוף, איז ער געווען געזונט און ביים פולן שכל. אייניקע טעג פאַר זיין פּטירה איז ער קראַנק געוואָרפן און געבעטן מען זאָל אים ברענגען דעם ד"ר שוויענצקי. ער האָט אים נאָך געקענט אַלס קליין יינגל. שוויענצקי האָט אים כלומרשט פאַרשריבן אַ רעצעפּט און אוועקרופנדיק מיינע עלטערן אַן אַ זייט געזאָגט זיי, אַז דאָס ליכט צאַנקט שוין און ס'האַלט פאַר דער ענדע. דאָך האָבן מיינע עלטערן צו־מאָרגנס נאָך אַמאָל געלאָזט רופן דעם דאָקטאָר, כדי דער זיידע זאָל האָבן ס'געפיל, אַז מען מאַכט אַלע באַמיִונגען צו דערהאַלטן אים ביים לעבן. נאָך צוויי טעג קראַנק זיין האָבן מיר שוין געזען דעם סוף. מיר האָבן אויך געזען דעם זיידנס גערא נגל צו דערציען ביז שבת. דער דאָזיקער גראַנגל איז געווען דער אויסדרוק פון אַן אינערלעכן שטאַרקן ווילן און באַגער פון אַלע יאָרן זיינע צו שטאַרבן אום שבת. אַזוי האָט ער דערצויגן ביז פרייטיק נאָך ליכט־צינדן. מיטאָג־צייט האָט ער זיך פלוצים אויפגעכאַפּט פון זיין פאַרטראַכטקייט און געפרעגט אויפן רב. דער רב איז גלייך געקומען. דער גראַנגל האָט געדויערט ביז קבלת שבת, ווען זיין הייליקע נשמה איז נסתלק געוואָרן. דריי און ניינציק יאָר איז ער אַלט געווען, אפשר מיט אַ שמיצל... ביי משה רבנוס פּטירה ווערט געזאָגט: „לא כהתה עינו ולא נס לחה"...

צוזענדיק במשך 23 יאָר די טרייזאַפט און איבער־געבנקייט פון מיינע עלטערן צום זיידן משהלע, איז מיין איינ־ציקער באַגער געווען, אַז איך זאָל זוכה זיין אָפּצוצאָלן זיי מיט דער זעלבער מטבע פון ליבע און טריישאַפט. צום גרויסן צער מיינעם האָט דער גרויזאַמער גורל פון אייראָפּעישן יידנ־טום נישט אויסגעמיטן אויך מיין משפחה און צעשטערט אַלע מיינע האָפענונגען און טרוימען.

## דער יידישער תחום אין גאַרוואָלין

איך וויל דאָ אַרויסברענגען מיינע זכרונות פונעם תחום, ווו עס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַלע יידישע רעליגיעזע אינסטיטוציעס און דאָס יידישע לעבן אין גאַרוואָלין נאָך איידער עס זענען אַנטשטאַנען די יידישע פּאָליטישע־און קולטור־אָרגאַניזאַציעס אין שטעטל, אָדער איך — ווי אַ קליין יינגל נאָך — האָב פשוט נישט געוווסט פון דער עקזיסטענץ זייערער.

דאָס איז געווען אַ גענוג־גרויסער שטח, אַרומגענומען מיט



פון אויבן: וואָלף־איטשע הירשפעלד, יחיאל פישמן, פעלהענדלער, יוסף גאָרפינקל, וועלוול מייסטער, ברוך שיין, יעקב־מרדכי פּרושניאַק, מאיר פייגנבוים, משה בורשטיין, יעקב־מנשה זינגער, יהושע וואַמפּאַן, אברהם מילגראַם, אבא ווינבלוט, ישראל־לייב דעלעווקאָוויטש, יוסף ווינבלוט, לייבל רובין, משה הירשפעלד, המורה מאַצא, יששכר בלאַנק, משה ראָזנבערג, לובלינער, יצחק אהרנסאָן.

אַ הילצערנעם פּאַרקאַן, וואָס האָט געגרענעצט מיט פאַרשידענע גאַסן. ווי כ'געדענק, האָט דער תחום פאַרמאָגט פיר פאַר טויערן־איינגאַנג. דער גאַנצער שטח האָט געברויזט מיט יידישקייט.

פון צפון — די הויפּט־גאַס נאַדוואָדנאַ; פון מזרח פּושעכאָדניע־גאַס; פון מערב — אַ גרינס־גאָרטן פון פאַר־שידענע מינים ירקות און פון דרום האָט דעם תחום געשלאָסן דער טייך ווילגאַ. דער הויפּט־איינגאַנג איז געווען פון נאַד־וואָדנאַ.

אַריינקומענדיק, האָסטו זיך גלייך אָנגעשטויסן אויף אַ גרויסן באַרג פון פיל צענדליקער, אפשר גאָר הונדערטער טאָנען גרויסע, שווערע, רויע שטיינער. די שטיינער האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן אַרויסגעוואָקסן פון דרערד; משמעות, אַז זיי זענען דאָרטן געלעגן לאַנגע יאָרן. כ'האָב קיינמאָל נישט געקענט טראַכטן, אַז אַזעלכע גרויסע שטיינער קאָן מען ברענגען פון ערגעץ, אַז מען קאָן בכלל אויפהייבן אַזעלכע שווערע שטיינער. ווען כבין עלטער געוואָרן האָב איך שוין געוווּסט, נאָך דעם ווי מען האָט עס מיר אויפגעקלערט, אַז דאָס האָבן די קהילה־פּרנסים, מיט צענדליקער יאָרן צוריק געלאָזט ברענגען די שטיינער, כדי אויפצובויען אַ גרויסע שול. אָבער ביזן חורבן איז דאָס נישט צושטאַנד געקומען.

די שטיינער האָבן אָבער געהאַט אַנדערע „פּאָזיטיווע" פונקציעס. אַזוי האָבן זיי געדינט פאַר אַ שפּיל־פּלאַץ, ווו די קינדער האָבן זיך געשפּילט אין באַהעלטעלעך, אין לויפע־לעך און קאַפּעלעך — אַלץ איבער און צווישן די שטיינער. פאַר די עלטערע מענטשן האָבן די שטיינער געדינט ווי אַן אָפּרו־אָרט, ווו יידן פלעגן גרופּנווייז פאַרברענגען אין שמועסן — ווען אין בית־המדרש איז געווען הייס, אָדער אין אַ תענית־ציבור.

וועגן וואָס צו שמועסן האָט קיינמאָל נישט געפעלט: וועגן קריג און מיליטערישער סטראַטעגיע; וועגן פּאָליטיק און וועגן וואָס נישט? אַזוי פלעגט מען איבערדערציילן די נסים ונפלאות פון רביים און גוטע־יידן וואָס מען האָט געהערט אָדער אַליין מיט די אייגענע אויגן געזען און איבערגעלעבט.

האָרט ביי די שווערע שטיינער איז געשטאַנען אַ גרויסע, הילצערנע צוויי־שטאָקיקע געביידע, געטיילט אין צוויי טיילן. אין דער ערשטער טייל האָט זיך געפונען די ווייבערישע שול און אין דער צווייטער — דער גרויסער בית־מדרש.

די ווייבער־שול איז געווען געטיילט אויף פיל חדרים, וועלכע מ'האָט געקענט אויף שבת און יום־טוב פונאַנדערנעמען. אַ גאַנצע וואָך האָבן די חדרים געדינט פאַר אַ תלמוד־תורה, מיט פול כתות און אויך פאַרשידענע אַנדערע צוועקן, ווי פאַרזאַמלונגען, אַסיפות, אויפן פאַר השכמה־דאַווענען אין די שבתים. און — ווי כדערמאָן זיך עס קוים — איז דאָרט האָרט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַ „דזשוינט"־קיך פאַר קינדער, אַ פּראָדוקטן־מאַגאַזין אד"גל.

אַחוץ אַלעם איז די ווייבער־שול געווען אַ וווינונג. עס האָט אין איר געוווינט דער שטאָט־שמש ר' יחיאל. ווי אין יעדער ווייבער־שול, זענען אויך דאָ געווען פענצטער דורך וועלכע ס'איז געווען צו זען דעם באַלעמער און חזן. פאַרשטייט זיך אַז די פּלעצער, די א"ג „שטעט" זענען אַלע געווען פאַר־קויפטע און אַז ס'איז געקומען אַ רגל, בפרט אין די ימים־נוראים, ווען אַלע, גרויס און קליין, מענער און פרויען קומען דאַווענען און ווי סמאַכט זיך, מ'האָט אַן אויסגעגעבענע טאָכטער, אָדער אַ שנור, וואָס האָבן נישט קיין אייגענע „שטעט" און זיצן אַלע מיט דער מאַמען, אָדער שוויגער — קאָן מען זיך פאַרשטעלן די ענגשאַפט און שטיקעניש וואָס ס'האָט דאָרט געהערשט. אָבער מ'האָט נישט געהערט קיין שום תרעומות, ס'איז געווען ווי נאַטירלעך... מ'האָט זיך געשטופּט און גע־שוויגן — אָבי די תפילות זאָלן אָנקומען ווי מען דאַרף...

## דער בית־המדרש

צוויי שווערע הילצערנע טירן. גלייך ביים איינגאַנג — אַ מעשענער כיור, מיט אַ קערה צום וואַשן די הענט, צוויי גרויסע קאַפּליע־אויוונס, ארום די הייסע אויוונס — בענק, וועלכע זענען אין די קאַלטע ווינטער־טעג באַזעצט געווען פון יידן, וואָס האָט זיי אויסגעפעלט אַ ביסל וואַרעמקייט אין דער היים און פון מענטשן וואָס פלעגן זיך אומקערן פון ווייטע ירידים, און פון סתם אָרעמע־לייט. דאָס אַלץ איז געווען באַלד ביים איינגאַנג וואָס האָט געגרענעצט מיט דער ווייבער שול.

דריי גרויסע ווענט מיט פענצטער. ביי די פענצטער — שווערע דעמבענע טישן און בענק; אויף די טישן — שאַך־ און דאַמקע־פעלדער אויסגעשניצטע מיט מעסערלעך, די אַרבעט פון די בחורים וואָס זייערע טעג, חדשים און יאָרן האָבן זיי פאַרבראַכט אין בית־מדרש. אין מיטן בית־מדרש אַ באַלעמער, מיט טרעפּלעך פון ביידע זייטן; אויפן באַלעמער האָט מען געלייענט די תורה, געהאַלטן דרשות, געצונדן חנוכה־ליכט, געלייענט די מגילה אד"גל. דער עפעקט איז געווען די מזרח־וואַנט (אגב, איז עס געווען די דרום־וואַנט; צוליב דער קירכע וועלכע איז געשטאַנען אויף מזרח פון שטעטל, האָט מען אין בית מדרש געמאַכט דרום פאַר מזרח); אַ שיינער געשניצטער ארון־קודש מיט אַ באַריערע אַרום. פאַרשטייט זיך, אַז אַרום די טישן פון ביידע זייטן ארון־קודש און עמוד פאַרן חזן זענען געזעסן די פּני — דער רב, דער מורה־הוראה, די פּרנסים און סתם שיינע־יידן פון שטעטל.

דאָס בית־מדרש איז וואָך געווען פון פאַר טאָג ביז שפּעט ביי נאַכט. אין דער פרי פלעגן קומען אָפּכאַפּן שחרית יריד־פאָרערס, קצבים, קליינע סוחרים, באַלמעלאָכעס און אַלע אַנדערע פאַריאָגטע מענטשן, מיט שווערע פּרנסות...

אַ ביסל שפּעטער פלעגן קומען די מער צייטלעכע מענטשן, וואָס פלעגן פאַרברענגען אין בית־מדרש עטלעכע שעה, אַ מאָל ביז מיטאָג, אַ מאָל אַ גאַנצן טאָג. דאָס זענען געווען יידן, וואָס זייערע פרויען האָבן געפירט דעם האַנדל און געהאַט דאָס פאַרגעניגן און דעם רצון, אַז זייערע מענער זאָלן זיצן און צוגרייטן פאַר זיי גוטע זכותים אויף דער־און אויף יענער־וועלט. געווען אויך גרופּעס בחורים וואָס זענען געזעסן און געלערנט, ווער פאַר זיך און ווער אַ בשותפותן שיעור.

פאַר נאַכט האָט דאָס בית־מדרש ווידער אויפגעזשומט מיטן מנחה־מעריב און שפּעטער ווידער דאָס זעלבע. דאָס בית־מדרש איז תמיד געווען די צווייטע היים; פאַר אַנדערע — אפילו די ערשטע... האָט מען וועמען געזוכט, איז ווו — אויב נישט אין בית־מדרש? האָט מען זיך געוואָלט דערוויסן לויפנדיקע נייעס, שטאָטישע נייעס, פּאָליטישע נייעס, וועלט־נייעס — אַלץ אין בית־מדרש. ביזן אויפקום פון די פאַרשי־דענע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס איז דער צענטער פונעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן געווען דאָס בית־המדרש.

אָפּגערוקט אַ ביסל פון בית־מדרש, צוגעבויט צו דער געמויערטער מקווה און בית מרחץ, איז געשטאַנען אַ ברייטע הילצערנע געביידע. אין דער געביידע האָבן זיך קאָנצענטרירט

אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, ווי דער וועד הקהילה, די באַנק, אונטער דער לייטונג פון ר׳ יעקב פייגנבוים, דער מחסן פאַר האָלץ און קוילן א״אַנד. אויף אַ זייטיקער וואַנט פון דער געביידע איז געשטאַנען אָנגעלענט דאָס טהרה־ברעט. דאָס דאָזיקע טהרה־ברעט האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק, באַזונ־דערס אויף קינדער און יוגנטלעכע; ס׳איז געווען ממש פּחד מוות דורכצוגיין דורך דעם, די האָר פון קאָפּ פלעגן זיך אויפשטעלן פון פּחד. הינטער דער געמויערטער מקווה האָט זיך געפונען דאָס הכנסת־אורחים שטיבל און אויבן, אין בוי־דעם־שטיבל פון דער מקווה — די „וווינונג" פון מענדעלע בעדער.

די מקווה איז געהייצט געוואָרן אַ פּאָר מאָל אין וואָך פאַר פרויען און פרייטיק — מיט אַ שוויץ־באָד — פאַר מענער. נאָך דער מקווה זענען געשטאַנען הילצערנע בתי־שימוש וואָס האָבן געגרענעצט מיטן טייכל ווילגאַ.

דאָס אַלץ, ווי שוין דערמאָנט, איז געווען אַ ריין יידישער תחום און געהערט צו דער יידישער קהילה. שוין העכער דריי צענדליק יאָר ווי כ׳האָב פאַרלאָזט גאַרוואָלין און ווי דאָס אַלץ איז אויף אייביק אָפּגעווישט געוואָרן. אָבער אין זכרון זע איך נאָך אַלץ געגנוי און לעבעדיק.

צו אונדזער גרויס אומגליק איז גאַרוואָלין חרוב געוואָרן באַלד אין דער ערשטער תקופה פון דער מלחמה. נישטאָ דאָרט מער קיין יידן, קיין תחום. ווי אַ זכר פון דעם אַלעם זענען אין תחום פאַרבליבן בלויז די שוין דערמאָנטע שווערע גרויסע שטיינער. ווי נעמט מען די יידן וואָס זאָלן פאַר־ווירקלעכן דעם טרוים אויפצובויען פון די שטיינער אַ שול?..



קן „השומר הדתי" אין גאַרוואָלין

שלמה נחשון־שלאַנג / תל־אביב

# גאַרוואָלין — אין דריי תקופות און דורות

## ווי גרויזאַם ס'איז בלויז צו דענקען, אַז אַ יחיד



דאַרף שרייבן וועגן אַ ציבור, וואָס איז אומגעקומען אויף אַזאַ שוידערלעך־געשענדעטן אופן, דורך די היטלע־ריסטישע רוצחים און זייערע צוהעל־פער, ימח־שמם.

די האַנט ציטערט און דאָס האַרץ בלוטיקט פון דער דערמאָנונג.

גאַרוואָלין, אַן און פאַר זיך, איז אַ שם־דבר. וועגן גאַרוואָלין קען מען נאָר טראַכטן מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי אַ פרומער ייד, וואָס פאַרלייגט די רעכטע האַנט אויף זיינע אויגן, בעת ער זאָגט „שמע יש־ראל"...

ווען איך טראַכט און דערמאָן זיך אין אַלעם דעם וואָס איז געווען אין גאַרוואָלין און איז מער נישטאָ, ווערט מיין האַרץ צעשפליטערט, מיין מוח קוויטשעט זיך קאָנוולסיוו, און איך פרעג ביי זיך אַליין — איז עס מעגלעך? איז עס מעגלעך, אַז דאָס אַלץ איז פאַרשוווּנדן און אָפּגעווישט געוואָרן אָן אַ שפור? ניין, עס קאָן נישט זיין! איך קאָן נישט פאַרגעסן אין דער גאַנצקייט פונעם שטעטל... ווי אין זיין באַזונדערער שיינקייט און צדקות.

איך קען נישט פאַרגעסן די מלמדים, ביי וועלכע כ'האָב געלערנט, די תלמוד־תורה, און דאָס בית־המדרש, די פריי־לעכקייט פון די יונגע בחורים, זייער ערנסט לערנען, דעם ספעציפיש־מיסטישן ניגון פון אַביי ורבא...

איך פאַרגעדענק פיל, גאַרוואָלינער שמחות. שמחות פון פאַרשידענע מענטשן און שיכטן. אין פאַלן פון אַ חתונה, האָט דאָס גאַנצע שטעטל זיך פאַרוואַנדלט אין איין משפחה: דאָס העלפן איינער דעם אַנדערן פאַר דער חתונה און נאָך דער חתונה און בעת דער חתונה... היינט — די שמחה גופא? עס האָט אויסגעזען, ווי גאַנץ גאַרוואָלין וואָלט באַדעקט געווען מיט איין גרויסער חופה... די גאַרוואָלינער קלעזמער האָבן פריילעך געמאַכט, אַז אַלץ אָן אויסנאַם, יאַ־מחותן, נישט־מחו־תן, גאַנץ גאַרוואָלין האָט געטאַנצט... און ווען ס'איז געקומען די גליקלעכע שעה — ווען מען האָט געפירט חתן־כלה צו דער חופה, האָבן קינד און קייט — אנשים, נשים וטף — באַלאַגערט די געסלעך, דורך וועלכע ס'האָבן געדאַרפט דורכגיין חתן־כלה, ווי דאָס שטעטל אַליין וואָלט געפירט זיינע קינדער צו דער חופה... און אַזוי איז עס טאַקע געווען. ביי יעדן איינעם איז די שמחה געווען ווי זיין אייגענע שמחה... און ווייל אַזעלכע שמחות אין גאַרוואָלין זענען נישט געווען קיין זעלטענע „געסט", איז דערפאַר די פריילעכקייט אין שטעטל געווען אַ פערמאַנענטע — אַ שטענדיקע. און אויף די אַלע שמחות האָט דאָמינירט דער פסוק: „נעלה את ירושלים על ראש שמחתנו"...

מיט אַ יאָר שפעטער, פאַרשטייט זיך, האָט די שמחה זיך באַנייט דורך געבורט; ביי וועמען ס'איז געבוירן געוואָרן אַ זונעלע, ביי אַנדערע אַ טעכטערל — און אין גאַרוואָלין איז ווידער געוואָרן ליהודים...

און פאַרגעסן קאָן מען אויך נישט יענע אַלע וואָס האָבן צוגעגרייט און אויסגעטראָטן פאַר אונדז דעם פאַרטיקן לעבענסוועג, אונדזערע נאָענטסטע און ליבסטע: טאַטע־מאַמע, זיידע־באָבע, מומעס, פעטערס. שוואָגערס און שוועגערינס. דאָס האָבן זיי פאַר אונדז צוגעגרייט, אָנהויבנדיק פון דער שיינער שול, די חסידים־„שטיבלעך", די פאַרטייען פון פאַרשידענע ריכטונגען, וואָס האָבן אָפּגעשפיגלט דעם גראַנגל פאַרן שווערן יידישן קיום.

עס דערמאָנט זיך מיר אין די שבתים און יום־טובים. ווי שטאָלץ איז געווען דער „גאַנג" פון יידן אין שול, אין די „שטיבלעך" — און צוריק! יידן אין זיידענע קאַפּאָטעס און שטריימלעך. עפּעס אַ מאָדנע שטאָלץ געפיל איז עס געווען... און דער שמחת־תורה? — שמחת־תורה האָבן אַפילו האָבן און דער שמחת־תורה? — שמחת־תורה האָבן אַפילו די שטיינער זיך מיטגעפרייט... דער אמתער „שישו־ושמחו... גאַנץ גאַרוואָלין איז שיכור־געוואָרן פונעם ריח־התורה...

כ'געדענק אויך ווי ס'האָט אויסגעזען דער נאַציאָנאַלער טרויער־טאָג אונדזערער — תשעה־באָב. אַ געוואַלטיקער אומעט האָט זיך פלוצעם אַראָפּגעלאָזט פאַרנאַכט ערב קינות. ווי ס'וואָלט זיי ווער באַשטעלט, האָבן שוואַרצע וואָלקנס באַ־דעקט די רוימען פון גאַרוואָלין. דאָס האָבן זיי מיטגעטרויערט



מיין שוועסטער חנה'לע און איר מאַן משה לוסטיג מיט זייערע קינדער: אהרן־שלמה, שרה

מיט דער גאַנצער גאַרוואָלינער עדה אויף דעם חורבן פון בית־המקדש. עס קלינגען נאָך אין מיינע אויערן די יאָמער־דיקע קולות פון דער ווייבער־שול... דער דאָזיקער יאָמער האָט זיך גיך צעטראָגן איבער די גאַסן און געסלעך פון גאַרוואָלין און אַנגעפילט דאָס שטעטל מיט אַן אייגנאַרטיקן יידישן טרויער. אפילו גויים, האָט זיך געדאַכט, זענען דורכגענומען מיט טיפן יידישן טרויער. אויך די קינדער, אונדזערע קליינינקע, וועלכע האָבן נאָר געקענט קומען אין שול, האָבן זיך באַטייליקט אין טרויער, מיט זייער וואַרפן „שטעכלקעס", בעת יידן האָבן געזאָגט מגילת־איכה און על נהרות בבל, קלאָגנדיק אויפן חורבן.

קאָן מען אין דעם אַלעם פאַרגעסן ?



די קינדער פון שלמה־מאיר און מאַלע פּרושניאַק
פון רעכטס: אליעזר־זעליג, אברהם, רבקה־לאה

גאַרוואָלין האָט אויך געהאַט קאָמישע זייטן. אַזוי, למשל, איז שווער נישט אַ שמייכל צו טאָן, ווען מען דערמאָנט זיך די „פּייערלעשער", מיט די פעסלעך וואַסער... אין די דאָזיקע וואַסער־פעסלעך ליגט אַ שטיק געשיכטע פון יידישן לעבן אין גאַרוואָלין. די חברה־קדישא, ווידער, האָט שוין געטראָגן אַן ערנסטן כאַראַקטער, נישט בלויז פאַר די טויטע, נאָר אויך פאַר די לעבעדיקע... שיין איז געווען די סעודות־מסורה, ווען ס'האָט זיך דערנענטערט פרשת־„ויחי". די סעו־דות זענען געווען אמת'ע סעודות־מצווה... פאַר די תלמידים פון חדרים און תלמוד־תורה איז דאָס געווען אַ שטאַרקע אי־בערלעבונג. צום נאָרמאַלן הקול קול יעקב איז צוגעקומען די פרייד פון דער סעודה.

דאָס יידישע גאַרוואָלין האָט אויך געהאַט אירע פּאַרטרע־טער אין מאַגיסטראַט און אַזוי אַרום זיך אַביסל פאַרלייכטערט דעם שווערן עול־מלכות.

מיר איז שווער צו ענדיקן, אויב כ'וועל נישט דערמאָנען, באַזונדער, מיינע נאָענטע חברים, וועגן וועלכע איך טראַכט און חלום שטענדיק: ואלה הם: אליעזר מעסינג, לייב ראָזענ־בערג, שלמה וואַסערניס, שמחה סאָקאָל, מתתיהו יומטוב און ראָטבערג. מיט זיי און מיט אַנדערע האָב איך דורכגעמאַכט מיין יוגנט־וועג... בעת מיין עולה זיין אין יאָר 1926, האָב איך זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז איך געזעגן זיך מיט זיי צום לעצטן מאָל... אַז איך וועל זיי קיינמאָל מער נישט זען. אויך אין זיי וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

כדי נישט צו פאַרגעסן, מוזן מיר באַזונדערס געדענקען, אַז דעם פנקס טאָר מען נישט אוועקשטעלן אין ספרים־שאַנק. „ושננתם לבניך" — אונדזערע קינדער און אייניקלעך מוזן דאָס בוך לייענען און לערנען. „ודברת בם", מען דאַרף די קינדער דערציילן די פאַקטן פון קדושה און גבורה, וואָס זענען נישט פאַרשריבן אין דעם פנקס. מען דאַרף אריינדרינגען אין זייערע יונגע מוחות... „כאילו גם הם יצאו מ'גאַרוואָלין"... „בשבתך בביתך" — בעת דו זיצסט מיט דיין משפחה, „ובלכתך בדרך", ווען דו מאַכסט אַ שפּאַציר, אַ נאָענטן, צי אַ וויטן, גיב אַ טראַכט: „מה נאה אילן זה" — גאַרוואָלין...

נאָר אויף דעם אופן קאָן מען זיך מתיחד זיין מיט אונד־זערע נאָענטסטע און טייערסטע און פאַראייביקן און פאַר־הייליקן זייער קדושה און גבורה.

ת.נ.צ.ב.ה.



מיין שוועסטער הנהל'ע מיט איר מאַן משה לוסטיג — גלייך נאָך זייער חתונה

ישראל סאקאל / חדרה

# מיין שטעטל גאַרוואָלין

## שוין דריי און דרייסיק יאָר ווי כ׳האָב פאַרלאָזט



דאָס שטעטל, איבערגעלאָזט דאָרט מיינע יינגע יאָרן, מיינע טייערע און ליבע עלטערן, ברידער מיט פרויען און קינדער, חברים און חברטעס, מיט וועלכע עס האָבן מיך געבונדן, בשותּפותע איבערלעבענישן, און סתם פריינד און באַקאַנטע. אַוועק בין איך קיין ארץ־ישראל, ווו ס׳האָבן שוין דעמאָלט געלעבט מיינע צוויי שוועסטערן: שיינדל און אסתּר.

זינט דעם ערשטן מאָרד אויף דער וועלט (קין) איז די געשיכטע נישט אַזוי רייך געווען אין רציחות ווי אין די דאָזיקע דריי און דרייסיק יאָר. צווישן די אויסגעהרגעטע מיט פאַרשידענע טויטן מיליאָנען יידן געפינט זיך אויך גאַרוואָלין, מיט אַלע אונדזערע בעסטע און טייערסטע.

אין די זעלבע יאָרן האָבן יידן דעראָבערט דאָס לאַנד ישראל מיט אַן אייגענעם ים־און לופט־פלאָט, מיט אַן אייגן מיליטער, וואָס ווערט באַוווּנדערט פון דער גאַנצער וועלט. און געמאַכט האָבן דאָס די זעלבע יינגלעך און מיידלעך, וואָס זענען געפאָרן אויף הכשרה, געאַרבעט ביי די שווערסטע באַדינגונגען, גרייטנדיק זיך עולה צו זיין. — אָט די זעלבע קינדער וואָס האָבן נישט געהאַט אויף קיין פּאָסטמאַרקע, צו זייערע בריוו קיין ארץ־ישראל און אַמעריקע.

איך דערמאָן זיך אין די פּאָסטמאַרקעס, ווייל צוליב זיי האָט מיין טאַטן געדראָט צו גיין אין טורמע. דער פּאָסטנאַטשאַלניק האָט אַמאָל גערופן דעם טאַטן און אים געוויזן ווי אַזוי „חברה״ וואַשט די פּאָסטמאַרקעס. דער נאַטשאַלניק האָט געטענהט, אַז דאָס וויל מען פאַרשוואַרצן דאָס פּנים פון פּוילן אין אַמעריקע און פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט פאַר דעם מיין טאַטן (די גאַרוואָלינער הכשרהניקעס האָבן באַקומען זייערע בריוו אויף אונדזער אַדרעס). דער טאַטע האָט צוגעזאָגט דעם נאַטשאַלניק, אַז דאָס וועט מער נישט פּאַסירן.

אָט די יינגלעך האָבן דאָס געבויט דאָס לאַנד, פאַרטיידיקט עס — און אויך געפאַלן ביים פאַרטיידיקן. מיר, די לעבנגעבליבענע, טאָרן נישט פאַרגעסן די קינדער פון גאַרוואָלין און אַנדערע שטעט און שטעטלעך, געפאַלענע אין קאַמף פאַר אונדזער אומאָפּהענגיקייט און וווילזיין. אַ דאַנק זיי דאַרפן מיר זיך נישט שרעקן טאָג־טעגלעך, פאַר ראַדיאָ־קאַיר וואָס האָט אונדז געהאַלטן אין איין דראָען אומצוברענגען. איך מיין, אַז מען דאַרף צוגעבן צום „מה טובו אהלך יעקב״ — מה טובו בניך ישראל...

✶

די דריי און דרייסיק יאָר האָבן נאָך אַ צווייטע זייט פון דער מטבע... איך מיין דאָ די מאַטעריעלע זייט. אויב אַ משפּחה אין גאַרוואָלין האָט זיך אַרויפגעאַרבעט צו אַן אייגן געשעפט און געהאַט פּרנסה, איז עס געווען אַ דערגרייכונג. אָבער היינט, אַז מען האָט נאָך צום געשעפט אַן אייגן הויז, אַ טעלעוויזיע און אַן אויטאָ אפילו, איז מען נאָך אַלץ נישט צופרידן. עס־פעלט ביי אונדז דער „שמח בחלקו״... דאָס אַלץ — אגב אורחא; מיר קערן זיך אום צו גאַרוואָלין.

מיט איניקע חדשים צוריק האָט מיך באַזוכט מיין חבר פון גאַרוואָלין, מאיר קעזמאַן. מיר זענען אַוועק פון גאַרוואָלין אין דער זעלבער צייט. ער — קיין אַרגענטינע און איך — קיין א״י. אין דער מינוט, ווען ער האָט געעפנט די טיר, האָב איך בשום אופן נישט געקענט כאַפּן דעם געדאַנק צי בין איך אין חדרה, אָדער — אין גאַרוואָלין... נאָכן „אוסטשוכן״ זיך האָבן מיר אין דמיון זיך איבערגעטראָגן אויף אַ וואָך צייט קיין גאַרוואָלין.

געווען איז עס אין איינעם אַ שבת אין דער פרי.

מיר האָבן זיך יענעם שבת געטראָפן מיט אונדזערע חברים שלמה וואַסערניס און געצל זילבערמעל אויף אַ „מאַיוווקע״־שפּאַציר אין די דערפער זאַוועט און טשיסקיוו, ביי גאַרוואָלין. מיר זענען גלייך צוגעשטאַנען צו זיי, דורכצומאַכן דעם שפּאַציר צוזאַמען. שלמה איז פריער אַריין צו קאַלאַסקען און מאיר קעזמאַן — צו טאַדעקן זיך צו באַזאָרגן מיט „צידה־לדרך״... כ׳האָב שוין יענעם שבת דאָס טשאָלנט אין שטוב נישט געגעסן. דער טאַטע האָט מיך אַפילו געפרעגט:

— ישראל, וואָס איז געשען וואָס דו עסט נישט?...

אָבער די מאַמע האָט פאַרשטאַנען און נישט געלאָזט צופיל פרעגן, כדי נישט צו פאַרשטערן דעם שבתדיקן טיש.

— אַ מענטש איז עפּעס שטענדיק גלייך! — האָט זי אָפּגעהאַקט — מן הסתם קאָן ער נישט עסן...

נאָך מיטאָג זענען מיר אַוועק אין קינאָ — אין די מעליטערישע קאַשאַרן, מיר האָבן מיטגענומען צוויי חברטעס ראַכטשע און עטע וואַמפּאַן. מיר האָבן מורא געהאַט פאַר די זעלנער, זיי זאָלן זיך נישט טשעפּען צו אונדזערע מיידלעך; נאָר אין די קאַשאַרן האָט זיך געפונען אַ גאַרוואָלינער יינגל, שמוליק וואַדקאַ, שוין אַ קאַפּראַל, האָבן מיר זיך געפילט אַביסל פרייער. דאָס איז געווען שבת.

זונטיק איז צו מיר געקומען מאיר באַראַנאָווסקי און געזאָגט:

— ישראל, דו ווייסט אַז פרייטיק צו נאַכטס קומט פאָר אין דער „ליגע״ אַ קעסטל־אָוונט מיט חיים־דן מאַקאָטאָוו און שבת בייטאָג — אַ רעפעראַט פון הינדע בלאַס? — מדאַרף באַשטעלן און צעשיקן איינלאַדונגען. מען דאַרף שוין גיין.

אַז מאיר באַראַנאָווסקי האָט געזאָגט: „גיין!״ איז נישט געווען קיינער וואָס זאָל זאָגן: ניין...

מאָנטיק זאָגט צו מיר דער פעטער נח:

— ישראלקע, מ׳דאַרף גיין אין דער „ליגע״ מאַכן די

רעפּעטיציע פון די „צוויי קוני-לעמלס" און מען מוז פאַרשליסן דאָס צימער פאַר זייטיקע מענטשן; מען קען נישט רעפּעטירן אין די אויגן פון אַזוי פיל חברים.

דינסטיק, ווידער, האָב איך געמוזט גיין אָפּגעבן אַ באַריכט פון די געלטער פון קרן-קימת און קרן-היסוד, כ'בין דאָך געווען דער קאַסירער.

מיטוואָך זענען מיר געגאַנגען צו חיים קלעזמערס זון לערנען זיך טאַנצן. אין טאַנץ-זאַל האָבן מיר געמוזט זיך אַ אַריינגנבענען, ווייל אונדזערע עלטערן האָבן נישט מסכים געווען, אַז מיר זאָלן טאַנצן מיט מיידן. געגאַנגען זענען מיר מיט פּייטשע קירשנבוים און מרים שלאַנג — צוויי שיינע מיידלעך. איך האָב נישט מורא געהאַט פאַר מיינע עלטערן, נישט דערפאַר וואָס כ'האָב נישט געפאָלגט טאַטע-מאַמע. מיין מוטער איז געווען זייער אַ קלוגע (דער טאַטע האָט זיך נישט געמישט), זי האָט מיר געזאָגט:

כוויס, מיין קינד, די יוגנט דאַרף קענען טאַנצן, זינגען, שפּרינגען, גליטשן-זיך, רייטן אויף פערד — און אויך גיין מיט מיידלעך. אָבער איין זאַך בעט איך דיך מאַך עס, אַז אַט די לשון-הרעניצע (זי האָט מיר דורכן פענצטער אָנגעוויזן אויף אַ שכנה, וואָס איז גראָד פאַרבייגעגאַנגען) זאָל זיך נישט דערוויסן. פאַר איר האָב איך מורא מער ווי פאַר גאָט. מיט אים קאָן איך זיך דורכשמועסן, ער וועט מיך פאַרשטיין און זי — נישט.

אַ חוץ די פליכטן אירע פאַר די קינדער, פאַר דערווירט-שאַפט און קיך, האָט מיין מוטער אויך געלעכצט נאָך וויסן, נאָך קולטור. ליידער איז גאַרוואָלין נישט געווען דאָס אָרט, און ס'זענען אויך נישט געווען די מעגלעכקייטן פאַר דעם, ווי היינט דאָ אין לאַנד — אַ שאָד...

ברוך האָכבערג פלעגט אַריינקומען צו אונדז איבערחזרן זיך טעאַטער-מאָנאָלאָגן, וועלכע ער האָט באַדאַרפט שפּילן, מיין מוטער האָט ליב געהאַט זיך צוצוהערן. זי האָט אויך געהאַט גרויס פאַרגעניגן פונעם רבס שבת-תשובה דרשות, וואָס האָכבערג פלעגט נאָכזאָגן מיט גרויס טאַלאַנט.

דאָנערשטיק זענען מיר געווען צוגעסט ביי שלמה וואַסער-ניס. ער האָט געהאַט אַ ספּעציעלן צימער מיט פאַרשידענע ווורשטן און פליישן און געווען אַ מומחה אין הלכות פּרעס. ביי אים האָט „חברה" יינגלעך און מיידלעך מיט מאַנדאָלינעס פאַרברענגט ביז שפּעט אָוונט מיט געזאַנג, שפּיל און, פאַר-שטייט זיך, אויך מיט אַ גוטן קיי...

פרייטיק ווידער, ווי שוין געזאָגט, איז דאָך געווען דער פּלאַנירטער קעסטל-אָוונט. נו, האָבן מיר שוין געהאַט אַ גאַנצן אָוונט פון וואָס צו רעדן און דיסקוטירן. און יענעם שבת, ווי דערמאָנט, האָבן מיר פאַרענדיקט מיטן רעפעראַט פון הינדע בלאָס. אַ צווייט מאָל — פון זישע נאָכגעלט.

גאַרוואָלין האָט זיך געטיילט אויף דריי שטאַנדן (קלאַסן): אויף רייכע, מיטלשטאַנד און אָרעמע. אויף פּאָליטיש האָט די יוגנט זיך געטיילט אויף דריי טיילן: „אגודת-ישראל", „הפועל-המזרחי" און די „ליגע פאַר אַרבעטנדיקן א"י". געווען אויך אַ בונדישע אָרגאַניזאַציע און קאָמוניסטישע פּאַרטיי. אָבער דאָ גייט די רייד וועגן דער נאַציאָנאַל-געשטימטער יוגנט, וועלכע האָט זיך גרופּירט בעיקר אין די דערמאָנטע דריי פּאַרטייען. יעדע פּאַרטיי האָט געהאַט איר סיסמה (לאָזונג).

אגודת-ישראל: „והגית בו יומם ולילה".

הפועל-המזרחי: „תורה ועבודה".

און מיר, די „ליגע": עבודה און אויך תורה. אָבער דאָס איז שוין געווען אַ תורה פון ברייטערן פאַרנעם. אַזוי האָבן מיר געלייענט: דעם „תהילים-ייד" פון שלום אַש. דעם „מילעך-ייד" פון שלום עליכם (טביה); די „דריי מתנות" פון י. ל. פּרץ; „אהבת ציון" פון א. מפּו א"א. מיר האָבן אויך געכאַפּט אַ בליק אין „פּיטיגרילי"... געלערנט זיך אויך שפּילן — ווער פידל, ווער, מאַנדאָלין. מיר האָבן זיך אויך געלערנט טאַנצן. אָבער דאָס איז שוין געווען אַן עבירה און מיר האָבן עס געטאָן אין געהיים — אונדזערע עלטערן זאָלן זיך נישט דערוויסן.

איך דערמאָן זיך, איך האָב צוגערעדט מיין קוזין יהושע וואַמפּאַן, ער האָט געהערט צום „הפועל-המזרחי", אַז אויך ער זאָל זיך לערנען טאַנצן. ער האָט מסכים געווען, צו ליב די שוין דערמאָנטע צוויי שיינע מיידלעך, צו וועלכע ס'האָט אונדז געצויגן און וועלכע האָבן אויך דאָרט געטאַנצט.



מיין ברודער — עזור

אַז דער פאָטער זיינער, מענדל זאַמאָיסקע, האָט זיך דערוווסט פון דעם, האָט ער אים געזאָגט:

— הער זיך איין, מיין זון, כהאָב, געהערט זאָגן, אַז די לערנסט זיך טאַנצן, זאָלסטו וויסן זיין: אָדער דו גייסט מיט מיר, אָדער — מיט ישראלקען און מיט די מיידן, און דיין פוס זאָל מער מיין שוועל נישט באַטרעטן — אויב דו וועסט ווייטער גיין טאַנצן.

אָבער אַ מוטער האָט ער געהאַט, יהושע, מוז איך וועגן איר שרייבן אַ פאַר-ווערטער.

מען זאָגט, אַז אויף דער וועלט זענען פאַראַן למד-וואָוו-ניקעס, שטעל איך זיך נישט פאַר אַז, אַזאַ „געשעפּט" זאָל זיך באַגיין אָן אַ פרוי... און אויב שוין יאָ אַ פרוי — איז עס געווען, לויט מיין מיינונג, מיין מומע רבקה — יהושעס מאַמע, זי איז געווען אַן אמתע למד-וואָווניצע — אַ צדיקת.

די מומע רבקה איז געווען אַ שיינע פרוי און אַ שטאַרק-רייכע: זי האָט אַליין נישט געוווסט וויפל זי פאַרמאָגט. נישט נאָר זי האָט עס נישט געוווסט. אַ סברא אַז אויך דער פעטער מענדל האָט נישט געוווסט וויפל ער פאַרמאָגט. פונדעסטוועגן האָט זי נישט געהאַט אין זיך קיין שמץ פון גאווה. געווען אין גאַרוואָלין נאָך רייכע פרויען, אָבער אויף זיי האָסטו עס דערקאָנט — און זיי האָבן אויך געוואָלט זאָלסט עס וויסן, אַז זיי זענען רייך. אָבער קיינמאָל נישט די מומע רבקה. ביי איר אין שטוב איז געווען אַ אַלטער טאַטע, משה'לע; פינף טעכטער: מרים-פּערל, אסתר-מלכה, ראַכטשע, שיינדל און צפורה'לע און איין זון — יהושע. אַלע קינדער פלעגן ברענגען חברים און חברטעס. די שטוב איז שטענדיק געווען

אַ שיף אָן אַ רודער. דער פעטער מענדל פלעגט שטענדיק דאַרפן בעטן אָן אָרט, ווו זיך צוצוזעצן — שטענדיק איז די שטוב געווען איבערפולט פון מענטשן און דער מומען האָט עס קיינמאָל נישט אויפגערעגט.

כ׳געדענק אַזאַ פאַל. די מומע האָט מיר געגעבן אַ שטיקל קיכן אויף אַ טעלערל. כ׳ווייס נישט ווי אַזוי ס׳איז געשען — דאָס טעלערל איז מיר אַרויסגעפאַלן פון האַנט און צעשיט



מיין קוזין יוסף גורפינקל, זיין פרוי מרים מיט איר שוועסטער און אַ באַקאַנטער פון קיבוץ „החלוץ המזרחי״

זיך אויף טויזנט שטיקלעך. איך האָב געמיינט, אַז זי וועט זיכער זיך צעבייזערן — אויב שוין נישט שרייען אויף מיר, ווייל דאָס, דאַכט זיך מיר, האָט זי נישט געקאָנט. אָבער זי האָט זיך גאָר אַראָפּגעבויגן און געהאָלפן צונויפקלייבן די שפּליטערס און שערבלעך פונעם צעבראָכענעם טעלערל:

— נו שוין, שוין! — ס׳איז גאָרנישט נישט געשען...

דער פעטער מענדל האָט געהאַט פינף ברידער און דריי שוועסטער: ישראל-יהושע, אברהם, משה, יחיאל און יאָסל. די שוועסטער: מיין מאַמע, פערל-חינקע, חנה און עטל. אַלע ברידער און שוועסטער האָבן זיך ווי ס׳איז געדרייט מיט פרנסה, נאָר דער פעטער יאָסל האָט שטענדיק געאַרבעט און קיינמאָל נישט געהאַט אויף שבת.

די מומע רבקה פלעגט יעדן דאָנערשטיק נאָך מיטאָג אַרויפטראָגן אין געהיים, ס׳זאָל חלילה קיינער נישט וויסן, צו יאָסלען אין שטוב אַריין (צו איר מאַנס ברודער) פיש און פלייש און אַ פּאָר זלאָטעס — פאַרפּאַקט אַלץ אין אַ קיישל, אָוועקגעשטעלט עס אין אַ זייט, קיינער זאָל דאָס נישט באַ־מערקן. איך האָב עס אַ מאָל באַמערקט, האָב איך געזען, אַז ס׳קאָסט זי ס׳געזונט... שוין אָפּגערעדט פון דעם וואָס זי האָט געהאַלטן איר אַלטן טאַטן ווי אַ קעניג, פלעגט דאָס קלענסטע טעכטערל אין שטוב — צפורה׳לע — יעדן אָוונט אויסטאָן דעם זיידן די ווויליקעס און וואַשן אים די פיס פאַרן שלאָפן גיין. ס׳האָבן געמעגט וואַרטן אויף איר די בעסטע חברים און חברטעס — ביז זי האָט נישט דערפילט איר פליכט לגבי דעם זיידן, איז זי נישט אַרויס שפּאַצירן מיט דער „חברה״...

ווו נעמט מען היינט אַזעלכע אייניקלעך!

מיט אייביקן ווייטיק אין האַרצן פאַר די אומגעקומענע דאָרטן, אין גיהנום — און פאַר די געפאַלענע דאָ אין לאַנד, פאַרענדיק איך מיינע זכרונות וועגן גאַרוואָלין, וואָס איז מער נישטאָ.

איך וויל נאָך מזכיר זיין מיין משפחה ביי זייערע נעמען: דעם טאַטן יעקב-מנחם סוקול, די מאַמע פערל-חינקע, מיינע ברידער יוסף און שמחה מיט זייערע פרויען און קינדער — אַלע אומגעקומען ביי היטלערן הי״ד.



מרדכי גובער און זיין משפחה

מאיר בורובסקי / רמת־גן

# זכרונות

## העיירה היהודית שלי היא כיסופים לעולם שנגוז



כחלום. הקסם המיוחד של חייה, הר־חוב היהודי, בית־אבי, — עולים בזכרוני טבועים בצער וכאב על חיים שנעלמו בטרגדיה בלתי משוערת.

הצטרפותי לתנועת „פועלי־ציון" פתחה לפני עולם רחב, מלא אידיאלים שתאמו לחינוך שקיבלתי בבית וכך נסחפתי בכיוון זה ונעשיתי פעיל בתנועה. עם האחים יודקה, יחיאל קאפיטע, אליהו יעדוואַב ואחרים איר־גנו את „הספורט קלוב", בשיתוף עם קבוצת חברי „הבונד" והקומוניסטים.

הוחלט שלא נקשור את ה„קלוב" לשום גוף מפלגתי, כדי לשמור על עצמאותם הפוליטית של החברים המשתתפים בו.

כדי לממן את החזקת „הקלוב" היינו משלמים „מס־חבר". נוסף לזה אורגנו הגרלות שהכניסו לא מעט לקופת ה„קלוב" ואפשרו את קיומו.

אחרי מספר שנים של פעילות ספורטיבית מוצלחת במסגרת זו, הפרו חברי „הבונד" והקומוניסטים את החלטת היסוד וניסו לקשור את הקבוצה הספורטיבית למרכז מפלגתי. כתוצאה מכך התפרקה הקבוצה.

אולם אנחנו שלא יכולנו לוותר על פעילות ספורטיבית, רצינו להקים קבוצת „הפועל", אך המרכז בוורשה לא יכול היה לתת רשיונות לפתיחת סניפים בעיירות ולכן ייסדנו קבוצה תחת השם „מכבי". הקבוצה הזו ריכזה סביבה את רוב הנוער הציוני הסוציאליסטי שבעיירה. רצוי להזכיר את פעילותו הרבה של ליזר (לוטק) מיקובסקי שאם כי לא היה סוציאליסט תרם רבות לפיתוחה של הקבוצה והיה שותף נכבד להישגיה. ענפי הספורט בהם עסקנו היו שניים: כדורגל ופינג־פונג. ענפים אלה היו אהובים על כולם וזכו להשתתפות רבה.

בתקופה זו ניתנה למרכז „הפועל" בוורשה הרשות לפתוח סניפים נוספים וכך יכולנו להחליף את שמנו מ„מכבי" ל„ה־פועל" — שהיתה קבוצה מוכרת יותר.

בניגוד לשיאים הספורטיביים אליהם הגענו — היתה התודעה הציונית בשפל, ורק מאורעות 1929 עוררו בנו את הזיקה המחודשת לארץ ישראל שבעקבותיה ארגנו את „הליגה למען ארץ־ישראל העובדת".

הליגה אורגנה תוך קשיי מימון רבים ולכן רשמנו חברים עוד בטרם היתה קיימת, והם שלמו דמי חבר ברצון מבלי ליהנות מפעולותיה. אך הפיצוי לכך ניתן כשנאסף סכום כסף נכבד ושכרנו אולמות מפוארים בהם פתחנו רשמית את פעי־לות „הליגה למען א"י".

פעולותינו התרבותיות היו מרובות. הצטרפו אלינו חברים רבים נוספים; חידשנו את הספריה — שהיתה מהגדולות בעיירה; ערכנו הרצאות וקיימנו חוג־דרמטי בבימויו של נח מילגרום ובהדרכתו המוסיקלית של ישראל סוקול. בין השחק־נים היו גציל זילברמייל, אליהו יידוב, יהודה והירש וודקה ז"ל, וייבדלו לחיים — סרולקה הרץ, רבקה וסרניס ואלטה קליימן.

ההצגות עלו יפה והכנסותיהן איפשרו את קיום הספריה.

בין היתר היתה פעילות למען הקרן־הקיימת, קרן פא"פ וכדומה. הפעולות היו רבות אולם לא הביאונו לידי הגשמה שהיתה צריכה להיות גולת הכותרת. וכך ייסדנו עם קבוצה קטנה של חברים את „החלוץ". כדי לקבל רשיונות ליציאה להכשרה היה עלינו לשלם דמי חברות פיקטיבית, ולעורר את הרושם שאנו מונים מספר גדול של חברים, מתוך תקווה שאמנם נזכה ונצא להכשרה.

בין ראשוני חברי „החלוץ" היו: שמחה קרפמן, חווה אנגליסטר, יהודה וודקה, יחיאל קופיטה, לובסקה ואשתו (קיילה שיין) אני ואחרים. באותם ימים חיפשנו דרכים רבות ושונות כדי להגיע לארץ־ישראל. בין היתר התקשרנו עם מרכז „הפועל" בוורשה כדי שיאשרו לנו יציאה לא"י ברגל. התקשרנו גם עם הארגון קריוזפצ'ה תוך ניסיון לארגן יציאה לא"י ברגל. לתוכנית זאת הצטרפו אלינו נוסף לחברי „החלוץ", — גם מאיר קייזמן ושמואל אדרגולד.

למזלנו הגיעו רשיונות יציאה להכשרה, ממש באותם ימים, וביטלו את תכניותינו האחרות. וכך זכינו לעלות לארץ־ישראל מספר צעירים מתוך רבים ששאפו לעלות לארץ.



אבי ואמי אברהם וראזע בוראוופסקי הי"ד (את התמונה גילה אחי חיים לאחר השיחרור בעיירית אטוואצק).

# איינער פון אַ משפחה

**ס׳איז דורך קוים 31 יאָר זינט עס האָט עקזיסטירט**



און געלעבט דאָס שטעטל גאַרוואָלין און לצערינו הרב איז פון דעם קיין זכר נישט געבליבן.

„אל תסתכל בקנקן" — האָבן די חז״ל געזאָגט — געווען אַ קליין שטעטל, גאַרוואָלין, בס״ה פינף הונ־דערט משפחות בערך, אָבער דאָס זענען געווען טייערע, האַרציקע און אמתדיקע יידן, וואָס האָבן מקיים געווען די תרי״ג מצוות בשלימות — באהבה וברצון.

דאָס זענען געווען יידן על־פי־רוב חסידים, תלמידי־חכמים ויראי־שמים און אַלע אַנדערע גוטע מידות. זיי האָבן געהאַט אין זיך די מידות פון די אבות — אברהם, יצחק ויעקב — און געלעבט מיגיע־כפּיהם, געאַרבעט שווער אויף צו מאַכן פּרנסה און נישט געטראַכט פון קיין לוקסוסן; מען איז געווען אַ שמח־בחלקו.

פון מיין גאַנצער משפחה בין איך איינער נאָר געבליבן. אַזוי אויך מיין פרוי, פנינה פישמאַן. אויך זי איז פאַרבליבן נאָר איינע פון איר משפחה. מיר האָבן מער נישט אונדזערע טייערע האַרציקע עלטערן. מיין פאָטער בצלאל פישמאַן, מיין מוטער, שיינדל, מיינע ברידער: אברהם־שמואל און משה־אליהו. זיי האָבן נישט זוכה געווען צו זעען בנים ובני־בנים עוסקים בתורה ובמצוות. זיי אַלע האָבן אָפּגע־געבן זייערע יינגע לעבנס אויפן מזבח פון קידוש־השם.

מיין פאָטער ע״ה איז געווען אַ מענטש פון יושר, חכמה און יראת־שמים, ער איז געווען פון די ראַדזינער חסידים, וואָס האָבן מקיים געווען דעם דין פון פתיל־תכלת.

מיין פאָטער פלעגט פאָרן צום רבין אַ מאָל אויף שבת־נחמו און אַ מאָל צו די ערשטע סליחות. כ׳געדענק, קרוב צו מיין בר־מצווה־ווערן, האָט דער טאַטע מיך מיטגענומען צום רבין. דאָס איז געווען מיין שטאַרקסטע איבערלעבונג און דאָס גרעסטע פאַרגעניגן וואָס אַ מענטש קען האָבן אין זיין לעבן. איך געדענק אויך דעם טאַטנס תשובה אויף דער פראַגע, פאַרוואָס ער פאָרט נישט צום רבין אויך אויף אַ יום־טוב? — שבת — האָט דער טאַטע געזאָגט — איז יעדע וואָך, און יום־טוב איז נאָך איין מאָל אין יאָר... ער האָט נישט געוואָלט פאַרשטערן דעם יו״ט פאַר די בני־בית...

די מאַמע איז געווען אַ טייערע נשמה מיט פיל מידות־טובות. מיין ברודער, אברהם־שמואל, איז געווען, ווי מען זאָגט עס, צו גאָט־און צו־לייט. ער האָט עוסק בתורה געווען יום ולילה. פון אַ דעם דור האָט דער עמלק פון 20־סטן י״ה געמאַכט אַ תל. ער האָט פאַרניכטעט 6 מיליאָן יידן קדושים וטהורים. חבל על דאבדין...




מלמעלה: פייגה אנגליסטר, ח. טרוסטרמן, ראזנברג, קמינר, פלהנדלר, טרומר, רוזנברג, נחמה טננבוים, שרה בלאס, פ. גורפונקל, מיינסטר, ב. קאָס, ר. וויינבלוט, מ. פדרמן, לאה אהרונסון, זינגר, חוה פייגנבאום, רבקה יום־טוב, פ. רוזנברג, קראמאזש, חיה פייגנבאום, אסתר וויינבלום, הנדל קאָס.

# בית ר׳ אריה־לייב אהרנסון, ז״ל

ר׳ לייבל (אשערס) אהרנסון ז״ל, כאחד מאותם היהודים החסידים, תלמידי חכמים שהיינו רגילים להם בגאַרוואָלין — שימש לנו למופת בחייו כבמותו.

עוד בהיותו בעיירתו, בעת שעסק במסחר הקמח, מצא זמן ללמוד תורה — לא רק לעצמו אלא גם לאחרים. בייחוד היו משומעי לקחו מבני נוער שבמקום. רבים מאתנו החיים בארץ זכו ללמוד תורה מפיו, בזמן שהיה נותן שעורים לחובשי בית המדרש בבוקר ובערב.

היה אחד מיחידי סגולה שזכה לעלות ארצה עם רוב בני משפחתו, ולראות בתקומת מדינת ישראל. עלייתו נתאפשרה הודות לדרישה שנשלחה על־ידי בנו ר׳ יצחק, שעלה כשלוש שנים לפני־כן. הוא הגיע לארץ בתקופת חג־הפסח, תרצ״ה. בעלותו היה כבר בגיל ששים. עם זאת לא רצה להיות למעמסה לילדיו. הוא בחר להתפרנס מכל עבודה שנזדמנה לו. בתחילה השכיר עצמו כשומר בבניינים ההולכים ומוקמים בעיר, ובלבד לא להצטרך לבריות.

מאוחר יותר נתקבל כגובה בבית־הכנסת „ישורון" (זמנ־הוף) בתל־אביב והיה צריך לכתת רגליו ברחובות העיר וגם לעלות בקומות גבוהות (מעליות לא היו נפוצות אז). הוא קיבל הכל באהבה, ומתוך סיפוק, שהנה הוא מרוויח את פרנסת ביתו בכוחות עצמו. בבית־הכנסת הזה המשיך את דרך־חייו, לה היה רגיל בגאַרוואָלין. קבע עתים לתורה בבוקר ובערב — לעצמו ולרבים שנמשכו אחרי לימודו, הוא נתחבב על כולם ואף קראו לו בשם החיבה: ר׳ לייבלה.

חלק גדול מבני עירנו בארץ ראו זכות לעצמם שר׳ לייבל ישתתף בשמחות משפחתיות שלהם. היו מזמינים אותו לכיבודים שונים בתחום זה. פעם שישמש סנדק בברית־מילה, פעם אחרת כיבדוהו ב„סידור קידושין" ועוד. ואכן זו היתה התקופה המאושרת ביותר לו ולנו, בזמן שחי עמנו.

בחגים ובמועדים וכן בשבתות היינו רגילים לבוא לביקור בביתו, ונהנינו מן הנעימות וההרגשה הטובה שהיתה שרויה בבית זה ובחברתו של ר׳ לייבל. הוא היה יושב בראש השולחן ומשמיע דברי תורה וחידוד, כדרכו, או היה עובר כלאחר יד לשיחת חולין נעימה של תלמיד חכם על הוויות העולם. היה נדמה לנו שהנה אנחנו נמצאים בבית הורינו בעיירה, בתוך בני משפחתנו ורואים את אבא, אמא. כי בית ר׳ לייבל



ר׳ לייבל אהרנסון ז״ל, לעת זקנתו

אהרנסון היה בשבילנו סמל ליהדות שרשית של תורה וחסי־דות שהנחנו בעיירה מתוכה עלינו ארצה.

עם פטירתו בל׳ תשרי, תשי״ח נתייתמה לא רק משפחתו אלא נתייתמנו כולנו, בני יוצאי גאַרוואָלין. נלקח מאתנו שריד אחרון מיהדות התפארת שהיתה ואיננה עוד.

לפי צוואתו שהשאיר ביקש להביאו לקבורה בירושלים. אף כי הביע חרדה, שמא מחמת המצב, שהיה אז — לא תהיה אפשרות למלא את רצונו. אבל צוואתו נתמלאה והוא הובא לקבורה בהר־המנוחות בירושלים, בחלקת הרבנים, גם אשת־נעוריו פעריל בת ר׳ אשר פעדערמאַן שהלכה לעולמה בט״ז בכסלו תשי״ח הובאה לקבורה בסמוך לקברו. נתקיים בהם: „הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו"...

לפחות פעם אחת בשנה כשאני מזדמן לירושלים אני עולה לקברם ומתייחד עם זכרם. בשעה זו עולים בזכרוני, אותם אנשי תורה וחסידות בעירנו שלא זכו לעלות והושמדו בגיא ההריגה באירופה עד שאנחנו לא יודעים אפילו את מקום קבורתם.

כמו בחייהם, שהיו לנו סמל ומופת בהליכותיהם עם אלהים ואנשים, כך גם במותם משמש מקום קבורתם גל־עד ומצבה ליהדות שרשית שהם היו נציגיה הנאמנים ביותר.

**יחיאל רובין**

אַלטע קליינמאַן־באָראָווסקי / רמת־גן

# נישט פאַרגעסן דאָס שטעטל

## כ׳בין אין רמת־גן שוין לענגער ווי כ׳בין געווען



אין גאַרוואָלין, דאָך קען איך נישט פאַרגעסן דאָס שטעטל, ווו כ׳האָב איבערגעלאָזט מיינע טייערסטע. נישט איין מאָל זע איך זיי, ווי אויך די שכנים, ווי זיי זיצן אויף די שטיינערנע טרעפּלעך אין די הייסע זומער־שבתים און הערן זיך איין אין די זמירות, פון שעיה דעם שוחט (שאַרפּץ) און זיינע דריי זין. נישט נאָר מיר, די יידישע שכנים, נאָר אויך קריסטן האָבן נישט געקאָנט גלייכגילטיק דורכגיין די גאַס, נישט איינצוהערן זיך אין דעם שיינעם געזאַנג פון שעיה שוחט מיט זיינע זין.

כ׳דערמאָן זיך אויך אברהם יעקל מלאָטעק און זיין ווייב, חווה — צוויי אַלטע לייט, וואָס פלעגן יעדן באַגינען גיין קיין טשיסקיוו מיט פיר קאַנען, יאָ, מיט פיר קאַנען, ווייל מער ווי פיר הענט האָבן זיי נישט געהאַט, ברענגען מילך, אַז די שטאָט זאָל האָבן פרישע פּוטער, סמעטענע און די אָרעמע־לייט — „מאַשלינקע״. נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן צוריקצוקומען פון טשיסקיוו, זענען אויפן שטיין פאַר זייער הויז שוין געזעסן מענטשן פון פאַרשידענע שיכטן, אָפּהיטנדיק זייער ריי. די אַלטיטשקע האָבן נישט באַוויזן זיך אָפּצורוען און גלייך זיך גענומען דרייען די מאַשין אינעם קליינעם קעמערל.

ווער פון אונדזערע גאַרוואָלינער געדענקט נישט שלמה טאָראָנגל, ביי וועלכן די יחוסדיקע פרויען פונעם שטעטל פלעגן יעדן דאָנערשטיק ביי נאַכט זיצן שלעפּעריקע, אָפּוואַרטנדיק אים מיט זיינע פּעקלעך פון וואַרשע, כדי אויסצוקלייבן די בעסטע און שענסטע זאַכן. און דערצו האָט מען נאָך באַדאַרפט האָבן פּראָטעקציע. נישט יעדן האָט ער גע־וואָלט פאַרקויפן.

נישט איינמאָל האָבן מיר מקנא געווען יענע, וואָס האָבן געוווינט אין דער יידישער געגנט. זיי האָבן געהאַט אַ סך וואַסערטרעגערס און וועשינס. די קריסטן פון אונדזער קוואַרטאַל האָבן אַלץ געמאַכט אַליין, און צוליב עטלעכע יידישע שכנים, צווישן זיי אַ סך אָרעמע, האָט די וואַסער־טרעגערס נישט געלוינט צו קומען אין אונדזער געגנט. יעדן דאָנערשטיק פלעגט מיין מוטער מיט שרה אברהם־יעקלס, צי מיט ראַפּלאַנסקין, קוסן, אָדער מיט רייזע־לאהן, וואָס פלעגט פאַרשאַרצן די קופּקע, צו קענען הערן וואָס מען רעדט צו איר — גיין צונופנעמען אַ פּאָר זלאָטעס, אַז די אָרעמע מיט זייערע קינדער זאָלן שבת נישט בלייבן קיין הונגעריקע. דאָס אָרעמקייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט מיך אַ שכנהס אַ טאָכטער אַ מאָל אַ פרעג געטאָן: — זאָג מיר, אַלטע, ביי אייך איז דאָך אַ שטוב מיט קינדער, האָט יעדעס קינד אַ פּאָר שיך אָנצוטאָן ?... דעמאָלט האָב איך עס נישט פאַרשטאַנען, אָבער ווען כ׳בין עלטער געוואָרן, האָט עס מיר פון קאָפּ נישט געקאָנט אַרויס...

יאָ, איין וואַסערטרעגער האָבן מיר אין אונדזער געגנט יאָ געהאַט. מען פלעגט אים פאַשן מיט גוטע מאָלצייטן און רופן אים ביים יום־טובדיקן נאָמען, נאָר וואַסער האָט מען געטראָגן אַליין, ווייל גלייך האָט ער אַלץ פאַרגעסן. צוליב דעם טאַקע האָבן כמעט אַלע פון אונדזער קוואַרטאַל גענוצט וואַסער פון ברונעם נאָר פאַר טיי, פאַר אַלע אַנדערע הצטר־כותן האָבן מיר אַליין געטראָגן וואַסער פון טייך.

פאַראַן אַ סך וואָס צו שרייבן פונעם שטעטל. ווען מיין ברודער, משה גרשון, וואָלט געבליבן לעבן, וואָלט ער זיכער געשריבן מער. ער איז געווען ווייסנבערגס אַ שילער.

אַ פּאָר ווערטער וועגן מיינע עלטערן:

מיין פאָטער שטאַמט פון די וויאַטראַטשניקס. גערופן האָט מען די משפּחה וויאַטראַטשניק, ווייל די זיידעס אירע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט „וויאַטראַקעס״ (ווינטמילן) אויף צו מאָלן מעל. מיין פאָטער איז שוין געווען אַן אַרבעטער, און זייער אַ גוטער און ערלעכער מענטש. די מאַמע איז פון די טיקאָטשינסקיס. מיין זיידע איז נישט געווען רייך, ער האָט אָבער אַ סך געהאָלפן אָרעמע — און נישט שטענדיק הייסט העלפן דווקא מיט געלט...

איך וויל נאָך דערמאָנען, אַז איך טראָג אַ גרויסן ווייטיק אין האַרצן צוליבן איבערבלייבן פון מיין אומגליקלעכער שוועסטערן טאָכטער מיט די גויים אין פּוילן. פאַרשטייט זיך, וואָלט מיין שווער, אברהם באָראָווסקי, לעבנגעבליבן, וואָלט ער זיכער געראַטעוועט זי — און פיל אַנדערע אַזעלכע אומ־גליקלעכע קינדער.



יואל גאָטפריד (קראָזע) און זיין פרוי

חיים רובק / תל־אביב

# עיר מולדתי



עיר מולדתי גארוואלין, שכנה על הנהר „וילגה". על העבר ההיסטורי של העיר, שמעתי אגדות עם מפי מורי לייביש משה בעהמן ז"ל. ר' לייביש־משה סיפר שבשנת 1963 הת־חוללו קרבות עזים בין מתקוממים פולניים, בתוכם גם יהודים, לבין הצבא הרוסי הכובש אשר שכן באלכסנדרו־בקה. הקרבות ניטשו מהעיר גארוואלין, עד הכפר סולבין שלידו קיים היה בית־העלמין של יהודי גארוואלין והסביבה.

ודאי מוזר הדבר שאני מתחיל מבית־העלמין דווקא. אולם עובדה היא שמיד בכניסה לכל עיר ועיירה בפולין, הזדקר לנגד עיניך בית־העלמין, שכאילו נתכוון להזכירך את דברי עקביא בן מהללאל: „דע לאן אתה הולך"...

כידוע היתה גארוואלין עיר מחוז (פוביאט) ושיפוטה היה פרוש על כפרים ועיירות רבים. בהעדר כל תעשיה בעיר, התעסקו יהודי גארוואלין במסחר וחלק לא מבוטל מהם התפר־נסו מה„ירידים". כל יום ד' היה השוק בעיר ובשאר ימות השבוע היו נודדים לעיירות אחרות, בהן התקיימו שווקים בכדי להרוויח את פרנסתם. היו גם בעלי מלאכה לא מעטים, כמו סנדלרים, חייטים, כובענים, נפחים, עגלונים וסבלים. עבודתם לא היתה קלה ביותר ומיציאת החמה ועד שעות הערב המאוחרות היו מזיעים כדי להרוויח את לחמם בכבוד.

אשר למשמשים בקודש זוכר אני את שכננו הטוב השו"ב ר' לאזר גולדברג ז"ל, איש תמים וישר, תלמיד־חכם ובעל קול ערב שהיה עובר לפני התיבה. אחריו היה חזן, גם שמו לאזר שוחט, יהודי טוב וחייכני בעל קול בריטון חזק. אבל מכולם היה אהוב עלי קולו של הרב ר' משה רומר זצ"ל בעל צורה והדרת פנים. כשהיה ניגש בראש־השנה אל העמוד ומכסה את ראשו בטלית עם עטרת הכסף ומתחיל לזמר: „הנני העני ממעש" היה מביא את כל הקהל להתרגשות. אבי ז"ל היה אומר לי שבכוחו של הרב להפוך את ציבור המתפללים לבעלי תשובה.

בין פרנסי העיר היה גם דודי היקר ר' הירש־יוסף פרוזשניאק ז"ל. הייתי אז ילד קטן אבל קלסתר פניו נחרת במוחי, עיניו השחורות והיוקדות, קולו הרך והענוג. גדול היה בתורה ובמעשים טובים. איש תם, חסיד וירא שמים, וידו פתוחה לכל נצרך. העסקנות הציבורית גזלה הרבה מזמנו, אבל קבע גם עתים לתורה והאריך בתפילה.

הורי היקרים, אבי מרדכי־ברוך ז"ל נפטר עוד לפני המלחמה. אמי היקרה חיה רובק הי"ד, אחותי חוה עם בעלה יחיאל טייטלבום והילדים, אחותי שרה ובעלה יעקב קאוור עם ילדיהם, אחותי חנה ובעלה שמואל יקובובסקי עם ילדיהם, אחי מאיר־שלום רובק וגיסתי היקרה רבקה וילדיהם, אשתי היקרה חיה־רחל מבית אהרונסון, בתי שרהלה, בני אשר, קרובי משפחתי וקרובי משפחת אשתי — כולם הושמדו ע"י הנאצים ימ"ש. בכבשני טרבלינקה ומאידנק.

הנוער בעירנו היה תוסס וער לכל דבר, נוער תרבותי בכל המובנים, פעלו בעיר כמה מפלגות ואני השתייכתי למפלגת צ"צ־פ"צ־ימין. כשהשתחררתי מהצבא הפולני עליתי ארצה. היה גם ארגון צעירי מזרחי, נוער טוב, משכיל וחברתי והרבה מחבריו נמצאים בארץ.

כשנתקבלו בארץ הידיעות הראשונות על חורבנה של יהדות פולין נתכווץ הלב ורעד עבר בעצמותי. כשנגמרה המלחמה וכמה מניצולי העיר באו ארצה, היה ביניהם חברי הטוב יהושע קרפמן ז"ל. שאלתיו: איך התייחסו אליכם ה־פולנים? הוא סיפר לי, שבימים הראשונים לכניסתם של הנאצים עוד התחזו הפולנים כאנשים ישרים הרוצים לעזור ליהודים הנרדפים. אבל ברגע, שראו גרמני מתקרב, היו אומרים לו הנה יהודי הרוצה להתחמק מהעבודה, וזה היה מספיק. הגרמני התחיל להרביץ ליהודי מכות רצח. הנאצים ימ"ש, ידעו שהפולנים יהיו להם שותפים טובים. לא לחינם נתקבלו הנאצים בזרועות פתוחות ע"י הפולנים החצופים. אחי ואחיותי היקרים, זכור נזכור את אשר עשה לנו עמלק הנאצי ושותפו הפולני ימ"ש.

לא נשכח!

# בית המדרש בגאַרוואָלין

בית המדרש שהיה היחידי בעיירה, עמד במורד הסמטא בשם — נדבודנה, שפירושו בפולנית ע"י המים, בתוך חצר מאורכת שנתמשכה על החוף, של נהר וילגה. בחצר היו מונחות אבנים גדולות, שהיו מיועדות לשמש יסוד לבית כנסת הבנוי לבנים ושקיוו שייבנה בעתיד. בחצר הזו וסביבה, שבמר־כזה עמד בית־המדרש, התרכזו רוב המוסדות הציבוריים הי־הודיים, שבעיירה — הקהילה היהודית, בנק להלוואות של החנוונים היהודיים, השטיבעל של חסידי גור, ולהבדיל בית המרחץ, ובקצהו סמוך לנהר הנ"ל, בתי הכבוד הציבוריים.

וכשנוסד התלמוד־תורה בעיירה, שהפעילים בו שיכנו גם אותו בעזרת נשים, בצד המערבי של בית־המדרש והקולות של ילדי הת"ת ושל צבור המתפללים, יחד עם ניגון הגמרא של הצעי־רים חובשי בית המדרש, נתמזגו — ונתערבבו יחד. אנו הנוער הדתי, היינו קשורים בו באופן מיוחד, לאחר שגמרנו ללמוד ב„תלמוד־תורה" בלינו בו את רוב זמננו, בלמדנו בסוגיות שונות בש"ס, במעשים של שובבות, ובזמן היותר מאוחר, בשי־חות רעים רציניות, על רקע המצב של ההווה העגום.

יש להזכיר את הפעולה הציבורית הפילנטרופית במסגרת

של „אגודת תומכי עניים". שאנו הנערים ניהלנו אותה בתוך כתלי בית־המדרש ושמטרתה היתה לאסוף כסף ולחלקו לעניים מכובדים, אשר לא היה לפי כבודם לקבץ נדבות. הפעילות למען האגודה הנ"ל סיפקה אותנו מאד והיתה עבורנו נסיון ראשון בעבודה ארגונית וחינוכית.

בית־המדרש לא היה אף פעם ריק מאנשים. הלימוד בגמרא בליווי הניגון הידוע הרווי דביקות ועצבות, געגועים ומסתורין כמעט שנשמע בו תמיד. זכורים לי ישראלקה גוטמארק ודוד יוסף רייז, שהיו ידועים כמתמידים, שקיימו את המימרא „לעולם אל ימנע אדם את עצמו מבית המדרש". הם איחרו לשבת בבית־המדרש. יהודי העיירה ביקרו בו יום־יום, לשם תפלה בציבור. אם בבוקר השכם, בטרם הפציע השחר, קלטה אזנך קול צעדים וידעת הרי הם קוני הבקר — בכפרים שבסביבה, הממהרים למניין הראשון, בכדי שיוכלו בהקדם להתחיל בהליכתם לעבר הכפרים. אליהם הצטרפו החנוונים — שהתכוננו באותו בוקר לנסוע לורשה, לשם קניית כל מיני סחורות ומצרכים. אחריהם באו בעלי־המלאכה למי־ניהם, שפתחו בפרקי תהלים ו„מעמדות", ואחריהם הגיעו בעלי הבתים, החנוונים הגדולים שבעיירה, רובם כבר הספיקו לפתוח את חנויותיהם, והושיבו בהן את בני משפחתם. ובניגוד לקוד־מיהם בעלי המלאכה, שבגמר התפלה היו ממהרים לסדנאותיהם, ניכרת בהם הסבלנות ורחבות הדעת. היו שותים שעה אחת ואחר־כך מתפללים, וגם אחרי התפלה, עוד היו משתהים בשיחות בענייני הלכה ומדרשים, ובדברים של מה בכך. בשבתות התפללו בו סוג היהודים שנקרא בעלי הבתים של העיירה, והשכבה העממית, השו"ב ר' ישעי' שרפהארץ שהיה מחונן בקול יפה שימש בו כשליח־צבור הקבוע וגם הרב דמתא ר' משה ראמער ז"ל התפלל בו. בעיקר גדלה הצפיפות בבית־המדרש לעת „מנחה־מעריב". הסמטא שלפני בית־המדרש התעוררה אז ורבתה בה התנועה. קולות של תפלה ושיחות בעניני תורה, ולהבדיל בעניני חולין, התערבבו יחד, התפללו בכמה מנינים. וגם אחרי התפלה לא נדם השאון. רוב הקהל נשאר בביהמ"ד, התלקט לקבוצות ששוחחו והתווכחו ביניהם בכל מיני נושאים. היו כאלו שבכח אישיותם שימשו כמקור משיכה, שסביב להם התלקטו — יהודים לשמוע מאמרי פיהם. זוכרני את ר' יוסקי לייפער ז"ל יהודי נמוך־קומה, עם מצח רחב וזקן שחור ועינים יוקדות. הוא עמד תמיד במרכז של „עיגול" גדול של יהודים, שהקשיבו בענין רב למוצא פיו. הנ"ל היה ידוע כלמדן מופלג ובעל זכרון נדיר, היה כמעין הבלתי־נדלה, לכל מיני מאורעות וסיפורים על האדמו"רים וגדולי היהדות. ר' יוסקי הנ"ל היה רגיל להגיד מתוך ענוותנות: האנשים מתפלאים על זכרוני הטוב. אחרי ששומעים ממני על מה שקרה מלפני עשרות בשנים. הם שוכחים שאותם הדב־רים אני חוזר ומספר בכל עת והזדמנות. ביהמ"ד שימש גם במה לכל מיני מגידים ודרשנים, שרבים מהם — השפעתם היתה עצומה על המוני העם, ששמע אותם פעורי פה. הם ריתקו את הקהל למשך שעות, באשר ידעו, בכשרון רב, לדלות מאוצר האגדה היהודית, ולתבל דברי מוסר ותוכחה בספורים עממיים נפלאים.

בית־המדרש שימש גם במה לאסיפות מפלגתיות, ונואמים חשובים בעיקר — מצד „המזרחי", ו„אגודת ישראל" נשאו בו את דבריהם. ובו ניהלו מפלגות אלו את תעמולתן ומאבקיהן בעיקר בזמנים שלפני בחירות. בית־המדרש אף שימש מעין „מועדון" לכל השכבות המקצועיות שבצבור היהודי, כיון של־כל מקצוע היה שלחן משלו, לידו התפללו בצוותא, וגם שוחחו ודנו על עניניהם המיוחדים, ניהלו משא־ומתן. ונעשו כל מיני עסקים. ואם קרו מקרים שזיעזעו את הצבור, כגון התפר־צות־המאורעות בא"י, היה זה ביהמ"ד שאליו נזעקו ואליו נהרו, באופן ספונטאני כל האוכלוסיה היהודית. נפלה המחיצה, אנשים — מכל השכבות — נשים וטף התאספו יחד, בכדי להביע את זעמם ומחאתם החריפה נגד ממשלת המנדאט הנותנת ידה לפורעים.

בזכרוני נחרתה אסיפה מיוחדת במינה שהתקיימה בבית־המדרש. היה זה בשנות העשרים האחרונות. הרקע לכך היה המצב הכלכלי היהודי הקשה. השתתפו בה כמה מסוחרי־תבואה בעיירה, ובראשם ר' יוסף קעזמן ז"ל (שבנו פנחס נמצא אתנו בארץ). תמצית דבריהם היתה שבגלל היחס האנטישמי של השלטונות והחרם הצבורי מצידה של האוכלוסיה הפולנית, נעשה מצבם הכלכלי קשה ביותר, וארץ־ישראל נראית להם כקרן אור יחידה לעתידם ועתיד ילדיהם.

להתייעצות הזאת הזמינו את ר' מאיר בלאס ז"ל החובב ציון הידוע בעיירה, ויו"ר הסתדרות „המזרחי", שעקב אחרי הנעשה והמתרחש בארץ ושמח על כל הישג בשטח היצירה וההתישבות. ר' מאיר בלאס חי בגרבולין את האוירא הארצ־שראלית מלבד זה עמד בקשר מכתבים הדוק עם בן אחיו ר' יוסף בלאס נ"י החי איתנו בהרצליה, אשר הגשים את הרעיון הזה הלכה ולמעשה. עזב את חנותו בורשה, עלה ארצה, ונמנה אז בין מיסדי המושבה הרצליה. הסתבר שהיהודים האלו שהשתתפו בהתייעצות הנ"ל, שואפים לעליה לא"י, לא רק בתור משימה לאומית־חלוצית וכחזון לעתיד, אלא כהכרחית להם מיד, למען הצלתם הרוחנית והפיסית. ר' מאיר בלאס ז"ל תיאר בפניהם בהרחבה ובשפה ריאלית, את המציאות בארץ בכלל, והסיכויים להתפרנס מענף הפרדסנות בפרט, שאגב היה לו, בענין הזה, חשבון מפורט, לפי ההוצאה וההכנסה לכל דונאם, ואותו הציג לפני הנוכחים. ההסברים של ר' מאיר בלאס, השרו על הנוכחים, רוח של אמונה ותקווה, שעוד יראו אי"ה בתקומת ישראל ובהתגשמות של החזון — איש תחת גפנו ותחת תאנתו. זכורני שנתקבלו החלטות ותכנית מסוימת — שלצערנו לא נתגשמו.

כזה היה בית־מדרשנו בגארוואלין ואלה היו האירועים שנתרחשו בו.

**משה בורשטין**



מענדל און רחל גאָלדבערג

# אירגונים כלכליים בעיירה

כמוזכר, היתה גאַרוואָלין עיר של מלאכה ומסחר. טבעי הוא, על־כן, שנמצאו בה כמה אירגונים כלכליים ומקצועיים.

לראשונה נציין את ארגון בעלי־המלאכה („האַנטווערקער פאַריין"). זה הארגון הגדול ביותר בעיר. הוא מנה קרוב לשלש מאות חבר. תקופה קצרה שימש כותב שורות אלה, גובה המס אצל חבריו. באותו זמן עמדו בראש הארגון: חיים־דוד ברוקאַרש (חייט), אברהם וואַדקע (טפר), אברהם בורובסקי (סנדלר), ושלמה גוטפריד (חייט). תפקידיו של ארגון בעלי־המלאכה היו שניים: השגת חמרי־עבודה וציוד במחיר מוזל והגנת מעמדם של בעלי מלאכה בפני הרשות בענייני חוק ומשפט.

כידוע יצא בימים ההם חוק „צעכן־געזעץ", וכל מי שהיה בידו „תעודת אומן", היה רשאי לפתוח בית־מלאכה ולהעסיק עובדים. היות ותעודת־אומן זו יכול היה לקבל רק מי שעבר בית־ספר למלאכה וידע קרוא וכתוב — שימש תנאי זה אבן־נגף להרבה בעלי־מלאכה בפולין, שהיו על־פי־רוב מפשוטי־עם, שמעולם לא למדו קרוא וכתוב. מרכז בעלי־מלאכה שנמצא בוורשא ושבראשו עמד אז חיים רסנר השתדל שמעמדם של בעלי מלאכה ברחבי פולין לא ייפגע על־ידי חוק ה„צכים". לזה יש להוסיף כי הארגון בגאַרוואָלין דאג לחבריו, בעלי המלאכה, מיעוטי היכולת או לחולים מביניהם במידה והיו מקרים כאלה, להמציא להם עזרה וסעד.

מלבד זאת ניהלו בעלי־המלאכה בארגונם פעולות תרבות והסברה. לעתים היו אף מקיימים שיעורים בהסטוריה יהודית. אך בעיקר נערכו אסיפות־חברים לדון בבעיות מקצועיות. באסיפות אלה השתתף לפעמים בא־כוח ה„צענטראַלע" (המרכז) בוורשה.

זכור לי קוריוז מאסיפות אלה שהתקיימו בבית פרל מלכס (אלמנת ר' מלך הוכברג ז"ל) ברחוב נדבודנה, שהשכירה אחד מחדרי דירתה, לאחר פטירת בעלה. קשה היה לרכז את מספר החברים הדרוש לאסיפה.

זה שנכנס ראשון היה מציץ פנימה ושואל:

— „האם אין איש עדיין?" ובטרם עבר את מפתן הבית — הלך לו. כך עשה זה שבא אחריו וכך עשו אלה שהגיעו אחרי־כן. שאלו את השאלה הנ"ל והלכו להם...

משראיתי שאין לדבר סוף — הפצרתי באחד הבאים, שלא יעזוב את המקום, כדי שמי שיבוא אחריו ימצא כבר את רעהו, שאף הוא מחכה לאסיפה וכך יבוא השלישי והרביעי עד שיתקבצו כולם והאסיפה תתקיים. אולם לא תמיד הצלחתי לשכנע את הראשון שיחכה לשני וכך יצא שאסיפות־חברים של בעלי־מלאכה התקיימו רק לעתים רחוקות...

ראוי לציין שרובם ככולם של בעלי־המלאכה בעירנו היו יראים ושלמים ומקפידים על מצווה קלה כבחמורה. היו אף ביניהם שהיו מוחזקים כצדיקים נסתרים.

— הוא אחד מל"ו — היו אומרים על ר' „לייבישל שפרינגר" (על שום שהיה „מקפץ" בשעת אמירת „קדושה" ובתפילת „שמונה עשרה". קראו לו כך). ר' לייבישל, היה תמיד עסוק במעשי צדקה וחסד. לעתים נדירות היו מוצאים אותו יושב על שרפרף הסנדלרים שלו ועושה במלאכתו. סיפרו גם שהוא מרבה לטבול במקווה ומייחד יחודים ומתפלל לישועת ישראל, כדרכם של אנשים בעלי קבלה מעשית...

טרוד „במעשים־טובים" היה גם ר' אברהם באַראַבסקי הסנדלר, תמיד ראו אותו בתנועה ברחובות העיירה. פעם היה רץ להשיג תרופה לחולה נצרך ופעם אחרת היה מתעסק, ר"ל, ב„מת מצווה" וכד'.

בעלי־מלאכה שבעירנו היו מקיימים „מניין" משלהם לתפילה, בשבתות ובמועדים. היו ביניהם שידעו לעבור לפני התיבה, עמדתי על־כך בשמשי קורא בתורה — בבית־מדרשם הארעי, ששכן באולם ועד הקהלה. מהם אף ידעו ללמוד פרק משניות והלכה. גם „החברה תהלים" שהיתה בעיירתנו היתה ברובה מאנשי עמל־כפיים. בהיותי נער התענגתי על אמירת תהלים של בעלי־המלאכה בעירנו. נעימת אמירה זו שמורה אצלי עד היום הזה...

הסוחרים בגרוואָלין לא היו מאורגנים ביותר מה גם שמספרם לא היה גדול. מכל מקום השפעתם של אנשי־המסחר לכלכלת העיירה היתה גדולה. היו בה שתי חברות מסחריות גדולות אחת בשם: „אימפורט" (מכולת בסיטונות) ואחת ששמה „אכספורט" (מסחר סיטונאי במשקאות חריפים).

ב„אימפורט" שלטה משפחת משה־חיים פייגנבוים, בנו וחתנו יוסף בלנק, ואילו ה„אכספורט" היה משותף למשפחות מוקוטוב וקוס. היו גם סיטונאים לתבואה (קזמן) ולנפט — אהרון־לייזר פינקלשטיין ולמכולת — ר' לייבל קירשנבוים. מבין הסוחרים יצאה היוזמה להקים קופת־גמילות־חסדים מרכזית בעיר. ממנה נעזרו רבים מהסוחרים הזעירים ובעלי הדוכנים שהיו לווים סכומים ללא רבית לקניית סחורה, כדי למכרה ברווח כלשהו. את ההלוואה הוו מחזירים בתשלומים לשעורין.

מקור כספי בו נעזרה העיירה בכלכלתה היה הבנק הקואופרטיבי שבראשו עמד ר' יעקב פייגנבוים. קראו לו גם „יענקל פוליציאַנט", מהזמן ששימש במיליציה בשעת האוקופציה הגרמנית. אדם נעים הליכות וחייכני היה ולזאת בעל־מוח חריף. אמרו עליו שזכר את כל ה„בוכהלטריה" של הבנק בעל־פה. אלא כדי שאפשר יהיה לבדוק אם הכל מתנהל כשורה היו מצויים שם גם פנקסי חשבונות שנוהלו ע"י בנו מאיר פייגנבוים החי עמנו בישראל, ומשמש מנהל סניף בנק של בל"ל.

**ב. ש.**

# די האַנטווערקער

**דער גאַרוואָלינער האַנטווערקער־פאַראיין איז** געגרינדעט געוואָרן אין דער צייט, ווען פוילן האָט אָנגענומען דעם עקזאַמען־געזעץ פאַר האַנטווערקער, לויט וועלכן יעדער בעל־מלאכה האָט געמוזט דורכמאַכן אַן עקזאַמען, בכדי צו באַקומען די א"ג האַנטווערקער־קאַרטע. אָרגאַניזירט דעם האַנטווערקער־פאַראיין האָט ר' בונם גרינפּאַס און אונטער זיין פירערשאַפט אין דער פאַראיין אָנערקענט געוואָרן דורך דער מאַכט.

דאָס גאַרוואָלינער האַנטווערקערטום איז באַשטאַנען פון 40% פון דער אַלגעמיינער צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג. דער פאַכן־צוזאַמענשטעל: שניידער, שוסטער, קאַמאַשן־מאַכער, היטל־מאַכער, טישלער, בלעכער, זייגער־מאַכער א״א. דער גרעסטער טייל זייערער איז באַשטאַנען פון יידן, וועלכע זענען יעדן פרימאָרגן געווען פון די ערשטע אין שול צו דאַווענען שחרית בציבור. אַזוי אויך צו מנחה־מעריב. זיי פלעגן מיט דורשט זיך צוהערן צו יעדן תורה־וואָרט פון אַ מגיד, אָדער משולח פון אַ ישיבה.

כ׳געדענק, און כ׳וויל דאָס אונטערשטרייכן, אַז אין די יומא דפגראס ווי פורים, חול־המועד, אָדער ט׳ באב, ווען דער האַנדל איז געווען טעטיק און די געשעפטן — אָפן, האָבן זיי אַרומגעשפּאַצירט איבערן מאַרק און נישט געאַרבעט. זיי האָבן זיך באַטייליקט אַקטיוו אין אַלע יידישע אינסטיטוציעס, ווי עזרת החולים, חברה קדישא א״א און געווען גרייט, ווען מ׳האָט עס באַדאַרפט, צו טאָן זייער פליכט צו יעדער צייט, הגם זיי האָבן מיט גרויס מי און שווערער פּראַצע געצויגן זייער חיונה פון אַרבעט. איך מיין, אַז כ׳וועל דערפילן אַ מאָראַלישן חוב, אויב כ׳וועל דערמאָנען, לפחות, צוויי פון זיי — ר׳ אברהם באַראַווסקי און ר׳ לייבוש פלאָם — „הראשונים היוצאים לפני המחנה״... נאָך איין חברה וויל איך דערמאָנען — די חברה תהילים — אין וועלכער דער רוב איז באַשטאַנען פון האַנטווערקער. יעדן שבת און יום־טוב 6 פרי פלעגן זיי קומען אין שול זאָלן תהילים בציבור. זיי האָבן געהאַט זייער אייגן ווינקל אין ארון־קודש, ווו ס׳זענען געלעגן זייערע באַזונדערע תהילימלעך. פון יעדן תהילימל האָט מיט גאָלד־אותיות אַראָפּגעלויכטן דער נאָמען פון איינעם פון די מיטגלידער פון דער חברה. דער גבאי זייערער, ר׳ יונה סאָקאָלאָווער, האָט די תהילימלעך פאַרטיילט און שפּעטער זיי צוריק איינגעזאַמלט אויף זייער שטענדיקן פּלאַץ — אין ארון־קודש.

נאָכן תהילים פלעגט ר׳ יונה אָפט מיטנעמען דעם עולם צו זיך אויף קאַווע. איין מאָל אין יאָר, שבועות, אין דער יאָרצייט פון דוד המלך ע״ה האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט אין שול נאָך מיטאָג, און נאָכן פאַרענדיקן גאַנץ תהילים זענען זיי אַוועק טרינקען אַ גלאָז ביר בצוותא.

זיי זענען געווען אַקטיוו אויך אין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. געווען פאַרטראַטן אין דער קהילה און אין שטאָטראַט. ווי דער „לשון־המאזניים״ צווישן די פּאָליטישע פּאַרטייען, איז זיי נישט איין מאָל אויסגעקומען צו פאַרנעמען דעם פאָרזיץ אין דער קהילה. אַזוי איז דער פאָרזיצער פון דער לעצטער קהילה געווען זייער חבר און מיטגליד ר׳ יאָסל האָפּנבערג.

שרייבנדיק די דאָזיקע שורות דערמאָנען זיך מיר די וואַרעמע שילדערונגען פונעם גרויסן יידישן שרייבער ז. שניאור פון יידישע בעל־מלאכהס, וואָס האָבן זיך אָפט אַפילו בלא־יודעים מוסר־נפש געווען פאַר אַ יידישן ענין אָדער אינסטיטוציע. געווען צווישן זיי גבורים וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט יעדן מין כוליגאַניזם און כוליגאַנעס. אָבער כלפּי דער רשעות פון די נאַציס זענען אויך די גבורים געווען מאַכטלאָז.

יזכרם ה׳ לטובה עם כל קדושי ישראל שנפלו על קדושת־השם וינקום את דמם.

מ. ר.



האנטווערקער פאריין אין גארוואלין

יהודה רובין / רמת־גן

# אַ פאַרשטערטער שמחת־תורה

אַלס יינגל פלעג איך מיטגיין מיטן טאַטן צום



דאַווענען אין גערער שטיבל. איין מאָל אין אַ שמיני־עצרת, צווישן שחרית און מוסף האָט אַ יינגל געבראַכט די ביטערע בשורה אַז פנחס טובה לאהס (ווישניעווסקי) איז נפטר גע־וואָרן. כ׳געדענק נישט ווי לאַנג ער איז קראַנק געווען, דאַכט זיך, נאָר אַ פּאָר טעג.

פנחס איז געווען מיין פאַטערס אַ ידיד־נפש, זיי האָבן צוזאַמען געלערנט אַ שיעור; ער איז געווען פון די חשו־בע גערער־חסידים און אַ ייד אַ למדן. פאַרשטענדלעך, אַז די בשורה האָט געטראָפן אַלעמען ווי אַ דונער.

אין בית־המדרש, בשכנות פון שטיבל האָט מען שוין געדאַווענט מוסף. פון די פענצטער פון דער מזרח־וואַנט, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט צו דער קהילה, האָט מען תמיד געזען דאָס טהרה־ברעט, אָנגעלענט אין וואַנט פון דער קהילה־שטוב; דאָס האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף אַלעמען, באַזונדערס אויף אונדז קינדער. דאָס מאָל האָבן די מתפללים באַמערקט ווי יעקב ישראל דער קברן נעמט דאָס ברעט אויפן קאָפּ און ווערט נעלם...

מ׳האָט אָנגעהויבן זיך סודען און טרעפן ווער ס׳איז געשטאָרבן דווקא אין שמחת־תורה.

דער קלאַנג האָט זיך שנעל צעטראָגן איבערן שטעטל און מ׳האָט שוין געוווּסט, אַז די לוויה וועט דורכגעפירט ווערן נאָך היינט פאַר הקפות. די חסידים אין שטיבל און מיין פאָטער בתוכם האָבן זיך צוגעאיילט מיטן פראַווען די פאַרשטערטע יום־טוב־סעודה און אַוועק אין הויז פונעם נפטר. דאָרט האָבן זיך שוין פאַרזאַמלט פיל מענטשן.

ר׳ חברה־קדישא האָט זיך שוין געפּאַרעט אַרום דעם מת. ר׳ זלמן יאָסל און ר׳ אברהם סאָקאָלאָווער האָבן עוסק געווען אין עבודת־מצווה און צוגעלאָזט צום נפטר בלויז יחידי־סגולה.

דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען באַהערשט פון טרויער, און די גויים האָבן נייגעריק געקוקט אויף די פאַרזאַמלטע מאַסן יידן און געהאַט שאַדנפרייד פונעם פאַרשטערטן יידישן שמחת־תורה. די לוויה איז אַרויס צווישן מנחה־מעריב און די גאַנצע שטאָט, קליין און גרויס איז נאָכגעגאַנגען נאָכן אָרון. דער טרויער איז געווען אַן איינגעהאַלטענער, אַ טיפער אינערלעכער טרויער אינעם לבוש פון אַ יום־טובדיקן פּאַראַד.

ביי דער בריק זענען דער אָרון מיטן נפטר און אַ היפּשער עולם נעלם געוואָרן (דער בית־עולם האָט זיך געפונען פיר קילאָמעטער ווייט פון שטאָט).

דאָס שטיבל האָט געוואַרט ביז שפּעט, ביז די חסידים מיט די יתומים זענען צוריקגעקומען פון דער לוויה. מ׳האָט זיך געשטעלט דאַווענען מעריב, געטיילט הקפות און אפילו געטאַנצט „שישו ושמחו בשמחת־תורה". מיר, קינדער, זענען געשטאַנען פאַרטראַכטע און מיט רחמנות געקוקט אויף די צוויי יתומים, וואָס זענען געזעסן אין אַ ווינקל און געכליפּעט. פלוצעם איז ר׳ יעקב הערש, מיט דער רויטער, לאַנגער באָרד צו צו די יתומים און מיט אַ האַלב־פאַרשטיקט קול גע־זאָגט זיי:

קינדער! מען טאָר היינט נישט וויינען! ס׳איז יום־טוב, ס׳איז שמחת־תורה!..

טראָץ דעם, איז משה טוביהס „אתה הראיתה", נחמן ישראל־לייבס טיילן די הקפות און ר׳ יעקב הערשס לייענען אין ספר נישט געווען ווי שטענדיק — דער טרויער האָט זיך אַריינגעריסן אין די פריילעכע שמחת־תורה־ניגונים.

דער ערשטער קדיש פון די קליינע יתומים האָט אַלעמען גערירט, באַזונדערס אונדז קינדער...

מיט דער דערמאָנונג: „אַ פאַרשטערטער שמחת־תורה", בין איך אויסן צו שטעלן אַ באַשיידענע מצבה דעם טייערן ייד, ר׳ פנחס ווישניעווסקי, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ סך מעלות־טובות און מיך תמיד געמוסרט. ער האָט געלעבט אין צניעות אויך אין מאַטעריעלן זין און איז פאַר דער צייט נפטר געוואָרן.

ת.נ.צ.ב.ה

**חנה הערמאַנאָוויטש** / קבוץ רמת השופט

# זכרונות וועגן גאַרוואָלין

**אין מיינע זכרונות וועל איך זיך באַמיען אַרויסצו־**ברענגען בלויז אייניקע דערינערונגען פון מיין היים.

מיינע עלטערן האָבן געהאַט 8 קינדער: 4 זין און 4 טעכטער. ווי זייער פרומע מענטשען, האָבן זיי אונדז דערצויגן אין שטרענג־רעליגיעזן גייסט. באַזונדערס שטרענג זענען זיי געווען צו אונדז, טעכטער. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיידלעך דאַרף מען האַלטן „אונטער דער מזוזה", נישט לערנען זיי שרייבן און לייענען, נישט לאָזן זיי אַרומגיין אין גאַס; מיט איין וואָרט, מען דאַרף זיי שטאַרק אָפּהיטן, אַז ס'זאָל חס וחלילה נישט פּאַסירן מיט זיי עפּעס שלעכטס. פאַרשטייט זיך, אַז נייען האָבן מיר אַלע געקענט. מיר האָבן



מיין מוטער יוכבד־אסתר

עס געלערנט פון דער פריער קינדהייט ביי אונדזער מוטער, איטה אסתר די נייטאָרין, וועלכע האָט גענייט וועש פאַרן גאַנצן שטעטל יידן און קריסטן. די עלטערע פון אונדז האָבן נאָך געדענקט, ווען די מאַמע האָט גענייט מיטן האַנט.

מיט דעם מיין איך צו זאָגן, אַז אונדזער לעבן איז נישט געווען צו לייכט.

פונדעסטוועגן געדענקט זיך, אַז גאַרוואָלין איז אויך געווען, לפחות פאַר אונדז קינדער, אַ היימלעך שטעטל. כוואָלט געזאָגט, אפשר, אויך אַ פריילעך שטעטל. געווען אין דעם פאַרשידענע טיפּן, „דזשיוואַקעס", אָדער ווי מען רופט עס אין ישראל יוצא דופנס, וואָס האָבן אַריינגעברענגט הייטערקייט אין אונדזער איינטאָניק, אומעטיק לעבן.

הינטער אונדזער פענצטער, פלעגן די וואַסערטרעגערס האָבן אַ מין אָפּרו־סטאַציע. נאָכן אָפּטראָגן אַ פינף־זעקס מאָל וואַסער, פלעגט מען זיך אַוועקזעצן הינטער אונדזער פענצטער, כדי איבערצוכאַפּן ס'האַרץ מיט אַ שטיקל ברויט מיט קעז, מיט אַ ציבעלע, וואָס זיי האָבן שטענדיק געטראָגן מיט זיך און כדי צו פאַרענדיקן מיט די „דינטוירעס", קעגנזייטיקע טענות און סכסוכים, וואָס זיי האָבן שטענדיק געהאַט צווישן זיך לרוב.

בעתן צעטראָגן דאָס וואַסער אין די שטובן אַריין, פלעגן זיי גיין אין צווייען. צוזאַמען האָט מען געקאָנט דורכ־רעדן די געשעענישן פון טאָג; די לאַגע אין „פּאַך" — ווער ביי וועמען ס'האָט צוגענומען אַ באַלעבאָס אָדער באַלע־באָסטע. אין צווייען האָט מען אויך געקאָנט כאַפּן סתם אַ שמועס און אַזוי אַרום פאַרגעסן אין דער משא, אין דער מידקייט פון דער שווערער, לאַנגווייליקער אַרבעט. צוזאַמען איז אויך די צייט פאַרגאַנגען שנעלער ווי געוויינלעך און בעיקר, ווי שוין געזאָגט, כדי צו פאַרענדיקן די דינטוירעס און קעגנזייטיקע סכסוכים.

איך וויל דאָ דערמאָנען בלויז איין עפּיזאָד.

געווען צווישן די וואַסער טרעגערס אַ פּאָרפאָלק — נתן און דינה. זיי האָבן געהאַט אַ סך קינדער און דאָס עלטסטע ייִנגל זייערס, איטשע, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו טראָגן וואַסער און סתם נישט געוואָלט פאָלגן און העלפן דער משפחה.

אין מאָל, בעת זייערס אַן אָפּרו הינטער אונדזער פענצטער, האָב איך אונטערגעהערט ווי די מוטער האָט אים געדראָט:

—געדענק, איטשע, כ'וועל דיך דערהרגענען! נאָר שפּעטער זאָלסטו נישט בייז זיין אויף מיר...

צו דעם עלנט, איינטאָניקייט און גרויקייט פונעם לעבן אין אונדזער שטוב איז נאָך צוגעקומען די אייביקע מורא פאַר די שכנים — די פּוילישע אַנטיסעמיטן. מיר האָבן שטענדיק מורא געהאַט אַרויסצוגיין פון שטוב. איין שכן — וואַכאָוויטש — אַ גאָר גרויסער אַנטיסעמיט און שיכור האָט אַנגעוואָרפן אויף אונדז אַ באַזונדערן פחד. אָבער דאָס אַלץ — די אָרעמקייט, פרומקייט און אייביקע שרעק — זענען געווען, אַזוי צו זאָגן, אונדזערע וואָכעדיקע טעג. אַנדערש זענען געווען די שבתים און יום־טובים.

איך בין נאָך אַלץ אונטערן איינדרוק פון מיינע עלטערנס שבתים און יום־טובים. די קינדער זענען אַלע געווען אָנ־געטאָן שבתדיק. אויף שבת איז געוואָרן צוגעגרייט פון כל־טוב. דער טיש געגרייט שיין, אַ ווייס טישטעך, שיינע בענטשליכט. דאָס גוטע פּנים פון מיין מוטער האָט געלויכטן מיט אַלע חנ'ען פון אַ „יידישער מאַמען" און דער טאַטע — אויסגעטאָן פון וואָכעדיקע זאָרגן — האָט זיך אַנטפּלעקט אין זיין גאַנצער יידישער גוטסקייט. זיינע מילדע אויגן, דער צאַרטער גלעט פון זיין פאָטערלעכער האַנט האָט אונדז קינדער אַנגעפילט מיט אַ וואַרעמען שטראָם, פאַר וועלכן עס פעלן מיר אויס ווערטער. מיר, די קינדער, האָבן אָנגעהויבן ליב האָבן איינס־ס'אַנדערע און אַלע צוזאַמען — די עלטערן.

דאָס אָוועקזעצן זיך צוזאַמען מיט די עלטערן צום שבתדיקן טיש איז פאַר אונדז, קינדער, געווען נישט קיין געוויינלעכע איבערלעבונג. פאַר מיר איז עס געווען דער שענסטער און הייליקסטער מאָמענט אין לעבן.

אַרבעטן האָב איך אָנגעהויבן צו 10 יאָר. ביי אונדז אין שטוב האָט זיך געפירט, אַז ווען אַ שוועסטער האָט חתונה געהאַט, האָט די יינגערע באַלד נאָך איר איבערגענומען די אַרבעט. אמת, איך בין קיינמאָל נישט געווען רויק, דער געדאַנק, אַז אין קאָן נישט לייענען און שרייבן האָט מיך געמאַטערט. אַז כ׳האָב געפרעגט מיין מוטער וועגן תכלית און אויסגעדריקט מיין אומרו און בושה פאַרן נישט קאָנען לייענען און שרייבן, האָט זי געזאָגט:

— זאָרג זיך נישט, מיין קינד. דו ביסט קענעהאָרע אויסגעוואָקסן שיין. איך האָף, אַז דו וועסט קריגן אַ חתן פון גאַרוואָלין, איז צו וועמען וועסטו דאַרפן שרייבן?

כ׳האָב זיך פונדעסטוועגן יאָ אָנגעהויבן לערנען, נאָר אין געהיים, מיינע עלטערן זאָלן זיך נישט דערוויסן. אָבער דאָס איז שוין אַן ענין פאַר זיך...

מיין מוטער האָט געהאָפט, אַז צו זעכצן יאָר וועט זי מיר לאָזן רעדן אַ גוטן לייטישן שידוך. אָבער צו מיינע זעכצן יאָר האָב איך שוין געהאַט געפונען מיין באַשערטן אין קולטור־פאַראיין. פאַרשטייט זיך, אַז די עלטערן זענען געווען קעגן דעם, „ווייל — האָבן זיי געטענהט — אין קול־טור־פאַראיין זענען אַלע בחורים אפיקורסים״... און מיר דווקא האָט דער קולטור־פאַריין אויסגעזען אַ גן־עדן. כ׳געדענק נאָך די רעפעראַטן, פאַרלעזונגען, דיסקוסיעס און קעסטל־אָוונטן, וואָס זענען דאָרט אָפּגעהאַלטן געוואָרן. געווען אויך אַ טעאַטער־גרופּע. קיין שום פּאָליטישע אַרבעט איז דאָרט נישט געפירט געוואָרן. געגרינדעט דעם קולטור־פאַראיין האָט אַ גרופּע אומפּאַרטייִשע יוגנט צו וועלכער ס׳האָבן געהערט: יאַנקל וואַלדבוים, אהרון גראָספעלד, שמחה הערמאַנאָוויטש, הינדע בלאָס, זישא נאַכגעלט, משה לאַנדאַן א״א.

בכלל האָט דאָס קאַפּיטל „גאַרוואָלינער קולטור־פאַר־איין״ זיך פאַרקריצט אין מיין זכרון מיט אַ יוגנטלעכער פרישקייט, זאָרגלאָזיקייט און תמיד יום־טובדיקער שטימונג. אָבער צו יענער צייט האָבן מיר שוין פאַרלאָזן אונדזער שטעטל אויף שטענדיק.

ס׳איז שווער משלים צו זיין מיטן פאַקט, אַז די דאָזיקע האַרציקע תמימות איז פאַרשוווּנדן אויף אייביק.

# ילד שעשועים (דיוקן)

נער כבן 15. קצת גבוה מגילו. בלונדי ופיאותיו מסולסלות ומוסתרות מאחורי אזניו. אפו שרוע קצת למעלה. מחייך ומלבב בחיצוניותו ובהליכותיו.

אחד מהדור של חובשי בית המדרש שיצאו מ„תלמוד תורה״ ונכנסו ללמוד בבית המדרש. ילד כשרוני היה והצטיין בלימודיו בתלמוד, כשנתיים למד בישיבה בורשה אח״כ חזר לעיירה והצטרף לארגון הנוער האגודאי — „פרחי אגודת ישראל״. פעיל היה ומלא מרץ. הצטיין במיוחד בציור אותיות וקישוטן, כל השולחנות בבית המדרש היו מלאים ציורים מעשה ידיו. בשנה האחרונה לפני נסיעתי לארץ עשינו נסיון ראשון בארגון „צעירי אגודת ישראל״ להוציא ירחון בשם „אונזער אורגאַן״ בכוחות עצמיים והוא לקח על עצמו את התפקיד לצייר ולקשט את השער של העיתון וגם את כל הכותרות של המאמרים. עבודתו היתה יפה להפליא ומלאת טעם.

מוצאו מבית אמיד. אביו היה מהסוחרים המצליחים ובעלי מעוף במסחר, אבל לא בלט כבן תורה. יהודי עסקן ופעיל בחברות ציבוריות בעיר. הנער יכול היה למצוא תעסוקה בח־נות אביו כאחיו הגדול ממנו, אבל הוא העדיף את לימוד התורה על עיסוק במסחר והצטרף לחובשי בית המדרש ובילה ימיו בין לומדי התורה ובזה היה כעין יוצא דופן במשפחתו. אביו לא היה מחסידי גור אבל הנער היה מתפלל בשבתות בבית התפילה של חסידי גור. איך הוא הגיע לכך? הסיבה היתה נעוצה בדבקותו בחסידי גור. הוא היה אחד מחניכיו של חתנו של שלמה ידווב, סוחר עורות בעיירתנו, יקותיאל שטוק מורשה, אברך חסיד מופלג ותלמיד חכם. במשך השנים שבילה בבית חותנו אסף סביבו כמ ה נערים צעירים וחינך אותם לתורה וחסידות. חינוכו השפיע בהצלחה גדולה על הנער הזה והוא התמיד בדרך זו גם אחרי השתקעותו של יקותיאל בווארשה.

היה לו כשרון גדול לדרשנות והיה דורש ברבים כמו דרשן זקן ורגיל. מדי פעם, כשמצב הרוח בארגונו היה עליז, היינו מבקשים ממנו לדרוש לשם שעשוע, והוא היה מפליא את כולם בדרשותיו היפות שהיו מבוססות על פרשת השבוע או על איזשהו מאמר בתלמוד. ניחן היה בלב טוב ורחום. תמיד מוכן לעזור ליהודים העניים, שהיו מצויים תמיד בבית המדרש אשר נדדו מעיר לעיר לקבץ נדבות.

נזכר אנוכי במקרה אחד אופייני לגביו. ישבנו פעם בבית המדרש קבוצת בחורים סביב ליהודי זקן אחד תלמיד חכם ונשוא פנים שישב אתנו וספר לנו באריכות על נדודיו וגם השמיע כל מיני חידות ומדרשי פליאה. פתאם אמר: „אוי כמה אני צמא, הייתי שותה עכשיו ברצון כוס תה״. כולנו שמענו את מבוקשתו בחצי אוזן ולא שמנו לב לדבריו. וכי מניין ניקח לו תה בבית המדרש. הבחורון שלנו שמע את הדברים יחד אתנו. אולם כפי הנראה נכנסו הדברים עמוק לליבו, בלי אומר קם והלך לו. אחר כרבע שעה חזר ופניו מחייכות מאוזן לאוזן בידיו נשא מגש קטן ועליו קומקום מלא תה עם כוס וכמה עוגיות ובשמחה גדולה הגיש לאורח להחיות את נפשו. כזה היה אופיו של הילד היקר הזה.

אחרי שעליתי ארצה עמדתי איתו בקשרי מכתבים. הוא היה כותב לי וליחיאל מהנעשה והנשמע בארגוננו ובעיירה בכלל. מכתביו היו כתובים יפה ומלאים בפסוקי תנ״ך ומאמרי חז״ל שהנעימו מאד הקריאה בהם. אחר־כך השתתק ולא ידוע לי גורלו. יכול אני לומר שהוא היה הנער הנחמד ביותר שהכרתי בבית המדרש.

אכן על הנער הזה ועל עוד נערי ישראל שנספו בגולה אפשר לומר את הפסוק של הנביא ירמיהו אשר אמנם הוא פסוק נחמה אולם לדאבוננו נהפך לקינה בתקופתנו תקופת השואה „הבן יקיר לי אפרים, אם ילד שעשועים, כי מדי דברי בו זכר אזכרנו עוד״.

תנוח על משכבך בשלום, חברי ונערי היקר — מנדלי קירשענבוים.

**אהרון אגמון** (אנגליסטר)

אסתר טרוסטערמאַן־זילבערמאַן / תל־אביב

# דאָס פשעכאָדניע געסל...

## אַן רחמנות האָבן די נאַצישע רוצחים פאַרניכטעט



די יידישע באַפעלקערונג פון אונדזער שטעטל גאַרוואָלין. עס שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן דאָס „פשעכאָדניע" — געסל — דאָרט, ווו מיינע עלטערן האָבן געוווינט. דאָ איז געוועזן דער צענטער פון יידישן לעבן — דער אַזוי גערופענער יידישער קוואַרטאַל. דאָ איז געשטאַנען די שול און, להבדיל, די מקווה. אויך די יידישע אָרגאַניזאַציעס, ווי „מזרחי" און די „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן א"י" האָבן זיך דאָ געפונען. דאָ האָט די יידישע יוגנט געטרוימט וועגן אַ בעסערן מאָרגן...

עס דערמאָנט זיך מיר דער קיבוץ אין גאַרוואָלין. די יידישע יוגנט, וואָס אַ טייל זיינער האָט זיך אָפּגעריסן פון וואַרעמע, ליכטיקע היימען, פלעגט אויספירן אַלע שווערע אַרבעטן מיט ליבשאַפט און געזאַנג. זיי, די חלוצים, האָבן געלעבט מיט דער איינציקער האָפענונג צו קומען קיין ארץ־ישראל, העלפן בויען דאָס לאַנד — די צוקונפט פאַרן יידישן פאָלק. אין די אָוונטן, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, האָבן די חברים לייבל טרוסטערמאַן, הערשל לייפער א"אנד געלערנט די חלוצים עברית. נאָך דער לעקציע, פלעגט „חברה" זיך צעטאַנצן, טראָץ דעם, וואָס נישט איינמאָל זענען זיי געגאַנגען שלאָפן הונגעריקע...

אַז איך דערמאָן זיך אין אונדזער טייך „ווילגע", דערזע איך גלייך די וואַסערמיל מיט דער „לאַווע", איבער וועלכער מיר, קינדער, און דערוואַקסענע פלעגן אַריבערגיין אויף דער אַנדערער זייט טייך, פון וואַנען ס'האָבן זיך געצויגן די פעלדער צו די דערפער „טשיסקיוו" און „טשיסקיווקע". פון דאָרט איז מען שוין צוגעקומען קיין „גערקע", ביי דער סטאַציע „רודאַ טאַלאָווסקאַ", צום געבורט־דאָרף פון מיין פאָטער, משה גערקער.

אין גערקע האָבן פון דור־דורות געוווינט עטלעכע יידישע משפחות. דורך גערקע פלעגן דורכגיין אָרעמעלייט און הענדלער, וואָס האָבן געזוכט זייער פרנסה אין די דערפער פון דער געגנט. די אָרטיקע גערקער יידן פלעגן אויפנעמען די דאָזיקע עלנטע וואַנדערער בסבר פנים יפות, אַ גוט וואָרט, אַ ביסל וואַרעמס, מיט אַ נאַכטלעגער. די אָרעמע „לייפער" פלעגן האַנדלען אויפן דאָרף אַ פעלעכל, אַ קערץ תבואה, אַ קעלבל — און גיין ווייטער.

איך געדענק מיין באָבע שאָשע ווי זי פלעגט מקבל פנים זיין די אורחים. ביי דער באָבען האָבן די מענטשן זיך אָנגענומען מיט כוח, כדי צו מאָרגנס, נאָכן איבערנעכטיקן ווייטער קאָנען וואַנדערן אויף זייערע עלנטע וועגן, ווו זיי האָבן געהאָפט צו געפינען זייער אָרעם שטיקל־ברויט... כ'האָב אַמאָל געפרעגט דער באָבען, הלמאי זי שטייט אויף אַזוי פרי ווען אַלע שלאָפן נאָך?

— קינד מיינס — האָט די באָבע געזאָגט — היינט איז דינסטיק. היינט וועלן דורכגיין אַ סך אָרעמעלייט. כ'האָב שוין אָפּגעקאָכט עסן פאַר זיי...

די באָבע שאָשע איז געווען אַ טייערע נשמה. טראָץ דעם וואָס זי איז אַ סך יאָרן געווען אַן אלמנה, געווען פאַרנומען מיט דער ווירטשאַפט, האָט זי נאָך אַלץ געפונען צייט און כוח אויף צו העלפן, אָרעמע, נויטבאַדערפטיקע מענטשן.

אַזעלכע זענען געווען אויך די אַנדערע יידן פון דאָרף, אויף וועלכע היטלער האָט גוזר־כרת געווען און זיי אומגעברענגעט אין זיינע קאַלכאָויוונס. הי"ד.



מיין פאַמיליע אין גאַרוואָלין

רבקה פּערקאַל־לעווין / מאָנטרעאַל

# אַ דערמאָנונג

**געווען איז עס אין דער צייט פון דער ערשטער** וועלט־מלחמה, אין יאָר 1916, בעת דער דייטשער אָקופּאַציע פון פּוילן. די דייטשן האָבן ארויסגעגעבן א באַפעל, לויט וועלכן אַלע בירגער האָבן געמוזט אַרויסנעמען פּעסער. און די פּעסער האָבן געדאַרפט זיין פאַרזען מיט פאָטאָגראַפיעס. דאָס מוזן זיך לאָזן פאָטאָגראַפירן האָט ביי יידן אַרויסגערופן אַ טומל. דער פאַנאַטיזם איז געווען גרויס און אַ סך יידן האָבן עס געהאַלט פאַר אַן עבירה. — אַ קליינינקייט — האָט מען געטענהט — אַראָפּנעמען די צורה פון דער שכינה... ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן. אלע וועלכע האָבן לויטן געזעץ געמוזט האָבן פּעסער, האָבן זיך אויך געמוזט לאָזן פאָטאָגראַפירן.

דאָס עצם־ פאָטאָגראַפירן האָבן דורכגעפירט די דייטשן אַליין, לויטן מעטאָד זייערן פון „סעלעקציע" — באַזונדער יידן, באַזונדער קריסטן, און די יידן האָבן זיי גערופן דווקא אום שבת.

שבת אין דער פרי, ווען יידן, געוויינלעך, גייען צום דאַוונען, האָבן זיי דאָס מאָל געמוזט גיין זיך פאָטאָגראַפירן, אַ טאָפּלטע עבירה: „לא תעשה לך פסל", מיט אַ צולייג פון חילול־שבת. ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן.

פאָטאָגראַפירט האָט מען גרופּנווייז, צו 30—40 מאַן אין אַ גרופּע.

כגעדענק ווי מענטשן האָבן אויסגעזען ביים פאָטאָגראַפירן... ס'איז געווען אַ שרעק זיי אָנצוקוקן. זיי האָבן אויסגעזען ווי געפאַנגענע. ערגער איז געווען לאחר המעשה.

אַ היים איז מען שוין נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן ווי ס'וואָלט זיי ווער נאָכגעיאָגט.

מילא, די פאָטאָגראַפיר־גזירה איז נאָך געווען צום איבערטראָגן. הגם דאָס פאָטאָגראַפירן גופא האָט נישט געדויערט צו לאַנג, איז אָבער דאָס גרייטן זיך, דאָס אויסשטעלן זיך אין ריי געווען אַ שווערע איבערלעבונג.

אָבער נישט לאַנג נאָך דעם האָבן די דייטשן צוגעטראַכט אַ נייע גזירה און די דאָזיקע נייע גזירה — געדענק איך — האָט שוין אין גאַנצן דערשלאָגן דאָס ביסל יידן אין שטעטל. די נייע גזירה האָט געצוווּנגען די יידן אָפן צו האַלטן די געוועלבער אום שבת. דער מאָטיוו: אַזוי ווי מען קען נישט האַלטן געשלאָסן די געוועלבער צוויי טעג אין וואָך און זונטיק איז דאָך אַ רעגירונגס־יום־טוב, אין וועלכן די געוועלבער זענען געשלאָסן, מוזן דערפאַר אַלע געוועלבער שבת זיין אָפן.

דאָס האָט געווירקט ווי אַ דונער. וואָס אין שטעטל האָט זיך אָפּגעטאָן, איז שווער צו באַשרייבן. עס זענען אַוועק דעלעגאַציעס צום בירגערמייסטער מיט בקשות, ער זאָל די גזירה צוריקציען, אָבער אומזיסט. ס'האָבן נישט געהאָלפן, נישט קיין בקשות, נישט קיין טרערן. יידן האָבן נעבעך געמוזט עפענען די געוועלבער.

פאַרשטייט זיך אַז געשיקט עפענען די געוועלבער האָט מען די פרויען. קיין שום סוחר האָט זיך אום שבת נישט געוויזן אין זיין געוועלב. אָנשטאָט גיין צום דאַוונען אויסגעפּוצטע אין שבתדיקע בגדים און שייטלען, אויסגעטאָענע פון יעדן עול פון וואָכעדיקייט, פלעגן די ווייבער, נעבעך, מוזן גיין אין די געוועלבער און אָפּשטיין דאָרט אַ גאַנצן שבתדיקן טאָג. צי קען זיך ווער פאָרשטעלן דעם צער אין זייערע הערצער און נשמות?

דעם ערשטן שבת בין איך דורכגעגאַנגען דעם מאַרק, כדי צו זען דאָס בייז־ווונדער פון דער נאָענט. חיה פּערל מאַטלס האָט שטייענדיק אין געוועלב אויסגעזען ווי זי וואָלט געשטאַנען פאַר אַ בר־מינן פון אַ נאָענטן. איר פּנים האָט אויסגעדריקט גרענעצלאָזן צער און טרויער. דאָס אייגענע האָב איך געזען אין צווייטן געוועלב פון פאָריע הערש־וואָלפס. זי האָט זיך כסדר געווישט מיטן פאַרטעך די טרערן. אַזוי אויך — פריווע און שרה־גיטל יונתנס, רבקה ישראל־לייבס — אַנגליסטער, דוכט זיך האָט מען זי גערופן, און אַלע אַנדערע.

פון דער גזירה האָבן געליטן נישט בלויז די געוועלבסלייט, נאָר בוכשטעבלעך דאָס גאַנצע שטעטל. — עפּעס א קליינינקייט: אַזאַ חילול־שבת — האָבן יידן גערעדט מיט שרעק. זיי האָבן גערעדט וועגן דייטש ווי וועגן אַ נייעם עמלק, נאָך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיי האָבן נאָך נישט געוווּסט דעמאָלט, אַז דער זעלבער עמלק וועט מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער אויף אַ שוידערליכען אופן אומברענגען פיזיש דאָס גאַנצע שטעטל יידן: אנשים, נשים וטף — הי"ד.

רחל מילער / פאַריז

# זכרונות

יעדעס מאָל ווען איך זעץ זיך אַוועק שרייבן וועגן אונדזער נישט פאַרגעסן שטעטעלע, גאַרוואָלין, שטייט אויף פאַר מיינע אויגן מיין יונג לעבן. ווי שיין איז דעמאָלט געווען דאָס לעבן פון דער יוגנט אין גאַרוואָלין! דערפאַר אָבער ווען איך טראַכט וואָס איז פון דעם אַלעם געוואָרן, ווערט מיין האַרץ אָנגעפילט מיט טרויער אָן אַ סוף! אַזוי למשל בין איך געבליבן איינע אַליין פון אַ גרויסע פאַמיליע. געווען ביי אונדז אַ באַשיידענע שטוב. מיינע עלטערן, גוטע און שטילע אַרבעטס־מענטשן. געווען זענען מיר 5 שוועסטער און 2 ברידער אַלע פאַרהייראַטע. מיינע עלטערן האָבן געהאַט 24 אייניקלעך חוץ אור־אייניקלעך. פון דעם אַלעם בין איך געבליבן אַליין. אויך מיין מאַן, אליהו מילער, אַ זון פון דוד שניידער פון גאַרוואָלין, מיט מיין טייערן זון זענען אומגעקומען אין די דייטשע לאַגערן! אויך די פאַמיליע פון מיין מאַנס צד, די גאַנצע פאַמיליע פון דוד שניידער איז אומגעקומען. קיין איינער איז פון זיי נישט געבליבן. פינסטער איז מיין לעבן שוין 28 יאָר! אַ שוידער גייט מיר דורך דורך די ביינער ווען איך דערמאָן זיך וואָס איך בין דורכגעגאַנגען בעת איך האָב געוואַנדערט וואָכן לאַנג מיט מיין קינד, זיך אויסבאַהאַלטן אין די דערפער אַרום פאַריז, מיט דער האָפענונג אפשר וועט געשען אַ נס און איך וועל ראַטעווען מיין קינד! צום סוף בין איך געווען געצוווּנגען איבער צו געבן מיין קינד צו די הייליקע שוועסטער אין אַ קירכע. אָבער קיין שום נס איז נישט געשען און מיין קינד איז אומגעקומען אין יאָר 1942. איך בין געווען געצווּנגען יעדן טאָג זיך צו מעלדן אין דער פּאָליציי, יעדן טאָג איבערצולעבן די שרעק טאָמער וועט מען אין מיר דערקאָנען אַז איך בין אַ יידיש־קינד. אַזוי האָב איך געלעבט גאָר אַ לאַנגע צייט אין פּחד און אין שרעק פאַרן טויט! איך קען נישט לעבן מער! געבליבן איז מיר בלויז די פאָטאָגראַפיעס פון מיין מאַן און פון מיין זון. זיץ איך שטענדיק און קוק אויף זיי און באַוויין זייער אומקום, טעג און נעכט הער איך נישט אויף וויינען אויף זייער פאַרשניטן לעבן! און ווען די אויגן ווערן אויסגעטריקנט פון טרערן און איך קען נישט וויינען מער, וויינט דאָס האַרץ אין דער שטיל. דאַכט מיר אַז אַזוי וועל איך שוין וויינען ביזן סוף פון מיין לעבן!



אליהו מילער און זיין זון

---

מרדכי ראָטמאַן

# דער אָנהייב פון חורבן

דער ערשטער גרוס פון חורבן גאַרוואָלין נאָוועמבער 1939. (די שוואַרצע בראָשור פון פוילישן אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז).

נאָכדעם ווי פראַנקרייך איז פאַרנומען געוואָרן דורך די היטלעראָווצעס, פאַרבינדן מיר זיך ווידער מיט אונדזערע פאַמיליעס, אָבער זיי זענען שוין נישט צוזאַמען. פייגעלעס עלטערן זענען אין זשעליכאָוו, מיין פאַמיליע אין פּאָריסאָוו. די גאַרוואָלינער אין פּאַריז שיקן הילף זייערע משפּחות אין פאָרם פון שפּייז־פּעקלעך. דער צוזאמענטרעף איז ביי מאנעס ראַפּאָפּאָרט. אין צוזאַמענטרעף נעמען אָנטייל חוה ראָטשטיין, מיין פרוי, טעמאַ קויפמאַן, שרה פרידמן און אַנדערע. נאָך אונדזער אַרעסט ווערט אַלץ איבערגעריסן. דער לעצטער גרוס פון דער וואַרשעווער פּאָסט איז געווען אין יולי 1942.

יהודה רובין / רמת־גן

# הבית״ר בגארוואלין

הבית״ר בגאַרוואלין נוסד בערך בשנת תר״ץ (1930) ופעל עד תרצ״ט (1939) שנת פרוץ מלחמת העולם השנייה.

במשך שנות קיומו הראשונות עד עלייתו ארצה נשמר בזכרוני אחד האירועים המרשימים של ארגון זה בעירנו, היה זה כינוס אזורי של בית״ר. משלחות וקבוצות ביתרי״ם הגיעו לעיירתנו מכל הסביבה. הכינוס עצמו היה צריך להתקיים בכ׳ בתמוז ביום ששי בשבוע. הוקם מחנה אהלים במתכונת צבאית, כשבמרכזו המפקדה עם דגל תכלת־לבן שהתנופף ברוח על התורן המיוחד לכך. הכל התכוונו לקראת המיצעד שעבר ברחובות העיר. בראשו הלכה תזמורת של מכבי־אש ואחריה צעדו בסך משתתפי הכנוס עם הרבה דגלים לאומיים. המיצעד שהתנהל בפיקודו של נח רעפלאנסקי עשה רושם עז אל כל תושבי העיירה, שראו בצועדים מעין „צבא יהודי״.

מאידך, עורר המיצעד המרשים את זעמם של ה„גויים״ בעיירה ונציגיהם האנטישמיים שישבו בעירייה הביאו את העניין לדיון במועצת העיר. הייתכן — הם טענו — צבא יהודי בתוככי עיר שרובה פולנים ? !...

הגויים בשלהם והיהודים בשלהם. במשך השבת ביקרה כמעט כל העיירה במחנה שהקימו הביתרי״ם ורחב ועלץ לבם.

הבית״ר בגארוואלין משך לשרותיו מספר מועט של צעי־רים שקודם־לכן לא השתייכו לשום ארגון בעיירה. פעולותיו היו מצומצמות אך תמיד מלוות בטקסים רועשים.

שניים מחברי הבית״ר זכו בדרך „בלתי ליגאלית״ להגיע לארץ־ישראל.

אחד מהם בערל קעזמאן מספר על־כך :

עזבתי את גארוואלין בפברואר 1939, לאחר תקופה ארוכה שביליתי בקיבוץ־הכשרה של בית״ר בלוצק. בדרך־לא־דרך, עם חבורה שלימה של „בלתי־ליגאליים״ עלינו על אניית מעפילים יוונית „קרפ״. אחרי טלטולים של עשרה ימים הגענו לחוף נתניה, בחשכת הלילה. חלק מנוסעי־האנייה חזרו ללב־ים, בגלל המשמר הבריטי, שהשגיח בנו בחוף. הפלגנו, ואני בתוכם, לאי כרתים. רב־החובל שירד מאנייה שתה לשכרה ומשחזר להשיט את האנייה העלה אותה על שרטון. סמוך לכך התחילה האנייה לשקוע בים וכמעט שטבענו במצולותיו. למזלנו באה לקראתנו אֲנייה יוונית אחרת ששמה „קאטינה״. גם בה היו מעפילים. כמה ימים לפני־כן עזרנו לאנייה זו באספקת מזון. בדלית־ברירה עלינו על אנייה זו, שהצפיפות והדוחק בה היו גדולים מאד. הפלגנו שוב לעבר חוף נתניה. כמו בפעם הקודמת הצלחנו להוריד חלק מן הנוסעים ולברוח שוב ללב־ים. רק אחרי ארבעה חדשים של מירדף ובריחה מעיני המשמר הבריטי הגענו בסוף מאי 1939 לחיפה. המשטרה הבריטית הגיעה לאנייה בסירות משמר עם מזון ומיצרכים אחרים בכוונה לשלחנו בחזרה. במחאה לכך זרקנו את כל האוכל שהוגש לנו לים והתחלנו בצום. בית״רי אחד שעשע אותנו בנגינה ובחר במנגינת „כל נדריי״. זה שימש אות לאנשים אשר בחוף, כי לפניהם עולים יהודים הנמצאים בצרה. מיד התארגנה הפגנת



**לוטעק מיקאַווסקי ז״ל**
מראשי הבית״ר בגאַרוואַלין

נשים שהחלו לידות אבנים במשטרה הבריטית. לבסוף הורידו אותנו על־יד חוף „שמן״ ולקחו אותנו למאסר במחנה „קורדני״. במקום הזה שהינו כארבעה שבועות עד ששיחררו אותנו, לאחר שניכו מספר סרטיפיקטים שבידי הסוכנות.

גם פינחס קעזמאן הגיע כמעט באותה דרך אך בהצלחת יתר.



מיסדי הבית״ר בגארוואלין היו : קלעפפיש, לוטעק מיקובסקי, יהושע ראפּאפּאָרט, חנוך־הענעך רעפלאנסקי ועוד.

קלעפפיש ומיקובסקי אף ניצלו מן השואה והיגרו לאוס־טראליה. לוטעק מיקובסקי נפטר לפני שנתיים במלבורן.

אחרי השואה הגיע לישראל הענעך רעפלאנסקי.

בארכיון ז׳אבאָטינסקי בתל־אביב נמצאת תמונה של קורס למדריכי בית״ר ובה נראים בערל קעזמאן ולוטעק מיקובסקי. זהו הזכר היחיד מהבית״ר בעירנו.

זישע נאַכגעלט (רמת־השרון)

# בלעטלעך פון מיינע זכרונות

## אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון גאַרוואָלין האָט

אין יאָר 1927 פּאַסירט אַ זאַך וואָס האָט אויפגערודערט נישט בלויז אונדזער שטעטל, נאָר אויך די גאַנצע סביבה אַרום גאַרוואָלין. אויך די יידישע פּרעסע: „היינט", „מאָמענט" און „פאָלקס־צייטונג" האָבן געדרוקט גרעסערע באַריכטן וועגן דער דאָזיקער געשעעניש. די צענטראַל־קאָמיטעטן פון די יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם ענין. דער צענטראַל קאָמיטעט פון „בונד" האָט מיד ווי אַן עד־ראיה אַרויסגערופן קיין וואַרשע אויף אויפקלער־רונגען. ס'האָט געהאַלטן שוין ביי אַן אינטערווענץ אין אינערן־מיניסטעריום. אַזוי ווי אָבער אַלץ האָט זיך געענדיקט בכי־טוב, איז צו קיין אינטערווענץ נישט דערגאַנגען.

אָבער איידער איך גיי דערציילן וועגן דעם בפּרוטרוט, איז כדאי צו געבן אַן איבערבליק וועגן פּאָליטישן מצב אין פּוילן פון יענער צייט. דאָס וועט קלאָר מאַכן דעם רקע אויף וועלכן די דאָזיקע־געשעעניש האָט זיך אָפּגעשטעלט.

ביז מאַי 1926 — ביז דער פּילסודסקי־איבערקערעניש — האָט די גרעסטע השפּעה אויפן פּאָליטישן לעבן אין פּוילן געהאַט די ענדעציע. די השפּעה פון די לינקע גרופּירונגען, פּ.פּ.ס. און די לינקע פּויערן־פּאַרטיי, איז געווען אַ מינימאַלע. דער קלער צוזאַמען מיט דער ענדעציע האָבן באַהערשט די מערהייט פון דער פּוילישער באַפעלקערונג און געווען אויך אַ מערהייט אין סיים. דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך געשטאַרקט און אַנטי־יידישע עקסצעסן זענען געוואָרן אַ טאָגטעגלעכע דערשיינונג. דערפאַר האָט די מאַי־איבערקערעניש אין איר אָנהייב אַריינגעבראַכט געוויסע פאַרלייכטערונגען, אויפגע־וועקט האָפענונגען, בפרט ביי אַ טייל פון דער יידישער באַפעל־קערונג. איז זי דאָך געווען געווענדעט בעיקר קעגן דער אַלגעמיינער רעאַקציע, וואָס אירע וואָרט־זאָגער זענען געווען די ענדעקעס...

נאָך דעם ווי פּרעזידענט וואָיטשעכאָווסקי ווערט גע־צוווּנגען צו דעמיסיאָנירן גלייך נאָך דער „באַגעגעניש אויף דער בריק" (געמיינט די דראַמאַטיש־היסטאָרישע באַגעגעניש זיינע מיט פּילסודסקין אויף דער פּאָניאַטאָווסקי־בריק), גרינדעט פּילסודסקי אַ נייע פּאַרטיי מיטן נאָמען „סאַנאַציע", דאָס האָט באַדאַרפט הייסן, אַז די נייע פּאַרטיי וועט סאַנירן די פּאָליטישע פאַרהעלטענישן אין לאַנד. דאָס שוואַכט באַ־דייטנדיק אָפּ די ענדעציע און וועקט אויף ווי געזאָגט נייע האָפענונגען ביים פּוילישן פאָלק. אויך אויף דער יידישער גאַס הייבן אָן בלאָזן פרישע ווינטן...

די מאַי־איבערקערעניש האָט אויך געהאַט אַן איינפלוס אויפן מוניציפּאַלן לעבן אין אונדזער שטאָט. ביזן יאָר 1927 איז צו די שטאָטראַט־וואַלן אין גאַרוואָלין נישט דערשינען מער ווי איין קאַנדידאַטן־ליסטע — די ליסטע פון די ענדעקעס. קיין שום אַנדער פּאַרטיי איז ביי אונדז אין שטאָט קיין מאָל נישט אַרויסגעטראָטן זעלבשטענדיק צו די וואַלן. אויף דער יידישער גאַס פלעגן בלויז „אגודת־ישראל" און די האַנט־ווערקער אַרויסשטעלן אייגענע ליסטעס. ביז 1927 וואָגט נישט די יידישע יוגנט אַרויסצוקומען מיט אַן אייגענער ליסטע. אָבער אין יאָר בלויז נאָך דער מאַי־איבערקערעניש קומט שוין צו טיפע־ענדערונגען סיי אויף דער פּוילישער און סיי אויף דער יידישער גאַס. אין יענעם יאָר קומט שוין אַרויס מיט איר באַזונדערער ליסטע אויך די סאַנאַציע און — צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער יידישער יוגנט אין גאַרוואָלין — אויךביידע יידישע פּאַרטייען: דער „בונד" און די „פּוע"צ" — יעדע מיט איר אייגענער ליסטע.

דער שרייבער פון די שורות איז געווען דער קאַנדידאַט פון „בונד" און אברהם ריבינגער, אַ לערער פון דער פאָוושעכ־נער שול, פירער פון „פּוע"צ" אין שטעטל — דער קאַנדידאַט פון „פּועלי־ציון". די וואַלן זענען פאַרגעקומען, אויב כ'מאַך קיין טעות נישט, אין יוני. לויטן געזעץ האָט מען באַדאַרפט אויס־ווילן 12 ראַטמענער. ליסטעס זענען געווען 2 פּוילישע (די ענדעקישע און סאַנאַטאָרישע) און 4 יידישע („בונד", „פּוע"צ", „אגודת־ישראל און האַנטווערקער). דער רעזולטאַט: די ענ־דעקעס האָבן דורכגעפירט 6 מאַנדאַטן, די סאַנאַציע — 2 און די 4 יידישע ליסטעס צו איין מאַנדאַט יעדע ליסטע. די צוויי קאַנדידאַטן פון דער סאַנאַציע זענען געווען ליבעראַלע קריסטן. איינער — אַ הויכער באַאַמטער פון „ווידזשיאַל־פּאָוויאַטאָווי" און דער צווייטער — דער רייכער גאַרוואָלינער קריסט, יאַן רענקאָווסק — אַ שטאַרק־ליבעראַלער מענטש. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון גאַרוואָלין פאַרלירט די ענדעציע איר אַבסאָלוטע הערשאַפט אין שטאָטראַט. ווי אַ רעאַקציע אויף דער מפּלה אירער, הייבט זי אויף אַ ווילדע העצע קעגן יידן.

צום שבח פון דער דעמאָלסטיקער סאַנאַציע מוז געזאָגט ווערן, אַז זייער פאַרשטייער, יאַן רענקאָווסק, שטעלט זיך באַלד אין פאַרבינדונג מיט די 4 יידישע ראַטמענער, כדי צו שאַפן מיט זיי אַ בלאָק קעגן דער ענדעציע — מיט אַן אייגע־נעם קאַנדידאַט אויף אַ בירגערמייסטער. די יידישע ראַטמענער האָבן גלייך מסכים געווען, אפילו דער אגודה־פאַרשטייער האָט זיך קיין רגע נישט געוואַקלט און גלייך צוגעשטאַנען צום בלאָק. אַזוי אַרום האָט דער שטאָטראַט זיך געשפּאָלטן אויף צוויי גלייכע העלפטן: 6 ענדעקעס און 6 דער בלאָק סאַנאַציע־יידן. אויף דער ערשטער זיצונג בין איך אַלס יינגסטער ראַטמאַן געזעסן אין פּרעזידיום. ס'איז געקומען צום פּונקט וואַלן פון אַ בירגערמייסטער און דער רעזולטאַט — העלפט אויף העלפט, ד"ה 6 שטימען פאַר די ענדעקעס און 6 — פאַרן בלאָק: סאַנאַציע־יידן. קיין איין ליסטע באַקומט נישט קיין מערהייט. לויטן געזעץ דאַרף דער סטאַראָסטע רופן אַ צווייטע זיצונג און באַנייען די אָפּשטימונג. דאָס ברענגט די ענדעקעס אַרויס פון די כלים. עס שאַפט זיך ממש אַ פּאָגראָם־שטימונג: צוליב די יידן קען די ענדעציע

נישט דורכפירן איר קאַנדידאַט אַלס בורמיסטזש. נישט די צוויי סאַנאַציע־ראַטמענער זענען שולדיק, נאָר די יידן. ביי אַזאַ מצב האָבן מיר — איך מיטן פּוע״צ־ראַטמאַן — שטאַרק מורא געקראָגן אַז דער אַגודה־ראַטמאַן זאָל זיך נישט איינ־ברעכן און שטימען מיט די ענדעקעס. אָדער אין בעסטן פאַל — נישט קומען אויף דער זיצונג, וועלן די ענדעקעס ממילא האָבן 6 קעגן 5 שטימען. צו אונדזער פרייד האָט דער פאַר־שטייער פון אגודת־ישראל זיך געהאַלטן מיט אונדז סאָלידאַר אויך אויף דער צווייטער זיצונג.

אויפן סדר־היום פון דער צווייטער זיצונג איז געשטאַ־נען נאָר איין פּונקט: וואַלן פון אַ בורמיסטזש. ס׳האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע בילד: 6 אויף 6. לויטן געזעץ איז דער סטאַראָסטע מחוייב צו רופן אַ דריטע זיצונג און אויב אויך די זיצונג פאַרענדיקט זיך מיטן זעלבן רעזולטאַט — פונאַנדערלאָזן דעם שטאָטראַט און באַשטימען נייע וואַלן, אָדער — צו נאָמינירן אַ בורמיסטזש אויף אַ יאָר צייט און ערשט שפּעטער, נאָכן יאָר, נאָך אַ מאָל דורכפירן וואַלן פון אַ בורמיסטזש ביים זעלבן צוזאַמענשטעל פון איצטיקן שטאָט־ראַט.

דערווייל האָבן זיך אָנגערוקט די זומער־פעריען און דער פאַרשטייער פון פּוע״צ, אברהם ריבינגער, איז אָפּגעפאָרן צו זיינע עלטערן קיין סטאַניסלאַוואָוו. אין איינע פון די טעג פון סוף יולי (1927) באַקום איך אַן איינלאַדונג אויף אַ זיצונג פון שטאָטראַט. די כוונה איז געווען אַ קלאָרע: פּרוּוון דורכ־זעצן אַן ענדעקישע מערהייט, בעת דער אָפּוועזנהייט פון איינעם פון די קאַנדידאַטן פון בלאָק. כדאי צו דערציילן, אַז צווישן דער צווייטער און דריטער זיצונג פּרוּווט די ענדעציע איבער־קויפן כאָטש איינעם פון די יידישע ראַטמענער. איך ווייס נישט צי איך בין געווען דער איינציקער אויף וועלכן זיי האָבן געפּרוּווט ווירקן מיט געלט נישט צו קומען אויף דער זיצונג. ווען כ׳האָב מיט פאַראַכטונג אָפּגעוואָרפן זייער פאָרשלאָג, האָבן זיי פּרובירט ווירקן אויף מיין מוטער: אפשר וועט זי באַוויזן אויסצואיבן אַ דרוק אויף מיר? דער סכום וואָס זיי האָבן איר פאָרגעלייגט איז געווען אַ קאָלאָסאַלער: 500 זל.

— מיר פאַרלאַנגען דאָך נישט פון אייער זון קיין זאַכן אומ־מעגלעכע — האָבן זיי געטענהט — מיר ווילן דאָך נישט ער זאָל שטימען פאַר אונדז! — דאָס פאַרשטייען מיר, אַז ער קען נישט; מיר ווילן בלויז ער זאָל אויף דער איינער זיצונג נישט קומען און פאַר דעם גיבן מיר אייך 500 זל...

ווען מיין מוטער האָט מיר דאָס אַלץ איבערדערציילט, געדענק איך, האָט זי צוגעגעבן: „און אפשר יאָ, מיין קינד, אפשר וואָלסטו מסכים געווען? דאָס דאָזיקע געלט וואָלט דאָך מיך געראַטעוועט אויף די עלטערע יאָרן!״... מיין מוטער האָט נישט געקאָנט תופס זיין מיין איינגעשפּאַרטקייט: „ביידע זענען דאָך גוים! —האָט זי געטענהט — סיי דער ענדעק, סיי דער פון דער סאַנאַציע; טאָ וואָס איז דיר פאַר אַ נפקא־מינה ווער עס וועט זיין בורמיסטזש?״... ס׳איז נישט געווען לייכט צו איבערצייגן מיין מוטער, אַז איך בין גערעכט: — ווער איז דיר געטרייער — האָב איך געפרעגט דער מאַמען: — די קריסטן, וואָס לייגן דיר פאַר געלט, אָדער איך, דיין זון?...

— זאָלן זיי זיין דיין כפרה — איז געווען איר תשובה — וואָס עפּעס פרעגסטו מיך אַזאַ נאַרישע קשיה?...

— אויב איך בין דיר טאַקע געטרייער, איז מסתמא פאַראַן אַ סיבה פאַרוואָס איך וויל דאָס געלט נישט נעמען... מיין מוטער איז צו מיר מער נישט צוגעשטאַנען מיט דעם פאָרשלאָג.

אויף אַ געמיינזאַמער זיצונג פון בלאָק האָב איך דערציילט וועגן פּרוּוו מצד דער ענדעציע איבערצוקויפן יידישע ראַט־מענער. דאָס האָט נאָך מער געשטאַרקט די שנאה צו זיי.

ס׳האָט זיך אונטערגערוקט די צייט פון דער דריטער זיצונג. אַזוי ווי ס׳איז געווען אַ חשד, אַז דער פריערדיקער בורמיסטזש, וואָס איז מן הדין מחוייב צו רופן די זיצונגען, האָט נישט אַרויסגעשיקט קיין איינלאַדונג דעם אָפּוועזנדיקן פאַרשטייער פון פּוע״צ, וואָס האָט זיך געפונען אין סטאַניס־לאַוואָוו, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איינער פון בלאָק זאָל פאָרן ברענגען אים צו דער זיצונג. דער גורל איז געפאַלן אויף מיר. פינאַנסירט די רייזע האָט דער ראַטמאַן יאַן רענ־קאַוועק.

איך בין אַרויסגעפאָרן באַגינען קיין וואַרשע און פון דאָרט דורך לעמבערג קיין סטאַניסלאַוואָוו. אין די אָוונט־שעהן בין איך שוין געווען אויפן אָרט. ווי נאָר מיין חבר האָט מיך דערזען, האָט ער גלייך פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז אַוודאי געשען. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט אַן איינלאַדונג יאָ באַקו־מען און וואָלט סיי ווי געווען געקומען צו דער זיצונג. דאָס האָט נישט געמינערט פון דער פרייד זיינער מיטן אומגעריכטן גאַסט. מיר האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַן אויספלוג צו די קאַר־פּאַטן־בערג און פון דאָרט זיך אומקערן קיין גאַרוואָלין צו דער זיצונג. אָבער ווי זאָגט זיך אין יידישן פאָלקס־וואָרט: „דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט״. נאָך דעם זעלבן אָוונט, ביים אָוונט־ברויט, דערהאַלט רובינגער אַ טעלעגראַמע:

„די זיצונג איז אָפּגעלייגט. נישט נייטיק איבעררייסן דעם אורלויב. וועגן נייעם טערמין וועלן מיר אייך מודיע זיין״. אונטערשריפט: יאַן רענקאַוועק.

בדיעבד זענען מיר געווען גליקלעך. אַנשטאָט צו פאָרן אויף איין טאָג, וועלן מיר פאַרברענגען אין די קאַרפּאַטן־בערג עטלעכע טעג. די שמחה איז געווען אין לשער. מיר האָבן אָפּגעגעסן אָוונט־ברויט און געמאַכט פּלענער וועגן דער פאָר־שטייענדיקער נסיעה. נאָך אַ קורצן שפּאַציר איבער דער שטאָט, זענען מיר געגאַנגען שלאָפן מיטן גוטדאַנק וועגן דער מאָרגנדיקער רייזע. אין דער פרי, זאָגט צו מיר ח׳ רובינגער:

— ח׳ נאָכגעלט, עפּעס האָב איך אַ גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט איינשלאָפן. כ׳האָב אַ חשד אַז די טעלעגראַמע איז אַ געפעלשטע, כדי מיר זאָלן נישט קומען צו דער זיצונג און אַזוי אַרום וועט זיי געלינגען דורכצופירן זייער קאַנדידאַט. מיין אינטויציע האָט מיר אונטערגעזאָגט דאָס זעלבע. מיר זענען שוין אין די קאַרפּאַטן נישט געפאָרן, נאָר דעם זעלבן אָוונט נאָך צוריקגעפאָרן קיין גאַרוואָלין.

אָנקומענדיק באַגינען אין שטעטל, האָבן מיר געטראָפן אויפן מאַרק גרופּעס יידן, וואַרטנדיקע אויף עפּעס אַ ידיעה פון אונדז. ווי גרויס איז געווען די שמחה אין שטעטל מיט אונדזער צוריקקומען! די טעלעגראַמע האָט זיך טאַקע אַרויס־געוויזן פאַר אַ געפעלשטע. יאַן רענקאַוועק האָט פון אַזאַ טעלעגראַמע נישט אָנגעהויבן צו וויסן. קלאָר, אַז זי איז גע־שיקט געוואָרן פון דער ענדעציע און ס׳איז געשען אַ נס וואָס מיר האָבן זיך געכאַפּט אויף דעם שפּיצל באַצייטנס...

אַ לענגערע צייט האָט דאָס שטעטל גערעדט וועגן דער מעשה מיט דער טעלעגראַמע און באַוווּנדערט אונדזער אָר־יענטאַציע. פרומע יידן האָבן געזען אין דעם אַן אצבע אלהים...

די שפּאַנונג אין שטעטל איז געוואַקסן, מ׳האָט געפילט אַז עפּעס גרייט זיך: אָבער וואָס האָט מען נישט געוווּסט. דעם אָוונט ווען עס האָט באַדאַרפט פאָרגעקומען די זיצונג

האָט דאָס גאַנצע שטעטל, קריסטן און יידן, זיך געזאַמלט אַרום דעם בנין פון מאַגיסטראַט. די פּאָליציי איז געשטאַנען דינסטגרייט. אין זיצונגס־זאַל האָבן זיך דעמאָלט געפונען אויסער דער אלטער בורמיסטוש, וועלכער האָט געפירט די זיצונג, — דער סטאַראָסטע, הויכע באַאַמטע פון „ווידזשאַל פּאָוויאַטאָווי", דער געריכטס־פּאָרזיצער, דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט מיט העכערע פּאָליציי־באַאַמטע און אַלע צוועלף ראַטמענער. ווי געזאָגט, בין איך אַלס יינגסטער ראַטמאַן געזעסן צוזאַמען מיטן עלטסטן ראַטמאַן און מיטן פּאָרזיצער ביים פּרעזידיום־טיש. נאָכן איבערלייענען דורך די ראַטמענער די פּאָליטישע דעקלאַראַציעס אין נאָמען פון זייערע פּאַרטייען, האָט זיך אָנגעהויבן די אָפּשטימונג. ביי אַן אויסערגעוויינלעך געשפּאַנטער שטימונג, ווי נאָר דער פּאָרזיצער באַוויזט צו מעלדן דעם רעזולטאַט: 6:6, וואָס ווייזט אַז דער שטאָטראַט אין איצטיקן צוזאַמענשטעל איז נישט מסוגל אויסצוווילן קיין בורמיסטוש, ווערט פּלוצים פינצטער אין זאַל, דער טעלעפאָן און עלעקטרע — איבערגעריסן און אַ ריזיקער המון קריסטן רייסט זיך אַריין אינעווייניק מיט ווילדע געשרייען: „שלאָגט די יידן א"א אַנטיסעמיטישע אויסרופן, וואָס פאַרהילכן דעם אַרום. פאַרשטייט זיך, אַז די זיצונג ווערט איבערגעריסן און די ראַטמענער צעלויפן זיך אין גרויס אומאָרדנונג. כ'האָב יענע נאַכט שוין נישט גענעכטיקט אין דער היים. צוויי פון די סאַנאַציע־ראַטמענער, מיט נאָך אַ געוויסער צאָל קריסטן, אָנהענגער פונעם בלאָק, האָבן מיך אַוועקגעפירט אין אַ זיכער אָרט, ווו ס'האָט נישט געדראָט קיין געפאַר פון איבערפאַלן.

צו מאָרגנס, ווי נאָר כ'בין אַרויס אין גאַס, האָט אין שטעטל געראָיעט ווי אין אַ בינשטאָק. די יידישע ראַטמענער האָבן גלייך אַרויסגעשיקט באַריכטן צו זייערע צענטראַל־קאָמיטעטן. איך, ווי שוין געזאָגט, בין אַרויס גערופן געוואָרן קיין וואַרשע צום צ.ק. פון „בונד" אויף אַ מינדלעכן באַריכט, אויסער דעם שריפטלעכן באַריכט וואָס כ'האָב גלייך נאָך דער געשעעניש אַרויסגעשיקט פאַר דער „פאָלקס־צייטונג". אַלע 4 יידישע ראַטמענער האָבן איבערגעשיקט אַזעלכע קאָרעספּאָנדענצן אין וועלכע זיי האָבן אויספירלעך געשילדערט דעם פאַרלויף פונעם אינצידענט. נאָך דעם זעלבן טאָג, ד"ה אויף צו מאָרגנס נאָך דער געשעעניש, איז אויף אַ זיצונג פונעם בלאָק באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן אַ דעלעגאַציע צום סטאַראָסטע, וואָס זאָל אים אויפמערקזאַם מאַכן אויף דער פּאָגראָם־שטימונג, וואָס הערשט אין שטאָט. מיר האָבן אויך באַשלאָסן צו פאָדערן אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל אויספאָרשן ווער עס זענען די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן איבערפאַל אויפן שטאָטראַט און אין הסכם מיטן געזעץ זיי באַשטראָפן.

ביסלעכווייז האָט די שטימונג זיך באַרויִקט. אָבער מ'האָט געלעבט אין שפּאַנונג: וואָס וועט זיין ווייטער? וואָס און ווי אַזוי וועט האַנדלען דער סטאַראָסטע? וועט ער טאַקע באַשטימען אַן אויספאָרשונג־קאָמיסיע און באַשטראָפן די איבערפאַלער? און אפשר וועט ער האַנדלען שטרענגער און איבערשיקן דעם ענין צום וואָיעוואָדע אָדער צום קרייז־געריכט, כדי צו געבן דער זאַך אַן ערנסטן כאַראַקטער — אָדער גאָר פרוון פאַרטושן דעם גאַנצן ענין, כדי נישט אויפצורייצן די געמיטער פונעם רוב קריסטן אין שטעטל, וואָס איז געשטימט ענדעקיש. אגב, וואָס וועט זיין מיטן שטאָטראַט? — וועט ער פאַנאַנדערגעלאָזן ווערן און דער סטאַראָסטע וועט באַשטימען נייע וואַלן, אָדער ער וועט נאָמינירן אַ בורמיסטוש אויף אַ יאָר — ווי ס'געזעץ זעט פאָר — און איבערלאָזן דעם זעלבן שטאָטראַט?

מיט די דאָזיקע ספקות האָבן מיר געלעבט אַ לענגערע צייט. קיינער פון אונדז האָט נישט געוווּסט וואָס דער סטאַראָסטע האָט בדעה צו טאָן...

אין אַ געוויסן טאָג האָבן זיך באַוויזן מודעות, אין וועלכע דער סטאַראָסטע מעלדעט:

„היות דער שטאָטראַט קאָן צוליב זיין צוזאַמענשטעל נישט אויסוויילן קיין בורמיסטוש, באַשטים איך אין הסכם מיטן געזעץ אַ בורמיסטוש אויף אַ יאָר צייט. און לאָז איבער דעם שטאָטראַט אין זיין איצטיקן צוזאַמענשטעל ביזן סוף פון זיין קאַדענץ".

דער נאָמינירטער בורמיסטוש איז געווען איינער פון די צוויי סאַנאַציע־ראַטמענער, נישט יאַן רענקאַוועק, נאָר דער צווייטער, דער פון „ווידזשאַל־פּאָוויאַטאָווי" (כ'האָב פאַרגעסן זיין נאָמען). פון איין זייט איז עס געווען אַ זיג פאַרן יידישן גאַרוואָלין און נקמה אין דער ענדעציע. פון דער צווייטער זייט — האָט מען שוין דעמאָלט געקענט זען די סאַנאַציע אין אַ ריכטיקן ליכט. נישט דער סטאַראָסטע און נישט די פּאָליציי האָבן פאַרפירט אַן אויספאָרשונג אַרום דעם איבערפאַל. מ'האָט דעם ענין פאַרטושט. קיינער איז נישט געוואָרן באַשטראָפט. אמת אין שטעטל איז גאָרנישט נישט געשען, די שטימונג האָט זיך באַרויִקט, אָבער דער עצם־פאַקט, וואָס קיינער איז פאַר דעם פאַרברעכן נישט באַשטראָפט געוואָרן, כאָטש אַלע האָבן געוווּסט ווער עס זענען די אָרגאַניזאַטאָרן זיינע, האָט אַרויסגערופן ביי דער יידישער באַפעלקערונג אַ געדריקטע שטימונג.

איין און פערציק יאָר זענען אַריבער זינט דאַן. איבער דער צייט זענען פאַרגאָסן געוואָרן טייכן יידיש בלוט. אַלץ איז חרוב ונחרב. נישטאָ מער דאָס גרויסע, שעפערישע פּוילישע יידנטום, חרוב ונחרב איז אונדזער יידיש גאַרוואָלין. זאָלן די שורות זיין אַ יזכור פאַר די קדושי־עירנו — גאַרוואָלין!

אלטער קליימאַן / כפר סבא

# אַמאָל איז געווען...

אַז מען כאַפּט אַ בליק אויף צוריק, אויף דעם „אַמאָל", הייבט מען אָן טראַכטן: — איז עס טאַקע געווען אַזוי ?... דאָס ראָד פון לעבן באַוועגט זיך אַזוי האַסטיק, אַזוי אויגן־שווינדלדיק, אַז עס פאַרווישן זיך די צייכנס צווישן וואָר און חלום...

אָט בין איך אין דער גרויסער סוטערין־שטוב, איינעם חדר פון משה׳לע־רבי׳לע, איך, אַ דערשראָקן שעמעוודיק קינד אין על־טער פון 3־4 יאָר, צווישן 30־40 קינדער, קליינע, פונקט ווי איך, אָבער פרעמדע... ער, משה׳לע רבי׳לע, אַ קליין יידעלע, אין דעם גרויסן קאַפּל אויפן קאָפּ און אינעם לאַנגן ברייטן טלית־קטן, האַלט אין האַנט אַ לאַנגן ביינערנעם טייטל, פאַרשפּיצט ווי אַ פייל — גלייך אין האַרצן אַריין... דאָס יינגע ווייכע הערצל צאַפּלט אויף פון דער אומהיימלעכקייט און פרעמדקייט און די אייגעלעך פונעם קינד קוועלן אָן מיט צוויי הייסע, בריענדיקע טרערלעך... אָבער די ווייכע גוטע אויגן פונעם רבי׳ן, זיין צערטלעך באַגיין זיך מיט אונדז ווירקן דערמוטיקנד, ווי ער וואָלט געזאָגט:

שרעקט זיך נישט, קינדער, ס׳איז נישט אַזוי שלעכט ווי מען מיינט; דער „שד" איז נישט אַזוי געפערלעך... און אפשר איז ער בכלל נישט פאַראַן, דער „שד"?..

נאָך אַ פּאָר מינוטן אָפּרו, רופט אונדז משה׳לע־רבי׳לע צום טיש, ווייזט אונדז אַ גרויסן טאַוול, אויף וועלכן ס׳איז אַרויפגעקלעפּט אַ פּאַפּיר מיט גרויסע פון דרוק־פּאַרב אויס־טערלישע שטעקעלעך, קעסטעלעך און שטריכעלעך... אַלץ זאַכן מיט וועלכע מיר באַגעגענען זיך צום ערשטן מאָל. משה׳לע רבי׳לע זאָגט, אַז דאָס איז דער „אַלף־בית". ער הייבט אָן מיט מיר לערנען. ער ווייזט מיר מיטן שפּיץ טייטל אויף אַ קרומלעך שטעקעלע, מיט צוויי קעפּלעך פון ביידע זייטן:

—אָט דאָס — זאָגט ער מיר — איז אַן „אַלף"... און דאָס־אָ הייזל — פאַרמאַכט פון דריי זייטן — מיטן אָפּענעם איינגאַנג פון לינקס: איז אַ „בית"... אַ גימל האָט אַן איבערגע־האַקט פיסעלע... און אַ „כף" איז טאַקע ענלעך צו אַ „בית", איז אָבער קיילעכדיק, עטוואָס געבויגן און מיט אַ דיקן בויך...

פון אָנהויב טראַכט איך: אַ מאָדנע שפּיל. כ׳וועל דאָס קיינמאָל נישט פאַרשטיין. אוממעגלעך!... אַ ביסל שפּעטער הייבט עפּעס יאָ אָן קריכן אין קאָפּ אַריין. אָבער ווען דער רבי הייבט אָן מאַכן „קונצן" און הייסט מיך זאָגן דעם אַלף־בית אויף צוריק און איבערגעהיפּערט, נישט לויטן סדר ווי די אותיות זענען געשריבן, ווער איך אין גאַנצן צעמישט. דער אַלף־בית הייבט אָן שפּרינגען פאַר מיין בליק. פון אַלע אותיות ווערט מיט אַ מאָל איין משונהדיק אות. עס ווערט מיר פּלוצעם הייס, און מיינע אויגן נעמען ווידער אָנקוועלן מיט צוויי בריענדיקע טרערן...

משה׳לע רבי׳לע באַמערקט מיין צעמישטקייט, טוט מיר אַ צערטלעכן קניפּ אין בעקל און זאָגט:

— „דו קענסט זייער גוט, נאָר גענוג אויף היינט, מען דאַרף אָפּרוען — און נישט אויסלערנען אַלץ מיט איין מאָל"...

אומקוקנדיק זיך אין חדר האָט מיין בליק זיך באַגעגנט מיט דער רביצין — אַ קליין ווייבעלע, מיט אַ לאַנגן שאַוול (לאַפּעטע) אין האַנט, וואָס זיין שפּיץ איז שוואַרץ, פאַרברענט אויפ׳ס קויל. איר פּנים — פאַרשוויצט, און ס׳זעצט דערפון אַ פּאַרע ווי פונעם גרויסן אויוון... דאָס באַקט זי אירע באַ־בעלעך... די רביצינס באַבעלעך זענען אַ געמיש פון גערשטן־מעל, אייל, וואַסער און זאַלץ, צום טעם. די פּאַרטיקע באַבעלעך צעשיקט די רביצין איבער דער שטאָט. איר טעכטערל, דאַכט זיך, פריידעלע, פאַרקויפט זיי אויף די גאַסן. זי טראָגט די באַבעלעך אין אַ בלעך, איבערגעדעקט מיט אַ טוך, כדי איינצוהאַלטן זייער וואַרעמער פרישקייט און מאַרביקייט...

....די באַבעלעך — זאָגט די רביצין — האָבן טויזנט טעמים"...

איך אַליין מיין אויך, אַז ס׳איז גאָר קיין בעסערס אויף דער וועלט נישט פאַראַן... ווער שמועסט נאָך אַז מען הייסט די רביצן אין „צוזאַמענשטעל" אַריינקלאַפּן אַן איי, איז עס דאָך אמתע מעדני מלך... די רביצין זאָגט:

...אפילו מלכים אין זייערע פּאַלאַצן, אסור, צי זיי ווייסן פון אַזאַ טעם!...

אָבער ווער קען זיך עס פאַרגונען אַזאַ אויסברענגעריי? ווער וועט עס יעדן טאָג הייסן אַריינקלאַפּן אין באַבעלע אַן איי?... אַזאַ באַבעלע קאָסט גאַנצע פינף גראַשן, בעת אָן אַן איי קאָסט עס נאָר צוויי גראַשן... און אָנעם איי — איז עס דען שלעכט? איך בין צופרידן אַז די מאַמע גיט מיר צו קויפן יעדן טאָג אַ באַבעלע פאַר אַ צווייער...

און אָט געפין איך זיך שוין ביי שמאי־מלמד אין חדר. דאָ זענען בלויז פאַראַן אַ 12—15 יינגלעך. די שטוב איז דאָ אַ ריינע. יעדן אינדערפרי, נאָך פאַר אונדזער קומען אין חדר אַריין, ווערט די פּאָדלאָגע געשייערט. ער, שמאי־מלמד אַליין, איז אָנגעטאָן ריין. די ציצית פון טלית־קטן־פאַרשטעקט אין די הויזן. און נעמט ער זיי אַמאָל אַרויס, דערזעסטו גלייך דעם בלויען פאָדעם תכלת... ער איז אַ ראַדזינער חסיד. זיין פּנים איז איינגעראַמט אין אַ בלאָנד שיטער בערדל. שיטער — אַז מען קען איבערציילן דערין יעדע האָר באַזונדער... שמאי איז אַ גרויסער פּראָדוצענט פון רויך — ער רויכערט סיגאַרעטן, איינס נאָכן צווייטן, און פון זיין מויל שפּאַרט מיט קנוילן רויך. אויך ער האַלט אין האַנט אַ ביינערן טייטל, אָבער שוין אַ קליינס, נישט ווי ביי משה׳לע רבי׳לע... דאָ, ביי שמאי־מלמד, אויב ס׳גלוסט זיך אַ יינגל נישט צו לערנען, וואַרפט אים דער מלאך דאַנדיק אַראָפּ דורכן לאָמפּ אַ צווייער. און פאַר רייכערע קינדער — אַ גאַנצן פירער, וואָס פאַר דעם קאָן מען שוין איינקויפן אַ וועלט...

אָט בין איך שוין ביי הערשל סופר. דער רבי — הערשל סופר — אַ ייד אַ הויכער, מיט אַ גאָר ברייטן שטערן און זייער אַ לאַנגע באָרד. איך האַלט אים פאַרן קלוגסטן ייד אין שטעטל, און „שטעטל" פאַרן חדר־יינגל מיינט — די וועלט. ביי אים

איז שוין פאַראַן אַ קאַנטשיק פון לעדערנע רימענס, וואָס שטעקן אַרויס פון אַ סאַרנע־פּיסל... הערשל סופר איז אָפט „מכבד" מיטן קאַנטשיק וועמען פון די תלמידים. אָבער עפּ"ר סטראַשעט ער נאָר בלויז. פאַרט אַ יידישער „גזלן"...

אָפט קומען צו ר' הערשלען יידן, ער זאָל זיי אָנשרייבן בריוו. ר' הערשל טוט עס גערן. ער, דער כתבא רבא, נעמט אַרויס אַ בייגעלע פּאַפּיר, גלייכט עס אויס, נעמט די סטאַלקע־פּעדער, פּרוווט זי אויס אויפן נאָגל, צי זי איז געזונט וויך צום שרייבן, טונקט איין די פּעדער אין טינטער מיט גרויס כוונה, נישט צופיל, עס זאָל פאַרדאַרבן, חלילה, דאָס פּאַפּיר, אויך נישט צו ווינציק — עס זאָל בלייבן מיט וואָס צו שרייבן. די לאַנגע באָרד זיינע פאַרשטעקט ער ערגעץ אין העמד, אָדער אין טלית־קטן — זי זאָל אים נישט שטערן ביים שרייבן... נאָך אָט די אַלע הכנות, הייבט ער אויף די סטאַלקע־פּעדער און ציקלט מיט איר לאַנג אין דער לופטן, דרייט מיט איר אין חלל איבערן פּאַפּיר — מעשה כישוף... ער ציקלט מיט דער פּעדער מיט אַזאַ ווירבלדיקער שנעלקייט, אַז ס'איז שווער זי צו כאַפּן מיטן אויג — און פּלוצעם ווערט געבוירן אויפן פּאַפּיר אַ גרויסער, קיילעכדיקער ב"ה, וואָס פאַרנעמט דעם אויבנאַן, ווי אַ פּאַטער־שטול. שפּעטער גייען שוין סע־ריעס פּערלדיק־געטאָקטע אותיות, און ווערטער — צעשטעלטע ווי זעלנער אין רייען...

נאָכן פאַרענדיקן דעם בריוו, הייבט זיך אָן אַ סעריע שבחים פון הכרת־טובה מצד דעם יידן, פאַר וועלכן דער בריוו איז געשריבן געוואָרן.

— ר' הערשל — זאָגט דער ייד — איר שרייבט שענער פונעם דרוק־מאַשין!...

אויך מיר די תלמידים, באַוווּנדערן דעם שיינעם בריוו און זענען מקנא דעם רבין מיט זיין פּערלדיקער האַנטשריפט. און הערשל סופר אַליין האָט הנאה, זעט אויס, אַחוץ פון די שבחים, אויך פונעם שרייבן גופא.

אָשר'ל דער בייגל־בעקער וווינט אַנטקעגן דעם חדר. דאָרט האָט ער אויך זיין בעקעריי. אין דער צווישן־צייט — צווישן דעם פאַרקנעטן אַ דייזשע און איר אויפיערן — כאַפּט זיך דערווייל אָשר'ל צו צום פענצטער צו שמועסן מיט ר' הערשלען פּאָליטיק. זיי באַוווּנדערן די יאַפּאַנטשיקעס פאַרן „נעמען" פּאָרט־אַרטור, און פאַרן „אַריבער" דעם טייך יאַלע אין מאַנדזשוריע. גאַנץ באַזונדערס איז שווער צו באַנעמען ווי אַזוי די יאַפּאַנטשיקעס איז געלונגען צו צעקלאַפּן דעם רוסישן פלאָט אונטער דער קאָמאַנדשאַפט פונעם פירשט קראַפּאָטקין. זיי שמועסן נאָך וועגן — אָבער שוין אַביסעלע שטילער — וועגן אַטענטאַט אויף סטאָליפּינען, וואָס עס האָט דורכגעפירט דער משומד באַגראָוו. זיי קוקן זיך איבער מיט גרויס זאָרג און שרעק פאַר דעם אַרויסגעזאָגטן...

— „ווער ווייסט, ר' הערשל, ווי אַזוי דאָס וועט זיך פּריער, צי שפּעטער אָפּרופן אויף יידן"...

הערשל סופר שווימט אין פּאָליטיק ווי אַ פיש. — ס'איז אַ גרויסע גזירה — זאָגט ער — וואָס יידישע יינגלעך מוזן גיין אין דער שולע לערנען רוסיש, כאָטש 4 שעה אַ וואָך נאָר בלויז, — צוויי מאָל אין וואָך צו צוויי שעה יעדעס מאָל. די גזירה איז געווען אַ פיל האַרבערע — איז ר' הערשל מסביר — נאָר אַ דאַנק דער דעלעגאַציע פון רבנים פון דער גאַנצער אימפּעריע ביים צאַר אין פּעטערבורג, מיטן קאָוונער רב, ר' יצחק אלחנן בראש איז די גזירה טיילווייז בטול געוואָרן און ס'איז געבליבן צו לערנען רוסיש בלויז 4 שעה אַ וואָך...

אָשר'ל כאַפּט זיך אַז די דייזשע האָט שוין געקענט איבעריערן...

רוסיש פלעגן מיר לערנען אין די נאָכמיטאָג שעהען, ווען די קריסטלעכע קינדער זענען שוין אין שול נישטאָ. די מלמדים מיט זייערע תלמידים פלעגן זיך צוזאַמענקומען ביי אונדזער חדר און מיט הערשל סופר בראש מאַרשירן דורך די גאַסן צו דער רוסישער „שקאָלע", ביים זאַקסישן גאָרטן. געגאַנגען זענען מיר לאַנגזאַם, צו וואָס זיך איילן?... אַז מיר זענען שוין אַריין אין „שקאָלע", האָבן ראשית די מלמדים אַראָפּגענומען די היטלען, בלייבנדיק אין די הוילע קאַפּלען... דאָרט, אין „שקאָלע" האָט אויף אונדז שוין געוואַרט דער „אוטשיטעל" (לערער), מיט זיינע גרויסע געדיכטע וואָנסעס. דער לערער איז געווען אַ פּאָליאַק, נאָר גערעדט האָט ער רוסיש. אין „שקאָלע" האָט מען נישט געטאָרט ריידן קיין פּויליש.

מיר, פאַרשטענדלעך, האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט פון דעם וואָס עס האָבן גערעדט אונדזערע מלמדים מיטן „אוטשיטעל". איך מיין אָבער, אַז אויך זיי, די מלמדים, האָבן נישט פאַרשטאַנען דעם „אוטשיטעל". זיי האָבן גערעדט צו אים אַ מאָדנע לשון: אַ געמיש פון איינצלנע רוסישע ווערטער ווי „גאָספּאָדין", „כאַראַשאָ" א"אַנד, עטוואָס פּויליש, אַ גרויסן טייל פון עפּעס אַ דייטשמעריש און — פּראָסט יידיש. אָבער די הויפּטשפּראַך זייערע איז באַשטאַנען פון רמזים... און פון וואָרפן מיט די הענט... אין צווישן האָט אויפגעבליצט אין האַנט פון איינעם פון אונדזערע מלמדים אַ זילבערן קערבל און כמעט ווי אומבאַמערקט — פאַרשוווּנדן אין האַנט פונעם „אוטשי־טעל"... זייער ריידן האָט אַזוי געדויערט איבער אַ שעה צייט.

מיר האָבן זיך דערווייל געשפּילט מיט די „לאַוועקעס" (לאַנגע שול־בענק) און טינטערס ביז אונדזער „לעקציע" האָט זיך פאַרענדיקט. — — —

כ'געדענק אויך גוט וועלוול מלמד מיט זיינע „גאָלדענע" (לייען: קינסטלערישע) הענט. וועגן אים שרייב איך באַזונדער.

אין עלטער פון 10—12 יאָר האָב איך שוין געלערנט ביי יעקב־בער מלמד. דאָרט האָט מען שוין געלערנט גמרא מיט תוספות און אויך אַ שטיקל מהרש"א. יעקב־בער האָט אויך געהאַט אַ קאַנטשיק, אָבער ער איז ביי אים געליגן אין שופ־לאָד. ביי דער רביצין, ברכה־לאה, האָט מען שוין געקאָנט קויפן אַ זויערע אוגערקע צום ברויט, וואָס מען האָט מיטגע־נומען פון דער היים אויף איבערצוכאַפּן ס'האַרץ — ביז האַלב ניין אָוונט, ווען מ'איז אַהיימגעקומען צו וועטשערע. די אוגערקעס האָבן זייער גוט געשמעקט. די רביצין פלעגט זאָגן, אַז קיינער קאָן נישט אַזוי גוט איינזייערן אוגערקעס, ווי זי.

ביי יעקב־בער מלמד איז געווען אַן עלטער מיידל, טשיזשע־רחל. זי איז געווען איבער די דרייסיק... כדי אָפּצו־לייגן אַביסל געלט אויף נדן, האָט זי צוגעהאַנדלט מיט טרי־פהנעם (אומלעגאַלן) בראַנפן. יעקב־בער פלעגט איר העלפן אין דעם שוואַרצן מסחר. אָפט פלעגן קומען אין חדר מענטשן קויפן אַ פלעשל בראַנפן און אַרויסטראָגן עס אונטער די פּאָלעס, אָדער אונטערן פאַרטעך... אַמאָל פלעגן זיי קויפן בלויז אַ גלעזל בראַנפן און אויסטרינקען עס אויפן אָרט, אין חדר. דאָס מיידל, אַמאָל אויך יעקב־בער פלעגן צעטראָגן דעם בראַנפן צו סטאַ־בילע קליענטן. מ'האָט גערן געקויפט דעם בראַנפן. ער איז געווען גוט, און באַדייטנדיק ביליקער, צוליבן אויסמיידן דעם אַפּצאָל פאַרן „אַקציז"...

איינמאָל זענען אַריין אין חדר צוויי ציווילע לייט —

שליחים פונעם אַקציז, מיט זיי איז אויך מיטגעקומען אַ „סטראַזשניק". נאָך אַ קורצן ווערטער־אויסטויש מיט אונדזער רבין און זיין טאָכטער, זענען זיי אַרויף אויפן לייטערל וואָס האָט געפירט צום בוידעם. יעקב־בער און זיין טאָכטער האָבן זיך נישט פאַרלוירן... זיי האָבן געכאַפּט אַ האַקמעסער און אַרויף נאָך די „געסט" אינעם בוידעם אַריין... איידער וואָסווען, האָבן זיי באַוויזן אָפּצושטופּן די „אורחים" פון די פולע גאָנשערס און מיטן האַקמעסער צעהאַקט זיי... דאָס האַקמעסער האָט נאָך באַוויזן מיטצוכאַפּן אַ פינגער פון איינעם פון די „געסט". צוליבן פעלן פון „זאַכלעכע" באַווייזן איז צו קיין פּראָצעס נישט געקומען. געווען בלויז אַ פּראָצעס וועגן פינגער, אָבער ער איז פאַרטושט געוואָרן מיט דער הילף פון כאַבאַר...

עס שטייען מיר נאָך בולט פאַר די אויגן די טעג, ווען גאַרוואָלין, האָט געגרינדעט איר ישיבה. איך זע נאָך די ווייבער־שול, אונטן און אויבן, פונוואַנען ס'האָט געפלייצט דער קול־התורה, דעם ערשטן ראש־ישיבה, אַ בקי און תלמיד־חכם, יאָשפע פון סעמיאַט׳טש. כ'פאַרגעדענק נאָך גוט זיינע שיעורים — אין דעם כלל: פון יע"ל קג"ם.

די ישיבה האָט קודם כל געהאַט איר מקום אין דער ווייבער־שול, אונטן; דאָרט האָט דער ראש־ישיבה געזאָגט דעם שיעור, און מיר, די תלמידים, האָבן שפּעטער ביחידות אָדער אין צווייען איבערגעחזרט אים, אין דער זעלבער ווייבער־שול. מיטן צופלוס פון תלמידים, זענען מיר אַרויף אויך אין דעם אויבערשטן טייל פון דער ווייבער־שול. מיט אונדזער אַרויפקומען אויבן האָט זיך דאָרט אַלץ איבערגעקערט: עס זענען פאַרשוווּנדן די אַלטע צעריסענע סידורים, מחזורים, חומשים און די שמות וואָס האָבן זיך דאָרט געוואַלגערט לאַנגע יאָרן, צוזאַמען מיט שטויב און שפּינגעוועבס... אַלץ איז געוואָרן געשייערט און געוואַשן מחמת כבוד התורה. מ'האָט אָנגעהויבן לערנען אין גרויסן מאַסשטאַב. אויך די קעסט־אײדעמס האָבן זיך גענומען געשמאַק צום לערנען. זיי האָבן געלערנט אין בית־המדרש. ס'איז פאַרשוווּנדן די איינזאַמקייט, און ס'איז בכלל געקומען צו אַן אויפלעבונג אין יידישן גאַרוואָלין... אַזוי האָט עס געדויערט ביזן יאָר 1914.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער רבי יאָשפע גלייך אַהיימגעפאָרן און די ישיבה איז דערווייל בטול געוואָרן. אָבער נישט אויף לאַנג. נאָך אַ צייט האָט מען זי ווידער געעפנט, אָבער שוין מיט אייגענע, אָרטיקע כוחות. די שיעורים זענען געווען פרייוויליקע, נישט קיין באַצאָלטע. עס האָבן געזאָגט שיעור: חיים־אלעזר שוחט, אהרן פּערל מאַטלס, די ברידער יעקב־שלום און פישל הערשעלעס, נחמן ישראל־לייבס און יאַנקל מאַטעסעס (מתתיהו) — אַלץ יידן בני־תורה, תלמידי־חכמים און גוטע בעלי־הסברה. אַ טייל — בעלי־הסברה בחסד עליון...

פלוצעם האָט אויף דער וואַנט פון בית־המדרש זיך „געיאַוועט" אַ שיין־פּאָלירט קעסטל, אין וועלכן ס'האָט הינטער גלאָז זיך געפינען אַ רשימה פון אַלע תלמידים. ביים נאָמען פון יעדן תלמיד איז געווען אָנגעגעבן זיין דרגא אין לערנען און אַפילו אין התנהגות... אַזוי, למשל, איז געווען פאַרצייכנט: פלוני — אלמוני: „טוב־מאוד", אָדער: „לא טוב", „לא יודע כלום" אדג"ל... דאָס האָט באַדאַרפט זיין פאַר די תלמידים אַ סטימול פאַר פלייס אין לערנען און אין דער אויפפירונג... דער חינוך־פּרינציפּ זאָגט, אַז ידיעות פון דעם מין דאַרפן זיין דער סוד פונעם לערער־פּערסאָנאַל און פון די עלטערן — און נישט צעטראָגן ווערן אין דער עפנטלעכקייט. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אַ טייל תלמידים איז דאָס געווען אַן אומגליק — אַ „פּאַטש אין פּנים", וואָס האָט זיי צעבראָכן גייסטיק און מאָראַליש.

די „חכמה" מיטן טאָוול איז געווען דער „אויפטו" פון אַבוש מרגלית. מילא ער — האָט געוואָלט זיך באַווייזן מיט זיין „קונסט", ווו איז אָבער געווען די אָנפירונג פון דער ישיבה און בכלל דער עוֹלם יידן? פאַרוואָס האָבן זיי צו דעם דערלאָזט?...

דאָס בית־המדרש איז געווען דער צענטראַלער נערוו פון שטעטל: אין בית־מדרש האָט מען געקאָנט אָפּדאַווענען ביחידות אָדער מיט אַ מנין, לערנען אַ בלאַט גמרא, מעיין זיין אין אַ ספר, אָדער אויסהערן אַ דרשה פון אַ משולח, אַמאָל — אויך אַ חזן, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אַהער פון מרחקים... דאָס בית־מדרש האָט „געפירט" די פּאָליטיק, נישט בלויז די לאָקאַלע — פונעם שטעטל, נאָר אויך פון דער גראָער וועלט.




**אַ גאַס**
**אין גאַרוואָלין**

**רעכטס: דער „פּאָוויאַט"**

דאָ האָבן זיך געשאַפן „פאַרבינדעטע" און „שונאים" צווישן פאַרשידענע מדינות; דאָ האָבן זיך געפירט מלחמות און געמאַכט שלום פון איין מדינה מיט דער צווייטער. אין גאַרוואָלין האָט מען נישט געזאָגט: בית־מדרש, נאָר מיש־מדרש"... און כשמו כן הוא... אַ געמיש פון באַלעגאָלעס, קצבים, לומדים, באַלמעלאָכעס, באַלעבאַטים — און סתם שיינע יידן...

דאָס בית־מדרש איז געווען ווי אַ מיל, וואָס מאָלט אָן אָפּרו. אויך צו שחרית פלעגן קומען גענוג יידן. איין מנין האָט געיאָגט דעם צווייטן... גאַנץ פרי פלעגן קומען אָפּדאַווענען די דאַרפסגייערס, באַלעגאָלעס א"אַנד, וואָס האָבן זיך געאײַלט צו זייערע נסיעות אָדער אויף די מערק אין די שכנותדיקע שטעט. אַביסל שפּעטער — די באַלמעלאָכעס און סוחרים פון באַזונדערע פאַכן און בראַנזשעס. אַזוי האָבן זיך געצויגן די מנינים ביזן האַלבן טאָג אַריין — איין מנין נאָכן צווייטן.

אַנדערש איז עס געווען אָוונט־צײַט, צו מנחה־מעריב. דאָ האָט מען זיך שוין נישט געאײַלט. פאַרקערט, מ'האָט געוואָלט בלייבן וואָס לענגער. און מ'איז טאַקע געבליבן, מחמת אַחוץ אַ מקום תורה ותפילה, האָט זיך דאָס בית־מדרש פאַרוואַנדלט אין אַ מין קלוב פאַר פּאָליטישע נייעסן, לאָקאַלע און אַלגעמיינע; אין אַן אָרט ווו מען האָט געקאָנט הערן אויסער אַ פיינעם שיעור, אַ גוטע דרשה — אויך אַן אַקטועלן וויץ. אין די אָוונט־שעהען איז דאָס בית־מדרש געוואָרן אויך אַ הייל־אַנשטאַלט — אַ מין סאַנאַטאָריע, ווו מ'האָט עטוואָס אָפּגערוט, אַנטשפּאַנט זיך פון די טעגלעכע זאָרגן, פונעם שווערן לעבנס־יאָך. אין בית־מדרש האָט דער ייד פאַרגעסן אַלע זיינע פּערזענלעכע ביטערנישן. דאָס אָרט פונעם פּערזענלעכן האָט דאָ פאַרנומען דער קאָלעקטיוו, דאָ האָט מען געשמועסט וועגן צרות הכלל: וועגן גזירות, פּגעים־רעים; וועגן פּורישקעוויטש, דמאָווסקין, סטאָליפּין, פּאָגראָמען. די אַלע האַרבע צרות־רבים טראָגן גלייכצייטיק אין זיך טרייסט. זיי שטאַרקן דעם בטחון.

און וועלכער ייד האָט זיך עס ניט געניטיקט אין בטחון?...

אַזוי האָט דער דאַרפסגייער אָדער מאַרק־פאָרער זיך אָנגעפּלאָגט גאַנצע טעג, אונטערגעשטופּט דעם וואָגן אין גאַס־רעגנס און אין זאַווערוכעס און אָפּט זיך אַרומגעזען, אַז ער האָט היינט נישט געלייזט אַפילו אויף צו דעקן די הוצאת־הדרך, אָפּגערעדט שוין פון אויסקויפן אַ וועקסל, באַצאָלן שכר־לימוד פאַר אַ קינד א"אַנד. געשעפטלעכע התחייבותן...

איז אַ וווּנדער אַז עס האָט דעם יידן אַזוי געצויגן אין בית־מדרש אַריין?...

...אין בית־מדרש־הויף ליגן קופּעס שטיינער — אַ זכר פון גוטע צייטן, ווען יידן האָבן זיך געגרייט אויפצובויען אַ נייע שול. „געגרייט" — אָבער נישט געבויט... דערווייל האָט שטאָט הנאה פון די שטיינער: גוים בויען־אונטער מיט זיי די פונדאַמענטן פון זייערע הייזער, ברוקירן אויס זייערע „פּאָדוואָרן"; וועשינס קלאַפּן אויס אויף זיי זייער וועש ביים טייך; יידישע ווייבער נוצן די שטיינער צום פאַרפּרעסן מיט זיי דעם איינגעזייערטן פסחדיקן באָרשט און קרויט. אין די הייסע זומער־חדשים, צווישן מנחה־מעריב, זעצן זיך יידן אויס צווישן די שטיינער און כאַפּן אַ שמועס וועגן דעם און יענעם... פונוויטנס זעט דאָס אויס ווי אין אַמפיטעאַטער. אין מיטן פון ראָד שטייט משה מאַקאָטאָוו — דער גאַרוואָלינער שלום־עליכם און שיט מיט וויצן, פון וועלכע יידן פּלאַצן פון געלעכטער... פאַרמרוזשענדיק איין אייגל, מאָלט ער טיפּן און געשטאַלטן פון וועלכע יידן זענען זיך מ... ...

אינעווייניק, אין בית־מדרש, שטייט דער פאָדריאַטשיק פונעם קאַוואַלעריע־פּאָלק, געצל פּערלשטיין און דער עולם אַרום אים קוועלט פון זיינע ספּעציפיש־עכט־רוסישע וויצן, באַפּעפערטע מיט יידישן טעם און געשמאַק... געצל רויכערט טייערע קאַפּיקאָווע סיגאַרעטן פון דער פירמע „סמערנאַ". אַריינקומענדיק אין בית־מדרש, נעמט ער אַרויס אַ סיגאַרעט און דאָס שאַכטל וואַרפט ער אַוועק אין ווינקל ביים כיור — אַ סימן, אַז עס איז ליידיק. אַזוי פלעגט ער טאָן יעדעס מאָל, ביז דער עולם האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָס טוט ער אַזוי, ווייל אַנדערש וואָלט ער געמוזט צעטיילן דאָס גאַנצע שאַכטל...

אָפּגערוקט פון זיי שטייט אפרים שוסטער — אַ הויכער, גלייכער ייד ווי אַ סאָסנע. אַרום אים שטייט אַן עולם מיט פאַרריסענע קעפּ, קוקט אים גלייך אין מויל אַריין. ער דערציילט פון זיינע איבערלעבענישן ביים רוסישן מיליטער. ער האָט געדינט 9 יאָר אַלס אונטער־אָפיציר פון דער ערשטער ראָטע. ער דערציילט כאַראַקטעריסטישע פּאַסירונגען און עפּיזאָדן פון ווייטע, עקזאָטישע מקומות אין דער רוסישער אימפּעריע: פונעם אַמאָליקן דערפל צאַריצין (דאָס היינטיקע סטאַלינגראַד); פון קאַווקאַז; פון דער פּערסישער גרענעץ. צוו. אַנד. דערציילט ער דעם עפּיזאָד פון דער בריק:

... צאַר אַלעקסאַנדער וווטאָראָי איז אַמאָל געקומען איבער־שניידן דעם באַנד איבער אַ נאָר־וואָס אויסגעענדיקטער בריק. נאָך דער צערעמאָניע פון איבערשניידן די באַנד, דרייט דער צאַר זיך אויס צום אַדיוטאַנט:

— „און איך האָב געמיינט — האָט אַלעקסאַנדער וווטאָראָי געזאָגט מיט תרעומות — אַז די בריק איז אַ גאָלדענע"...

אַביסל ווייטער פון אפרים שוסטערס גרופּע שטייט אַן עולם יידן אַרום יאַנקל טרעמבאַטשיסט. דער גרייז־גרויער יאַנקל, וואָס איז שוין לאַנג אַריבער די שמונים, שפּילט נאָך אַלץ אויף חתונות אויף זיין באַס. בעת יאַנקל דערציילט זיינע זכרונות, באַוועגט ער מיט די ליידיקע יאַסלעס ווי ס'וואָלט אים פאַרפעלט אָטעם... ס'איז קוים־קוים צו פאַרשטיין, דער־פאַר אָבער גרייכן זיינע זכרונות צו טיפע אַרכעאָלאָגישע שיכטן. יאַנקל איז נאָך געווען אַ קאַנטאָניסט און געדינט דעם צאַר ניקאָלאַי פּיערווי גאַנצע 25 יאָר...

אין בית־מדרש קאָנט איר נאָך טרעפן דעם עלטערן יידן יעקב יצחק זאַמאַיסקי. ער פרעגט מעשה חוקר:

— „פאַרוואָס, זאָגט ער, איז הונדערט רובל אויף פּויליש: סטאָ! און טויזנט רובל: טישאָנץ?".

— ווייל — גלעט זיך יעקב יצחק די באָרד, ציענדיק די ווערטער פאַמעלעך — ווייל דער מענטש יאָגט זיך דאָס גאַנצע לעבן נאָך געלט, נישט ער האָט צייט צו עסן, נישט צו שלאָפן, נישט אַ מצווה צו טאָן — אַבי צו קומען צו אַ פּאָר רובל. אָבער ווען ער קומט שוין צו די ערשטע הונדערט רובל — איז יעקב יצחק מסביר — זאָגט מען אים: „סטאָי!" — אויף יידיש הייסט עס: לויף נישט אַזוי... אַביסעלע געלאַסענער... ווען ער גרייכט שוין צו טויזנט, זאָגט מען אים: „טי־שאָנץ!" — זעץ זיך, דאָס געלט וועט שוין אַרבעטן אויף דיר"...

אַ צווייטער ייד. אשר פאַרבער, גיט אייך צו פאַרשטיין ווי אַזוי אַ מענטש קען אַמאָל אַליין זיך אומברענגען צוליב אַ קלייניקייט, אַ קאָפּיקע. ער דרינגט דאָס אַרויס פון אַ מעשה שהיה:

...ס'האָט אַמאָל איינער געקויפט פאַר אַ קאָפּיקע שוואַקס און זיך אָפּגעפּוצט די שטיוול. אָפּגעפּוצטערהייט, האָט ער דערזען אַז די שטיוול זענען פול מיט לאַטעס, האָט ער זיך

געקויפט אַ פּאָר נייע שטיוול. נאָכן אָנטאָן זיי, האָט ער ווידער באַמערקט, אַז אויך זיינע הויזן זענען געלאַטעט, האָט ער שוין געמוזט קויפן אויך אַ פּאָר הויזן. דאָס האָט אים אויך דערפירט צום קויפן זיך אַ פּאַלטן. אַז זיין ווייב האָט דערזען אַזאַ אויסגעפּוצטן, האָט זי אויפגעהויבן אַ ויצעקו: היתכן?... האָט ער שוין געמוזט מלביש ערומים זיין דאָס ווייב מיט די קינדער. שפּעטער האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז דאָס מעבל איז צו אַלט, האָט מען אויך איינגעטוישט דאָס מעבל. און איצט — פירט אָשר פאַרבער אויס — איז אייך נאָך אַ וווּנדער אַז מען האָט דעם מענטש געפונען אַן אויפגעהאָנגענעם?... אַלץ צוליב דער ערשטער קאָפּיקע...

איינער ווידער, אַבוש מרגלית, האָט צוזאַמענגעשטעלט זיינע אייגענע עשרת הדברות פון בלויז „לאַוון": זאָלסט נישט זיין קיין מוהל, ווייל די מאַמעס קאָנען דיך אַמאָל שעלטן! זאָלסט נישט זיין קיין חזן, ווייל מען קען אַמאָל זיך דערוויסן אַז דו ביסט אַן עם־הארץ; זאָלסט נישט זאַמלען אויף הכנסת־כלה, ווייל מען קען דיך חושד זיין, אַז דו נעמסט צונויף פאַר דיין אייגענער טאָכטער; זאָלסט נישט געהערן צו ביקור־חולים, ווייל קאָנסט זיך אַמאָל אָנשטעקן א"אַנד לאַוון, — בבחינת אין מגלין אלא לצנועין", אַנדערש וואָלט די וועלט קיין קיום נישט געהאַט...

דאָס בית־מדרש איז געווען די „היים" פון אַלערליי חברות: ביקור־חולים, לינת הצדק, הכנסת־כלה. אפילו די חברה קדישא האָט געהאַט איר באַזונדער מקום אין בית־מדרש. פון די עסקנים פון לינת הצדק געדענק איך: יוסף וואָלפּאָוויטש; שמאי מלמד; אברהם באָראָווסקי און יאַנקל יעדוואַב. פון דער חברה קדישא — זלמן יעדוואַב און נאָך אייניקע. איך געדענק אַ שמועס צווישן זיי וועגן אַ יידישן סאָלדאַט פונעם גאַרוואָלינער קאַוואַלעריע־פּאָלק, קאַפּלאַן האָט ער געהייסן, וואָס האָט זיך אַליין דערשאָסן. ער ליגט אין מיטן וועג נישט ווייט פון די סאַמאָזשאָנדקער וועלדער. דאַרף מען, הייסט עס, אים ברענגען צו קבר ישראל. דאָס רוסישע געזעץ זאָגט אָבער, אַז מען טאָר נישט רירן דעם מת פון אָרט אָן אַ פריערדיקער אויספאָרשונג. יידן ווילן דאָך אים פאָרט ברענגען צו קבר ישראל — ס'איז דאָך אַ מת־מצווה — הגם ס'איז פאַרבונדן מיט מסירת־נפש... איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן זלמן יוסף יעדוואַב מיט נאָך איינעם זיך מתעסק צו זיין מיטן מת־מצווה. זיי קלייבן זיך אַרויסצופאָרן אַהין אין אַ שטאָק־פינצטערער נאַכט, בעת אַ גרויסן גאָס־רעגן. ווי „געוועער" אויפן וועג נעמען זיי מיט אַ פלאַש 96־ער און אַ תהילימל — און מ'האָט זיך שוין געקאָנט פאַרלאָזן: שליחי מצווה אינם ניזוקין...

צווישן די בית־מדרש „תושבים" האָבן זיך אויסגעטיילט יאַנקל „בעזראָנטשקע" — אַ ייד אַ ריז, מיט איין האַנט נאָר, וועלכער ער פלעגט תמיד האַלטן אויפן טיש. פון ווייטנס האָט די האַנט אויסגעזען ווי אַ ריזיק קלאָץ. אַרומגענומען מיט אַ ברייטער גאַרטל, פלעגט ער תמיד זאָגן תהלים.

אַ צווייטער בית־מדרש תושב איז געווען דער וואָרקער חסיד אייזיק ליכט. ער פלעגט צושטעלן פאַרן פאָלק געהילץ. ווי אַ פּאָדראַטשיק, וואָס פאָרט אַרום איבער דער וועלט, האָט מען געקאָנט הערן פון אים פּאָליטיק ממש — פון די „גאַזעטן" און נישט דאָרט עפּעס קיין הינטערן־אויוון־פּאָליטיק... הגם, ווי געזאָגט שוין, ער איז געווען אַ חסידישער ייד — אַ וואָרקער חסיד, איז זיין באָרד געווען פיין פאַרקעמט, זיין האַלדז אַרומגענומען מיט אַ ריינעם ווייסן קראַגן — אַ וועלטלעך־קלוגער ייד...

אויף יענער זייט באַלעמער פלעגן זיך גרופּירן די לומדים. פאַר די דאָזיקע יידן איז די וועלט געווען ווי פאַרשלאָסן. זיי איז נישט אָנגעגאַנגען ניט קיין וועלט פּאָליטיק, נישט די שטעטלשע נייעסן, ווי זיי וואָלטן זיך געפינען אויף אַ ווייטן, פרעמדן פּלאַנעט. זיי האָבן תמיד געלערנט: ווער — אַ פּרק משניות, ווער אַ בלאַט גמרא. אַנדערע האָבן אַריינגעקוקט אין אַ מדרש־רבה, אָדער גאָר געבראָכן זיך דעם קאָפּ מיט אַ מדרש־פּליאה... פון זיי געדענק איך משהלע רעמבקאָווער, אברהם יעקב פאַרבער, און משה דעם אייזערנעם קאָפּ. אַביסל העכער, אויף דער מזרח־וואַנט דערציילן זיך חסידים



חברים פון דער „ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל"
מיט די חברים פון קיבוץ־הכשרה „החלוץ"

מעשות און מופתים פון זייערע רבים און חזרן איבער זייערע תורות...

אַ גאַר באַזונדערער טיפּ ייד איז געווען יאָסקעלע לייפּער — ער פלעגט זיך קיינמאָל נישט שיידן מיטן ש״ך — פון דאַנען דער צונאָמען: ש״ך. אַ נידעריקער, מיט אַן אויסער־געוויינלעך־שאַרפן קאָפּ, פלעגט ער נישט מקפיד זיין אויף זיין הלבשה, וואָס איז שטענדיק געווען נאַכלעסיק און אַן קנעפּ. אויך פלעגט ער זיך זעלטן אָפּשערן און אַרומגיין מיט אַ קאָפּ גערדיכטע האָר. ער פלעגט זיך נישט שיידן קיינמאָל מיטן סיגאַר און ס׳האָט אים נישט געאַרט צי דער סיגאַר ברענט, אָדער נישט. זיינע פינגער זענען תמיד געווען געל פון ניקאָטין און אָפּגעברענט. — און דאָס אַלץ צוליב דער איביקער פאַרטיפטקייט זיינער אין די ספרים...

געווען נאָך אַן אויסערגעוויינלעכער טיפּ, כ׳וואָלט געזאָגט, פון וועלט־מאַסשטאַב דאָס איז געווען שמעון יוספס — יוסף פייגנבוימס אידעם. געשטאַמט האָט ער פון זשעלעכאָוו און אויך געוווינט דאָרט. אָבער ער מיט זיין משפחה זענען געווען מער אין גאַרוואָלין ביים שווער, איידער אין זייער ווינשטאָט. זיין משפחה־נאָמען איז געווען: ענגל.

פון 6 פרי ביז 12 פאַרמיטאָג פלעגט שמעון יוספס לערנען אין טלית־ותפילין. אין די ימי קריאת־התורה פלעגט ער זיין דער איינציקער „בעל־קורא״ — ער פלעגט פאַרלייענען די פרשה פון דער וואָך פאַר אַלע 10—12 מנינים טעגלעך.

שמעון יוספס, איינער פון די געציילטע לומדים אין פּוילן, איז אויך געווען אַ בעל־זכרון אַ חד בדרא. ער האָט פאַרגע־דענקט ש״ס בבלי וירושלמי און אַלע מפרשים אויסנווייניק. ער האָט שטענדיק געלערנט. אַפילו אונטערוועגנס, ווען ער איז ערגעץ געפאָרן, איז „לא פסק פומיה מגירסא״... אויף אים איז געווען ווי אָנגעמאָסטן די באַצייכענונג: בור סיד שאינו מאבד טיפּה... ער האָט אויך מחבר געווען קבלה־ספרים. ער האָט פיינט געהאַט נישט אַזוי דעם פּלפּול, ווי די לומדים וואָס האָבן פאַרלוירן צייט ביי פּלפּול. אַ שטאַרק־געוואַגטער, האָט ער אַפילו אַיינגעשטעלט צו זאָגן, דאָרט ווו ער האָט אַזוי געגלייבט, אַז רש״י האָט זיך טועה געווען...

מיר, די בית־מדרש בחורים, האָבן אים אַמאָל אויסגע־פּרוווט מיט אַ צעריסענער „שיימע״, אויף וועלכער ס׳האָבן זיך געפונען צוויי שורות תוספות בלויז... שמעון יוספס האָט אונדז גלייך געזאָגט דעם פּרק און דף, פון וועלכן די שיימע האָט געשטאַמט. ביי דעם אַלעם איז ער געווען אַ נוח לבריות און נישט קיין גרויסהאַלטער.

בעת דער באַלפור־דעקלאַראַציע, געדענק איך, האָט ער מיך אַמאָל צוגערופן און געוויזן דעם פּירוש מלבי״ם אויף דניאל, אין וועלכן ער האָט אויסגעפונען אַ רמז אויף די אַקטו־עלע געשעענישן פאַרן יידישן פאָלק פון יענער צייט...

שמעון יוספס האָט נישט געוואָלט זיין קיין רב, ווייל ער האָט נישט געוואָלט נכנע ווערן קיין מענטשן. שפּעטער אָבער איז ער בלית־ברירה געוואָרן ראש פון דער מתיבתא אין וואַרשע און נאָך שפּעטער — נאָך דער פּטירה פון הרב שפּירא — ווערט ער ראש „ישיבת־חכמי־לובלין״. צום סוף איז ער געווען אַ חבר פון ראַבינאַט אין קראָקע, ווו ער איז אין די שואה־יאָרן אומגעקומען דורך די נאַציס הי״ד.

שווער נישט צו דערמאָנען נאָך איינעם אַן אינטערעסאַנטן יידן, וואָס האָט אַ געוויסע צייט געלעבט אין גאַרוואָלין: כ׳מיין ר׳ ישעיה׳לע יוסטמאַן. געשטאַמט האָט ר׳ ישעיה׳לע פון גערער הויף. געווען דעם „שפת אמת״ אַ שוועסטער־קינד. כ׳געדענק דעם יראת־הכבוד און פאַרערונג מיט וועלכער אַלע האָבן אים באַשאַנקען. ר׳ ישעיה׳לע האָט ריכטיק מקיים געווען דעם „והגית בה יומם ולילה״... אפילו אין די שפּעטסטע נאַכט־שעהען האָט געברענט ביי אים דער לאָמפּ — אַ סימן אַז ר׳ ישעיה׳לע זיצט און לערנט. אויך ער, ווי זיין שפּעטערדיקער מיטצייטלער שמעון יוספס, האָט נישט געוואָלט ווערן קיין רב, הגם אַלס קרוב ומקורב פון גער האָט ער עס געקענט לייכט דערגרייכן...

אַמאָל האָט ער געהאַט ערגעץ אַ גאַזשעלניע״ (גיסעריי פון בראָנפן), ער האָט דערלייגט צו איר אַ שיינע פּאָר טויזנט קערבלעך און ס׳איז געוואָרן אויס פאַבריק... אין גאַר־וואָלין האָט ער געלעבט פון דער שטיצע פון רבין.

צו ר׳ ישעיה׳לען פלעגן מענטשן קומען אין אַ נויט זיך שואל־עצה זיין. פאַר יעדן האָט ער געהאַט אַ גוט וואָרט און עפּעס אַן עצה...

ר׳ ישעיה׳לע ווערט שפּעטער דיין אין ראַבינאַט אין לאָדזש.



בשכנות מיט ר׳ ישעיה׳לען האָט געוווינט אַ פּשוטער ייד, אָבער אַ חסיד, לייבעלע, האָט ער געהייסן. וועגן ר׳ לייבעלעס „לומדות״ האָט מען דערציילט אַ סך קוריאָזן. מיר וועלן דאָ ברענגען איינציקע פון זיי. איין מאָל, פסח ביינאַכט, איז ער אַריין צו ר׳ ישעיהלען נאָך חרוסת (לויט אַן אַלטן מנהג פלעגן די פּראָסטע יידן נעמען חרוסת ביי חשובי־העיר). גראָד האָט ער אָנגעטראָפן אויף ר׳ ישעיהלעס זין, וועלכע פלעגן שטענדיק אַהיימקומען צום פאָטער אויף יום־טוב (אגב, איינער פון די זין איז געווען דער אידעם פונעם באַקאַנטן גביר אין וואַרשע, ישעיהו פּריוועס). לייבעלע איז אפשר צעמישט געוואָרן און פאַרגעסן אָנצורופן די חרוסת ביים נאָמען, האָט ער אויף שטום־לשון אָנגעוויזן מיטן פינגער אויפן טיש, ווו עס איז געשטאַנען די קערה מיט די „מינים״ צום סדר... זעענדיק מיט „וועמען״ זיי האָבן צו טאָן, האָט איינער פון די זין גע־פרעגט לייבעלען, צי ער וויל מרור... נישט קאָנענדיק נאָכזאָגן „מרור״, האָט לייבל געענטפערט:

— יאָ־יאָ, — „מחור״...—

אַזוי איז אים געבליבן דער צונאָמען: „לייבעלע מחור״.

אַ צווייטער קוריאָז: איינלאַדנדיק זיין רבין צו אַ ברית וואָס איז אויסגעפאַלן אין אַ מיטוואָך, האָט ער דעם רבין געזאָגט, אַז דער ברית פאַלט אויס אין אַ יומאָ „דבקעה״. אַנשטאָט — יומא דשוקא... זיין ווייב האָט זיך אַמאָל צעשלאָגן מיט אַ שכנה, האָט לייבעלע זיך באַקלאָגט, אַז זיי האָבן איבער־געלאָזט זיין ווייב בגילוי־עריות אַנשטאָט — בגילוי־ראש״...



די מלחמה פון 1914 האָט זיך דערנענטערט צו גאַרוואָלין. ס׳איז אַרויס אַן „אוקאַז״ פון העכסטן קאָמאַנדיר, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, אַ פעטער פון צאַר, אַז יידן מוזן במשך 24 שעה פאַרלאָזן די ישובים אויף ביידע וויסל־ברעגעס און פון אַרום דער פעסטונג „איוואַנגאָראָד״. ווהין? — דאָס האָט ניקאָלאַי־ניקאָלאַיעוויטשן נישט געאַרט. עס האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אַ מבול פון פּליטים. יידן פון פּולאַוו, מאָדזשיץ, קאָז־מיר, קאַזשעניץ א״אַנד ערטער וואָס פירן דורך גאַרוואָלין. מען פאָרט אויף פּויערישע וועגעלעך מיט קינדער, קראַנקע און זקנים, צווישן בעטגעוואַנט, כלים, צעבראָכענע מעבל — און ווי אויף להכעיס גיסט אַ שלאָקס־רעגן, טאָג און נאַכט אָן אויפהער. אַלע וועגן זענען צעווייקט. אויך די יידן, מיט

זייערע קינדער, מיטן בעטגעוואַנט זענען דורכגעווייקט. יידן זאָגן מיט פאַרביטערונג, אַז ווי נאָר עפּעס אַ גזירה — העלפט מען איר צו פון הימל...

גאַרוואָלינער יידן צעעפנען זייער גרויס האַרץ; מען נעמט אַריין צו זיך אַלע פּליטים, וויפל זיי זאָלן נאָר נישט זיין. אויך ביי אונדז איז די שטוב שוין פול מיט גולים: מענער, פרויען און קינדער פון די אָרומיקע שטעטלעך. מיין מוטער זאָגט מיר:

— „לויף אַרויס אין גאַס און זע נאָך וועמען צו ברענגען — אויף אַזאַ וועטער — זאָגט זי — טאָר מען קיינעם נישט לאָזן אין דרויסן"...

כ'בין אַרויס אויפן שאָסיי און געטראָפן נאָך היימלאָזע, אָבער ס'האָבן אויף זיי שוין געוואַרט אַנדערע גאַרוואָלינער יידן און גענומען זיי צו זיך. פאַר מיר האָט שוין נישט גע־סטייעט — כ'בין אַהיימגעקומען אַ פאַרשעמטער, אָן פּליטים...

דער מצב פון די יידן איז דעמאָלט געווען אַ באַזונדערס־שווערער. מ'האָט זיך געריכט אויף אַנטי־יידישע עקסצעסן מצד די רוסן, ווי אַ נקמה פאַר די מפּלות זייערע אויף די פראָנטן. פאַרן ענדגילטיקן צוריקטריט פון די רוסן איז די שרעק געוואָרן אין לשער — מ'האָט דערוואַרט פּאָגראָמען. אָבער פּריער גאָט און אויך דער שוחד פאַר דער פּאָליציי, האָט געהאָלפן און אַלץ איז דורך בשלום — זיי האָבן פּשוט נישט באַוויזן...

מיטן אַריינקומען פון די דייטשן, האָבן יידן אָפּגעעטעמט פרייער. בעסער, מ'האָט זיך געפרייט מיט זיי, ווי מיט משיחן... מ'האָט אויפגעהערט מורא צו האָבן פאַרן נאַקעטן לעבן. הגם די קעגנזייטיקע שנאה צווישן די רוסן און פּאָליאַקן איז געווען אַ גענוג־גרויסע, האָט אָבער די בשותפותע שנאה זייערע צום ייד זיי פאַראייניקט. ביידע האָבן געזוכט אינעם יידן דעם „שולדיקן" אין זייערע מפּלות און אַרויסגעשטעלט אים אַלס שעיר־לעזאזל... אַצינד, אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט די יידישע צונג זיך אויפגעבונדן: אַ בעסערן דייטש, אַן ערגערן דייטש, אָבער מ'האָט גערעדט און זיך פאַרשטאַנען.

דערפאַר האָבן זיך אָנגעהויבן אַנדערע צרות. ס'האָט זיך אָנגע־הויבן אַ הונגער און ווי אַ שטאַטישן עלעמענט, האָט דער הונגער געטראָפן קודם־כל די יידישע באַפעלקערונג.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַנטיסעמיטיזם איז אויך נישט קיין שלעכטער אַרטיקל פאַר די דייטשן, אַחוץ דעם וואָס אין זייער מלחמה קעגן די רוסן זוכן זיי סימפּאַטיע ביי די פּאָליאַקן ווי אַ פּאָליטישן כוח — און ווי באַקאַנט איז יידן־שנאה פאַר די פּאָליאַקן אַ מטבע — עובר לסוחר...

עס הייבן אָן בלאָזן פרישע ווינטן. דער „בונד" וואָס האָט ביי דער צאַרישער מאַכט געלעבט אין אונטערגרונט, שווימט איצט אַרויף אויף דער פּאָליטישער אַרענע. מיט „שטורעם און דראַנג" באַהערשט ער די יידישע גאַס, באַזונדערס אין גאַרוואָלין. מיט זיין פּראָפּאַגאַנדע: רעפעראַטן, מיטינגען — דרינגט דער „בונד" אַריין אַפילו אין בית־מדרש. דער בונדישער הויפּט־רעפערענט, גילינסקי, טרעט אַרויס מיט רעפעראַטן כמעט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק — און דווקא אין בית־המדרש. דער „בונד" האָט באַוויזן אַריינצוציען אין זיין ווירקונגס־קרייז נישט בלויז די יוגנט, נאָר אויך דעם גרעסטן טייל האַנטווערקער — דעם דאָזיקן „קליינבירגערלעך־בורזשואַזן" עלעמענט, וואָס איז ביז נישט־לאַנג געווען פאַר אים טריף — דורכן משנה שם זיין פון האַנטווערקער — אויף כאַלופּניקעס... אין אַלע וואַל־אַקציעס האָט דאָס האַנטווערקער־טום געשטימט פאַרן „בונד" — דעם שאַרפסטן קעגנער פון ציוניזם. דער „בונד" האָט געהאַלטן אַז דער ציוניזם שרעקט אָפּ דאָס פּוילישע יידנטום און וויל עס מיט געוואַלט אַרויסציען פון פּוילן. ער האָט געטענהט: יידן לעבן שוין אין פּוילן הונדערטער יאָרן, קומט זיי — לויטן בונדישן יושר — גלייכע רעכט מיט די פּאָליאַקן. דער „בונד" נעגירט נישט דעם פאַקט, אַז אַנשטאָט יושר הערשט נאָך אַלץ אויף דער וועלט דאָס דזשונגל־געזעץ: כל דאַלים גבר. — קעגן דעם אָבער הייסט ער דעם פּאָגראָמירטן יידן קעמפן בשותפות מיט די „חברים פּאָליאַקן"...




**אַ מאַסקן־באַל אין יאָר 1935**

אויבן פון רעכטס: גאָטפריד, לאַנגער, גוטקינד, פ. מיניץ, א. ראָזנבערג, רבקה וואַדקע, בלומן, שרה בלאַנק, מנדלי צימבעראָוויטש, משה האָפּנבערג, באַרבאַש, מ. פיינקינד, וואַדקע.

רעטראָספּעקטיוו, האָבן מיר שוין אין דער שואה־צייט געהאַט די געלעגנהייט צו דערקענען דאָס אמתע פּרצוף פון די פּוילישע „חברים", און גאָר באַזונדערס, האָבן מיר דערקענט די דאָזיקע פּויליש־יידישע „שותפות" בעת דער זעקס־טאָגיקער מלחמה און נאָך איר — בעת די סטודענטן־אומרוען פון 1968.

ווי טיף ס'האָט געגרייכט די בונדישע השפעה אין גאַר־וואָלין, וועט זיין נישט איבעריק צו דערציילן, אַז אַפילו איך, וואָס כ'בין בלב ונפש געווען קעגן די אידעען פון „בונד" און בין דעמלט געזעסן אין בית־המדרש און געשמאַק געלערנט — אַז אַפילו איך פלעג קויפן יעדן טאָג דעם דעמאָלטיקן בונדישן אָרגאַן „לעבנס־פראַגן". כ'האָב עס פּשוט געמוזט טאָן צוליבן „ודע מה שתשיב"...

מיטן אויפקום פון דער באַלפור־דעקלעראַציע האָט זיך דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אויפגעכאַפּט פון זיין לעטאַרגיע. הגם מ'האָט קנאַפּ־וואָס געגלייבט אינעם ווערט פון דערקלערונגען בעת מלחמה אַפילו אין דעקלעראַציעס פון דעם גראַד, האָט אָבער די עצם בשורה אויפגעוועקט ביי יידן טיף־פאַרגראָבענע בענקשאַפטן און גאולה־האָפענונגען. אין גאַרוואָלין האָט זיך געגרינדעט אַ צעירי־ציון־פּאַרטיי. אין פאַרגלייך מיטן „בונד" איז עס געווען אַ מיניאַטור־אָרגאַניזאַציע. אויפן לשון פון „בונד" — אַ מינדערוויכטיקע חברה, מיט קליינבירגערלעכע באַגריפן, אָן דער מינדסטער אויסזיכט עס זאָלן אַמאָל מקויים ווערן עפּעס פון אירע חלומות. אדרבא, ס'איז בלויז נאָך איין מיטל אָפּצולענקען די אַרבעטער־און האַרעפּאַשנע־מאַסן פון דער אמתער באַפרייאונג פון קאַפּיטאַליזם — פון דער וועלט־רעוואָלוציע. וועגן אַ רעליגיעז־ציוניסטישע באַוועגונג, ווי „מזרחי" אָדער „צעירי־מזרחי" האָט גאַרוואָלין אַפילו חלומען ניט געקענט. די גאַרוואָלינער יידישע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען על־פּי־רוב פון חסידים אָדער חסידיש־געשטימטע יידן, וואָס ציוניזם איז געווען ביי זיי טריף... „אם ה' לא יבנה בית שוא עמלו בוניו בו"... אַפילו אויפן לימוד פון תנ"ך האָט מען געקוקט קרום... מ'האָט געציטערט פאַר ציון־בענקשאַפט... איך פלעג נעמען דעם תנ"ך כלומרשט מעיין צו זיין אין אַ פּסוק וואָס די גמרא ברענגט — און אַזוי אַרום אַריינכאַפּן דערוויילע אַ קאַפּיטל — צוויי. כ'געדענק אַז גאַרוואָלין האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט אויף דעם, וואָס אייזיק פאַרבערס פּרוי (זי האָט געשטאַמט פון אוקראַינע) האָט געקאָנט תנ"ך. חסידים האָבן אַפילו מבטל געווען אייניעם פון די אמוראים — שמואל הקטן — פאַר זיין אידענטיפיצירן משיחן מיט אומאָפּהענגיקייט („אין בין העולם הזה לימות המשיח אלא שעבוד מלכויות בלבד").

באַזונדערס גרויס איז געווען די קעגנערשאַפט צום ציוניזם מצד געררער חסידים. אויב פריער איז דער ווידערשטאַנד זייערער געווען בלויז פון יחידים — און דאָס אויך נאָר, אַזוי צו זאָגן, אַ טעאָרעטישער — האָט ער איצט, נאָך דער באַלפור־דעקלעראַציע אָנגענומען די פאָרם פון אָן אָפענער מלחמה. ס'האָט זיך געגרינדעט די פּאַרטיי „שלומי אמוני ישראל" (די שפּעטערדיקע — אגודת־ישראל), וועלכע האָט קנאיש באַקעמפט יעטוועדן ציוניסטישן אויסדרוק עד חרמה. די אגודת־ישראל — די עקספּאָזיטור פונעם גערער־הויף — באַנוצט זיך אויך מיט מאָדערנע מיטלען. אַזוי הייבט אָן דערשיינען איר אָרגאַן — די טעגלעכע צייטונג — „דער יוד". דער אָרגאַניזאַטאָר און פירער פון „אגודת ישראל" — ראַבינער פּנחס הכהן פון אָנסבאַך — איז געווען איינער פון די דריי ראַבינער וואָס זענען געקומען קיין פּוילן צוזאַמען מיט דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט. פּנחס הכהן איז געווען אַ גרויסער קנאי אין רעליגיעזער הינזיכט, אָבער נאָך פיינטלעכער איז געווען זיין איינשטעלונג צו ענינים פון ציוניזם. שווער צו זאָגן צי זיין קאַמף איז געווען אין גאַנצן לשמה, צי ס'איז אין דעם נישט געווען אַ באַהאַלטענע אַסימילאַטאָרישע טענדענץ, אינספּירירט און סטימולירט דורך דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט. אפשר גאָר איז די קעגנערשאַפט צום ציוניזם מצד דעם דייטשן ראַבינער געווען דער אויסדרוק פון דייטשישן פּאָליטישן אינטערעס אין קאַמף קעגן ענגלאַנד, וואָס האָט זיך איינגעשפּאַנט אינעם משיח־וואָגן בעיקר — צוליבן שטאַרקן פּאָליטישן כוח פון אַמעריקאַנער יידנטום ?...

בכל אופן איז דער דערמאָנטער ראַבינער געוואָרן דער הויפּט דעה־זאָגער אינעם רעליגיעזן לעבן פון די יידן אין פּוילן. אַזוי האָט ער, דער ראַבינער, אויפגעהויבן די רבנים־קאַסטע צו אַן אמתער טעאָקראַטיע — בנוגע רעליגיעזע ענינים... אין אַלע יידישע אָנגעלעגנהייטן האָט דער ראַבינער, פאַרשטייט זיך, געהאַט די אַבסאָלוטע אונטערשטיצונג פון דער דייטשער מאַכט.

די דאָזיקע לענגערע דיגרעסיע וועגן „אגודת־ישראל" איז געווען נייטיק, כדי אונטערצושטרייכן די אַלגעמיינע אויפלעבונג פון פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אויף דער יידישער גאַס אין פּוילן פון איין זייט, און פון דער צווייטער — די אַנדערשקייט פון גאַרוואָלין. ווען אין אַנדערע ישובים אין פּוילן האָט זיך שוין געטומלט מיט דער „אגודה", „מזרחי" און אַנדער ציוניסטישע גרופּירונגען, איז ביי אונדז, אין גאַרוואָלין, אין דער הינזיכט געווען — שאַ־שטיל ! די וועלכע האָבן אַפילו יאָ סימפּאַטיזירט מיט דער „מזרחי" האָבן דאָס מורא געהאַט אַרויסצוווייזן, געווען ווי אַנוסים. אַפילו די אָנהענגער פון דער „אגודה" האָבן נישט געהאַלטן פון אָרגאַניזירן זיך. דער עצם־באַגריף „אָרגאַניזאַציע" איז געווען נישט כשר, מחמת ביטול־תורה... צוליב די זעלבע סיבות האָט מען אויך נישט דערלאָזט צום שאַפן אַוועלכע ס'איז רעליגיעזע יוגנט־אָרגאַניזאַציע — אַפילו פון „צעירי־אגודת־ישראל"...

די דאָזיקע שטרויס־פּאָליטיק האָט דערפירט, אַז די יוגנט איז אַריינגעפאַלן צום „בונד" און צו די אַנדערע נישט רעליגיעזע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.



דער גרינדער פון דער ערשטער רעליגיעזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין גאַרוואָלין איז געווען שמואל מענדלס — מענדל באַרנשטיינס אידעם. ער איז געווען אַ גערער חסיד געשטאַמט פון פּראַגע, ביי וואַרשע. שמואל איז געווען אָנגעזאַפּט מיטן גייסט און אַטמאָספער פון דער גרויסער שטאָט. ער האָט איינגעזען אַז מיטן וואַרטן זענען מיר מקריב די רעליגיעזע יוגנט און שטויסן זי אין תהום פון אפּיקורסות. אגב, איז שמואל געווען אַ נוח לבריות, געהאַט אַ גוטן כאַראַקטער און נישט געווען קריגעריש־געשטימט אַפילו צו קעגנער. מיר דאַכט זיך, אַז אין האַרצן האָט ער נוטה געווען צו „מזרחי"... אָבער די אַלגעמיינע אַטמאָספער האָט געצווונגען צו דערשטיקן אין זיך אַזאַ ציון־געפיל... בפרט נאָך אַ קעסט־אידעם און גערער חסיד. דער פאַרזיצער פון דער גרופּע איז געווען ישראל משה ענגל, דער זון פונעם שוין דערמאָנטן שמעון יוספס. ער האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אומגעקערט פון רוסלאַנד, ווו ער האָט

זיך אָנגעזאָפּט מיט שנאה צום ציוניזם. ער פלעגט זיך אָפּט באַנוצן מיטן ווערטל פונעם ליובאַוויטשער רבין: „ותשכון בתוכה", אָבער נישט „אוסישקין בתוכה"... דער לאָקאַל פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען דערוויילן אויבן, אין דער ווייבער־שול. שמואל פלעגט ברענגען פון וואַרשע אַ מבול פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור: בראָשורן, קול־קורא׳ס און אויך מענגעס שרייב־געצייג, וואָס איז דעמלט, מלחמה־צייט, געווען שווער צו קויפן. באַזונדערס שווער איז געווען מיט פּאַפּיר. איך גלייב קוים, אַז וועלכע ס׳איז אַנדערע פּאַרטיי האָט זיך געקאָנט דערלויבן אַזאַ פאַרשווענדערישקייט אויף פּאַפּיר, בלויז די „אגודה", וואָס אירע אונטערפירער זענען געווען די דערמאָנטע דייטשע ראַבינערס, האָט זיך געבאָדן אין אַזאַ שפע פון פּאַפּיר־לוקסוס.

פון צייט צו צייט פלעג איך זיך צוכאַפּן קיין וואַרשע אויף רעפעראַטן פון די „אגודה"־פירער: ד״ר ניעמצעוויטש, משולם קאַמינער, אלכסנדר זישאַ פרידמאַן א״אַנד.

✶

אויסנוצנדיק די אַפּוועזנהייט פונעם פאַרזיצער — ישראל ענגל — וועלכער איז געווען אַפּגעפאָרן אויף אַ לענגערער צייט אין זיינע פּריוואַטע ענינים, האָב איך, זיין פאַרטרעטער, (כ׳בין געווען דער וויצע־פאַרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציע) זיך אָפּנהאַרציק דערקלערט פאַרן וועד ווי אַ ציוני... נאָך אַ שאַרפער קריטיק איבער די אידעען און צילן פון דער עקסטרעמער „אגודת־ישראל", אָנווייזנדיק אויף דער שעדלעכער שפּיל פון שנאת־ציון, און אַז מען דאַרף טאָן עפּעס ממשותדיקס פאַרן פאָלק און פאַרן לאַנד, איז מיר געלונגען אויפצולעזן אויפן אָרט די אָרגאַניזאַציע און מיטן זעלבן וועד (אויסער דריי חברים, וועלכע זענען צו אונדז נישט צוגעשטאַנען) איינשטימיק זיך צו דערקלערן אַלס סניף פון „צעירי־מזרחי". מיר האָבן אויך גענומען אין אונדזער רשות אַלע בלאַנקעטן און דאָס גאַנצע שרייב־געצייג. מיר האָבן דאָס דערקלערט אַלס „הקדש", לטובת הכלל — ווי מיר האָבן דאָס פאַרשטאַנען...

מיר האָבן געלאָזט מאַכן אַ סטעמפּל „צעירי־מזרחי", געדונגען אַ קליין צימערל ביי מאיר בלאַס, פאַר אַ געוויסן חודש־אַפּצאָל. כ׳געדענק נאָך ווי מאיר בלאַס האָט דעמלט זיך געוואַקלט, צי ער זאָל אונדז דאָס צימערל פאַרדינגען? וואָלט ער נישט געווען אונדזערס אַ שטילער סימפּאַטיקער, וואָלט ער עס טאַקע נישט געווען פאַרדונגען, אַפילו פאַר געלט.

מיר האָבן דורכגעפירט אַ ווערביר־אַקציע צווישן דער יוגנט. דער גרעסטער טייל יוגנט איז, לײדער, שוין געווען ביים „בונד" און ביי דער פאַראייניקטער „צעירי־ציון" און „פועצ״". ס׳איז אונדז געלונגען צו ווערבירן קוים ניין חברים, אפילו נישט קיין מנין. מיר האָבן געפירט אונדזער טעטיקייט אין די ראַמען פון אונדזערע מעגלעכקייטן. מיר האָבן אָנגעהויבן מיט שיעורי־ערב, מ׳האָט געלערנט תנ״ך און יידישע געשיכטע. מיר האָבן איינגעאָרדנט רעפעראַטן און אַקטועל־פּאָליטישע שמועסן אויף יידישע טעמעס. אָבער אין בית־מדרש זענען מיר געווען איזאָלירט, ווי אין חרם. מ׳האָט געקוקט אויף אונדז מיט שטעכיקע שנאה־בליקן.

מיטן ברענגען פּרעלעגענטן פון וואַרשע איז אונדז אָנגעקומען גענוג שווער. גוטע רעדנער האָט די צענטראַלע געשיקט אין אַנדערע וויכטיקערע צענטערס. אויסער דעם איז די סביבה געווען נישט קיין גינסטיקע און מיר אַליין, מיט אונדזער באַגרענעצטן כוח, האָבן נישט געקענט שיצן דעם גאַסט פון עווענטועלע קעגנערישע אָנפאַלן, צווישנרופן און אָבסטרוקציעס.




**דער ערשטער קיבוץ־הכשרה פון „החלוץ המזרחי" אין „אַברעמב" ביי גאַרוואָלין אין יאָר תר״ץ—1930**

נישט געווען אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרן. דער טייל עולם וואָס איז אפילו נישט געווען מיט דער „אגודה", איז אויך נישט געווען מיט אונדז; ער האָט זיך געהאַלטן נייטראַל...

כ'געדענק דעם איינדרוק, וואָס עס האָט איבערגעלאָזט אויף גאַרוואָלין דער באַזוך פונעם סטריער רב — הרב האַגער. שוין זיין אויסערלעכקייט, דער הדרת־פּנים זיינער האָט עושה־רושם געווען. היינט זיין רעפעראַט? — ער איז געווען אַ גאָט־געבענטשטער רעדנער און האָט באַצויבערט דעם עולם... אָבער וויפל באַזוכן האָבן מיר געהאַט אַזעלכע?... אין ס"ה זענען מיר געווען אַ ניין־צען חברים — און נישט אַלע האָבן זיך איבערגעגעבן צופיל מיט דער אַרבעט...

טראָץ דעם האָבן מיר מיט דער צייט געטווישט דעם לאָקאַל אויף אַ גרעסערן. ראשית, איז דער פריערדיקער לאָקאַל געווען צו ענג; שנית, איז ער געווען צו ווייט פון צענטער. דערווייל האָט אין גאַרוואָלין זיך באַזעצט אברהם־אליעזר רעפּלאַנסקי. דער דאָזיקער ייד איז געווען אַ מזרחיסט בפּר־הסיא און געהאַט אַ גוט מויל צום ריידן. ער פלעגט אונדז העלפן אין עפנטלעכע וויכוחים אין בית־מדרש. אברהם־אליעזר איז געווען אַ פרומער ייד און אַ גרויסער קנאי. כ'געדענק, ער פלעגט אונדז נאָכשפּיאָנירן, באַהאַלטנדיק זיך הינטער דער טיר פונעם לאָקאַל, בעתן לימוד פון תנ"ך א"אַנד. שיעורים, אויפצוכאַפּן, צי מיר טייטשן נישט, חלילה, דעם תנ"ך אַנדערש ווי ס'איז געווען אָנגענומען אין די טראַדיציאָנעלע קרייזן. אויך האָט ער מקפּיד געווען אויפן לימוד פון געשיכטע, — פון וועלכן היסטאָריקער מיר לערנען...

אברהם־אליעזר איז געווען דער איינציקער וואָס פלעגט אונדז אַרויסהעלפן אין בית־המדרש, אַז מיר זאָלן זיך נישט פילן אַזוי איינזאַם. דערביי איז ער געווען אַ גוטער מענטש, פלעגט געבן אַ נדבה מיט דער ברייטער האַנט... און דאָס האָט אַרויסגערופן צו אים אַ באַזונדערן דרך־ארץ. אָבער ווי אַ פּאַרטיי, זענען מיר נאָך אַלץ געווען „במתי מעט"...

צו די מיסדערפאָלגן אונדזערע אויפן געביט פון דער סערטיפיקאַטן־פאַרטיילונג, בשייכות מיט דעם וואָס מיר זענען נישט געווען קיין גענוגנדיקער כוח אינערהאַלב די ציוניסטי־שע פּאַרטייען, מען זאָל זיך מיט אונדז רעכענען, איז נאָך צוגעקומען די צרה מיטן אָסטראָווער יונגגמאַן, וואָס האָט זיך פּלוצעם געיאַוועט אין גאַרוואָלין. צוליב געוויסע טעמים וועלן מיר אים רופן „דער אָסטראָווער". ער איז געווען אַ פרישער קעסטאיידעם, געקאָנט אַ ביסל לערנען, געהאַט אַ פולן בויך מיט אַגודיסטישע בראָשורן. ער איז אויך געווען אַ שטיקל רעדנער. „דער אָסטראָווער" האָט, פאַרשטייט זיך, געהערט צו דער אגודה און מיט זיין שאַרף צינגל האָט ער אונדז גע־יאָגט עד חרמה... זיין שלאַכט־אַרענע איז געווען דאָס בית־מדרש, ווו ער פלעגט כסדר אַרויסרופן מחלוקת. מיר האָבן געליטן פון אים אין לשער, זיין שנאת־ציון איז אַריבער די גרענעץ פון נאָרמאַלקייט, איז געווען ממש אַ חיהשע... ער האָט אונדז בוכשטעבלעך פאַרפאָלגט.

צו דעם האָבן נאָך אייניקע פון אונדזער אַזוי אויך קליינער גרופּע אַקטיוויסטן צוליב פּרנסה־טעמים פאַרלאָזט גאַרוואָלין. אַזוי האָט שמואל שמאי־מלמדס פאַרלאָזט אונדז און געפאָרן זוכן פּרנסה ערגעץ אין דער פרעמד. יעקב־מנשה זינגער האָט צוליב די זעלבע טעמים געמוזט אָפּשטעלן זיין טעטיקייט. און, ווי געזאָגט שוין, האָט די מעשה מיטן סערטיפיקאַט, וואָס איז אפשר כדאי צו דערציילן בפּרטיות, אונדז שיער־נישט אין גאַנצן איינגעבראָכן...

מיר זענען געווען פאַרטראָטן אינעם אַרטיקל „פּאַלעס־טינע־אַמט", וואָס האָט זיך פאַרנומען מיטן צעטיילן די צאָל צוגעטיילטע דורכן צענטראַלן פּ"א סערטיפיקאַטן פאַר קאַנדי־דאַטן אויף צו פאָרן קיין א"י. הגם מיר זענען געווען אַ קליינע מינדערהייט אין פאַרגלייך מיט דער פאַראייניקטער פּאַרטיי פון „צ"ציון פּוע"צ", האָבן מיר דאָך געהאַט דאָס רעכט צו באַקומען פאַר וועמען פון אונדזערע חברים אַ סערטיפיקאַט. אָבער אונדזערע שותפים אינעם פּ"אַ — די "צ"צ און פּוע"צ" — האָבן אונדז איגנאָרירט מיטן אויסרייד, אַז אונדזערע קאַנ־דידאַטן זענען נישט קיין פּאַסיקע, ווייל זיי זענען נישט קיין פּאַכלייט א"א תירוצים. דאָס מין סערטיפיקאַטן האָט אָנגע־הויבן ווערן אַ פּאָליטישע שפּיל אין די הענט פון דער מער־הייט־פּאַרטיי. ביז אונדזערס אַ חבר, אַ בעקער און מיט אַביסל געלט האָט זיך געוואָנדן וועגן אַ סערטיפיקאַט. אויך דעם קאַנדידאַט האָט אַ מערהייט פון פּ"א אָפּגעוואָרפן. איך בין דעריבער אַריינגעפאָרן מיטן יונגנמאַן קיין וואַרשע צום „מז־רחי"־פאַרשטייער אינעם צענטראַלן פּ"א, אלימלך נייפעלד. אַנשטאָט צו העלפן אונדז, האָט נייפעלד גאָר אַרויסגערוקט קעגן אונדז טענות, באַשר מיר טוען ווינציק פאַרן „קרן המזרחי" א"אַנד. פון נייפעלדס טענות האָט זיך אַרויסגעפילט דער נישטיקער כוח פון „מזרחי" אויך אין צענטראַלן מאַסשטאַב. אונדזער חבר האָט דעם סערטיפיקאַט נישט באַקומען.

וואַרשע האָט פונדעסטוועגן געווירקט אויף אונדז אָפּ־פרישנדיק. איינזעענדיק דעם גרויסן באַטייט פון כוח, אפילו אין די צענטראַלע אַמטן, האָבן מיר זיך גענומען אין די הענט, גערופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, פאַר וועלכער מיר האָבן אויפגעקלערט אונדזער מצב: מיר מוזן שטאַרקן אונדזער כוח. דאָס בית־מדרש איז פאַר אונדז געוואָרן אַ גיהנום. אין דעם האָט געהאַט אַ גרויס חלק „דער אָסטראָווער", אָבער אַ גרע־סערער כוח וואָלט אויך אים געקאָנט איינשטילן, ביי אונדז אָבער איז די לאַגע אַזאַ, אַז ס'האַלט דערביי מיר זאָלן אין גאַנצן פאַרשווינדן פון דער פּאָליטישער אַרענע. אויף קיין צופלוס פון יוגנט, וואָס זאָל שטאַרקן אונדזער כוח, האָבן מיר נישט וואָס צו האָפן, ווייל זי, די יוגנט, איז פשוט נישט בנמצא. דאַרפן מיר, אויב מיר ווילן נישט אונטערגיין, זיך ווענדן צום עלטערן דור... אויב דאָס זאָל זיך אונדז איינגעבן, וועט דאָס אַליין שוין זיין אונדזער גרויסער שכר... דאָס וועט אויך ברעכן דאָס אייז פון אונדזער איינזאַמקייט און הייבן אונדזער פּאָליטישן אָנזען און וואָג אינערהאַלב די אַנדערע ציוניסטישע פּאַרטייען — אונדזערע שותפים אינעם פּאַלעס־טינע־אַמט...

ובכן, האָבן מיר אַרויפגעלייגט דעם חוב אויף יעדן איינעם פון אונדזערע חברים, צו באַזוכן פריינד און באַקאַנטע אין זייערע היימען, זיי אויפקלערן דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן מצב, דעם מצב פון די יידן אין דער וועלט, באַזונדערס — אין פּוילן (יאָ, מ'האָט שוין דאַן, באַלד ביים אויפקום פונעם אומ־אָפּהענגיקן פּוילן, געקאָנט זען דעם מצב פון יידן אין דעם לאַנד אין זיין גאַנצער האַרבקייט...). אונדזערע חברים האָבן זיך געוואָרפן אין דער אַרבעט מיט ברען. די פּרוכט פון דער דאָזיקער אָפּעסיוויוע איז געקומען שנעלער, ווי מ'האָט זיך גערעכנט. מיר האָבן אַריינגעצויגן אין אונדזער קרייז דעם יידישן באַלמעלאָכע — דעם האָרעפּאַשניק: דעם קצב און

בעקער, דעם שניידער, שוסטער און סטאָליער. צו דער ערשטער פאַרזאַמלונג פון דער באַנייטער „מזרחי״ אָרגאַניזאַציע (אגב, איז עס געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס משה מאָקאָטאָוו האָט געוואַגט עפנטלעך צו ריידן איבער ציוניסטישע פּראָבלעמען) זענען געקומען אַ 40—50 יידן. די צווייטע פאַרזאַמלונג האָט שוין נישט געקאָנט אַריינעמען אין אונדזער לאָקאַל אַלע באַטייליקטע. ס׳זענען געקומען אַ הונדערט מאַן בערך... די גרעסטע העלפט האַנטווערקער איז שוין געווען מיט אונדז. אין בית־מדרש איז געוואָרן שטיל. בעת די רעפעראַטן פון אונדזערע חברים האָט קיינער זיך צו זיי מער נישט געטשעפּעט...

אונדזערע אַקציעס פאַרן „קרן־קיימת״ און „קרן־היסוד״ זענען דורך מיט דערפאָלג. מיט איינמאָל האָבן אויפגעהערט די וויכוחים, וואָס האָבן על־פּי־רוב געבראַכט צו פערזענלעכע אָנפאַלן און קריגערייען. אַפילו „דער אָסטראָווער״ האָט זיך באַרויִקט. קעגן ציוניזם האָט ער ווייטער גערעדט, אָבער אין דער שטיל, בלויז „צווישן אייגענע״... ס׳איז אויך געפאַלן די השפּעה פון „בונד״ אויפן האַנטווערקערטום.

איך האָב פאַרלאָזט גאַרוואָלין אין יאָר 1926. ווי מ׳האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבן, איז דער כוח פון „מזרחי״ אויסגעוואַקסן נאָך שטאַרקער. ס׳איז אַ פרייד צו פאַרצייכענען, אַז מיר, דאָס הייפל וויזיאָנערן פון „צעירי־מזרחי״, האָט אַ חלק אינעם ראַטעווען פונעם כף־הקלע פון נאַצישן גיהנום אַ טייל יידישע משפּחות דורך אונדזער הילף אין זייער רעכטצייטיקער עליה...

צום סוף וויל איך בעטן פאַרגעבונג פון מיינע גאַרוואָליער יידן — אויב כ׳האָב ווען, חלילה, פּוגע בכבוד געווען דורכן דערמאָנען — אָדער דורכן פאַרפעלן — אַ נאָמען פון זייערע קרובים און באַקאַנטע.

יזכור־ספרים ווערן געשאַפן מיטן אויסבליק אויף די קומענדיקע דורות, אַז זיי זאָלן וויסן ווי אַזוי יידן האָבן געלעבט צווישן פרעמדע, און צווישן זיך גופא ד״ה, אַז מיט דער צייט וועלן די ביכער ווערן אַ טייל פון דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע. און געשיכטע טאָר מען נישט — און ס׳איז אויך נישט כדאי צו פעלשן, יזכור־ספרים דאַרפן אויך דינען ווי מצבות. און ביי מצבות און הספּדים מעג מען, און מען דאַרף אַפילו — מגזם זיין, אָבער נישט משקר זיין (רמב״ם הלכות אבלות). ביים באַאַרבעטן דאָס מאַטעריאַל, האָב איך זיך ווי ווייט מעגלעך געהאַלטן ביים דאָזיקן כלל.



דער יידישער ספּאָרט־קלוב „הפועל״ אין גאַרוואָלין

בערל אמבאראס / ניו־יאָרק

# אַ מעשהלע פון אַמאָל

אַן אמת מעשה׳לע פון די גאָר ווייטע קינדער יאָרן,
וואָס איז פאַרבליבן ביז היינט אין זיידנס זכרון.

דער זיידע געדענקט זיך, ווען געווען ער איז קליין,
ווען אָנגעהויבן האָט ער אין חדר צו־גיין.

און שפּעטער די מורא פאַרן רבין אין חדר,
וואָס פלעגט דרייען אַן אויער און קנייפּן כסדר.

מיט פינגער ווי צוואַנגען, שטאַרקער פון שטאָל,
פאַר אָט די פינגער, האָט מען געציטערט אַלע מאָל.

דעם רבינס אַ קניפּ, האָט מען וואָכן לאַנג געפילט,
מכבד געווען האָט ער אַלע וואָס האָבן זיך געשפּילט.

ווען מ׳האָט זיך ביים טאַטן, אויפן רבין פאַרקלאָגט,
„אַ רבין מוז מען פאָלגן״, האָט ער שטענדיק געזאָגט.

אַ יינגל דאַרף זיך נישט שפּילן פונקט ווי אַ מיידל,
ער שפּילט זיך פּורים, אויך חנוכה מיט אַ דריידל.

די געשיכטע האָט זיך, מיטן זיידן אַליין פאַרלאָפן,
ווען קיינמאָל פאַרגעסן דעם רבין אויף די שטראָפן.

דער זיידע דערמאָנט נישט דעם רבין צום שלעכטן,
ווייל זיין פּסק איז שטענדיק געווען אַ גערעכטער.

אָבער קיין חשק צום לערנען האָט מען נישט געהאַט,
בפרט נאָך ווען מען איז געזעסן, נישט אַזוי זאַט.

צום שפּילן אָבער געלאָקט האָט בייטאָג און ביינאַכט,
אַז מ׳דאַרף האָבן שפּילצייג, האָט מען נישט געטראַכט.

און שפּילן זיך פלעגט מען מיט וואָס ס׳זאָל נישט זיין,
מיט אַלץ וואָס איז נאָר געקומען, אין האַנט אַריין.

שטיינדלעך און קנעפּלעך, אויך סטאַלקעס צום שרייבן,
אבי נאָר צו קאָנען דעם לאַנגווייל פאַרטרייבן..

געשפּילט זיך אין פערדלעך געשפּאַנטע אין שטריק,
געיאָגט איבער גאַסן אַהין און צוריק.

ווינטער געגליטשט זיך אין קעלט און אין פראָסט,
אויפן גלאָז־שאַרפן אייז, ס׳האָט גאָרנישט געקאָסט.

נישט געווען איז קיין געלט, צו קויפן די זאַכן,
אַליין פלעגן קינדער, די שפּילצייג זיך מאַכן.

שפּילצייג אַלערליי פון פאַרשידענעם גרויס,
פּאַסיק צום שפּילן פאַר יינגלעך נאָר בלויז.

ווען אַזאַ זאַך צום שפּילן פון יענער צייט,
ווערט דאָ טאָקע פון זיידן, אַ שיין מעשה׳לע דערציילט.

פון אַ יינגל אַ קליינס וואָס געאַרבעט האָט שווער,
אַ פייפל צו מאַכן פון אַ פּשוטער קער.

אין אַ זומער־טאָג, דאָס וועטער זוניק און שיין,
דאָס יינגל דאָס קליינע אין סאָד איז אַריין.

קיינער איז מער אינעם סאָד נישט געווען,
אַרום און אַרום האָט ער, בלויז ביימער געזען.

גאָר שנעל זיך, געדראַפּעט, אַרויף אויף אַ בוים,
און פון דאָרט אָפּגעריסן, אַ גאָר גרויסע פלוים.

בלויז נאָר צו פאַרזוכן, אַ שטיקעלע אָפּגעביסן,
און קריכענדיק אַרונטער, זיינע הייזלעך צעריסן.

געוואָרן צערודערט, און די פלויט אויפגעגעסן,
אַרויסנעמען די קער, גאָר אין גאַנצן פאַרגעסן.

שטייט דאָס יינגעלע און קלערט, וואָס זאָל ער טאָן,
אַ צווייט מאָל אויפן בוים, טאָמער קומט ווער אָן.

לויפט ער צוריק אַזוי טרויעריק, איינער אַליין,
קומט אַ באַגאָסענער מיט טרערן, אַ היים צו גיין.
דערשראָקן זיין מאַמע, וואָס איז מיט דיר געשען?
אַלע זוכן דאָך דיך אַרום, ווו ביזטו געווען?

באַלד דערזעט זי נאָך, אין די הייזלעך דעם ריס,
אַז עפּעס האָט פּאַסירט, ווייסט זי שוין געוויס.

האָט מען דיך געשלאָגן: „זאָג מיר ווער, ליב קינד?״
ווי דו זעסט נעבעך אויס, וויי צו מיר און ווינד.
ניין טייערע מאַמע, נישט געשלאָגן האָט מיך ווער,
כ׳האָב אין סאָד אַראָפּגעשלונגען אַ גרויסע קער.

גוטגעוועזן פאַר אַ פייפל, צו קאָנען פייפן הויך,
שמיליק האָט זיך געמאַכט, דוד׳ל קאָן דאָס אויך.
וויינט אַזוי יאָמערלעך, דאָס יינגעלע און קלאָגט,
הער שוין אויף קליין נאַרעלע, זיין מאַמע זאָגט.

לוינט זיך צוליב דעם, פֿאַרגיסן כּאַטש אַ טרער?
וויש בעסער אויס די אויגן, און קום דאָ אַהער.

שוין באַרויקט, גיט זי דעם קינד צו פֿאַרשטיין,
אַוועק צו לויפֿן פֿון שטוב איז זייער נישט שיין.

אַ פּאָר נייע הייזלעך, וועט מען אים באַלד קויפֿן,
אויב ער וועט שוין מער, אין סאָד נישט לויפֿן.

האָט דאָס ייִנגעלע צו דעם, זיך נישט צוגעהערט,
געוואָרן טאַקע שטיל, אָבער אין קעפּעלע געקלערט.

צו מאַכן זיך אַליין אַ פּייפּעלע, דאָרט געטראַכט,
ער ווייסט ווי אַזוי די זאַך דאַרף ווערן געמאַכט.

אַז דאָס וועט אַרויסקומען גוט, איז ער זיכער,
מ'דאַרף נאָר זען באַקומען אַ פֿלוים וואָס גיכער.

שטילערהייט אַרויס פֿון שטוב, אַוועק אין מאַרק,
דאָרט איז שוין געלעגן מיסט אַ היפּשער באַרג.

ער האָט לאַנג געזוכט מיט די הענטעלעך זיינע,
טאַקע געפֿונען אַ פֿלוים, אָבער נישט קיין ריינע.

אַזוי גיך ווי ער האָט נאָר די פֿלוים באַקומען,
נישט געוואַרט, גלייך די קער אַרויסגענומען.

אָפּגעווישט גוט, עס זאָל זיין טרוקן און ריין,
גענומען שלייפֿן די קער, אויף אַ גלאַטן שטיין.

אַזוי לאַנג ביז עס וועט אַ לעכעלע דאָרט ווערן,
צו קאָנען מיט דעם פּייפֿן, אַלע זאָלן גוט הערן.

מיט אַ קליין שפּילקעלע, אָנגעהויבן זיך פּאָרן,
ווי נאָר אין דער קער, איז אַ לעכעלע געוואָרן.

אַ לעכעלע אַ קליינס, אָבער גאַנץ גענוג גרויס,
צו דליבן פֿון דאָרט די מאַנדל אַרויס.

געהאָרעוועט שווער, שטאַרק זיך געמאַטערט,
און אַ היפּשע צייט אויף דעם געפּאַטערט.

צום סוף פֿאַרענדיקט אין אַ מזל'דיקער שעה,
אין דער קער איז מער שוין גאָרנישט נישטאָ.

אַ שטאָלצער איז ער אַוועק מיט אַ פֿרייד,
געקומען אַהיים מיטן פּייפֿל שוין גרייט.

ווען די מאַמע געזאָגט האָט: גיי זוך אים אויס,
מיט אַ הילכיקן פּייף, אַריין ר'איז אין הויז.

דאָס איז נישט קיין פּאָעזיע, וואָס געשריבן האָט אַ פּאָעט,
געאיילט זיך דערציילן, ס'זאָל נישט ווערן אַמאָל צו שפּעט.

ס'איז אויך נישט קיין מעשה'לע צו דערציילן פֿאַר ווייבער,
וועגן דעם האָט נישט געטראַכט, קיינער פֿון די שרייבער.

און שרייבן דאַרף מען קאָנען, נישט גענוג בלויז וועלן,
אַנדערש האָט מען באַלד נאָכן אָנהויב, אַ סוף אַ שנעלן.

געוואָלט נאָר ס'זאָלן דאָס וויסן, אַלע קינדער פֿון היינט,
וואָס אַ פּראָסט קערעלע האָט אַמאָל, פֿאַר אַ קינד געמיינט.

וואָס פֿאַר אַ ווייטער מהלך פֿון יענער פֿאַרגאַנגענער צייט,
זעענדיק שפּיל-זאַכן, וואָס איז היינט פֿאַר קינדער גרייט.

די שול איז ריין, ליכטיק, אַלע קינדער שפּילן זיך פֿריי,
הלוואי וואָלט איך היינט אַ קינד געוועזן צו שפּילן ווי זיי.

ליידער איז דער נעכטן צו גיך אַוועק, גלייך ווי פֿאַרלוירן,
זאָל כאַטש דער מאָרגן אָנהאַלטן און וואָס לענגער דויערן.

ישראל אהרונסון / תל-אביב

# עלייתי לארץ־ישראל

**היינו קומץ חברים שנפגשנו כמעט ערב ערב**



בארגון הנוער הציוני בעיירה שלנו גרבולין שם בילינו באווירה ארציש־ראלית וחלמנו על ה„מדינה בדרך". מפעם לפעם התקיימו הרצאות אם ע"י חברים ואם ע"י חבר שנשלח מהמרכז מוורשא. הנושאים היו מגוונים: מפ־לגה, סיעות, השפה העברית, קרן־קיימת וקרן־היסוד וכמובן ויכוחים בין „צעירי־ציון ו„פועלי־ציון".

באותה תקופה, הנוער בעיירה שלנו כמו בעיירות אחרות בפולין — תסס והשתוקק לעלות ארצה.

שלוש אפשרויות היו אז ליהודי הרוצה לעלות ארצה:

א. כבעל הון עם אלף לירות שטרלינג;

ב. כחלוץ שעבר הכשרה בקיבוץ במשך שנה שנתיים בעבודה פיזית כמו חטיבת עצים ועבודת שדה כהכנה לחיי עבודה בארץ ישראל — עד שקיבל את הסרטיפיקט המיוחל;

ג. דרישה של קרוב משפחה (אח, אחות, הורים או בנים).

לי לא היתה שום תקווה לקבל אי פעם רשיון לעליה. חלוץ לא הייתי, אלף שטרלינג לא היו בכיסי וגם עסקנות מפלגתית היתה רחוקה ממני.

גם ע"י דרישה לא היו לי סיכויים מידיים כי אחי יצחק היה בעצמו רק חדשים אחדים בארץ.

לכן חפשתי דרכים אחרות לממש את שאיפתי לעלייה. בפולין האנטישמית לא יכולתי להשאר, את זה ידעתי לבטח בתת־הכרתי אף כי לא היו לי ולאחרים כמוני — כמו שהז־כרתי למעלה — שום אפשרות בדרך רגילה לצאת מהמדינה. ואמנם נסיעתי לארץ היתה נועזת והרפתקנית ושונה מכל בני גרבולין שעלו ארצה.

ערב אחד ישבתי עם חברים ושוחחנו בעליצות על נושאים קלים וגם קצת רכילות כנהוג בעיירה קטנה. אחר רגעי דממה הפתעתי את החברה באמרי: „חברים! עוד תראו אעלה ברגל לא"י. ברור שהחברה הגיבו בצחוק אבל „צוחק מי שצוחק אחרון". זה היה באביב 1933 ובחודש יולי באותה השנה עליתי ארצה.

## הכמיהה לארץ ישראל

הפעילות למען ארץ־ישראל גדלה מיום ליום ומפעם לפעם לווינו לרכבת (לא בלי קנאה) חבר שהיה מבין המאוש־רים שעזב את פולין ועלה לארץ מי בסרטיפיקט ומי ע"י דרישה של קרובים. עליית היטלר ימ"ש לשלטון היתה מורגשת לא רק בין יהודי גרמניה וארצות אחרות באירופה אלא גם בקרב יהודי פולין. האנטישמים הרימו את הראש וההסתה נגד היהודים בעתונות הפולנית מצאה לה מקום רחב בעיקר בעתון המפלגה הלאומית „הדמוקרטית" כביכול הידועה בשם אנדקים. עוד לפני שנים כאשר שירתי בצבא הפולני זכור לי מאמר שקראתי בעיתון „שאלת היהודים בפולין" ובו נאמר בין היתר: „האוכלוסיה היהודית גדלה אצלנו להחריד, מתפ־שטת כמחלה ממארת שיש לחפש דרכים להדביר אותה במהי־רות מבחינה חברתית, בטחונית ומשקית".

הנה כי כן, אני ממלא חובתי כאזרח טוב ומשרת בצבא ואילו הם מחפשים עצה איך להיפטר ממני. מכאן שצריך לפעול במהירות האפשרית לברוח מהמזימות ולא לצפות לנסים.

## המטרה מקדשת את האמצעים

באביב 1933 שהיתי בוורשה אצל קרובי משפחתי. יום אחד פגשתי בעיר בחור בן עירנו בשם מאיר שלום רובק (אחיו של גיסי לשעבר, חיים) ומפיו שמעתי שמתארגנת קבוצת אנשים לעליה בלתי לגלית. נתפסתי לענין ואחרי בדיקות התנאים החלטתי להצטרף אליהם.

רובק הביא אותי למשרד מסויים והציג אותי בפני איש בשם קנטרוביץ'. הוא היה צריך להיות המדריך והמארגן של הקבוצה הזאת, ובעד סכום של אלפיים זהובים הוא מבטיח להביא אותנו לארץ־ישראל כולל ויזה והסעות באניה ברכבות ובמכוניות־לוקסוס לפי דבריו, כראוי ל„תיירים". לפי החוזה היו צריכים להפקיד דמי קדימה בסכום של 500 זהובים אצל רב ידוע בוורשה בשם כהנוב הגר ברח' טוורדה, 12, בתנאי שכאשר נעבור בשלום את הגבול הראשון פולין־גרמניה ניתן את הסכמתנו לפי סימן היכר מראש, לשחרר את הסכום הנ"ל. עוד 500 זהובים נתחייבנו כשנהיה מעבר לגבול, למדריך קנטרוביץ' עצמו יהודי בעל דרכון בין־לאומי המנוסה בנסיעות בעולם הגדול וברווחים קלים. את היתרה של 1000 זהובים היינו צריכים לתת לו, לפי החוזה, בזמן שנגיע ארצה בעזה"ש.

אחרי כל הסידורים האלו נקבע שעלינו לנסוע תחילה לעיר הגבול לומז'ה. בלי להפרד מאיש יצאתי עם חברי לגורל מאיר שלום רובק — ללומז'ה. היה זה בשבוע הראשון של מאי 1933. רובק נפרד מאשתו ההרה שנתנה הסכמתה להרפת־קה הזאת. אבל אני חששתי לגלות את הדבר למשפחתי פן יפריעו לי. אחרי שעות של נסיעה ברכבת לילית הגענו לפנות בוקר ללומז'ה. מיד פנינו למלון לפי הכתובת שמסר לנו המדריך בוורשה. פגשנו שם עוד 15 אחים לצרה וכולם מחכים לאיש מסויים — גוי פולני שליחו של קנטרוביץ שהיה צריך להבריח אותנו מעבר לגבול.

בשעות לפנה"צ הגיע האיש ובשורה בפיו שהלילה יעביר אותנו קבוצות קבוצות של 4—3 אנשים דרך הגבול, ובאמת בשעות הלילה המאוחרות הגיע והתחיל להעביר אותנו בעגלה רתומה לסוס דרך יער עבות. הלכנו ברגל בצידי העגלה כי זו היתה דרך לא דרך בין שיחים ועצים. סוף סוף יצאנו מן היער דרוכים ומתוחים מפחד שלא נתגלה לעיני משמר הגבול שכן הדבר היה קשור בסכנת נפשות כי יכלו לירות עלינו ולא פעם נהרגו אנשים בגבול.

# מיניאַטורן

.1

## היימישע באַגעגענישן אין דער פרעמד

בריסל.

**אין איינעם אַ סוף זומער־טאָג האָב איך באַגלייט** מיינע אַ פריינדין. מיר האָבן שפּאַצירט איבער דער ענגער אַלטשטאָט צום באַנהויף. אַריבערטרעטנדיק די שמאָלע באַן־ליניע, האָט מיין דאַמע פאַרטשעפּעט דאָס הויכע קלעצעל פון איר עלעגאַנטן שוך און עס אָפּגעריסן.

אין דער סביבה זענען קיין וואַרשטאַטן און געשעפטן, אין וועלכע מען זאָל קאָנען קויפן אָדער פאַרריכטן שיך, נישט געווען. בלית־ברירה, האָט די דאַמע זיך באַוויזן פאַרויס מיט אַ הינקענדיקן טראָט, אָנגעלענט אויף מיר; שפּעטער — שוין אַ באָרוועסע, מיט ביידע שיך אין די הענט; פאַרבייגייער האָבן אונדז „אויפגענומען מיט שמייכלענדיקע בליקן. אַזוי האָבן מיר ממשיך געווען אונדזער וועג.

פּלוצעם האָט פון וויטנס זיך דערטראָגן אַ באַקאַנטער ניגון פון אַ ימים־נוראימדיקער תפילה, באַגלייט פונעם ריט־מישן געקלאַפּ פון אַ שוסטער־העמערל. דער אומעטיק־צעצוי־גענער ניגון האָט לאַנג אונדז געפירט און דערפירט צום הויז פון אַ שוסטער.

שוין זיצנדיק אַנטקעגן אים, האָב איך סתם־אַזוי אַ פרעג געטאָן:

— פון וואַנען קומט אַ ייד?

— פון פּאַריז — איז געווען זיין תשובה, נישט איבעררייסנדיק זיין כבקרת רועה עדרו...

— אַנטשולדיקט, איך מיין צו פרעגן, פון וואַנען שטאַמט אַ ייד?

— פון וו־אַ־ר־ש־ע — האָט ער מיטן זעלבן ניגון פון „כבקרת" געענטפערט, זינגענדיק.

פון וואַרשע? — האָב איך איבערגעחזרט — און נישט געהאַט קיין באַזונדערס וואָס צו פרעגן. מיין דאַמע האָט געשמייכלט צום פאַראַכטעטנעם קנאַפּל און מיר האָבן זיך געגרייט צום אַוועקגיין. שוין אויף דער שוועל צום אַרויס־גיין, הער איך פון אַ נעבן־צימער אַ פרויען שטים:

— רבונו של עולם, אַן אָרדענונג ביי דיר, ווי ביי מוכען אויפן בוידעם!...

כ׳בין איבערראַשט געוואָרן פון אַזאַ אומדערוואַרטעטער אָבער אָנגענעמער באַגעגעניש. אַ קלייניקייט, דער גאַרוואָ־לינער „מוכע אויפן בוידעם" אין בריסל?...

— איר זענט דאָך פון גאַרוואָלין! — האָב איך כמעט ווי אויסגעשריען.

— איך נישט — איז דער שוסטער נישט געריררט — מיין פרוי — און האָט זי גלייך גערופן:

— טאָבע, טאָבע, אַ לאַנדסמאַן, אַ גאַרוואָלינער.

מיר שטייען שוין ביידע קעגן זיך, נאָר מיר דערקענען זיך נישט. איך זאָג איר ווער איך בין. זי ווייסט שוין איצט אַלץ. זי רופט גלייך אָן די נעמען פון מיין גאַנצער משפּחה. אויך איך ווייס שוין מיט וועמען כ׳האָב דעם כבוד: **דאָס איז טאָבע, רבקה די רימערקעס אַ שוועסטער.**

אַ לענגערע שעה האָט אונדז ביידן פאַרכאַפּט מיט זכרונות פון ווייטע און נאָענטע אין אונדזער שטעטל.



באַרצעלאָנאַ. פרילינג 1944. ס׳איז שוין נאָך אַלע־מען — נאָך דער מלחמה, נאָך דער שואה. טויטע שאָטנס באַגלייטן אונדז, די איינצעלנע, פאַריתומטע נאָך אַ גרויס פאָלק. מיר זוכן די שפּורן פון די אויף אייביק־פאַרפאַלענע קרובים און נאָענטע.

שוין די צווייטע וואָך ווי איך און מיין צוויי יאָריק טעכטערל געפונען זיך אין דער גרויסער מיליאָנען־שטאָט. במשך דער קורצער צייט וואָס מיר דאַרפן דאָ פאַרבלייבן ווינען מיר אין אַ קליין האָטעלכל ביים האַפן, על חשבון הגביר — דער סוכנות. מיר וואַרטן אויף דער שיף, וואָס דאַרף אונדז ברענגען צו די ברעגעס פון אונדזער אַלט־נייער, אייביקער היים א״י.

אין עסזאַל פון אונדזער האָטעלעכל הענגט דער גרוי־סער פּאָרטרעט פון פראַנקאָ. איך קוק זיך איין אינעם סימפּאַ־טישן פּנים פון דעם גענעראַל, אין זיינע מילדע טונקעלע, דאַכט זיך, יידישע אויגן (כ׳האָב נאָך דעמאָלט נישט געוווסט וועגן פאַרדאַכט אויף זיין אָפּשטאַם), זיי פאַרראַטן נישט דעם רוצח פון הונדערטער טויזנטער פון זיין פאָלק. שפּאַציר איך אַזוי איבער די לאַנגע גלייך־געשניטענע גאַסן פון באַרצעלאָנאַ. דאָס קינד אויף מיין רוקן, רייטנדיק. דער טאָג איז אַ הייסער. מאַסן מענטשן, ווי מוראַשקעס, שטראָמען פאַרביי אונדז הין און צוריק. איך קוק זיך איין אין די פּנימער פונעם פאָלק, וואָס האָט אַ מאָל אַזאַ וווּנדערבאַרע יידישקייט אין זיך פאַר־שלינגען. איך זוך אין זייערע אויגן סימנים פון יידישקייט. אין אַ סך בליקן, באַזונדערס ביי פרויען, כאַפּ איך אויף דעם צניעותדיקן שימער פון זייער יידישן אָפּשטאַם. איך זוך יידן, נאָענטע און ווייטע ברידער צו מיין גורל. איך וויל פון זיי הערן, אפשר אויך זיי דערציילן פון דער פרעמד־געוואָרענער מיר וועלט...

אַ קליין גערטל. אַלע בענק זענען באַזעצט. איך מיט מיין טעכטערל זיצן אויפן גראָז. כ׳וויל אויפכאַפּן וועלכן ס׳איז קלאַנג אָדער רמז פון יידישקייט. דאָס געלינגט מיר אָבער נישט. מיר זיצן צו ווייט פון זיי.

נישט ווייט פון אונדז, אויף אַ לערן שטח, שפּילן קינדער אין באַלעם. כ׳האָב נישט באַמערקט ווי מיין קינד האָט, ווייזט אויס, געלאָקט פונעם שפּיל, פון מיר זיך אַוועקגעשאַרט. ווי נאָר דער באַלעם האָט זיך צו איר צוגעקאַלערט, האָט זי אים געכאַפּט און מער נישט געוואָלט אים אָפּגעבן. זי האָט

זיך געאַמפּערט מיט די קינדער, אומגעוואָרפן איינס פון זיי און צוריקגעלאָפן זוכן שוץ ביי מיר. איינע פון די מוטערס פון די זיך־שפּילנדיקע קינדער האָט זיך אָפּגערופן:

— קוקטס נאָר יידן, קוקטס, אַזאַ קליינס און האָט שוין אַזאַ בייזן גויישן כוח!...

דאָס אַרויסגערעדטע יידישע וואָרט, האָט גלייך אויפגעדעקט דעם קעגנזייטיקן טעות. באַלד בין איך געזעסן צווישן איינענע פוילישע יידן. כ׳האָב זיי דערציילט עטוואָס וועגן זיך און אויסגעהערט וועגן זייער לעבן אין פּאַריז און ווי גליקלעך זיי זענען אַריבער די שפּאַנישע גרענעץ. כ׳האָב זיי דערציילט וועגן מיין באַשלוס צו פאָרן קיין א״י. זיי אָבער האָבן געוואָרט אויפן ערשטן רמז צו קענען צוריקפאָרן קיין פּאַריז.

צו מאָרגנס האָט זיך געמאָלדן צו מיר אַ גאַרוואָלינער, מיט זיין פרוי און טאָכטער. זיין נאָמען איז געווען ראָכמאַן, — וועלוול שניידערס אַ זון. אַ האַרציקע משפּחה. ביי אונדזער אָפּפאָרן קיין א״י, האָבן זיי אונדז באַגלייט צו דער שיף.

מיט יאָרן שפּעטער, שוין אין לאַנד, האָב איך צופעליק באַגעגנט זיין יינגערן ברודער. ער האָט מיר דערציילט, אַז זיין ברודער איז אויף אַ טראַגישן אופן אומגעקומען אין פראַנקרייך.

יהי זכרו ברוך.

.2

# מיין מוטער אלקע־הינדע, הי״ד

## נר זכרון

דאָס לעבן איז אַ גאַרן־קנויל,
שפּינסט און שפּינסט און שפּינסט —
ס׳וועט עפּעס פון דעם ווערן.
פאַרגעסטו אַ דרים, פאַרפּעלסט אַן אויג —
מוזסטו אָנהייבן אַלץ פון דאָס ניי.
לאָזסטו נאָר די קנויל פאַלן —
פּלאָנטערן זי פרעמדע און אייגענע טריט
און די פּעדעם ווערן צעריסן.

אַ טריבער, קאַלטער ווינטער־אָוונט. הינטער די פאַרפרוירענע טאָפּל־פענצטער רייסט זיך אַ ווילד־שניידנדיקער ווינט, פייפט און קלאַפּט צאַרנדיק מיט די אויפגעריסענע לאָדנס. אין אונדזער האַלב־פאַרטונקלטער וווינונג הערשט אַ פאַרגליווערט שווייגן. דער גרויסער וואַנטזייגער מיט זיין מאָנאָטאָנעם טיקטאַק שטרייכט נאָך מער אונטער די אומהיימלעכע דריקנדיקע שטילקייט. נאָענט צום גרויסן קאַפּל־אויוון, אין ווינקל, זיצט מיין מוטער אויף אַ הילצערנער וויגשטול; אירע ווייסע אידעלע הענט ציען פון ערגעץ אַ לאַנגן געשלענגלטן פאָדעם, וויקלען אים אַרום אירע לאַנגע, דינע פינגער, און מיט דער הילף פון שטאַלענע בלאַנקע שפּיזלען, וואָס באַוועגן זיך זייער שנעל, כאַפּט זי אויף אויג צו אויג, פאַרפלעכט זיי און פאַרשפּיזלט לויט איר ווילן און איינזען. — ס׳האָט די מאַמע געשטריקט.

דורך דער אָפענער טיר פון אַלקער האָט אַ פאַרגעלבטע שוואַכע שיין פון אַ נאַפטלעמפּל געציטערט איבער אַן אָפענעם ספר, וואָס האָט ווי פאַרוואָשט די בולט־שוואַרצע געדרוקטע אותיות. איבערן ספר איז געליגן אַ גרויסע געשטערנטע פאַטשיילע פאַר אַ סימן... די שטול איז געשטאַנען לער, אַרויסגערוקט. דאָס האָט דער טאַטע נאָר אויף אַ ווייל פאַרלאָזט דאָס אויף שטענדיק־באַשטימטע אָרט זיינס. באַלד וועט ער זיך אומקערן און ממשיך זיין דאָס איבערגעריסענע לערנען.

איך בין נאָך דעמאָלט אַ קינד געווען, און האָב זיך יענעם אָוונט איבערגעגעבן אין גאַנצן דער דאָזיקער מינאָרער שטימונג. אין מיר האָבן זיך געוועקט פאַרדרימלטע דמיונות פון געהערטע און אַליין אויסגעחלומטע מעשיות פון פרעמדע, נישט געזעענע וועלטן. אין דער דאָזיקער פאַרטראַגענער שטימונג האָב איך זיך געפילט זיכערער אין תחום פון מיין מאַמען — אין איר נאָענטקייט האָב איך שוץ און רו געפונען. כ׳בין געזעסן אויף אַ קליין פוסן־בענקעלע און פאַרגאַפט געקוקט אויף די רויט־בלויע פייער־צונגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פונעם פלאַמיקן קין־האָלץ אינעם ברענענדיקן אויוון.

מיינע קינדיש־תמימותדיקע אויגן האָבן פאַרשעריש אַרויפגעקוקט צו מיין מוטער. איר לענגלעך, מאָגער פּנים איז איצט געווען באַשטראַלט מיט פרומער פאַרקלערטקייט. אין אַזאַ ליכט פלעג איך זי תמיד זען פרייטיק צו נאַכטס, ביים ליכטבענטשן. פון צייט צו צייט האָבן אירע הענט געציטערט; אירע קליינע, לעבעדיקע אויגן האָבן דאָס מאָל מיר אויסגעזען נאָך טיפער, ווי זיי וואָלטן אַריינגעקוקט אין זיך גופא און אויפגעכאַפּט דעם אָפּגעהיטענעם פאַרבאָרגענעם אוצר פון מחשבות און געפילן, וואָס האָבן אויג צו אויג, רינג צו רינג באַהאַפטן, געקייקלט דעם יחוסדיקן אָנהייב פון ווייטע דורות, געשפּינט דעם גרויסן זיידענעם געוואַנט וואָס איז אירע הענט אָנפאַרטרויט געוואָרן.

...שטאַרק איז דער בוים —
גענערט פונעם זאַפט פון די וואָרצלען...

אויף אַלע מיינע וועגן, אָנהייבנדיק פון מיין פריער קינדהייט, אין דער היימישער נאָענטקייט פון שטעטל, ביז איבער דער ווייטער צוגעאייגנטער פרעמד, האָט מיך תמיד באַגלייט מיין מוטערס טרייער בליק און געפיל צום מיטמענטש. די ענג־אָפּגעשלאָסענע וועלט פון מצוות און מנהגים, איר אָפּגעהיטענע פרומקייט, האָט נישט פאַרשטעלט פאַר איר האַרץ דאָס גוטע, דאָס עכטע, דאָס מענטשלעך־געראָכטע ביי נישט־גלויביקע, און אַפילו ביי גויים. זי האָט פאַרמאָגט דעם געבענטשטן כוח אויך אויף דעם פאַרבלאָנדזשעטן און שלעכטן מלמד זכות צו זיין.

אין אונדזער ברייט־פאַרצווייגטער משפּחה איז מיין מוטער באַקאַנט געווען ווי די מומע אלקה. זי איז געווען די צענטראַלע פיגור פון דער משפּחה, די פאַרבינדלערין אירע פון נאָענטע און ווייטע. מיט איר צאַרטן געפיל אין לויטערן געדאַנק האָט זי אַלעמען משפּחהדיק פאַרוועבט.

נאָך אין איר גאָר יונגן עלטער איז זי שוין געווען די פילבאַרע מוטער פאַר די פאַריתומטע היימען נאָך פאַרשטאָרבענע עלטערן, וואָס זענען אין אונדזער משפּחה געווען, ליידער, לרוב. איר האַרץ, ווי איר הויז איז תמיד געווען אָפן פאַר די יתומים. אונדזער היים איז פאַר זיי אַ צווייטע היים געוואָרן.

מיין מוטערס ברייט־געשטרייפט פאַרטעך האָט פאַרדעקט אַ שלל רחמנות צו ליידנדיקע אין זייער שטילער נויט. אין אַלע טעג פון וואָך, ביז דער קורצער שעה פון ליכטצינדן, פלעגט זי שטענדיק זיין פאַרנומען מיט טראָגן הילף: פאַר וועמען דאָס נייטיקסטע פאַרן וואָכעדיקן טאָג; פאַר אַנדערע

— הילף פאַרן „צוניפשטיקעווען" דעם שבת. — און אַלץ אין דער שטיל, נישט מבייש צו זיין חו"ש די, וואָס דאַרפן אָנקומען צו מענטשלעכער הילף.



פונעם פולן גאָרן־קנויל אין איר שויס, האָט מיין מוטער אויפגעפּלאָנטערט דאָס פאַרפּלאָנטערטע, צוניפגעבונדן דאָס צעריסענע, און איך האָב דעם פאָדעם געוויקלט, געראָלט אים איבער מיינע הענט, געבונדן בינטלעך — בינטלעך, פּאַרטיקע צום שטריקן...

מיין מוטער פלעגט דערציילן פון איר יינגן אַמאָל, פון יאָרן געזונקענע אינעם הינטערגרונט פון נעכטן. זיי שאָטענען זיך, די מעשיות, בולט פונעם טונקל אַרויס. אין מיין דמיון וועבן זיי זיך צוזאַמען אין איין פאַרבנרייך געוואַנט.

אַזוי ווייס איך וועגן איר זיידן ר' עקיבאַ־נטע — ערשטער דיין אין שטעטל.

געוועזן איז עס אין בראשית פון יידישן ישוב. גאַרוואָלין איז פריער און ווייזט אויס אין אַלע צייטן געוועזן וויסט פון יידן. מען האָט עס גערופן „דאָס מקום". ערשט נאָך דער צווייטער שריפה האָבן זיך דאָ באַזעצט יידישע משפחות פון די אַרומיקע דערפער, דאָך איז „דאָס מקום" נאָך אַלץ געבליבן גוייִש־פרעמד. ערשט שפּעטער, מיטן צופלוס פון זשעלעכאָווער יידן, סוחרים און באַלמעלאָכעס, באַקומט דאָס שטעטל אַ פּנים פון אַ קהילה.

די יידן האָבן מיט זיך מיטגעברענגט דעם זעכצן יאָריקן למדן און בעל־קבלה ר' עקיבאַ־נטע — אַ מיסטיש־איידל גע־שטאַלט, מער גייסט ווי גוף, אַ פאַרטוענער אין די עולמות פון נסתר און סוד. ס'איז דערציילט געוואָרן וועגן זיין התבו־דדות אין נאָענטן וואַלד און ביים וואַסער־פּלוס. יעדן פרי־מאָרגן פלעגט ער באַווונדערן דעם אויפגייענדיקן טאָג, ווי אַ נייע מעשה־בראשית: „רבונו של עולם, מיט וואָס האָב איך עס זוכה געווען?". ביי שקיעה ווידער פלעגט ער זיפצן: „האָסט מיר אַ טייערע מתנה, אַ ליכטיקן טאָג געגעבן. און וואָס האָב איך דיר געגעבן?"...

אין סיגופים און תעניתים איז ער נפטר געוואָרן אין עלטער פון עטלעכע דרייסיק יאָר. אַ לאַנגע צייט האָט אין דער סביבה געלעבט די לעגענדע: עקיבאַ־נטע.

וואָרעמער, אינטימער האָב איך געהערט וועגן איר פאָטער ר' פנחס דוד שו"ב. אויך ער איז געווען אַ תלמיד־חכם און בעל־מדרגה, פון גאָר אַן אַנדער שניט. זיין „אַרביטע" איז געווען די רעאַלע וועלט און דער מענטש אין איר. פון אַלע זיינע מעשים־טובים, וועל איך דערציילן בלויז איינע:

ס'איז געווען אין אַ ווינטער־אָוונט, באַלד נאָך דער באַקאַנטער מגיפה. די קליינע משפחה איז געזעסן געמיטלעך אַרום־טיש ביים אָוונט־ברויט. אין דרויסן האָט געווילדעוועט אַ זאַווערוכע מיט שטורעם און שניי; אַ פחד דעם קאָפּ אַרויסצושטעקן. פּלוצעם האָט די טיר זיך אויפגעפּראַלט און צוזאַמען מיט ווינט און שניי האָט זיך באַוויזן אין שטוב אַ שווער־אָנגעפּעלצטער ישובניק. אַלע זענען זיכער געווען, אַז דער „גאַסט" איז געקומען נעמען דעם שוחט אין אַ דאָרף אַריין צו שחטן געענדז. די באָבע, אסתר־רחל, איז געווען שטאַרק אומצופרידן: „אין אַזאַ זאַווערוכע?"... אָבער ווי נאָר דער ייִד האָט זיך איבערגעסודעט מיטן זיידן, האָט דער זיידע זיך איינגעהילט אין זיין שווערן פעלץ און ביידע זענען אַוועק אין דער נאַכט אַריין.

צו מאָרגנס האָט מען זיך דערוווּסט אַט־וואָס:

אין אַ וויטן פאַרוואָרפן דאָרף, צו וועלכן עס פירט אַ ווילדער וואַלד, האָט געוווינט אַן איינציקע יידישע משפחה; די עלטערן זענען אומגעקומען אין דער מגיפה. געבליבן איז בלויז זייער בן־יחיד — גרשעלע — אַ קינד אָן אַ גואל, אָן אַ קרוב. אַ שכן אַ גוי האָט דעם יתום גענומען צו זיך און געמאַכט אים פאַר דעם פּאַסטעך פון דאָרף. דערנידעריקט, פאַרוואָרלאָזט, איז דאָס יינגל קרעציק געוואָרן און געפונען זיין „היים" אין דער בהמות־שטאַל. די גויים האָבן זיך געגרייט אים אָפּצושמדן, און דער שמד האָט באַדאַרפט דורכ־געפירט ווערן דעם נאָענטסטן זונטיק. פון דעם האָט זיך דערוווּסט דער ישובניק און באַשלאָסן דאָס יתומל מציל צו זיין. דאָס איז ער געקומען אין דער זאַווערוכע ווי אַ שליח־מצווה, כדי מיט איר מזכה צו זיין אויך דעם זיידן — ר' פנחס־דודן. די מצווה איז אָבער געווען פאַרבונדן מיט אַ סך סכנות, און ער, דער ישובניק, האָט געוווּסט, אַז אויפן זיידן קען מען זיך סומך זיין...

אונטערן צודעק פון דער נאַכט האָבן ביידע — דער זיידע און דער ישובניק — אַרויסגעפירט דאָס יינגל פונעם דאָרף. דער זיידע האָט אים געברענגט צו זיך אין שטוב, ווי אַן אייגן קינד. ביים יינגל איז אָבער דער קאָפּ פאַרגאָסן געווען מיט אַ שחין ביז איבער די אויגן, און דער זיידע האָט אים במשך לאַנגע חדשים דעם שחין גערייניקט, געהיילט און טאַקע אויסגעהיילט. ער האָט מיט אים געלערנט, אים מגדל געווען און חתונה־געמאַכט.

דאָס דאָזיקע יתומל, גרשון, האָט אויפגעשטעלט אַ גע־זונטן און ברייטפאַרצווייגטן דור קצבים און שניידערס, וואָס האָבן זיך מפרנס געווען מיט כבוד. איין זון זיינער האָט אַפילו זוכה געווען צום מעמד פון אַ קהילה־פרנס...

הגם דאָס אַלץ קלינגט ווי אַ פאַרצייטיש מעשהלע וועגן צדיקים, למד־וואָווניקעס — איז עס אָבער אַ פאַקט, וועלכן ס'האָט מיר באַשטעטיקט איינער פון זיינע, גרשונס, זין — משה.



זייט כ'האָב באַנומען אין גאַנצן פאַרנעם די איידלקייט פון מיין מוטער און איר שטאַם, האָב איך עס מיר פאַרקריצט טיף אין האַרצן און שטענדיק געקוקט הינטער־זיך, אויף צוריק, — נישט איבערצורייסן די פעדעם וואָס מיין קלוגע, גוטע מוטער האָט באַהאַפטן און פאַרשטריקט אין אַ געוואַנט. אין דאָזיקן „געוואַנט" האָט זי אַריינגעשטריקט איר נשמה, כאַראַקטער, איר שטילע פרייד און פאַרדעקטן צער. דער



פון אויבן: ישראל'קע בעהמאַן, לאה זילבערמעהל, עזור סאָקאָל, משה קליימאַן, מרים שלאַנג.

דאָזיקער „געוועב“ אירער האָט מיך צוגעבונדן צום שטאַם און געגעבן מיר געפיל און כוח איבערצוהאַלטן אַלע עינויים פון יידישן גורל איבער די הפקר־שליאַכן פון דער גרויסער מוראדיקער וועלט...

ווען נאָר איך זאָל נישט האָבן געפּרוווט זיך אַרויסצורייסן פונעם הערמעטיש־געשלאָסענעם קרייז פון יידישער באַשערט־קייט; ווען נאָר עס האָבן מיך גערופן און גערייצט די אַלערליי אַוואַנטורעס און „נייעסן“ פון דער גרויסער, לאָקנדיקער וועלט, האָט זיך שטענדיק געשטאַרקט אין מיר דער צובונד צו מיין מוטער, און דאָס האָט מיך אָפּגעהאַלטן פון שריט, וואָס זענען עלול געווען מיך אָפּצורייסן פון שטאַם־אירן. אייביק האָב איך געפילט אין זיך איר וואַרעמען אָטעם, וואָס האָט מיך געמונטערט אין יעדער עת צרה, אויפגעהויבן מיך אַריבער אַלע ברויזנדיקע כוואַליעס פונעם שטורמישן לעבנס־ים — פול מיט יאוש און סכנות.

דער דאָזיקער וואַרעמער אָטעם אירער פלעגט שטענדיק קומען אין דער פאָרעם פון אַ מעשהלע, אָדער קינדער־ליד מיט וועלכן זי פלעגט מיך איינשלעפערן:

...„אַ מאָל איז געווען,

וואָס געווען וועט מער ניט זיין“...

משמר השרון 11.12.1963.

.3

# איטשע בער

אין די זכרונות פון מיינע קינדער־יאָרן אין אונדזער שטעטל, איז מיר פאַרבליבן לעבעדיק זיין פולע געשטאַלט, זיכער צוליב דער וווּנדערלעכער פּאַסירונג מיט אים וועגן וועלכער איך וויל דאָ דערציילן.

געווען איז ער אַ פּשוטער, תמימותדיקער ייד, ווי אַ סך אַנדערע זיינס גלייכן האָרעפּאַשנע האַרציקע יידן. ווי יענע האָט ער געגלייבט אין גאָט, אין מלאכים, צדיקים און להבדיל — אין שדים, בייזע־רוחות און אַ סך אַנדערע ווילדע אומ־נאַטירלעכע, איבערנאַטירלעכע כוחות, מיט וועלכע ס'איז פול די וועלט. נאָך איצט זע איך זיין געשטאַלט — און ס'קוקן אויף מיר אַ פּאָר לעבעדיקע־גרויע, אומרויִקע אויגן, ווי זיי וואָלטן תמיד עפּעס וואָס געזוכט.

אפשר האָט ער דאָס געזוכט בלויז אַ זיכערן טאָג־פּרנסה?

ער איז געווען שלאַנק, פון העכערער וווּקס און אין שטענדיקער באַוועגונג, ווי אַ ייִנגל, הגם ער איז שוין דעמאָלט — ווען איך האָב אים געקענט — געווען אין מיטעלן עלטער, מיט ערשטע סימנים פון זקנה אין דער באָרד און אין די קנייטשן פון זיין אויסגעצערטן, בלייכן פּנים. זיין געקירצטע קאַפּאָטע איז קיינמאָל נישט געווען פאַרקנעפּלט און זיך געבלאָזן אין ווינט ווי זיין ברייט־צעוואַקסענע באָרד. די שטייפע כאָליעוועס פון זיינע שטיוול האָבן געגלאַנצט ווי ליאַק, און באַוויגן האָט ער זיך, ווי שוין געזאָגט, ייִנגלעריש פלינק און פריי ווי צום טאַנץ.

אויך דאָס קליינע יידישע היטעלע וואָס ער האָט געטראָגן אויף אַ זייט, קרומלעך־שטייף, אַ זכר פון סאָלדאַטסקע יאָרן אין פאָניעס מיליטער, האָט צוגעגעבן עפּעס צו זיין ייִנג־לערישקייט, כ'וואָלט געזאָגט: ווילייִנגערישקייט.

געווען איז ער אַ סאַדאָווניק, ד"ה ער פלעגט אָפּדינגען סעדער און פּאַקן די פּרוכט אין קוישן און אָפּשיקן זיי צום פאַרקויפן אין גרעסערע צענטערס. די קלענערע פּרוכט און „אַנגערירטע“ — פלעגט ער פאַרקויפן אויפן היימישן באַזאַר.

פונעם לעבן זיינעם און יוגנט־עלטער ווייס איך גאָרנישט. אויך זיין משפּחה געדענק איך נישט. כ'ווייס נאָר אַז ער האָט געשטאַמט פון דורות קלעזמער און סאַדאָווניקעס, וואָס האָבן געלעבט אין דחקות און אַ גאַנץ יאָר געקוקט אין הימל אַריין, וואַרטנדיק אויף אַ גערעטעניש, וואָס זאָל זיכערן זייער פּרנסה, און שטיל זיך געראַנגלט מיטן גורל. אַזאַ איז אויך געווען איטשע־בער.

אָבער איך געדענק אים, איטשע בערן, פון צייטן פון מלחמה און פּרעוניותן אויף יידן, און טאַקע אין אַזעלכע צייטן איז ער געווען פון די ערשטע וואָס זענען תמיד גרייט געווען זיך מוסר־נפש צו זיין פאַרן יידישן כבוד. איטשע־בער איז געווען דער אויפמאָנער פאַרן באַליידיקן, פאַרן שלאָגן אַ יידן. און אויפגעמאָנט האָט ער מיט פּראָצענט...

אַ סך איז דערציילט געוואָרן וועגן זיינע מעשים, בעת די יערלעכע „פּריזיוו“־סעזאָנען. איינער אַ רויטער שגץ — כ'דערמאָן זיך נישט זיין נאָמען — האָט אָרגאַניזירט באַנדעס פון די פּריש־מאָביליזירטע אָנצופאַלן אויף יידן. אָנגעהויבן האָבן זיי זייערע מעשים נאָך אינעם קאָרידאָר פון דער „פּאָבאָר“־קאָמיסיע. די שקצים האָבן ביים אַרויסגאַנג פון דער קאָמיסיע געמאַכט אַ בראַנד־בויגן און אַראָפּגעלאָזט אויף די קעפּ פון די באַפרייטע יידישע בחורים אַ האָגל פון קלעפּ. אין אָוונט האָבן די כוליגאַנעס געווילדעוועט אין די יידישע געסלעך. אין אַזעלכע מאָמענטן פלעגט די פּאָליציי אויסרינען און יידיש־לעבן און האָב־און־גוטס איז געווען הפקר.

אין אַזעלכע פאַלן האָבן די איטשע־בערס גענומען דעם יידישן גורל אין זייערע הענט — און אויפן איטשע־בערישן לשון האָט עס געהייסן: „אויסשאָקלען די ביינער פון די גראָבע זעק“. אין אַזעלכע טעג האָט מען אונדזער איטשע־בערן אָפּגעגעבן גרויס כבוד, מען פלעגט אים רופן ר' איטשע בער.

בדרך כלל אָבער, אין נאָרמאַלע שטילע טעג האָט זיך איטשע בער נישט געמישט נישט אין קהלישע ענינים און נישט אין פּאָליטיק. אַ נחבא אל הכלים, שטיל, פאַררוקט אין זיין אָרעמען ווינקל, ווי ער וואָלט אינגאַנצן נישט עקזיסטירט. און האָט זיך עמעצער יאָ דערמאָנט אין אים, האָט ער זיך דערמאָנט אין איטשע־בערלע, וואָס מען האָט געקאָנט טייטשן סיי צום גוטן סיי פאַרקערט — און דאָס איז געווען ווי מ'זאָל וויסן וועגן וועמען עס רעדט זיך.

דאָס שטעטל האָט כמעט נישט געוווּסט פון קיין פאַמיליע־נעמען. מ'האָט זיך באַנוצט מיט צונעמען, פאָרנעמען, ביי־נעמען און אונטערנעמען — לויט דער חשיבות און אומחשי־בות פונעם מענטש. אַנדערש, ווי וואָלט מען געוווּסט וועמען מען מיינט?...

און מ'האָט געטראָפן אַז מ'האָט עמעצן געזוכט מיטן מאַגיסטראַצקן פאַמיליע־נאָמען, האָט מען זיך לאַנג געמוזט נאָכפרעגן ביז מ'האָט געפונען זיין ריכטיקן אַדרעס. בלויז איינצלנע משפּחות האָבן זוכה געווען באַקאַנט צו זיין פון זייערע פאַמיליע־נעמען און דאָס אויך נאָר צוליב אומדער־קלערלעכע סיבות. פּשוט: צווישן אַזוי פיל אומנאָרמאַלקייטן, האָט אויך דאָס פּאַסירט.

אויך אונדזער איטשע־בערלע האָט געהאַט אַזאַ אונטער־נאָמען: איטשע־בער „האָפּאַ“. איך מוז דאָ צוגעבן, אַז אַ סך האָבן פון דעם נישט געוווּסט: ס'איז דאָך בלויז אַן אונטערנאָמען, וואָס איז צוליב עפּעס געבליבן אין שאָטן.

געווען אין שטעטל צוויי משפחות וואָס מ'האָט זיי גערופן די שפּרינגערס, אין תּוך ענלעך צו „האָפּאַ", אָבער קלינגט דאָך אַנדערש. די סיבּה פון דעם איז פאַרהילט אין אַ סוד, וועלכן מיר וועלן ווייטער אויפקלערן.

ס'איז געווען אין אַ יום־כּיפּור־נאַכט, שוין נאָך די תּפילות. דאָס האַלב־געזונקענע הילצערנע בית־מדרש איז געווען שוין כּמעט ליידיק. דער חלל איז נאָך געווען אָנגעזאַפּט מיט די ריחות פון די אויסטריפנדיקע ליכט און מיטן הייסן געבעט פון צעבראָכענע יידישע הערצער. אַן אומעט האָט געשפּאַרט פון אַלע ווינקלען און שווער זיך געלייגט אויף מיין פרום קינדעריש געפיל. איבער די לאַנגע געהובלטע שווערע טישן האָבן נאָך געצאַנקט פאַראיינצלטע פלעמלעך פון גרויסע ליכט, אויסהויכנדיק זייערע נשמות. אינעם זאַמד פון די הילצערנע קעסטלעך. אויף די געמאָלטע בית־מדרש ווענט וואַרפן זיך שאָטנס פון פאַראיינצלטע יידן וואָס האָבן זיך פאַרהאַלטן לענגער — און אפשר אויף אַ גאַנצער נאַכט — אויסגיסנדיק זייער גלויביק האַרץ אין תּפילות און תּהלים:

— אשרי תמימי דרך ההולכים בתורת ה' — און ווי אַ ווידערקול הערט זיך פון אַן אַנדער ווינקל:

— אוי, למה יאמרו הגוים איה אלהיהם....

דאָס־בית־מדרש איז איצט פול מיט קדושה און רחמים. בלויז דער ארון קודש שטייט ווי צוריקגעצויגן אין זיך און שוויגט. פון מזרח־זייט איבערן עמוד שימערט דער נר־תּמיד מיט אַ העלן פלעק אויפן סופיט, ווי די אשמורת־לילה צום מאָרגנדיקן יום־הדין.

אַנטקעגן אויף אַ האַרטער באַנק ליגט אויסגעשטרעקט אונדזער איטשע־בער האַלב דרימלענדיק — דאָס האַלט ער שמירה אַזוי איבערן בית־המדרש.

אין איינער אַ יום־כּיפּור נאַכט פון מיט יאָרן צוריק, שוין נאָך חצות, איז איטשע־בערעלע אויפן וועג אַ היים פאַרבייגעגאַנגען די בית־מדרש־גאַס. געקומען איז ער פון מאַרק־פּלאַץ, ווו ער איז געשטאַנען מיט זיין פריילעכער חבֿרה, וואָס האָט דערציילט זיך שוין גאָר נישט קיין צו פרומע מעשׂיות און הפקרדיק געלאַכט. אומדערוואַרט האָט ער דערשפּירט אַז ער דאַרף אָפּטרעטן דאָרט ווו מען מוז גיין אַליין. ער איז נאָך דעמאָלט יינג געווען און נישט לאַנג געטראַכט, האָט ער, ווי זיין שטייגער, מיט לייכטע טריט זיך אַראָפּגעלאָזט מיטן בית־מדרש פאַרקאַן פאַרביי דער מקווה, די טהרה־שטוב און געקומען צום באַשטימטן אָרט — ביים טייך־ברעג.

זיצנדיק דאָרט האָט ער צופעליק געוואָרפן אַ בליק אויפן וואַסער. דער טייך האָט געגלאַנצט טונקל און אַלץ אַרום איז געשטאַנען אין שטילער אימה. אויפן צווייטן טייך־ברעג זענען די פעלדער געווען פאַרטרונקען אין אַ ים פון פינצטער־ניש. פּלוצעם האָט די באַהאַלטענע לבֿנה זיך אַרויסגעגליטשט פון אַ העלערן וואָלקן־פּאַס, צייכענענדיק אויפן וואַסער אַ פאָרמלאָזן שאָטן פון עפּעס אַ געשפּענסט וואָס איז געוואָרן אַלץ ברייטער און גרעסער און זיך אַלץ מער צו אים דער־נענטערט. איטשע־בער האָט זיך איבערגעשראָקן. ס'האָט אים דערמאָנט אַ דערטרונקענעם. דאָך האָט ער זיך גלייך באַהערשט און נישט מיט קיין לייכט געפיל פאַרטריבן פון זיך די שרעק. און כּדי זיך נאָך מער צו שטאַרקן, האָט ער גענומען פייפן אַ מיליטערישן מאַרש.

אויפהייבנדיק זיך, האָט ער מיט פעסט־געמאָסטענע סאָל־דאַטסקע טריט דערגרייכט צום בנין פון דער מקווה. אָן אויפגעשראָקענע פלעדער־מויז האָט אַרויסגעפּאַטשט פון דער אָפענער מקווה־טיר און ווי אַ שוואַרצער שד ווינטיק שאַרף דערכגעפּאַטשט פאַר זיין פּנים.

דער קירכן־זייגער האָט אויסגעשלאָגן צוועלף און דער מעטאַל־שאַרפער קלאַנג האָט זיך רוישיק געוועלבט אין חלל: דזשין, דזשין, דזשין... פון אַ הויכן טאָפּאָל האָט אַ סאָווע זיך יאָמערלעך צעוויינט. דאָ האָט אונדזער העלד אויפגעציטערט אין פולער שרעק. זיין העלדישקייט איז ווי צעשוווּמען. ס'איז אויפגעקומען און אים די פון דורות פאַרוואָרצלטע שרעק פאַר שדים, דיבוקים, דייטשלעך און סתם בייזע־רוחות — פון די קינדער־מעשׂהלעך איז די חדר־יאָרן.

די האָר־וואָרצלען האָבן אים געשטאָכן. אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַדעקט און זיין פּנים האָט געגליט פון פיבער.

רבונו של עולם! — פּרוּווט ער שרייען פון פאַרצווייפ־לונג; זיין שטים — פאַרגליווערט — בלייבט אים שטעקן אין האַלדז. ער פּרוּווט לויפן, אָבער אויך זיינע פיס שווערע, ווי שטיקער בליי, בלייבן ווי צוגעשמידט צו דער ערד — און קיין טראָט מער...

מיט צעפלאַמטע אויגן מערקט ער ווי די מקווה מיטן טהרה־שטיבל רוקן זיך צו אַלץ נענטער צו אים, אויך דער פלויט פון בית־מדרש באַוועגט זיך שווינדלענדיק פאַרביי, ווי אין אַ צוג. דאָס בית־מדרש אַליין איז באַלויכטן אומגע־ווינלעך העל און איז אינעווייניק פול מיט מתפּללים, געהילטע אין טליתים און שניי־ווייסע קיטלען ביז איבער די פּיס, זיי שאָקלען זיך און דאַווענען.

נאָך אַ ווייל — ער זעט זיך שוין אויף דער בית־מדרש שוועל, די טירן שטייען צעפּראַלט, אויפן באַלעמער — אַן אָפענע ספר־תּורה, אַ בעל־קורא לייענט אַרויס די פּרשה מיט אַן אומהיימלעך פרעמדן ניגון.

איינער פון קהל דרייט זיך אויס צו אים. די אויגן — צוויי לעכער, דאָס פּנים־קנאָכיק־שאַרף און בלייך, איינגעראַמט און אַ ווייס־ווייסער באָרד. ער רופט אים מיטן ווייזפינגער פון אַ שטאַרער האַנט.

— קום, קום־אַריין, וועסט עולה לתּורה־זיין!

שוין אינעווייניק פירט אים די זעלבע האַנט באַלעמער אַרויף, הילט אים אין אַ טלית איין און ווייזט אים אָן מיטן טויטן פינגער דעם פּסוק אינעם ספר:

— מאַך, איטשע־בער, די ברכה — באַפעלט ער אים שטרענג.

איטשע־בער עפנט ס'פאַרקלאַפּטע מויל און פון צווישן די שטאַרע ציין ברעכן זיך דורך די צוויי ווערטער: ברכו את... און ווייטער גייט עס נישט. ער האָט ממש פאַרגעסן די ברכה. עמעצער פון קהל העלפט אים זי ענדיקן: ברוך אתה נותן התורה.

ווידער בויגט זיך איין איבער אים דאָס זעלבע געשטאַלט און באַפעלט אים:

— שפּרינג אַרויס פון דאַנען הינטערווילעכץ, אָט אַזוי — האָפּאַ... אַלץ וואָס האָסט געזען, ווי נישט געזען. געווען, געזען און געשוויגן.

אַהיימגעקומען איז איטשע־בערעלע קוים אַ לעבעדיקער. אַ גאַנצע נאַכט און צו מאָרגנס אַ גאַנצן טאָג איז ער געליגן אין הויכער היץ, גערעדט מאָדנע, נישט קלאָרע רייד וועגן מתים, טליתים — און אַנדערע גראַמען, וואָס קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען. געמיינט האָט מען אַז ער איז רחמנא־

לצלן פון זינען אַראָפּ אָדער חו״ש אַ דיבוק איז אים אַריין.

באַלד נאָך יום־כּיפּור האָט מען אים געבּרענגט צום רבּין אין נאָנטן שטעטל.

דער רבּי האָט אים גוטמוטיק באַרויִקט, געפּאַרשט, געפּרעגט אויף דעם, אויף יענעם און אַרויסבאַקומען פון אים אַלץ וועגן זיינע מעשׂים, מחשבות און חלומות — אַלץ וואָס אויפן גרונט פון דער נשמה.

דער רבּי האָט אים מתיר געווען דעם סוד און איטשע־בער האָט אויסגעבראָכן אין אַ הילפלאָזן געוויין:

— „רבּי, כ׳בּין זיך מודה, כ׳האָב געזינדיקט!

— איצט, מיין זון — האָט דער רבּי געזאָגט — ווייס, דברים בטלים און זינדיקע מחשבות ברענגען חו״ש צו שרעקלעכע מעשׂים. און פאַר זינד איז דאָ עונש און אויך כּפּרה. ווי שרעקלעך איז צו הערן, אַז אַ ייד אין יום־כּיפּור, ווען די עולמות שטייען אין פּחד און אין תּפילה, פּיש אין וואַסער ציטערן, בעטן רחמים און דו — פון בּית ישׂראל — האָסט נישט געטראַכט וועגן יום־הדין און וועגן שׂכר ועונש...

ווילסט אַ תּשובה? — איז דער רבּי ממשיך, פרעגנדיק:

— יאָ רבּי — האָט איטשע־בער כּמעט ווי אויסגעשריגן, כ׳וויל אַ תּשובה, רבּי, און אַ שווערע תּשובה!

דער רבּי האָט שווער אָפּגעזיפצט, אַ שווייס האָט באַדעקט זיין שטערן.

— זאָלסט יעדן יום־כּיפּור ביינאַכט — האָט ער אונטער־שטראָכן יעדעס וואָרט — נעכטיקן אויף דער האַרטער באַנק אין בית־מדרש. זאָלסט נישט איינשלאָפן. מען לאָזט נישט ברענענדיקע ליכט אַליין: ליכט זענען נשמות, מען דאַרף זיי היטן...

---

## אַ בּריוו צו גאַרוואָלינער אין 1946

טייערע פריינט,

מיר האָבן היינט דערהאַלטן פון דער אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון פּוילישע יידן דעם בּריוו, וואָס דער יידישער קאָמיטעט פון גאַרוואָלין, אונטערגעשריבן פון נאַטאַליע בערלעווי האָט צו זיי געשריבן.

לויט אייער בּריוו, זענען ביי אייך רעגעסטרירט צען יידן. מיט אַ צייט צוריק האָבן מיר פון זיי באַקומען אַ צעטל מיט 33 נעמען פון גאַרוואָלינער. וואָס איז געוואָרן פון די איבעריקע. — לעבן זיי? וואַנדערן זיי?

מיר שיקן אייך היינט אַרויס 10 פּעקלעך עסן. מיר וועלן אין קורצן שיקן אייך פּעקלעך קליידער. לאָמיר האָפן אין וועט זיי דערהאַלטן.

די פּעקלעך שיקן מיר אייך אין אונדזער אייגענעם נאָמען. ווערזשע זענען מיר? אין קורצן — מיין נאָמען איז מיכל — אייזיק פאַרבּערס זון. אונדזער פאַמיליע־נאָמען איז געווען קאַפּענהויז — איצט קויפמאַן. מיין שוועסטערס נאָמען איז פּעסע — זי איז צוזאַמען מיט מיר און אַרבּעט גלייך ווי איך, פאַר אייך. אַזוי אויך מיין ברו־דער דוד. מיר זענען אַוועק פון גאַרוואָלין אין 1923 און שפּעטער קיין אַמעריקע. מיין פרוי איז נישט פון גאַרוואָלין.

אייניקע פון אייך וועלן אונדז זיכער געדענקן. שיע קאַרפּמאַן, — מיינער אַ יוגנט חבר, מענדל צימבּעראָוויטש אויך. שמואל לאַקסמאַן, מאיר און ישׂראל הערץ, רבקה וואַסערניס (?) — די מערסטע פון אייך געדענקען אונדז זיכער. מיר האָבן געקענט אַ סך פון אייערע עלטערן. בערלעוויס — אייער זיידן און טאַטן האָבן מיר געקענט. אייערע נעמען זענען געווען געדרוקט אין דער יידישער פּרעסע. און אַז איר זענט אין לאָדזש.

מיר שיקן אייך אַן אויפרוף וואָס מיר האָבן געדרוקט אין דער גאַנצער יידישער פּרעסע. קיין סך גאַרוואָ־לינע געפינען זיך נישט אין אַמעריקע. און די פּאָר וואָס זענען דאָ זענען צעשפּרייט איבער דעם לאַנד און אייניקע זענען גאָר פון עלטערן דור. מיר וועלן זיך באַמיען טאָן פאַר אייך וואָס ס׳איז מעגלעך — הן פּריוואַט און הן ווי אַ גרופּע — אויב מיר וועלן עס נאָר קענען אָרגאַניזירן. פון דער ווייטנס וועלן מיר זיכער נישט שטיין. מיר בעטן אייך, אַז ווער פון אייך וואָס וועט דערהאַלטן אונדזער בּריוו, זאָל אונדז באַלד שרייבן ענטפער. לאָזט אונדז וויסן פון אַלע גאַרוואָלי־נער, ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען — אין פּוילן, רוסלאַנד, פראַנקרייך — אָדער ארץ־ישׂראל. אויב איר האָט קרובים אין אַמעריקע, שיקט צו זייערע נעמען מיט אָדער אָן אַדרעסן.

ווען וואָס איר זאָלט נישט שרייבן — וועט עס אונדז אינטערעסירן. כאָטש מיר אַליין האָבן נישט קיין שום קרובים אין גאַרוואָלין פילן מיר דאָך אַלץ אַז מיר זענען צוגעבונדן צו אייך און צו אַלע אונדזערע שוועסטער און ברידער פון פּוילן מיט אונדזערע הערצער, מיט אונדזער בלוט.

יאָ די זכרונות פון אונדזערע יוגנט־יאָרן — יאָרן פון פרידן און פרייד, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט זייענדיק אין גאַרוואָלין — די דאָזיקע זכרונות וואַכן נאָך אין אונדז און רופן אַרויס אַ שטראָם וואַרעמע סענטימענטן — טרויער און טרערן. וואָס איז פון דעם אַלעמען געבליבן — אַ מנין יידן. אויף אַזאַ חורבן קען מען אפילו נישט קלאָגן — קלאָגן איז אַ חילול־השם אין פאַרגלייך מיט דעם חורבן. טרייסט־ווערטער? פאַר דעם איז יעדער בן־אדם שוואַך. זאָל־זשע זיין געזונט דערוויל.

איך האָף איר וועט דערהאַלטן אונדזער בּריוו, און אפשר, אפשר וועלן מיר אַביסעלע פאַרגרינגערן אייער לאַגע.

זייט מיר אַלע געזונט און געגריסט.

אייער מיכל קויפמאַן

שלמה נחשון

# טרוימען וועגן שטעטל

פון מיין שטעטל בין איך אַוועק
און מערער כ׳קען אַהין נישט קומען
און זינק אין חלומות
זיי קענען מיך ניט בייקומען.

אָבער איך געדענק
ווי מיר חברים פלעגן שפּאַצירן צוזאַמען
און געפילט האָב איך שוין דאַן
ווי מיר זענען אַרום מיט פלאַמען.

ווען מיר חברים האָבן זיך אויפן פעלד געזעצט,
ווי ליב איז אונדז געוואָרן —
די לבנה האָט אונז אלעמען באַצירט
ווי זי וואָלט אונדז אלעמען געבאָרן.

באַלד האָבן מיר געפילט קלאָר
און אַקסל צו אקסל אויסגעשפרייט
און די לבנה מיט אירע שטערן־אויגן
האָבן זיך פאַר אונז גענויגט.

יעדער האָט דעם קאָפּ געבויגן
און אַקסל אין אַקסל אַנגעשפּאַרט
און יעדער האָט געשעפּטשעט און געפרעגט
וועט דאָס זיין אַזוי לעולמי עד?

האָבן אונזערע ציטעריקע הענט
די געזיכטער אויפגעהויבן
געפרעגט און געפרעגט
צו קענען איינער דעם צווייטן גלויבן?

מיט אַ מאָל איז טאָג געוואָרן
און די זון מיט אירע שפּיזן
האָט אונז אַלמען ערוואַכט
און האט אונז אלעמען אַ וועג געוויזן.

און מיט דער זריחה ערוואַכונג
האָבן מיר אויך אַלע ערוואַכט
דאָס איז געווען מיין לעצטער אָוונט,
ווו כ׳האָב מיט מיינע חברים פאַרבראַכט.

ביים געזעגנען האָט די זון מיט אירע שטראַלן
אונדז באַדויערט, ווי אַ באַגלייטן,
ווייל זי האָט שטענדיק פאַר אונז אַלעמען געשיינט
און איצט דאַרפן מיר זיך שיידן.

ט׳ באב תשכ״ו (26.7.66)

מיכל קויפמאַן / ניו־יאָרק

# דער צעבראָכענער שפּיגל

איך שטיי ביי דער כּותל־מערבי. מיין פּנים האָט חלום —ווירקלעכקייט.

אַ חלום האָט זיך מיר געחלומט.

איך שטיי ביי דער כּותל־מערבי. מיין פּנים האָט ביי די הייליקע שטיינער. פון די הייכן פאַלט אַ דינער, קאַלטער רעגן. אויף מיינע ליפּן דערפיל איך, ווי אַ מאָל אין די קינדער יאָרן, דעם געזאַלצענעם טעם פון טרערן. ניין — עס רעגנט ניט. פונעם הימל פאַלן טרערן.

דער הימל וויינט!

מיטאַמאָל האָב איך ווי אויף פליגל אוועקגעשוועבט אין דער לופטן און געשווומען צווישן וואָלקנס ווי גיגאַנטישע אייז־בערג. ראַפּטעם האָט מיך ווער אָנגענומען ביי דער האַנט און מיך געפירט איבער דער נאַדוואָדנע־גאַס, ביז איך האָב דערזען און צוגעקומען צו דער גאַרוואָלינער שול.

אָפּגעברענט, פּעך־שוואַרץ. די פענסטער אויסגעהאַקט. אַ האַלבע טיר אָפּגעבראָכן. די אַנדערע העלפט איז אויף איין זאַוויסע געהאָנגען קרום ווי אַ טיילווייז אָפּגעבראָכענע צווייג פון אַ בוים.

אינעווייניק איז געווען אימהדיק פינצטער. דער ריח פון פייער, רויך און סאַזשע איז אריין אין מיין אינגעווייד. שוואַרצע סודותפולע פייגל האָבן פאַרבייגעשוועבט, אַריין און אַרויס דורך די אָפענע פענצטער. אויבנאָן ביי דער מזרח־וואַנט האָט געגאַפּט אַ פינטל ליכט, ווי אַ טויט־פאַרגליווערט אויג. איך האָב זיך צוגעשלייכט צום פינטל ליכט און זיך אַוועקגעזעצט אויף א באַנק. אויפן טיש ביים פינטל ליכט איז געלעגן א שיימע. מיט ציטערדיקע ליפּן האָב איך געלייענט:

„איכה ישבה בדד...״ אומגעריכט האָט אַ שווערע מידקייט מיך איינגעהילט. איך האָב אָנגעלענט מיין קאָפּ אויפן טיש און אַזוי, פאַרזינקען אין שלאָף און חלום, האָט זיך מיר געחלומט אַז איך בין איינגעשלאָפן און אינעם חלום האָט זיך מיר געחלומט אַ חלום.

איך שוועב ווידער אין דער לופטן צווישן וואָלקן־כוואַליעס ווי סטאַדעס גרוי־ווייסע שעפּעלעך. ביסלעכווייז האָט זיך פון די וואָלקנס אַרויסגעלייטערט אַ גרויסע פירעקיקע ראַם מיט אַ שפּיגל. פונעם שפּיגל האָט אַרויסגעשיינט דאָס גאַנצע שטעטל גאַרוואָלין. בולט, ווי מיט אַ דריטער דימענסיע, האָב איך דער־קענט און אָנגעטאַפּט די הייזער מיט די גאַסן. אַזוי לאַנג ניט געזען; אַזוי שנעל דערקענט: איבער די גאַסן האָבן געאײַלט באַקאַנטע פּנימער: סוחרים, באַלמעלאָכעס, באַלעבאָסטעס, קינדער, בית־מדרש־ייִנגלעך, ייִנגעלייט פון די פאַראייִנען.

מיטאַמאָל איז די גאַנצע לאַנדשאַפט ווי פאַרגליווערט געוואָרן. מ׳האָט ניט געזען אויף די גאַסן קיין לעבעדיקן נפש. פּחד און אומגליק האָבן געשיפּעט אין דער פּאַטאַלער שטיל־קייט. פון די אָפענע פּוסטע הייזער האָט אַרויסגעוויינט גרויל און טויט.

פלוצים האָט אַ העליש פייער אַרומגעכאַפּט די ראַם און זיך פאַרשפּרייט איבער דעם שפּיגל. באַלד האָט זיך דערהערט אַ קראַך און דער שפּיגל איז צעפּלאַצט געוואָרן אַף שטיק־שטיקלעך.

די שערבלעך פונעם שפּיגל זענען געלאָפן און זיך געדרייט פאַר מיינע אויגן, בליץ שנעל און קאַליידעסקאָפּיש, ווי אַ קינאָ־פילם, וואָס איז אויסער קאָנטראָל. פונעם געווימל האָבן אַ מאָל אַרויסגעטויכט באַקאַנטע פּנימער. אַלע האָבן אויסגעזען ערנסט, שמאָל און לאַנג, אויסגעצויגן און דורכזיכטיק ווי גלייטערטער האָניק אָדער וואַקסענע ליכט. הינטער יעדן איינעם פון זיי האָט נאָכגעשוועבט אין אַ מאַטער קאָנטור אַ ספר־תורה.

ס׳האָט מיר גענומען שווינדלען. ווען איך האָב צוריק געעפנט די אויגן, האָט אַ בלישט־געטאָן אַ בלענדיקע ליכטיקייט פון זילבערנעם שניי. אַזוי האָב איך אין מיין דמיון געזען דעם הימל און די פּמליא־של־מעלה.

מען איז געזעסן ארום בײדע זייטן פון אַ לאַנגן טיש. לעבן טיש זענען געשטאַנען הייפלעך אומבאַוועגלעכע מענטשן, אין קיטלען און טליתים אריבערגעצויגן איבער די קעפּ. עס האָט אויסגעזען ווי אַן אויסגעגאָסענער מאָנומענט. זייערע פּנימער האָב איך ניט געקענט זען. פון צייט צו צייט האָט אַרויסגע־טויכט אַ פּנים אַ סקעלעט און דאַן אַ פּנים פון אַ גאַרוואָלינער וואָס איך האָב דערקענט. אלע זענען געווען אויסגעדרייט אין איין ריכטונג — רעכטס. דאָרט איז געשטאַנען אַ גרויסע גאָלדענע שטול איינגעהילט אין פלאַמען. אַלע האָבן געהאַלטן די הענט אויסגעשטרעקט צו דער גאָלדענער שטול. אָבער די שטול איז געווען ליידיק. אין דער לופטן האָבן ארומגעשוועבט ווייסע פאַבולאַרע פייגל, ווי מלאָכים, אויסגעבויגן ווי גרויסע פרעג־צייכנס.

די ייִדן אַרום טיש האָבן זיך אָנגעהויבן באַוועגן און רעדן:

— פאַרוואָס?
פאַרוואָס איז דער שפּיגל צעבראַכן?
— פרעגט ניט,
מ׳וועט ניט ענטפערן.
— און אַז מען וועט יאָ ענטפערן?
— וועט מען דאַרפן אַן ענטפער אָפן ענטפער.
— לאָמיר ניט באַלעמוטשען,
לאָמיר בעסער צוריק צונויפשטעלן דעם שפּיגל.

אָפן טיש זענען געווען אָנגעוואָרפן די שערבלעך פונעם שפּיגל. אַלע זענען געוואָרן פאַרטיפט אין דער עבודה פון צונויפשטעלן דעם שפּיגל וואָס איז געווען צעבראָכן ווי אַ זעג־רעטעניש — דאָס אייביקע ייִדישע רעטעניש.

אומדערוואַרט האָבן זיך געיאַוועט אַ פּאָר ייִדן. אָן ווער־טער האָבן זיי גענומען צונויפשאַרן די שערבלעך פונם שפּיגל, איינגעוויקלט זיי אין אַ טלית, אַריינגעלייגט אין אַן אָרון און אַרויפגעלייגט אויף אַן עגלה. די גאַנצע עדה האָט ווי א גרויסע סטאַטוע נאָכגעשוועבט נאָך דער עגלה. כמעט אַלע אין ווייסע קיטלען און טליתים, אַלע זענען אויך געווען ווי אַיינגעהילט אין טיול פון שוואַרץ און טרויער.

שאַ שטיל. שאַ שטיל. פייפט עס דער ווינט? יאָמערט

ווער ?, שאַ, שטום !. שאַ, שטום !. ציט זיך די טרויער פראָצעסיע צווישן וואָלקנס שוואַרץ ווי די נאַכט. טריט און טריט — שטיי. טריט און טריט — שטיי. שאַ, שטיל. שאַ, שטום — שלייכט זיך, שלייכט זיך די חושכדיקע לוויה ביז צו דער נאַדוואַדנע גאַס, ביז צו דער גאַרוואָלינער שול.

אין דער פאַרפינצטערטער שול האָבן וויברירט דינע אויסגעמישטע טענער פון איכה, כל נדרי און ונתנה תוקף. אינעם אָפענעם אָרון־קודש איז געשטאַנען אַ ספר־תורה איינגעהילט אין פלאַמען. אַ ווייסע טויב האָט מיט צעשפּרייטע פליגל געהויערט איבערן אָרון־קודש.

מען האָט געעפנט דעם אָרון. די שערבלעך פונעם שפּיגל זענען פאַרשווינדן. אינעם אָרון איז גאָר געלעגן אַ שוואַרץ געבונדענער ספר. מיט צערטלעכקייט, מיט פאָרכטיקייט האָט מען דאָס ספר אַוועקגעשטעלט לעבן דער ברענענדיקער ספר־תורה. פונעם פייער האָבן ארויסגעלויכטן גאָלדענע פונקען־אותיות : „פה יחיה — ספר זכרון לקדושי גרבולין”.

דורך די אויסגעברענטע אָפענע פענצטער האָט מען געהערט הונדערטער־טויזנטער, הונדערטער־טויזנטער מאָל : אל מלא רחמים... הקדושים והטהורים... אל מלא רחמים הקדושים והטהורים...

די ווייסע טויב איז פאַרפלויגן, דער ניגון איז אויס־
[illegible]

קהילה־פראַצעסיע איז אָפּגעמעקט געוואָרן.

ווידער שטיי איך ביי דער כותל מערבי. איך פאַרמאַך די אויגן און זע אַ יידן אין אָפּגעריסענע בגדים אויף אַ קליין דאַר אייזעלע. ער האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ און נעלם געוואָרן.

פון די הייכן פאַלט אַ דינער, קאַלטער רעגן. אויף מיינע ליפּן דערפיל איך דעם געזאַלצענעם טעם פון טרערן. ניין — עס רעגנט ניט !

עס וויינט ווער אינעם הימל !

— — — — — — — — — — —

א חלום האָט זיך מיר געחלומט...

ש. ל. שניידערמאַן / ניו־יאָרק

# גאַרוואָלין*)

קיין גאַרוואָלין בין איך אָנגעקומען באַגינען, בעת די צוגרייטונגען צום וועכנטלעכן מאַרק־טאָג. אויפן מאַרק־פּלאַץ זענען דערשינען צענדליקער קליינע שטעלעכלעך, אַזוי גערופענע „סטראַגאַנעס” מיט פאַרשידענע שניט־סחורות, פאַרטיקע מלבושים, שוכווארג, וועש און אַנדערע אַרטיקלען פון ערשטן געברויך. דאָס זענען פאָרשטייער פון פאַרשידענע קאָאָפּעראַטיוון פון די שכנותדיקע גרעסערע שטעט געקומען אויפן מאַרק. די איינציקע פּריוואַטע הענדלער אויף דעם מאַרק זענען געווען די פּאַרקויפער פון שפּייז־אַרטיקלען, ווי : היימישע ווורשטן, געבעקס, מילך־פּראָדוקטן און אַרטיקלען פון רעליגיעזן קולט, ווי : הייליקע בילדער, צלמים, געבעט־ביכער אדג״ל.

אומזיסט האָב איך געזוכט צווישן די פאַרקויפער און קונים אויפן מאַרק אַ ייד. פאַר דער מלחמה זענען דער רוב איינוווינער פון שטעטל געווען יידן. די געמויערטע הייזקעס מיט די אייזערנע באַלקאָנען, וואָס האָבן אַמאָל געהערט צו די אָרטיקע רייכע באַלעבאַטים, זענען געבליבן גאַנץ, בלויז די ווענט אַביסל אָפּגעשיילט און די טרעפּ צעבראָכן.

אַ גאָר טרויעריקן איינדרוק האָבן געמאַכט די וווינונגען, „געירשנטע” דורך די פּויערים פון די נאָענטע דערפער, פון אינעווייניק איבער די בעטן מיט שמוציקן בעטגעציג זענען געהאַנגען הילצערנע צלמים מיט אויסגעבלאַקירטע מאַדאָנעס. ווו נישט ווו האָב איך געזען אין די וווינונגען יידישע מעבל, די רחבותדיקע דעמבענע קרעדענסן, די גלעזערנע סערוואַנטקעס, פון וועלכע ס׳זענען פאַרשוווּנדן די זילבערנע לייכטער, די זילבערנע בעכער, די חנוכה־לאָמפּן און די פּסחדיקע כלים.

די אָפּנעמער פון די סחורות אויפן מאַרק זענען געווען בעיקר פּויערים מיט זייערע ווייבער ; זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך אין שטעטל זייערע פּראָדוקטן ; די פּויערים זענען אויך געווען די קליענטן פון די פאַררויכערטע שענקען, ווו מען האָט דערלאַנגט דעם טראַדיציאָנעלן פּוילישן באָרשטש מיט פליישׁ, און די טישלעך זענען באַשטעלט געווען מיט פלעשער בראָנפן.

ווען כ׳האָב געפרעגט דעם אייגינטימער פון דער שענק : זענען פאַראַן אין שטעטל יידן ? האָט ער געענטפערט, אַז עס וווינען דאָ צוויי יידן מיט פאַרפּוילישטע נעמען : דער אַדוואָקאַט כיטשעווסקי און דער סעקרעטאַר פון געריכט זעמבאָוויטש. כ׳האָט טאַקע געזען די צוויי יידן אין געריכט בעת דעם משפט פון אַ סיכסוך צווישן צוויי פּויערים וועגן דער גרענעץ, וואָס טיילט זייער ערד, אַ סיכסוך, וואָס איז אַזוי אַלט ווי פּוילן עקזיסטירט. אויך אונטערן קאָמוניסטישן רעזשים האָבן נישט אויפגעהערט די „גרענעץ־סיכסוכים” און פאַרבליבן דער גרונט־יסוד אין דער אַרבעט פון די פּראָווינץ־געריכטן.

כ׳האָב נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו באַגעגען זיך און שמועסן מיט די דאָזיקע צוויי איינזאַמע יידן, אונטער פרעמדע, פאַרפּוילישטע נעמען. די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך געצויגן אָן איבעררייס, היות דער מאַרק־טאָג, ווי אין פאַרמלחמה׳דיקן פּוילן, איז ווייטער פאַרבליבן דער טאָג פון סכסוכים, ווען די פּויערים קומען אין שטאָט אַריין זיך־משפּטן.

פאַרנאַכט האָב איך פאַרלאָזן דאָס טרויעריק האַלב־רויִנירטע שטעטל און ס׳האָבן אונדז באַגלייט די מאָנאָטאָנע קלאַנגען פון די קלויסטער־גלאָקן, וואָס האָבן זיך צוזאַמעגעגאָסן מיט דעם סקריפּען פונעם הילצערנעם ברונעם־ראָד, מיט וועמענס הילף אַן אַלטער פויער האָט אַרויסגעצויגן אַן עמער וואַסער.

*) פאַרעפנטלעכט אין דער ישראלדיקער פּוילישער צייטונג : „נאָוויני צאָדזיענע”.

**אַלטער קליימאַן** / כפר־סבא

# גאַרוואָלינער טיפּן

## 1.
## וועלוול מלמד

וועלוול מלמד, אַזוי האָט מען אים גערופן, ווייל ער האָט געהאַט אַ חדר און געלערנט מיט קינדער. זיין פאַמיליע נאָמען איז געווען אַשלאַק, אָבער ווער, ווער האָט דאָס אינטערעסירט? איז ער דען געווען אַ דאָקטאָר, אַן אַדוואָקאַט, אָדער סתם אַ ייד אַן עושר? צו וואָס איז נייטיק אַ פאַמיליע־נאָמען? — בפרט ווען דער יידישער נאָמען וועלוול קלינגט דאָך אַזוי היימיש נאָענט, כמעט משפּחהדיק.

בדרך כלל איז דער נאָמען וועלוול, ווי ס׳רוב אַנדערע יידישע נעמען, במשך פון די לאַנגע גלות־פּעריאָדן געוואָרן אַזוי אָפּגעהיבלעוועט, פאַרשניצט, פאַרגלאַטיקט און פאַרפּיי־נערט, אַז פאַר אַ פרעמדן איז דער בראשית פון אָט די אַלע נעמען כמעט אוממעגלעך צו דערקענען. דהיינו, ווען ביים ברית איז זיין נאָמען געווען „זאבֿ״, אויף יידיש — וואָלף, האָט די צייט אויסגעשליפן פון דעם — דעם פיינעם, איידעלן, היי־מישן, ווייכן, כמעט אַן צײַנערדיקן וועלוול. אַזוי אויך מיט „יהודה״ — יידל, יידעלע; מיט „אריה״ — לייב, לייבוש, לייבל אאַז״וו.

דערפאַר האָבן יידן נישט געהאַט קיין אינטערעס צו וויסן, אַז וועלוול מלמד הייסט אויך אַשלאַק. און אים אַליין, ווי איך האָב באַמערקט, איז דער נאָמען אים געווען ניחא און אפילו ליב. אָבער דער צולאָג „מלמד״ — אַזוי ווי איינער וואָס שלינגט אַראָפּ אַ זייער ביטערע פּיל.

ער, וועלוול מלמד, איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט אַ טיפע גרימאַסע אויפן פּנים, וואָס האָט פאַרראַטן ביטערניש און יאוש. לויט ווי ער אַליין האָט אַ מאָל געלאָזט פאַלן פאַר אונדז אַ פּאָר ווערטער, איז ער אַ מאָל געווען אַ סוחר, געהאַט פּשיטת־רגל... און כדי נישט צו דערגיין צו קיין פּשיטת־יד, איז ער באין ברירה, געוואָרן אַ מלמד. אַזוי זענען דעמאָלט כמעט אַלע מלמדים געוואָרן מלמדים נאָר צוליב דער איינער סיבה פון אין ברירה.

מלמד האָט געמיינט צו יענער צייט דערנידערונג, בזיונות, דחקות, האַרצווייטיק עד אין קץ. דערפאַר אַז ס׳האָט אַ מאָל פּאַסירט און ס׳איז ווער געקומען פון מאַגיסטראַט און האָט אויסגערופן „אַשלאַק״!״ דעמאָלט איז וועלוול מלמד געוואָרן באַגייסטערט. מען האָט אין אים געזען אַן אַנדער מענטש, ווי ער וואָלט געזאָגט: זעט קינדער, געווען אַ מאָל אַ מענטש...

דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזרט ווען עס פלעגט אַ מאָל אַריינלויפן דער פּאָסט־טרעגער און שטיין־בלייבן אין דער האַלב־אָפענער טיר פונעם חדר מיט אַן אויסגעשריי „אַשלאַק״ — פלעגט דעמאָלט וועלוול מלמד אויסגלייכן זיין הוט, אים אַנטקעגן־גיין און ברייטער עפענען די טיר פונעם חדר. צוריק פלעגט ער שוין קומען מיט פינקלדיקע אויגן. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן זיין רויטע פּאַטשיילע, מיט וועלכער ער האָט זיך אויסגעווישט אַ טרער און אין דער צוויטער — אַ בריוו פון זיין זון, חיים לייזער, וואָס האָט געדינט אין רוסישן מיליטער. געדינט האָט ער 3 יאָר מיט 9 חדשים ערגעץ אין אַ האַפן־שטאָט ביים באַלטישן ים, מיטן דעמאָלטיקן נאָמען רעוועל — היינט טאַלין, די הויפּטשטאָט פון עסטאָניע.

ער, חיים לייזער, פלעגט שיקן אַ בריוו צום פאָטער איין מאָל אין יאָר. אַזוי־אַרום אַז דער פאַמיליען נאָמען אַשלאַק, איז געווען אַ זעלטענער גאַסט אינעם הויז פון וועלוול מלמד.

זיין עלטערער זון, שמעון, וואָס האָט געוווינט אין מאָט־שעוויץ האָט די פּאָסט נויטיק אויף כפּרות: איז דאָך מאַטשעש־וויץ אַ שטעטל וואָס געהערט צום פּאַוויאַט גאַרוואָלין און ווי שייך אַז עס זאָל זיך נישט געפינען קיין ייד וואָס זאָל נישט נייטיק האָבן כאָטש איין מאָל אין דער וואָך אָדער אינעם חודש צו זיין אינעם פּאַוויאַט — און וועלכן ייד וועט דאָס שווער זיין מיטצונעמען אַ בריוול פאַר זיין פאָטער, וועלוול מלמד?

דאָס חדר פון וועלוול מלמד איז באַשטאַנען פון אַ שטוב מיט צוויי פענצטער. דאָס פענצטער פון רעכטס האָט אַרויס־געקוקט אויף אַ בשותפותן מיט די אַנדערע שכנים בית־שימוש. אויפן פענצטער איז געשטאַנען אַ פּאָר בלומענטעפּ מיט ציבעלע־פּלאַנצן — אַזוי האָט מען די פלאַנץ גערופן — „ציבעלע״. זי, די ציבעלע־פּלאַנץ, פלעגט מען צולייגן צו מכות און געשווירן, פון וועלכע זי פלעגט אַרויסציען די היץ און זיי היילן.

דאָס אַנדערע פענצטער, פון לינקס איז שוין געווען ליידיק און אַרויסגעקוקט אויף אַ דורכגאַנג־הויף וואָס האָט געפירט צום בית המדרש און להבדיל, צום מרחץ, צו די קהלישע בתי־שימוש און דעריבער איז די באַוועגונג בדרך הטבע געווען דאָרט אַ גאָר נישקשהדיקע. דעמאָלט האָט מען נאָך גאָר גוט פאַרשטאַנען און נאָך מער געפילט די מימרא פון דער גמרא „איזהו עשיר, כל מי שיש לו בית הכסא סמוך לשולחנו״, (אַן עושר איז דער — וואָס זיין קלאָזעט איז נאָענט צו זיין הויז).

דאָס מעבל אינעם חדר: אַ טיש, צום לערנען, צוויי לאַנגע בענק פאַר די תלמידים, אַ שטול פאַרן רבין און אויף איר אַן אַלט אָפּגעריבן בגד, עס זאָל אים ווייך זיין צו זיצן, אַ קיכן שענקל פאַר די כלים, אַ ציגל־קיך און אַ שפּאַניש וועגטל אינעם ווינקל.

די שטוב־מענטשן: — דער רבי, וועלוול מלמד, זיין ווייב העשע, וואָס איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט אַ צוגעבונ־דענער באַק, צו פאַרשטעלן דעם שניט וואָס איז איר פאַר־בליבן נאָך אַן אָפּעראַציע, אַן עלטער מיידל, רבקה, און דער רביצנס גאָר אַלטע מאַמע, ביילע — ביילע איז אַלט געווען אַ יאָר צוויי און ניינציק, זי איז שטענדיק געזעסן הינטערן שפּאַניש וועגטל.

דאָס לערנען פלעגט זיך אָנהויבן געוויינלעך 8 אַזייגער אין דערפרי. אַרום איינס, האַלב־צוויי בייטאָג איז געווען דער

מיסאַג־איבעררייס. דעמאָלט פלעגן מיר אַהיימגיין עסן אָנבייסן — אַזוי האָט מען עס גערופן.

ווען מיר זענען צוריקגעקומען אינעם חדר, דריי אַזייגער, האָבן מיר געדאַרפט איבערחזרן דאָס וואָס מיר האָבן געלערנט אין דער פרי. און אַחוץ דעם האָבן מיר אויך געלערנט אין צווייען אָדער איינער אַליין אַ פריש בלעטל גמרא — „לייענען" האָט מען עס גערופן. דערמיט האָט אונדזער רבי, וועלוול מלמד, צוגעוויינט אונדז צו שטעלן טריט אין דער גמרא מיט אייגענע כוחות.

פאַרנאַכט פלעגט דער רבי אַוועקגיין אינעם בית־המדרש צו מנחה־מעריב. דעמאָלט פלעגט יעדער אַרויסנעמען זיין צידה־לדרך, וואָס די מאַמע האָט אים מיטגעגעבן. על־פּי־רוב — ברויט מיט הערינג אָדער ברויט אָנגעשמירט מיט פּאַ־ווידלע. וואַסער צום פאַרטרינקען, האָט מען שוין געקריגן ביי דער רביצן.

דאָס מיטגענומענע עסן האָט געסטייעט ביז אַכט, האַלב־ניין אַזייגער אין אָוונט, ווען מיר זענען שוין אַהיימגעגאַנגען.

נאָכן אָפּעסן איז די זון שוין געווען אונטערגעגאַנגען. דער בין־השמשות האָט פּאַמעלעך זיך אַריינגעשלייכט אינעם חדר. ביי די יונגע תלמידים האָבן זיך צעשפּילט די פאַנטאַ־זיעס, מיר האָבן זיך צוזאַמענגערוקט נענטער, גאַנץ נאָענט, כדי נישט צו פאַרלירן קיין איין וואָרט פון די דערציילטע מעשיות, און פון פחד, וואָס האָט יעדן פון אונדז באַהערשט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטיל געשפּעטשעריי. גערעדט האָט מען פון אַלץ וואָס האָט פּאַסירט אַמאָל און פּאַסירט היינט אין גאַרוואָלין: פון גזלנים, מזיקים, שדים און בייזע רוחות. מען האָט דערציילט אַז פּרץ בטלן וואָס איז געווען אַ מלמד (אַ חוץ וואָס ער פלעגט נאָך צוהאַנדלען מיטוואָך אויפן מאַרק מיט אַ קערצל ווייץ) פלעגט איינשלאָפן ביים לערנען; איינמאָל, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער דערפילט אַז זיין באָרד איז צו־געלאַקעוועט צום טיש, אָדער אַז זי ברענט. ס'פלעגט טרעפן אַז פּרץ בטלן זאָל זיך אַנידערזעצן צום טיש לערנען און דערפילן טשוועקעס אינעם געזעס... ביז ער האָט געמוזט אויפגעבן דאָס מלמדות.

לייבעלע מלמדס תלמידים האָבן באַשלאָסן פּשוט אַריינ־צולייגן סם אין דער קאַווע וואָס ער טרינקט, כדי אין גאַנצן פּטור צו ווערן. — זיינע קאַווע — האָבן זיי געטענהעט — איז דאָך סיי ווי ביטער, וועט ער דעם סם נישט דערפילן ביז ער וועט דאָס אין גאַנצן אויסטרינקען.

צום גליק האָט איין תלמיד פון זיי געבראָכן דעם תקיעת־כף און דאָס „ספּעקטאַקל" האָט זיך נישט איינגעגעבן.

אַן אַנדערער פון די תלמידים האָט דערציילט מיט גרויס התפּעלות, אַז אונטערן הויז פון טאָבע־לאָהן, נעבן בית־המדרש, געפינט זיך גאָלד. — וואָס הייסט גאָלד? — האָט מען געפרעגט. דער ענטפער איז געווען, אַז נישט קיין גאָלד ממש, נאָר זאַמד־גאָלד. אַזאַ זאַמד־גאָלד וואָס רוסלאַנד נעמט אַרויס דאָרט העט־וויט ביי דעם טייך לענע און מאַכט דערפון גאָלד.

אַן אַנדערער האָט זיך צוגערוקט נאָך נענטער און דער־ציילט כמעט אַזוי ווי אַ תפילה בלחש, אַז אויף דער ווייבער־שול, דאָרט אויבן, ווו היל שמש וווינט, אונטער דער שטשע־כע, ווו די שמות ליגן, זענען פאַרבאַהאַלטן פאַרוואָגלטע נש־מות. גלגולים און סתם רוחות און שדים און אַז לאַה פּוקל האַנדלט און פירט גאַנצע מסחרים מיט די שדים, פון וואַנען איז זי אַזוי רייך? אויך האָט מען געהערט דערציילן אַז קיסעל איז דער שטאַרקסטער ייד פון גאַרוואָלין און פון אַלע אַנדערע מקומות. אַז ווען קיסעל איז אַמאָל געפאָרן קיין פאַריסאָוו, זענען פון וואַלד דאָרט אַרויסגעקומען צוויי באַנדיטן און איינער פון זיי האָט אַפילו געהאַט מיט זיך אַ ביקס, האָט קיסעל ביידע אָנגעכאַפּט ביי די הענט און געבונדן זיי מיט שטריק וואָס דער גוי׳שער פורמאַן האָט אים דערלאַנגט און ביידע גזלנים געבראַנגט געבונדענערהייט אין פּאָוויאַט אַריין.

אַזוי האָבן זיך געצויגן די בין־השמשות־שמועסן, ביז דער רבי, וועלוול מלמד, איז צוריק געקומען פון מנחה־מעריב.

דער רבי האָט אָנגעצונדן דעם נאַפט־לאָמפּ מיט דער טונקל־גרינער באַניע, אין וועלכער ער האָט אַריינגעקוקט צי עס איז נאָך פאַראַן גענוג נאַפט, גענומען דאָס ווייסע גלעזל פונעם לאָמפּ און דערין אַריינגעהויכט, שפּעטער עס אויס־געפּוצט מיט דעם עק פון זיין פּאָלע, עס זאָל זיין ליכטיק צום לערנען.

וועלוול מלמד האָט נישט בלויז געקוקט אויפן מלמדות. אַז עס האָט אָנגערוקט דער חודש תמוז, האָט ער שוין איינ־געאָרדנט אַ שטיקל פאַבריקאַציע: ער האָט אָנגעבראַנגט שעפּסן־הערנער כדי צו מאַכן פון זיי שופרות. אינעם חדר איז געשטאַנען אַן עסיק־שאַרפער ריח, מחמת ער האָט די הערנער געווייקט אין עסיק, כדי זיי זאָלן זיין ווייך צו דער אַרבעט. פאַר יום כיפור האָט ער געגאָסן וואַקסענע ליכט — אינעם חדר האָט זיך דערפילט דער אָנגענעמער ריח פון וואַקס. אַזוי האָט ער אויך צוגעגרייט שמחת־תורה פענער.

ווען עס איז אָנגעקומען דער חודש כסליו האָט שוין וועלוול מלמד איינגעאָרדנט אַ שווער אינדוסטרי. געבעטן אונדז און אַנדערע צו זאַמלען בליי־פּאַפּיר, שטיקלעך צין, פּאַפּיר פון פּאַפּיראָסן פּידעלעך און דאָס געגאָסן אין פאָרמעס און דערפון געמאַכט דריידלעך אויף חנוכה. דערנאָך זיי אַרויסגענומען פון די פאָרמעס, אַרומגעשניצט און פאַרגלאַ־טיקט, אַז זיי זאָלן אויסזען עסטעטיש.

פאַר פּורים האָט ער אויסגעאַרבעט גרעגערס און המן־קלאַפּערס. אויף פסח האָט ער אויסגעהאַקט פון קלעצער סטעמפּעס אויף צו שטויסן מצה־מעל און אויך געמאַכט מצה־רעדלעך צום רעדלען די מצות.

וועלוול מלמדס „גאָלדענע הענט" האָבן זיך אויסגעטויגט אומעטום און אין אַלע סעזאָנען און צווישן־סעזאָנען. אַזוי האָט ער אָפּגעשינדן אַ קעלבל, אַ שעפּסל, אויסגעטרייבערט אַ זייטל פלייש — אַבי צו פאַרדינען די פּאָר גראָשן. אָבער נישט פאַר אַלע אַרבעטן פלעגט ער נעמען געלט. די ציבעלע־פלאַנצן, למשל, פלעגט ער געבן לשם מצווה. ער און זיינע בני־בית האָבן זיך נאָך געפרייט ווען מ'איז געקומען נעמען זיי.



צווי יונגטלעכע פון „השומר הדתי"

ער האָט אויך נישט גענומען קיין געלט פאַר אָנמאַכן ציצית אין אַ טלית אָדער טלית־קטן, אָדער פאַרן איבערזעען אַ מזוזה און תפילין. דעמאָלט איז ער, וועלוול מלמד, געווען גליקלעך וואָס ס׳האָט זיך אים דאָס געטראָפן.

אַ מאָל פלעגט אַריינקומען אַ טיף־פאַרזאָרגטער פאָטער און זיך ווענדן צום רבין:

— ר׳ וועלוול, ר׳ וועלוול, כ׳בעט אייך, זאָגט מיט אייערע תלמידים תהילים פאַר מיין קינד, די דאָקטוירים זאָגן ס׳איז שלעכט.

וועלוול מלמד האָט זיך שנעל געוואַשן די הענט, אָנגעטאָן אויפן קאַפּל דאָס היטל, געהייסן אונדז אויך דאָס זעלבע טאָן און גענומען זאָגן: אשרי תמימי דרך.

אָפטמאָל פלעגן אַריין אין חדר מאַמעס, מיט רויט צעגליטע באַקן און פאַרוויינטע אויגן: דערבאַרעמט אייך, ר׳ וועלוול, שפּרעכט־אָפּ מיין קינד אַן עין־הרע, עס איז פאַרביי... וועלוול מלמד פלעגט מיט אימפּעט זיך אויפשטעלן, וואַשן די הענט און אָנהייבן זאָגן: „בן פורת יוסף, בן פורת עלי עין" אאַז"וו. נאָכן פאַרענדיקן דאָס זאָגן האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ גרויסן געגעץ, צוהאַלטנדיק זיך דעם קאָפּ און זאָגן: „האַ, ס׳איז שוין דעם קינד בעסער, איך פיל עס, דער קאָפּ טוט מיר וויי".

פאַר די אַלע זאַכן האָט וועלוול מלמד קיין געלט נישט גענומען. אָבער פון אַלע פריער אויסגערעכנטע פאַרדינסטן און נעבן־פאַרדינסטן, ווי אויך פון דעם „פאַרדינסט" וואָס ער האָט קיין אַנדערן נישט געגעבן צו פאַרדינען, ווי, למשל, דאָס אַליין זיך פאַרריכטן די שטיוול, דעם ווייבס שיך, דעם זייגער, אַליין האַקן האָלץ, ברענגען וואַסער פונעם טייך — פון דעם אַלעמען, זייט איך געדענק, פלעגט זיין עסן באַשטיין פון אַן אָפּגעברענטער זופּ מיט קאַרטאָפל און שוואַרץ, ראַזעווע ברויט. פון פלייש — קיין זכר, אויסער אפשר שבת, וואָס איך ווייס נישט...

וועלוול מלמד איז סיי זומער, סיי ווינטער געגאַנגען אָנגעטאָן אַ פּאָר גרויסע, שווערע, אָבער תמיד ריינע שטיוול און אַן אַלט, אָפּגעריבן כאַלאַטל מיט צוויי זייטן־טאַשן, פון איינער פון זיי האָט אַרויסגעשטעקט אַן אָפּגעשאָסענע פון דער זון, אַמאָליקע רויטע פאַטשיילע. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ גרויסן, שוואַרצן, טוכענעם הוט, פון הינטער וועלכן עס האָט אַרויסגעבלייכט אַ ברייט, שיין, ווייס פּנים, מיט אַ שיטער שאַטין האַלב־גרוי בערדל.

וועלוול מלמד האָט פאַרמאָגט אַ ברייטע שווערע פּלייצע ווי אויסגעגאָסן פון שטאָל. מעכטיקע, קאָלאָסאַלע הענט, וואָס דערמאָנען היינט די הענט פון אַ באַגער, שווערע, דיקע פיס ווי זיילן. ער איז געווען פון מיטעלן וווּקס נאָר ס׳האָט געבלאָזן פון אים מיט גבורה.

קוקנדיק אויף אים האָט מען געשפּירט, אַז איין קלאַפּ פון אַזאַ ריזן־האַנט — און מען איז גלייך אויפן עולם האמת... מיר האָבן, דעם אמת געזאָגט, פאַר אים זייער מורא געהאַט. אָנגעהויבן האָט וועלוול מלמד צו לערנען מיט אונדז, ווי די גמרא זאָגט, מיט אַ מלתא דבדיחותא. כדי צוצוציען די תלמידים. אָבער ווען מען איז שוין אַריינגעקראָכן אין אַ שווערער מסכתא, ווי, למשל, יבמות, אָדער אין דער סוגיא פון תקפו כהן, צי אין כליים, בעת אַלע פעלדער האָבן סיי ווי געהערט צו די גוים און דער גאַנצער ענין איז אונדז אָנגעגאַנגען ווי דער פאַריאָריקער שניי, דעמאָלט האָבן מיר אָנגעהויבן גענעצן און שלעפעריק ווערן. אַ שטייגער ווי פוילע פערד, ווי לאַנג זיי פאָרן אויפן שאָסיי, פאָרן זיי נאָך ווי ס׳איז, אָבער ווען זיי קומען אַרויף אויף די פוילישע וועגן, אָדער גאָר אין די פּאָלעסיער זומפּן, דעמאָלט שאָקלען זיי בלויז מיט די קעפּ, אָבער קיין טריט ווייטער. אַזוי האָבן מיר אויסגעזעסן ביי די שווערע קאָפּ־ברעכערישע סברות. נעם כאָטש און שלאָג עס אַריין אין די קעפּ מיט אַ האַמער...

ביז וועלוול מלמד האָט אַ געשריי־געטאָן מיט פאַרביטערונג: — האָ, וואָס האָב איך געזאָגט? און אַז דער ענטפער איז געווען אַ שווייגן, האָבן מיר ווידער דערהערט אַ דונערדיקע שטימע: „ווּ האַלט מען? פון פחד און צעמישעניש האָבן מיר געוויזן מיט די הענט אָנשטאָט מיט די פינגער אויפן גאַנצן בלעטל.

דעמאָלט האָט זיך אויף זיין פּנים באַוויזן אַ ברייטע ביטערע גרימאַסע און אויפשפּרינגענדיק פון גרויס צאָרן האָט ער אויסגעשריגן:

הא, וואָס, איר ווילט איך זאָל נעמען ביי אייערע עלטערן אומזיסט געלט?

אַ שרעק האָט אונדז אַלעמען באַהערשט און דער פחד איז אויסגעוואָקסן ביז גאָר. אַלץ האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן געדרייט ווי אין קאַראַהאָד. פּשוט, עס גייט געשען אַ נאַטור־קאַטאַסטראָפע, עפּעס אַ ריזן־ווולקאַן דראָט מיט זיין לאַווע אונדז אַלעמען צו פאַרניכטן... אָט־אָט פאַלן זיינע שווערע ריזן הענט אויף אונדזערע קעפּ...

אין מיטן פון אָט דעם שוידערלעכן פחד, וואָס האָט אונדז אַלעמען באַהערשט, איז שוין וועלוול מלמד געווען אינדרויסן און געלאָפן מיטן קיבעל ברענגען וואַסער פונעם טייך. אָדער געשטאַנען און געהאַקט מיט דער שווערער האַק, צעהאַקנדיק די פּיענעס פון די קרומע שטשאַפּעס האָלץ.

דער אימת־המותדיקער פחד איז דערווייל פון אונדז פאַרשוווּנדן און זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען אַ נאָגנדיקע קאַלטע זאָרג: וואָס וועט זיין אַז ער וועט צוריקקומען? וואָס דעמאָלט?

פאַרשידענע ווערסיעס האָבן זיך געטראָגן פון מויל צו מויל, אַז ער, וועלוול מלמד האָט אַמאָל מיט אַ קלאַפּ דערהאַרגעט אַ יינגל צום טויט. דער אַנדערער זאָגט, נישט אמת, ער האָט נאָר בלויז אַרונטער געריסן אַן אויער. אַ דריטער באַרויקט, דווקא ווייל ער האָט אַ מאָל דאָס און יענץ געטאָן, וועט ער עס מער ניטש טאָן — ער זאָל האָבן א נדר־געטאָן, אַז ער וועט קיין יינגל נישט אָנרירן, אַנדערש וואָלטן די עלטערן אים מער נישט אָנפאַרטרויט זייערע קינדער. און אַדרבא, מיר דאַרפן פאַר אים ווייניקער מורא האָבן ווי פאַר אַנדערע מלמדים.

צוריקקומענדיק אין חדר אַריין, פלעגט וועלוול מלמד קודם נעמען אַ ברייטן שמעק טאַבאַק, אים טיף אין זיך איינאָטעמען און שמייכלענדיק, מיט זיין ברייטער, קאַלטער האַנט אָנעמען איינעם פון אונדז ביים פּנים און כמעט פאָטערלעך זאָגן:

פאַרוואָס זאָלט איר דאָס נישט פאַרשטיין? ס׳איז דאָך אַזוי גרינג צו פאַרשטיין, מען דאַרף נאָר וועלן. פאַרוואָס מאַכט איר מיר אַזוי פיל צרות און גאַל־דריקעניש?...

אַז מען האָט אַריינגעקוקט אין זיינע אויגן און דערזען דאָרט אינעם ווינקל אַ פאַרגליווערטע טרער, האָבן מיר זיך געגעבן דאָס וואָרט שוין בעסער צו וועלן פאַרשטיין און בעסער צוצולייגן קאָפּ...

צו מאָרגנס האָט דאָס אַלץ זיך איבערגעחזרט, אַזוי טעג, וואָכן, חדשים און יאָרן...

.2

## משה האַקל

אַזוי האָט מען אים גערופן. פאַרוואָס מען האָט אים גערופן מיט דעם צונאָמען? נישט ער אַליין ווייסט עס און נישט די וואָס האָבן אים אַזוי גערופן האָבן עס געוווּסט.

משה האַקל איז געווען אָנגעטאָן סיי זומער, סיי ווינטער אין אַ בורקע. פון דער בורקע האָט נאָך אַראָפּגעהאָנגען אַ פאַרזשאַווערטער, מעטאַלענער קנאָפּ, אַלס צייכן, אַז די בורקע האָט אַ מאָל פאַרמאָגט קנעפּ. די בורקע איז געווען אַרומגעגאַרטלט מיט אַן אַלטן, דיקן שטריק.

אויפן קאָפּ האָט משה האַקל געטראָגן עפּעס אַזוינס, וואָס איז אַ מאָל געווען אַ היטל. ס'זענען נאָך פאַרבליבן אין דעם אַמאָליקע סימנים אינעם פאַרעם פון אַ שטיקל דאַשעק. פון וועלכן קאָליר ס'איז געווען דאָס וואָס האָט אַמאָל געהייסן היטל, איז איצט אוממעגלעך פעסטצושטעלן.

משה האַקל האָט אויך געהאַט אַ בולטן סימן, וואָס איין אויג איז ביי אים גרעסער פונעם אַנדערן און ווען ער האָט זיך פאַרהוסט (וואָס דאָס האָט ביי אים געטראָפן עפטערס), איז דער הבדל פון דעם גרעסערן אויג געוואָרן נאָך בולטער און גרעסער — ווי עס וואָלט געוואָלט אַנטלויפן פונעם אַנדערן אויג.

די גאָמבע פון משה האַקל איז געווען באַזייעט מיט האָר, אַזאַ מין באָרד, וואָס האָט אויסגעזען ווי פונאַנדערגעשיט פון אַ זאַווערוכע — אַ מין פאַליאַנקע וואָס איז ערטערווייז אָנגעשיט מיט בערגלעך זאַמד און ערטערווייז — אָפּגערייניקט נאַקעט.

משה האַקל האָט אויך צוגעהינקט אויף אַ פוס און בעת ער האָט אויפגעמאַכט זיין מויל צום רעדן, האָט ער פריער אַרויסגעשטעקט אַ דיקע צונג און זיך פאַרגאַנגען אין אַ הוסט וואָס האָט געדויערט אַ פּאָר מינוטן און ערשט שפּעטער אָנגעהויבן רעדן.

משה האַקל איז געווען אַ בעל־עגלה, ד"ה דער בעל־הבית איבער אַ פערד־און־וואָגן. פונוויטנס האָט דאָס פערד זיינס אַרויסגערופן גרויס ווונדער — דעם ווונדער פון אַ באַוועגלעכער פעל... ווען מען איז צוגעקומען נענטער, האָט מען ערשט דערזען אַ פערד ממש, נישט בלויז קיין גייענדיקע פעל. אַ סימן, דיי שטיקער רויט־פלייש, אָפּגעריבן דורכן געשפּאַן.

אויך דאָס פערד פון משה האַקל האָט נאָכגעטאָן זיין בעל־הבית און געהינקט. נאָר אַנשטאָט וואָס אויף איין פוס, ווי דער בעל הבית, האָט דאָס פערד געהינקט אויף צוויי פיס.

דער וואָגן פון משה האַקל איז געווען צוגעטשעפּעט צו אַ געשפּאַן פון צוזאַמענגעבונדענע מיט אַ סך קניפּן שטריק. דאָ און דאָרט איז נאָך אין דעם געשפּאַן איבערגעבליבן רעשט־לעך פון לעדער. דער כאָמוט האָט נאָך געהאַט סימנים פון שטיקלעך וואַטעלין, מיט וועלכער ער איז אַמאָל געווען אויסגעבעט. דער וואָגן גופא איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון א"ג לייטערס, וואָס אַמאָל זענען זי באַשטאַנען פון האָלץ און איצט — פון שטיקלעך צוזאַמענגעשטיקעוועטע בלעך. צוויי פון די רעדער האָבן שוין געהאַט פאַרלאָרן די אינעווייניקסטע האָלץ־ספּריכעס — און געבליבן בלויז ביי די רייפן וואָס האָבן זיך געהוידעט אין דער לופט און אָנגעמאַכט אַ רעש וואָס מען האָט געהערט פון ווי וויט.

דאַקעגן האָט משה האַקלס וויב, אין פאַרגלייך מיט אים אויסגעזען ווי אַ ריז. זי איז שטענדיק געגאַנגען אַרומגעבונדן דעם קאָפּ מיט אַ קופקע. איר גאַנג איז געווען אַ מאַנסבילשער, מיט פעסטע, שטאַרקע טריט.

די האַקלס האָבן פאַרמאָגט אַ זון וואָס האָט געהייסן דוד וועלוול. די מוטער האָט אים גערופן: „דוד אַ וועלוול". דער דוד אַ וועלוול איז אויך געווען איינער פון די שטרייקערס אין יאָר 1905. און דעמאָלט, בעת דעם גרויסן שטרייק, איז זי, די מוטער פון דוד אַ וועלוול און די פרוי פון משה האַקל, אַרומגעגאַנגען אין גאַס און געזאָגט: „ווען מיין דוד אַ וועלוול וויל, איז שוין מאָרגן ניקאָלייקע אויס קייסער!"...



אַ גרופּע
קולטור טוער
אין גאַרוואָלין

**אהרון אגמון** (אנגליסטר)

# למה לי חיים

**על חורבן קהילה קדושה גרבולין קינה**

אם עלה הכורת על קהילתך
שוד ושבר ברחובותייך
אם חשכת התחום כסה עין השמיים —
למה לי חיים

אם רוצחים זנקו לגבולך,
לגיא צלמות הובלו בנייך ;
אם בית מגוריהם נהפך לבית מטבחיים —
למה לי חיים

אם מגיפה עברה בהמונך,
נעלמו עקבותיך ;
אם שרדו יחידים מכל העיר וממשפחה אולי שניים —
למה לי חיים

אם אטם אלוהים את אוזניו לשוועתך,
ולא שעה לקול בכיותייך ;
לשוא נשאת אליו כפיים —
למה לי חיים

אם במקום שמחה במעונך,
בכי תמרורים באהלייך ;
אם דם ודמעות נשפכו אצלך כמים —
למה לי חיים

אם לא ישמע עוד קולך,
לא נקרא מכתבייך ;
לשוא יכלו העיניים —
למה לי חיים

אם נותקה השלשלת בין יוצאי חלצייך
בלי אב ואם וקרוב נשאר יתומייך ;
אם אין תקוה לראותם עוד בחיים —
למה לי חיים

תמיד בחג החנוכה זהרו אורייך,
וכעת לזכר חורבנך דועכים נרותיך ;
אם במקום חג המכבים — אבל שבעתיים —
למה לי חיים

אל מלא רחמים השוכן במרומי שמיים,
חוסה בכנפיך על המתים ועזור לנשארים בחיים,
חמול על האודים המוצלים מאש וממים ;
קבץ את שרידי עמך לציון וירושלים.

**נכתב בחנוכה תש״ו, תל־אביב 1946**



**גזיזת הפאות והזקן של יהודים — אות מבשר את בוא השואה...**

מאיר הערץ / פּאַריז

# מיינע איבערלעבונגען פון סעפּטעמבער

## די דייטשע צינד־באָמבעס פון 8־טן און 9־טן



סעפּטעמבער (1939) האָבן פאַרברענט דעם גאַנצן צענטער פון שטעטל. פאַר זיך האָבן די דייטשן איבערגעלאָזט עטלעכע געביידעס ווי דעם פינאַנס־אַמט, דאָס הויז פון פּאַוויאַט, די קאַ־שאַרן אין מיטן מאַרק און די קירכע — אַ סימן אַז דאָ איז געווען אַמאָל אַ שטאָט.

בעת דער באָמבאַרדירונג זענען אַלע פון שטעטל זיך געהאַט צעלאָפן אין דער אַרומיקער געגנט און שפּע־טער, ווען די דייטשן זענען אַריין קיין גאַרוואָלין, האָבן איינצעלנע משפחות זיך אומגעקערט מיטן ביסל בעטגעוואַנט, וואָס מ׳האָט באַוויזן אַפּצוראַטעווען, און ווו ס׳איז זיך איינגע־אָרדנט אין אַ שטיבל ערגעץ אין עק שטעטל.

אויך מיין משפחה האָט זיך אומגעקערט. מיר האָבן זיך געהאַט פאַרהאַלטן אין דאָרף יאַגאָדנע ביי אַ באַקאַנטן קריסט, וואַצעק גזשעגזשוווקאַ. איך און מיין ברודער ישראל זענען פון דאָרף געלאָפן ווייטער, כדי נישט אַריינצופאַלן צום דייטש. אַזוי זענען מיר אָנגעקומען קיין זשעלעכאָוו, וועלכע איז נאָך דעמאָלט נישט געווען פאַרנומען. מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן ביי אַן איידעלער יידישער משפחה — די קרובים פונעם גאַרוואָ־לינער יאַנקל ראָזענבערג.

די דייטשן האָבן נישט געלאָזט אויף זיך צו לאַנג וואַרטן און געקומען אויך קיין זשעלעכאָוו. ס׳איז געווען פאַר ראש־השנה. זייער ערשטע עובדה איז געווען אונטערצוצינדען עטלעכע יידישע הייזער און צוויי טעג שפּעטער — אויך די שול. אין דער ברענענדיקער שול האָבן זיי אַריינגעוואָרפן אַ זשעלעכאָווער ייד אַ בעל־מום (אַ הויקער). זיי האָבן אים געהיטן, נישט צו אַנטלויפן פון די פלאַמען, ביז ער איז פאַר־ברענט געוואָרן צוזאַמען מיט דער שול. אין יענער נאַכט האָבן זיי אונטערגעצונדן נאָך עטלעכע יידישע הייזער. די יללות האָבן זיך געטראָגן עד לב השמים. די קריסטן האָבן געהיטן אַז ס׳פייער זאָל זיך נישט אויסשפּרייטן אויך אויף זייערע הייזער. העלפן איינלעשן די יידישע — האָבן זיי נישט געוואָלט.

עטלעכע טעג שפּעטער זענען די דייטשן געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, מיטנעמענדיק אַלע מענער, יידן און קריסטן. אויך מיך און מיין ברודער האָבן זיי צוגענומען. מ׳האָט אונדז עטלעכע הונדערט יידן צוגעפירט צו אַ פּלאַץ אויף וועלכן ס׳זע־נען שוין געשטאַנען אַ פּאָר טויזנט מאַן. דאָרט האָט מען געהאַלטן פאַר אונדז אַ רעדע אין וועלכער מ׳האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז ס׳וועט אונדז גאָרנישט נישט געשען, בתנאי מיר זאָלן אַרויסלייגן אַלץ וואָס מיר האָבן מיט זיך. באַזונדערס האָבן זיי געוואָרנט נישט צו טראָגן מיט זיך קיין ראַזיר־מכשירים און אַנדער שאַרף־געצייג. פאַר געפינען אַזעלכע קעגנשטאַנדן, אָדער פאַר אַ פּרווו צו אַנטלויפן קומט טויט־שטראָף.

מ׳האָט אונדז אויסגעשטעלט אין רייען, אָפּגעטיילט יידן פון קריסטן, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגער מאַרש.

מיר האָבן נישט געוווּסט וווהין מען פירט אונדז. די ערשטע נאַכט האָט מען אונדז אַריינגעטריבן אין דער קירכע פון סטאָצק. די קירכע איז געווען צו קליין פאַר די טויזנטער מענטשן. נישט נאָר האָבן מיר נישט געהאַט קיין אָרט צום זיצן, נאָר אַפילו צו שטיין איז נישט געווען ווו. מיר האָבן זיך צוזאַמענגעפּרעסט ווי די הערינג. אַ סך האָבן געחלשט פון דער היץ און ענגשאַפט.

פון אָנהויב האָבן די פּאָליאַקן זיך באַצויגן צו אונדז נישט שלעכט. זיי האָבן אונדז געבעטן אָפּצוהיטן די ריינקייט פון דער קירכע. פאַרשטייט זיך אַז מיר האָבן געטאָן אַלץ, כדי זיי נישט צו אַנטוישן. פאַר טאָג האָט מען אונדז אַלע צוריק אַרויסגעפירט פון דער קירכע, אויסגעשטעלט אין רייען און געטריבן ווייטער. ווי נאָר די פּאָליאַקן האָבן דערפילט אַז די באַציִונג צו זיי מצד די דייטשן איז אַ ביסל אַנדערש, ווי צו יידן, האָבן זיי אונדז אָנגעהויבן זידלען און מסרן, ווער פון אונדז ס׳איז רייך, ווער ס׳האָט געלט און ווערט־זאַכן. אין רעזולטאַט פון די מסירות האָט מען יעדעסמאָל אַרויסגערופן אַן אַנדערן יידן און באַרויבט אים אַלץ וואָס ער האָט געהאַט. ביי מיר האָט מען צוגענומען דאָס זייגערל און אַ ביסל געלט. אַזוי זענען מיר דערגאַנגען ביז שעדלעץ. אין שעדלעץ האָבן מיר גענעכטיקט אויף אַ פּלאַץ אונטערן פרייען הימל.

צו מאָרגנס האָט מען אונדז ווידער געטריבן. די פּאָליאַקן האָבן געפּרוווּט אָפּנעמען ביי אונדז דאָס ביסל שפּייז וואָס מיר האָבן מיטגענומען אויפן וועג. דאָס האָט שוין פאַרדראָסן אַפילו די דייטשן:

— שמוציקע פּאָלאַנס! — האָבן זיי געשריען — איר זענט דאָך אין דער זעלבער לאַגע וואָס די יידן...

ביים אַרויסגיין פון שעדלעץ האָבן די דייטשן דערלאַנגט יעדן געפאַנגענעם צו דריי סוכאַרעס, עטלעכע קלעפּ און אַ בריקע מיטן פוס. מען האָט אונדז געטריבן אונטערן באַגלייט פון מאַשין־געווער. ס׳זענען גראַד געשטאַנען הייסע טעג און פויערים פון די דערפער דורך וועלכע מיר זענען דורכגעגאַנגען האָבן אונדז אַרויסגעברענגט וואַסער צום טרינקען. ווער ס׳איז אָפּגעשטאַנען איז גלייך דערשאָסן געוואָרן. אַ סך זענען געפאַלן אויפן וועג. די דערשאָסענע האָט מען אַריבערגעטראָגן אויף די וועגראַנדן און געלאָזט זיי ליגן מיט די קעפּ אַראָפּ.

כ׳געדענק איינעם אַ זשעלעכאָווער פון אונדזער ריי, וועלכער האָט געוואָלט גיין דווקא אין דער זייט, אָפּגעזונדערט פון אַנדערע. דער דייטש האָט געהאַט מיט אים אַ שווערע אַרבעט. ער איז געווען גייסטיק קראַנק און דער דייטש האָט געזען, אַז ער מאַכט עס נישט בייזוויליק. האָט ער אים געלאָזט לעבן. ווי כ׳האָב שפּעטער זיך דערוווּסט האָט אַ צווייטער

דייטש אים דערשאָסן. כ׳בין די גאַנצע צייט געגאַנגען מיט מיין ברודער און געפילט זיך גענוג גוט. פלוצעם האָבן די פיס גענומען מיר ברעכן, כ׳האָב אָנגעהויבן אָפּשטיין פון דער ריי און דאָס האָט באַדייט — טויט. שלום לאַנגערס זון, יחיאל־אשר, און מיין ברודער האָבן מיך אונטערגעהאַלטן, כ׳זאָל נישט פאַלן, און אַזוי־אַרום מיך מיטגעשלעפּט מיט זיך. אויך מיין ברודער האָט אויפן וועג באַקומען ווייטיקן אין די פיס, אָבער ער האָט זיך געשטאַרקט און מיט אַלע כוחות מיך אונטערגע־האַלטן דעם גאַנצן וועג ביז ווענגראָוו.

קיין ווענגראָוו זענען מיר אָנגעקומען ערב יום־כיפּור. מ׳האָט אונדז צוגעפירט צו אַ גרויסן לײדיקן פּלאַץ. מיט די לעצטע כוחות זענען מיר צוגעפאַלן צו דער ערד. אַזוי האָבן מיר אַ ביסל אָפּגערוט. ביינאַכט האָט פלוצעם זיך־אַראָפּגע־לאָזט אַ שטאַרקער רעגן, ניט געווען ווו זיך צו באַהאַלטן און מיט וואָס זיך צו פאַרשטעלן. אַזוי זענען מיר מידע, הונגעריקע און דערשלאָגענע געזעסן אין דער בלאָטיקער קאַלוזשע ביז אין דער פרי. אין מיטן נאַכט איז צו אונדזער גרופּע צוגעקומען אַ דייטשער מיליטער־מאַן און אַ וואָרף געטאָן אונדז אַ פּעקל סוכאַרעס און שנעל אַוועק. איבעריק צו זאָגן אַז מיטן דער־שיינען פון דייטש האָבן זיך אַלע געהאַט דערשראָקן. — וואָס קאָן וועלן אַ דייטש אין אַזאַ רעגנדיקער נאַכט?

אין דער פרי, מיטן זון־אויפגאַנג, האָבן מיר זיך אויפגע־שטעלט צו נעמען אַ ביסל וואַרעם וואַסער. די דייטשן האָבן דערלויבט עטלעכע מענטשן צו פאַרנעמען זיך מיטן צוברענגען וואַסער פון ווענגראָוו. אַ טייל פון אונדזער גרופּע האָט אויס־גענוצט די געלעגנהייט פון פאָרן מיט די פעסער נאָך וואַסער און פאַרשטעקט זיך ביי ווענגראָווער יידן. איך בין געווען שטאַרק דערשעפּט און צו די פעסער זיך נישט צוגערירט, כאָטש מ׳האָט אויך מיך צוגעטיילט צום ברענגען וואַסער. אייניקע פון די אַנטלויפנדיקע זענען דערשאָסן געוואָרן. מיין ברודער איז יאָ געלונגען נעלם צו ווערן, פאַרשטעקנדיק זיך ביי אַ יידישער משפּחה.

ס׳איז געווען יום־כיפּור ביי טאָג. מיין ברודער האָט געבעטן ביי דער משפּחה זי זאָל העלפן ראַטעווען זיין ברודער, ד״ה מיך. ער האָט זיי דערציילט, אַז איך בין דערשעפּט און קאָן זיך אַליין נישט העלפן. אין דער משפּחה איז געווען אַ יונגע פרוי, מיט אַן איין יאָריק קינד; איר מאַן איז געווען אין פּוילישן מיליטער. די פרוי האָט איינגעשטעלט איר אייגן לעבן און דאָס לעבן פון קינד און מיך אויסגעזוכט צווישן טויזנ־טער מענטשן. זי האָט מיך געבעטן האַלטן דאָס קינד, עס זאָל הייסן אַז איך בין איר מאַן און דער פאָטער פון קינד.

יענע מינוטן וועל איך קיין מאָל נישט פאַרגעסן...

מיר האָבן זי נאָך געבעטן אַרויסצוראַטעווען אייזיק שער־מאַן; זי האָט אָבער מער נישט געוואָלט איינשטעלן דאָס קינד, איז זי אַוועק אַליין און אויך אים, שערמאַנען, געברענגט. האַרציקע מענטשן זענען עס געווען — די ווענגראָווער יידן.

ביי דער משפּחה האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן צוויי טעג. צו מאָרגנס נאָך יום־כיפּור האָבן די דייטשן גענומען דעם ווענגראָווער רב אויף אַרבעט. אַ דייטש האָט דעם רב אַ שניט געטאָן מיט אַ קינזשאַל. דער רב האָט געליטן אויף אַ צוקער־קרענק און איין טאָג שפּעטער נפטר געוואָרן. פון ווענגראָוו זענען מיר אַוועק קיין קאַלושין, ווו מיר האָבן איבערגענעכ־טיקט ביי אַ באַקאַנטער משפּחה. דער חורבן איז אויך אין קאַלושין געווען גרויס. צוו״אַנד. איז דאָרט דערשאָסן געוואָרן אויף דער גאַס שרה יעדוואַב. פון קאַלושין זענען מיר צוריק געקומען קיין גאַרוואָלין.

מיר האָבן זיך אויפגעשטעלט אַ הילצערנע בודע אויפן אָרט ווו ס׳איז געשטאַנען אונדזער הויז, אָבער די דייטשע מאַכט האָט גלייך מודיע געווען, אַז זי וועט אין גאַרוואָלין, וואָס איז געווען אַ קרייזשטאָט, נישט דולדן קיין יידן. זי האָט דאָך געוואָלט אויספּרעסן ביי יידן קאָנטריבוציעס און אויך באַ־דאַרפט אַרבעטער אויף אָפּצורייניקן די שטאָט פון די חורבות. האָט זי געהייסן גרינדן אַ יודענראַט וואָס זאָל אויספירן די דייטשע באַפעלן.

אַחוץ דעם האָט מען געמוזט טאָג־טעגלעך גיין אַרבעטן אין די קאַזאַרמעס. די אַרבעט איז באַגלייט געווען פון זידלע־רייען און קלעפּ. מ׳האָט אונדז נאָך געדראָט, אַז מיטן אָנקומען פון דער ס.ס. וועלן זיך ערשט אָנהויבן די ריכטיקע פּיין. אָבער שוין דעמאָלט, באַלד אין די ערשטע אָקופּאַציע־טעג, נאָך פאַר דער ס.ס., איז אַ מיליטערישער אויטאָ אַרויף אויף גדליה קצב און אים דערהרגעט אויפן אָרט, דאָס איז נישט געווען קיין צופאַל. די דייטשן זענען אַרויפגעפאָרן אויפן ייד מיט דער כוונה צו הרגענען אים. גדליה האָט זיך גראָד אומ־געקערט פון דאָרף, טראָגנדיק אַ זעקל מיט אַ ביסל קאַרטאָפל, וואָס אַ באַקאַנטער פּויער האָט אים געשענקט.

מיטן אָנקומען פון דער ס.ס. און זשאַנדאַרמעריע האָט זיך ערשט געעפנט דאָס אמתע גיהנום.

מ׳האָט אונדז גענומען אויף אַרבעט. ס׳איז געווען שבת, דער 11־טער נאָוועמבער, דער טאָג פון וואָפנשטילשטאַנד בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. מ׳האָט אונדז געשלאָגן מכות־רצח, מאַכנדיק פאַראַנטוואָרטלעך די יידן פאַר דער דייטשער מפּלה. מיט נסים זענען מיר יענעם טאָג אַרויס פון זייערע הענט לעבעדיקע. פון יודענראַט האָבן זיי כסדר געפאָדערט ווערטפולע מתנות און געלט, אַנדערש האָבן זיי געדראָט מיטן ערגסטן. דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזרט בעתן איינשטעלן די דייטשע ציוויל־אַדמיניסטראַציע, מיט ד״ר פרוידענטאַל אַלס קרייזשעף, וועלכער האָט מיט פּרעציעזער פּינקטלעכ־קייט אויסגעפירט אַלע גזירות פון דער העכערער מאַכט; זיינע באַאַמטע האָבן זיך אָנגעשטאָפּט מיט יידיש האָב און גוטס, מיט דער טענה אַז דער קרייזשעף וויל אין זיין שטאָט נישט האָבן קיין יידן, נאָר זיי, די באַאַמטע, האָבן אויסגעפועלט ביי אים איבערצולאָזן אַ קליינע צאָל יידן. אַזוי־אַרום האָט דער גרעסטער טייל יידן געמוזט פאַרלאָזן דאָס שטעטל, בלויז גע־ציילטע משפּחות, צווישן זיי אויך מיין משפּחה, האָבן מיט געלט זיך אויסגעקויפט צו קאָנען בלייבן אין גאַרוואָלין.

דער קרייזשעף, ד״ר פרוידענטאַל, פלעגט יעדן טאָג רייטן אויף זיין פערד איבער דער שטאָט און אָנטרעפנדיק אַ יידן פלעגט ער אָנטאָן אַ הענטשקע, צורופן דעם יידן און אַראָפּלאָזן אים אַ פּאַטש. געוווינט האָט ער ביי אַלעע „זשווירקאַ און וויגורא״ און אין יענער אַלעע האָט אַ ייד נישט געטאָרט דורכגיין. געווען אַ פאַל ווען דעם קרייזשעפס פרוי האָט באַגעגנט אין דער אַלעע אַ יידן. די בלאָנדע „ריינע״ אַריערין איז גלייך אַוועק צום מאַן זיך באַקלאָגט אויף דער חוצפּה פונעם יידן וואָס האָט געוואָגט דורכצוגיין די אַלעע. מ׳האָט תיכף געשיקט נאָכן יודענראַט און געמאַכט אים פאַר־אַנטוואָרטלעך — אויב אַזאַ פאַל וועט זיך איבערחזרן. דער יודענראַט האָט מודיע געווען די יידן זיי זאָלן זיך נישט דער־וועגן דורכצוגיין די אַלעע, אַנדערש, וועלן זיי ברענגען אַן אומגליק אויפן שטעטל.

אײן מאָל אין װאָך פֿלעגן קומען אין קרײזאַמט פֿאַרשטײער פֿון די יודענראַטן פֿון די אַרומיקע שטעטלעך. זײ פֿלעגן צוריקברענגען פֿאַר זײערע ייִדן אינסטרוקציעס און גזירות און יעדעס מאָל געמוזט מיטפֿירן פֿאַר די קרײז־באַאַמטע פֿאַרשײדענע מתנות װי צירונג, טײערע פֿוטערס אד״גל, אַװעקצושיקן זײערע װײַבער אין דער „הײמאַט״.

אײן מאָל האָט אַ באַאַמטער געפֿאָדערט פֿונעם זשעלעכאָװער יודענראַט מען זאָל אים ברענגען אַ שײן רײַטפֿערד. אין זשעלעכאָװ איז נישט געװען צו באַקומען אַזאַ פֿערד, האָט דער יודענראַט זיך געװאָנדן צו יאַנקל ראָזענבערג (ער האָט דעמאָלט געװױנט אין װאַרשע) און ער און זײַנע קינדער האָבן נאָך שװערער מי צוגעשטעלט דאָס געפֿאָדערטע פֿערד.

גאַרװאָלין האָט קײן געטאָ נישט געקענט אײַנפֿירן, װײַל די שטאָט איז געװען פֿאַרברענט און דאָס ביסל ייִדן האָט געװױנט צעװאָרפֿן אין די ראַנדן פֿונעם שטעטל.

כ׳האָב מער נישט געקאָנט בלײַבן אין גאַרװאָלין צוליב אײנעם אַ זשאַנדאַר, װאָס האָט געװאָרפֿן אױף מיר אַן אױג און מיר אָנגעטאָן געברענטע צרות. בין איך אַװעק קײן װאַרשע אין געטאָ און געװען דאָרט אַ לענגערע צײַט בײַ מײַנס אַ קוזין. פֿון אָנהײב איז אין געטאָ געװען נאָך גענוג עסן און איך װאָלט שױן דאָרט געװען געטײלט דעם גורל פֿון אַלע ייִדן... נאָר אײן מאָל האָט מען מיך געכאַפּט אױף אַרבעט און דער דאָזיקער טאָג אַרבעט בײַ די דײַטשן האָט באַשטימט מײַן װײַטערדיקן גורל און גלגולים. געאַרבעט האָבן מיר אַ גאַנצן טאָג אונטער קלעפּ. אײנער איז אַפֿילו פֿון דערשעפּונג געפֿאַלן און די דײַטשן האָבן קײנעם נישט צוגעלאָזט צו ראַטעװען אים. כ׳האָב באַשלאָסן אַרױסצורײַסן זיך פֿאַר יעדן פּרײַז פֿון געטאָ. נאָך שװערער מי און געלט האָט מען מיך אַרױסגעשמוגלט פֿון דאָרט און כ׳בין צוריקגעקומען קײן גאַרװאָלין.

בעת לײַבל ראַטפּוס איז געװען פּרעזעס פֿון יודענראַט האָט ער אײן מאָל, אין אַ שמועס מיט אונדז, דערמאָנט דעם נײַעם שעף פֿון דער זשאַנדאַרמעריע: — ער איז נישט קײן שלעכטער מענטש — האָט ער געזאָגט — אַן עסטרײַכער... זײַן באַהױפּטונג האָט ער אילוסטרירט מיט אַ פֿאַקט װאָס האָט באמת עדות געזאָגט אױף אַ געװיסער אײדלקײט מצד דעם נײַעם זשאַנדאַרמעריע־שעף. און אָט איז דער פֿאַקט:

זיצנדיק אַזױ אױף זײַן באַלקאָן, האָט ער אַ מאָל דערזען עפּעס אַ פֿרױ מיט אַ קינד. ער האָט פֿאַרשטאַנען אַז די פֿרױ איז אַ פֿרעמדע, איז ער אַראָפּגעלאָפֿן אין גאַס אַרײַן, אַרײַנגעפֿירט די פֿרױ אינעם יודענראַט און געהײסן איר געבן עסן און פֿאַרן קינד האָט ער געקױפֿט אַ פּעקל צוקערװאַרג... שפּעטער, װען די גזירות האָבן זיך פֿאַרשאַרפֿט, האָט דער זעלבער זשאַנדאַרמעריע־שעף אײגנהענטיק דערשאָסן צװײ שװעסטערן פֿאַרן געפֿינען בײַ זײ אַ ביסל קאַרטאָפֿל און אַ ברױט. דער „גוטער״ עסטרײַכער איז ספּעציעל געקומען אין טורמע אַרײַן, כּדי מיט די אײגענע הענט זײ צו דערשיסן... „געזעץ איז געזעץ״ — האָט ער געמיטלעך געזאָגט.

זאָל עס דאָ פֿאַרצײכנט װערן לשבח דעם דעמאָלטיקן פּרעזעס לײַבל ראַטפּוס. װאָס פֿאַר אַ מסירת־נפש דער ייִד האָט אַרױסגעװיזן בײַם ראַטעװען ייִדן. ער האָט זיך ממש אַװעקגעברענגט. ער האָט אַװעקגעגעבן אַלץ און אײַנגעאָרדנט אַ קיך, װוּ מען האָט יעדן טאָג באַקומען אַ ביסל זופּ. ער האָט אײַנגעשטעלט דאָס אײגענע לעבן און מיט נאָך צװײ ייִדן אַרומגעלאָפֿן איבער די װעגן כּדי צו ברענגען צו קבר ישראל ייִדן, װאָס זענען דערשאָסן געװאָרן אױף די װעגן פֿון זײער װאַגל. ער פֿלעגט יעדן טאָג קומען אין קיך און פֿונאַנדערשיקן זופּ צו מענטשן װאָס האָבן זיך געשעמט צו קומען אין קיך. אײן מאָל איז לײַבל ראַטפּוס געקומען אין דער קהילה און דערקלערט, אַז מער קען ער נישט, ער איז קראַנק. מ׳האָט באַשטימט אױף זײַן אָרט הערשל פֿעדערמאַן. געװען נאָך דאַן „גוטע״ צײַטן — די פּאָר ייִדישע משפּחות האָבן געמײנט אַז מען װעט זײ פֿון גאַרװאָלין שױן נישט אַרױסטרײַבן.

בעתן אױסברוך פֿון דער דײַטש־רוסישער מלחמה, דעם 22־סטן יוני 1941, האָט דער קרײזשעף געלאָזט רופֿן דעם מאָלער אברהם גאָטפֿריד און געהײסן אים מאָלן די מאַפּע פֿון רוסלאַנד אױף האָלץ. די מאַפּע האָט ער אַװעקגעשטעלט אין מיטן מאַרק און יעדן טאָג געקומען אױפֿן פֿערד אַרײַנשטעקן אין דער מאַפּע אַ פֿענדל, װאָס האָט געװיזן דעם פֿאַרשריט פֿון דער דײַטשישער אַרמײ אױפֿן רוסישן פֿראָנט. ער האָט דעמאָלט דערקלערט: — נאָך אײדער מיר װעלן צו קומען צו מאָסקװע, װעט איר, ייִדן, פֿאַרשװינדן פֿון גאַרװאָלין.

אַזױ איז טאַקע געװען. אָנהײב נאָװעמבער האָט ער פֿאַראָרדנט, אַז נאָכן 10־טן נאָװעמבער װעט אין גאַרװאָלין זיך נישט געפֿינען קײן אײן ייִד. נאָך דעם טערמין װעט יעדער ייִד אױפֿן שטח פֿון גאַרװאָלין דערשאָסן װערן.

אַזױ איז דאָס ביסל ייִדן פֿון שטעטל זיך צעלאָפֿן, װער קײן זשעלעכאָװ, װער קײן פּאַריסאָװ, סאָבאָלעװ א״א. איך מיט מײַן משפּחה זענען אַװעק קײן פּאַריסאָװ און אַ דאָרטיקע פֿאַמיליע האָט אונדז אױפֿגענומען בײַ זיך.

✶

אַ ישוב פֿון בס״ה עטלעכע הונדערט ייִדן, איז ער אָבער געװען באַרימט אין די חסידישע קרײַזן פֿון פּױלן פֿון דעם פּאַריסאָװער חסידות און פֿונעם באַקאַנטן אין גאַנצן לאַנד פּאַריסאָװער רבין.

דאָס שטעטל האָט פֿון דער מלחמה נישט געליטן, עס ליגט װײַט פֿונעם טראַקט און האָט נישט קײן סטראַטעגישע באַדײַטונג. אין דער ערשטער צײַט פֿון דער אָקופּאַציע האָט מען דאָרט קײן דײַטש נישט געזען. דער פֿרומער עולם האָט



מײַן פֿרױ רבֿקה׳ס (װאַסערניס) פֿאַמיליע אין גאַרװאָלין

געמענהט, אַז אין פּאַריסאָוו וועט קיין אויסטערלישס נישט געשען, צוליב דער ברכה וואָס דער ישוב האָט באַקומען פון זיין אַמאָליקן גרויסן רב ר׳ אברהמעלע סטאַשעווער. בעת זיין פאַרלאָזן דאָס שטעטל, האָט ער געזאָלט זאָגן, אַז אויף דעם ישוב וועלן קיין מאָל נישט שולט זיין קיין גזירות־רעות — און אַלע האָבן זיך געטרייסט מיט דעם.

די פּאַריסאָווער יידן זענען געווען האַרציקע יידן. זיי האָבן אויפגענומען די פּליטים פון גאַרוואָלין ווי ברידער.

דאָס געטאָ איז דאָרט געווען איינגעפירט אַזוי, אַז פון איין זייט גאַס האָבן געוווינט יידן און אויף דער צווייטער זייט — קריסטן. פאַרן אַריבערגיין אויף דער קריסטלעכער זייט — איז געקומען טויטשטראָף. דערלויבענישן אויף צו פאָרן קיין גאַרוואָלין האָט באַקומען נאָר דער יודענראַט. יעדע וואָך פלעגן שליחים פון די יודענראַטן פון קרייז קומען קיין גאַרוואָלין אויפנעמען פרישע גזירות און געבן שוחד. יעדעס מאָל פלעגט מען מעלדן די יודענראַטן, אויף וועלכע וועגן עס ליגן יידן, דערשאָסענע פאַר דער עבירה פון געפינען זיך מחוצן געטאָ. ביי דער זייט פון אַזאַ דערשאָסענעם פלעגט מען תמיד געפינען אַ טאָרבע מיט אַ ביסל קאַרטאָפל, אַ שטיקל ברויט אַד״גל — געשאָנקען פון די פּויערים פון דאָרף. דער יודענראַט האָט געהאַט צו זיין דיספּאָזיציע אַן אייגענע טורמע און פּאָליציי. טאָג־טעגלעך פלעגן אָנקומען פרישע יידן, פאַרטריבענע פון די דערפער און שטעטלעך פון דער סביבה. כ׳געדענק, אין אַ געוויסן טאָג האָט מען מודיע געווען דעם יודענראַט וועגן דער אויסזידלונג פון די יידן פון סטאָצק. ווער ס׳האָט נאָר געהאַט אַ שטיקל אָרט האָט זיך באַמיט זיי אַריינצונעמען. כ׳האָב זיך דעמאָלט צוגעקוקט צו די סטאָצקער פּליטים, בעת זיי האָבן זיך דערנענטערט צו פּאָריסאָוו. יעדע ווײַלע האָט מען געהערט אַ שאָס און דאָס האָט באַדייט — אַ געפאַלענער ייד. מיר האָבן זיי שפּעטער צונויפגעזאַמלט און קובר געווען. אין דעם קליי־נעם ישוב האָט זיך דעמאָלט געפינען העכער 10,000 יידן. ס׳איז זיך נישט פאָרצושטעלן דעם הונגער וואָס האָט דאָרט געהערשט. מ׳האָט געהונגערט ביז צום אויסגיין — און געשעמט זיך אויסצושטרעקן די האַנט... נישט ווייט פון אונדז האָט געוווינט מעכל ווײַנבליט, פלעגט ער אַלעמען זאָגן גוט־מאָרגן און קיינער האָט נישט געוווּסט, אַז דער דאָזיקער ייד גייט אויס פון הונגער. זיין ווייב, עטקע, איז געווען אַזאַ שטילע און מ׳האָט געמיינט אַז ווי עס זאָל נישט זיין, אָבער אַ שטיקל ברויט האָבן זיי... ביז איין מאָל האָט מיין מוטער, אַריינקומענדיק פון גאַס דערציילט אַז מעכל איז געשטאָרבן. אויך זיין פרוי וואָלט געווען געשטאָרבן אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווען מען זאָל זיך נישט געווען האָבן מיט איר גלייך פאַראינ־טערעסירט.

דער הונגער מאַטערט שטאַרק דעם מענטשן בלויז אין זיין ערשטן פּעריאָד — אין דער אָנהייב־סטאַדיע; מיט דער צייט ווערט דער קערפּער געשוואָלן, דער קאָפּ — אויפגעבלאָזן, ווי אַן אַרבוז, מ׳פאַרלירט דעם אַפּעטיט און עס דערנענטערט זיך דער טויט...

אין איינעם אַ טאָג האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אריה טרעגער. כ׳טו אַ קוק, דער קאָפּ איז ביי אים געשוואָלן. זאָג איך אים: — אריה, איך זע דאָך אַז דו הונגערסט, פאַרוואָס גייסטו נישט צו היימישע מענטשן בעטן עפּעס עסן?... אריה האָט זיך שטאַרק צעוויינט: „צו פאַרדינען איז נישטאָ ווו און ביי וואָס און בעטלען קאָן איך נישט! — און אַזוי איז ער אויסגעגאַנגען...

כ׳האָב איין מאָל אויך באַמערקט שמאי מלמדם אַ שנור, שמואלס פרוי; זי האָט געשטאַמט פון בעסערע מענטשן פון זשיראַרדאָוו און געווען פאַרמעגלעך; פריער איז זי געווען מיטן זין אין גאַרוואָלין; הערשל פעדערמאַן האָט זיך מיט זיי פאַראינטערעסירט, זי איז געווען זיין פרויס אַ קרובה, אין פּאָריסאָוו האָט זי שוין נישט געהאַט קיין עצה און אָנגע־הויבן גיין צוזאַמען מיטן זין איבער די הייזער. יעדעס מאָל בעת מ׳האָט זיי עפּעס געגעבן —אַ שטיקל ברויט אָדער אַ ביסל עסן — פלעגט דער זין צוכאַפּן אויך איר חלק. די מוטער האָט געוויינט: „ער רייסט מיר דעם ביסן פון די הענט אַרויס. איך בעט זיך ביי אים לאָז מיר אויך אַ שטיקל... אָבער דער הונגער איז ביי אים אַזוי שטאַרק, אַז ער נעמט אַלץ צו פאַר זיך״.

אַ צווייט מאָל איז צוגעקומען הערשל לייפער (מיר זענען געשטאַנען עטלעכע מענטשן) און געוויינט: „אלי אלי למה עזבתני״... מ׳האָט געפילט אַז דער ייד האָט היינט נאָך קיין ביסן אין זיין מויל נישט געהאַט. געווען אַ סך אַזעלכע. מ׳איז ממש געשטאָרבן פון הונגער, ווייל מ׳האָט זיך געשעמט צו בעטן. אַ סך באַלעבאַטישע יידן האָבן זיך נישט געוויזן אין גאַס, מ׳זאָל נישט זען זייער הונגער. אַזוי האָט דער מלאך־המוות געהאַט די פולע שליטה איבערן געטאָ.

די דייטשן האָבן געהאַט אַ באַזונדערע אָפּטיילונג: „זאָנ־דערקאָמאַנדאָ״ — האָט זי געהייסן. אין אירע רייען האָבן זיך געפונען בעיקר פאָלקסדויטשן, וואָס האָבן גערעדט פּויליש. זיי פלעגן יעדן טאָג קומען פון קרייזאַמט (גאַרוואָלין) מאַכן רעוויזיעס אין יידישע הייזער און צונעמען אַלץ וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט. די יללות פון די מענטשן האָבן זיך געטראָגן ביזן הימל. זיי זענען עס געווען די, וואָס האָבן געשאָסן יידן אויף די וועגן. געווען אין דער גאַרוואָלינער זשאַנדאַרמעריע איין פאָלקסדויטש, וואָס האָט געשטאַמט פון זשיראַרדאָוו, פלעגט ער יעדעס מאָל קומען קיין פּאָריסאָוו זוכן עפּעס וואָס אַהיימ־צושיקן אין דער „היימאַט״... איין מאָל האָב איך געזען עפּעס אַזעלכעס וואָס וועט מיר קיין מאָל נישט אַרויס פון זכרון: אין קריסטלעכן טייל גאַס (ד״ה „אויסערן״־געטאָ) האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ ייד וואָס האָט אויך געשטאַמט פון זשי־ראַרדאָוו. ער האָט ביים יידן געפונען אַ שטיקל ברויט, וואָס אַ באַקאַנטער קריסט האָט אים געהאַט געשענקט. דער ייד האָט אים דערקענט און געבעטן זיך ביי אים, דערמאָנט אים די טובות, וואָס ער האָט פאַר אים געטאָן... נישט ענטפערנדיק דעם יידן קיין וואָרט, האָט ער אים אַרויסגעפירט פון שטעטל און אים דערשאָסן. דער זשאַנדאַר האָט גלייך געמאָלדן דעם יודענראַט וועגן דערשאָסענעם ייד.

יעדן אין דער פרי פלעגט די עגלה פון דער חברה קדישא אַרומפאָרן איבערן געטאָ און צונויפזאַמלען די הרוגים און מתים און אַרויספירן זיי אויפן יידישן בית־עלמין. געווען פאַלן ווען דער לעבעדיקער איז געשלאָפן מיטן טויטן אַ גאַנצע נאַכט. אין דער פרי ווען מ׳האָט גענומען וועקן דעם שלאָפנדיקן, האָט מען ערשט דערזען, אַז דער ברודער, חבר, אָדער קרוב איז טויט.

דער יודענראַט פלעגט יעדן טאָג באַשטימען ווער און וווהין עס גייט מאָרגן צו דער אַרבעט. ווער ס׳איז באַשטימט געוואָרן צו שאָסיי־אַרבעט, ווער — צום האַקן שטיינער אד״גל. דער אַרבעטס־פּלאַץ האָט זיך געפונען נישט ווייט פון שטאָט. אָבער שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן נעמען אויף אַרבעט אין אַ לאַגער ווייט פון שטאָט — 15 קילאָמעטער פון פּאָריסאָוו

— „ווילגאַ", האָט ער געהייסן, דער לאַגער. ביים כאַפּן אויף אַרבעט האָבן זיך אָפּגעשפּילט האַרצרייסנדיקע סצענעס. נישט אַזוי דער לאַגער האָט געשראָקן נאָר דער פּחד, אַז מען וועט פון דאָרט שוין נישט קענען צוריקקומען. די דייטשן האָבן געפּאָדערט מענטשן און דער „יודנראַט", ווי דערמאָנט, האָט באַשטימט ווער און ווו עס גייט, נאָר דער עולם האָט זיך באַהאַלטן; איז די יידישע פּאָליציי אַרומגעלאָפן כאַפּן מענטשן. אַזוי האָט מען אויך געכאַפּט מיין ברודער אשר ע"ה. עס האָט נישט געהאָלפן קיין בעטן און קיין שום אויסלייזגעלט.

פון טאָג צו טאָג איז דער מצב געוואָרן טראַגישער. אין אַזאַ פּיצל שטעטל פלעגן יעדעס מאָל צוקומען פרישע פּליטים פון דער סביבה. מען האָט געשאַצט די צאָל יידן אויף 15,000. מען האָט געוווינט אויף ביידעמער, אין קאַמערלעך און ווו נישט? — נישט געווען קיין פרייער שפּאַן ערד. די דאָזיקע ענגשאַפט האָט גורם געווען טיפוס־עפּידעמיעס באַגלייט פון דיזנטעריע. מענטשן זענען געפאַלן ווי די פליגן.

עס האָבן געגומען קורסירן וואָס אַמאָל אַלץ אינטענסיווער קלאַנגען וועגן טרעבלינקע. יידן האָבן נאָך אַלץ געהאָפט, אַז די דייטשן וועלן נישט באַוויזן אויסצופירן זייערע פּלענער. אַזוי האָט עס זיך געצויגן ביז סוכות 1942.

כ'געדענק דעם לעצטן יום־כיפור צו כל נדרי: כ'האָב געדאַווענט אין אַ פּריוואַטער שטוב. כ'וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן די האַרצרייסנדיקע תפילה: קרע, רוע גזר דיננו... מ'איז געווען דורכגעווייקט פון טרערן און די פרויען האָבן שוין נישט געהאַט קיין כוח צו שרייען און וויינען. זיי זענען געבליבן האַלב־פאַרחלשטע — און דעמאָלט איז טאַקע געשטאָרבן אַ וואַרשעווער פרוי פון עטלעכע דרייסיק יאָר.

סוכות (1942) זענען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות, אַז מען זידלט אויס גאַנצע שטעטלעך. מען לאַדנט זיי איין אין וואַגאָנען קיין טרעבלינקע. ס'איז נישט שווער זיך פאַרצושטעלן די פּאַניק, די פאַרסמטע פון שרעק טעג און נעכט. דער פּאַריסאָווער יודנראַט האָט געבערענגט פון קרייזאַמט (גאַרוואָלין) די „בשורה", אַז דעם שטעטל וועט גאָרנישט נישט געשען. מען גייט בויען אַ פרישן וועג און מען וועט דאַרפן אַרבעטער. די קרייז־באַאַמטע האָבן אויך באַשטעלט נייע שטיוול און אָנצוגן אויף ווייטע טערמינען — אַ סימן, אַז פּאַריסאָוו וועט אפשר פאַרשוינט ווערן... מ'האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט אָבער גלייך דעם נאָענסטן זונטיק, דעם ערשטן טאָג חוהמ"ס, זענען געקומען עטלעכע יידן פון סאָבין, וועלכע ס'איז געלונגען פון דאָרט צו אַנטלויפן און דערציילט, אַז מען טרייבט איצטער אַרויס די יידן פון סאָבין און מ'פירט זיי קיין טרעבלינקע....

ס'איז אַנטשטאַנען אַ בהלה. מ'האָט איינגעזען, אַז ס'דערנענטערט זיך דער סוף. ס'איז צו אונדז דערגאַנגען אַז די פייערלעשער־קאָמאַנדע איז אין אַליאַרם־גרייטקייט.

מ'האָט זיך געריכט אויף יעדע מינוט. אַ סך זענען אַנטלאָפן אין לאַגער „ביזשין" — דריי קילאָמעטער פון פּאַריסאָוו — הגם ביים טרעפן אַ יידן מחוץ געטאָ איז ער גלייך דערשאָסן געוואָרן. געווען אַזעלכע וואָס האָבן דאָס אַלץ אויפגענומען רויִק, גלייכגילטיק. כ'געדענק, כ'האָב דעם לעצטן זונטיק געטראָפן זיך מיט אברהם וואָדקאַ. פרעג איך אים: „וואָס טוט מען?" — אַז מען רופט, דאַרף מען גיין — האָט ער געוואַנדן דעם בליק צום הימל...

אויך איך האָב באַשלאָסן צו אַנטלויפן; כ'האָב נאָר געוואָרט עס זאָל טונקל ווערן. אַנדערע האָבן זיך אָפּגעשוירן די בערד, אַרומגענומען ס'פּנים מיט אַ פאַטשיילע — אַ סגולה נישט דערקענט צו ווערן אַלס ייד...

מיר האָבן געוווינט ביי דעם פּאַריסאָווער ייד, אברהם יצחק בעקער, און באַשלאָסן צו מאַכן אויפן בוידעם פון זיין קאַמער אַ באַהעלטעניש. מיר האָבן זי גוט פאַרמאַסקירט און ס'איז געווען שווער צו דערקענען אַז דאָרטן ליגן באַהאַלטן מענטשן. מיר האָבן צוגעגרייט אַ ביסל פּראָוויאַנט מיט דער האָפענונג, אַז נאָך אַ פּאָר טעג וועט מען זען וואָס מ'האָט ווייטער צו טאָן... אויף דעם ביידעמל זענען געווען באַהאַלטן מיינע עלטערן, איין ברודער, דריי שוועסטערן און צוויי קינדער פון איין שוועסטער, צוזאַמען: 8 מענטשן. איך, מיין ברודער, ישראל, און מיין שוואָגער, יהושע קאַרפּמאַן האָבן געוואָרט ס'זאָל ווערן פינצטער, כדי צו אַנטלויפן. מיין עלטסטע שוועסטער, פעסע, האָט מיר געזאָגט: — „איך מוז בלייבן, כ'האָב צוויי קינדער און קען מיט זיי נישט לויפן. אָבער מיין מאַן הייס איך גיין. טו וואָס דו קענסט אים צו העלפן. ער האָט אַ סך באַקאַנטע קריסטן — אפשר וועט ער זיך ראַטעווען?"...

נאָך איידער ס'איז פינצטער געוואָרן האָט מען שוין געזען אויף די וועגן אַ פאַרדעכטיקטע באַוועגונג: די פּוילישע פּאָליציי איז אַרויס אויפן גאַס און ס'האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אויך דייטשן; די פייערלעשער־סירענע האָט אַליאַרמירט; דער מערדערלעכער ליאַרעם פון דער סירענע גייט מיר נאָך ביזן היינטיקן טאָג. מיט וואָס פאַראַ שמחה האָבן זיי עס געבלאָזן אין דער סירענע! דאָס פּוילישע פּעבל איז גלייך אַרויס אין גאַס אַרומזען זיך וואָס מען קען שוין ראַבירן... די פּוילישע פּאָליציי פון פּאַריסאָוו און פון דער סביבה האָט באַלד אַרומגערינגלט דעם געטאָ־טייל, אַז מען זאָל נישט קענען אַנטלויפן. אויך די דייטשע זשאַנדאַרמעריע האָט פאַרנומען פּאָזיציעס. אויך די פייערלעשער — אויסגעפּוצטע אין פּאַראַדנע מונדירן — האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס. מיר האָבן זיך געפונען אין אַ הערמעטיש־פאַרמאַכטן רינג, אָן אַן אויסגאַנג. קריסטן האָבן דערציילט אַז אין פּילאַווע (אַ באַנסטאַציע 9 קילאָמעטער פון פּאַריסאָוו) שטייען וואַגאָנען אויף צו פאַרלאָדענען אין זיי די יידן.

די בהלה איז נישט צום באַשרייבן. ווער ס'האָט נאָר געהאַט אַ באַקאַנטן פּאָליאַק האָט איינגעפּאַקט וואָס ער האָט



**איך און מיין ברודער ישראל אויף קבר־אבות פון אונדזערע עלטערן אויפן בית־עולם אין גאַרוואָלין נאָכן אומקום**

נאָך פאַרמאַגט פון סחורות און ווערטזאַכן און אים דאָס איבער־געגעבן. זיי זענען עס געקומען נעמען און די פוילישע פּאָליציי האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק... און זאָל עס פאַרצייכנט ווערן לדורות ווי אַזוי די פּאָליאַקן האָבן געהאָלפן די דייטשן צו פאַרטיליקן אונדז.

כ׳בין אַריין אין דער באַהעלטעניש, כדי צו געזעגענען זיך מיט די אייגענע. מיין גאַנצע משפּחה איז דאָרט געזעסן. כ׳האָב זיך געזעגנט מיטן געפיל, אַז ווער ווייס צי איז עס נישט דאָס לעצטע מאָל וואָס איך זע זיי. מיין מוטער האָט מיר איבערגעגעבן די נעמען פון די קריסטן, וועלכע זי האָט געגעבן סחורות און ווערטזאַכן, און איך און מיין ברודער און שוואָגער זענען געגאַנגען זוכן אַן אָרט דורך וועלכן אַרויס־צובאַקומען זיך פון געטאָ. מיר האָבן געוואַרט ביז ס׳וועט ווערן פינצטער. די פוילישע פּאָליציי און די דייטשן האָבן זיך געדרייט אַהין און צוריק, היטנדיק עס זאָל קיינער נישט אַריבערלויפן די גאַס און זיך אַרויסבאַקומען אויפן פעלד, וואָרום אין פּאַריסאָוו, ווי שוין דערמאָנט, איז נישט געווען קיין פאַרמאַכטער געטאָ; גענוג געווען דאָס אַריבערכאַפּן זיך אויף דער צווייטער זייט גאַס, כדי צו געפינען זיך אויסערן געטאָ.

ס׳איז שוין געווען גוט טונקל און מיר האָבן זיך שוין געגרייט צום לויפן, דערהער איך פלוצעם שטיל רופן מיין נאָמען. איך קוק זיך אַרום — ס׳איז ראַכטשע טאָפּער (וואַסער־ניס) מיט אירע צוויי קינדער. זי דערציילט מיר וויינענדיק, אַז דער מאַן אירער, וואָס אַרבעט ביי דער זשאַנדאַרמעריע אין גאַרוואָלין, האָט זיך געבעטן מען זאָל אים באַפרייען, כדי ער זאָל קענען גיין צוזאַמען מיט איר און די קינדער אין די וואַגאָנען; מען האָט אים צוגעזאָגט אויף מאָרגן אין דער פרי צוצושטעלן קיין פּאַריסאָוו. מיר האָבן זיך געזעגנט און זי האָט נאָכגעשפּירט דעם פּאָליציאַנט וואָס האָט געהיטן דעם אָפּשניט. ווען יענער האָט זיך אָפּגערוקט אַ ביסל ווייטער, האָט זי אונדז געגעבן אַ צייכן און מיר זאַלבעדריט זענען אַריבערגעלאָפן אויף דער צווייטער זייט גאַס און אַרויס אויפן פעלד. אַ קריסט האָט אונדז נאָכגעשריגן, פאַרוואָס מיר אַנט־לויפן, אָבער מיר זענען געלאָפן מיט אַלע כוחות. מיר זענען אַזוי געלאָפן אין דער נאַכט אַריין אַ היפּש שטיקל צייט. ווען מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט כדי אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, האָבן מיר באַמערקט פון ווייטנס שאָטנס און פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען יידן. אַזוי איז עס טאַקע געווען .עס זענען צו אונדז צוגעקומען יצחק האָפּענבערג, פריידע וויינבליט און לייזער ראַטפּוס. מיר זענען נאָך געגאַנגען אַ שפּאַר שטיקל וועגס צוזאַמען. ביי אַ קרייצוועג האָבן מיר זיך צעשיידט. מיין ברודער, קאַרפּמאַן און ראַטפּוס זענען אַוועק מיט אַ באַזונדערן וועג און איך האָב זיך פאַרנומען מיטן וועג צו דער גאַרוואָ־לינער באַנסטאַציע.

אין מיטן נאַכט האָב איך אָנגעקלאַפּט ביי אַ באַקאַנטן קריסט. פון אָנהייב האָט ער זיך דערשראָקן. דערהערנדיק מיין נאָמען, האָט ער זיך באַראַטן מיט זיין פרוי און מיר געגעבן אַן אָרט צו שלאָפן אויפן בוידעם. דאָס פאַרפאָלק איז געווען קינדערלאָז, און ווען כ׳האָב דערהערט אַ געוויין פון אַ קינד, האָט ער מיר דערציילט, אַז דאָס קינד האָט ער געפונען אויף דער סטאַנציע בעתן דורכפאָרן וואַגאָנען מיט יידן. ער מיטן ווייב האָבן באַשלאָסן דאָס קינד צו אַדאָפּטירן.

אין דער פרי איז ער אַוועק צו מיינעם אַ באַקאַנטן קריסט אין אַן אַנדער דאָרף, אַז יענער זאָל ביינאַכט מיך אַריבערפירן אינעם לאַגער „כיזשין". ביי אים האָב איך נישט געקאָנט בלייבן, ער האָט מורא געהאַט.

מיין באַקאַנטער קריסט איז געקומען מיט אַ יונגן פויער, וועלכן ער האָט מיר פאָרגעשטעלט אַלס אָרנטלעכן מענטש. ער האָט מיך באַרויִקט און געזאָגט, אַז איך דאַרף אים בלויז באַצאָלן כך־וכך פאַרן אַריבערפירן און אַלץ וועט זיין גוט.

ביינאַכט איז ער טאַקע געקומען נאָך מיר. ער האָט געפירט אַ ראָווער און איך בין אים נאָכגעגאַנגען. אַזוי זענען מיר געגאַנגען אַ לענגערע צייט ביז מיר זענען צוגעקומען צו אַ דאָרף, ווו מיר האָבן אָפּגערוט. דאָרט האָב איך באַמערקט ווי ער שושקעט זיך מיט וועמען. נאָכן אָפּרו זענען מיר געגאַנגען ווייטער. מיט אַ מאָל טוט ער מיר אַ זאָג, אַז ס׳לויפט אונדז ווער נאָך — און פאַרשווינדט.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און נעבן מיר זענען אויס־געוואַקסן צוויי כוליגאַנעס. זיי האָבן מיך אומגעוואָרפן, זאָגנ־דיק: „דו ביסט שוין דער 11־טער ייד, וואָס מיר גיבן היינט איבער צו די דייטשן"... נאָך אַ לענגערן בעטן און רעדן זיי צום געוויסן, האָבן זיי ביי מיר צוגענומען אַלץ וואָס כ׳האָב געהאַט, מיך גוט באַזוכט, אַראָפּגעצויגן מיר די שטיוול פון די פיס און אַוועק. זיי האָבן מיר איבערגעלאָזט געלט אויף צוויי קילאָ ברויט.

דעם וועג קיין כיזשין האָב איך נישט געוווּסט. נאַכט. חושך. באָרוועס... כ׳וועל אָנקלאַפּן אין דער ערשטער בעסטער טיר. כ׳בין צוגעקומען צו אַ הויז מיט אַ ברייטער וועראַנדע און שיין־געמאָלענעם פאַרקאַן. אַ באַלעבאַטיש הויז — האָב איך געטראַכט — בעת כ׳האָב אָנגעקלאַפּט. ס׳איז אַרויס אַ מאַן פון אַ צוויי מעטער די הייך.

— אַנטשולדיקט, הער. כ׳האָב פאַרלוירן דעם וועג קיין כיזשין, העלפט אַרויס.

יאַנעק! — האָט ער אַ רוף געטאָן — און פון דער סטאָדאָלע איז אַרויס אַ פאַרשוין, אַ מאָנסטער. ער איז גלייך צו צו מיר.

— דערליידיק זיך מיט אים! — האָט דער באַלעבאָס אים באַפוילן.

דער מאָנסטער פירט מיך שוין ערגעץ... כ׳האָב דער־שפּירט דעם ריח פון רציחה. כ׳האָב אויפגעהויבן אַ געשריי ביזן הימל. פון שטוב איז אַרויס אַ פרוי און לאַנג געבעטן מען זאָל מיך אָפּלאָזן.

— גיב אים אַ קאָפּ און זאָל ער לויפן — האָט דער באַלע־באָס צוליב געטאָן דער פרוי...

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט אַז דאָס איז געווען דער סאָלטיס פון דאָרף.

כ׳בין ווידער איינער אַליין מיט דער נאַכט. וואָס טוט מען? כ׳האָב זיך דעצידירט און אָנגעקלאַפּט אין אַ צווייט הויז. דאָס איז געווען אַ קליינע, אָרעמע הייזקע. דער פויער האָט מיר געגעבן אַ שטיקל ברויט, צוגעפירט מיך אַ שטיקל וועגס און געוויזן מיר די ריכטונג צום לאַגער. ס׳האָט שוין געטאָגט.

אין לאַגער האָב איך אָנגעטראָפן אויף יידל וואָדקאַ. ס׳איז געווען דאָס אמתע גיהנום. יידל האָט מיר געשאַפן אַ פּאָר שיך. אַזוי האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אין לאַגער.

שמוץ, לייז, עפּידעמיעס; אומעטום — קראַנקע, טויטע. 6 פרי גייט מען אַרויס צו דער אַרבעט. מ׳האָט געאַרבעט אין וואַסער. די אויפזעער — פאַרשידענע טיפּן כוליגאַנעס. קלעפּ. יסורים. יעדן פאַרנאַכט, צום אַהיימגיין, האָבן מיר מעטגעטראָגן עטלעכע טויטע.

און געווען צו גיין עטלעכע קילאָמעטער ביזן לאַגער.

משה האָפּענבערג האָט מיר אָפּגעטראָטן אַ שטיקל אָרט אין באַראַק כ׳זאָל קאָנען איבערליגן די נאַכט. כ׳האָב באַגעגנט אַ יונגנמאַן פון פּאַריסאָוו (כ׳דערמאָן זיך נישט זיין נאָמען), וואָס האָט נישט גערעדט, ווייל אַ קויל איז אים שטעקן געבליבן אין האַלדז — בעת די דייטשן האָבן אויף אים געשאָסן אין פּאַריסאָוו. ער האָט זיך געמוטשעט עטלעכע טעג און געשטאָרבן.

מיט יעדן טאָג איז געוואַקסן די צאָל קראַנקע און טויטע. די לאַגע איז געוואָרן אַלץ פּײַנלעכער.

נאָך דריי וואָכן האָט מיך אָפּגעזוכט אַ יינגער קריסט מיט אַ בריוול פון יהושע בריוו, אין וועלכן ער, יהושע בריוו איז מיר מודיע, אַז ער האָט אויסגעזוכט אַ זיכער באַהעלטעניש ביי אַ פּויער אין דאָרף יאַגאָדנע, און אויב כ׳בין צוגעגרייט מיט געלט וועט דער פּויער קומען מיך נעמען. מיט זיך קיין געלט האָב איך נישט געהאַט, אָבער מיר האָבן געהאַט אַוועק־געגעבן פאַרשידענע סחורות צו באַקאַנטע קריסטן, און כ׳האָב געוווּסט, אַז ווי עס זאָל נישט זיין, וועל איך עפּעס פון דעם ווערט פון די סחורות — צוריקבאַקומען.

אין צוויי טעג אַרום איז דער פּויער געקומען מיך נעמען. ער האָט מיך אַריבער געפירט אין דער באַהעלטעניש — אַ פאַרמאַסקירט גרוב אין חזיר־שטאַל. מיר זענען דאָרט געווען 6 מענטשן. קיינער פון דאָרף האָט נישט געוווּסט וועגן אונדז. מיר האָבן אויך נישט געהונגערט. עסן פלעגט ער אונדז ברענגען בעת ער האָט געטראָגן עסן פאַר די חזירים. באַצאָלט האָב איך אים יעדן חודש, טאָקע פונעם געלט פון די פאַר־קויפטע סחורות וואָס די קריסטן האָבן מיר דורך אַ שליח צוגעשיקט.

אין דעם גרוב זענען מיר אָפּגעלעגן דריי און צוואַנציק חדשים. אין דער לעצטער צייט האָט דער פּויער אויך עפּעס מורא געקריגן און געוואָלט מיר זאָלן פון אים אַוועק. אָבער די אָפענסיווע וואָס די רוסן האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן, האָט אים אָפּגעהאַלטן פון דראַסטישע שריט כלפּי אונדז.

דעם 27־סטן יולי (1944), אין דער פרי האָבן מיר דער־הערט אַ שטאַרקע קאַנאָנאַדע. די שלאַכט האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג. אונדזער שטאַל האָט אָנגעהויבן ברענען און מיר האָבן קוים באַוויזן אַרויסצולויפן פון אונדזער באַהעלטע־ניש. דאָס פערד וואָס איז געשטאַנען אין שטאַל איז פאַרברענט געוואָרן. מיר זענען אַרויס אין פעלד און זיך פאַרשטעקט אין דער תבואה ביז ביינאַכט, ווען די רוסן זענען שוין געווען אין דאָרף.

נאָך צוויי טעג זענען מיר אַוועק קיין גאַרוואָלין. מיר האָבן נאָך געהאַט מזל. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט אונדז דעם זעלבן טאָג, וואָס מיר האָבן פאַרלאָזן דאָס דאָרף, געזוכט די A. K. *).

אין גאַרוואָלין האָב איך זיך דערוווּסט וועגן טראַגישן אומקום פון מיין משפּחה. די דייטשן האָבן דורכגעזוכט דאָס גאַנצע הויז און קיינעם נישט געפונען. אָבער די פּוילישע פייערלעשער האָבן שפּעטער נאָך אַ מאָל געזוכט און אַנטדעקט די באַהעלטעניש מיט דער גאַנצער משפּחה און זיי איבער־געגעבן צו די דייטשן. דעם טאַטן און שמעונען (מיין ברודער) האָבן די דייטשן דערשאָסן אויפן אָרט, און די פרויען און קינ־דער האָבן זיי איבערגעפירט אין תפיסה. דאָרט האָבן זיי אויפגע־זאַמלט עטלעכע און דרייסיק פרויען און קינדער, צווישן זיי אויך חנה הערמאַנאָוויטש (חנה וואָועס), מיט איר טאָכטער רייזל.

הושענא־רבה האָבן זיי אַלע פרויען און קינדער אַרויס־געפירט אויף אַ פעלד און זיי דערשאָסן. צווישן זיי, מיין מוטער, מיינע צוויי שוועסטערן, מיין שוועסטער פּעסס צוויי קינדער און קינדער פון אַנדערע עלטערן.

די דערשאָסענע האָט מען איבערגעלאָזט אויפן אָרט פון דער עקזעקוציע. דאָס איז געווען אַ גרוב ביי אַ סטאָדאָלע. די פויערטע פון דער סטאָדאָלע האָט מען אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל זיך נישט דערוועגן אַרויסצונעמען זיי און איבערפירן אין אַ צווייט אָרט. דעם מאָרד האָט דורכגעפירט די פּוילישע פּאָליציי, צוזאַמען מיט דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע.

מיין ברודער, אשר, איז אַנטלאָפן פון לאַגער „ווילגאַ" און זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּויער אין דאָרף. ווען ער איז קראַנק געוואָרן, האָט דער פּויער אים אַרויסגעפירט פון דאָרף און אים אַוועקגעלייגט אין מיטן וועג. דורכפאָרנדיקע זשאַנ־דאַרמען האָבן אים מיטגענומען קיין גאַרוואָלין און אים דאָרט דערשאָסן.

★

נאָך דער באַפרייאונג זענען קיין גאַרוואָלין אָנגעקומען יידן, וואָס האָבן איבערגעלעבט אין די אַרומיקע דערפער, אָדער אַלס „אַריער". מיר האָבן געטאָן אַלץ, כדי זיי צו העלפן. מיר האָבן זיי באַזאָרגט מיט עסן און שלאָפן. שפּעטער האָט אַ גרופּע גאַרוואָלינער, צווישן זיי, אויך שמואל לאַקסמאַן זיך ענערגיש גענומען פאַרבעסערן דעם מצב פון דער גאַר־וואָלינער שארית הפליטה. דער בית־עולם איז געווען אין גאַנצן צעשטערט. פון די מצבות האָבן די דייטשן, צי די פּאָליאַקן געמאַכט טראָטואַרן. לאַקסמאַן האָט אַרויסגענומען די מצבות און זיי צוריקגעפירט ווו מען דאַרף. אויך האָט ער נישט גערוט און מיט דער הילף פון „דזשאָינט" אינטערווענירט ביי דער מאַכט וועגן אַ דערלויבעניש און הילף צו עקסהומירן די דערשאָסענע אין גרוב ביי פּאַריסאָוו. לאַקסמאַן האָט באַזאָרגט קאַסטנס און אַרבעטער און די עקסהומאַציע איז דורכגעפירט געוואָרן. פּאָליציי האָט געהאַלטן אָרדנונג, אַז די אַרבעט זאָל דורכגיין בשלום. מ׳האָט זיי אַלע איבערגעפירט אופן גענשער בית־עולם אין וואַרשע.

אויך מיין פאָטער און ברודער האָט מען אַרויסגענומען פון בית־עולם און אין קאַסטנס איבערגעפירט קיין וואַרשע.

אויפן בית־עולם אין וואַרשע האָט מען זיי אַלע קובר געווען אין צוויי באַזונדערע קברים — איין קבר נעבן צווייטן: מיין פאָטער און ברודער אין איין קבר און די פרויען און קינדער אין אַ באַזונדער מאַסן־קבר.

עס וואָלט געווען אַן עוולה נישט צו דערמאָנען, אַז צווישן די פּאָליאַקן האָבן זיך אויך געפונען יחידים וואָס האָבן גע־האָלפן יידן.

אַזוי האָבן מיר איבערגעלעבט איינציק אין זכות פון עטלעכע פּאָליאַקן, וואָס האָבן פאַרקויפט די באַהאַלטענע ביי זיי סחורות און אונדז דאָס געלט איבערגעשיקט. זיי האָבן אַפילו געוווּסט אין וועלכן דאָרף און ביי וועמען מיר זענען באַהאַלטן און געמאַכט זיך נישט וויסנדיק...

מיט די דאָזיקע איידעלע קריסטן שטיי איך אין פאַר־בינדונג ביזן היינטיקן טאָג.

*) „אַרמיאַ קראַיאָוואַ" (לאַנד־אַרמיי) א פּוילישע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַ־ניזאַציע, וואָס האָט זיך פאַרנומען בעיקר מיט מאָרדן יידן, אויך שוין נאָך דער מלחמה.

מאיר קליינבוים / תל־אביב

# סופה של קהילת גארוואָלין

## העיר גרבולין שוכנת על דרך המלך ורשה — לובלין — למברג.



בימיה הראשונים של המלחמה, עברו דרכה המוני פליטים, ובמיוחד יהודים, מוורשה וסביבותיה, מי ברכב ומי ברגל. היו אלה שנענו לקריאתה של ממשלת פולין לנוע מזרחה וגם אלה שברחו, מיזמתם הם, מפני הפולש הגרמני האכזרי. יהודי גרבולין הושיטו עזרה לעוברים בעיר. אורך הכביש עמדו יהודים והגישו מים, תה חם ואוכל, לכל דורש וגם אפשרו לעייפים לנוח קצת בבתיהם, לפני שימשיכו בדרכם.

ביום שישי, שמונה בספטמבר 1939 היום השמיני לפרוץ המלחמה, בעוד יהודי גרבולין עוסקים בהושטת עזרה לפליטים העוברים בכביש — הופצצה העיר ובעיקר הרחובות המרכזיים המאוכלסים רובם יהודים. בהפצצה זו נהרגו כארבעים איש. תוך שעה קלה עלו באש רוב הבתים, שמרביתם היו בנויים עץ. מה שנשאר לפליטה חוסל בהפצצה חוזרת למחרת ביום שבת. העוזרים לאחרים הפכו תוך דקות ספורות מחוסרי גג בעצמם ולרוב גם מחוסרי כל אמצעים.

מיד התחילה הבריחה מן העיר. מי שידו השיגה שכר עגלה רתומה לסוס והעלה עליה את בני ביתו ומעט המטלטלים החיוניים שהצליח להציל מהבית הבוער. האחרים יצאו ברגל ורכושם המועט על גבם. רובם שמו דרכם לפוריסוב, העיר הקרובה ביותר. אחרים פנו לסטוצק ולז'ליכוב, ומעטים לכפרים בסביבה. זקנים וחולים שרכו רגליהם שעות על שעות עד שהגיעו לאיזה מקום־מנוחה עראי.

סבתי רויזה פרוז'ניאק שהיתה אז בת שמונים ושלוש עברה ברגל את כל הדרך לפוריסוב משום שבעת שבנה שלמה מאיר פינה את משפחתו הענפה, היא לא רצתה לעלות על העגלה עד שיוודע לה מה עלה בגורלם של נכדיה — גיטיל ומשה אליעזר קליינבוים ומשפחותיהם. אלה יצאו בינתיים את העיר, והיא סבתם יצאה לבדה לדרך. את נרות השבת לא שכחה לקחת איתה, והדליקה אותם ביער, ואחרי מנוחה קלה המשיכה בדרכה. לפוריסוב הגיעה למחרת.

מחזה טרגי היה, לראות את אביש מרגלית נמוך הקומה וגיסו יצחק בסר שהיה גבוה מאוד, אחד מחסידי גור המפורסמים, משלבים את ידיהם בצורת כסא ומושיבים עליו את אשתו של אביש, שהיתה אז חולה אנושה. ככה הלכו שעות רבות עד שהגיעו תשושי כוח לפוריסוב.

היהודים בפוריסוב קבלו את פליטי גרבולין בדלתות פתוחות. חלקו עמם את דירותיהם הצרות ואפשרו להם לנוח, זמנית, מתלאותיהם.

גרוע יותר היה גורלם של אלה שפנו לעבר סטוצק. בדרך השיגם הפולש הגרמני, באכזריות התנפלו הקלגסים הנאצים על הפליטים, אספו את הגברים ותחת מטר של מכות רצח הובילום למחנות ריכוז. רבים נהרגו בדרך ואחרים נעלמו עקבותיהם. את החללים ששכבו לאורך הדרך, קברו היהודים מהמקומות הקרובים, על פי רוב אף בלי לדעת את שמות המתים. בין ההרוגים היה ישראל־לייב דעלעפקאָביץ', בחור צנוע וטוב לב.

אחי משה אליעזר נלקח עם השבויים. בתחילה מנוהו בין ההרוגים אך כעבור חדשיים, בהתחלת נובמבר, הגיע לוורשה. כה תשוש וחולה היה עד שהקרובים בקושי הכירוהו. הוא סיפר שבאחד המקומות, בתחנתם האחרונה, העמידו אותם הגרמנים בשורות וירו בכל יהודי שלישי. לנשארים בחיים הרשו ללכת. אחרי תלאות רבות הצליח להגיע לוורשה.

אחותי גיטיל שהלכה בעקבות השבויים, מצאה את בעלה, דוד קויפמן, שכוב בצד הכביש ללא הכרה. הגרמנים הרביצו בו מכות נמרצות והשאירוהו בדרך. במאמץ רב הביאה אותו לפוריסוב ולאט לאט חזר לאיתנו.

אחרי שגם ורשה נכבשה, נודע לי על הקורות ליהודי גרבולין ובכללם קרובי. הרגשתי חובה לראותם, ואולי אף אוכל לעזור להם במשהו. מיד יצאתי לדרך בחברת בן־דודי זליג פרוז'ניאק. יום של סבל עבר עלינו. התחלנו בנסיעה בעגלה אך מרבית הדרך הלכנו ברגל, בשדות, בכדי להתחמק מהגרמנים, שחטפו כל יהודי שפגשו בכביש. לגרבולין הגענו באמצע הלילה. מצב חירום שרר בעיר וצעדי משמרות הגרמנים הדהדו ברחובותיה. זחלנו בצדי הכביש ואיכשהו הגענו לביתו של יעקב שטיינברג, גיסו של יעקב גורדון. הוא גר מול משרד האוצר ודירתו נשארה על תילה. דפקנו חרש על החלון, זיהינו את עצמנו ונתנו לנו להיכנס. החדר היה מלא אנשים שישנו בישיבה על הרצפה. אלה שלא הספיקו לצאת מן העיר עד הערב מצאו שם מקלט לילה. בבוקר יצאתי העירה, (יותר נכון למה שהיתה פעם עיר) ולאן שפניתי ראיתי רק ארובות, שהזדקרו לשמיים כטוענים נגד העוול שנעשה לדייריהם. בין ההריסות הסתובבו כמה יהודים. אחדים באו לחפש בין החורבות, אולי עוד ימצאו משהו בעל ערך, ואחרים שבאו להוציא כרטיסי לחם, שהתחילו אז לחלקו במנות. ביניהם פגשתי את גיסתי פרל. היא השאירה את שלושת ילדיה הקטנים בפוריסוב להשגחת אנשים טובים. היא סיפרה לי פרטים על חטיפתו של בעלה, אחי, משה אליעזר שנעלמו עקבותיו ועל מצבה החומרי שנשארה מחוסרת כל אמצעים.

בעודנו משוחחים שמעתי צעקות „יודה, יודה". הסתובבתי וראיתי שלושה גרמנים רצים וקריאותיהם מכוונת אלי. הייתי במקום שעמדו פעם הבתים של ר' שמשון בורק ור' נתן שו"ב והתבוננתי סביבי. לא נשאר שום מבנה בסביבה ולא היה לאן לברוח ולהתחבא. בינתיים השיגוני הקלגסים, הפעילו עלי את מגלביהם והריצו אותי במורד הרחוב. בפינת נדוודנה עד הבית שגרו בו, פעם, יעקב בלנק ומשפחת זינגער, — נשארו בתים אחדים. גרו בהם פולנים. בעד החלונות

הציצו כמה פרצופים עם שמחה לאיד שמרביצים ליהודי. הגעתי עד פינת רחוב קושצ׳ושקי ששם כבר היו מרוכזים כמה יהודים. הובילונו יחד לבנין הגמנסיה והעבידונו בניקוי החדרים מהלכלוך שהשאירו החיילים הפולנים שהושכנו שם. היינו כשלושים יהודים שנקלעו מסיבות שונות לעיר, ביניהם, יעקב פייגנבוים, אליהו מינץ, יוסף פרקל ור׳ דוד קוור, סופר סת״ם. ביתו של ר׳ דוד עמד בקרבת המקום ונשאר שלם, כנראה, הגרמנים הביאוהו מדירתו. בזמן העבודה נכנסו כמה קצינים גרמניים והתחילו להתעלל באנשים. לאלי מינץ הרביצו בראש עם פטיש עץ. באותה עת גמרתי בליבי שלא אשאר תחת שלטון הנאצים ויהי מה. כעבור שעתיים בערך הצלחתי להתחמק דרך הגדר. בחוץ, לא רחוק מהמקום, חיכתה לי אחותי גיטיל. היא הגיעה, בינתיים, העירה, ונודע לה שבאתי מוורשה ונחטפתי לעבודה. היא זרזה אותי: „בוא מהר, הדוד שלמה מאיר מחכה בשדה, הוא בא עכשיו מריקי ונוסע לפוריסוב. (ריקי, עיר במחוז גרבולין, כשלושים ושמונה ק״מ ממנה).

הדוד שלמה מאיר פרוז׳ניאק היה מטופל בשמונה ילדים, בתוכם תאומים בני חדשיים. יחד עם אמו, סבתי רויזה, היו אחת עשרה נפשות. הוא אכסן את משפחתו בפוריסוב בחדר אחד שקיבל ממשפחת וקסמן. הוא בעצמו סיכן את חייו בחפשו פרנסה לבני ביתו. קנה סוס ועגלה ונסע פעמיים בשבוע מפוריסוב לריקי. בדרכים ארבה הסכנה לכל יהודי, וליהודי עם זקן פי כמה. שם, בריקי, עוד נשאר לו, אז, חלק מעסקיו — סיטונאות של בירה ושמרים.

המרחק מגרבולין לפוריסוב הוא רק תשעה ק״מ. אך לגבי הרגשת היהודים היה זה כמרחק מגיהינום לגן־עדן. בפוריסוב היה אז חיל מצב של כמה גרמנים קשישים. הם לא הציקו ליהודים במיוחד. אנשי העיר המשיכו במלאכתם כמעט כרגיל, אך עם חרדה בלב ליום המחרת. האופטימיזם היהודי התגבר על כל החששות. „השד הוא לא כל כך נורא כפי שמתארים אותו״ — אמרו. „הלא עיניכם הרואות, החנויות פתוחות, בבית הכנסת מתפללים כל היום ואין מפריע, ואם מסוכן ליהודי לצאת מחוץ לעיר, ושומעים סיפורים משונים על מעשי הגרמנים, הרי עבר רק חודש מהתחלת המלחמה, ובמשך הזמן ודאי יסתדר הכל לטובה״. הם הביאו ראיות שונות כדי לשכנע את עצמם. הנה למשל, חייל גרמני נכנס לדירת משפחת וקסמן נטפל ליהודים הנוכחים, חיפש בכיסיו של אליעזר וולמן ולקח ממנו את ארנקו. למחרת התלונן אליעזר בפני המפקד הצבאי. הלה קרא את החיילים למסדר זיהוי. החייל זוהה והחזיר את הארנק עם הכסף. המפקד הבטיח שהחייל ייענש...

סיפורים כאלה גרמו לשאננות וחוסר מעש, בתקווה לעתיד יותר טוב. הדעה הכללית היתה שיותר טוב לשבת בשקט ולחכות עד יעבור זעם ולא להסתכן בנדידה בדרכים ובהסתננות מעבר לגבולות הנאציים.

דיברתי עם מכרים וחברים, ביניהם עם בן־דודי יעקב מרדכי פרוז׳ניאק וחברי הטוב מנדיל קירשנבוים. מכולם לא מצאתי איש שיהיה מוכן להצטרף אלי בנסיון לברוח מהנאצים. תשובותיהם היו שונות. הצדקתי רק את אלה שנימוקם היה, אי־רצון להיפרד מן המשפחה.

שהיתי בפוריסוב ימים אחדים עד שהשגתי עגלון שהסכים במחיר מופרז, — שלוש מאות זלוטים — לנסוע לביחווה, עיירה בסביבות לובלין, במרחק של כמאה וחמשים ק״מ, שהיתה מקום מגוריהם של הורי גיסתי. ריפדנו את העגלה בשמיכות וכרים והושבנו בה את גיסתי ושלושת ילדיה הקטנים. נדמה היה לי שעשיתי את כל שביכולתי לעזור להם. אף אחד לא העלה אז בדעתו שהגרמנים יכולים לפגוע גם בילדים. באותו היום יצאתי גם אני מפוריסוב, נפרדתי בלב כבד, מקרובי, חברי וידידי. היתה זאת פרידה לנצח. לא הוספתי לראותם.

חיסולם של יהודי גרבולין, בכל מקומות הימצאם, נמשך כשלוש־ארבע שנים. אך את תאריך חורבנה של קהילת גרבולין יש לראות ביום ששי כ״ד אלול תרצ״ט, שמונה בספטמבר אלף תשע מאות שלושים ותשע.

היתה זו אחת הקהילות שנחרבו מיד עם פרוץ המלחמה. יהי זכרה וזכר קדושיה ברוך.

---

# קבורת הקדושים

הגיטו בפוריסוב, שבו רוכזו גם חלק גדול של יהודי גרבולין, חוסל מיום־כיפור ועד אחרי סוכות תש״ג,—1942. רובם הועברו למחנות עבודה וחלקם נרצחו במקום, כדרכם של הנאצים.

ביום שני של סוכות בשנה הנ״ל נהרגו משה הרץ ובנו שמעון. ביום אחר נהרגו אשתו של משה הרץ, שתי בנותיה ונכדיה ועוד כעשרים יהודים. כולם נקברו בבור אחד.

אחרי המלחמה, בשנת — 1949 ארגן ישראל הרץ את העברתם של החללים — הקדושים מבית הקברות שברחוב גנשה בוורשה. בקבר אחד נקברו משה הרץ ובנו שמעון ובקבר השני כעשרים וחמשה חללים וביניהם בני משפחת הרץ, האם, הבנות והנכדים. אי אפשר היה להכיר ולהפריד את הגופות ולקברן כל אחת בקבר נפרד. ישראל הרץ ארגן מנין יהודים להשתתף בלוויה ואמר „קדיש״. הוא גם הקים מצבות על הקברים.

**י. ה.**



מצבות של משה הערץ ושל רחל הערץ שהוחזרו למקומן אחרי השואה

משה קליימאַן / בת־ים

# מיינע איבערלעבענישן ביי די דייטשן

**בעתן מלחמה־אויסברוך האָבן מיר געוווינט אין** גאַרוואָלין. באַלד נאָך דער ערשטער וואָך איז די שטאָט צוויי טעג דורכאַנאַנד באָמבאַרדירט געוואָרן ביז צו גענצלעכער פאַרניכטונג. די יידישע באַפעלקערונג האָט פאַרלאָזט די חרובע שטאָט און אויסגעוואַנדערט אין די אַרומיקע שטעטלעך. איך מיט מיין פאַמיליע זענען אַוועק צו אונדזערע קרובים קיין פאָריסאָוו.



דאָס אָנקומען פון די גאַרוואָלינער פליטים קיין פאָריסאָוו האָט דערשלאָגן די יידישע באַפעלקערונג. מען האָט געטראַכט אַז יעדן מאָמענט קען דאָס זעלבע געשען מיט פאָריסאָוו.

זונטיק, דריי וואָכן נאָכן מלחמה־אויסברוך, זענען די דייטשן אַריין קיין פאָריסאָוו, דעם זעלבן טאָג, בעת די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז אַרויס פון קאָשטשאָל, האָבן די דייטשן געהאַלטן העצערישע רעדעס קעגן יידן. די רעזולטאַטן האָבן זיך גלייך געלאָזט פילן: פוילישע כוליגאַנעס האָבן צוגעהאָלפן די דייטשן כאַפן יידן צו פאַרשידענע אַרבעטן, נישט קיין נוצלעכע, נאָר סתם אויף צו פייניקן און דערנידעריקן.

דער ערשטער קרבן איז געווען שמואל גאָלדבערג (צוקערלעך מאַכער). ווען ער האָט זיך באַוויזן אין גאַס, איז ער געכאַפט געוואָרן דורך אַ דייטש, וועלכער האָט אים אויף אַן אַכזריותדיקן אופן אָפּגעשניטן די באָרד מיט די הויט פון פנים.

יידן זענען געבליבן זיצן אין די שטובן, מ'האָט מורא געהאַט זיך צו ווייזן אין גאַס. דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע און פריוואַטע לעבן איז פאַראַליזירט געוואָרן, דער האַנדל און אַרבעט — גענצלעך אָפּגעשטעלט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן הונגער. מען האָט געזוכט אַרבעט, כדי עפּעס צו פאַרדינען אויף צו דערהאַלטן דאָס נאַקעטע לעבן. עס איז געקומען צו דעם, אַז יידן זענען פרייוויליק געגאַנגען אַרבעטן ביי די דייטשן.

איך בין געווען צווישן אַ גרופּע וועלכע האָט געאַרבעט אין גאַרוואָלין, ביים אָפּרייניקן די גרוזעס פון די צעשאָסענע הייזער. שפּעטער האָב איך מיט אַ גרופּע געאַרבעט אין די ס.ס.־קאָשאַרן ביי דער פערד־בריגאַדע. די אַרבעט איז באַשטאַנען פון רייניקן די שטיוול פון די ס.ס.־לייט נאָך זייערע איבונגען, און פון טראָגן פעקלעך שטרוי, וואָס האָבן געוווּיגן צו 50 קילאָ. מיט די פעקלעך שטרוי האָט מען געמוזט לויפן, ווער עס האָט נישט געקענט לויפן איז געשלאָגן געוואָרן מיט אַ בייטש, ביי אַזאַ געיעג האָט אַ דייטש אויסגעהאַקט אַלע ציין ביי וועלוול ראָזעמס זון, ישראל.

אַ געוויסע צייט האָב איך געאַרבעט ביים דאָרף סאַלובין, לעבן גאַרוואָלינער בית־הקברות. געהיטן האָט אונדז אַן ס.ס. מאַן וועלכער האָט געהאַט אַ פאַרגעניגן פון אויסשטעלן פלעשער, און שיסן אין זיי.

איין מאָל האָט דער ס.ס.־מאַן מיר מיט נאָך אַ יונגן בחור באַפוילן אויסצוגראָבן אַ גרוב אין דער פאָרעם פון אַ קבר. כ'האָב געטראַכט אַז דאָס איז שוין אונדזער סוף. ווען דאָס קבר איז געווען פאַרטיק, האָט דער דייטש געמאָסטן די טיף און די לענג פונם גרוב און געהייסן אונדז זיך אַריינלייגן. אין דעם מאָמענט איז געקומען אַ צווייטער ס.ס.־מאַן אים בייטן, מיר האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט און צוגעלאָפן און זיך אויסגעמישט מיט דער גרופּע יידן וועלכע האָט דאָרט געאַרבעט און אַזוי אַרום ניצל געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

אַ געוויסע צייט האָבן מיר געאַרבעט אין פילאַווע ביים האַקן שטיינער. צו דער אַרבעט האָט מען געמוזט גיין יעדן טאָג 10 קילאָמעטער הין־און־צוריק, מיר זענען געפאַלן פון די פיס פון הונגער, מידקייט און דערשעפּונג.

נעבן פאָריסאָוו איז געווען דאָס גוט „אַבראַם", וואָס האָט געהערט צו משה מונק, נאָך דעם ווי מונק איז אַרויסגעטריבן געוואָרן, האָט מיט דעם גוט פאַרוואַלטעט אַ פּוילישער דייטש. האָט מען געכאַפּט יידן צו דער אַרבעט אין דעם גוט; אויך איך בין געווען צווישן די געכאַפּטע. די אַרבעט איז באַשטאַנען פון אויסגראָבן וואָרצלען פון אויסגעהאַקטע ביימער אין וואַלד. מיר האָבן אויך געאַרבעט ביי דרעשן תבואה: מען האָט איינגעשפּאַנט צען יידן אין דער דרעש מאַשין. (נאָרמאַל איז צו דער אַרבעט איינגעשפּאַנט געוואָרן צוויי פּאָר פערד). דער פאַרוואַלטער האָט געהאַט צוויי גרויסע הינט, האָט ער נישט איין מאָל אָנגערייצט זיי אויף די איינגעשפּאַנטע יידן, זיי זאָלן שנעלער זיך דרייען אין ראָד, דערפאַר האָט מען באַקומען אַ ביסל וואַסערדיקע זופּ, און אָפּט צעשלאָגן און צעביסן געוואָרן פון די הינט.

## עס שיטן זיך פאַראָרדנונגען, באַפעלן, גזירות

באַלד נאָכן אַריינקומען פון די דייטשע האָרדעס. האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן אויף אונדזערע קעפּ באַפעלן און גזירות, וואָס האָבן פאַרביטערט דאָס לעבן און דערנידעריקט דעם יידישן און מענטשלעכן כבוד.

דער ערשטער באַפעל איז געווען: אין משך פון 24 שעה דאַרפן יידן אַוועקגעבן דאָס מעש און קופּער, וואָס געפינט זיך אין זייער באַזיץ. נאָך דעם טערמין, אויב מען וועט געפונען ביי אַ ייד קופּער אָדער מעש, וועט ער גלייך דערשאָסן ווערן.

די צווייטע פאַראָרדנונג: יידן איז פאַרבאָטן צו פאָרן אויף די באַנען, יידן טאָרן נישט אַריבערפאָרן פון איין שטאָט אין אַ צווייטער, אָן אַ דערלויבעניש פון דער דייטשער מאַכט.

אנהייב 1940 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז ייִדן דאַרפן טראָגן לענטעס מיט מגן־דודס אויף די הענט. אויב אַ ייִד האָט זיך באַוויזן אין גאַס אָן אַזאַ לענטע, איז ער געשלאָגן געוואָרן דורך די שוואַרץ־מונדירטע דייטשן מכות־רצח.

אַ וויטערדיקע פאַראָרדענונג האָט באַפוילן צו שאַפן אַ „יודענראַט״ מיט ייִדישע פּאָליציי. דער געשאַפענער יודענ־ראַט מיט דער פּאָליציי האָבן פּינקטלעך אויסגעפירט די באַפעלן פון די דייטשן, און די לעצטע האָט אָפט זיך באַנוצט מיט גומע־שטעקנס, וואָס זי האָט באַקומען פון די דייטשן צו שלאָגן די ווידערשפּעניקע ייִדן.

זומער, 1941, האָבן די דייטשן פאַראָרדנט צו שאַפן דאָס געטאָ: די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג ווערט אַריינגע־קוועטשט אין דריי ענגע, שמאָלע געסלעך אין עק שטעטל. בעת די ייִדן זענען געצוווּנגען געוואָרן צו פאַרלאָזן זייערע אַלט־איינגעזעסענע היימען, מיט זייער אָרעמער באַלעבאַטיש־קייט, און איבערגיין אין ענגן געטאָ, האָבן זיך אָפּגעשפּילט יאָמערלעכע, האַרצרייסנדיקע סצענעס. אין איין צימער האָט מען אַריינגעקוועטשט צו 10 און צו 15 פּערזאָן. די שול און דאָס בית־המדרש איז געוואָרן באַזעצט. דורך פּליטים פון די אַרומיקע שטעטלעך. פון ענגשאַפט, הונגער און שמוץ האָבן זיך פאַרשפּרייט טיפוס, דיזענטעריע און אַנדערע קראַנקייטן, פיל זענען געשוואָלן געוואָרן פון הונגער.

פרי האָט זיך געשטעלט אַ שווערער, אַכזריותדיקער ווינטער, מיט שנייען און פרעסט און פאַרגרעסערט די פּיין פון די אומגליקלעכע געטאָ־איינוווינער. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט גורם געווען אַ סך טויט־פאַלן. מיט פאַרקלעמטע הערצער האָבן עלטערן צוגעזען ווי זייערע קינדער שטאַרבן, און קינ־דער — ווי זייערע עלטערן גייען אויס. איינער דעם צווייטן האָט נישט געקענט און נישט געהאַט מיט וואָס צו העלפן.

געטריבן פון הונגער, האָבן אַנדערע ריזיקירט און אַרויס פון געטאָ, כדי צו זוכן אַ ביסל שפּייז פאַר דער אויסגעהונ־גערטער משפּחה, אָבער נישט יעדן איז געלונגען צוריק צו קומען, פיל זענען געכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן און פוילישע כוליגאַנעס און דערשאָסן געוואָרן.

---

אין מערץ, 1942, בין איך אין די שפּעטע שעהען פון אַ פינסטערער נאַכט אַרויס פון געטאָ און אַוועק אין אַ דאָרף. כ׳בין דעמאָלט אַלט געווען 17 יאָר.

מיינע עלטערן האָבן מיר געהאַט איבערגעגעבן, אַז אין יענעם דאָרף וווינט אונדזערס אַ גוט־באַקאַנטער רייכער פּאָ־ליאַק. כ׳בין אַוועק צו אים און געבעטן ער זאָל מיך צונעמען צו דער אַרבעט! ער האָט מיך צוגענומען אַלס פאַסטעך. כ׳האָב די אַרבעט אויסגעפירט גוט, און געווען ביי אים דריי חדשים. אין אַ געוויסן אָוונט, ווען כ׳בין אַ היים געקומען מיט די בהמות, רופט מיך דער בעל־הבית אַריין און זאָגט מיר: „מער קען איך דיך נישט האַלטן. די שכנים ווייסן פון דיר, עס דראָט אַ געפאַר זיי זאָלן מיך מסרן פאַר די דייטשן, דאַן זענען מיר אַלע פאַרלוירן״. בלית־ברירה האָב איך געמוזט פאַרלאָזן דאָס אָרט, ער האָט מיר מיטגעגעבן אַ ביסל פּראָדוקטן און אין דער נאַכט־פינסטערניש, דורך פאַרשיידענע הינטער וועגן, האָב איך זיך געלאָזט אין וועג אַריין צוריק צום פּאַריסאָווער געטאָ, צו מיינע עלטערן.

די הויט ווערט מיר נאָך היינט געגרונצלט און דאָס האַרץ פאַרקלעמט, ווען איך דערמאָן זיך אינעם מצב, אין וועלכן כ׳האָב געטראָפן מיינע עלטערן; אינעם ענגן דושנעם שטיבל האָב איך אָנגעטראָפן אויף נאָך אַנדערע מענטשן־סקעלעטן; אַלע האָבן זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר. און נאָך מער מיט דעם ביסל פּראָדוקטן וואָס כ׳האָב מיטגעבראַכט.

אָבער נישט לאַנג האָט אָנגעהאַלטן די פרייד, דאָס ביסל פּראָדוקטן האָט שוין נישט געקענט אָפּראַטעווען מיינע אומ־גליקלעכע עלטערן פון שרעקלעכן הונגער־טויט. געשוואָלענע, מיט געל־בלייכע פּנימער זענען זיי אויסגעגאַנגען אין מיינע אויגן. פריער מיין מוטער, און מיט 4 וואָכן שפּעטער דער פאָטער.

בעת מיין מוטער איז געלעגן אויפן טויטן־בעט, בין איך אַ פאַרצווייפלטער, אַן אומבאַהאָלפענער געזעסן לעבן איר און געוויינט, האָט מיין מוטער מיט אירע לעצטע כוחות מיך געטרייסט און געזאָגט: „וויין נישט, דו ביסט נאָך יונג, דו וועסט דאָס אַלץ איבערלעבן; שטאַרק זיך מיין קינד״.

---

אַ ביסל שפּעטער האָט מען מיך, מיט נאָך אַ גרופּע יונגע מענער, אַוועקגעשיקט אין דאָרף כיזשין, ווו איך האָב געמוזט אַרבעטן עבודת־פרך ביים טריקענען זומפּן, און באַקומען דערפאַר צוויי מאַרק אַ טאָג, אַ שטיקל שוואַרץ ברויט און אַ וואַסערדיקע זופּ.

עס האָט זיך געשטעלט דער ווינטער 1942 מיט קעלטן און פרעסט פון וואָס מיר זענען טאָפּלט געפּייניקט געוואָרן און וואָס האָט באַשווערט אונדזער אַרבעט אין דרויסן. אין אַ פינסטערער נאַכט, געפּלאָגט פון הונגער און קעלט, נישט קענענדיק איינשלאָפן, זענען מיר, עטלעכע יונגע־לייט, אַרויס פון אונדזערע פעלד־פּאַלאַטקעס און זיך געלאָזט אויף די פעלדער: אפשר וועט זיך מאַכן אַ פּאָר קאַרטאָפל, אַ בורעקל, אַ מייערל אויף צו שטילן דעם הונגער. פּלוצלינג האָבן מיר דערהערט פון ווייטנס טריט, וואָס האָבן זיך כסדר דערנענ־טערט צו אונדז; טויט־דערשראָקענע זענען מיר געבליבן ליגן שטיל אויף דער ערד מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם, ווען זיי זענען שוין געווען גאָר נאָענט האָבן מיר דערהערט שעפּטשן שטיל אויף ייִדיש, מיר האָבן זיך אויפגעהויבן, און דערנענ־טערט צו זיי, זיי האָבן זיך דערשראָקן נישט ווייניקער פון אונדז, דאָס איז געווען אַ היפּשע גרופּע פּאַריסאָווער ייִדן. זיי האָבן אונדז דערציילט די פינצטערע בשורה, אַז אין פּאַריסאָוו זענען שוין מער קיין ייִדן נישטאָ; אַלע ייִדן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף זייער לעצטן וועג קיין טרעבלינקע.

דערשלאָגענע פון די איוב־בשורות וועגן אונדזערע נאָענטע, זענען מיר צוריק אַוועק אין די קאַלטע פּאַלאַטקעס און צו מאָרגנס, ווי יעדן טאָג, געגאַנגען צו אונדזער אַרבעט. די פריש־געקומענע ייִדן, צווישן זיי, פיל פרויען און קינדער, האָבן די פּאָליאַקן נישט צוגעלאָזט צו דער אַרבעט, און בכלל נישט געלאָזט זיי בלייבן אויף דעם אָרט. נישט־האָבנדיק ווו זיך אַהינצוטאָן, זענען זיי אַוועק אין די וועלדער און פעלדער. אַ פּאָר טעג שפּעטער, איז אָנגעקומען אַ גרעסערע גרופּע ס.ס.־לייט. די פּויערים האָבן זיי איבערגעגעבן, אַז אין דער געגנט דרייען זיך אַרום פול ייִדן. די דייטשן האָבן די געגנט אַרומגערינגלט, און כמעט אַלע ייִדן, בערך אַ 100 אויסגעשאָסן, צווישן זיי, מיין פעטער שלמה גוטרייכמאַן, מיט זיין 6 יאָריק טעכטערל חנה. מען האָט מיר דערציילט, אַז זיי ליגן אין וואַסער, האָב איך מיט זיין לעבנגעבליבענעם זון, משה,

זיי אָפּגעזוכט, און קובר געווען אויפן פעלד, געמאַכט אַ סימן, מיט דער כוונה צו ברענגען זיי צו קבר ישראל, אויב מען וועט איבערלעבן די מלחמה.

צו מאָרגנס נאָך דער מערדערישער אַקציע, האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף צען יידן, וועלכע ס'איז געלונגען זיך אויס־צובאַהאַלטן אין פאַרשידענע ערטער. זיי זענען שוין געבליבן מיט אונדז.

מיט 2 וואָכן שפּעטער האָט מען אונדז דערקלערט, אַז מען שיקט אונדז איבער קיין קאַלושין אויף איבערן ווינטער, און אין פרילינג קומען מיר צוריק אַהער אַרבעטן. דער באַקאַנטער קריסט, ביי וועלכן כ'האָב געהאַט אַ צייט געאַרבעט, איז געווען איינער צווישן די, וועלכע האָבן אַריבערגעפירט די יידן פון כיזשינער לאַגער קיין קאַלושין; ער האָט מיר פאַרגעלייגט איך זאָל אַנטלויפן און ער וועט מיך אויסבאַהאַלטן, אָבער מיין שוועסטער האָט ער נישט געוואָלט אויסבאַהאַלטן, האָב איך מוותר געווען אויף זיין פאַרשלאַג.

## אין קאַלושינער לאַגער

דאָס וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין קאַלושינער געטאָ קען זיך די מענטשלעכע פאַנטאַזיע נישט פאָרשטעלן: אַן ענגשאַפט — דערשטיקט צו ווערן; די קליינע געטאָ־שטיבלעך זענען געווען אָנגעפּראָפּט מיט טיפוס־און דיזענטעריע־קראַנקע, מיט געשוואָלענע פון הונגער, און־פון אַנדערע קראַנקייטן. אין חלל האָבן זיך געטראָגן פאַרשטיקטע קרעכצן און פאַרצווייפלטע הילפס־רופן פון די קראַנקע און גוססדיקע; מענטשן זענען געפאַלן ווי די פליגן, און טויטע האָבן זיך געוואַלגערט אונטער די פיס. צווישן אַנדערע, האָט זיך מיר באַזונדער איינגעקריצט אין זכרון די עלטסטע טאָכטער פון הערשל קאַפּאָטאַ, שרה.

עס האָבן געפּייניקט דער הונגער; די קעלט און די צעיר־שעטע, רוצחישע דייטשן, וואָס פלעגן גלאַט אַזוי שטילן זייער סאַדיסטישן פאַרגעניגן, דורכן קומען יעדן טאָג אין געטאָ שיסן עטלעכע יידן.

איין מאָל האָב איך באַמערקט, ווי צוויי קאַלושינער יידן זענען אָנגעקומען אין לאַגער: אַ זשאַנדאַר, אַ סאַדיסט, וועל־כער האָט יעדן טאָג געמוזט שיסן עטלעכע יידן, האָט געכאַפּט די צוויי אומגליקלעכע, באַפוילן זיי אויסצוטאָן די מלבושים, צוגעשטעלט איינעם האַרט צום אַנדערן און מיט איין קויל דורכגעשאָסן ביידע יידן.

צוויי וואָכן נאָך אונדזער אָנקומען אין קאַלושינער לאַגער, האָט מען אונדז אַלע אַרויסגעפירט אויפן מאַרק. ווער עס האָט נישט געקענט הייבן די פיס לויט די אונטערטרייבערס איינזען, איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. אויף דעם וועג איז צווישן אנד. דערשאָסן געוואָרן לייבל לאַטאָוויצקי און פיל פרויען מיט קינדער, ווי אויך אַלע קראַנקע. שטאַרק באַוואַכטע דורך דייטשן און אוקראַינער, האָט מען אונדז געטריבן צו־פוס קיין מראָזעס, צו דער באַן־סטאַציע. אונדזערע שומרים, די ס.ס.־לייט און די אוקראַינער, זענען געפאָרן אויף וועגענער און געיאָגט די פערד, צווינגענדיק אונדז אַזוי־אַרום זיי נאָכ־צולויפן, ווער עס האָט נישט געקענט נאָכלויפן איז דערשאָסן געוואָרן. דער גאַנצער וועג איז געווען אויסגעשפּרייט מיט טויטע יידן.

די „יודן־ראַטלער״ און די יידישע פּאָליציסטן, זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט, איידער מען האָט אונדז אַריינ־געשפּאַרט אין די וואַגאָנען, דאָס זענען געווען חסד־שאָסן פאַרן געטרייען דינען די דייטשן.

אין מראָזעס זענען מיר געשטאַנען ביז שפּעט אין דער נאַכט, אָן עסן און אָן אַ ביסל וואַסער. ווער עס האָט געוואָלט קויפן עפּעס ביי די אוקראַינישע שומרים, האָט געמוזט צאָלן מיט גאָלד. די וואָס האָבן קיין גאָלד נישט געהאַט, זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער.

אין די שפּעטע נאַכט־שעהען, איז אָנגעקומען אַ פראַכט־צוג, אין וועלכן מען פירט בהמות. מען האָט אונדז אַריינגע־שטויסן אין די וואַגאָנען און דערביי ווידער פיל אויסגעשאָסן. זיי האָבן פאַרהאַקט די טירן, אַ סך זענען דערשטיקט געוואָרן פון ענגשאַפט, טויטע זענען געלעגן אונטער אונדזערע פיס.

בעת די געשרייען און דאָס קרעכצן פון די אומגליקלעכע איז דערגאַנגען ביז אין זיבעטן הימל, האָבן די ס.ס.־לייט, די אוקראַינער און די פּוילישע פּאָליציי געפאָדערט פון אונדז גאָלד, צירונג, געלט — אַריינשיסנדיק גלייכצייטיק אין די וואַגאָנען. די אוקראַינער האָבן צו אונדז געשריגן: „איר פאַרט סיי־ווי צו אייער גאָט אין הימל, דאָרט דאַרף מען שוין נישט קיין געלט, גיט אַפּ וואָס איר האָט״. דער צוג איז אַוועק אין דער פינצטערער נאַכט אַריין.

אַזוי זענען מיר געפאָרן צום טויט. יעדער איינער האָט געוווּסט, אַז דאָס איז זיין לעצטער וועג. אין אָנגעפּראָפּטן וואַגאָן, האָבן זיך געהערט, פאַרשטיקטע קרעכצן פון די דורכ־געשאָסענע און דאָס גסיסה־כאָרכלען פון שטאַרבנדיקע. דער־שעפּטע, פאַרחלשטע, האַלב־טויטע האָבן זיי שעפּטשענדיק געבעטן: „וואַסער״, אָבער העלפן, האָבן מיר זיי נישט געקענט. מיר זענען געוואָרן פאַרשטיינערט און בכלל אויפגעהערט צו טראַכטן. דער קאָפּ איז געוואָרן ווי אויסגעהוילט און אַטראָפירט.

פּלוצעם האָב איך דערזען ווי יונגע מענער, רייסן דאָס קליינע וואַגאָן־פענצטערל און שפּרינגען אַרויס. מען האָט געהערט דאָס נאָכשיסן פון אונדזערע באַגלייטער צו די שפּרינגענדיקע. מיין שוועסטער אסתר־רויזע, האָט מיך צו־געבעדט איך זאָל זיך ראַטעווען און אויך שפּרינגען פון צוג, כ'האָב געוואָלט זי זאָל שפּרינגען צוזאַמען מיט מיר, אָבער זי האָט אין קיין פאַל נישט געוואָלט, זי האָט געזאָגט אַז איר וועט גאָר נישט געשען... אַז זי קען נישט שפּרינגען. כ'האָב זיך קוים צוגעקריגן צום פענצטערל, אָבער פון מידקייט און דערשעפּונג נישט געקענט זיך אויפהייבן כדי צום שפּרינ־גען. מיין שוועסטער האָט מיר געגעבן אַ שטיקל ציקאָריע, דאָס האָט מיך אַ ביסל אויפגעפרישט. כ'האָב זיך דערמאָנט וואָס מיין טייערע מאַמע האָט מיר געזאָגט פאַרן שטאַרבן:

„דו ביסט נאָך יונג, דו וועסט אַלץ איבערלעבן; שטאַרק זיך, מיין קינד״: דאָס האָט מיר צוגעגעבן מוט און כוח. מיין שוועסטער האָט מיך געהאָלפן אויפהייבן זיך צום פענצ־טערל, כ'האָב זיך מיט איר הייס געזעגנט און געשפּרונגען אין דער פינצטערער נאַכט אַריין.

אַ פאַרחלשטער, בין איך ליגן־געבליבן אויף דער ערד, כמעט אָן באַוווּסטזיין. עס האָט מיך אויפגעטרייסט דאָס פייפן פון די קוילן איבער מיר. צום גליק בין איך געבליבן גאַנץ.

קומענדיק אַ ביסל צו זיך, האָב איך אָנגעהויבן גיין אויף צוריק, געוואָלט זיך דערווייטערן פון דעם גיהנום טרעבלינקע. אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף נאָך יידן, וועלכע זענען פונקט ווי איך געשפּרונגען פון די וואַגאָנען. מיר זענען געגאַנגען צוזאַמען. דער גאַנצער וועג איז געווען

באַלייגט מיט טויטע, נאַקעטע יידן, — דאָס האָבן פויערים פון דער געגנט אַראָפּגעצויגן דאָס אָנטועכץ פון דערשאָסענע יידן פון פריערדיקע טראַנספּאָרטן.

אין וועג האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט אַ באַנדע שקצים, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט באַראַבעווען די שפּרינגענדיקע פון די צוגן יידן. דאָס אָנטרעפן זיך אויג־אויף־אויג מיט אָט די אויסוווּרפן, האָט אונדז שטאַרק צערודערט. ס'האָט געהייסן: „פון פייער אין וואַסער"... געדענקנדיק כסדר מיין מאַמעס צוואה, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און דרייסט זיך צו זיי געווענדעט: „הערט חברה, מיר דאַרפן קיין וואַרשע און וויסן נישט דעם וועג, פירט אונדז ווו מיר דאַרפן, און מיר באַצאָלן אייך וויפל איר ווילט", די באַנדע איז אויף דעם איינגעגאַנגען. נישט ווייט איז געשטאַנען אַ הייזל, אין וועלכער ס'האָט געברענט אַ קליין נאַפט־לעמפּל, האָב איך זיי געזאָגט: מיר זענען הונגעריק, מיר ווילן אַריינגיין אין דער הייזקע קויפן עפּעס צום עסן, אויך אויף דעם זענען זיי איינגעגאַנגען, נאָר אָנשטאָט אַריינצוגיין אין דעם הויז, זענען מיר פון דער צווייטער זייט, אַוועק מיט די פעלדער און געלאָפן אַזוי, ביז מיר זענען אָנגעקומען אין אַ צווייט דאָרף.

מיר האָבן אָנגעקלאַפּט אינעם ערשטן הייזל וואָס מיר האָבן אָנגעטראָפן אין דאָרף. עס האָט אונדז געעפנט אַ עלטערער פויער, לויטן אויסזען, נישט קיין רייכער. מיר האָבן אים געבעטן ער זאָל אונדז געבן וואַסער. דער פויער האָט גלייך פאַרשטאַנען ווער מיר זענען — מיר זענען ביי אים נישט געווען די ערשטע. ער האָט אונדז שטילערהייט געפרעגט: „זשידקי? (יידן?) געשפּרונגען פון צוג? צעקלאַפּט אויך?". מיר האָבן געבעטן עפּעס צום עסן (מיר זענען געווען טויט הונגעריק). ער האָט פאַר אונדז אַוועקגעשטעלט אַ טאָפּ געקאָכטע אַרבעס, זאָגנדיק: „אָט דאָס האָב איך, אויב איר ווילט, עסט". מיר האָבן זיך צוגעכאַפּט צום טאָפּ און שנעל אים אויסגעליידיקט. מיר האָבן אים געוואָלט באַצאָלן, אָבער ער האָט נישט געוואָלט נעמען קיין געלט. ער האָט אונדז מיטגעשיקט זיין 15־יאָריקן זון, ער זאָל אונדז ברענגען צום הויפּט־וועג, וואָס פירט קיין וואַרשע, דאָס

יינגל איז מיט אונדז געגאַנגען אַן ערך 5 קילאָמעטער. מיר האָבן דעם גוטן פויער געזעגנט מיט האַרציקע ברכות: גאָט זאָל אים אָפּהיטן פון אַלעם שלעכטן.

דאָ האָב איך געמוזט זיך אָפּטיילן פון מיינע מיטגייער, זיי האָבן געהאַט פאַר אַ ציל צו קומען אין דער געגנט פון וואַרשע, און מיין ציל איז געווען פונקט אין דער פאַרקערטער ריכטונג — די געגנט פון פּאָריסאָוו. מיר האָבן זיך געזעגנט אַ דערשעפּטער, נאָך אַ טאָג און אַ נאַכט פון אַזעלכע גרויזאַמע איבערלעבענישן, האָב איך איינער אַליין, אין אַ חושכדיקער נאַכט, געלאָזט זיך אויף פרעמדע, אומבאַקאַנטע וועגן, ווו פון יעדן ווינקל האָט געלויערט דער טויט. כ'האָב געוואַנדערט אַ גאַנצע נאַכט, אַז ס'האָט אָנגעהויבן בלויען אויף טאָג, בין איך אַריין אין אַ וואַלד, איבערגעליגן דעם טאָג, און ביינאַכט ווידער געוואַנדערט. געטריבן פון הונגער, בין איך ווידער אַריין צו אַ פויער שפּעט ביינאַכט, שפּילנדיק דאָס מאָל די ראָל פון אַן אָרעם פּויליש יינגל, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן פון דער היים, „די דייטשן האָבן פאַרברענט אונדזער הויז"... אַזוי אַרום האָב איך באַקומען עסן און אויסגעהאַלטן 4 טעג און נעכט אין וואַנדער אין די וועלדער. אויפן 5־טן טאָג באַגינען בין איך אָנגעקומען אין מיין באַקאַנטן דאָרף כיזשין.

כ'האָב נאָך נישט געהאַט באַוויזן אַריינצוגיין צו מיין באַקאַנטן פויער און אַ שכן האָט מיך באַמערקט. האָב איך אַ גאַנצן טאָג זיך אויסבאַהאַלטן אינעם היי פון זיין שייער. ביינאַכט האָט דער פויער מיך אַרויסגערופן פון שייער און געזאָגט מיר, אַז זיין שכן האָט אים דערציילט, אַז איך געפין זיך דאָ און ער האָט מורא אַז דער שכן וועט אים מסרן, דעריבער קען איך דאָ ביי אים נישט בלייבן. ער האָט מיר געגעבן געלט און עסן און געזאָגט: „גיי ווו דו ווילסט".

אַ שוידער איז מיר אַ דורך איבערן לייב. פאַרלוירן די לעצטע האָפענונג, דער קריסט האָט דאָך מיך געוואָלט נעמען צוריק פון קאַלושין! און ביז כ'האָב זיך שוין דערשלאָגן צו אים... ביי וועמען קען איך איצט זוכן הילף? און ווער קען מיר העלפן? כ'האָב אים פאַרשטאַנען, דעם פויער, ער האָט מורא פאַרן לעבן פון זיין משפחה... ער האָט מיר געגעבן אַ



די אויסגעריסענע מצבות פון די קברים ווערן צוריקגעברענגט אין שטאָט אריין

פעקל פּראָדוקטן, געלט, און מיך געזעגנט: „אויף ווידערזען״.

כ׳בין שטיין־געבליבן צוגעשמידט צו דער ערד, איך וויל גיין, אָבער עפּעס האַלט מיך צוריק. פּלוצלונג דערהער איך ווי עס דראַפּעט זיך ווער אַרויס פונעם שטרוי... אַ צעטומלטער, אַ דערשראָקענער, שריי איך אויס אויף מאַמע־לשון: „ווער איז דאָרט?״ פון שטרוי איז אַרויסגעקראָכן אַ דערשראָקענער ייד און געוואָנדן זיך צו מיר: „פּאַניע גאָספּאָדאַרזשו!״ (צוליב מיין נישט־יידישן אויסזען, האָט ער געמיינט, אַז איך בין דער בעל־הבית). פון איבערראַשונג האָבן מיר זיך צע־קושט... כ׳האָב אים געגעבן עסן און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיר גייען צוזאַמען קיין סטאַדזעוויע. דער ייד האָט געשטאַמט פון וואָלאָצלאַוועק — אַן אַנטלאָפענער פון כיזשינער לאַגער. דאָס עסן וואָס איך האָב מיטגעהאַט, האָט אונדז געקלעקט אויף 3 מעת־לעת, בעת וועלכע מיר זענען געווען באַהאַלטן אין אַ סטויג היי אויפן פעלד. אַז דאָס עסן האָט זיך אויסגע־לאָזט, זענען מיר אַוועק זוכן שפּייז — יעדער אין אַן אַנדער ריכטונג. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן אויף אַ געוויסן פּלאַץ. איך האָב באַקומען פון באַקאַנטע פּויערים ברויט, אויך אַ ביסל געקאָכט עסן און זיך געטיילט מיט דעם מיט מיין נייעם חבר. ער האָט גאָרנישט באַקומען. די פּויערים האָבן דערקענט, אַז ער איז נישט פון דער געגנט און נישט געוואָלט אים עפּעס געבן.

מיין חבר האָט געטראָגן הילצערנע שיך, זענען אים די פיס געפרוירן געוואָרן — עס זענען געשטאַנען שטאַרקע פרעסט — האָט ער ממילא נישט געקענט אַרומגיין. ער איז געלעגן באַהאַלטן אין היי און איך בין געוואָרן דער סטאַבילער שפּייז־באַזאָרגער.

איין מאָל, ווען איך בין געהאַט אַוועקגעגאַנגען שאַפן עסן, איז דער פּויער, וואָס האָט וואַרשיינלעך דערקענט, אַז דאָ באַהאַלטן זיך אויס יידן, געקומען פונאַנדערנעמען די קופּע היי און אָנגעטראָפן ליגן דעם ייד מיט די געשוואָלענע, אָפּגע־פרוירענע פיס; דער פּויער איז אַוועק, געבראַנגט אַ פּוילישן פּאָליציאַנט, וועלכער האָט דעם אומגליקלעכן ייד דערשאָסן. דאָס איז געשען גראָד אין מאָמענט, ווען איך בין צוריקגע־גאַנגען צו דער קופּע היי, טראָגנדיק מיט זיך עסן פאַר דעם אומגליקלעכן. דערהערט דעם שאָס, האָב איך נאָך באַוויזן צו אַנטלויפן.

כ׳בין ווידער געבליבן איינער אַליין, אַרומגעבלאָנקעט זיך אין די פעלדער און וועלדער, נישט געהאַט וווּ אַריינצוגיין — געפּייניקט פון קעלט, הונגער און שמוץ. נישט האָבנדיק וואָס צו ריזיקירן, בין איך איין מאָל אַריין צום סאָלטיס פון דאָרף און געבעטן עפּעס עסן. זיין פרוי האָט מיך געפרעגט ווּ איך געפין זיך? „צווישן הימל און ערד״, — האָב איך געענטפערט. זי האָט מיר פאָרגעלייגט צו באַהאַלטן מיך ביז איבער די פרעסט. כ׳בין געווען ביי זיי צוויי וואָכן. זיי האָבן מיך ממש דערהאַלטן ביים לעבן. לענגער בלייבן ביי זיי האָב איך נישט געקענט. האָב איך ווידער זיך אויסבאַהאַלטן אין היי און געגאַנגען צו פּויערים בעטן עסן.

איין מאָל זאָגט מיר אַ פּויער, אַז אין דאָרף זענען דאָ נאָך יידן פון פּאָריסאָוו און אַז מאָרגן קען איך זיך מיט זיי טרעפן הינטער זיין סטאָדאָלע, צו מאָרגנס, אויף דעם אָפּגע־רעדטן פּלאַץ, האָב איך געטראָפן שלמה טשולע, פייוול לאָטאַוויצקי און מאָטל ריקער. צוליב פאָרזיכטיקייט, האָט מען נישט געקענט זיין פיר פערזאָן צוזאַמען, האָב איך זיך צוזאַמענגעפאָרט מיט מאָטל ריקער און שלמה טשולע, מיט לאָטאָוויצקן. אין די טעג, זענען מיר געווען באַהאַלטן אין דער היי־שאָפּע פון סטאַך צאַלקע, ער אַליין — צאַלקע — האָט דערפון נישט געוווּסט און ביינאַכט פלעגן מיר אַרויסגיין זוכן עסן. איינמאָל איז צוגעפאָרן דעם פּויערס זון נעמען היי, ווען ער האָט אַריינגעשטעקט די ווידלע (מיסט־גאָפּל) אין היי, האָבן מיר דאָס דערפילט און זיך אויפגעהויבן. דערזעענדיק אונדז, האָט ער געזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך צוריק באַהאַלטן, ווייל ביים שכן געפינט זיך איצט פּוילישע פּאָליציי פון פּאָ־ריסאָוו. ער איז צוריק געפאָרן, קיין היי האָט ער שוין נישט גענומען. עפּעס האָט דאָס האַרץ מיר אונטערגעזאָגט אַז פון דעם וועט קיין גוטס נישט אַרויס. אַרויסקוקנדיק פון דער שאָפּע, האָב איך דערזען ווי דער שייגעץ פאָרט צוריק מיט פּאָליציי, מיר זענען אַרויס פונעם היי. מאָטל איז געלאָפן מיט דער לאָנקע און איך, אין דער ריכטונג פון וואַלד. די פּאָליציי האָט אונדז נאָכגעשאָסן. מיר איז געלונגען נעלם צו ווערן, אָבער מאָטל איז געטראָפן געוואָרן פון אַ קויל און געפאַלן טויט. די פּויערים האָבן אים באַגראָבן, אויפן אָרט, וווּ ער איז געפאַלן.

אין צווישן צייט, האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף נאָך עטלעכע פּאָריסאָווער יידן: מאיר לאָטאָוויצקי, אברהם דוד קאַץ, טוביה מילער און אַ גאַרוואָלינער ייד.

נאָך דעם ווי מיר האָבן איינגעזען, אַז מיר ווערן פון טאָג צו טאָג וויניקער, און דער טויט איז כמעט אומפאַרמיידלעך, האָט מען באַשלאָסן זיך איינצושאַפן געווער, כדי ווי וויט מעגלעך זיך צו באַשיצן און נישט צו פאַלן אָן ווידערשטאַנד. אויך איז דאָס פּראָבלעם פון איינשאַפן עסן געווען פאַרבונדן מיט גרויסע סכנות פאַר אונדז און אויך פאַר די קריסטן וואָס האָבן אונדז דאָס עסן געגעבן. אברהם קאַץ האָט געוווּסט אַז אויף אַ געוויסן פּלאַץ איז דאָ צו קויפן אַ ביקס פאַר טויזנט זלאָטעס. ביי דער חברה איז נאָך געווען אַ ביסל געלט, האָט מען זיך צוזאַמענגעלייגט און געקויפט די ביקס.

כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז ווען איך האָב געפּאַשעט בהמות ביים קריסט אין כאָדזיעוו האָט אַ קריסטלעך יינגל, וואָס האָט אויך דאָרט געאַרבעט, מיר דערציילט, אַז אין סטאָדאָלע (שייער) ליגט באַהאַלטן אַ ביקס, וואָס געהערט צו די זין פון באַלעבאָס (זיי זענען געווען מיטגלידער, פון דער פּוילישער מיליטערישער אונטערערד „אַרמיאַ־קראַיאָוואַ״. בין איך אַוועק אַהין, געפונען די ביקס מיט פיל קוילן און געבראַנגט זי צו דער חברה. מיר האָבן זיך געפרייט מיט איר ווי מיטן גרעסטן אוצר. די ביקס איז געבליבן ביי מיר. מיר האָבן שוין סטאַביל זיך אויפגעהאַלטן אין וואַלד; באַהאַלטן זיך ווייטער ביי פּויערים איז געוואָרן אוממעגלעך צוליב די אָפטע אַבלאַוועס און מסירות.

דאָס איז געווען אין 1943, שוין נאָך דער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ. פיל יידן פון וואַרשע זענען אָנגעקומען אין סטאָדזעווער וואַלד, זיי האָבן זיך דערוווּסט אַז דאָ געפינען זיך יידן.

האָבנדיק צוויי ביקסן מיט קוילן, האָבן מיר אָנגעהויבן שאַפן עסן אין ווייטערע דערפער ביי רייכע פּויערים און פּריצים, מיר האָבן גענומען מיט כוח. מיטן געווער אין די הענט, אַזוי אַז צו עסן האָבן מיר געהאַט שוין גענוג. מיר האָבן איינגעפירט אַ קאָמונע: אַלץ וואָס מען האָט געבראַנגט, איז פאַרטיילט געוואָרן פאַר אַלע גלייך.

אין דערזעלבער צייט האָט מען זיך דערוווּסט, אַז אין די

אַרומיקע וועלדער געפינען זיך פיל יידן פון פּאַריסאָוו און פון גאַרוואָלין. מיר האָבן באַשלאָסן צו קומען מיט זיי אין קאָנטאַקט. אַזוי ווי איך האָב נישט געהאַט קיין טיפּיש־יידיש פּנים, איז דער גורל געפאַלן אויף מיר, — איך זאָל גיין זיי אָפּזוכן. פון מיין ביקס האָב איך אָפּגעשניטן די קאָלבע און באַהאַלטן זי, די ביקס אין בוזעם, אַזוי האָט מען נישט דער־קאָנט, אַז איך טראָג געווער.

מיין ערשטע אויפגאַבע איז געווען אָפּצוזוכן די צוויי ברידער — פינטשע און מאַניש — דעם פאַרבערס זין, זיי האָבן באַדאַרפט זיך געפינען אין גאָסטער וואַלד. איך בין געגאַנגען בייטאָג און געמוזט דורכגיין דאָס דאָרף קאָזלעוו, די פּויערים פון דעם דאָרף זענען באַקאַנט געווען אַלס רוצחים און שונא־ישראלים, אָבער כ׳בין דורך בשלום, כ׳בין אָנגעקומען אין גאָסטער וואַלד און אַרומגעדרייט זיך עטלעכע שעה, ענדלעך האָב איך דערזען אַ רויך. לאַנגזאַם און פאָרזיכטיק האָב איך זיך דערנענטערט צום אָרט און געטראָפן זיי זיצן איינגעקאָרטשעטע ביי אַ קליין פייער בראָטן קאַרטאָפל. זיי האָבן אויסגעזען שרעקלעך, געווען באַוואַקסן נישט צום דערקענען. דערזעענדיק מיך, האָבן זיי זיך שטאַרק צעוויינט, — זיי האָבן געטראַכט, אַז עס זענען בכלל שוין נישטאָ מער קיין יידן.

כ׳האָב אויסגעפירט מיין שליחות בשלימות, און גע־בראַכט זיי אין סטאָדזעווער וואַלד.

נאָך דעם האָט מען מיך געשיקט אין גאָשטשעוויצער וואַלד, אויפצוזוכן יידן. דאָס איז געווען אַ 15 קילאָמעטער פון אונדזער פּונקט. דורך הינטער־וועגן בין איך דאָרט אָנגעקומען און געטראָפן אַ 25 יידן: אַ היפּשע צאָל פאַר יענער צייט. איך האָב דאָרט געטראָפן מלך קאַוואַלעק מיט די קינדער; די ברידער לייבל און משה קנורעק; ירמיהו, יאַנציע קצבס זון; אַ פרוי, בלומע, און נאָך אַנדערע. די פרוי בלומע און לייבל קנורעק האָבן חתונה געהאַט אין וואַלד כדת וכדין; מען האָט געבראָטן עופות און אַנדערע גוטע זאַכן. נאָך דער חופּה־וקידושין, האָט מען זיך געזעצט צו דער חתונה־סעודה, ווי אין אַמאָליקע גוטע צייטן...

איך האָב זיי דערציילט וועגן אונדז, און זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז צו זיי קומען רוסן, אַנטלאָפענע פון געפאַנ־גען־לאַגער, וואָס העלפן זיי מיט עסן און אַנדערע זאַכן. כ׳האָב געוואָרט ביז די רוסן זענען געקומען און כ׳האָב זיי דערציילט וועגן אונדז. זיי האָבן מיר פאַרגעלייגט אָנצוקניפּן מיט זיי אַ סטאַבילן קאָנטאַקט און צוזאַמען שאַפן אַ קאַמפּסגרופּע. מיר האָבן געשאַפן אַ גרופּע פון אַ צאָל מענטשן פון ביידע צדדים, וואָס האָט אָנגעהויבן פירן דיווערסיע־אַרבעט. די אַרבעט איז באַשטאַנען פון צעשטערן „מלעטשאַרניעס" (מילך קאָאָפּעראַ־טיוון) וועלכע האָבן צוגעשטעלט מילך און פוטער פאַרן דייטשן מיליטער, ווי אויך פאַרברויך־קאָאָפּעראַטיוון, וואָס האָבן צו־געשטעלט די דייטשן אַנדערע פּראָדוקטן. מיר זענען באַפאַלן די קאָאָפּעראַטיוון און צוגענומען די פּראָדוקטן פאַר זיך.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קעגן־אַקציע פון די דייטשן, מיט דער מיטהילף פון דער פּוילישער פּאָליציי. נאָך יעדער אַבלאַווע זענען געפאַלן עטלעכע יידן.

מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין אַ וואַלד ביי גאַרוואָלין, איז פאָרגעקומען אַן אַבלאַווע אויף יידן אין רעזולטאַט פון אַ מסירה פונעם דאָרטיקן וואַלד־שומר. ער האָט אָנגעוויזן די דייטשן דאָס אָרט וווּ די יידן געפינען זיך. אַ צאָל זענען דערמאָרדעט געוואָרן. צוזאַמען מיט די רוסן, זענען מיר דאָרט אַוועק און געטראָפן אַ 15 יידן, פאַרבליבענע נאָך דער בלוט־טיקער אַקציע. זיי האָבן אונדז דערציילט פּרטים פון דער „אַקציע", און וועגן דער הילף וואָס דער שומר האָט געגעבן די רוצחים. זענען מיר אַוועק צו דעם שומר, געכאַפּט אים, געמאַכט אים אַ געריכט און פאַרמשפּט צום טויט. מען האָט אים פאַרגעלייענט דעם אורטייל און דערשאָסן.

דאָס איז געווען אַ וואָרענונג פאַר די דייטשע מיטהעלפער, אַז יידיש לעבן איז נישט אין גאַנצן הפקר, אַז ס׳איז דאָ אַ האַנט וואָס נעמט נקמה פאַרן אומשולדיק־פאַרגאָסענעם יידישן בלוט.

איינמאָל נאָך אַן אַקציע, האָבן מיר זיך אַריינגעלייגט צווישן די קאָרן־זאַנגען אויפן פעלד איבערצוקומען דעם טאָג, ס׳איז געווען אַ הייסער טאָג און דער דאָרשט האָט שטאַרק געפּייניקט. צוויי פון אונדזער גרופּע האָבן נישט געקענט איבערטראָגן דעם דאָרשט און געגאַנגען אין נאָענטן דאָרף טרינקען וואַסער, טראָץ אונדזער וואָרענונג. זיי זענען באַמערקט געוואָרן פון אַ דייטשן פּאַטרול וואָס האָט זיך פונקט געפונען אין דאָרף, ווען זיי זענען אַריין צום פּויער נעמען וואַסער, האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט דאָס הויז, די צוויי יידן זענען אַרויף אויפן דאַך, געפירט אַ פאַרביטערטן קאַמף מיט די דייטשן און געפאַלן אין קאַמף ווי העלדן. די צוויי: ירמיהו, יאַנציע קצבס זון און טעוול די מאַטשעכעס. הי״ד.

אַ צווייט מאָל האָט אונדזער חברה באַשלאָסן דורכצופירן אַן אַקציע אויף אַ קאָאָפּעראַטיוו וואָס האָט געאַרבעט פאַר די דייטשן. מיך האָט מען אויסגעשלאָסן פון דער אַקציע אַלס שטראָף פאַרן אָפּזאָגן זיך יענעם טאָג צו שטיין צום צווייטן מאָל אויף שמירה (כ׳בין געווען דער ייִנגסטער און מען האָט מיך אויסגענוצט מער פון אַנדערע). צווישן די פאַרכאַפּטע אין קאָאָפּעראַטיוו פּראָדוקטן איז אויך געווען וואָדקאַ. האָט חברה זיך צוגעכאַפּט צום בראָנפן, געמאַכט אַ כוסה און געוואָרן בגלופין; זיי זענען אַריין צו אַ פּויער אין אַ סטאָדאָלע כאַפּן אַ דרימל. אויף דער מסירה פון די פּויערים, האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט די סטאָדאָלע און באַפוילן זיי זיך אונטערצוגעבן. די באַלאַגערטע האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן. ס׳איז אויסגעבראָכן אַ קעגנזייטיקע שיסעריי פון וועלכער אַ העלפט חברה איז געפאַלן און די רעשט איז געכאַפּט געוואָרן לעבעדיק. אַלע זענען זיי אומגעקומען העלדיש. דעם רוס, גרושקאַ, האָבן די דייטשן שרעקלעך געפּייניקט און ער האָט געשפּיגן זיי אין די מאָרדעס ווי אויף אומווירדיקע ברואים.

ווידער אַ צופאַל פון אויסמיידן אַ זיכערן טויט; ווידער האָב איך זיך דערמאָנט אין די לעצטע ווערטער פון מיין טייע־רער מאַמען: „ווערסט איבערלעבן, ביסט נאָך יונג"...

נאָכן פאַלן פון די רוסן, ווי אויך אַ גרויסער טייל פון אונדזערע מענטשן, זענען מיר פאַרבליבן אַ קליינע גרופּע און די אַבלאַוועס זענען פאָרגעקומען אַלץ אָפטער און אָפטער, האָבן מיר איינגעזען, אַז ווייטער לעבן ווי ביז איצט, מיט אָנפאַלן אויף קאָאָפּעראַטיוון, צעשטערן „מלעטשאַרניעס", האָט מער קיין זין נישט. מיר זענען צו שוואַך און ווינציק אין צאָל קעגן דעם ריזיקן כוח פון די מערדערישע דייטשן, מיט זייערע פּוילישע צוהעלפער. האָבן מיר זיך צעטיילט אין גאַנץ קליינע גרופּן, יעדע גרופּע האָט זיך געשאַפן איר פּלאַץ, זיך צו באַהאַלטן. בעיקר האָט מען זיך אויסבאַהאַלטן אין די היי־און שטרוי־שייערן און די פּויערים האָבן נישט געוווּסט דערפון, יעדע גרופּע האָט זיך געשאַפן שפּייז ווי מעגלעך

שטיל, מען זאָל נישט הערן פון אונדז. פון צייט צו צייט האָט מען זיך געטראָפן און אַרומגערעדט די לאַגע.

דער קריסט סימאָן צאַלקע פון דאָרף סטאַדזעוו (ער לעבט נאָך היינט), איז אין יענער אומגליקלעכער צייט געווען פאַר אונדז, געפּלאָגטע יידן, ממש אַ מלאך; ער האָט געקאָכט טעפּ עסן און וועלכער ייד ס'איז צו אים אַריין האָט ער געגעבן עסן וויפל ער האָט געוואָלט און אים נאָך מיטגעגעבן אויפן וועג.

איין מאָל, בעת אַן אַבלאַווע אין דאָרף, איז ביי אים געווען טוביה מילער מיט זיין פרוי. ווען טוביה האָט געהערט וועגן דער אַבלאַווע, האָט ער געוואָלט אַנטלויפן, כדי נישט צו שטעלן דעם קריסט אין אַ סכנה. אָבער צאַלקע האָט זיי נישט געלאָזט אַוועקגיין, ער האָט זיי באַהאַלטן אויפן בוידעם אין שטרוי. ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו זיין פאָל־וואַרק, האָט ער אַרויסגעלאָזט די בהמות אויפן הויף, איינ־געשפּאַנט די פערד אין דער דרעש־מאַשין, און געטריבן זיי אויף דער גאַנצער פאַרע. דאָס האָט ער בכיוון אָנגעמאַכט אַ שטאַרקן גערויש, כדי מען זאָל נישט הערן וואָס ביי אים טוט זיך און עס זאָל די דייטשן זיך נישט גלוסטן צו פיל צו זוכן... ווען זיי האָבן אים געפרעגט צו ביי אים זענען דאָ יידן, האָט ער געענטפערט: „ווען איך טרעף אַ ייד, וואָלט איך אַליין אים דערהרגעט". אַזוי האָט ער אָפּגעראַטעוועט די צוויי יידן.

אין זעלבן טאָג, ביי דער אַבלאַווע, זענען געפאַלן פינטשע, און שלמה טשולע (וועגן זיי שרייבן מיר באַזונדער) און איך בין פאַרוווּנדעט געוואָרן אין דער לינקער האַנט: אַ פויער האָט מיר פאַרבונדן די בלוטיקע וווּנד.

אין איינער אַ נאַכט, אין וואַלד, ביי סטאַדזעוו, זייענדיק אין סטאַדאָלע פונעם פויער מאַטאַסעק, האָבן מיר געהערט אַ גערודער אין שטוב; מיר האָבן אַריינגעקוקט און דערזען ווי צוויי רוסן ראַבירן ביי אים. זענען מיר אַריין, אויפגעקלערט זיי אַז דער פויער איז אַ גוטער מענטש, ער העלפט אונדז זייער אַ סך און זיי געבעטן נישט צו טאָן אים קיין שלעכטס. מיר האָבן געפּועלט און זיך אַוועקגעזעצט צוזאַמען עסן און אָפּגערעדט אָפּטער זיך צו טרעפן מיט זיי און אָנשליסן זיך אין איין גרופּע. ווען זיי זענען אַוועק, איז אשר מאַניעק דורך אַ צופאַל אַריינגעפאַלן אין אַ קאַרטאָפל־גרוב און זיין ביקס האָט אויסגעשאָסן. די צוויי רוסן האָבן געמיינט, אַז מען שיסט זיי נאָך און געעפנט אויף אונדז אַ שיסעריי. צום גליק האָט קיינער נישט געליטן און ס'איז געוואָרן שטיל.

פון די סטאַדזעוער קריסטן האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין דער געגנט געפינט זיך אַ רוסישע פרוי. מיר האָבן זיך פאַראינטערעסירט וועגן איר און זי אָפּגעזוכט. זי האָט אונדז דערציילט, אַז זי, מיט נאָך אַ רוס, וועלכער איז פאַרלוירן געגאַנגען, זענען געשיקט געוואָרן פון רוסלאַנד פאַר שפּיאָ־נאַזש־צוועקן. אַזוי ווי מיר האָבן מורא געהאַט מען זאָל זי נישט אויסליפערן אין די הענט פון די דייטשן, האָבן מיר זי אַריינגעגעבן צו אַ קריסט און אים פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט, אַז אין פאַל עס וועט איר עפּעס געשען, וועט ער ליקווידירט ווערן.

מיט מיין פאַרוווּנדעטער האַנט בין איך אַוועק אין דער ריכטונג פון פּילאַווע. כ'האָב זיך דאָרט אַרומגעדרייט אין אַ יונג וועלדל און געזוכט אַ באַהעלטעניש, פלוצלינג האָב איך דערזען אויפגיין אַ רויך פון די קשאַקעס. כ'האָב געטראַכט: אויף אַזאַ אָרט זענען נישטאָ קיין דייטשן, די דייטשן האָבן מורא פאַר וועלדער, זענען עס וואַרשיינלעך יידן. פאַרזיכטיק האָב איך זיך דערנענטערט צום אָרט פון פייער און פלוצינג דערהערט אַן אויסגעשריי אין רוסיש: „רוקי וויערך!" (די הענט אין דער הויך!) כ'האָב אויפגעהויבן די הענט און דער־זען די זעלבע צוויי רוסן מיט וועלכע עס איז פאַרגעקומען דער באַדויערונגסווערטער פאַל פון דער קעגנזייטיקער שיסע־ריי צוליב אשר מאַניעקס אומפאָרזיכטיקייט. צילנדיק אין מיר זייערע ביקסן, האָבן זיי מיך געפרעגט ווער איך בין און פון וואַנעט איך קום? כ'האָב זיי דערציילט אַז כ'בין פון סטאַדזעווער וואַלד. זיי האָבן מיר צוגענומען מיין ביקס און געזאָגט: „אַ שאָד וואָס מען האָט אייך אַלע נישט אויסגעהר־געט, מיר זענען נאָכגעקומען אייער פאַרלאַנג נישט צו באַ־רויבן דעם פויער, צוזאַמען געגעסן, און ווען מיר זענען נאָר אַוועק — האָט איר געעפנט אויף אונדז אַ שיסעריי, געוואָלט אונדז הרגענען.

אַלע מיינע אויפקלערונגען האָבן זיי נישט איבערצייגט, אַז איך זאָג אמת. דער כעס האָט אין זיי געברענט און כ'האָב געטראַכט: אָט דאָ וועט זיין שוין מיין סוף... אַ פאַרצווייפלטער, האָב איך זיך אָנגעכאַפּט אין לעצטן שאַנס: כ'האָב זיי דערציילט וועגן דער ראַסיאַנקע, די פאַראַשוטיסטין, וואָס מיר האָבן אָפּ־געזוכט און איינגעאָרדנט זי ביי אַ פויער. אָבער זיי האָבן מיר נישט געגלייבט. כ'האָב זיך געשווירן און פאַרזיכערט, אַז אויב איך וועל זיי נישט צופירן די נאַכט צו איר, קענען זיי טאָן מיט מיר וואָס זיי ווילן. ענדלעך האָב איך זיי איבערצייגט, אַז כ'זאָג זיי דעם אמת. זיי האָבן מיר צוריק־געגעבן מיין ביקס און געזאָגט, אַז מיר וועלן דאָ איבערליגן דעם טאָג. זיי האָבן מיר געגעבן עסן, און פאַרגעברייט: „אין פאַל פון אַ דייטשער אַבלאַווע, איז נישטאָ ווו צו אַנטלויפן — מיר וועלן קעמפן און נישט איבערגעבן זיך אין זייערע הענט. דערביי האָב איך באַמערקט ווי זיי לאָזן נישט אַראָפּ די אויגן פון מיר, זיי היטן מיך איך זאָל נישט אַנטרינען ווערן.

ביינאַכט האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין צו דער ראַסיאַנקע. דעם גאַנצן וועג האָבן זיי מיך געלאָזט גיין פאַר־אויס, זיי האָבן מורא געהאַט איך זאָל זיי נישט פאַרנאַרן ערגעץ ווו. ווען מיר זענען צוגעקומען צו דעם הויז אין וועלכן ס'האָט זיך געפונען די ראַסיאַנקע, האָט דאָס האַרץ מיר געקלאַפּט ווי מיט אַ האַמער: ס'האָט געקענט עפּעס האָבן פּאַסירט מיט איר און זי זאָל נישט זיין. אין אַזאַ פאַל — וואָלט איך זיכער געווען אַ פאַרלוירענער. איך האָב אַריינ־געקוקט דורכן פענצטער — און מיר איז לייכטער געוואָרן... כ'האָב אָנגעוויזן די רוסן אויף איר און אַריין צוגרייטן דאָס באַגעגעניש. כ'האָב איר דערציילט וועגן די צוויי רוסן, צו־געפירט איר צום פענצטער, דורך וועלכן זיי האָבן זיך קעגנ־זייטיק געזען. זיי זענען אַריין אין שטוב און צופרידענע זיך איבערגעצייגט אַז די געשיכטע איז אמת. מען האָט זיך צערעדט און זיך אַוועקגעזעצט עסן צוזאַמען. שפּעטער זענען זיי אַוועק און די פרוי צוזאַמען מיט זיי. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז בעת אַן אַבלאַווע פון די דייטשן, זענען אַלע דריי אומגעקומען...

ביים לעצטן צוזאַמענטרעף האָבן זיי פאַרגעלייגט מיר זאָלן זיך פאַראייניקן אין איין גרופּע. ווידער אַ נס, וואָס די פאַראייניקונג איז נישט צושטאַנד־געקומען...

ביים פויער יוזעף זאַיאַנץ, אין סטאַדזעוו, האָט געאַרבעט אַ יינגל. לויטן אויסזען — אַ הונדערט־פּראָצענטיקער קריסט; פון צייט־צו־צייט פלעג איך אַריינקומען צו דעם קריסט עפּעס עסן. כ'האָב באַמערקט ווי דאָס יינגל האַלט אין איין קוקן

אויף מיר, ס'איז מיר אַפילו נישט איינגעפֿאַלן צו טראַכטן אַז ער איז אַ ייִד. דאָס ייִנגל האָט אָנגעהויבן קומען אין וואַלד אָפטער און ברענגען מיר עסן. ווען איך האָב אים אַ מאָל אויפמערקזאַם־געמאַכט, אַז דאָס איז פֿאַר אים אַ סכנה, האָט ער מיר געזאָגט: „כ'בין דער זעלבער וואָס דו". ווייזט אויס, אַז די גויים פֿון דאָרף האָבן זיך געכאַפּט אויף זיין ייִדישקייט און דערטראָגן עס צו די מיטגלידער פֿון אַ.ק. (פּוילישע פֿאַשיסטישע אַרמיי). די פֿאַשיסטן זענען געקומען צום ייִנגל, באַפֿוילן אים זיך אויסטאָן, און איבערגעצייגט זיך אין זיין ייִדישקייט. דאָס גאַנצע דאָרף האָט דערפֿון שוין געוווּסט, אָבער זאַיאַנץ האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די פּויערים אין דאָרף און זיי האָבן אים נישט געמסרט. ווען זאַיאַנצס אַלטע מוטער האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם און געפֿאָדערט פֿון איר זון ער זאָל אַרויסטרייבן דאָס ייִדישע ייִנגל, האָט ער איר געזאָגט: „דו ביסט אַלט, אויב דיר וועט עפּעס געשען, האָסטו דיינע יאָרן שוין אויסגעלעבט. דאָס ייִנגל אָבער איז נאָך יונג, ער דאַרף נאָך לעבן"...

איצט, ווען איך דערמאָן זיך אין יענער פֿינצטערער עפּאָכע, לייכטן אויף אין מיין זכרון די צוויי הערלעכע געשטאַלטן: דאָס ייִדישע ייִנגל פֿון וואַרשע, וואָס האָט צוליב זיין „גוטן אויסזען" געקענט לייכט איבערלעבן די שוידער־לעכע צייט אַלס קריסט האָט, ביים צוזאַמענטרעפֿן זיך מיט זיינע געפּלאָגטע ברידער, אַליין זיך פֿאַרראַטן מיט זיין אָפטן ברענגען אונדז הילף און אויסגעשטעלט זיך אויף טויט־סכנות; און — דער איידעלער פּויער, יוזעף זאַיאַנץ, וואָס האָט איינגעשטעלט זיין לעבן און פֿאַרמעגן און דאָס לעבן פֿון זיין משפּחה, כדי צו ראַטעווען דאָס לעבן פֿון ייִדישן ייִנגל און דערמיט אויך אונדזער לעבן. אַזעלכע גוט־האַרציקע קריסטן וועלן מיר אייביק געדענקען.

---

אַ חוץ די אָפטע דייטשע אַבלאַוועס, דורכגעפֿירטע מיט דער הילף פֿון דער פּוילישער פּאָליציי אויפֿן ביסל אומגליק־לעכע ייִדן וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די דערפֿער און וועלדער, איז אַ באַזונדערע פּלאָג געווען פֿאַר אונדז די פֿאַ־שיסטישע באַנדעס פֿון אַ. ק. („אַרמיאַ־קראַיאָוואַ"). ווי געניטע שפּיר־הינט האָבן זיי אַרומגעניוכעט די וועלדער און אַלע באַהעלטענישן אין די דערפֿער, און ווי נאָר זיי האָבן געפֿונען אַ ייִד, האָבן זיי אים גלייך דערשאָסן.

אין יענער צייט זענען צוויי ייִדן, אַנטלאָפֿענע פֿון וואַרשע־ווער גיהנום, געקומען אין סטאַדזיעווער וואַלד. איינער איז געווען אַן אַרטיסט, דער צווייטער אַ זינגער. אויס מיטלייד צו די אומגליקלעכע, האָט אַ פּויליש מיידל געשאַפֿן פֿאַר זיי אַ באַהעלטעניש. די אַ.ק.אָווצעס האָבן וועגן דעם זיך דער־וווּסט, געקומען און אַרויסגעשלעפּט די צוויי ייִדן און זיי דערשאָסן; זיי האָבן די דערשאָסענע באַגראָבן אין אַ פֿלאַך גריבל, צוגעדעקט מיט ווייניק זאַמד; נאָכדעם זענען געקומען ווילדע הינט און צעגריזשעט און צעריסן די הרוגים. אין צוויי טעג שפּעטער האָבן מיר מיט די הענט צוזאַמענגעקליבן די געבליבענע קערפּער־טיילן, און זיי קובר געווען.

אַן אַנדערש מאָל זענען מיר, עטלעכע מענער און דריי פֿרויען, געזעסן אין וואַלד און געגעסן אונדזער אָרעם־מאָלצייט. ס'איז אָנגעקומען אַן אויספֿלוג פֿון קינדער מיט אַ לערערין. די לערערין איז צוגעקומען צו אונדז און געזאָגט. מיר זאָלן היינט אַוועקגיין פֿון דעם אָרט, מיר האָבן קיין באַזונדער אַכט נישט געלייגט אויף אירע רייד און ווייטער געזעסן, אין דעם האָבן מיר דערהערט ווי אַ שייגעץ שרייט צו וועמען: „אָט דאָ זענען זיי!" ספּאָנטאַן האָבן מיר אָנגעהויבן אַנטלויפֿן, אַ באַנדע אַ. ק.־אָווצעס האָט אונדז נאָכגעיאָגט און נאָכגעשאָסן. די מענער איז געלונגען צו אַנטלויפֿן. אָבער די דריי פֿרויען האָבן זיי געכאַפּט. ערשט נאָך לאַנגע תחנונים און געוויינען, האָבן די פּוילישע באַנדיטן זיי אָפּגעלאָזן.

נאָך די אָפטע אַבלאַוועס פֿון די דייטשן און אָנפֿאַלן פֿון די אַ. ק.־אָווצעס אויף אונדזערע גרופּן אין דער סביבה פֿון סטאַדזיעווער וואַלד, זענען מיר געבליבן אַ גאַנץ קליינע צאָל מענטשן; מען האָט באַשלאָסן, אַז יעדער איינער זאָל זוכן פֿאַר זיך אַ באַהעלטעניש. אפשר וועט אַזוי אַרום געלינגען איבער־צולעבן די אומגליקלעכע צייט.

צו די עטלעכע באַקאַנטע פּויערים מיינע, האָב איך מער נישט געקענט גיין. זיי זענען געווען אונטערן חשד אַז זיי באַהאַלטן אויס ייִדן און האָבן מורא געהאַט פֿאַר זייער לעבן. נישט האָבנדיק ווו זיך אַהינצוטאָן, האָב איך איינער אַליין, אַ הונגעריקער, אַ פֿאַרצווייפֿלטער, אַרומגעבלאָנקעט אין פֿעל־דער און וועלדער און צופֿעליק זיך־אָנגעטראָפֿן אויף טוביה מילער און אים דערציילט מיין לאַגע, האָט ער מיך מיטגע־נומען אין זיין באַהעלטעניש ביי אַ פּויער אין דאָרף כיזשין.

דער פּויער האָט געוווּסט, אַז נאָר טוביה אַליין איז ביי אים באַהאַלטן, פּאַקטיש זענען מיר דאָרט געווען 4 ייִדן, צווישן זיי אויך מילערס פֿרוי. דער פּויער האָט יעדן טאָג געבראַכט עסן פֿאַר מילערן, וואָס ס'איז אויגנבליקלעך פֿאַרצערט געוואָרן פֿון אַלע פֿיר. און ער האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט, דער פּויער, וואָס איין מענטש קען אַזוי פֿיל עסן.

לענגער בלייבן אויף דעם אָרט האָט מען נישט געקענט. האָט טוביה אָפּגעזוכט אַ באַהעלטעניש ביי אַ צווייטן פּויער, וואָס האָט אויך געוווּסט, אַז ביי אים באַהאַלט זיך נאָר טוביה אַליין. דער פּויער האָט קיין עסן נישט געגעבן, מען האָט געמוזט אַליין זיך שאַפֿן, איין מאָל אין וואָך בין איך געגאַנגען קיין סטאַדזיעוו צו מיין באַקאַנטן פּויער, סימאָן צאַלקע, גע־ברענגט אַ ביסל פּראָדוקטן, פֿון וואָס מיר האָבן אַלע געגעסן.

אין אַ געוויסן מיטן טאָג, רופֿט דער פּויער טוביהן און זאָגט אים, אַז דייטשן זענען דאָ אין דאָרף, זיי מאַכן אַ רעוויזיע ביי זיין שוואָגער, און ער האָט מורא, אַז זיי וועלן קו־מען אויך צו אים. דערהערנדיק דאָס, זענען מיר אַלע שנעל אַרויס פֿון באַהעלטעניש. דער פּויער, דערזעענדיק אַזש 4 ייִדן, האָט זיך זייער הויך צעשריגן און מיר זענען שנעל אַנטלאָפֿן קיין סטאַדזיעוו.

אין סטאַדזיעוו האָט יעדער איינער געמוזט פֿאַר זיך זוכן אַ מאַלינע. און ווידער בין איך געווען אויף געהאַקטע צרות, נישט געהאַט ווו זיך אַהינצוטאָן, כ'האָב געמיינט, אַז פֿאַר מיר איז די וועלט שוין געענדיקט. און ווידער האָט מיר טוביה מילער אַרויסגעהאָלפֿן: ער האָט מיר געהאָלפֿן אָפּזוכן אין דאָרף אַ באַהעלטעניש ביי אַ טויבן גוי, וואָס האָט נישט געוווּסט אַז איך באַהאַלט זיך ביי אים.

מיר האָבן צווישן זיך אָפּגערעדט צו טרעפֿן זיך אין די שפּעטע נאַכט־שעהען אין פֿאַרשידענע פּונקטן פֿון דער סביבה, כדי זיך דורכצושמועסן וועגן פֿאַרלויף פֿון די טאָג־געשעענישן און צו עסן צוזאַמען. אָט דער מצב האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע חדשים.

איינמאָל, אין אַ קאַלטער ווינטער־נאַכט, האָב איך אויף מיין וואַנדער־וועג אָנגעטראָפֿן אויף אַ פּויערשע שטאַל;

ווילענדיק זיך אַ ביסל דערוואָרעמען, בין איך דורך אַ לאָך אַריינגעקראָכן און גענומען זיך אַרויפדראַפּן אין דער הויך. כ׳בין אַראָפּגעפּאַלן און זיך שרעקלעך צעקלאַפּט, כ׳האָב גע־האַט שטאַרקע יסורים, נישט געקענט זיך באַוועגן און נישט אָטעמען. ווייסנדיק אַז דער פּויער וועט באַלד אָנקומען און מיך דאָ דערווישן, האָב איך אָנגעשטרענגט אַלע מיינע כוחות, אַרויפגעקראָכן אויפן שטאַל־בוידעם, דאָרט געלעגן דריי טעג און דריי נעכט אַליין מיט מיינע יסורים. פילנדיק אַז די כוחות גייען מיר אויס, אַז איך ענדיק דאָ מיין לעבן, האָב איך זיך ווידער אָנגעשטרענגט און מיט די לעצטע כוחות אַראָפּגעקראָכן און כמעט אויף „אַלע פיר״, זיך דערשלעפּט קיין סטאַדזעוו. אַנשטאָט 20 מינוט, ווי עס האָט שטענדיק געדויערט ביי מיר דער וועג, בין איך דאָס מאָל געגאַנגען פיר שעה. מיינע פריינט וועלכע האָבן מיך נישט געזען דריי מעת־לעת, האָבן געמיינט אַז איך לעב שוין נישט, זיי האָבן מיך באַשאָטן מיט אַ האָגל פראַגן, אָבער איך האָב קוים געקענט אַרויסקריכצן 2 ווערטער: ברויט! קאַרטאָפל! מער האָב איך נישט געקענט ריידן אַ וואָרט. נאָכן עסן און נאָכן אָפּרוען אַ ביסל, האָב איך זיי דערציילט וואָס ס׳האָט מיט מיר פּאַסירט. מיט דער צייט האָבן די ווונדן פון זיך זעלבסט פאַרהיילט.

אין איינעם אַ קאַלטן אָוונט, האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט צו אַ באַקאַנטן קריסט, וואָזשניאַק, און געבעטן עפּעס עסן — וואָס איך האָב גלייך באַקומען. כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט נאָענט פונעם אויוון, זיך געוואָרעמט און געגעסן. אין דעם באַמערק איך, ווי דער קריסט און זיין פרוי שטייען און קוקן אויף מיר. זי כאַפּט זיך ביים קאָפּ מיט אַן אויסגעשריי „אָלאָ באָגאַ!״ (אוי גאָט!) אין פלוג האָב איך נישט געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר, נאָר אַז כ׳האָב זיך אַליין באַטראַכט, האָב איך דערזען אַז דאָס גאַנצע מלבוש מיינס איז באַשיט מיט לייז. — דער רעזולטאַט פון עטלעכע יאָר זיך־וואַלגערן אין זעלבן אָנטועכץ, און פון נישט האָבן די מעגלעכקייט זיך אַרומצו־וואַשן. די קריסטן האָבן מיר געגעבן פריש אָנטועכץ, כ׳בין אַרויס אויפן פרייען פעלד, אַוועקגעוואָרפן מיינע פאַרלייזיקטע טראַנטעס, און זיך אָנגעטאָן דאָס פרישע אָנטועכץ.

*

## דערלעבט די באַפרייונג

פון באַקאַנטע קריסטן האָבן מיר פון צייט־צו־צייט זיך דערוווּסט וואָס עס טוט זיך אויף די פראָנטן. מיר האָבן געוווּסט אַז די דייטשן האָבן כסדר מפלות, און די רוסן מאַר־שירן פאָרויס און דערנענטערן זיך צו אונדזערע מקומות. דאָס האָט גורם געווען אַז איך זאָל זיך פילן אַ ביסל פרייער, עס האָט זיך געדאַכט אַז די סכנות זענען שוין נישט אַזוי גרויס, און דערמיט זיך אויסגעשטעלט אויף געפאַרן.

אין יענער צייט בין איך איין מאָל געגאַנגען מיט אַ רוקזאַק פּראָדוקטן אויף די פּלייצעס, וואָס כ׳האָב באַקומען ביי אַ באַקאַנטן קריסט; כ׳בין געווען שטאַרק מיד, בין איך אויפן וועג אַריין אין אַ שטאַל אַ ביסל אָפּרוען; נאָר אַנשטאָט זיך צו באַהאַלטן הינטערן שטרוי, האָב איך זיך אַוועקגעלייגט פון אויבן, אויפן שטרוי, און פעסט איינגעשלאָפן; פּאַרטאָג, ווען דער קריסט איז געקומען נעמען שטרוי פאַר די בהמות, האָט ער מיך דערזען און געמאַכט אַ גוואַלט איך זאָל אַנטלויפן. כ׳בין אַנטלאָפן, אָבער נישט געהאַט וווּ זיך צו באַהאַלטן. דאָס קאָרן אויף די פעלדער איז געווען שוין גאַנץ הויך, בין איך געלעגן עטלעכע טעג אין קאָרן, ביז צום קומען פון דער רויטער אַרמיי.

מיר זענען אַנטקעגן געלאָפן אונדזערע באַפרייער, מיר האָבן געקושט זיי די הענט, דאָס געווער, די טאַנקען. זיי, די רוסישע מיליטער־לייט זענען געשטאַנען ווי פאַרגליווערטע, באַטראַכט אונדז מיט פאַרוווּנדערונג און באַדויערן. מיר האָבן זיי דערציילט ווער מיר זענען. צווישן די רוסן איז געווען אַ יידישער קאַפּיטאַן האָט ער אונדז צוגענומען אַרבעטן אין אַ פעלד־שפּיטאָל. ווען דער שפּיטאָל איז אַוועק, זענען מיר אויך אַוועק, מיר האָבן געוווּסט אַז אין דער סביבה גראַסירן אַרום די פּוילישע באַנדיטן־באַנדעס — די אַ.ק.־אָור־צעס, וואָס זוכן אָפּגעראַטעוועטע יידן און דערהרגענען זיי.

דאָס דאָרף סטאַדזעוו וועט אייביק זיין איינגעקריצט אין מיין זכרון, אַ דאַנק די באַקאַנטע פויערים דאָרט, בין איך און נאָך אַנדערע יידן. לעבנגעבליבן. די קריסטן, וועלכע האָבן אונדז גוטס געטאָן האָבן מיר אָן זיי נישט פאַרגעסן, און ווי גלייך די רוסן זענען אַריין, האָבן מיר זיי פיל טובות געטאָן, אין געוויסע מאָמענטן, ממש זיי געראַטעוועט פון שווערע געפאַרן, און ביזן היינטיקן טאָג שטייען מיר מיט זיי אין פאַרבינדונג. מיר האָבן זיך אויך נוקם געווען אין די, וואָס האָבן דערהרגעט און דערטרינקען דוד קאַץ א״א.

---

## פון מענדל צימבעראַוויטש׳ס אַ בריוו

עס שרייבט אונדז דער לעבנגעבליבענער מענדל צימבע־ראַוויטש צוו״אַנד:

...איך בין געבליבן היינט מיט איין זון, וועלכן כ׳האָב דאַנקען גאָט דערהאַלטן ביים לעבן. איר דאַרפט וויסן: יעדער לעבנגעבליבענער ייד אין פּוילן איז אַ גאָט־זאַך, איז אַ נס. ליידער זענען מיר נאָך אַלץ צו גרויס אין די אויגן פון אונדזערע שכנים און נישט זיכער מיטן לעבן, אַפילו אויף איין טאָג. אונדזער לעבן איז הפקר. מיר זענען איבעריקע מענטשן און האָבן נישט ווער עס זאָל אונדז שיצן. יעדער שפּאַן ערד דאָ איז פאַרבלוטיקט מיטן בלוט פון אונדזערע עלטערן, קינדער, שוועסטער, ברידער, חבר און פריינד...

מיט 22 יאָר שפּעטער, דעם 30.5.67, שרייבט צימבע־ראַוויטש צוו״אַנד:

...איך קאָן נאָך אַלץ נישט צוזאַמענגעמען די געדאַנקען אַלץ געגוני צו באַשרייבן. מיט 6 חדשים צוריק האָב איך דער־האַלטן אַ בריוו פון דער משפּחה פוטערפלאַם פון פּאַריז אין וועלכן כ׳בין געבעטן געוואָרן צו באַשרייבן מיינע איבערלעבונ־גען... כ׳האָב דעמאָלט געשריבן מער ווי היינט. כ׳האָב באַשריבן מיינע איבערלעבונגען פון די דייטשע לאַגערן. אָבער דאָס איז דאָך פאַרן זעלבן צוועק...

— וואָס איר פרעגט וועגן בית־המדרש און בית־עלמין ס׳איז גאָרנישט פאַראַנען. פון די אויסגעריסענע מצבות זענען געפלאַסטערט געוואָרן טראָטואַרן, נאָכן קריג, צוריקקומענדיק קיין גאַרוואָלין, האָבן מיר — לאַקסמאַן, מעסינג איך א״אַנד — די מצבות צוזאַמענגענומען און אַרויסגעפירט אויפן בית־עלמין, אָבער מען האָט זיי פון דאָרט צעגנבעט...

פאָטאָגראַפיעס האָב איך נישט. נאָר כ׳שיק איך די פאָ־טאָגראַפיע פון מיין איצטיקער פרוי, חנה געדאַנקען, און דאָס בילד אויף וועלכן ס׳איז אַחוץ מיר פאַראַן אויך מיין שוועס־טערס מיידעלע, פייגעלע פיינקינד, וואָס האָט איבערגעלעבט אין אַ קלויסטער אין לובלין. די פרוי, וואָס געפינט זיך מיט אונדז אויפן בילד, איז מיין שוועגערין רבקהלע הערץ, פון דער היים — וואַסערניס, וועלכע האָט אַרויסבאַקומען דאָס קינד פונעם קלויסטער. דאָס מיידעלע איז היינט שוין אַ דער־וואַקסענע, זי איז אַ לערערין אין ישראל...

צירל מינץ / פאַריז

# ווען די קריג איז אויסגעבראָכן



כ׳געדענק ווען די קריג האָט אויסגעבראָכן. צי האָט אַ קינדעריש קעפּל געקאָנט באַגרייפן דאָס שרעקלעכע וואָרט — קריג? כ׳דערמאָן זיך דעם פאַטאַלן קלאַפּ, ווען מיר האָבן באַדאַרפט פאַרלאָזן אונדזער ליב שטעטל גאַר־וואָלין. ס׳איז געווען ווי דער ערשטער לעבנס־פונק וואָלט פאַרלאָשן געוואָרן. הגם דאָס אויסלעבן זיך אין גאַרוואָלין איז נישט געווען לייכט, צוליבן אַנ־טיסעמיטיזם וואָס האָט דאָרט גע־הערשט, אָבער דאָך איז עס אונדז געווען טייער — פּאַרט דאָס אָרט וווּ מען איז געבוירן און דערצויגן — אַ שטעטל מיט יידישע באַלמעלאָכעס, מיט לאַנג־יאָריקע טראַדיציעס, מיט יידישע אָרגאַניזאַציעס און אַ וווּנדערבאַרער יוגנט מיט אַ גרויסן דורשט נאָך וויסן.

מיט איין קלאַפּ האָבן די דייטשן דאָס אַלץ צעשטערט.

שפּעטער זענען געקומען שרעקלעכע טעג: איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די געשוואָלענע פון הונגער גאַרוואָ־לינער יידן אויף די גאַסן פון זשעלעכאָווער געטאָ; דאָס ברענען ספרים. די צוויי יאָר מיט מיין משפחה אין זשעלעכאָ־ווער געטאָ האָבן איבערגעלאָזט אין מיר שרעקלעכע דערי־נערונגען. כ׳דערמאָן זיך זייער גוט די לעצטע יום־טובים פון 1942. יום־כיפור, דעם הייליקסטן טאָג פאַר יידן, האָבן די דייטשע רוצחים אויסגעוויילט ווי דעם טאָג פון שפּעטן און לעסטערן די הייליקייט אונדזערע. סוכות האָבן זיי אַרומ־גערינגלט דאָס געטאָ, בכדי עס צו ליקווידירן; אַלע יידן האָבן געמוזט אַרויס אויפן פּלאַץ. די צעמישונג איז געווען גרויס: פרויען האָבן געוויינט; אומשולדיקע קינדער האָבן געשריען, מיט זייער קינדערישן אינסטינקט האָבן זיי אָפּגעפילט די געפאַר. דייטשן האָבן געשריגן, געשלאָגן און געשאָסן אין די פאַרצווייפלטע מענטשן. ווער ס׳האָט שנעל נישט געקאָנט אויספירן זייערע פאַרברעכערישע באַפעלן איז גלייך דערשאָסן געוואָרן אויפן פּלאַץ. יידיש לעבן איז געווען הפקר.

מיר איז געלונגען צו אַנטלויפן. אויפן וועג פון מיינע וואָגלענישן האָב איך זיך באַגעגנט מיט מיין פאָטער און מיט מיין עלטסטער שוועסטער פייגע — אויך זיי זענען געהאַט אַנטלאָפן. די אַנדערע פון אונדזער משפחה זענען אַרויסגעפירט געוואָרן און אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע אין טרעבלינקע.

מידע און צעבראָכענע פון לאַנגן וואָגלען האָבן מיר זיך איבערגעגעבן די דייטשן. צוזאַמען מיט נאָך 30 יידן, האָבן מיר געאַרבעט אין אַ גוט אונטער אַ שמירה פון דייטשן און אוקראַינער, און אונטער אַ האָגל פון קלעפּ און באַליידיקונגען. צעטראָטענע, פיזיש און מאָראַליש, האָבן מיר דאָך געפונען אין זיך קוראַזש און איינער אַ נאַכט זענען מיר אַלע 30 יידן אַנטלאָפן.

וועלכן אַנדערן וועג האָבן מיר געהאַט אויסצוקלייבן?

קיין שום טיר האָט זיך פאַר אונדז נישט געעפנט. גע־יאָגטע ווי חיות, אָן דער מינדסטער פּערספּעקטיוו זיך צו ראַטעווען, איז דער דראַנג צום לעבן דאָך געווען גרויס. פאַר דער איינציקער טיר וואָס האָט זיך יאָ פאַר אונדז געעפנט האָבן מיר באַצאָלט אַ זייער טייערן פּרייז.

קנאַפּע צוויי חדשים האָט אונדז אַ היימישער פּויער, פּייקאָווסקי, אויסבאַהאַלטן. פאַר דעם ווינקל אין זיין „סטאָ־דאָלע" האָבן מיר אים באַצאָלט אַ סך געלט. איין מאָל אין טאָג פלעגט ער אַריינברענגען וואַסער און איין מאָל אין וואָך — ברויט. און יעדעס מאָל מיטן זעלבן איראָנישן שמייכל און מיטן זעלבן פּזמון: — „נאָך וואָס רייסט איר זיך אַזוי צום לעבן? מיר, פּאָליאַקן, האָסן אייך; די דייטשן ברענען און שיסן אייך; קיינער וויל אייך נישט"...

יעדעס וואָרט האָט געשניטן ווי שאַרפן פון מעסערס: „קיינער וויל אייך נישט!" מיין ערלעכער, יוגנטלעכער גע־דאַנק האָט נישט געקענט שלום־מאַכן מיט אַזאַ אומגערעכטער לאָגיק. איז דען אַ פאַרברעכן צו זיין אַ ייד? מאָראַלישע יסורים זענען שרעקלעך!..

מיר האָבן געוואָלט שרייען! — שרייען, אַז די גאַנצע וועלט זאָל דערהערן און פילן די יידישע יסורים...

ווי האָט מיר געקענט איינפאַלן אין יענעם שרעקלעכן מצב, אַז איך און מיין שוועסטער, פייגע, וועלן האָבן דאָס גליק נישט בלויז איבערצולעבן און זיך נאָך טרעפן מיט יידן, נאָר אויך דערלעבן צו זען די וווּנדערבאַרע יידישע מדינה? — מדינת ישראל...

צוויי חדשים האָט אונדז דער פּויער אויסבאַהאַלטן, צו־גרייטנדיק זיין מערדערישן פּלאַן אונדז אומצוברענגען.

איין מאָל האָט אונדז אונדזער „רעטער" אַרויסגערופן פון דער באַהעלטעניש. פאַר אונדז איז גלייך קלאָר געוואָרן אונדזער מצב. מיר האָבן זיך געפונען פּנים אל פּנים מיט אַ יונגן, מערדערישן פּויער. זיינע חיה׳שע אויגן זענען געווען דאָרשטיק נאָך בלוט. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַן אייזן...

ווי לאַנג מיר האָבן זיך געראַנגלט געדענק איך נישט, ווייל באַלד מיטן ערשטן קלאַפּ האָט ער מיר געלעכערט דעם קאָפּ און כ׳האָב גלייך פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. דעם טאַטן האָט ער דערמאָרדעט און דער שוועסטער איז געלונגען צו אַנטרונען. נאָך עטלעכע שעה האָבן מיר זיך ווידער אָפּגעפונען.

דער טויט פון אונדזער פאָטער האָט איבערגעלאָזט אַ טיפע וווּנד אין האַרצן.

אַזוי זענען דורך מיינע שענסטע יוגנט־יאָרן, אין שרעק און אין צאַרן.

מיר האָבן שוין געהאַט שלום־געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז ס׳איז נישטאָ קיין אויסוועג, אַז מען מוז שטאַרבן.

מיר האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף אַ פעלד. די פיס האָבן אונדז מער נישט געטראָגן. די זון האָט געשיינט, פייגל האָבן

געזונגען, אָבער וואָס פאַר אַ ווערט קען שוין האָבן אַ לעבן אָן פרייהייט, אָן אַ משפחה און אָן דעם מינדסטן שאַנס איבער־צולעבן. מיר האָבן פשוט געוואַרט אויפן טויט: וואָס פאַר אַ געשמאַקער ביסן וועלן מיר זיין פאַר די חיות!...

פלוצעם האָבן מיר דערהערט טריט, און אַפילו נישט געהאַט די קרעפטן אויסצודרייען דעם קאָפּ — אַזוי גלייכגילטיק זענען מיר געווען... אָבער די דריי יידישע ווערטער וואָס האָבן זיך דערטראָגן צו אונדזערע אויערן: „זיי זענען נישט טויט", האָבן געווירקט, ווי אַן עלעקטרישער שטראָם וואָלט דורך דורך אונדזערע מידע, האַלב־טויטע גלידער... נישט די שיינקייט פון דער נאַטור, נישט דאָס געזאַנג פון די פייגל, נישט די זון אין איר מאַיעסטעטישן גלאַנץ — האָבן נישט געהאַט אין זיך דעם כוח פון די דאָזיקע דריי יידישע ווערטער...

ווו איז אַהינגעקומען די שוואַכקייט? אונדזערע הערצער האָבן זיך אָנגעפילט מיט פרייד: עס זענען נאָך פאַראַן יידן — נאָך וואָסערע יידן? — העלדן!...

נאָך דריי שעה גיין, האָבן מיר אָנגעטראָפן נאָך יידן, גאַנצע גרופּעס יידן, וואָס זענען יעדע מינוט געווען גרייט אַוועקצוגעבן זייער לעבן אין פאַרטיידיקונג פון יידישן כבוד.

אונדזער ערשטער אויפטריט, ווי פאַרטיזאַנער, איז געווען נקמה צו נעמען אין דעם פּאָליאַק, וואָס האָט דערמאָרדעט מיין פאָטער. ליידער, האָבן מיר אים נישט געטראָפן. מיר האָבן פאַרברענט זיין הויז און מיטגענומען די קי.

צוויי יאָר זענען מיר געווען מיט די פאַרטיזאַנער, אויספירנדיק פאַרשידענע סאַבאָטאַזש־און נקמה־אַקטן, קעמפנדיק צוזאַמען מיט די יידישע פאַרטיזאַנער־העלדן און נקמה־גענומען פאַר אונדזער אומגעקומענער משפחה און פאַר די 6 מיליאָן קדושים.

מיט כבוד און פאַרערונג דערמאָן איך מיין אומגעקומענער משפחה: מיינע עלטערן — דוד און רחל מינץ; מיינע ברידער — ישראל און אברהם און די שוועסטערן רבקה און גיטעלע הי"ד.



**פייגע מינץ**
**די טאָכטער פון דוד און רחל מינץ — געשטאָרבן אין ישראל**

**רבקה מינץ**
**די טאָכטער פון דוד און רחל מינץ — אומגעקומען אין זשעלעכאָווער געטאָ**

# פאמיליע קורצער הי"ד

איך דערמאָן זיך אין יאָר 1941 ווען מיין זון יוסף קורצער אַ זון פון פיווול די לערערקעס פון גאַרוואָלין, האָט באַקומען אַ באַפעל פון די פאַריזער פּאָליציי, זיך צו צושטעלן אין אַ לאַגער וואָס האָט זיך געפונען 80 קילאָמעטער פון פאַריז (פּעטיווע). אין דעם דאָזיקן לאַגער האָבן זיך געפונען אַ סך יידן, יינגע און אַלטע, געהיטן זענען זיי געוואָרן פון דייטשן און פון פראַנצויזישע פּאָליציי. מען האָט זיי קיין אַרבעט נישט געגעבן, אויך קיין עסן האָבן זיי נישט באַקומען. דערפאַר האָבן זיי געקריגן שטאַרק געשלאָגן. נישט קענענדיק אויסהאַלטן די בענקשאַפט צו מיין קינד בין איך, נישט געקוקט אויף די אַלע סכנות וואָס האָבן געדראָט, אַוועקגעפאָרן אין לאַגער. כדי צו לינדערן די ליידן פון מיין קינד ווי אויך די יסורים



**יוסף קורצער**

און פיין פון אַלע אַנדערע יידן, פלעג איך אַריבער וואַרפן זאַכן. דריי מאָנאַט האָט מען מיין קינד געהאַלטן אין דאָזיקן לאַגער. נאָכדעם האָט מען אים געשיקט נאָך ג'ירס און פון ג'ירס נאָך דראַנסי. נאָך אַ לאַנגער צייט זיין אין דראַנסי האָט מען אים צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער, הונדערטער יידן דעפּאָרטירט נאָך אוישוויץ.

איך דערמאָן מיט צער און ליבשאַפט מיין קינד יוסף קורצער וואָס איז צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער טויזנטער יידן אומגעקומען אין אוישוויץ אין שענסטן בלי פון זיין לעבן. ער איז סך — הכל אַלט געווען 23 יאָר! זאָל זיין אָנדענק זיין געהייליקט אויף אייביק!

**די מוטער**



„פאָלקס־שטימע" 19־טער אַפּריל 1967.

אין יוני 1943 האָבן געסטאַפּאָ־לייט דערשאָסן אין דאָרף טשערניע, גלאַטשעווער גמינע, גאַרוואָלינער פּאָוויאַט, וואַר־שעווער וואָיעוואָדשאַפט. די פוילישע פרוי וויקטאָריאַ דעמבעק צוזאַמען מיט 10 אומבאַקאַנטע יידן, וועלכע זי האָט האָט אויסבאַהאַלטן.

איטשע קליינמאַן / מאָנטרעאָל

# אויף די חורבות פון גאַרוואָלין

**אין אָקטאָבער 1939 בין איך געפאָרן פון וואַרשע** אַ היים קיין גאַרוואָלין. אָנקומענדיק אין שטעטל, איז מיר געוואָרן פינצטער אין ד׳אויגן: כמעט דאָס גאַנצע שטעטל איז געלעגן אין חורבות. צום ערשטן בין איך אַוועק זוכן דאָס הויז פון מיינע עלטערן. פונעם הויז איז שוין קיין זכר נישט געווען. ס׳איז אַפילו שווער געווען צו דערקענען דאָס אָרט, וווּ אונדזער הויז איז געשטאַנען. די גאַנצע גאַס — איין שטיק חורבה. פון מיין משפחה האָב איך קיינעם נישט געטראָפן: נישט די עלטערן, הערשל און חווה קליינמאַן; נישט מיין ברודער, יוסף־קופל מיט זיין פרוי רויזע און זייערע קינדער; נישט דעם ברודער אברהם מיט זיין פרוי — עלקע, און נישט דעם דריטן ברודער משה־חיים.

געווען איז דאָס אין אַ מיטוואָכדיקן מאַרק־טאָג, ווען דאָס שטעטל איז פול מיט פּויערים פון די אַרומיקע דערפער. גייענדיק אַזוי האָב איך דערזען אַ גרופּע יידישע יונגעלייט און צווישן איר אויך מיין ברודער משה־חיים. כ׳בין געוואָרן אַזוי איבערראַשט, אַז כ׳געדענק אַפילו נישט די נעמען פון די יונגעלייט וואָס כ׳האָב געזען. פון מיין ברודער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אונדזער גאַנצע משפחה געפינט זיך אין דאָרף רעמבקאָוו — אַ דאָרף נאָענט צו גאַרוואָלין. צוזאַמען מיטן ברודער בין איך אַוועק אין דאָרף אַריין און אונדזער פרייד איז געווען נישט צום אָפּשאַצן. כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז נאָך יידישע משפחות לעבן אין די דערפער אַרום גאַרוואָלין.

אין רעמבקאָוו האָב איך באַגעגנט די גאַרוואָלינער אשר לאַנגעט, אלי ברוקאַזש און שמואל־אריה פּרימער. אַ וואָך שפּעטער, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן צום צווייטן מאָל, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין זשעליעכאָוו האָט אַ באַנדע עס־עס־לייט אַרעסטירט 30 יידן און געפאָדערט פאַר זיי אַ גרויסע סומע אויסקויף־געלט אין גאָלד. צייט אויף צונויפצושטעלן דאָס גאָלד האָט מען געגעבן בלויז עטלעכע שעה. פאַרן נישט איינצאָלן די סומע צו דער באַשטימטער צייט וועלן די 30 יידן דערשאָסן ווערן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס יידישע זשעלעכאָוו האָט די 30 יידן אויסגעקויפט.

דאָס האָט אין שטעטל אַרויסגערופן אַ שרעקלעכע פּאַניק.

מיט צוויי טעג שפּעטער האָט די באַנדע עס־עס־לייט איבערגעחזרט דאָס זעלבע אינעם שטעטל לאַסקעראָוו — זייער אַן אָרעם שטעטל. די דאָרטיקע יידן האָבן נישט פאַרמאָגט די געפאָדערטע סומע, האָבן די עס־עס־לייט אַרויסגעפירט די פאַרהאַלטענע יידן אויף אַ פעלד נישט ווייט פונעם שטעטל, צווישן לאַסקעראָוו און גאַרוואָלין, געהייסן זיי אויסגראָבן אַ גרוב און אויפן ראַנד פון גרוב אויסגעשאָסן די גאַנצע גרופּע פאַרהאַלטענע יידן און דאָס גרוב פאַרשאָטן.

דאָס איז געשען אין אַ דינסטיק פאַרנאַכט.

צומאָרגנס זענען לאַסקעראָווער קריסטן, פאָרנדיק קיין גאַרוואָלין אויפן יאַריד, דורכגעפאָרן דאָס אָרט פון דער עקזעקוציע און באַמערקט אַז די ערד רירט זיך... זיי האָבן עס דערציילט אין גאַרוואָלין און אַ גרופּע יידישע יונגעלייט האָט איינגעשטעלט דאָס אייגענע לעבן און גלייך געלאָפן צום אָנגעוויזענעם אָרט, מיינענדיק אַז זיי וועלן נאָך באַווייזן וועלכן ס׳איז פון די דערשאָסענע אָפּצוראַטעווען. ס׳איז אָבער געווען שוין צו שפּעט. די יידן האָבן מער נישט געלעבט. זיי האָבן זיך געגנוג לאַנג געמאַטערט ביז זיי האָבן אויסגעהויכט זייערע הייליקע נשמות.

נאָך דער רוצחישער מעשה האָט דער פּאַניק נאָך מער זיך פאַרשטאַרקט און יונגע מענטשן האָבן אָנגעהויבן פאַרלאָזן גאַרוואָלין — עלטערע האָבן נישט געהאַט קיין כוח צו דעם. געגאַנגען איז מען קיין רוסלאַנד. נישט אַלע זענען אַהין דערגאַנגען. אַ טייל איז געבליבן שטעקן ערגעץ אין וועג. וואָס ס׳איז מיט זיי געוואָרן ווייס איך נישט.

סוף 1940 האָבן די דייטשן פאַרטריבן די פאַרבליבענע אין שטעטל יידן — אויף וויפל ס׳זענען נאָך געהאַט פאַרבליבן יידן אין גאַרוואָלין — צוזאַמען מיט די יידן פון די אַרומיקע דערפער — קיין פּאַריסאָוו און זשעליעכאָוו. אין פּאַריסאָוו האָט געהערשט אַ שרעקלעכער הונגער. מענטשן זענען ממש געפאַלן אויפן גאַס און מער נישט אויפגעשטאַנען. דערצו האָבן נאָך די דייטשן געטריבן אויף אַרבעט.

אין 1942 האָבן זיי די יידן פון פּאַריסאָוו און זשעליעכאָוו געטריבן אין די טויטלאַגערן מיידאַנעק און טרעבלינקע. פון פּאַריסאָוו האָט מען זיי געטריבן צו דער באַנסטאַציע פּילאַווע. די וואָס האָבן נישט באַוויזן אָנצוהאַלטן דעם טעמפּאָ פונעם „מאַרש" און אומגעפאַלן אין גאַנג, האָבן די מערדער גלייך דערשאָסן.

אין פּילאַווע זענען די אומגליקלעכע צעטיילט געוואָרן. אַ טייל איז געפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע און די איבעריקע — קיין מיידאַנעק. דאָס איז געווען זייער לעצטער וועג. כבוד זייער הייליקן אָנדענק.

חנה קאַרפּמאַן־ראָזענבערג / תל־אביב

# אויף דער אַרישער זייט

אין איינעם אַ האַרבסט־אָוונט פון 1942, געווען איז עס סוכות־צייט, האָט די ס.ס. און די פּאָליציי אַרומגערינגלט די שטאָט זשעלעכאָוו, בכדי אינדערפרי אַרויסצופירן די שטאָט יידן אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע.

כ׳האָב איבערגעלאָזט מיין שוועסטער, רייזל, און די שוועגערין גנענדל מיט איר קינד (מיין גאַנצע משפחה האָט זיך שוין דאַן געפינען אינעם אַרבעטסלאַגער „ווילגאַ״) און בין אַרויס פון שטאָט.

נישט אָפּגעבנדיק זיך, קיין חשבון וואָס איך טו, בין איך אַזוי געלאָפן און געלאָפן אָן אויפהער, אָן אַ אָפּשטעל, — ביז כ׳בין אָנגעקומען אין אַ וואַלד.

אַ שטאַרק מידע, מיט אָפּגעריבענע פון לויפן פיס, בין איך אַוועקגעפאַלן און איינגעשלאָפן. אויפגעוועקט האָט מיך אַ שטאַרקע שיסעריי, וואָס האָט זיך דערטראָגן אַהער פון שטאָט. ס׳איז געווען שוין גרויסער טאָג. כ׳האָב אָנגעהויבן באַטראַכטן מיין מצב — אַליין אין וואַלד, אין אַ פרעמדער סביבה, ווו כ׳האָב אַפילו קיין איין באַקאַנטן קריסט נישט. נישט ווילנדיק, האָט זיך אין מיר דורכגעריסן אַ יאָמערלעך געוויין. ווי לאַנג כ׳האָב אַזוי געוויינט ווייס איך אַליין נישט. אַ דערשעפּטע און צעבראָכענע, אונטערן געוואָי פון די שאָסן (כ׳האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, אַז דאָס האָבן זיי „אויסגעפּערטיקט״ די יידן וועלכע זיי האָבן געפונען אין די באַהעלטענישן) — בין איך אַזוי אָפּגעלעגן צוויי טעג. פּלוצעם האָב איך דערהערט אַ ווייט קול — און אויף ידיש. צו פאַרלירן האָב איך נישט געהאַט וואָס, האָב איך אָנגעהויבן שרייען: „האָפּ!־האָפּ!״ — און לויטן עכאָ פונעם ענטפער זיך אַרויסגעקריגן פון וואַלד, דערזעענדיק מיין פאָטערס קוזינקע, פריידל דעם פעטער אייזיקס, און איר שוואָגער — דעם „רימאַזש״ (רימער). זיי האָבן מיר דערציילט, אַז זיי גייען קיין זאַדיב צום הויף פון דעם פּריץ פּיאַסקאָווסקי, אין וועלכן ס׳איז פאַראַן אַ קליינער אַרבעטס־לאַגער פון עטלעכע געציילטע אַרבעטער־משפחות. זיי האָבן מיר פאָרגעלייגט מיטצונעמען כ׳יך אַלס זייער טאָכטער. כ׳האָב באַשלאָסן מיטצוגיין, הגם דאָס האַרץ האָט מיר געפּלאַצט צוליבן אָפּרייסן זיך פון דער גאַנצער משפחה.

אין זאַדיב האָט מען יעדן צוגעטיילט צו אַן אַרבעט. איך האָב געאַרבעט ביים „מלוטשען״ (דרעשן) תבואה. עסן האָבן מיר באַקומען איין מאָל אין טאָג: ברויט מיט ציבעלע. לויט דער דייטשישער טעווטאָנישער מאָראַל האָט אַ פאַמיליע געמעגט ציילן בלויז 4 מענטשן, — אַלע איבעריקע האָבן זיי פאַרניכטעט.

געווען ביי אונדז אַ שוסטער משה ריקער, דוכט זיך — פון זשעלעכאָוו. זיין משפחה האָט געציילט 6 מענטשן, האָט איין קינד ביי אים צוגענומען אַ צווייטע פאַמיליע און איינס פלעגט ער שטענדיק אויסבאַהאַלטן (די פּולאַוער זשאַנדאַרמעריע, פלעגט קומען יעדע וואָך אונדז ציילן).

אין איינעם אַ דאָנערשטיק, איז אַריינגעקומען די „זשאַנדצינע״ (אַדמיניסטראַטאָרין) אַן אוקראַאינערין און מיר געמאָלדן, אַז ס׳איז דערגאַנגען צו דער זשאַנדאַרמעריע, אַז איך בין נישט קיין טאָכטער פון רימאַזש און אַז זיי וועלן מיך דערשיסן. כ׳האָב עטלעכע מאָל געפּרוווט אַנטלויפן, אָבער דער הויף איז געווען אַרומגעשטעלט פון דער שוואַרץ־מונדירטער „זאָנדערדינסט״. נישט זעענדיק קיין אויסוועג, האָב איך שלום געמאַכט מיטן גורל. כ׳האָב געטראַכט: — פריער צי שפּעטער — הרגענען וועט מען מיך סיי ווי — זאָל זיין פריער.

שבת־אָוונט איז די זשאַנדאַרמעריע געקומען. מ׳האָט אונדז אויסגעשטעלט צום ציילן. מיך האָבן זיי גלייך אַרויסגענומען פון ריי. פּלוצים האָט איין זשאַנדאַרם דערזען, אַז משה ריקערס פרוי פאַרדעקט עפּעס מיט איר פאַטשיילע. ער איז גלייך צו איר צו און אַ ריס אָפּער געגעבן פון אונטער דער פאַטשיילע אַ מיידעלע פון אַ יאָר 10—12. זיי האָבן דאָס קינד אַוועקגעשאָסן אויפן אָרט און מיך צוריק אַריינגעשטופּט אין דער ריי. כ׳האָב באַקומען קאָפּשווינדל. ס׳האָט מיך געוואָרפן אין קדחת.

אין די זונטיקס פלעגן מיר נישט אַרבעטן. דער טאָג איז געווען באַשטימט אויף ריין צו מאַכן אַרום זיך און זיך גופא. אין איינעם אַ זונטיק, זיצנדיק אַזוי אויף דער גאַס — שוין אַ ריינע — האָב איך זיך שטילערהייט צעוויינט. ס׳איז גראָד דורכגעגאַנגען אַ קריסט און מיך געפרעגט פאַרוואָס איך וויין און פון וואַנען איך בין? כ׳האָב אים דערציילט, אַז כ׳בין פון גאַרוואָלין און אַז מיינע עלטערן געפינען זיך אין לאַגער „ווילגאַ״ אד״גל. אויסהערנדיק מיך, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער קען מיך און ער איז אַ לערער, זיין נאָמען איז: אָסלאָ. ער האָט אויסגעדריקט דעם ווילן מיר צו העלפן. קאָנקרעט האָט ער מיר צוגעזאָגט איבערצורעדן מיט אַ היימישן מאַגיסטראַט־באַאַמטן אין גאַרוואָלין, וווּהין ער פאָרט אין אייניקע טעג אַרום, וועגן מאַכן פאַר מיר אַרישע פאַפּירן. אָבער ביז דאָס וועט געשען, גלויבט ער, אַז מען קאָן אונדז צונעמען און ליקווידירן, האָט ער מיר געגעבן אַן אַדרעס צו זיין שוועסטער אין נאָענטסטן דאָרף און ווי נאָר עפּעס — זאָל איך זיך באַמיען צו אַנטלויפן צו איר און פאַררופן זיך אויף אים.

אַזוי האָט טאַקע פּאַסירט. אין אייניקע טעג אַרום, האָט אונדז פּלוצים אין מיטן נאַכט אויפגעוועקט אַ גלאָקן־געקלאַנג וואָס האָט אונדז גערופן אויפצושטיין. עס זענען גרייט געווען פערד און וועגענער אַוועקצופירן אונדז צום צוג, וועלכער גייט אָפּ אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע. ס׳איז געווען אַ פינצטערע נאַכט און אַ דראָבנער רעגן האָט דורכגעדרונגען די ביינער. גייענדיק צו דער פור האָב איך פּאַמעלעך זיך צוריקגעצויגן אין אַ זייטיקער ריכטונג און אָנגעהויבן שנעל צו לויפן. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ טומל. די קוילן זענען געפלויגן נעבן מיין אויער. געווען בין איך באָרוועס, אין בלויזן העמד און איבערן העמד — דעם פאַלטן, מיט וועלכן כ׳פלעג זיך

צודעקן. דאָס אַלץ וואָס כ׳האָב באַוויזן מיטצונעמען. צוליב די הודזשענדיקע איבער מיר קוילן האָב איך זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד און אַזוי אויפן בויך צוגעפּויזעט צו אַ סטאָדאָלע לעבן וועלכער ס׳איז געליגן שטרוי.

כ׳האָב זיך איינגעגראָבן אין שטרוי, איינגעהערט זיך אינעם געביל פון די הינט און אַזוי געלעגן אַ לאַנגע צייט.

סוף־סוף, נישט געפינענדיק מיך, זענען זיי אָפּגעפאָרן מיט זייערע קרבנות. ווען ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן האָב איך דערזען ליכט אין אַ פּויערישער כאַטע. כ׳בין אַוועק אין דער ריכטונג פונעם ליכט.

די פּויערטע וואָס האָט מיר געעפנט, האָט אויף מיר געקוקט מיט באַדויער, זעענדיק מיין לאַגע.

— האָסט זיך אַוודאי געראַטעוועט היינטיקע נאַכט? — און צוגעגעבן — איך וועל דיר ווייזן ווו זי וווינט, דעם לערערס שוועסטער, נאָר גיי שנעל אַוועק פון דאַנען, ווייל כ׳האָב מורא מ׳זאָל דיך נישט זען ביי מיר.

געוווינט האָט אָסלאָ׳ס שוועסטער אויף אַ זייטיקן וועג ביים וועלדל. ענדלעך בין איך צו איר דערגאַנגען. כ׳האָב זיך פאַררופן אויף אָסלאָ, איר ברודער, און זי האָט מיך אויפגענומען, געגעבן מיר עסן, כ׳זאָל זיך דערוואַרעמען און אַריינגעזעצט מיך אין איר שטוב־קעלער.

ראשית כל האָב איך געבעטן איר מאַן ער זאָל גיין צום מילנער גאָלאָשעווסקי קיין גאָנטשיץ, ער זאָל מיר ברענגען עפּעס אָנצוטאָן. ער איז גערן געגאַנגען און מיר טאַקע געברענגט שיך, אַ קלייד, אַ זשאַקעט.

מיט צוויי טעג שפּעטער איז געקומען אָסלאָ און מיך גענומען צו זיך. ער האָט מיר געמאַכט פּאַפּירן אויפן נאָמען פון זיין פאַרשטאָרבענער ברודערן־טאָכטער: מאַריאַננאַ אָסלאָ.

כ׳האָב זיך אַביסל אָפּגערוט און מיר זענען געגאַנגען קיין גאָרזשנע צום וואָיט — מיר האָבן געהאַט ביי אים סחורה. כ׳האָב זיך העפלעך געזעגנט מיטן לערער. ער האָט מיך געבעטן כ׳זאָל אים אָפּט שרייבן און מיט וואָס ער וועט נאָר קענען, וועט ער מיט העלפן.

נאָכן אָפּזיין עטלעכע טעג ביים וואָיט, בין איך אַוועק אין אַ דערבייִיקן דאָרף צו דעם פּויער טשפּיל, וועלכער האָט אויך געהאַט אונדזער סחורה. טשפּיל האָט מיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קאַמער, וועלכע ער האָט פאַרמאַסקירט מיט אַ שאַנק. ביינאַכט פלעגט מען אַריינברענגען עפּעס עסן. דער דאָזיקער פּויער פלעגט מיך צורעדן כ׳זאָל באַגיין זעלבסטמאָרד:

— וואָס טויג דיר אַזאַ לעבן — האָט ער געטענהעט, — אַז דו ביסט אין גאַנצן אַליין. כ׳האָב פאַרשטאַנען אַז ער וויל פון מיר פּטור ווערן צוליב דער סחורה... כ׳האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן גיין ווייטער...

געוועזן איז עס אין אַ דינסטיק ביינאַכט. כ׳בין געווען שטאַרק אומרויִק די הינט האָבן געבילט און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די זשאַנדאַרמעריע איז געקומען אויף מיינע שפּורן. ס׳האָט זיך געעפנט די טיר פונעם צימער וואָס האָט געגרענעצט מיט מיין קאַמער. פרוי טשפּיל האָט אָפּגערוקט די שאַנק פון דער באַהעלטעניש, מיך אַריינגערופן אין קיך אַריין און דערציילט מיר, אַז נאָר וואָס זענען דורכגעגאַנגען פּאַרטיזאַנער, איינער פון זיי דער גאַרוואָלינער עופות־הענדלער משה כאַטינער, שלמה יודלס זון. כ׳האָב זיך געבעטן ביי די פּויערים זיי זאָלן מיר דערלויבן צוצוגיין צו די פּאַרטיזאַנער, מיט וועלכע כ׳האָב שוין לאַנג געזוכט אַ קאָנטאַקט און, ליידער, נישט געפונען. נאָר טשפּיל האָט עס מיר נישט דערלויבט.

איין מאָל אין אַ זונטיק, בעת אַלע פון שטוב זענען אַוועק אין „קאָשטשאָל״ (קירכע) האָב איך געעפנט די טיר פון קאַמער, גענומען מיין רוקזאַק, אַריינגעלייגט אַ האַלב ברויט, איבערגעלאָזט אַ דאַנקבריוו פאַרן אויפהאַלטן און פאַרשוווּנדן.

כ׳בין געגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף צווישן באַקאַנטע פּויערן, אונדזערע קונים. כ׳האָב זיך געבעטן מען זאָל מיך אויסבאַהאַלטן. יעדער פון זיי האָט מיר געגעבן אָפּצועסן, איבערגענעכטיקט אַ נאַכט, אָבער מער נישט.

מיין ציל איז געווען צו דערגיין קיין „ווילגאַ״ — אין לאַגער אין וועלכן ס׳האָט נאָך געלעבט מיין גאַנצע משפּחה.

איין פּויער — אַ מער אינטעליגענטער — אַ וועג־טעכניקער, האָט גענומען ביי מיר אַ בריוו און געפאָרן צו מיינע עלטערן קיין ווילגאַ. צוריקגעקומען איז ער מיט זייערס אַ בריוו, אין וועלכן מיין פאָטער האָט מיך געבעטן נישט צו קומען קיין ווילגאַ, נאָר פאָרן קיין וואַרשע ווי אַ קריסטין. „אין לאַגער איז מען נישט זיכער מיטן מאָרגן — האָט ער געשריבן — אַפילו מיטן היינט, און דאָרט, אין וואַרשע, האָף איך, אַז דו וועסט איבערלעבן״...

דער טעכניקער האָט מיר אויך איבערגעגעבן וועגן דער גרויסער פרייד פון די עלטערן מיטן בריוו מיינעם און מיטן גרוס, אַ פרייד, פאַרשטייט זיך, געמישט מיט טרערן. אין זיין בריוו האָט מיין פאָטער מיר אויך געראַטן צו ווענדן זיך צו דעם קריסט לענאַרטשיק, וועמען זיי האָבן אָפּגעגעבן אַלץ וואָס זיי האָבן נאָך געהאַט — פון גאָלד און דאָלאַרן. לענאַרטשיק פלעגט אָפּט פאָרן צו זיי קיין ווילגאַ מיט פּראָדוקטן. געשטאַמט האָט ער פון „וואָלאַ־רעמבקאָווסקאַ״, נאָר געוווינט אין וואַרשע. ער איז געווען אַ באַאַמטער אויף דער הויפּט־פּאָסט אויף פּלאַץ נאַפּאָלעאָנאַ. זיין שוואָגער קורפּיעווסקי האָט זיך אָנגעגעבן פאַר אַ פאָלקס־דויטש.

לענאַרטשיק האָט געהאַט „ברייטע פּלייצעס״, ד״ה גרויס פּראָטעקציע. זיין לעגיטימאַציע האָט געעפנט פאַר אים אַלע טויערן. מעגלעך, אַז אויך ער האָט זיך אויפגעגעבן אַלס פאָלקסדויטש.

מיין פאָטער האָט מיר אויך געראַטן אַריינצוכאַפּן זיך אין וואַרשעווער געטאָ. דאָרט האָט זיך נאָך געפונען זיין ברודער יעקב, מיט זיינע קינדער: הערש, שרה, גדליה און לייבל מיט זיין פרוי — קיילע האָכבערג, אברהם־אשר און נחמן. האָב איך זיך געמאַכט מוט און אָנגעהויבן טראַכטן וועגן וואַרשע.

אָבער לאָמיר זיך נישט אַליין פאַרלויפן דעם וועג. דערווייל בין איך נאָך אין דאָרף ביים טעכניקער. כ׳האָב געטאָן ווי דער טאַטע האָט מיר געראַטן און זיך געלאָזט אין וועג אַריין — קיין וואַרשע.

געגאַנגען בין איך אין די אָוונט־שעהען און פאַרטאָג. כ׳בין אָנגעקומען קיין גאָנטשיץ צום מילנער גאָלאָשעווסקי.

ער, דער מילנער, איז שוין געווען אַן עלטערער מענטש. ער איז געווען שטאַרק רייך און אויך געהאַט אַ וווינונג אין וואַרשע.

נאָך אַן אויפהאַלט פון צוויי טעג האָט דער מילנער אַליין מיך באַגלייט צו דער באַן קיין לאַסקעראָוו. מיר זענען געגאַנגען דורך פעלדער און וועלדער. מיר האָבן אויסגעמיטן דאָס נאָענטערע סאָבאָליעוו, ווייל סאָבאָליעוו האָט געהאַט איר אייגענע סטאַבילע זשאַנדאַרמעריע, דאַקעגן אין לאַסקעראָוו פלעגט די זשאַנדאַרמעריע אַריינפאַלן פון צייט צו צייט.

אַז מיר זענען בשלום אָנגעקומען צום וואָקזאַל, האָט גאַ־

לאַשעווסקי געקויפט מיר אַ בילעט, געגעבן מיר אַ פּאָר זלאָטעס און אַ בריוו צו זיין פרוי׳ס קוזינקע, מאַרישאַ קאַזלאָווסקאַ, זי זאָל מיך אויפנעמען.

דער צוג איז געווען פול מיט שמוגלער פון דער געגנט, וואָס האָבן געפירט קיין וואַרשע פּוטער, אייער, חזיר־פליישׁ א״א פּראָדוקטן. אַנדערע, באַזונדערס די פון גאַרוואָלין האָבן מיך זייער גוט געקענט. זיי האָבן זיך געשעפּטשעט, איינער דעם אַנדערן אין די אויערן, אָבער געהאַלטן זיך קאָרעקט, געמאַכט דעם אָנשטעל אַז זיי דערקענען מיך נישט, און נישט פאַרטשעפּעט מיך.

אויך איך האָב געשפּילט אַ שמוגלערין, געהאַלטן אַ קיישל אייער אויף דער האַנט, באַדעקט דעם קאָפּ מיט אַ פאַטשיילע און זיך קיינעם נישט געגעבן צו דערקענען.

אין וואַרשע האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר אַ ניי גיהנום. ווּ צו גיין אין מיטן נאַכט האָב איך נישט געהאַט. מ׳האָט אויך נישט געטאָרט גיין צוליב דער פּאָליציי־שעה. בלייבן אויפן וואָקזאַל איז געווען פאַרבונדן — באַזונדערס פאַר מיר — מיט גרויסע סכנות, ווייל געשטאַפּאָ פלעגט אָפט זיך „יאַוועז״ און צונעמען ביי די שמוגלער די פּראָדוקטן, שלאָגן זיי און אַ סאַך מאָל אויך אַרעסטירן.

כ׳האָב באַמערקט ווי עטלעכע שמוגלער גייען דורך אַ צעבראָכענע מויער דורך וועלכער מען קומט אַרויס אויף די יעראָזאָלימער אַלעען, בין איך זיי נאָכגעגאַנגען. מיר זענען אַריין צו אַ „דאָזאָרצע״, וועלכן מען פלעגט באַצאָלן פאַר איבערזיצן די נאַכט.

פאַרטאָג, נאָך דער פּאָליציי־שעה, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער טראַמוויי־פאַרקער, בין איך אַריין אין טראַמוויי און צוגעפאָרן אויפן אַדרעס וואָס כ׳האָב געהאַט פונעם מילנער, צו זיין פרויס קוזינע אין מאָקאָטאָוו.

די קריסטין האָט מיך אויפגענומען, הגם נישט גערן. אַזוי ווי זי האָט געהאַט אַ רעסטאָראַן און אויך אַ געליבטן — און ס׳איז איר נישט פאַרבליבן קיין צייט פאַר רוימען און אויפהאַלטן די ריינקייט פון דער וווינונג, האָט זי קודם־כל מיך געהייסן רוימען די שטובן. דאָס ריין מאַכן די וווינונג האָט געדויערט עטלעכע טעג. כ׳האָב געקענט די אַרבעט און געמאַכט זי גרינטלעך „אַז ס׳זאָל גלאַנצן״, אַזוי האָט זי געוואָלט... ווי נאָר זי האָט געזען אַז כ׳האָב אַ מינוט פריי, האָט זי מיך גלייך געשיקט רוימען אויך דעם רעסטאָראַן, וואַשן די דילן אד״גל.

אין דעם רעסטאָראַן פלעגן אויך אַריינקומען דייטשן, נאָר זיי האָבן עפּעס אויף מיר קיין אַכט נישט געלייגט .

לאַנג בין איך אויך ביי איר נישט געווען. זי האָט מיך איבערגעשיקט צו איר מוטער — פרוי קאָזלאָווסקי — אויף אָקאָפאָווע ראָג־לעשנאָ.

אויף דער אָקאָפאַווע פלעג איך יעדן טאָג זען יידן אַרויסגיין פון געטאָ אויף אַרבעט. איין מאָל האָב איך דערקענט דעם באַקאַנטן וואַרשעווער מאַנופאַקטור־סוחר טיקולסקי. כ׳האָב ריזיקירט און בין צו צו דער גרופּע (זיי פלעגן גיין גרופּנווייז, אויסגעשטעלט אין רייען). ער האָט מיך דערקענט און מיר האָבן זיך שטאַרק דערפרייט כ׳האָב אים געגעבן אַ צעטל צו מיין פעטער יעקב, אין וועלכן כ׳האָב זיי געפרעגט אַן עצה וועגן מיין אַריינקומען אין געטאָ.

צומאָרגנס האָט מיר טיקולסקי געבערענגט אַ תשובה פון דעם פעטער און זיינע זין — מיינע קוזינען הערש און גדליה, אַז איך זאָל נישט וואַגן צו קומען אין געטאָ...

ביי פרוי קאָזלאָווסקי בין איך נישט געווען לאַנג. זי האָט פשוט מורא געהאַט. זי האָט מיך געשיקט צו אַ בעקער אויף קראָכמאַלנע־גאַס. דער בעקער האָט מיך אַריינגענומען און באַלד צומאָרגנס, ווען איך בין אַרויס עפּעס קויפן, האָט געשטאַפּאָ דורכגעפירט ביי אים אַ רעוויזיע, זוכנדיק יידן. צוריקקומענדיק נאָך עטלעכע שעה, האָבן זיי מיך אַפילו אין שטוב נישט אַריינגעלאָזט.

כ׳בין געווען פאַרצווייפלט: כ׳האָב נישט געהאַט ווּ און צו וועמען צו גיין. כ׳האָב שוין באַדויערט וואָס כ׳בין געקומען קיין וואַרשע. באַגיין זעלבסטמאָרד בין איך געווען צו שוואַך — נישט געהאַט קיין מוט. כ׳האָב בלויז געבעטן ביי גאָט, אַז אַ דייטש זאָל מיך שיסן פון הינטן — כ׳זאָל נישט זען. גייענדיק אַזוי אַ שטאַרק־צעבראָכענע האָב איך זיך פלוצים דערמאָנט אין דעם קירזשנער סטאַרענגאַ און זיין פרוי — פון דער היים זאַלעווסקאַ, מיין שול־חברטע פון גאַרוואָלין. נישט לאַנג טראַכטנדיק בין איך גלייך צוגעפאָרן צו זיי. זיי האָבן מיך שטאַרק באַדויערט און אַפילו מיטגעפילט, אָבער נישט אַריינגעלאָזט, טראָץ דעם וואָס זיי האָבן דווקא געוווינט אין אַ גרויסער, רייכער דירה, צוגענומען פון אַ ייד. סטאַרענגאַ האָט מיך געשיקט צו זיין שוועסטער קיין גראָכאָוו און אויך זי האָט מיך נישט אַריינגעלאָזט.

דערווייל האָט זיך צוגערוקט די פּאָליציי־שעה און מען האָט שוין באַלד נישט געטאָרט גיין. דער קאָפּ האָט מיר שיער־נישט געפּלאַצט: ווּ גייט מען? וואָלט איך געווען געהאַט מיט זיך טאַבלעטן, וואָלט איך זיך זיכער געווען אָפּגעסמט. אויף וויפל כ׳האָב זיך נישט באַמיט איינצוהאַלטן די טרערן, זענען זיי איצט געפלאָסן פון זיך אַליין.

נישט האָבנדיק קיין עצה בין איך צוריק אַריין אין טראַמוויי, וואָס גייט קיין וואַרשע. כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט, אויסדרייענדיק דעם קאָפּ צום פענצטער — כלומרשט אַרויסגעקוקט, כדי מען זאָל נישט זען די פון טרערן געשוואָלענע אויגן. כ׳האָב אָבער געפילט די נייגעריקע בליקן פון אַ פרוי און כ׳האָב אויך געכאַפּט אַ זייטיקן בליק אויף איר. פלוצים האָבן אונדזערע בליקן זיך באַגעגנט און די פרוי, נישט באַהערשנדיק זיך, האָט האַסטיק אויסגערופן: ח... אָבער זיך גלייך געכאַפּט און דאָס וואָרט נישט פאַרענדיקט. כ׳האָב איר געגעבן אַ סימן נישט צו רעדן. דאָס איז געווען יאַנקאַ מיכאַלעק, רענקאַוועקס טאָכטער. מיר האָבן אַמאָל געוווינט ביי איר פאָטער, זיין הויז איז געשטאַנען לעבן בית־המדרש, און איך האָב זיך דערצויגן צוזאַמען מיט אירע דריי קינדער: רישעק, מאַלציא און זבישעק (דאָרט האָבן געוווינט אברהם וואַמפּאַן, לייזער בלאַנק, יאַנקל אַקערמאַן, יאַנקל מאַגלאַזש — וואָלפאָוויטש. די אַלע הייזער האָבן געהערט צו איר פאָטער פראַנצישעק רענקאַוועק).

פרוי מיכאַלעק איז אַראָפּ ביי דער ערשטער סטאַציע און איך נאָך איר. מיר זענען אַריין אין נאָענסטן טויער. דאָ האָב איך זיך שוין נישט באַהערשט און שטאַרק געוויינט. אויך זי האָט געהאַט טרערן אין די אויגן. זי האָט מיך באַרויִקט, גלעטנדיק און אָנגעהויבן אויספרעגן, ווי אַזוי איך קום קיין גראָכאָוו.

פרוי מיכאַלעק האָט מיך אויף דער גאַס שוין נישט איבערגעלאָזט און מיך מיטגענומען אַהיים צו זיך. אין דער מינוט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די זון האָט אויפגעשיינט און

כ׳האָב אין יענער פינצטערער נאַכט זיך געפילט גליקלעך. כ׳האָב זיך טאַקע יענע נאַכט גוט אויסגעשלאָפן און זיך אַביסל באַרו׳קט. אָבער גלייך אינדערפרי, אומקערנדיק זיך פון גאַס, ווו זי איז אַראָפּ איינקויפן, האָט זי אין גאַנצן געציטערט פון שרעק. זי האָט מיר דערציילט, אַז נעכטן אָוונט איז געשטאַפּאָ געקומען צו סטאַרענגעס שוועסטער זוכן אַ יידיש מיידל פון גאַרוואָלין. נישט געווג וואָס סטאַרענגאַ האָט מיך נישט אַריינגעלאָזט, האָט ער מיר נאָך נאָכגעשיקט געשטאַפּאָ. פרוי מיכאַלעק האָט אין גאַנצן געצאַפּלט און נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט מיר.

עס זענען געקומען אירע קינדער מאַלציאַ, מיין יוגנט־פריינדין, און רישעק און האָבן די מוטער עטוואָס באַרואיקט. רישעק איז אָבער געווען אַ שיכור, ווי זיין פאָטער, און ער האָט געטראַכט, אַז ס׳האָט זיך פאַר זיי געעפנט אַ שמאַלץ־גרוב פון וועלכן זיי וועלן שעפּן גאָלד.

אויפן דריטן טאָג פון מיין אויפהאַלט, האָב איך איינמאָל ביינאַכט דערפילט ווי רישעק נעמט מיר אַפּער מיין האַנט־בייטל פון הינטערן קישן. כ׳האָב זיך נישט וויסנדיק געמאַכט. ס׳איז מיר אַ שאָד געווען די „מאַלינע״. צומאָרגנס האָב איך באַמערקט, אַז די „פּאָדשעווקע״ פון בייטל איז אָפּגעטרענט און ס׳האָט געפעלט פון דאָרט דער צעטל מיט נעמען, וואָס מיין פאָטער האָט מיר געגעבן, אַז אויב כ׳וועל איבערלעבן, זאָל איך וויסן, ביי וועמען עפּעס געפינט זיך... כ׳בין געוואָרן אומרו׳יק און נישט געוווסט ווי־אַזוי צו האַנדלען. קיין זיצפלייש האָב איך ממילא נישט געהאַט. אין עטלעכע טעג אַרום בין איך אַריינגעפאָרן קיין וואַרשע. כ׳האָב געוווסט, אַז דער גאַנצער האַנדל קאָנצענטרירט זיך ביים אייזערנעם טויער. באַזונדערס האָט מיך געפּלאָגט די בענקשאַפט צו מיין משפחה און כ׳האָב געזוכט עפּעס אַ קאָנטאַקט צו דערוויסן זיך עפּעס וועגן זיי. געשמועסט האָט מען, אַז מען האָט שוין אַלע יידן פון ווילגאַ איבערגעזידלט קיין סאָבאָליעוו און די דייטשן זאָגן צו, אַז דאָרט וועלן זיי שוין בלייבן. אויך האָט מיך געמאַטערט דער געדאַנק וועגן דעם צעטל, וואָס רישעק און אפשר אויך מאַלציאַ — האָבן מיר צוגענומען.

ביים אייזערנעם טויער האָב איך טאַקע געטראָפן פיל גאַרוואָלינער קריסטן; צווישן זיי — סטודענטן: די בעניצקיס, קאָלאַסקי, אָכניעוויטש א״א. זיי האָבן אַלע געהערט צו א.ק. זיי האָבן מיך אַלע באַגעגנט העפלעך, אַפילו געפרייט זיך מיט מיר און אָן מורא מיך פאַרבעטן אין נעבנדיקן רעסטאָראַן. כ׳האָב אויפן אָרט געמוזט עסן מיט זיי מיטאָג.

ביים אייזערנעם טויער האָט געהאַנדלט מיט אַלטע זאַכן דער גאַרוואָלינער זיגמונט גאָנסאָווסקי. פאַר דער קריג איז ער געווען יורידישער ראַטגעבער פון דער „באַנק ראָלניטשי״ (אַגראַר־באַנק) אין וואַרשע. ער האָט מיר פּראָפּאָנירט, כ׳זאָל אים העלפן האַנדלען און כ׳האָב טאַקע פאַרדינט ביי אים צוויי זלאָטעס טעגלעך. אין די אָוונטן פלעג איך צוריקפאָרן קיין גראָכאָוו.

איין מאָל האָט מיך באַגעגנט יאַן פּאַווּלישעווסקי און דערציילט מיר, אַז די קינדער פון יאַנקאַ מיכאַלעק האָבן דערציילט, אַז געשטאַפּאָ האָט מיך פאַרהאַלטן, און זיי האָבן געבעטן קופּאָנען, כדי צו קאָנען מיך אויסקויפן. ער אַליין, פּאַווּלישעווסקי, האָט זיי אויך געגעבן 2 קופּאָנען.

כ׳האָב אים, נאַטירלעך, געבעטן, ער זאָל זיי מער נישט געבן און אויך מודיע זיין די אַנדערע, אַז זיי זאָלן נישט געבן.

אין גאַרוואָלין האָבן זיך גלייך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די טאָכטער פון הערשל ראָזענבערג געפינט זיך אין וואַרשע און האַנדלט ביים אייזערנעם טויער. ס׳האָט מיך אַפילו געהאַט געטראָפן אַ גאַרוואָלינער פּאָליציאַנט. ווי כ׳האָב זיך שפּעטער דערוווסט, האָט דער קריסט, וואָס האָט אויסבאַהאַלטן מאיר הערצן און זיין גרופּע, אויך זיי דערציילט, אַז מען טרעפט מיך האַנדלען ביים אייזערנעם טויער.

נאָכן אומקערן זיך פון דער מיכאַלעקס קינדער פון גאַר־וואָלין אָן קופּאָנען, האָבן זיי אָנגעהויבן טראַכטן מיך אומצו־ברענגען. אָבער די מוטער זייערע, די אידעלע יאַנקאַ, האָט צו דעם נישט דערלאָזט. דאָס האָב איך זיך דערוווסט פון עם קליינעם, האַללעס זון, וועלכער האָט זיך צוגעבונדן צו מיר אַ דאַנק מיין מענטשלעכער באַציונג צו אים. ער פלעגט מיר



מיין פאמיליע
אין גאַרוואָלין

אַלץ דערציילן. כ׳האָב גלייך געוואָלט אַנטלויפן, נאָר מיין ברודער, אברהם, האָט מיר אין חלום געזאָגט:

— לויף נישט! זיי וועלן דיר גאָרנישט טאָן...

נישט געקוקט דערויף, האָב איך פּאַמעלעך אָנגעהויבן זוכן אַ צווייט אָרט. כ׳האָב זיך געוואָנדן צו לענאַרטשיקן, ער זאָל מיר געבן אַ טייל פונעם געלט וואָס מיין פאָטער האָט אים אָפּגעגעבן צום באַהאַלטן, ווייל כ׳וויל מיר אויסזוכן אַ נייע וווין־אָרט. ער פלעגט מיר פון צייט צו צייט געבן עפּעס געלט.

לענאַרטשיק פלעגט אָפט פאָרן צו מיינע עלטערן קיין ווילגאַ און שפּעטער קיין סאָבאָליעוו. איין מאָל האָט ער מיר דערציילט, אַז מיין פאָטער איז קראַנק אויף טיפוס. מיינע עלטערן האָבן מיר דורך אים געשיקט א בריוו, אז איך זאָל זיי שיקן ציטרינען, צוקער א״א שפּייז־אַרטיקלען. זיי האָבן אויך געשריבן אַז ביי זיי וווינען דוד ברייטשטיין, רבקה וואַמפּאַן, מיט איר טאָכטער צפורה און מאַן, וועלכער איז אויך קראַנק אויף טיפוס. כ׳האָב זיך אָפּגעשמועסט מיט לענאַרטשיקן אים צו ברענגען די פּראָדוקטן מיט אַ בריוו, זונטיק 3 אַזייגער בייטאָג, — און מאָנטיק פרי וועט ער פאָרן מיט דעם צו מיינע עלטערן.

זונטיק דריי אַזייגער בין איך געקומען אויפן אָפּגערעדטן אָרט: מאַרשאַלקאָווסקע ראָג קאָשיקאָווע, אָדער קרוטשע, כ׳געדענק שוין נישט גענוי. כ׳האָב אים אַוועקגעגעבן דאָס פּעקל מיטן בריוו און געבעטן ער זאָל מיר ברענגען תשובה און ווען ער וועט צוריקקומען מיט ענטפער — זאָל ער מיר אויך געבן עפּעס געלט.

לענאַרטשיק האָט מיר אויך דערציילט, אַז פרייטיק האָט מיך געזוכט ביי אים מיין קוזין אברהם ראָזענבערג (היינט אין אַמעריקע), נאָר ער, לענאַרטשיק, האָט נישט געוווּסט מיין אַדרעס. אַזוי, טראָץ דעם וואָס כ׳בין געווען מיט אים אין קאָנטאַקט, האָב איך אים מיין אַדרעס נישט געגעבן. מיין האַרץ איז מיר קיינמאָל נישט געווען רויִק. די מורא האָט מיך שטענדיק פאַרפאָלגט.

שטייענדיק אַזוי מיט אים, האָט זיך מיין בליק פאַרהאַלטן אויפן אַנטקעגנדיקן הויז און ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אָנגעלענט אויפן וואַנט שטייט לענאַרטשיקס שוואָגער קורפּיעווסקי אין זיין ברוינעם מאַנטל און ברוינעם שקאָפּיך (היטל) אויפן קאָפּ און לעבן אים — אַ דייטשער אָפיציר און ביידע אָבסערווירן מיך.

ס׳איז מיר דורך אַ געדאַנק: אפשר האָט מיך לענאַרטשיק אויסגעגעבן? כ׳האָב אָבער אַליין זיך נישט געקענט גלויבן אַז דאָס זאָל האָבן פּאַסירט. דאַקעגן האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט די מחשבה, אַז לענאַרטשיק וויל פון מיר פּטור ווערן, כדי צו בלייבן ביים גאַנצן פאַרמעגן וואָס מיין פאָטער האָט אים אָנפאַרטרויט.

כ׳האָב זיך געזעגנט מיט לענאַרטשיקן און מיט אַן אומרויִק האַרץ בין איך אַריין אין טראַמוויי, וואָס גייט צו דער לעשנע־אָקאָפּאָווע. כ׳האָב געוואָלט צופאָרן צו פרוי קאָזלאָווסקי, וועלכע האָט געהאַט צוגעזאָגט צו העלפן מיר שאַפן אַ דירה. אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, שוין אין טראַמוויי, האָב איך דערזען דעם זעלבן געשטאַפּאָוויעץ, וואָס איז פריער געשטאַנען מיט קורפּיעווסקין. מיין אומרו איז געשטיגן פון מינוט צו מינוט. כ׳האָב זיך געזען אין אַ פּאַסטקע. ביים הויפּטוואָקזאַל, אויף כמיעלנע, בין איך אַרויס פון טראַמוויי אויסמישנדיק זיך מיט דער מאַסע, וואָס פלעגט דאָרט געוויינטלעך זיין גרויס, באַזונדערס אין די זונטיקס. און דאָ האָב איך פּלוצים דערפילט אַ פעסטן קלאַפּ אין אָרעם. אויסדרייענדיק דעם קאָפּ איז געשטאַנען פאַר מיר דער געשטאַפּאָוויעץ — אַ הויכער, דיקער, בלאָנדער באַנדיט, מיט גאָלדענע בינאָקלען אויף די טרייפענע אויגן.

— דו ביסט אַ יודין פון גאַרוואָלין! דיין נאָמען איז ראָזענבערג. דיינע עלטערן געפינען זיך אין סאָבאָליעוו...

מיט געמאַכטער גלייכגילט האָב איך אַרויסגענומען מיין קענקאַרטע און זי אים דערלאַנגט.

— אַלעס איז פאַלש! - האָט ער אַ ריטשע געטאָן.

דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט ביז צום פּלאַצן. דער קאָפּ האָט מער נישט געטראַכט — גאָרנישט. כ׳בין געבליבן פאַרגליווערט ווי אַ צוזאַמענגעפּרעסטער שטיין. כ׳האָב אַ שווערן זיפץ געטאָן און, נישט ווילנדיק, אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן האַרץ (כ׳האָב דאָרט געטראָגן אַ בילד פון מיינע עלטערן).

באַמערקנדיק דאָס, האָט דער באַנדיט מיך אַריינגעשלעפּט אין אַ טויער און אָנגעהויבן מיך באַזוכן, באַטאַפּט דעם קאָלנער פון מאַנטל, אין וועלכן כ׳האָב צופעליק געהאַט איינגענייט אַ פּאָר דאָלאַר, אָבער ער האָט גאָרנישט געפינען. ער איז געווען שיכור און ס׳האָט זיך געטראָגן פון אים אַ ריח פון אַ גאָזשעלניע — דאָס האָבן זיי, לענאַרטשיק און קורפּיעווסקי אים געהאַט גוט אָנגעשיכורט. ער איז געווען שטאַרק אויפגערעגט ווייזט אויס אויך אויף לענאַרטשיקן.

ער האָט מיך געפרעגט פון וואַנען מיר קענען זיך און צי ער האָט אונדזער געלט?

דאָס הערנדיק, האָט מיין קאָפּ אָנגעהויבן אַרבעטן שנעל:

— דו ווייסט — האָב איך געזאָגט — ביי דעם לענאַרטשיקן האָבן מיר אַזוי פיל געלט, אַז דו וואָלסט געקאָנט דיר קויפן עטלעכע הייזער אין וואַרשע...

כ׳האָב געטראַכט, אַז כ׳וועל ווענדן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פונעם דייטשן באַנדיט אויף לענאַרטשיקן. די דייטשן האָבן טאַקע אומגעברענגט יידן, זיי האָבן אָבער געוואָלט אויך דאָס יידישע פאַרמעגן. זיי האָבן די פּאָליאַקן וואָס האָבן געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט יידן אויך נישט געשוינט.

— קאָם מיט מיר צו דיזען פּאָלע, — האָב איך אים געזאָגט — וועט ער דיר אַלץ מוזן אָפּגעבן.

דער דייטש האָט זיך געלאָזט צורעדן און דאָס האָט דערפירט צו מיין רעטונג.

געוווינט האָט לענאַרטשיק אויף פּיוסאַ 11. אין דרייעק: פּיוסאַ־קאָשיקאָווע און, דאַכט זיך, ווידאָק. די פּיוסאַ איז געווען שוואַך באַלויכטן און ביים נר. 11 איז די ליכט געווען אינגאַנצן טונקל און געווען דאָרט ווינציק דורכגייער. די דייטשן פלעגן בכלל זיך נישט ווייזן אויף טונקעלע גאַסן. אויפן וועג פון כמיעלנאַ ביז פּיוסאַ, דורך מאַרשאַלקאָווסקע, האָב איך געטראַכט וועגן אַנטלויפן אין אַ הויף אַריין. אָבער די דייטשן פלעגן אַרומשטעלן די פאַרדעכטיקטע הייף און דורכפירן רעוויזיעס... קיין טאַבלעטן אויף צו מאַכן אַ סוף מיט זיך האָב איך נישט געהאַט, איז מיר פאַרבליבן צו וואַרטן אויף דער קויל פונעם באַנדיט.

צוקומענדיק צום הויף פּיוסאַ 11, האָט דער דייטש מיך אַרויפגעשיקט צו לענאַרטשיקן איך זאָל אים אַראָפּברענגען דאָס געלט. ווען די טיר האָט זיך געעפנט האָט מיך אַזש אַ בלענד געטאָן אַ ליכט וואָס האָט געשפּאַרט פון אינעווייניק. כ׳האָב געהאַט דעם איינדרוק אַז דאָס לאָזט מען זיך ווויִלגיין צו דער געלעגנהייט וואָס זיי האָבן מיך געפּטר׳ט און קאָנען

געניסן פונעם רייכטום, וואָס מיין פּאָטער האָט זיי געלאָזט, אָן שטערונג.

כ׳האָב זיי גלייך דערציילט, אַז דער געשטאַפּאָ־אָפיציר פֿאָדערט פון מיר דאָלאַרן אָדער גאָלד בכדי מיך צו באַפרייען. וויינענדיק אַזוי, איז צו מיר צו לענאַרטשיקס שוויגער און מיך אַרויסגעוואָרפן פון שטוב. כ׳האָב אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שניי־שיך, עס זאָל מיר זיין לייכטער און לײדער געמוזט צוריק אַראָפּגיין צום באַנדיט.

אַראָפּקומענדיק, האָב איך אים דערציילט, אַז לענאַרטשיק האָט געזאָגט, אַז אַ דייטש דאַרף נישט קיין געלט. כ׳האָב אַזוי־אַרום געוואָלט אים אויפרייצן קעגן לענאַרטשיקן. כ׳האָב זיך דערנענטערט און אָנגעהויבן אים בעטן, ער זאָל מיך לאָזן לעבן. האַלטנדיק דעם רעוואָלווער אין האַנט, האָט ער מיט דער צווייטער האַנט מיר אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש, אַז דער היט איז מיר גלייך אַראָפּ פון קאָפּ. ער האָט מיך אַריינגעשטופּט טיף אין הויף און אַליין איז ער געלאָפן צום טויער זוכן אַ פאַרבייגייענדיקן דייטש, וואָס זאָל מיך היטן ביז ער וועט צוריקקומען מיט לענאַרטשיקן. ער האָט געוואָלט שיסן ביידע האָזן: מיך אומברענגען און לענאַרטשיקן צונעמען דאָס געלט און — מעגלעך — אויך אים שיסן. זיין אויפרעגונג אויף לענאַרטשיקן האָט זיך זיכער גענומען פון דעם, וואָס ער האָט פאַר אים אויסבאַהאַלטן דעם פּאַקט, פון האָבן אונדזער געלט.

נישט געפינענדיק קיין שומר וואָס זאָל מיך היטן, האָט ער אויסגעשטרעקט דעם רעוואָלווער מיך צו שיסן. כ׳האָב אַ כאַפּ געטאָן אים פאַר דער האַנט זאָגנדיק:

— הער אָפיצער, זי זענען דאָך דאָס איך ניכט ליגע, דאָס איך ניכט וועקלאָופע — (כ׳זאָג נישט קיין ליגן און כ׳אַנטלויף נישט) — זי האָבן דאָך מיינע קענקאַרטע. ערלאָובען זי מיר הינאייִנגיין אין צווייטן האָף — דאָרט וואָנט דער ברודער פאָן לענאַרטשיק. ביי אים האָבען וויר נאָך מער געלט, ניכט נור וויר, זאָנדערן אויך פילע אַנדערע יודען. ער ווירד מיר זיכער געבן, ער איזט בעסער אונד רייכער אַלס זיין ברודער...

מיט מיין קענקאַרטע אין האַנט, האָט דער דייטש מיר געזאָגט:

— „זאָ, אַנע דעם" — ער האָט געפּאַכעט מיט דער קענקאַרט — „קאָנסטו קיינען שריט מאַכן". ער האָט מיר געגעבן 15 מינוט צייט איך זאָל קומען גלייך מיטן געלט. ער האָט מיך געהייסן אים זאָגן, ער זאָל רופן זיין ברודער, ווייל, — האָט געזאָגט דער באַנדיט, — „איך קאַן פאַן דיזן האָף ניכט וועקגעהן. איך ווערדע אים שאָן אַאוסלערנען"...

— יאַוואָל! — האָב איך געזאָגט, — איך ביטע זי אַאוך דאָס נאָך מיינען טאָדט ביי אים אַלעס אַבצונעמען".

— „געהע שנעל אונד קאָם גלייך צוריק" — האָט דער באַנדיט מיר באַפוילן און אַליין זיך אַוועקגעשטעלט ביי די טרעפּ וואָס פירן אַרויף צו לענאַרטשיקן, וואַרטנדיק אויף מיין צוריקקומען.

אַרויס פון טויער בין איך פּאַמעלעך, ער זאָל נישט האָבן קיין פאַרדאַכט, אַז איך אַנטלויף. ווי נאָר כ׳בין אַרויס פון הויף, קאָן איך זיך ביז היינט נישט קלאָר מאַכן ווי שנעל, און ווי אַזוי כ׳האָב זיך גלייך געפונען אויף אַ צווייטער גאַס, מיט אַ טראַמוויי־פּאַרקער.

כ׳בין אַריין אין טראַמוויי. כ׳האָב געזוכט געלט אויף אַ טראַמוויי־בילעט און נישט געקאָנט געפינען. דער קאָנדוקטאָר, זעענדיק דאָס, האָט פאַרשטאַנען מיין מצב און מיר געראָטן אַראָפּצוגיין ביים ערשטן אָפּשטעל, ווייל מען קען מיך דער־קענען. בדרך כלל פלעגן די טראַמוויי־אַרבעטער קיין ייִד נישט אויסגעבן. כ׳האָב אַזוי געטאָן. כ׳בין אַראָפּ פון טראַמוויי און געגאַנגען איבער די וואַרשעווער גאַסן, נישט פילנדיק אַפילו אַז מיין פּנים, דער האַלדז און די הענט זענען מיר אינגאַנצן צעריסן (כ׳האָב זיך זיכער אַזוי צעקראַצט פון נערוון).

מיט האַרץ־קלאַפּעניש, מורא־האָבנדיק אויסצודרייען דעם קאָפּ, ווייל כ׳האָב אַלץ געהאַט דאָס געפיל, אַז מען יאָגט מיך נאָך, בין איך אָנגעקומען אויף וואָליע, געגאַנגען בין איך צום מילנער גאַלאַשעווסקי׳ס אַ שוועגערין, אַ פאַרקויפערין אין אַ צוקערניע אויף אַלעע־יעראָזאָלימסקע. כ׳האָב אָנגעקלונגען אין טויער, דעם „דאָזאָרצע" האָב איך געזאָגט, אַז כ׳גיי צו מיין קוזינע, צו סטעפאַניאַ. ביי סטעפאַניאַ האָב איך געטראָפן די גאַנצע משפחה גאַלאַשעווסקי, זיי זענען גראָד געהאַט אָנגעקומען פון גאַנטשיץ. זעענדיק מיין מצב, איז זיי אַלע פינצטער געוואָרן אין די אויגן.

סטעפאַ האָט מיך אַריינגעפירט אין באָד־צימער, געהאָלפן מיר אָרומוואַשן זיך, געגעבן מיר אָנצוטאָן אַנדערע קליידער. קיינער איז שוין יענע נאַכט נישט געשלאָפן — אַלע האָבן איבערגעלעבט גרויס שרעק. יעדער פאַר זיך, האָט געטראַכט, אַז מ׳האָט מיר אוודאי נאַכשפּיאָנירט און אַ ליאַדע מינוט וועט קומען געשטאַפּאָ מיך צונעמען.

אין דער פרי, נאָך דער פּאָליציי־שעה, זענען אַלע פון שרעק אַרויס פון שטוב, איבערלאָזנדיק מיך אַליין אין דער וווינונג. גאַלאַשעווסקי האָט צוגעזאָגט צו גיין ספּעציעל צו לענאַרטשיקן זיך עפּעס דערוויסן וועגן מיר. גאַלאַשעווסקי איז געווען אַ גרויסער קונה פון דאָלאַרן, גאָלד און שטאָפן און לענאַרטשיק — זיין צושטעלער.

בלייבנדיק אַליין אין דער וווינונג, האָב איך מורא געהאַט אַפילו צוצוגיין צום פענצטער. ס׳האָט זיך מיר כסדר אויסגע־דאַכט, אַז מען זוכט מיך. פאַרנאַכט איז סטעפאַ אַהיימגעקומען. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט מורא געהאַט אַהיימצוקומען; זי האָט פריער זיך דערוווסט ביים דאָזאָרצע צי ס׳האָט אין הויז עפּעס נישט פּאַסירט...

שפּעטער איז געקומען גאַלאַשעווסקי. ער האָט שוין זיך געהאַט דערוווסט, אַז לענאַרטשיק איז פאַרהאַלטן, מ׳האָט ביי אים דורכגעפירט אַ רעוויזיע, און אַז דער געשטאַפּאָוויעץ האָט געוואַרט אויף מיר אַ גאַנצע נאַכט:

— איך האַבע דאָך איר קענקאַרט, — האָט ער געטענהט, — זי מוזט דאָך ווידער קאָמען, — זי קאַן זיך דאָך נישט פריי באַוועגן...

כ׳האָב זיך נאָך אַזוי אַרומגעוואַלגערט אייניקע וואָכן, כ׳האָב געזוכט אַ קאָנטאַקט מיט וועמען וואָס זאָל מיר העלפן אינעם דערווערבן אַ נייע קענקאַרטע. כ׳האָב דורכאויס גע־וואָלט צוריקפאָרן קיין סאַבאַליעוו צו מיינע עלטערן. נאָך דעם שווערן דורכפאַל, האָב איך געוואָלט וואָס שנעלער פאַרלאָזן וואַרשע, אָבער אָן אַ קענקאַרטע? אויך מיט איר האָט געדראָט דער טויט, אָבער אָן דעם איז געווען פיל ערגער.

זייענדיק נאָך אין קאָנטאַקט מיט יאַנקאַ מיכאַלעק, בין איך געפאָרן זיך באַראָטן מיט איר. זי האָט מיר פאָרגעלייגט כ׳זאָל פאָרן קיין וואַוער צום געוועזענעם גאַרוואָלינער פּאָסט־טרעגער וואָלאָדאַרטשיק. איר רעשעק, מיין יוגנטפריינט, איז געווען פאַרהייראַט צו זיין טאָכטער, דאָרט וועל איך זיך קאָנען אויפ־האַלטן אַ שטיקל צייט.

קומענדיק קיין וואַרשע, האָט וואָלאַדאַרטשיק מיך רעקאָמענדירט צו אַ צווייטער פאַמיליע, וועלכע האָט מיך אויפגענומען — פאָרגעשטעלט האַב איך זיך אַלס רענקאַווקווונאַ פון גאַרוואָלין.

ביי נאַכט, פאַרן שלאָף האָב איך נאָך געהאַט שטאַרקע קאָפּשמערצן און, ווייזט אויס, אַז אין שלאָף האָב איך זיך באַקלאָגט פאַר מיין גאָטזעליקער מוטער, אַז דער קאָפּ טוט מיר שטאַרק וויי. ווען כ׳האָט זיך איבערגעוועקט האָב איך דערזען ווי די קריסטין שטייט ביי מיין בעט און אָבסערוירט מיך.

— דו ווייסט, — האָט זי מיר געזאָגט, — האָסט גערעדט אַ פרעמדע שפּראַך. איך מיין אַז דו ביסט נישט קיין קריסטין...

כ׳האָב נישט געוואָלט דיסקוטירן. כ׳האָב איר גאָרנישט נישט געענטפערט. אין איניקע שעה אַרום, ביי דער ערשטער געלעגנהייט, האָב איך גענומען מיין אָרעם רענצל און אַוועק צום עלעקטרישן צוג, צו פאָרן צוריק קיין וואַרשע.

אין צוג האָב איך געוואָרפן אַן אויג אויף אַ בראָנעטן מאַן פון אַ יאָר 35. ער האָט געטראָגן אַ פולע טעקע „שניעגאָווצעס״ און נאָך עטלעכע פּאָר אין די הענט. זיין צעקנייטשטער קאַפּעליוש, דער אָפּגעטראָגענער מאַנטל מיטן קאַראַקולענעם קאָלנער — אויפגעשטעלט, האָבן אַרויסגערופן מיין צוטרוי. ס׳איז מיר דורך אַ געדאַנק, אַז ס׳איז כדאי דעם מענטש נאָכצוגיין. אַראָפּגייענדיק פון צוג האָב איך זיך באַמיט צו גיין נאָענט פון אים. כ׳האָב אים אָפּגעשטעלט, זיך אַנטשולדיקט פאַר דער העזה און געפרעגט צי ער וויל מיך אויסהערן. ער איז אַריין מיט מיר אין אַ קאַפּע ביים מזרח־וואָקזאַל („דוואָזשעץ ווסכאָדני״), באַשטעלט צוויי טיי און מיר האָבן זיך דורכגערעדט. כ׳האָב אים גלייך געזאָגט:

— דו זעסט אויס נישט שטאַרק רייך און נישט צו גליקלעך... אפשר געהערסטו אויך צום פאַרפאָלגטן פאָלק?

ער האָט מיך גוט פאַרשטאַנען. געווען איז ער אַ יידישער רעזשיסער, וואָס האָט געוווינט מיט אַ קריסטין, אַ סטודענטין, זיינס אַ שול־חברטע. ער האָט געפירט אַ וואַרשטאַט צו פאַרריכטן גומענע זאַכן: שטיוול, שניעגאָווצעס״, קאַלאָשן. ער האָט מיך אויפן גאַס שוין נישט איבערגעלאָזט. ער האָט געהערט צו דער אונטערערד. אויפן סמך פון דער מעטריקע וואָס איז מיר פאַרבליבן פון אָסלאָ, האָט ער זיך קודם־כל באַמיט דורך דער אונטערערד צו מאַכן מיר אַ קענקאַרטע, וועלכע כ׳האָב אין געציילטע טעג אַרויסבאַקומען פון מאַגיסטראַט אויף ווילענסקי־גאַס אין פּראַגע א״ב אַפּאָלאָניאַ קאָוואַלסקאַ־זאַרעמבאַ. געשלאָפן בין איך ביי אים אין ווערקשטעל אויף צוויי שטולן. ביינאַכט האָט זיך מיר געחלומט ווי מיין פאָטער שטייט און וויינט, זאָגנדיק:

— האָב נישט מורא. מיך האָט מען געשאָסן פאַר דיר — אָנווייזנדיק מיטן פינגער אויף זיין דורכגעשאָסענער שלייף.

מיט די נייע דאָקומענטן אין טאַש, האָב איך צוריק אָנגעהויבן גיין צום אייזערנעם טויער. כ׳האָב זיך געטראָפן מיט גאַרוואָלינער קריסטין. כ׳בין שוין געווען אָן געלט, האָב איך באַפוילן צו יוזעף קאָזלאָווסקי ער זאָל מיר שיקן אַ קופּאָן דורך פּאַוולישעווסקין. פּאַווּלישעווסקי האָט שטענדיק געוווּסט מיין אַדרעס. ווען כ׳האָב געוווינט ביים באַנק־באַאַמטן יאַקובאָווסקי און געאַרבעט אין דער פּאַפּיראָסן־פאַבריק אויף קאַליסקאַ־גאַס, האָט מיר פרוי יאַקובאָווסקי דערציילט, אַז מיין פעטער פּאַווּלישעווסקי האָט מיך געזוכט און איבערגעלאָזט פאַר מיר 100 זלאָטעס. זי האָט זיך אַפילו געפרייט, זאָגנדיק, אַז זי האָט גלייך דערקענט אין אים מיין פעטער, ווייל ער איז אינגאַנצן ענלעך צו מיר. פון דאַנען מיין פולער צעטרוי צו פּאַווּלישעווסקין.

יעדער איבערגעלעבטער טאָג איז פול געווען מיט יסורים און פּחד. געווען צייטן, ווען כ׳פלעג פאַסטן יעדן מאָנטיק און אָפט, נאָך אַזאַ תענית, זיך פילן נישט גוט. איך פלעג זיך ווענדן צו ד״ר קעניג (גאַרוואָלינער געדענקען אַוודאַי דעם דיקן חזיר־סוחר קעניג — ער האָט געשטאַמט פון דייטשן. זיין זון, דער דאָקטאָר, האָט געוווינט אין וואַרשע אויף ווידאָק). ער פלעגט זיין מיין דאָקטאָר און מיין עצה־געבער. געוווינט האָב איך נאָך דעמאָלט ביים באַנק־באַאַמטן יאַקובאָווסקי און צוליב מיין טבע צו רעדן פון שלאָף און דווקא יידיש, האָב איך זיך שוין געשעמט און געמוזט פון דאָרט אַוועק, הגם כ׳בין נישט זיכער געווען צי די קריסטין האָט מיך געהערט רעדן (ער, יאַקובאָווסקי, איז געווען אַ טויבער). כ׳האָב ווידער אָנגעהויבן זוכן אַ פריש ווינאָרט. כ׳פלעג אָפט קומען צו מיין שול־חברטע מאַלציאַ, וועלכע האָט געוווינט מיט אירע צוויי קינדער און דייטשן געליבטן אין אַ צימער פון 10 קוואַדראַטמעטער. כ׳פלעג אויך קומען אויף כמיעלנע 3 צו די גאָלאַשעווסקיס, ד״ה צו זיינע 2 טעכטער. די מיידלעך פלעגן נישט מורא האָבן און גיין מיט מיר שפּאַצירן.

אויף איינעם אַזאַ שפּאַציר האָט אונדז באַגעגנט אַ פאָרייסאָווער שייגעץ, זאַיאָנץ. ער איז געווען פון דער אונטערערד און זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַרשע. ער איז געווען אַ גרויסער יידנפיינט און פּיקעטניק פון יידישע געשעפטן נאָך פון דער סאַנאַציע־צייט. כ׳האָב זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט אַלס רענקאַוויטשוונאַ, ווייל ער האָט געזאָגט, אַז ער קען מיך פון גאַרוואָלין. ער האָט, נאַטירלעך, נישט געדענקט גענוי. דער שייגעץ האָט אויף מיר געוואָרפן אַן אויג... איין מאָל אויף אַ שפּאַציר, בעת מיר זענען געווען אַליין, האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן:

— האַלינאַ, כ׳האָב פיל נאָכגעטראַכט און געקומען צום אויספיר, אַז דו ביסט צו קלוג, דו מוזסט זיין אַ יידישע... רעכן מיר אויס ווער פון די מיידלעך און יינגלעך האָבן געלערנט אין גאַרוואָלינער גימנאַזיע און ווער — אין וואַרשע...

כ׳האָב זיך הויך צעלאַכט און געזאָגט אים אַז ער דאַרף זיך היילן אויפן קאָפּ. כ׳האָב געקענט די גאַנצע יוגנט נישט ווינציקער פון אים. ער האָט מיך אויך געפרעגט אויפן אַפּטייקער פּאַווליק. סוף כל סוף האָט ער זיך „איבערצייגט״, אַז כ׳בין אַ רענקאַוועק. אַ צווייט מאָל האָט ער מיר פאָרגעלייגט צו פאָרן קיין וואָרקע צו זיין ברודער דעם גלח... אָבער כ׳האָב וועגן דעם נישט געטראַכט, — כ׳האָב פאַר אים פשוט מורא געהאַט.

אין אַ בריוו האָט מיר מיין ברודער מודיע געווען אַז מיין פאָטער פילט זיך בעסער, און ער און די גאַנצע משפּחה וויל מיך זען. מיר אַליין זענען שוין אויך נמאס געוואָרן די אַלע „גליקן״ און „נסים״ פון וואַרשע. כ׳האָב געפילט אַז איך ברעך זיך ממש איין — נערוועזיש, מאָראַליש און פיזיש.

אַזוי בין איך אין איינעם אַ זונטיק, אין אַ געמיש פון שרעק, האַרץ־קלאַפּעניש און פרייד אָנגעקומען קיין סאָבאָליעוו. אַ קליינינקייט, באַלד וועל איך דאָך זען די אייגענע. אויסשטייגנדיק פון באַן, האָט זיך געמערקט אַ באַזונדערע שטילקייט; כ׳האָב אָפּגעשטעלט אַ קריסטין און מיט געקינצלטער איראָניע געפרעגט:

— ווו זענען עפּעס די יידן, — ס׳פלעגט דאָך מיט זיי דאָ פול זיין?

— פרעג נישט, — האָט די קריסטין מיר געענטפערט, — ביסט אַוודאי נישט קיין היגע. מ׳האָט זיי נעכטן אַלע אַוועקגעפירט אומצוברענגען.

דער געטאָ האָט אויסגעזען ווין אַ בית־עולם: די שויבן אויסגעהאַקט, די שטובן ליידיק, כ׳וועל דאָס בילד קיינמאָל נישט פאַרגעסן. אַ וועלט פון חורבן און ברוך. כ׳האָב קיין איין גאַנצע זאַך נישט געזען. כ׳בין שטיין געבליבן — אַ ברילע זאַלץ: נישט געלאַכט, נישט געוויינט — אַ גולם! אין נאַרמאַלע צייטן וואָלט מען מיך זיכער אָפּגעפירט אין אַ משוגעים־הויז. מיט שטאַרע אויגן האָב איך געקוקט אויפן אָרט, ווו כ׳האָב אַלץ און אַלע פאַרלוירן. מיין אייגן לעבן האָט פאַר מיר שוין מער קיין שום באַדייטונג נישט געהאַט.

קיין וואַרשע בין איך שוין מער נישט געפאָרן. כ׳האָב אָנגעהויבן וואַנדערן פון דאָרף צו דאָרף, כ׳האָב זיך געוואָלט אַריינבאַקומען אין אַ לאַגער, ווו עס זענען נאָך פאַראַן יידן.

מיט דער הילף פון וואַכאַוויטשעס יינגסטער טאָכטער, וועלכע האָט געוווינט מיט אַ ריקער ייד, האָב איך זיך אַריינבאַקומען אין אַ לאַגער און אַזוי שוין זיך אָפּגעמאַטערט אין די לאַגערן ביז דער באַפרייונג.

נאָך דער באַפרייונג בין איך געגאַנגען טאָג און נאַכט ווי אַ באַנומענע. אין פּילאַווע האָב איך אין מיטן נאַכט אָנגעקלאַפּט ביים סאָלטיס. ער האָט מיך איבערגענעכטיקט אויף אַ ביסל שטרוי. פאַרטאָג בין איך ווייטער געגאַנגען. אין גאַרוואָלין בין איך אַריין צו רענקאַוועק וואַנטילקאַ. דאָרט האָט מען מיר אויסגערעכנט ווער פון די גאַרוואָלינער יידן ס׳איז לעבנגעבליבן. פון מיין משפּחה, נאַטירלעך, קיינער נישט. כ׳בין צוגעגאַנגען צו אונדזער הויז, פון וועלכן ס׳איז געבליבן בלויז די שוועל. כ׳בין צוגעפאַלן צום באַדעקטן מיט שניי טרעפּל און יאָמערלעך געוויינט. אַזוי האָב איך אויך געטאָן ביי מיין פעטער יענקלס הויז, ווו ס׳האָט אויך געוווינט מיין פעטער אהרן. דער טרערן־קוואַל האָט זיך געעפנט ביי יעדער שוועל באַזונדער.

ליגנדיק אַזוי אויף איינע פון די שוועלן אַ צעבראָכענע, איז גראָד דורכגעגאַנגען דער קריסט וויידיגאַ. ער האָט מיך אַריינגעבעטן צו זיך און אָפּגערעדט מיך פון גיין ווייטער, אָבער, ווי שוין געזאָגט, האָט עס מיך געיאָגט און געפּלאָגט. נישט אָנטרעפנדיק קיינעם פון די גאַרוואָלינער יידן האָט עס מיך פאַרטראָגן קיין לאַסקעראָוו, סאַבאָליעוו, גאַנטשיץ. דאָרט, אין גאַנטשיץ, בין איך אַריין צום מילנער. ער האָט מיר צוגעזאָגט אָפּצוגעבן די 50 שטאָף־קופּאָנען, וואָס מיין פאָטער האָט ביי אים באַהאַלטן.

אין זשעלעכאָוו האָב איך זיך אויפגעהאַלטן ביי באָרוכאָוויטשן. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן שמעון פייגעזיכט (לעבט אין קאָסטאַ־ריקאָ). ער האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך. מיר זענען אַביסל געזעסן, מיר האָבן געהאַט פון וואָס צו רעדן. אַהיימקומענדיק צוריק צו באָרוכאָוויטשן, האָב איך באַמערקט אין מיין האַנט־קיישל אַ פּעקל. דאָס האָט מיר שמעון אַריינגעלייגט 10 טויזנט זלאָטעס.

קיין זשעלעכאָוו איז אָנגעקומען ר׳ שמואל לאַקסמאַן. ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז איך דאַרף פאָרן נאָר קיין גאַרוואָלין, אין מיין געבוירן־שטאָט. די קריסטן האָבן מיך דאָרט אַלע גוט אויפגענומען, אַפילו זיך געפרייט וואָס איך לעב. אָבער צוריקגעבן פון דעם אַלעם וואָס מיר האָבן ביי זיי איבערגעלאָזט, האָבן זיי, ליידער, נישט געוואָלט. אַלע האָבן געהאַט דעם זעלבן תירוץ: „פאַרברענט געוואָרן״. אַפילו דער מילנער, גאַלאַשעווסקי, האָט זיך אויך אַרויסגעדרייט פון צוריקגעבן.

דער ערשטער מיך אָפּצוזוכן איז געווען ד״ר שוויעזש. ווי יעדן ייד, קומענדיק פון אַזאַ וועג, האָט ער אויך מיר געגעבן מעדיציניש הילף און אַ בריוו צום פּראָפעסאָר אַרלאַווסקי פון „דזיעציאַנטקאַ יעזוס״ אין וואַרשע, ער זאָל ביי מיר נישט נעמען קיין געלט.

איינציקוויז האָבן מיר — איך און מיין מאַן, יהושע בן שמואל קאַרפּמאַן ווי ס׳איז זיך איינגעאָרדנט. אויך מיין מאַן איז צוריקגעקומען פון די לאַגערן אַ קראַנקער און צעבראָכענער. אין 1939 איז ער געווען מאָבליזירט אין דער פּוילישער אַרמיי. בעת דער דייטשער אינוואַזיע אויף פּוילן איז ער אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. נאָכן אומקערן זיך פון געפאַנגענען־לאַגער האָט מען אים גענומען קיין ווילגאַ און פון דאָרט אין אַנדערע לאַגערן.

אומקערנדיק זיך נאָך דער מלחמה, האָט ער אַפילו נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס. צוביסלעך איז ער געקומען צו זיך. ביז צום עולה־זיין האָבן מיר געוווינט אין וואַרשע.

דעם גדאַנק וועגן נקמה נעמען אין לענאַרטשיקן, האָט מיין מאַן זיך קעגנגעשטעלט. — זאָל ער פאַלן פון אַנדערע הענט, — האָט ער מיך שטענדיק באַרויִקט. ער האָט מורא געהאַט ער זאָל מיך נישט אומברענגען מיט דער הילף פון א. ק. וועלכע האָט נאָכן קריג אַפילו געמאָרדעט די לעצטע אָפּגעראַטעוועטע יידן.

דעם 24־טן נאָוועמבער 1966 איז, צו מיין גרויס אומגליק, מיין מאַן, יהושע בן שמואל געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק.

תנצבה.



יואל גאָטפריד (קראַזע) מיט זיין פרוי

יחיאל פישמן / תל-אביב

# מזכרונותי על העיירה

## צדקה וחסד

**רוב תושבי העיירה — אנשים תמימים ושומרי** דת היו. עוסקים בצרכי ציבור באמונה. טובי־לב ועוזרים לנזקקים. היו בה חברות לעזרת־חולים, הכנסת כלה, קופת גמ"ח. זכורני משהגיע החורף היו מחלקים למעוטי היכולת חמרי הסקה, כי זה היה מיצרך חיוני ביותר באקלים הקר של פולין.

בפרוס חג הפסח היו מחלקים צרכי החג לעניים במסגרת „קימחא דפסחא", מנהג ישראל מקדמת־דנא.

בני העיירה היו משכימים לקום בבוקר, כדי ללכת לבית־דכנסת לתפילה בציבור. מי מהם היה אומר מזמורי תהלים לפני־כן. אחרים היו פותחים ספר ולומדים בש"ס ובפוסקים. ביניהם נמנו: דיין העיר הרב ישעיהו טענענביום, ר' נחמן אנגליסטער, ר' אהרן פייגנבוים, ר' יעקב־שלום (מלמד), חתנו של פישל הערשעלעס, ר' יוסקה לייפער, ר' שמואל קארפמאן ועוד.

בזכרוני נחרתה דמותו של יהודי עממי ר' אברהם כאראווסקי ז"ל. עניו בהליכותיו, בעל־מלאכה שביגיע כפיו פירנס משפחתו ברוכת הילדים, בקושי. לזה היה בעל לב יהודי חם, חבר בכל חברות צדקה וחסד בעיר. חלק מזמנו, מדי יום ביומו, היה מקדיש לצרכי הרבים, ולעניינים סוציאליים.

יזכרו לטובה אלה מבני עירנו המכובדים שהיו סובבים בבתים, כדי לקבץ כסף לצרכי שבת, לאלה שמטה ידם, כלהרוויח לחמם. וזאת כדי שלא תישאר משפחה אחת בעיר שתצטרך לעשות שבתה חול. זכר כולם לברכה.

## צעירי־מזרחי ופעולתם

לייסד סניף של „צעירי־מזרחי" בעיירה קטנה בפולין, לא היה מן הדברים הקלים. רוב הנוער הדתי ובפרט חובשי בית־המדרש נמצאו תחת השפעתם של החוגים הקיצוניים ביהדות פולין. הם התנגדו לציונות, בטענה שהשקפה זו נוגדת האמונה במשיח. אלא שהזמן עשה את שלו. המצב הכלכלי והפוליטי של יהודי פולין הורע מיום ליום ורבים מבני הנוער היו צריכים למצוא פתרון לעתידם. אלה מבני־הנוער הדתי הצטרפו לצעירי מזרחי שסניפים לארגון זה קמו ברוב ערי פולין וגם בעיירתנו.

ראשית פעלנו בשטח התרבותי־חינוכי והחדרנו בנוער את הרעיון הציוני. עם זאת המשכנו לקבוע עתים לתורה כמקודם. חברים רבים יצאו להכשרה בקיבוצים של „החלוץ המזרחי". גם בגארוואלין הוקם קיבוץ־הכשרה בו השתתפו חברים מ„החלוץ־המזרחי" מעיירות פולין.

## זכרון לחברים שלי

החברים הקרובים והיקרים שנשמרו בזכרוני הם: הערשל לייפער, מאָטיל טענענבוים, שמואל טיקאצ'ינסקי, יעקב־מנשה זיינגער, משה יום־טוב, משה־הערש דעלעווקאָוויטש, אבא ויינבלוט, וואָלף־איטשע הירשפעלד, אחי לייבל פישמאַן, ייסף שליפקע ואחיו מאיר, משה ראָזנבערג, גיסי יהושע ואמפאַן, יששכר בלאַנק. זכרם יהא שמור לעד.

## מאָטיל טענענבוים, הי"ד

עם חברי היקר מאָטיל — בן המורה־הוראה ר' ישעיהו טענענבוים זצ"ל — למדתי בישיבה בשעדלעץ ואחר־כך בבית־המדרש בעיירתנו. בחור יפה היה. פיקח ומתמיד גדול, שידע ללמוד דף גמרא עם כל המפרשים, — ראשונים ואחרונים. מן היחידים שבעיירה שידע את הלשון העברית על בורייה. לזה היה לו כתב־יד ככתב־סופרים. את הכל למד מעצמו וצפוי היה לו עתיד מזהיר, אך ההצלחה לא האירה לו פנים. לבסוף הוא היגר לבלגיה.

אחותו, חנה הגרה בישראל, סיפרה לי, שבמשך שנים רבות היה מתכתב עמה ובכל מכתב הביע שאיפתו לעלות ארצה. בפרוץ המלחמה האחרונה וכניסת הנאצים לבלגיה היתה מקבלת ממנו מכתבים דרך „צלב האדום". אחר־כך נפסק עמו הקשר וכנראה, נספה בשואה. הי"ד.



מימין: יהושע ומפן, ז"ל; משה ורחל הירשפלד, יצחק אהרונסון; סלובקע (אז ומפן); יעקב קירשנבוים, הי"ד; יוסף ויינבלוט, שרה בלאנק, יששכר בלאנק, ז"ל.

# במחיצת חסידי גור

בית חסידי גור תפס מקום מרכזי בעיר בגלל הציבור הגדול שהתרכז בתוכו, וגם בגלל היותם קרובים לאגודת ישראל שמקום נכבד היה לה בכל שטחי החיים בעיר.

בית חסידי גור היה מקום תורה ואכסניה לכל אברכי ובחורי העיר שרצו לשבת ללמוד תורה, באווירה של תורה. ואכן אלה שלמדו שם היו מבין בחורי העיר של בתים שונים שהוריהם לא היו משתייכים דווקא לחסידי גור.

חסידי גור נמנו עם בעלי הבתים, הסוחרים, וגם מבעלי מלאכה וכן אנשים שעסקו בפרקמטיה שבקושי מצאו בה את לחמם. אולם כולם כאחד — אחרי יום עמל באו עם ערב ללמוד דף גמרא ביחד בחברה עם אנשי שלומינו. הם מצאו בכך נחמה ומנוחה מתלאות היום.

כמקובל בחסידות קיימת היתה גם כאן הזיקה של עזרה הדדית — בגמ"ח במסחר ובעצה טובה.

המסיבות שנערכו, בייחוד מסיבות „מלוה מלכה" השבו־עיות בכל מוצאי שבת עזרו הרבה והביאו להתקרבות יתר בין חסידי גור.

כדאי גם להזכיר ההכנות לנסיעה ל„רבי" לקראת ימים הנוראים. בלילה לפני ראש השנה אחרי אמירת סליחות „זכור־ברית" בשעה 12 יצאו 5—6 מניינים לשוק המרכזי. ושם עמדו כבר מוכנים עגלונים עם עגלותיהם, שהסיעו את החסידים עד הגדה של נהר „ויסלה" ומשם הגיעו במעבורת לעיר גור, מקום מגורו, של הרבי.

מרגע היציאה מעיר התחילו חיים משותפים. „קומונה" חסידית ממש שדאגה למגורים ולאכילה. לשם כך מונה על פי רוב אחראי לפעולה ר' יעקב רובין ז"ל. היו שוכרים דירה או כמה דירות עם מספר מספיק של מיטות, ואשר ברוב המקרים ישנו 2 או 3 במיטה אחת. היו אוכלים כולם ביחד ור' יעקב מחלק את האוכל, והצעירים היו הנהנים. כי לא הקפיד לתת ראש דג דווקא למכובד, אלא לפי התור, מה שהעלה המזלג. וכך קרה שבחור צעיר קבל ראש דג וחסיד מכובד ועשיר, קיבל מנה לא כל כך גדולה ומתאימה...

אחרי הסעודה היתה למסובים הזדמנות מיוחדת לשמוע דברי־תורה שנאמרו ע"י „השולחן" על ידי נציגה ר' שמואל־אלי ציטרין ז"ל שהיה לו מקום מיוחד על יד שולחן הרבי ושמע תורה מפיו. הוא שסיפר את מה ששמע בדייקנות, במוצאי החג. משהגיע זמן החשבון וצריך היה לשלם בעד הכול — התשלומים היו פרוגרסיביים. מי שהיה בעל־יכולת שילם יותר. ואלו שלא יכלו לשלם בכלל לא ביקשו מהם. מבלי שמישהו ידע על כך. וכן בקשר להוצאות הנסיעה.

יש לציין את העזרה הדדית והמסירות נפש ששררו אצל חסידי גור בין אדם לחברו. בייחוד ח"ו במקרה מחלה. הדאגה והשמירה על יד מיטת החולה לא פסקו כל הזמן.

ואסיים במאמר הרבי הזקן, ר' אברהם מרדכי זצ"ל שאמר על הפסוק „וייקץ יעקב משנתו" מפרש רש"י: ממשנתו. וסמוך לפסוק כתוב „ויאמר אכן, יש אלקים במקום הזה ואנוכי לא ידעתי", „שאם ידעתי לא ישנתי במקום קדוש כזה". אם כך אמר הרבי הרי צריך להיות הפירוש, שאילו ידעתי לא הייתי לומד במקום זה. אלא מכאן ראיה שיש פעולות אשר בזמן ובמקום ידוע, הן עולות גם על לימוד התורה. ולמרות שהעיקר של חסידות גור היה ללמוד תורה, מצאו זמן לפעולות אחרות שהביאו לידי התקרבות לבבות והתחברות ואהבת ישראל.

**מאיר־יחיאל רובין**



**האדמו"ר־הזקן ר' אברהם־מרדכי אלתר זצ"ל במארינבד** (במרכז), השלישי משמאל — **רבי מאיר הי"ד**

# איך זוך מיין פאַמיליע

**דעם 28־סטן סעפּטעמבער 1939, באַלד אינעם** ערשטן אָקופּאַציע־חודש, בין איך פון וואַרשע געקומען קיין גאַרוואָלין זוכן מיין משפּחה: די מוטער און די ברידער מיינע. אונזער פאָטער — זלמן פּיטקאָוויטש — האָט שוין דעמלט נישט געלעבט. ער איז געשטאָרבן פאַר דער מלחמה אין אָטוואָצק.

קומענדיק אין גאַרוואָלין בין איך אַוועק זוכן מיין פאַמיליע. אַבער אויפן אָרט ווו ס'האָט געוווינט מיין משפּחה האָב איך אָנגעטראָפן אַ באַרג פאַרברענטע שטיינער און ציגל, צווישן דעם גראָז האָב איך געפונען פאָרברענטע אייזנס — טיילן פון אונדזערע אייזערנע בעטן, טעפּ א״א שטוב־כלים. כמעט דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען פאַרברענט. כ'האָב זיך לאַנג אַרומגעדרייט צווישן די חורבות און קיינעם נישט באַגעגנט.

נאָך אַ לענגערער צייט האָב איך פּלוצעם דערזען משה ביעלאַס. כ'האָב זיך מיט אים דערפרייט. ער האָט מיך איינ־געלאַדן צו זיך אין שטוב. ער איז געווען פון די געציילטע אין שטעטל, וואָס זייערע שטיבער האָבן נישט אָפּגעברענט. ביי אים האָב איך געטראָפן נאָך גאַרוואָלינער. צווישן אַנדערע געדענק איך אשר לאַנגעט און נחום קופּערמאַן.

דאָרטן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיין משפּחה איז געט־ריבן געוואָרן, צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע יידן, קיין פּאָריסאָוו.

צומאָרגנס האָב איך מיט משה ביעלאַס נאָך אַ מאָל „עולה־רגל" געווען אויף די חורבות פון גאַרוואָלין. ביים שעכט־הויז האָבן מיר צווישן די חורבות געטראָפן ליגן הערש־לייב קלעז־מערס זון, משה; ער איז געווען כמעט באַוווסטלאָז. ער האָט געבעטן אַ טרונק און געהאַלטן אין איין שרייען, אַז ס'ברענט אים, ער וויל וואַסער. מיר זענען אַוועק ברענגען אים וואַסער. ווען מיר זענען צוריקגעקומען מיטן וואַסער, האָט ער שוין נישט געלעבט. אשר לאַנגעט און משה ביעלאַס האָבן זיך מתעסק געווען מיט זיין קבורה.

אינדערפרי בין איך אַוועק קיין פּאָריסאָוו אויסגעפונען מיין משפּחה. כ'האָב דאָרט געטראָפן מיין מוטער מיט אַ שוועסטער און דעם זיידן, שלמה כילמאַן, מיט דער באָבען. אין פּאָריסאָוו האָט געהערשט אַ שרעקלעכער הונגער. פון הונגער האָט דער זיידע זיך געביסן די נעגל פון די פינגער און אַזוי אויף מיינע אויגן אויסגעגאַנגען.

נאָך אַ וואָך צייט בין איך צוריק געפאָרן קיין וואַרשע. אַ ביסל שפּעטער איז אויך מיין מוטער און שוועסטער מיט דער באָבען געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען פון פּאָריסאָוו. זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן אין אָטוואָצק, ווו ס'האָט געוווינט מיין שוועסטער שרהלע כילמאַן, אַזוי האָט מען זי גערופן אין גאַרוואָלין. אין אָטוואָצק האָבן זיי געלעבט ביזן 25־סטן מערץ 1942, דעם טאָג ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווי־דאַציע (לייען: דער אומקום) פון אָטוואָצקער יודנטום און אומגעקומען צוזאַמען מיט זיי.

ביז סוף 1942 האָב איך געלעבט אין וואַרשעווער געטאָ. פון דאָרטן האָבן מיך די מערדער געשיקט קיין דייטשלאַנד אויף אַ פאַרם; ווו כ'האָב זייער שווער געאַרבעט. פון פאַרם בין איך געשיקט געוואָרן אינעם לאַגער בערגן־בעלזן און אין דעם לאַגער האָב איך זיך דערוואַרט אויפן סוף פון דער מלחמה.

מיין ברודער, אלי־מאיר, איז אַלס פּוילישער זעלנער גענומען געוואָרן אין דייטשן געפאַנגען־לאַגער. פון דאָרט איז ער מער נישט צוריקגעקומען. ער איז דאָרט אומגעקומען.

פון מיין גאַנצער משפּחה בין איך נאָר איינער פאַרבליבן. איצט וווין איך אין מאָנטרעאל — קאנאדע — מיט א פרוי און דריי אונדזערע קינדער.

**פאמיליע ראָטמאַן**



**די קדושים: יהושע-אשר, שיינדל־רחל, שרה־יענטע, (זייער טאָכטער מיט איר מאַן און פיר קינדער, און צווי יתומים פון א צוויי־טער טאָכטער — מרים קאָזשעראָוו) די קינדער: מיכל, פישל, ישראל, אשר.**

# פון מיין אייגענער איבערלעבונג

**ביים „גרויסן געלויף״, באַלד אין די ערשטע טעג**



פונעם מלחמה־אויסברוך, בין איך געלאָפן צוזאַמען מיט דוד פרידמאַן, לייזער פרידמאַן, יאָסל־דוד פרידמאַן און משה ניסנבוים. משה־דוד פרידמאַן האָט געקויפט אַ פערד און וואָגן און מיר זענען אַלע צוזאַמען אַוועק קיין סטאָצק. פון סטאָצק זענען מיר געלאָפן ווייטער ביז לוקאָוו. מיר האָבן געוואָלט לויפן נאָך ווייטער, אָבער שוין נישט באַוויזן. די באָמבאַרדירונג איז געווען זייער אַ שטאַרקע און ס׳האָט זיך אונדז נישט געגלוסט אומצוקומען אויפן וועג, האָבן מיר אָנגעהויבן צוריקצוגיין. מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן אין אַ שטעטל פאַר זשעלעכאָוו, אין וועלכן ס׳האָבן געלעבט ביי אַ 15 יידישע משפחות, ווו מיר האָבן איבערגענעכטיקט. אינדערפרי האָבן אונדז די דייטשע רוצחים פאַרנומען און פאַרשלעפּט קיין זשעלעכאָוו. דאָס איז געווען דריי טעג פאַר ראש־השנה. דעם ערשטן טאָג יום־טוב האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן די שול, אַריינגעוואָרפן אין די פלאַמען אַ ייד און נישט געלאָזט אים ראַטעווען. דער ייד איז פאַרברענט געוואָרן אַ לעבעדיקער מיט דער שול צוזאַמען.

צומאָרגנס, נאָך ראש־השנה, האָט מען אונדז, גאַרוואָלינער, צוזאַמען מיט אַלע זשעלעכאָווער יידן פאַרטריבן אויף אַ פּלאַץ, ווו עס האָבן זיך געפונען טויזנטער געפאַנגענע. פון דאָרט האָבן זיי אונדז געטריבן קיין סטאָצק. אויפן וועג זענען דערשאָסן געוואָרן צענדליקער יידן, ווייל זיי האָבן נישט געקענט אָנהאַלטן שפּאַן מיט זייערע אָנטרייבער — די דייטשע מערדער. איך מוז באַמערקן, אַז די גאַרוואָלינער גרופּע — די פעלדמאַנס און ניסנבוימס — מיט וועלכער כ׳בין אַנטלאָפן פון גאַרוואָלין, האָב איך מער נישט געזען. אַזוי ווייס איך נישט ביזן היינטיקן טאָג וואָס מיט זיי איז דעמאָלט געשען... אין סטאָצק האָט מען אונדז אַריינגעטריבן אין אַ „קאָשטשאָל״ אַריין. דער „קאָשטשאָל״ האָט געקאָנט אַריינגעמען העכסטנס דריי הונדערט מענטשן און זיי האָבן אונדז אַריינגעטריבן דריי טויזנט מאַן. דאָרטן האָבן מיר איבערגענעכטיקט. צומאָרגנס האָט מען אונדז געטריבן קיין שעדלעץ. — דאָס איז אַ וועג פון 40 קילאָמעטער. זקנים און פאַרמאַטערטע (מיר זענען אַלע געווען פאַרמאַטערט) האָט מען דערשאָסן אין וועג. ס׳איז נישט צו באַשרייבן דאָס שוידערלעכע בילד פון הונדערטער, הונדערטער הרוגים אויף די וועגן... פון שעדלעץ האָט מען אונדז געפירט קיין ווענגראָוו, ווו מיר זענען אָנגעקומען ערב יום־כיפור. דאָרטן האָט מען אונדז אַריינגעטריבן אין אַ שטרענג־באַוואַכטן לאַגער, הינטער שטעכיקע דראָטן. פון דעם לאַגער האָט איינעם בלויז זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן, צומאָרגנס נאָך יום־כיפור.

אין ווענגראָוו האָב איך געזען ווי די רוצחים האָבן אין מיטן מאַרק דערשאָסן דעם ווענגראָווער רבין. צוזעענדיק דאָס אַלץ האָב איך בלויז געגאַרט, אַז איך זאָל נאָך דערלעבן צו זען מיינע עלטערן.

נאָכן דאַזיקן 3־טאָגיקן טויטן־מאַרש בין איך צוריקגעקומען קיין פּאַריסאָוו, ווו כ׳האָב נאָך געטראָפן מיינע עלטערן. אַזוי זענען מיר שוין געווען צוזאַמען ביז דער ליקווידאַציע פון געטאָ. ווי אַזוי כ׳האָב שפּעטער זיך געראַטעוועט — האָב איך שוין אָנגעגעבן אינעם אַנפרעג־בויגן...

בעת דער באָמבאַרדירונג פון גאַרוואָלין, דעם 8־טן



חיה בריוו
(איצט אין מאָנטרעאָל)

סעפּטעמבער 1939, זענען געפאַלן אַ סך יידן און אויך קריסטן. נישט אַלע נעמען פון די געפאַלענע געדענק איך. איך דערמאָן זיך בלויז איניקע פון זיי: מענדל שמש — פעלדמאַן, חנה־מלכה גרייצער, מלכה הערמאַן. דער גאַרוואָלינער רב, ר׳ משה ראַמער, איז דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן אין שטעטל ריקע.

נאָך דער באָמבאַרדירונג און אָקופּירונג פון גאַרוואָלין, האָבן די יידן, ווי איינער האָט געקאָנט, זיך אויפגעשטעלט נאָרעס. נאָכן צוריקקומען פון די רעשטלעך אַנטלאָפענע, האָבן די דייטשע רוצחים פאַראָרדנט צו שאַפן אַ יודענראַט. דער יודענראַט האָט געמוזט צושטעלן אַ רשימה פון אַלע יידן אין גאַרוואָלין, באַזאָרגן זיי מיט אומזיסטע יידישע אַרבעטער. די יידן האָבן געמוזט זיין געמאָלדן און גרייט פאַר די דייטשע סאַדיסטישע פּייניקונגס־צילן.

אַזוי האָבן די יידן אין גאַרוואָלין זיך געמאַטערט ביזן גירוש.



משה בריוו



מאָטל בריוו

אברהם ראָזענבערג / ניו־יאָרק

# דער אומקום

**ביז סעפטעמבער 1939 האָט גאַרוואָלין געהאַט אַ** געזעלשאַפטלעך לעבן, מיט קהלהשע רעליגיעזע אינסטיטוציעס: בתי־מדרשים, חסידים־שטיבלעך, פּראָפּע־סיאָנעלע גרופּירונגען; די יוגנט האָט געהאַט קולטור־אָרגאַניזאַציעס, געווען די „ליגע", דער „ביתר", די מזרחי, „בונד". געווען אויך אַ האַנטווערקער פאַראיין, אַ סוחרים פאַראיין א"אַנד.



דעם 8־טן סעפּטעמבער האָבן די דייטשן באַמבאַרדירט און פאַרברענט אַ האַלבע שטאָט און צומאָרגנס, שבת, דעם 9־טן סעפּט. פאַרענדיקט מיט דער צווייטער האַלבער שטאָט און שוין דעמאָלט הייבט זיך אָן די פאַרניכטונג: דאָס לעבן האָט זיך ווי אָפּגעשטעלט. נישט געווען קיין געשעפטן, קיין אַרבעט. ס'איז געווען האַרבסט־צייט און מענטשן וואָס זענען געשלאָפן אויף די פעלדער, האָבן זיך שנעל פאַרקילט, קראַנק געוואָרן און אויסגעשטאָרבן מאַסנווייז.

ס'האָט זיך גלייך אָנגעהויבן די צוואַנגס־אַרבעט — דאָס אָפּרייניקן די שטאָט פון די חורבות, דאָס אַרויספירן דעם ציגל־און שטיינער־ברוך, דעם גרוז אויפן גרויסן פּלאַץ ביים וואַסער — דאָס אַלץ איז געווען אַ קאַטאָרגע־אַרבעט אונטער דער „אויפזיכט" פון מערדערישע אוקראַינער.

מיין משפחה איז דעמאָלט אַריבער קיין זשעלעכאָוו. אַ חודש שפּעטער — קיין וואַרשע, ווו ס'האָבן געוווינט אונדזער פאַרהייראַטע שוועסטער און ברודער. מיר האָבן געטראַכט: צוזאַמען וועט אפשר זיין בעסער. אויך אַנדערע משפחות האָבן געטאָן דאָס זעלבע. אָבער דאָס לעבן אין וואַרשע האָט מיט יעדן טאָג זיך פאַרערגערט, באַזונדערס נאָכן אָפּשליסן דאָס געטאָ. האָב איך זיך איבערגעטאָן פאַר אַ קריסט און טאָג־טעגלעך געפאָרן קיין גאַרוואָלין ברענגען פון דאָרט עפּעס צום עסן. שפּעטער האָבן די דייטשן נישט דערלויבט צו וווינען אין גאַרוואָלין מער ווי 36 האַנטווערקער־משפחות, אין וועלכע זיי האָבן זיך געניוטיקט.

איין מאָל האָבן די דייטשן אַרעסטירט עטלעכע יידן, מיט אהרון ראַטמאַן און לייבל ראַטפּוס, מיטן אויסרייד, אַז זיי דאַרפן יינגע יידן צו דער אַרבעט. אַז קיין יידן האָבן דאָרט נישט געטאָרט וווינען, פון וואַנען זאָל מען זיי נעמען? דער קרייז־האַופּטמאַן האָט באַקומען אַ גרויסע סומע געלט און זיי באַפרייט.

אין אויגוסט 1942 איז געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן פאַרלאָזן גאַרוואָלין; די שטאָט ווערט „יודנריין"; זיי מעגן גיין קיין פאַריסאָוו אָדער זשעלעכאָוו. איך, מיין פעטער הערשל און זיין משפחה זענען אַוועק קיין זשעלעכאָוו. כ'האָב נישט באַוויזן צו פאַרשטענדיקן זיך מיט מיינע עלטערן אין וואַרשע. אין צווישן צייט איז מיין מוטער געשטאָרבן אין וואַרשעווער געטאָ און כ'בין געבליבן אָפּגעריסן פון דער משפחה, כ'בין געבליבן איינער אַליין. אין זשעלעכאָוו האָב איך געלעבט ביי אַ גאַרוואָלינער משפחה, ביי דוד פרידמאַנס פרוי און קינדער. ביים פרעזעס פון דער יידישער געמיינדע האָבן מיר שבת און יום־טוב געהאַט אַ מנין.

שמיני־עצרת, דעם 7־טן טאָג סוכות (1942), האָט ווער געבראַנגט צום דאַווענען די ידיעה, אַז מען כאַפּט אויף אַרבעט קיין „ווילגאַ". די יוגנט האָט זיך באַהאַלטן, מיך האָט מען גלייך געפונען און נאָך מיטאָג, מיט נאָך 40 יידן אָפּגעשיקט קיין „ווילגאַ", דעם זעלבן טאָג איז אַוועק נאָך אַ טראַנספּאָרט, אָבער די זענען שוין געווען פרייוויליקע; זיי האָבן שוין געצאָלט אין טויזנטער, כדי צו קאָנען פאָרן קיין „ווילגאַ" — מיט 12 שעה שפּעטער האָט מען אַלע זשעלעכאָווער יידן אָפּגעשיקט קיין טרעבלינקע. כ'האָב זיך עס דערוווּסט פון אַ יונגנמאַן, וואָס איז געשפּרונגען פון צוג און געקומען קיין „ווילגאַ".

אין ווילגאַ האָבן מיר געבויט דאַמבעס. מיר האָבן דאָרט געאַרבעט ביזן 15־טן יאַנואַר 1943. ווען אַלץ איז געוואָרן פאַרפרוירן, האָט מען אָפּגעשטעלט די אַרבעט, געזאָגט אונדז, אַז מיר זענען „פריי" און געהייסן אונדז גיין קיין סאָבאָלעוו, מיט דער כוונה צו קאָנצענטרירן אַלע יידן נאָענט פון אַ באַן־סטאַציע. דאָס האָט זיך זיי אײַנגעגעבן — אַלע זענען אַהין געגאַנגען. איך מיט נאָך צוויי בחורים זענען געגאַנגען ביז גאַרוואָלין (22 קילאָמעטער) און דאָרט האָבן מיר זיך צעשיידט (אויך זיי לעבן נישט). ביים גאַרוואָלינער מילנער האָב איך באַקומען אַ ביסל געלט, עפּעס עסן און אָנצוטאָן און בין אַוועק צו דער באַנסטאַציע פּילאַווע און פון דאָרט — מיט דער באַן — קיין וואַרשע. געפאָרן בין איך אַלס קריסט און אַלס אַזעלכן האָט מיך אַ וואַרשעווער קריסט אַריינגענומען אויף 4 טעג. שפּעטער האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין אַן אַרבעטס־קאָמאַנדע און מיט מזל אַריינמאַרשירט אין געטאָ און באַקומען קוואַרטיר אויף נאַלעווקעס 31/34.

קיין ליכט איז אין געטאָ נישט געווען. זוכנדיק דעם נומער פון מיין קוואַרטיר, האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אַ מענטש און לויטן קול האָב איך דערקענט, אַז דאָס איז ד"ר ליפּשטאַט פון גאַרוואָלין. כ'האָב געזאָגט מיין נאָמען. „גיי צוויי טויערן ווייטער — האָט ער מיר אָנגעוויזן — דאָרט אויף נאַלעווקעס 35 אין 3־טן טויער אויפן 3־טן שטאָק וווינען דיינע עלטערן".

די טרערן און פרייד אין שטוב איז געווען זייער גרויס. מיר האָבן זיך אָפּגעפינען און זענען ב"ה ווידער צוזאַמען.

מיינע פאַרהייראַטע ברידער זענען שוין נישט געווען. מיר האָבן באַקומען אַ נייעם ברודער — משה יחיאל פייגענ־

בוים. אין גאַרוואָלין האָט ער געהאַט זיין געשעפט אין אונדזער הויז און מיר האָבן אים באַטראַכט פאַר אַן אייגענעם.

בעת דער אַקציע פון 15־טן פעברואַר (1943), שטויסן די דייטשן זיך אָן אין אַ קליינעם ווידערשטאַנד, וואָס צווינגט זיי, נאָך 3 טעג, די אַקציע אָפּשטעלן. אין דער אַקציע זענען אומגעקומען ד״ר ליפשטאַט און דער פאַרשטייער פון דער רעליגיעזער גרופּע אין שטאָטראַט, לייזער וואָלמאַן.

ערב פסח, דעם 19־טן אַפּריל (1943), 5 אַזייגער פרי, האָבן די אויפשטענדלער אויפגעוועקט דאָס גאַנצע געטאָ און געמאָלדן, אַז מען ריכט זיך אַ ליאַדע מינוט אויפן אָנקומען פון דייטשן. יעדער האָט געהאַט צוגעגרייט אַ באַהעלטעניש; דאָס זענען געווען בונקערס געבויטע טיף אונטער די הייזער. געווען אויך בונקערס טייערע, מיט ליכט און באַקוועמלעכקייטן (אַזאַ בונקער האָט געקאָסט הונדערט טויזנט זלאָטעס). מיר האָבן געהאַט אַ פאַרמאַכט צימער, מיט אַן אַריינגאַנג דורכן באַקאָויון. קיין פענצטער איז אין צימער נישט געווען, האָבן מיר אויסגעהאַקט אַ האַלבע ציגל צו דער זייט פון גענשע־גאַס צו האָבן עטוואָס שיין און קענען עפּעס זען.

5.30 פרי זענען די דייטשן, מיט זייערע געהילפן אַ ריין אין געטאָ. פאַרויס האָבן זי געשיקט די לעטן און אוקראַינער — און אַליין זיך באַהאַלטן הינטער זיי. די יידישע אויפשטענדלער האָבן זיי „אויפגענומען״ מיט אַ האָגל גראַנאַטן און קוילן — און דווקא דורך די פענצטער פון אונדזער הויף דורך די פענצטער פון נאַלעווקעס 35. אַכט און דרייסיק ליטווינער און אוקראַינער זענען געהרגעט געוואָרן גלייך אין דער ערשטער מינוט. דער דאָזיקער „שאָק״ האָט פאַראַליזירט אויף די דייטשן. נאָכן „אויסטשוכן״ זיך האָבן די דייטשן צוריקגעשאָסן אין די פענצטער, אָבער דאָרט איז שוין קיינער נישט געווען. אונדזערע אויפשטענדלער האָבן זיך שוין געהאַט אַריבערגעטראָגן אין אַן אַנדער פונקט. דאָס הויז האָבן די דייטשן פאַרברענט.

וואָס די דייטשן האָבן ווייטער געטאָן מיטן געטאָ איז גוט באַקאַנט; זיי האָבן עס באָמבאַרדירט פון דער לופט און אונטערגעצונדן קוואַרטאַל נאָך קוואַרטאַל. פיל טויזנטער יידן זענען פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט. די אויפשטענדלער האָבן נאָך אַלץ געקעמפט, איבערטראָגנדיק זיך פון אָרט צו אָרט. די יידן וואָס האָבן נישט געקעמפט זענען אַרויס פון די ברענענדיקע הייזער און אויפגעריסענע, אָדער פאַרגאַזטע בונקערס און געלאָפן פון הויז צו הויז, זוכנדיק אַ מקום־מקלט, נאָר אומעטום האָט געברענט. אַ טייל יידן האָט בלית־ברירה זיך איבערגעגעבן צו די דייטשן. דער גרעסטער טייל איז אומגעקומען אין די פלאַמען. די דייטשן האָבן דורך הילכערס כסדר גערופן זיך אונטערצוגעבן.

אויך מיר זענען אַרויס — איך, מיין שוועסטער מיט די קינדער, משה יחיאל פייגענבוים, מיינע צוויי ברידער און נאָך פיל יידן. מיין פאָטער איז נישט אַרויס:

— „כ׳בין אַלט אַכט און זעכציק יאָר — האָט ער געזאָגט — און זיי וועלן מיך נישט לאָזן לעבן; דאָ וועל איך בלייבן און וואָס השי״ת וועט מאַכן אַזוי וועט זיין״... ער איז פאַר־ברענט געוואָרן אויף קופּיעצקאַ 6 אין פּאַרטער.

מ׳האָט אונדז באַזוכט, אויב מיר האָבן נישט קיין געווער, און געפירט אונדז אויף גענשע 20 אין הויף, וווּ מיר האָבן אָפּגעגעבן אונדזער געלט און ווערטזאַכן. אין אָוונט האָט מען אונדז געפירט צום אומשלאַג־פּלאַץ. אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געזעסן אויף דרערד; אין דער פרי האָט מען אונדז פאַרלאָדט אין וואַגאָנען, צו 175 מאַן אין יעדן וואַגאָן...

ביים אַרויפקריכן אין די וואַגאָנען האָט מען אַלעמען געשלאָגן מכות־רצח. פיל מענטשן זענען פון די קלעפּ געפאַלן טויט אויפן אָרט. אויך אין וואַגאָן זענען געווען העכער הונדערט טויטע. ס׳האָט פאַרפעלט לופט און מענטשן זענען געשטאָרבן פון דערשטיקונג. אַפילו די לעבעדיקע זענען געווען נישט נאָרמאַל. מ׳איז געזעסן און געקראָכן אויף טויטע. דער דאָזיקער קאָשמאַרער וועג — דער פּרוזדור צום גיהנום — האָט געדויערט צוויי טעג און נעכט. דאָס אמתע גיהנום האָט זיך אָנגעהויבן ערשט דאָרט, אויפן אָרט, אין טרעבלינקע.

אין טרעבלינקע האָבן זיך געעפנט די וואַגאָנען. מ׳האָט געמוזט אַרויס, נאַקעט און האַלב־נאַקעט — ווי ווער ס׳האָט באַוויזן... באַלד האָט מען אָפּגעטיילט די מענער פון פרויען און קינדער. כ׳האָב זיך געזעגנט מיט מיין שוועסטער און קינדער. זיי האָט מען געפירט גלייך צום פאַרגאַזן. די מענער האָט מען געהייסן גיין איינעם אונטערן אַנדערן און אַ דייטש האָט געוויזן מיטן פינגער: „רעכטס, לינקס״. לינקס איז געווען צום לעבן, רעכטס — צום טויט, צום פאַרגאַזן. באַלד האָב איך פאַרלוירן מיין שוואָגער, נפתלי: ער איז אַוועק אויף רעכטס — ער האָט געטראָגן ברילן...

מיר זענען פאַרבליבן בערך אַ הונדערט מענער, מ׳האָט אונדז געגעבן וואַסער. כ׳האָב אויסגעטרונקען אוודאי אַ צען ליטער וואַסער. צופעליק האָבן מיר באַגעגנט דעם יידישן קאָמאַנדאָ־קאָמענדאַנט מיט זיין קאָמאַנדע; זיי זענען געקומען צונעמען די טויטע פון די וואַגאָנען. כ׳האָב אים דערקענט, ס׳איז געווען דער „געלער מאיר״ — אַ לעדער־סוחר פון



**אַ בילד פון מיינע יונגע יאָרן**
**מתתיהו יום-טוב, איך, מיין ברודער לייבל**

פראַנטשישקאַנער 21. ער האָט גוט געקענט מיין משפחה פון וואַרשע. ער האָט מיר דערציילט אַז מיינע ברידער, גדליה און הערש, זענען דאָרט אומגעקומען אום יום־כיפּור 1942.

מ׳האָט אונדז אַלע געהייסן אַריינגיין צוריק אין די וואַגאָנען, געגעבן אונדז עסן אויף צוויי טעג ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין לובלין אויף טראַוגוטאַ 7. דאָרט האָט אונדז אָפּגעקויפט דער קאָמענדאַנט פון לאַגער בודזין, ווו מ׳האָט געאַרבעט פאַר דער אַוויאָנען־פירמע „הענקעל״.

מיר, אַלע דריי ברידער, האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. משה יחיאל פייגענבוים האָט אויך שוין געהייסן — ראָזענבערג. מיר האָבן זיך נישט שלעכט „אָרגאַניזירט״ נישט געהונגערט. ביז מ׳האָט אונדז אָפּגעשיקט קיין מיעלעץ (גאַליציע), ווו מיר האָבן געאַרבעט פאַר דער זעלבער אַוויאָנען־פירמע. פייגענבוים איז געווען אַן איידעלער, אָרנטלעכער מענטש. געווו. ראַטמאַן פון דער בונדישער גרופּע אין גאַרוואָלינער שטאָטראַט.

דעם ערשטן יולי (1944) האָט מען אונדז איבערגעפירט קיין וויעליטשקאַ, ביי קראָקע. אויך דאָרט, אין דער סביבה פון זאַלצגרובנס, האָבן מיר געזאָלט מאַכן אַוויאָנען. אָבער די רוסן האָבן זיך דערנענטערט און מ׳האָט אונדז אַלע — עטלעכע טויזנט יידן — געשיקט קיין פלאָסענבורג (דייטשלאַנד). קיין פלאָסענבורג זענען מיר אָנגעקומען דעם 15־טן יולי און גלייך האָט מען פון אונדז אָפּגעריסן פייגענבוימען, מ׳האָט אים געשיקט קיין מאַטהאַוזען, ווו ער איז געשטאָרבן, באַלד נאָכן קריג פון אויסמאַטערונג. איך און מיינע צוויי ברידער זענען פאַרבליבן אין פלאָסענבורג, ווו מיר האָבן געאַרבעט ביי אַוויאָנען ביזן 24־סטן אַפּריל — דעם טאָג ווען די אַמעריקאַנער האָבן אונדז באַפרייט.

# מיין ליידנס־וועג

## (מלחמה זכרונות)

**אין מאַי 1940, פרייטיק צו נאַכטס, פיר אַ זייגער**



פאַרטאָגס: מע קלאַפּט אין טיר. איך עפן — און פיר ענקאַוועדיסטן, מיט די ביקסן אין דער הייך, שטעלן זיך אַריין אין מיין צימער. איך קען זיך איצט נישט דערמאָנען דעם איינדרוק פון יענעם מאָמענט. עס פאַלט אַ באַפעל מיטצוגיין מיט זיי. איך, מיין פרוי און אונדזער קינד פון 14 חדשים מוזן פאַרלאָזן די שטוב און גיין ערגעץ, נישט וויסנדיק וווהין. מיטגענומען וואָס נייטיק פאַר זיך און פאַרן קינד,זענען מיר אַרויס פון שטוב באַגלייט פון די 4 ביקסן.

ס'האָט געדויערט נישט לאַנג, האָבן מיר זיך געפונען, צוזאַמען מיט נאָך טויזנטער משפּחות אין שמוציקע פּי־און חזירים־וואַגאָנען. די טירן פון די וואַגאָנען פאַרשלאָסן און פאַרדרייט מיט דראָטן. דאָס בילד, ווי אַזוי די קליינע קינדער האָבן זיך געריסן, געוויינט און געבעטן אַ ביסל לופט, בין איך צו שוואַך צו באַשרייבן. מיר, די דערוואַקסענע, האָבן אַרויסגעקוקט פונעם קליינעם וואַגאָן־פענצטערל, ווי פון אַ גרוב אַרויס. אַחוץ אונדזערע אייגענע יסורים האָט אונדז וויי געטאָן די יסורים פון די קינדער, וועלכע האָבן זיך ממש געשטיקט. מען האָט אונדז אַריינגעגעבן עסן, וואַסער און דער עשעלאָן איז פאַרשוווּנדן אין דער טיפער ווייטקייט.

נאָך עטלעכע וואָכן פאָרן האָט מען אונדז געבראַכט אויף אַ פּלאַץ, וווּ אַ מענטשנס אַ פוס האָט נאָך דעם באָדן נישט באַטראָטן. דאָס איז געווען אין „קאָמי א.ס.ס.ר." אויפן ווייטן, קאַלטן צפון.

דאָס לעבן אין „פּאָסיעלאָק", ווי מען האָט דאָס אָרט גערופן, דאָס עסן, די וווינונג און אַלע אַנדערע לעבנס־באַדינגונגען זענען געווען זייער טרויעריקע. געאַרבעט האָט מען פון פינצטער ביז פינצטער. מ'האָט געהאַקט ביימער אין וואַלד.

איין מאָל האָט מען אונדז געשיקט צום וואַסער בינדן „טראַטוועס" פאַרן פראָנט. האָט מיין גורל מיר צוגעשפּילט און כ'בין אַראָפּגעפאַלן פון אַ קלאָץ אין וואַסער אַריין און זיך גענומען טרינקען. בלויז אַ דאַנק דעם וואָס איך קאָן שווימען איז מיר געלונגען זיך צו ראַטעווען; כ'בין צוגעשווומען צו אַ קלאָץ און זיך אָנגעכאַפּט אין דעם און חברים האָבן מיך אַרויסגעצויגן. דער פראָסט איז געווען גרויס און כ'בין געווען צוגעפראָרן צום קלאָץ; אַלץ אויף מיר איז געווען שטייף ווי דאָס קלאָץ. מיינע חברים האָבן צעלייגט אַ פייער און מיך אָפּגעטריקנט.

אַזוי האָבן מיר „אָפּגעלעבט" פופצן חדשים ביז דער דייטש־סאָוועטישער מלחמה.

אויפן סמך פון דער שיקאָרסקי־אַמנעסטיע האָט מען אונדז באַפרייט און געגבן אונדז דאָס רעכט אַרויסצופאָרן פון דאָרט.

*) פון אַ צושריפט דרינגט אַרויס, אַז דער מחבר איז אָנהייב מלחמה אַנטלאָפן קיין בריסק, אָדער ער האָט זיך דאָרט געפונען פון פריער (רעדאַקציע).

די פרייד איז געווען גרויס: עפּעס אַ קלייניקייט, אַרויס פון וואַלד? אָבער גלייך האָבן זיך אָנגעהויבן פרישע זאָרגן: וווּהין פאָרן אין אַזאַ ביטערער מלחמה, וואָס די שפּורן אירע לאָזן זיך פילן אין גאַנצן לאַנד?

נאָך אַ לאַנגן נאָכטראַכטן האָבן מיר באַשלאָסן צו לאָזן זיך מיטן וועג קיין מיטל־אַזיע — קיין טאַשקענט. ס'איז שוין געווען דאָס יאָר 1942. מיר האָבן דורכגעמאַכט אַ זייער שווערן וועג: שניי, פראָסט, און אויך מיט עסן איז געווען שווער אויף די וועגן. אַלץ וואָס מיר האָבן נאָך געהאַט פון זאַכן, האָבן מיר אָפּגעגעבן פאַר אַ שטיקל ברויט. איך פלעג שניידן מיט אַ מעסער שטיקער האָלץ פון וואַגאָן, כדי אָפּצוקאָכן מיט דעם עפּעס פאַרן קינד.

נאָך לאַנגע וואָכן וואָגלען זענען מיר שטיינגעבליבן אין בוכאַראַ. ווען מיר זענען אַרויס פון די וואַגאָנען, האָבן מיר זיך ווידער דערזען אויפן שניי: נישט קיין שטוב, נישט קיין עסן, נישט קיין אָרט וווּ צו לייגן דאָס קינד שלאָפן...

דער בוכאַרער סאָוויעט האָט אונדז נישט געוואָלט צושרייבן. יעדעס מאָל איז אַוועק אַ פרישע דעלעגאַציע און געפאָדערט אין נאָמען פון די קליינע קינדער אַן אָרט, וווּ צו לעבן...

נאָך גרויס מי האָט מען אונדז איבערגעשיקט אינעם שטעטל קערמינאַל, ביי בוכאַראַ און דאָרט האָט מען אונדז אין אַ מזלדיקער שעה צוגעשריבן.

מיר האָבן באַקומען אַ „דירה", אַ בעט און בעיקר — ברויט־קאַרטלעך, צו דריי הונדערט גראַם ברויט פאַר יעדן. קיין גרעסער גליק האָבן מיר זיך אַליין נישט געוווּנשן. עפּעס לייכט צו זאָגן 300 גראַם ברויט יעדן טאָג!.. אָבער לעבן פון דעם איז פאָרט געווען שווער — האָט מען צוגעהאַנדלט, איינגעשטעלט די פאָר יאָרן... פאַר דער מינדסטער קלייניקייט פון קויפן און פאַרקויפן האָט מען באַקומען אַ שטראָף פון 10 יאָר. געווען ביי אונדז אַ ווערטל, אָדער אַזאַ ווונש: — גיי און קום אָן יאָרן!..

אַזוי האָט עס געדויערט ביז 1946.

אין מאַי 1946 האָט זיך אָנגעהויבן דער וועג אויף צוריק — די „רעפּאַטריאַציע". דער וועג קיין פּוילן איז אויך געווען אַ גענוג־שווערער; אין די געפּאַקטע וואַגאָנען איז געווען צו ענג, ס'האָט פאַרפעלט לופט צום אָטעמען. אָבער דאָך צופרידן פונעם עצם־פאַקט, אַז מיר פאָרן אַ היים און פון דער האָפענונג צו טרעפן זיך מיט די אייגענע, פרייען זיך מיט זיי, אָנהויבן אַ ניי לעבן.

ווי דערשטוינט זענען מיר געבליבן, אַז פון אַלע אונדזערע נאָענטע קרובים, פריינד און שכנים האָבן מיר קיינעם נישט געטראָפן! גאַנצע וועלטן זענען אַוועק מיטן פייער און די רציחה זידט ווייטער — אַמאָל שטאַרקער, אַ מאָל שוואַכער.

שווער שלום צומאַכן מיטן געדאַנק, אַז די אַלע אונדזערע נאָענטע וועלן זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן. ערגעץ וווּ טליעט נאָך אַלץ די האָפענונג זיי צו טרעפן, און די דאָזיקע האָפענונג וועט אונדז שוין באַגלייטן דאָס גאַנצע לעבן.

שבתאי ראַדאָשינסקי / רמת־גן

# און דער נס איז נישט געשען

**מיין משפחה איז באַשטאַנען פון 8 פּערזאָן. מיר** זענען געווען 6 קינדער צו אונדזערע עלטערן, שמחה און יענטע ראַדאָשינסקי. אַחוץ מיר, זייער עלטסטער זון, שבתאי, האָבן זיי פאַרמאָגט נאָך דריי זין — מיינע ברידער — חיים, אברהם און אלי', און צוויי טעכטער — מיינע שוועסטער פייגע און שרה.



מיין פאָטער איז געווען אַ דאַמענשניידער. אַ דאַנק זיין פיליאַריקער, מיזאַמער און פלייסיקער אַרבעט, ביי דער אַקטיווער מיטהילף פון מייז מוטער, האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט צו אַ באַשטימטער מאַטעריעלער מדרגה און זיך גערעכנט צווישן די פאַרמעגלעכע באַלמעלאָכעס אין שטעטל. אַזוי האָט ער אייניקע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געקויפט אַן אייגן גרויס און מאַסיוו הויז, מיט פיל צימערן און מאַגאַזינען אין הויף, וועלכע ער פלעגט פארדונגען צ: די פוטער־און־אייער סוחרים, צו די הענדלער פון געפליגל, וואָס האָבן זייער סחורה אָפּגעזעצט אויף די צענטראַלע מערק פון לאַנד.

די הכנסה פון די פאַרדונגענע צימערן און מאַגאַזינען איז געווען אַ באַדייטנדיקער צושטייער צום בודשעט פון אונדזער נישט קליינער משפחה.

דאָס לעבן איז געפלאָסן מיט זיין שטילן, רו:קן, קליינשטעטלדיקן פלוס... אַחוץ די מיטוואָכדיקע מאַרקטעג, מיטן כאַראַקטעריסטישן רעש און געפילדער פון די פּויערים, פון זייערע פורלעך, און פון די יידישע הענדלער, האָט דאָס אַרבעטזאַמע לעבן פון אונדזער משפחה פאַרמאָגט איר אייגענעם פאַמעלעכן, כמעט „אידילישן" ריטעם... אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביזן מלחמה־אויסברוך.

אונדזער קריסטלעכער שכן, דלוזשניעווסקי, וואָס האָט געווינט מיט אונדז אַ וואַנט אין אַ וואַנט, איז געווען אַ סטאָליער און זיך אויף די עלטערע יאָרן דערנערט פונעם „רעפּאַרירן" פאַרשידענע אַלטע גראַטעס, וואָס די אַרומיקע יידן — זיינע שכנים — פלעגן אים ברענגען צו פאַרריכטן. באַזונדערס האָט מיין פאָטער זיך ,געזאָרגט, זיין נאָענטסטער שכן, וואָס איז שוין געווען אַריבער די זיבעציק, זאָל האָבן פון וואָס צו לעבן. אַזוי פלעגט ער תמיד אויסגעפינען ביי זיך אין הויז עפּעס וואָס צו פאַרריכטן: אַמאָל אַ פאָדלאָגע, אַמאָל אַ בעלקע, אַ וואַנט, אָדער סתם אַ מעבלשטיק — העלפנדיק אַזוי אַרום דעם שכן צו פאַרדינען זיין חיונה.

נאָך דער באַפרייונג, ווען איך בין צוריקגעקומען אין שטעטל, האָט מיר דער שכן אונדזערער, דלוזשניעווסקי, דערציילט, אַז מיינע עלטערן און די גאַנצע משפחה האָט אין יענע פינצטערע טעג זיך איינגערעדט, אַז איך, זייער עלצטער זון און ברודער בין אַ פליער פון דער אַלייִרטער אַוויאַציע און גרייט זיך ווי אַמגיכסטן אַרויסצוראַטעווען זיי אַלע פון די נאַצישע נעגל...

די דאָזיקע „איינרעדעניש" האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג אויך צווישן די אַנדערע יידן פון שטעטל, אַפילו צווישן גויים, אָבער ביי מיין משפחה האָט עס אָנגענומען די פאָרם פון אַן אַבסאָלוטער זיכערקייט... אַזוי פלעגן זיי אויפן מינדסטן גערויש פון אַן אַעראָפּלאַן רעאַגירן דורך אַרויסלויפן אין גאַס און אויסקוקן מיט דער העכסטער שפּאַנונג — אין דערוואַרטונג, אַז אָט־אָט לאָז איך זיך אַראָפּ און נעם זיי צו...

נאָך איצט, 26 יאָר נאָך זייער טראַגישן אומקום, פאַרפאָלגט מיך דאָס בילד: מיינע טייערע עלטערן, מיין גאַנצע משפחה, שטייט און קוקט אויס, אַז איך, זייער זון און ברודער זאָל זיך אַראָפּלאָזן פון די הימלען און זיי צונעמען — אַרויסראַטעווען זיי פון גיהנום...

נאָך יעדן רעש פון אַן אַדורכפליענדיקן אַוויאָן פלעגן זיי, לויט דער רעלאַציע פון אונדזער שכן, שטיין אינדרויסן און מיט איינגעשטאָכענע בליקן אין די הימלען דערוואַרטן מיין אַראָפּלאָזן זיך... זיי זענען שפּעטער אַנטוישטע און פאַרביטערטע אַריין צוריק אין הויז... נאָר דער חלום וועגן „נס" האָט נישט אויפגעהערט. ביים מינדסטן גערויש פון אַ פרישן אַעראָפּלאַן זענען זיי ווידער אַרויס פון שטוב...

און דער נס איז נישט געקומען... געקומען איז דער שרעקלעכער אומקום זייערער.

מיט וואָס, מיינע טייערע עלטערן, מיינע אומשולדיקע שוועסטער און ברידער האָט איר זיך פאַרזינדיקט ?...

איז דען פאַראַן ביי וועמען צו פרעגן ?...

משה קליימאַן / משמר־השרון

# מיינע איבערלעבנישן אין דעם היטלעריסטישן רעזשים

## מאַי 1940

פרייטיק. מיטן פרימאָרגן הערט זיך דער פּאַרטויבנדיקער גערויש פון אַעראָפּלאַנען. סימעטריש געאָרדנט, ווי צו אַ פּאַראַדע, גלאַנצן אין הימל הונדערטער מעסערשמידטס. ס׳הערן זיך אייניקע האַרמאַטן־שאָסן, נאָר באַלד ווערן זיי פאַרשוויגן. דער גורל פון אייראָפּע איז געחתמעט: בעלגיע, האָלאַנד האָבן געהאַט בלוטיקע טעג, מיט אַ סך טויזנטער קרבנות. פראַנקרייך איז דעמאָראַליזירט, דעמאָביליזירט, ס׳דאַרפן בלויז קומען די טאַנקען און די דייטשע באַזעצונגס־אַרמיי און ברענגען דעם געהאָפטן „שלום"... און די ענגלענדער קענען שרייבן היסטאָריע פון זייער „העלדישן" אַנטלויפן. אייראָפּע איז געפאַלן צו די פיס פון תלין.

יידן אַנטלויפן. אויך קריסטן ווערן מיטגעטראָגן פון דער שרעקלעכער בהלה. די צוגן זענען פולע. די מענטשן־מאַסע שטראָמט געדיכט איבער אַלע וועגן. מען לויפט צו דער פראַנצויזישער גרענעץ. מען גלויבט נאָך דאָרטן שוץ צו געפינען. איך, מיין פרוי מיטן קליינעם קינד אויף די הענט לאָזן זיך אויך אין וועג אַריין. מיר נעמען מיט זיך נאָר דאָס פּערזענלעכע, דאָס סאַמע נייטיקסטע. אויף יענער זייט גרענעץ פאַרבלייב איך נישט לאַנג מיט מיין קליינער, ליבער משפּחה. איך ווער מאָביליזירט אין די פּוילישע דיוויזיעס אין פראַנקרייך און מאַך מיט דעם הפקר־צוריקצוג איבער פראַנקרייכס וועגן. דאָ און דאָרט פּרווון נאָך די פּאָליאַקן צו פאַרהאַלטן דעם רוצחישן נאַצי־שטראָם, אָבער אָן תכלית, זיי לאָזן בלויז איבער הונדערטער קרבנות. דאָס גרויסע שטאָלצע פראַנקרייך איז צעריסן. אירע אַרמייען — צעשטויבט איבער אַלע וועגן. אין דעם שרעקלעכן כאַאָס פון נישט וויסן ווו און ווען ווערט יעדער באַזונדער צווישן אַלע פאַרלוירן.

אין אַ מצב פון אַן אַרויסגעוואָרפענעם פון יעדער אָרגאַניש־געשיצטער ראַם, טרייב איך נאָך מיט די לעצטע כוחות מיין מידן קערפּער. מיט פאַרווונדעטע פיס טראָג איך זיך איבער הונדערטער קילאָמעטערס מיט דער איינציקער האָפענונג צו געפינען מיין ליבע משפּחה. איך געפין זי אינעם לעצטן, ווייטן גרענעץ־שטעטל, לישון, צווישן די פּירענייען־בערג. דאָ געפינען זיך אַ סך פּליטים, יידן און קריסטן, פון בעלגיע. באַלד נאָך דער כניעה פון מלך לעאָפּאָלד, פאָרן די בעלגיער צוריק אַ היים. איבעריקע בלייבן נאָר די יידישע פּליטים, אויסגעשפּיגענע פון יעדער ראַם. אין ווייטערן הסכם צווישן היטלערן און די ווישי־רעגירונג זענען די יידן שוין פאַרקויפט געוועזן. מ׳האָט זיי נאָך געדאַרפט קאָנצענטרירן אין לאַגערן און איבערליפערן צו די דייטשן. און דאָס איז טריי און פּינקטלעך דורך אַלע רעגירונגס־אינסטאַנצן געטאָן געוואָרן.

## אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן

ס׳איז געווען צומאָרגנס נאָך יום־כיפּור (אַ חסד וואָס נישט פריער) האָט מען צונויפגעזאַמלט די יידן און זיי אָפּטראַנספּאָרטירט אין אַ צייטווייליקן לאַגער ביי טולוז. דער לאַגער איז פריער באַזעצט געווען מיט רעפּובליקאַנישע פּליטים פון שפּאַניע. איצט איז נאָר אַ קליינער טייל פון זיי איבערגעבליבן אויף צו באַדינען דעם לאַגער. אין די דאָזיקע העלצערנע, שמוציקע באַראַקן האָט מען אין אַ שטיקענדיקער ענגשאַפט אַריינגעפּרעסט יונג און אַלט, מענער און פרויען צוזאַמען.

דער לאַגער איז נאָך געווען כמעט אָן שמירה, זענען אַלע סוף האָב אויך איך דאָס אָרט פאַרלאָזט. מיר האָבן דערגרייכט די שטאָט פּאַו. דאָרט האָט מען אונדז אַרעסטירט און געבראַנגט אין דעם נאָענטן, טרויעריק־באַרימטן לאַגער גורס.

## גורס

זיינער צייט איז דער לאַגער געווען באַפעלקערט מיט 14 טויזנט אינטערנירטע, דער רוב דייטשע יידן, וועלכע מ׳האָט אין געציילטע שעהען פאַרלאַדנט אין באַנען און אַריבער געשטעלט איבער דער פראַנצויזישער גרענעץ. דער טייוולאָנישער פּלאַן פון גאַז־קאַמערן איז נאָך נישט געווען אַקטועל. דאָ זענען אויך געהאַלטן געוואָרן יידן און קריסטן, אַרעסטירטע ביים קריגס־אויסברוך אַלס דייטשן און איצט האָט מען זיי געהאַלטן ווי יידן און אַנטי־פאַשיסטן. איך און נאָך געציילטע אַזעלכע ווי איך זענען דאָ אַריינגעפאַלן צופעליק.

דער לאַגער איז געווען צעטיילט אין „איליאָנס" (אינדזלען). פון ביידע זייטן שאָסיי זענען שורותווייז געשטאַנען הילצערנע שמוציקע באַראַקן, פינצטערע אָן פענצטער און אָן טאָגליכט. באַלד מיטן ערשטן רעגן איז דער ליימיקער באָדן צעווייקט געוואָרן און די טריט האָבן טיף געזונקען אין דעם בלאָטיקן זומפּ — אַ פוס נישט אַרויסצושלעפּן. אין האַרבסט און ווינטער שטורעמען דאָ ים־און בערג־ווינטן, רייסן די דעכער פון די שוואַכע באַראַקן מיט ווילדן אימפּעט און געפייף, ווי אויף אַ טייוולאָנישער שמחה.

דער רוב קאַצעטלער איז באַשטאַנען פון דער בעסטער דייטש־יידישער אינטעליגענץ (די באַרימטע פון צווישן זיי האָט מען ביסלעכווייז אַרויסגעגנבעט). אין דער דאָזיקער שטיקענדיקער ענגשאַפט זענען געהאַלטן געוואָרן טויזנטער אומגליקלעכע, אויסגעשפּיגענע פון ריין־געאָרדנטע היימען. מענטשן וועלכע האָבן דורות־לאַנג געוווסט פון אַ זאַט, פאַרגעשריטן קולטור־לעבן און דער קיום זייערער ווי דייטשן ציט זיך שוין העכער 700 יאָר זענען פּלוצעם געוואָרן געבונדן מיטן ווויסטן גורל פון פאָלק ישראל.

דער שטח אַרום דעם לאַגער איז פאַרצוימט געווען מיט פיל פּאַכן שטעכל־דראָט. און אַזוי יעדע „אילאָ" באַזונדער. זשאַנדאַרמען האָבן באַוואַכט יעדן טריט פון דרויסן, ווי ס'וואָלטן דאָ געפערלעכע פאַרברעכער געווען. אַזוי אַז מיר זענען געווען אָפּגעשניטן פון יעדן קאָנטאַקט מיט דער וועלט. דער הונגער שרייט נישט אַרויס, נישטאָ ווער עס זאָל אים הערן, ער איז דערשטיקט אין די קראַמפּן — צו דעם חרפּה פון מענטשלעכן מין. און בכלל איז די וועלט טויב און שטום געווען אויך פריער — צו די ליידן פון די שפּאַנישע פליכטלינגען, וואָס האָבן מאַסנווייז דאָ זייער בית־הקברות געפונען. אַצינד וויסן מיר עס שוין. און וויפל זענען פאַראַן אַזעלכע פּיין־מחנות אין אַלע פינצטערע ווינקלען פון דער וועלט ?..

דער בית־עולם פאַרשלינגט טעגלעך 40—50 קרבנות, מייסטנס שוואַכע, אַלטע און קינדער. מען וואַרפט זיי אין די וועגענער ווי פּגרים. די „ענפערמערי" (שפּיטאָל־סטאַציע) איז איבערגעפּולט. וויפל דער טויט נעמט אַוועק, קומען אַלץ צו פרישע. ס'איז אַ פּחד צו מעלדן זיך אין דער „ענפערמערי", ווייניק קומען פון דאָרט צוריק.

גרויסע שטשורעס ווי די קעץ בייסן די גופים פון די קינדער. געפּאַשעטע לייז און וואַנצן פרעסן זיך איין, זייגן אויס דאָס בלוט. איין מאָל האָט מען צעלייגט פאַרסמט ברויט פאַר די שטשורעס, מען האָט וועגן דעם געוואָרנט, אָבער די הונ־געריקע האָבן נישט אויסגעהאַלטן דעם נסיון: זיי האָבן דאָס ברויט געגעסן און געשטאָרבן.

טראָץ דעם אַלעם איז קולטור און קונסט געשטאַנען דאָ אויף אַ הויכער מדרגה. ווער ס'האָט נאָר געוואָלט, — ווער ס'איז נישט פאַרזונקען אין אַ טיפער מרה־שחורה — האָט געהאַט פון וועמען וואָס צו לערנען, און געקאָנט זיך, לפּחות, מאָראַליש ראַטעווען. אָבער דער רוב האָט זיך אונטערגעגעבן די עצבות און דעם גלייכגילט. דער גלייכגילט, די קנאה־שנאה און דער כל דאַלים גבר האָבן אויך דאָ געשניטן זייער גרויסן שניט. בלויז ווייניקע זענען אַריבערגעוואַקסן דעם תהומיקן זומפּ. ווי איינער פון זיי לייכט מיר אַנטקעגן מיין טייערער פריינד באַכמאַן — אַ זיידנצייג סוחר פון מינכען. אויך דאָ האָבן נישט אַלע געהונגערט. געווען אַזעלכע וואָס האָבן געהאַט געלט און זיך געהאָלפן, אַנדערע פלעגן באַקומען פּעקלעך פון דרויסן. אויך איך האָב איין מאָל אַזאַ פּעקל באַקומען פון משה האַנדקאַן. דער רוב אָבער האָט געשלונגען דעם הונגער, באַ־נעצט מיט טרערן.

נאָך אינטערווענצן פון אויסלאַנד, פּירט מען סוף כל סוף די משפּחות אַריבער אין דעם פאַמיליען־לאַגער ריוועסאַלט. אויף דעם גרויסן שטח פון דעם פונאַנדערגעבויטן לאַגער, וואָס איז פריער געווען אַ מיליטערישע באַזע פאַר אַ נעגער־דיוויזיע, איז דאָס לעבן עטוואָס לייכטער. אויך דאָס עסן און די באַהאַנדלונג איז מענטשלעכער. דער קלימאַט איז דאָ טרוקענער און געזונטער. אויך דאָ בלאָזן משוגענע ווינטן מיט טייוואַנישער ווילדקייט, צעטראָגן, פאַרטראָגן מיט זיך דעם שוואַכן מענטשן. דאָך איז די קעגנזייטיקע באַציִונג צווישן מענטשן געווען אַ פריינטלעכע. איך בין דאָ טעטיק געווען אין דער קולטור־קאָמיסיע און זיך איינגעשאַפן אַ סך פריינד. צוויי פון זיי האָב איך שפּעטער, צו מיין גרויסער פרייד, באַגעגנט אין ישראל.

דאָ, אויפן נייעם אָרט, האָב איך באַקומען אַ שטיקל „עפּידעוויט" אַ דאַנק דער מי פון מיין פריינד יצחק בערנשטיין פון אַמעריקע. פון דאַנען בין איך געשיקט געוואָרן קיין לעמיל, ביי מאַרסעל, כדי צו טאָן וועגן מיין אויסוואַנדערונג. אָבער דער לאַגער איז כמעט פריי און דער רוב העלפט זיך מיט אַלערליי מיטלען און וועגן. אויך דאָ איז די געזעלשאַפט־לעכע אַרבעט אַ טיכטיקע און איך בין געזעלשאַפטלעך טעטיק. דאָ טרעף איך ווידער מיין פריינד באַכמאַן א״אַנד נאָנטע פריינד. בעיקר מענדל שטיינמעץ, מיט זיין ליבער משפּחה, אַן אונגאַ־רישער ייד אַ תלמיד־חכם וואָס פאַרשטייט אויך אין אַנדערע ענינים. צו מיינע גוטע פריינד קען איך צורעכענען אויך דעם ראַבינער וויס און דעם רב געלערנטער, ביידע פון ווין.

אין צווישנצייט פאַרלאָזט מיין פרוי מיט אונדזערע צוויי קינדער דעם לאַגער ריוועסאַלט, ליידער צו שפּעט — אין די קינדער־היימען פון שווייצאַרישן רויטן קרייץ זענען געשטאָרבן אונדזערע צוויי קינדער. אַמנון און עלנע. רות און באַנוּלס ביי פּערפּענאַן. אין דער טראַגישער סיטואַציע איז מיין ליבע ליידנדע פרוי סאָלאַ איבערגעשיקט געוואָרן אין אַן אינטער־נירונגס־היים פאַר אויסוואַנדערער אין מאַרסעל און מיר זענען ביידע געווען נאָנט אין אונדזער פּערזענלעכן אומגליק.

## די טראַנספּאָרטן

דער פאַרברעכערישער פּלאַן פון שיקן טראַנספּאָרטן אין די גאַז־קאַמערן פון פּוילן ווערט אַקטועל. אַ געטרייער שותּף צו דעם איז איצט די ווישי־רעגירונג. ס'איז כדאַי צו געדענ־קען, אַז נאָנט צום טראַגישן פינאַל מיטן איוראָפּעיִשן יידנטום, האָבן די אַמעריקאַנישע און ענגלישע קאָנסולאַטן אין מאַר־סעל געשלעפּט די ענינים פון עמיגראַציע מיט יעדעס־מאָל אַלץ שטרענגערע פאָדערונגען אַלס תּנאי פאַר דער אויס־וואַנדערונג. צום סוף אין גאַנצן זי אָפּגעשטעלט — שטום־און טויב־געוואָרן — זיי הערן נישט מער.

אין די לאַגערן איז דער מענטשן־חומר שוין געפּאַקט גרייט צום אָפּשיקן. ער ווערט טאַקע אָפּגעשיקט. די טראַנס־פּאָרטן גייען דורך דער פון די דייטשן באַזעצטער זאָנע קיין דראַנסי און פון דאָרט — גלייך אין די גאַז־קאַמערן. שפּעטער ווערן די אויסגעליידיקטע לאַגערן אָנגעפּילט מיט פרישן מענטשן־מאַטעריאַל פון די אַרומיקע שטעט און דערפער. דאָ טרעף איך אַ סך באַקאַנטע פון אַנטווערפּן א״אַנד מקומות וואָס כ'האָב זיי באַגעגנט אויף אונדזערע געמיינזאַמע ליידנס־וועגן

די טראַגעדיע איז טיף און גרויס. אויסגעצייכנט האָבן אויסגעשפּילט זייער ראָל די ווישי־פראַנצויזן. די ראַמען פון אַן אַרבעט אַפילו פאַר אַ יזכור־בוך זענען צו ענג אויף איבער־צוגעבן אַלץ וואָס כ'האָב אַליין געזען, מיטגעמאַכט און איבער־געלעבט. נאָך היינט שאַטענען אַריין אין מיין חלום די קאָש־מאַרן פון יענע טעג. איך וויל דאָ בלויז נאָר איניקע בילדער געבן.

לעמיל: דער לאַגער איז למעשה נאָר איין גרויסע גע־מויערטע געביידע פון אַ געוועזענער ציגל־פאַבריק, מיט אַ נאָענטן אויסגאַנג צום באַנהויף. אַצינד איז דער בנין אַרומ־געצוימט מיט צוויי פּאַכן שטעכל־דראָט. יעדע שפּאַרע איז פאַרשטאָפּט. יעדער אויסגאַנג — געשלאָסן און זשאַנדאַרמען־איינהאַטן מיט אויטאָמאַטיש געווער האַלטן שמירה. נאָר דער טויט קען דיך פון דאַנען באַפרייען. אַ סך האָבן טאַקע געמאַכט די פּראַקטישע אויספירן פונעם מצב און זיך באַפרייט דורך זעלבסטמאָרד.

## אַ רעפּעטיציע פון אַ דעפּאָרטאַציע

אין איינעם אַ שבת פאַרטאָג האָבן זיך פאַרזאַמלט „חשובע געסט״ פון ווישי און דייטשן. דאָס שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן מיטן פרימאָרגן. אַלע ווערן אַרויסגעטריבן אין ענגען הויף. יעדער ווערט אויסגערופן ביים נאָמען און אין דער ריי גע־שטעלט. שפּעטער פירט מען אַלע גרופּענווייז פאַרביי דעם פּאַדיום פון די געסט. די ערשטע „פאַרשטעלונג״ איז, ווייזט אויס, נישט געלונגען, ווייל דאָס חזרט זיך כסדר איבער אַזוי לאַנג ביז די געסט גיבן אויף דעם זייער הסכמה.

דאָס העסלעך־באַרבאַרישע שפּיל דויערט אַ לאַנגע צייט. זקנים, פרויען און קינדער ווערן אַ גאַנצן טאָג געהאַלטן אונטער דער ברענענדיקער זון, אָן עסן און אָן וואַסער. און ס׳מוז געזאָגט ווערן דער אמת: אויך די פראַנצויזן האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דעם סאַדיסטישן נסיון שפּיל. דערמיט זענען זיי געוואָרן ווירדיקע שותפים פון די נאַציס.

שוין נאָך דער טראַגישער שפּיל זע איך ווי מיינע פריינד, דער ראַבינער ד״ר וויס און דער רב געלערנטער, שטייען אין ווינקל פון הויף און שווייגן. אויך איך שווייג. דאָ, ביים ראַנד פון גהינום האָבן די אַלע ביז איצטיקע שמועסן אונדזערע וועגן גאָט, מענטש און גלויבן שוין קיין זין נישט. דער ענטפער אויף די אַלע פּראָבלעמען איז דאָ אַ נאַקעטער — און אפשר גלויבן זיי נאָך אין צידוק הדין? כ׳האָב ביי זיי קיין ענטפער נישט געמאָנט.

זונטיק אָוונט פּרווו איך מיין מזל. כ׳געפין אַ באַהעלטעניש און באַהאַלט זיך. אַ מידער, שלאָף איך איין אין פאַרגעסנהייט. שפּעט ביי נאַכט געפינט מיך אַ שפּיר־הונט און די פּאָליציי וועקט מיך אויף. איך געפין זיך אין אַרעסט־קאַמער. כ׳בין דאָ נישט אַליין, מען ברענגט כסדר פריש־געכאַפּטע. צווישן די געבערענגטע אין אַרעסט געפינען זיך דער יונגער געלערנטער, הערמאַן פוקס, און פּראָפ. פאַר טעלעפּאַטיע, פּיק. דאָ גלויבן אַלע צו זיין די ערשטע צום טראַנספּאָרט. פון פאַרצווייפלונג פרעגט יעדער ביי פּיקן וועגן זיין גורל. פּיק שווייגט. איך פיל ווי ער קוקט אויף מיר צודרינגלעך. איך נעם אומהיימליך אויף זיין בליק. ער דערנענטערט זיך צו מיר און זאָגט שטיל: „אַלע דאָ גייען, דו וועסט בלייבן״. איך מיין אַז דאָס וויל ער מיך טרייסטן...

מאָנטיק פרי. אַ טראַנספּאָרט־צוג, נוסח דייטשלאַנד, וואַרט שוין פאַרן טויער. די אַקציע ווערט געפירט שנעל (דאָס מאָל שוין נישט קיין פּרווו). עס ווערן אויסגערופן נעמען. היסטעריע. געוויין. מען שלעפּט, מען רייסט די אומגליקלעכע און מען וואַרפט זיי אין די וואַגאָנען אַריין. דער רוב גייט דאָך שטיל. די אויסגערופענע נעמען בליצן נאָך אויף אַ ווייל, מיטן פאַרמאַכן די וואַגאָנען לעשט זיך אויס זייער לעבן.

דער לייטער ק. איז שוין פאַרביי אונדז און מיר — איך און מיין פרוי — זענען נאָך אַלץ דאָ. מען רופט שוין די לעצטע. דער הויף איז שוין אָפּגעליידיקט. די איינצעלנע וואָס זענען דורך עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכן חסד פאַרבליבן, קוקן אויף אונדז מיט שרעק. דער צוג שטייט נאָך, ער וואַרט, ער קען נאָך וועמען פון זיי פאַרשלינגען.

דער צוג וואַרט אויף אונדז צוויי — טראַכט איך. אַזוי טראַכט אויך מיין פרוי. עס ציען זיך מינוטן ווי שעהען — און מיר ווייסן נישט דעם באַשייד. דער זשאַנדאַרם וואָס היט אונדז, קוקט אויף אונדז מיט פאַרוווּנדערונג און אומגעדולד: וואָס קען עס זיין?...

דער ביוראָ־סעקרעטאַר, זשעראַר, קומט אַרויס צו אונדז (ער קען מיך, כ׳האָב פאַר אים האַלץ פאַרגרייט). — מען באַהאַנדלט אייער פראַגע — זאָגט ער מיר — איך קען ליידער נישט העלפן...

צום סוף קומט דער באַפעל אונדז אַוועקצופירן.

אַלע לאַסט־וואַגאָנען זענען שוין פאַרמאַכט, פאַרשלאָסן. דער איינציקער פּאַסאַזשיר־וואַגאָן געפינט זיך אין עק פונעם צוג. דער זשאַנדאַרם עפנט אים אויף — און מיר זענען שוין אינעווייניק.

דאָ געפינען זיך יחסנים מיט וווּנדער־דאָקומענטן. זיי זענען זיכער און פול מיט גלויבן. אַ סימן — זיי זענען נישט מיט אַלע. נאָך אַ סימן — דער וואַגאָן איז ביים עק צוג, כדי אויף אַ באַשטימטער סטאַציע אָנצושליסן אים אין אַ צוג וואָס גייט צו דער שפּאַנישער גרענעץ. בלויז אונדזער אַנוועזנהייט שטערט זיי, מאַכט קאַליע די שטימונג: פאַרמשפּטע צווישן פרייע! — ווער ווייס וואָס דאָס קען ברענגען?



דער צוג שניידט פאַרויס. ברייטע לאַנדשאַפטן לויפן פאַרביי דעם פאַרלוירענעם בליק. מיינע צוויי קינדער שווימען ווי פון אַ נעפּל אַרויס, איך נעם זיי מיט מיטן געפיל.

די נאַכט דעקט אונדז צו. דער צוג טוט זיך אַ טרייסל און בלייבט שטיין. מיטן פרימאָרגן רירט ער ווידער. ער ברענגט אונדז קיין ריוועסאַלט.

## ריוועסאַלט

דער לאַגער, ווי כ׳האָב אים פריער געקענט, דערקען איך נישט מער. דער גרויסער אומהיימלעכער שטח איז איצט אַרומגענומען מיט שטעכל־דראָט און צעצוימט אין קליינע, שמאָלע טיילן, אָנגעפּילטע מיט מענטשן פון יעדן עלטער. ס׳איז די לעצטע סטאַציע אין דער א״ג „פרייער״ ווישי־זאָנע.

ווידער פאַר דער קאָמיסיע. שוין צום לעצטן מאָל. פאַר וועמען עס שימערט נאָך אַ ביסל האָפענונג. איך בין דער לעצטער, ווייל אויך אין טראַנספּאָרט בין איך געווען דער לעצטער. מען פרעגט מיך, מען פאָרשט: אין וועלכער מילי־טערישער איינהייט כ׳האָב געדינט, די דיוויזיע, אויסצייכע־נונג, ווען און ווו און כ׳בין פאַרווונדעט געוואָרן אאַז״וו. מען פאָרשט מיינע דאָקומענטן און מ׳הייסט מיך גיין.

אין דרויסן וואַרטן שוין אויף מיר די „יחסנים״. אויך זיי פאָרשן: אויף וועלכער זייט זענען געליגן מיינע דאָקומענטן, לינקס, רעכטס? צווישן אַ סך, אָדער פאַרקערט. האָט מען זיי געשטראָכן מיט רויט, אָדער בלוי?

איך בין געווען צעטומלט און אויף אַ סך פראַגן נישט געהאַט קיין ענטפער...

ס׳איז ערב יום־כיפּור. אין אַן ענגן חדר פאַרזאַמלען זיך יידן צו כל־נדרי. אַלע בעטן, אַלע וויינען, זיפצן אויס זייער ווייי אין אַ פּרום געבעט: לחיים ולא למוות...

די נאַכט האָט זיך פאַרצויגן מיט חשכות, דער הימל האָט די שטערן באַהאַלטן. מיר געפינען זיך צווישן אַ צונויפ־געדריקטער, דערשלאָגענער מאַסע. מיר שלאָפן נישט. מיר דערטרינקען אונדזער ווייי אין אַלעמענס פּיין. עס וועקן זיך זכרונות פון אַנדערע צייטן. די נאַכט איז אומהיימלעך לאַנג, צעצויגן.

אין דער טיר פון באַראַק בליצט אויף דאָס ליכט פון אַ

טאַשן־לעמפּל. איך זע אַ זשאַנדאַרם, ער רופט אונדז נאָך זיך. אין דרויסן ווינטשט אונדז דער זשאַנדאַרם הצלחה: מיר זענען פריי. ער פירט אונדז איבער אינעם גרויסן, פרייען טייל פון לאַגער, צווישן די שפּאַניער. אין דרויסן דערציילט ער מיר וואָס ער ווייסט. די דערציילונג פירט צוריק קיין לעמיל:

מיינע דאָקומענטן זענען צופעליק אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דעם ווישי־באַאַמטן אין דער קאָמיסיע, וועלכער איז אין דער צייט פון די שלאַכטן געווען דער פאַרבינדונגס־אָפיציר צווישן מיין באַטאַליאָן און זיין דיוויזיע. ער האָט דער־ציילט וועגן דעם העלדן־מוט פון דעם באַטאַליאָן און געבעטן מיין באַפרייונג. דאָרט איז מיין ענין נישט אָפּגעשלאָסן גע־וואָרן, נאָר אַ גוטע המלצה האָט אונדז באַגלייט קיין ריווע־סאַלט — און דאָס האָט אונדז באַפרייט.

מיר זענען פריי. דאָך, ביז מיר געפינען נישט אַן אַדרעס אויף וווין־רעכט און מיטלען צום אויסהאַלטן זיך, זענען מיר נישט פריי פון לאַגער. און פאַרבלייבן דאָ — הייסט זיין תמיד אין פנים פון דער געפאַר. מיין פרוי פאָרט קיין מאַרסעל ביידע זאַכן צו געפינען

יום־כיפור אין דער פרי גייען אָפּ די ערשטע טראַנס־פּאָרטן. זיי ווערן געפירט אין לאַסט־אויטאָס. טויזנטער טרויעריקע אויגן לאָזן שטעקן אין מיר זייער לעצטן בליק. מיין איינזאַם פאַרשעמט געפיל באַגלייט זיי אויף זייער לעצטן וועג.

אינגיכן קומט מיין פרוי צוריק מיט גיפעלשטע פּאַפּירן; זי קומט אין נאָענטן עלנע, אין היים פון שווייצאַרישן רויטן־קרייץ. אונדזער באַקאַנטע היים־פאַרוואַלטערין, עליזאַבעט, ברענגט מיר פון איר אַ בריוו. איך גנבע זיך אַרויס פונעם לאַגער, איבערלאָזנדיק מיינע דאָקומענטן און אַלע מיינע זאַכן אויף הפקר. איך קום אָן קיין עלנע און פון דאָרט פאָרן מיר דורך הונדערטער קילאָמעטער אין גרויס געפאַר קיין מאַרסעל.

פון מאַרסעל זוכן מיר אַ וועג צו דער שווייצער־גרענעץ.

ס׳איז די צייט ווען די אַליִירטע אַרמייען דרינגען אַריין קיין סיציליען, דעם ערשטן טאָג ווען די דייטשן האָבן אויך דעם צווייטן טייל פון פראַנקרייך באַזעצט. אין דער לעצטער מינוט כמעט, ווען יעדע סעקונדע ברענט, האָבן מיר, מיט דער מש־פּחה שטיינמעץ פון אַנטווערפּן — צוזאַמען 8 פּערזאָן געלאָזט זיך אין וועג אַריין צו דער שווייצער־גרענץ. מיר יאָגן זיך מיט די דייטשן — ווער ס׳וועט פריער באַווייזן אָנצוקומען צו דער שווייצאַרישער גרענעץ.

אַ שמוגלער פירט אונדז אין מיטן נאַכט אין די הויכע אַלפּן־בערג. אונדזערע טריט זינקען אין שניי. מיר גייען דורך פינצטערע טונעלן. יעדער שאָרך פון די אייגענע טריט, יעדער אַנטפּלעקטער שאָטן שרעקט אונדז.

מיר שטייען איניקע מעטער פון דער גרענעץ. דער שמוגלער לאָזט אונדז אויף אונדזער אייגענעם גורל און פאַר־שווינדט.

ס׳איז נאַכט. מיר שטייען פאַר אַ הויכער שטעכל־דראָט וואַנט. ווי אַזוי וועלן מיר די וואַנט אַריבערקלעטרן? מיר זענען פול מיט שפּאַנונג — אַ שפּאַנונג פון געפאַר. דאָס האַרץ טיקעט. ווער ווייסט צי ס׳איז נישט די לעצטע מינוט? יעדע צען מינוט דורך איבערן שמאָלן וועג אַ מאָטאָציקל. אַ פּראָ־זשעקטאָר נישטערט אויף רעכטס און לינקס. קיין וועג צוריק איז נישטאָ.

מיר שפּרינגען אַריבער אַ טיפן ראָוו און וואַרפן זיך מיט אימפּעט איבערן פּלויט. פריער די מענער, די פרויען נאָך אונדז. די הענט בלוטיקן, דאָס שטעכל־דראָט רייסט שטיקער פלייש. די קליידער בלייבן הענגען צעריסן.

מיר זענען שוין אויף דער צווייטער זייט.

— האַלט! — סאָלדאַטן מיט געשטירצט געווער רינגלען אונדז אַרום. זייערע מונדירן און טיפע העלמען, זייער שפּראַך. דערמאָנען אונדז די דייטשן. האָט מען אונדז פאַרפירט?.. פונוויטנס זעט זיך די שווייצער־פאָן — און מיר אָטעמען אָפּ לייכטער...



אַלכסנדר

# בלעטלעך פון מיין לעבן

**אין מיינע יאָרן אין די סאָוויעטישע לאַגערן און** אויך אין די נאָך־לאַגער־יאָרן, בין איך דורכגעגאַנגען שבעה מדורי גיהנום. שווער צו גלייבן, אַז אַ מענטש קאָן דורכמאַכן אַזעלכע יסורים און אַרויס אַ גאַנצער. אַ סך אַנדערע האָבן עס טאַקע נישט אויסגעהאַלטן. — און נאָך שווערער איז צו גלייבן אַז נאָך אַזוי פיל פיזישע און מאָראַלישע ליידן קאָן מען נאָך בלייבן מענטש. נישט איינמאָל דאַכט זיך מיר אַז איך חלום אַ בייזן חלום... פון דעסטוועגן וואָלט איך וועגן דעם נישט געשריבן, ווען נישט דער באַוווסטזיין, אַז דאָס זענען ליידן נישט בלויז פון יחידים; כ׳בין זיכער, אַז די דאָזיקע איבערלעבענישן מיינע זענען אַ טייל פון די יסורים און פּיין פונעם רוב יידישע פּליטים פון פּוילן, פאַרפּייניקטע אין די סאָוויעטישע לאַגערן. דאָס גיט מיר כוח און דאָס רעכט אַרויסצוברענגען כאָטש אַ טייל פון די אַלע איבער־לעבענישן.

מיינע 6 יאָר סאָוויעטישע „גאַסטפריינדלעכקייט", צווישן זיי די 16 חדשים סיבירער, לאַגערן, זענען פול מיט בלוטיקע זכרונות — און כ׳שרייב זיי טאַקע מיט בלוט. איך קלייב אויס דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע, וואָס שפּיגלט אָפּ יענע תקופה. סוף זומער 1940 קום איך אָן אין מיין ערשטן לאַגער. מיין ערשטע דערציילונג „יום־כיפּור אין לאַגער" איז טאַקע אַ דערינערונג פון יענע טעג.

דער מחבר

.1

## יום־כפּור אין לאַגער

סוף יוני 1940 בין איך אַרעסטירט געוואָרן אין ביאַ־ליסטאָק צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע יידן פון פּוילן וואָס זענען „אומלעגאַל" אַריבער די פּויליש־סאָוויעטישע גרענעץ. די העכער 5 טויזנט געפאַנגענע יידן ווערן געהאַלטן מער ווי אַ וואָך צייט אין געוועזענע פערד־שטאַלן, אָן אַ פּאַדלאָגע, מיט אַ צעבראָכענעם דאַך, דורך וועלכן ס׳האָט אויף אונדז אַרויפ־געגעגנט. קיין שום בקשה וועגן פאַרריכטן דעם דאַך האָט נישט געהאָלפן. אין געציילטע טעג אַרום קומט צו אונדז אַ פאַרשטייער פון נ.ק.וו.ד. און דערלאַנגט יעדן פון אונדז אַ פּאַפּיר צום אונטערשרייבן.דאָס האָבן מיר באַדאַרפט חתמענען אונדזערע אורטיילן. אין מיין פּאַפּיר, למשל, האָב איך איבער־געלייענט: „אַלס סאָציאַל־געפערלעכער עלעמענט, ווערט איר אויפן אַדמיניסטראַטיוון וועג פאַראורטיילט אויף 3 יאָר אַר־בעטס־לאַגער". פאַרשטייט זיך אַז מיר האָבן אונטערגעשריבן, אַ ברירה האָבן מיר געהאַט? — געווען אויך אורטיילן צו 5 יאָר פאַרן זעלבן „חטא"... אַנדערע האָבן מיך מקנא געווען — אַ קלייניקייט! — האָבן זיי געטענהט — „דזשעצקי סראָק" (אַ קינדערישער אורטייל)...

די לאַגע אין די פערד־שטאַלן איז געווען אַן אומדער־טרעגלעכע. מיר האָבן געליטן פון ענגשאַפט. — ס׳איז פּשוט ניט געווען קיין אָרט פאַר אַזוי פיל מענטשן. אויסער דעם האָט מען אויך געליטן בייטאָג פון היץ און ביינאַכט — פון קעלט. „די צייט איז דער בעסטער רופא", זאָגט דאָס פאָלק. סוף כל סוף האָט מען זיך דערוואַרט אויפן אויסגעבענקטן טאָג — מען זאָל אונדז שוין אַרויספירן פון די שטאַלן צום פאַרשי־קונגס־אָרט...

נאָך אַלע רעוויזיעס ביי וועלכע מ׳האָט אונדז אויסגעטאָן נאַקעטע, געזוכט אין דער הלבשה — אויסטאַפּנדיק יעדן נאָט — אין מויל, אין די ציין און אין די סאַמע פאַרבאָרגנסטע טיילן פון קערפּער, האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אין רייען לויט דער גרייס און באַגלייט פון מיליטער מיט געלאָ־דענע ביקסן און הינט געפירט אונדז צום באַן. ווי אַ מענטש פון נידעריקן ווו‏קס, איז מיר אויסגעקומען צו גיין אין דער לעצטער שורה. נישט האָבנדיק קיין כוח אָנצוהאַלטן שפּאַן מיט דער 5 טויזנט־קעפּיקער מאַסע, פלעג איך אָפּט אָפּשטיין פון דער שורה מיינער. דעמאָלט פלעגן אַריין אין זייער ראָל די הינט... דערפילנדיק זייערע ציינער אין מיינע פיאַטעס, פלעג איך מיט די לעצטע כוחות זיך דערנענטערן צו מיין ריי.

איבערן גאַנצן וועג צו דער באַן זענען פוןביידע זייטן גאַס געשטאַנען ביאַליסטאָקער יידן און באַוויינט אונדזער גורל. זיי האָבן דעמאָלט נאָך נישט געוווּסט וואָסערער גורל עס דערוואַרט זיי אין אַ יאָר אַרום...

פאַרלאָדנט האָט מען אונדז אין פאַרמאַכטע, פאַרקראַטע־וועטע וואַגאָנען, צו 40 מאַן אין אַ וואַגאָן, אָפּגעטיילט מענער פון פרויען. קיין אָרט פאַר אַ פיזיאָלאָגיש געברויך איז אין וואַגאָן נישט געווען. פאַר דעם צוועק איז געווען אויסגע־בויערט אַ לאָך אין דער פּאָדלאָגע און טאָן האָט מען עס געמוזט בפרהסיא — אין די אויגן פון אַלע. וויפל שענדלעכע באַליידיקונג? וויפל פּיין האָט דאָס אונדז פאַרשאַפט? אַזוי זענען מיר געפאָרן העכער 11 מעת־לעת...

דעם גאַנצן וועג האָט אונדז געפּייניקט דער הונגער און נאָכמער דער דורשט. יעדן אינדערפרי, ווי נאָר ס׳האָט גע־נומען טאָגן, פלעגן זיך עפענען די וואַגאָנען און זעלנער מיט געלאָדענע ביקסן האָבן אַריינגעשטעלט אין יעדן וואַגאָן צו 2 קובלעס וואַסער, צוגעשטיילט יעדן אַ טעפּעלע זופּ און 300 גראַם ברויט. ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט פון וואָס די זופּ איז געווען געקאָכט. מיט דעם האָט מען געמוזט לעבן ביז צומאָרגנס באַגינען. מען פלעגט אונדז אָפּט געבן קליינע שטאַרק־געזאַלצענע הערינגלעך. מיר האָבן געוווּסט וואָס עס דערוואַרט אונדז נאָכן אויפעסן זיי. מיר האָבן אָבער נישט געקאָנט גובר זיין דעם יצר־הרע פון הונגער... האָט טאַקע דער דורשט געפּייניקט אונדז ביז משוגעת. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אָנגענומען מיט מוט, און אויף די סטאַציעס, ווו אונדזער צוג פלעגט שטיין־בלייבן האָבן זיי פאַרטויבט דעם אָרום מיט געשרייען: „וואַסער! וואַסער!"

— אָבער אין קול ואין עונה! קיינער האָט אויף די געשרייען נישט געענטפערט.

מיר האָבן בכלל נישט געוווּסט וווּהין מען פירט אונדז. אין די וואַגאָנען האָבן קורסירט פאַרשידענע ווערסיעס. אַ טייל האָט געזאָגט: קיין סיביר, אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז מען פירט אונדז צו די דייטשן, זיי זאָלן אונדז אויסמאָרדן. געווען אויך פאַלן פון פשוטן איזדעקוועון זיך איבער אונדז. נישט איינמאָל פלעגט די וואַך אינמיטן נאַכט, בעת מיר האָבן זיך צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן כדי זיך אַ ביסל צו דער־וואַרעמען און איינדרימלען, — אַרומלויפן אין זייערע גע־טשוועקטע שטיוול אויף די דעכער פון די וואַגאָנען, כדי צו שטערן אונדז דעם שלאָף און אַרויסרופן פחד. אין די 11 טעג פון אונדזער „נסיעה" געדענק איך אַ פאַל, ווען די וואַך האָט אינמיטן נאַכט געעפנט די וואַגאָנען און אונטער דראָונגען און זידלערייען באַפוילן אונדז אויסצוטאָן זיך נאַקעט, כדי צו מאַכן אַ רעוויזיע אין די קליידער. ווען מיר זענען שטיין־געבליבן נאַקעטע, האָבן זיי זיך סאַדיסטיש צעלאַכט און אַרויס פון די וואַגאָנען — קיין רעוויזיע האָבן זיי נישט געמאַכט. די כוונה? — ווער קאָן זיך דערגרונטעווען צו די כוונות פון טייוול? קודם־כל האָט דאָס אונדז ביטער באַ־ליידיקט, שנית האָבן מיר די גאַנצע נאַכט געציטערט פון קעלט. אין דער פינצטער, פאַרשטייט זיך, האָט קיינער נישט געטראָפן צו זיין אַנטועכץ. ערשט אינדערפרי, ביים שיין פון טאָג, האָט מען זיך צעביטן מיט די פאַרטוישטע קליידער.

נאָך 11 מעת־לעת זענען מיר סוף כל סוף אָנגעקומען אין מקום וואָס הייסט קאָטלאַס. ווייטער איז שוין קיין באַנוועג נישט געווען, זענען מיר געשוווּמען אין אַ באַרקע מיטן טייך „וויטשיגדע". געזאָגט האָט מען אונדז, אַז מען פירט אונדז אין אַן אָרט וואָס הייסט אוסטווים און פון דאָרט איז שוין נישט ווייט צום לאַגער, ווו מיר דאַרפן אָפּקומען אונדזער שטראָף...

אויף דער באַרקע האָבן מיר ערשט דערזען, אַז צרות האָבן נישט קיין גרונט. די באַדינגונגען זענען דאָ געווען פיל שווערער, ווי אויף דער באַן. דער הונגער און דער דורשט — פיל גרעסער. ווי אויף די באַן, איז אויך דאָ נישט געווען קיין אָרט פאַר מענטשלעכע באַדערפענישן... און קיין לאָך אין דער פאָדלאָגע האָט מען דאָ נישט געקאָנט מאַכן; דאָס וואַסער וואָלט דאָך אַריין אינעווייניק און אונדז דערטרינקען צוזאַמען מיט דער באַרקע. כדי צו טאָן וואָס מען דאַרף, האָט מען געמוזט אַרויפקריכן אויף אַ לייטער צום באַשטימטן פאַר דעם צוועק אָרט. און אויך דאָ האָט מען באַדאַרפט שטיין אַ לאַנגע צייט אין ריי — אַ סך מאָל העכער אַ שעה צייט. מיר זענען דאָך געווען העכער 5 טויזנט אַרעסטאַנטן. דאָס ערגסטע איז געווען מיט קראַנקע און זקנים. נאָך איצט הער דאָס שטומע געוויין זייערס. ביי אַזעלכע שווידערלעכע באַדינגונגען זענען מיר געשוווּמען 5 מעת־לעת. כאַראַקטעריסטיש, וואָס דווקא דאָ האָט זיך אַנטפלעקט צוזאַמען מיט שרעקלעכער רשעות אויך טיף־מענטשלעכע גוטסקייט. אויף דער באַרקע וואָס איז געשוווּמען זייער פאַמעלעך, האָבן זיך געפונען אַ סך קראַנקע, צווישן זיי אויך אַזעלכע וואָס האָבן הויך געוויינט און גע־קרעכצט פון שלאָף. אַ טייל איז אין גאַנצן נישט איינגעשלאָפן, נאָר געוויינט און געקרעכצט אין דער שטיל. פלעגן זיך טרעפן ווילע־יונגען (אַממערסטן פון דער לאָדזשער אונטער־וועלט), וואָס פלעגן אפילו שלאָגן די דאָזיקע אַלטע און קראַנקע פאַרן שטערן זייער שלאָף. געווען אָבער אויך פונקען פון אומ־געהויער־מענטשלעכער גוטסקייט. כ'געדענק אַ פאַל ווען אינמיטן נאַכט האָט אונדז פלוצעם אויפגעוועקט אַ שרעקלעך געוויין פון אַן אַלטן ייד, וואָס האָט זיך געקורטשעט פון יסורים אין בויך: ער קען זיך שוין מער נישט איינהאַלטן... לעבן אים איז געשטאַנען אַ הויכער, יונגער בחור און געבעטן זיך ביי אים:

— ר' ייד, מאַכט אַריין אין שטיוול... איך וועל אים שוין נאָכדעם אויסרייניקן...

דער ייד, מיינענדיק אַז מען חוזקט פון אים, האָט זיך נאָך מער צעוויינט. אָבער ווי נאָר דער יונגערמאַן האָט אַ געשריי געטאָן: „איך זאָל אַזוי דערלעבן צו זען מיין איינציק קינד, וואָס כ'האָב איבערגעלאָזט ביי היטלערן, אַז איך מיין עס ערנסט!" און מיט כוח אַריבערגעזעצט דעם אַלטיטשקן איבערן שטיוול — האָט דער זקן אַרומגענומען דעם יונגן בחור, געקושט אים און געהאַלדזט. איבעריק צוצוגעבן אַז מיר אַלע וואָס האָבן זיך צוגעקוקט צו דעם בילד האָבן גע־וויינט אין דער שטיל...

אָנגעקומען אין אוסטווים זענען מיר אין אַ פאַרנאַכט. דאָ האָבן אויף אונדז געוואַרט שוין באַראַקן, אין וועלכע מיר האָבן איבערגענעכטיקט. טראָץ דער שטאַרקער מידקייט אונדזערער, זענען מיר נישט געשלאָפן צוליב דער פרישער צרה: וואַנצן. די באַראַקן זענען פאַרפלייצט געווען פון טויזנטער וואַנצן, וואָס האָבן געביסן אונדזער לייב און נישט געלאָזט איינדרימלען. מיר האָבן זיך דערפילט גליקלעך ווען אינדערפרי זענען אָנגעקומען אויטאָס און אָוועקגעפירט אונדז אין געדיכטע אורוועלדער, אין וועלכע דער שאָפער האָט שווער געפונען דעם וועג. געפירט האָט מען אונדז בערך צוויי מעת־לעת. ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען אין 16־טן לאַגער־פונקט. דאָרט האָבן מיר געטראָפן עטלעכע צענדליק רוסן — אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן אויפגעבויט די פאַלאַטקעס, די קיך, צוגרייטנדיק אַזוי־אַרום די „באַדינגונגען" פאַר די פרישע אַרעסטאַנטן. דער לאַגער האָט זיך געפונען טיף אין וואַלד, מען האָט נישט געזען גאָרנישט, בלויז הימל און וואַלד.

אין לאַגער זענען מיר אָנגעקומען פאַרנאַכט. די זון האָט זיך שוין גענומען נייגן צו מערב. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, טוליענדיק זיך קעגנזייטיק ווי שעפסלעך. פון אונדזערע אויגן האָט אַרויסגעקוקט פחד און בענקשאַפט. די נעכט זענען געווען שוין קאַלטע און ס'איז נישט געווען מיט וואָס זיך צוצודעקן, האָט מען טאַקע געציטערט, פון שרעק, צי פון קעלט?...

געאַרבעט האָבן מיר אין וואַלד ביי „האַקן ביימער" ד"ה אומוואַרפן ביימער, אָפּהאַקן די צווייגן, צעזעגן נאָכדעם די ביימער לויט די אָנווייזונגען פון בריגאַדיר און די צווייגן פאַרברענען. די נאָרמע איז געווען אַ הויכע: 6 קוביק מעטער אין 12 אַרבעטס־שעהען. דערביי האָט מען געמוזט גיין צופוס, צו דער אַרבעט און צוריק, 12 קילאָמעטער בערך. בלויז דער וועג האָט פאַרמאַטערט. ביזן אָנקומען אין וואַלד־אַריין איז שוין ניט געבליבן קיין כוחות אומצוּוואַרפן די ביימער. האָבן טאַקע די שוואַכע צווישן אונדז געקראָגן אַ שטראַף־קעסל פון 300 גראַם ברויט. נאָך 12 שעה אַרבעט, צוריקקומענדיק אין לאַגער, האָט מען נישט באַקומען גאָרנישט — אפילו קיין ביסל וואַרעם וואַסער נישט. צו דעם האָט נאָך אַלעמען גע־פייניקט דער צער און זאָרג וועגן גורל פון אונדזערע משפחות ביי היטלערן. מיר האָבן זיך באַוויגן ווי שאָטנס, כמעט

נישט געגרעדט צווישן זיך, מיט געבויגענע קעפּ פאַרזונקען טיף אין די אייגענע מחשבות און יסורים...

אין אונדזער לאַגער האָט זיך געפונען אַ ייד אַ געוועזענער ראש־הקהל פון אַ קליין שטעטל ביי פּלאָנסק (דער נאָמען פון שטעטל און פון ייד איז מיר אַרויס פון זכרון), אַ ייד אַ גרויסער בן־תורה און הדרת־פּנים. פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעלויכטן אַ סך גוטסקייט. די אַלע גרוילן און קאָשמאַרן האָבן נישט באַוויזן דאָס דאַזיקע ליכט צו פאַרלעשן. נישט איינמאָל בין איך נאָך אַ שמועס מיטן דאַזיקן יידן אַוועק פון אים אַ געלייטערטער, אַ האָפענונגספולער. דאָס אַלץ האָט עדות געזאָגט אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ גרויסע עטישע פּערזענלעכ־קייט. כ'געדענק אין איינעם אַ פאַרנאַכט, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט זענען מיר, אַ גרופּע יידן, געשטאַנען אַזוי און גע־שמועסט מעניני דיומא... פּלוצעם דערזעען מיר פונווייטנס ווי דער דאָזיקער ייד, דער געוועזענער ראש־הקהל דערנענ־טערט זיך צו אונדז. מיר האָבן זיך אַלע דערפרייט. אַלע אין לאַגער האָבן אים געקענט און אַלע האָבן אים ליב געהאַט — געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ. אַז ער איז שוין געווען אין אונדזער מיט, האָט ער אָנגעהויבן:

— „יידן, טייערע יידן! וואָס איז מיט אייך? וואָס זענט איר אייך מייאש? ווייסט איר אַז אין עטלעכע טעג אַרום איז ראש־השנה? איר וועט זען, טייערע יידן, ישועות השם כהרף עין! דער רבש"ע איז אַן אל רחום וחנון! זייט נישט טרויעריק! לאָמיר באַשליסן, טאַקע שוין דאָ אויפן אָרט, אַז אין יום־טוב הבע"ל זאָלן מיר זיך נאָך דער אַרבעט צונויפ־קומען און מתפּלל זיין בציבור. גיט עס איבער פון אויער צו אויער צו יעדן יידן".

אין 16־טן לאַגער־פּונקט האָבן זיך געפונען כמעט בלויז יידן — העכער 500 יידן. די איבעריקע 4.500 געפאַנגענע פּליטים פון ביאַליסטאָק האָט מען צעשיקט אין פאַרשידענע אַנדערע לאַגערן. כדי צו פאַרשטיין ווי־אַזוי ס'איז בכלל מעגלעך געווען, אַז מען זאָל אין לאַגער קענען אַזעלכעס דורכ־פירן, מוז אויפגעקלערט ווערן אַז לויטן לאַגער־געזעץ האָט קיין זעלנער פון דער וואַך נישט געטאָרט אַריינקומען אין לאַ־גער מיט געווער. אַפילו אַן געווער האָט מען זעלטן אין לאַגער געזען אַ מיליטער־מאַן.

דער ראש־הקהל האָט גערעדט צו אונדז שטיל, און בעתן ריידן זענען אים טרערן געשטאַנען אין די גרויסע, ליכטיקע אויגן. קיינער פון אונדז האָט נישט געענטפערט אויף דעם יידס פאָרשלאָג. בלויז שטילע קרעכצן האָבן באַשטעטיקט, אַז די רייד פון דאַזיקן איידעלן ייד זענען אַ היילונג פאַר די צעפּייניקטע הערצער פון די אומגליקלעכע יידן. — — —

דער ראש־השנה איז אַריבער. קיינער האָט נישט געוואָגט צו טאָן עפּעס וואָס זאָל אויסטיילן דעם טאָג פון אַלע אַנדערע גרויע טעג. גרויס איז געווען די נידערגעשלאָגנקייט, נאָך גרעסער דער פּחד! עס זענען פאַריבער נאָך עטלעכע טעג. מיר האָבן צווישן זיך נישט גערעדט, אָבער אין האַרץ האָט יעדער איינער געפילט אַז ס'דערנענטערט זיך דער גרויסער טאָג — יום־כיפּור.

עפּעס אַ מאָדנע צערודערונג איז געשטאַנען אין לאַגער...

די געדיכטע האַרבסטיקע וואָלקנס וואָס האָבן פאַר־פינצטערט אונדזערע טעג זענען עפּעס לויטערער געוואָרן. דער נאָסער שניי, וואָס איז שוין געפאַלן עטלעכע טעג אין וואַלד און מיט זיין „טערפּקער" קעלט זיך־איינגעגעסן אין די ביינער איז אויף פאַר יום־כיפּור ווי מילדער געוואָרן. אויף דער וואַלד איז אונדז געוואָרן היימיש, ער האָט אונדז אויפגע־הערט צו שרעקן... טיף אין האַרצן האָסטו דערפילט די נשמה פון יעדן בוים. די באַרירונג מיטן וואַלד דערנענטערט דיך צו גאָט...

געוועזן איז עס ערב יום־כיפּור פאַרנאַכט. מיט העק און זעגן אויף די פּלייצעס זענען מיר מידע, צעבראָכענע און הונ־געריקע אָנגעקומען פון וואַלד. אָפּגעגעסן דאָס ביסל זופּ, וואָס יעדער האָט באַקומען לויט זיין אויסגעאַרבעטער נאָרמע, איז מען שטיל, נישט אָפּגערעדטערהייט אַוועק אין באַראַק פון ראש־הקהל. דאָרט האָבן מיר שוין געטראָפן אַ גרופּע יידן, וואָס איז געהאַט אָנגעקומען פון וואַלד אַביסל פריער. ווי נאָר די זון האָט זיך געזעצט און די שקיעה האָט אָנגעצונדן דעם וואַלד ווי אַ צייכן אַז דער יום־הדין הייבט אָן, האָבן אַלע זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל (געווען זענען מיר בערך 200 יידן) און דער ראש־הקהל האָט אָנגעהויבן זאָגן כל־נדרי.

איך וועל דאָס בילד קיינמאָל נישט פאַרגעסן: אַן עדה יידן, אָן אַ סידור, אָן אַ מחזור, אָן טליתים און אָן ליכט שטייט געטוליעט איינער צום צווייטן, דער רוב וויינט און וויינענדיק זאָגט יעדער כל־נדרי... צו אַזאַ הייליקער תפילה, צו אַזאַ שברת־הלב און השתפכות הנפש איז אַ מענטש זעלטן זוכה... אין מיטן דער תפילה האָט ווער פּלוצעם אַ זאָג געטאָן:

— יידן, אַ גרופּע רוסן, מענער און פרויען, דערנענטערט זיך צום באַראַק...

— אוודאי אַ מסירה! האָבן אַנדערע געזאָגט.

איידער מיר האָבן נאָך באַוויזן עפּעס וואָס צו טאָן, האָט זיך שטיל געעפנט די טיר און עטלעכע רוסן מיט זייערע פרויען האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אין צווייטן באַראַק־ווינקל. קיינער פון די מתפּללים האָט זיך פון אָרט נישט גערירט. קיינער האָט זיין תפילה נישט איבערגעריסן, הגם יעדער האָט געוווּסט וואָס ס'דערוואַרט אים פאַר אַ געזעץ־ברוך פון דעם מין... די רוסן זענען אַזוי געשטאַנען אַ לענגערע צייט און אַוועק. אַרויס־געוויזן האָט זיך, אַז דאָס זענען געווען יידישע פרויען מיט זייערע מענער — רוסן, וואָס אַרבעטן אין לאַגער אַלס א"ג „וואָלנע נאַיעמנע" (פרייע אַרבעטער), נישט קיין אַרעסטאַנטן. אייניקע אונדזערע יידן האָבן אַליין געזען ווי אַ טייל פון די פרויען האָבן געוויינט.

בעת מיין צוריקגיין אין באַראַק איז צו מיר צוגעקומען אַ ייד און זיך פאָרגעשטעלט אַלס מיטאַרבעטער פון דער „היינט"־אַדמיניסטראַציע — פּזשעפּיורקאַ:

— יונגערמאַן, — האָט ער צו מיר געזאָגט — שוין אַ לענגערע צייט ווי איך קלייב זיך צו ריידן מיט אייך. כ'האָב שוין עטלעכע מאָל געהערט אייך. — געהערט אייערע ווער־טער פון טרייסט און האָפענונג. דאָס נישט אַריינפאַלן אין יאוש איז אַ גרויסער און טיפער ענין. איצט, נאָך כל־נדרי, האָב איך באַשלאָסן אייך עפּעס פאַרצולייגן. זאָלן מיר זיך געבן תקיעת־כף מאָרגן נישט צו אַרבעטן, ד"ה אין דער פרי וועלן מיר אַרויסגיין מיטן געצייג אויף אַרבעט, אָבער אויפן אָרט וועלן מיר אַוועקלייגן די העק מיט די זעגן און אַ גאַנצן טאָג נישט אַרבעטן. מיר וועלן זיך האַלטן צוזאַמען און אויף וויפל מיר פאַרגעדענקען די תפילות — שטילערהייט מתפּלל זיין. כ'האָב מסכים געווען, געגעבן אים תקיעת־כף און אינ־דערפרי, ווי נאָר מיר זענען אָנגעקומען אויפן אַרבעטס־פּלאַץ, האָבן מיר אַוועקגעלייגט די אינסטרומענטן און נישט געאַרבעט. דער וואַכמאַן, וואָס האָט דאָס באַמערקט, האָט אונדז געפרעגט:

— פאַרוואָס אַרבעט איר נישט?

— מיר זענען קראַנק — איז געווען אונדזער תשובה.

— נישט אמת! — האָט זיך דער זעלנער צעשריגן. — ביי אונדז אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד שיקט מען נישט אַרויס קיין קראַנקע אויף אַרבעט. אייער געפינען זיך דאָ, איז אַ סימן אַז איר זענט געזונט, נאָר ווילט נישט אַרבעטן... איך וועל אייך אַ גאַנצן טאָג נישט צולאָזן צום פייער און פאַרנאַכט, ווען מיר וועלן צוריקקומען אין לאַגער, איך מעלדן ביי דער לאַגער־וואַך...

וואָס עס הייסט „מעלדן ביי דער לאַגער־וואַך" האָט יעדער אַרעסטאַנט געוווּסט. קודם־כל האָט עס געהייסן פאַרלירן די פייקע ברויט. והשנית — גיין אויף אַ גאַנצער נאַכט אין קאַר־צער אַריין. קאַרצער איז פאַר די אַרעסטאַנטן געווען אַ שרעק־וואָרט. דאָס איז געווען אַ גרוב פון עטלעכע מעטער די ברייט און עטלעכע מעטער די טיף — ממש אַ קבר. דעם פאַר־זינדיקטן אַרעסטאַנט האָט די וואַך געהאַט רעכט אָן דין־ומשפט אַריינצוּוואַרפן אין דעם גרוב אויף 24 שעה...

מיר האָבן דעם זעלנער נישט געענטפערט אויף זיינע געשרייען און ווייטער נישט געאַרבעט.

אַ גאַנצן טאָג האָט דעמאָלט געשנייט. דער נאָסער שניי האָט דורכגענעצט די קופּייקע, די וואַטענע הויזן, דאָס לייב. מיר האָבן נישט געהאַט דאָס רעכט צו דערנענטערן זיך צו די גרויסע „קאָסטיאָרן" (פייערן) אָפּצוטריקענען אַ ביסל אונדזער הלבשה. די זעלנער האָבן אונדז צום פייער נישט צוגעלאָזט. דער שניי האָט צו ביסלעך אַריינגעדרינגען אויך אין די שיך. זענען מיר געשטאַנען אַזוי אַ גאַנצן יום־כיפּור־דיקן טאָג אין שניי, געציטערט פון קעלט און נעץ מיט אַ תפילה אויף די ליפּן.

דער סאָלדאַט האָט געטאָן ווי ער האָט געזאָגט. ביים אַריינגאַנג אין לאַגער האָט ער אונדז געמאָלדן פאַר דער קאָמענדאַנטור אַלס „אָטקאַזשטשיקעס", ד"ה אַז מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן. דאָס ברויט האָבן מיר נישט באַקומען. האָט אונדז דער קאָמענדאַנט געמאָלדן מיר זאָלן גרייט זיין נאָכן אָפּטריקענען זיך צו גיין אויף אַ גאַנצער נאַכט אין קאַרצער אַריין. די יידן אין באַראַק האָבן אונדז צוגעלאָזט די ערשטע צום גרויסן אויוון, כדי אײדער מען קומט אונדז נעמען זאָלן מיר נאָך באַוויזן אָפּצוטריקענען עטוואָס אונדזערע קופּייקעס און הויזן. מיר האָבן זיך דערווייל אויסגעצויגן אויף דער נאַרע כדי אויסצוגלייכן אַ ביסל די מידע, צעבראָכענע ביינער. איך ווייס נישט ווי לאַנג מיר זענען אַזוי געלעגן, קיין זייגער האָט אין לאַגער נישט געטאָרט זיך געפינען. דערפאַר, געדענק איך, ווען דער סאָלדאַט איז אַריין אין באַראַק אונדז נעמען, האָט ער אונדז אויפן וועג שטילערהייט געזאָגט:

„סלושייטיע רעביאַטאַ!" (הערט, קינדער). איצט איז שוין שפּעט ביינאַכט. איך וואָלט אייך אין קאַרצער שוין נישט גענומען, כ'האָב אָבער מורא פאַרן זעלנער וואָס האָט מיר געמאָלדן אַז איר האָט היינט נישט געאַרבעט. ער קאָן מיך נאָך מסרן... כ'בין געקומען שפּעט, כדי איר זאָלט באַוויזן זיך אָפּצורוען און איבערטריקענען אייער הלבשה. — האָט איר אַזוי געטאָן?... ער האָט אַרויסגענומען פון אונטער זיין קופּייקע צוויי גרויסע פייקעס ברויט, דערלאַנגט זיי אונדז זאָגנדיק:

— עסט, קינדער, עסט אויף ביז איך וועל אייך צופירן צום קאָמענדאַנט פון קאַרצער. אַנדערש, וואָלט ער דאָס ביי אייך אָפּגענומען...

אַזאַ האַרציקייט, אַזאַ צדקות מצד אַ זעלנער פון דער לאַגער־וואַך האָבן מיר נישט דערוואַרט. די דאָזיקע באַציונג האָט ביי אונדז אַרויסגערופן טרערן.

אין דער פרי, ווען די מחנה האָט זיך געגרייט אַרויסצוגיין אויף אַרבעט, האָט מען אונדז באַפרייט פון קאַרצער און אַנגעשלאָסן אין די שקלאַפן־רייען. אָן ברויט, אָן אַ טראָפּן וואַרעם וואַסער זענען מיר אַרויס אין וואַלד אַריין אויף אַרבעט.

דער דאָזיקער יום־כיפּור האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון מיט אַלע פּרטים פון מיינע איבערלעבונגען אין יענעם טאָג. אין אַלע צייטן פון מיין לעבן, סיי אין פרייד, סיי אין צער חלילה, שווימען זיי אויף אין מיר — די דאָזיקע זכרונות — און וועקן אויף טיפע בענקשאַפטן. און אַ מנהג איז ביי מיר אַרויסצוגיין יעדן יום־כיפּור ביינאַכט ווייטער פון שטאָט, ווייטער פון מענטשן און אָפּגעזונדערט — טראָג איך אין דמיון זיך איבער צו יענער צייט, צו יענעם אָרט צו יענע יידן, צו זייער תפילה און געוויין וואָס גייט מיר נאָך ביזן היינטיקן טאָג ווי אַ שאָטן.

.2

# מיין צווייטער אַרעסט

אין די הענט פון די נ.ק.וו.ד. און אַרויס בשלום

נאָכן אָפּזיצן אין די סאָוועטישע לאַגערן קרוב צו 16 חדשים, בין איך צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע פּוילישע בירגער באַפרייט געוואָרן סוף אויגוסט 1941 אויפן סמך פון אָפּמאַך צווישן פּוילישן פּרעמיער־מיניסטער אין לאָנדאָן, גענעראַל שיקאָרסקי, מיט דער סאָוועטישער רעגירונג. די טויערן פון לאַגער האָבן זיך אין אַ שיינעם פרימאָרגן געעפנט און מען האָט אונדז געזאָגט: איר זענט פריי און קענט גיין וווהין איר ווילט. אויפן וועג האָט מען אונדז מיטגעגעבן עטלעכע פייקעס ברויט מיט הערינג, ביי די וואָס זייער הלבשה, אָדער שיך זענען געווען שטאַרק צעריסן, האָט מען זיי געטוישט אויף בעסערע און דער עיקר וואָס מען האָט מיטגעגעבן אויפן וועג איז געווען אַ פּאַפּיר, אויף רוסיש האָט עס געהייסן אַ „אודאָס־טאָוואָרעניע" אַז מיר זענען פּאָליאַקן, געוועזענע אַרעסטירטע און איצט באַפרייטי אויפן סמך פונעם אָפּמאַך פון אויבערשטן־סאָוויעט מיט דער פּוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן. וווהין צו גיין האָבן מיר נישט געוווּסט, האָבן מיר דערפאַר געוואַנ־דערט לענג־אויס דעם וואַלד. טיף אין וואַלד האָבן מיר מורא געהאַט אַריינצוגיין כדי נישט צו פאַרבלאָנדזשען. דער וואַלד איז געווען פול מיט שוואַרצע יאַגדעס, האָבן מיר זיך טאַקע דערנערט פון די יאַגדעס און זיך דערמאָנט אין דער אַלטער היים ווו מען פלעגט זומער יעדן פרייטיק עסן יאַגדע־קיכלעך...

העכער 500 יידן זענען מיר געווען אין לאַגער בעת דער באַפרייונג, מען זאָל זיך האַלטן אַלע צוזאַמען איז געווען אוממעגלעך, האָבן זיך דערפאַר אויפן וועג, פון זיך אַליין, געשאַפן גרופּקעלעך צו 3 אָדער 4 מענטשן וואָס האָבן באַשלאָסן צוזאַמען טיילן זייער גורל איבערן וועג פון זייערע וואַנדערונגען. אין זכרון איז ביי מיר געבליבן נאָר איינער פון מיין גרופּע, דאָס איז געווען אַ לאָדזשער ייִנגער בחור פון אַ יאָר 18, ווינטער האָט ער געהייסן. די כוונה פון אונדזער וואַנדערן איז געווען צוצוקומען ערגעץ צו אַ קאָלכאָז און דאָרט אין קאָלכאָז זיך באַראַטן מיט די קאָלכאָז־אָנפירער וואָס מיר זאָלן טאָן כדי אָנצוקומען ערגעץ צו אַ יישוב. העכער צוויי

מעת־לעת האָבן מיר אַזוי געוואַנדערט, דאָס ברויט מיט די הערינג זיינען שוין לאַנג געווען אויפגעגעסן. האָט שוין אויסער די מידקייט, אָנגעהויבן מאַטערן אויך דער הונגער און די פאַרצווייפלונג, וואָס וועט זיין מיט אונדז?! מיר האָבן אויסגעהאַלטן אין לאַגער, ביי שווידערלעכע פרעסט וואָס האָבן אַ סך מאָל דערגרייכט קרוב צו 50 גראַד צעלזיוס, זאָלן מיר שטאַרבן איצט, דווקא נאָך דער באַפרייונג?

איצט ווען די סאָוועטן זיינען אויך צוגעטרעטן צו דער קריג קעגן דייטשלאַנד, האָט זיך דער פּאָר אַזוי שטאַרק געגלויבט אַז די מפּלה פון דייטשלאַנד איז נאָענט. וואַנדערנדיק אַזוי, יעדער איינער פאַרטיפט אין זיינע מחשבות, האָבן מיר פּלוצלינג פון דערווייטנס דערזען הייזקעס, אַ סימן פון אַ ישוב. האָבן מיר מיט שנעלע טריט אָנגעהויבן גיין אין דער ריכטונג פון דעם ישוב. באַשלאָסן האָבן מיר אַז אָנקלאַפּן אין די הייזקעס זאָלן נאָר צוויי מענטשן. יעדע גרופּע צו צוויי זאָלן גיין באַזונדער, אין באַזונדערע ריכטונגען, כדי נישט אַרויסצורופן קיין בהלה ביי די איינוווינער. איך מיט דעם ייִנגן לאַדזשער בחור האָבן אָנגעקלאַפּט אין ערשטן הייזל פון דאָרף, מיר האָבן לאַנג געקלאַפּט און קיינער האָט נישט געענטפערט, אָבער ווען מיר האָבן שוין געוואָלט אַוועקגיין כדי צו דערנענטערן זיך צו אַ צווייט הייזל, האָבן מיר דערהערט ווי עס עפענען זיך די ריגלען פון דער אַנדערער זייט טיר און ווי נאָר די טיר האָט זיך געעפנט איז געבליבן שטיין פאַר אונדז אַ מענטש אין מיטעלן עלטער, אין וועלכן מיר האָבן גלייך דערקענט אַ ייד... אויך ער האָט אין אונדז דערקענט יידן. כאָטש מיר האָבן שוין לאַנג נישט געהאַט קיין פּנים פון קיין מענטשן... סיי אונדזער אויסגעדאַרטקייט, סיי אונדזער הלבשה, האָט גורם געווען אַז מיר האָבן בכלל פאַרלוירן יעדן צלם אלהים! דאָך האָט דער ייד דערקענט, אפשר אין אונדזערע אויגן, אַז מיר זענען יידן.

דאָס ערשטע וואָרט וואָס ער האָט אַרויסגערעדט, בעסער געזאָגט: אַרויסגעשריגן, איז געווען: „אוי! צוויי יידן! מרים, שנעלער, קום אַראָפּ, צוויי יידן זענען דאָ". פון איבעראַשונג האָט ביי אונדז ביידע כמעט ווי אָפּגענומען דאָס לשון, אָנשטאָט עפּעס צו ריידן, האָבן מיר אָנגעהויבן צו וויינען... אַרויסגעוויזן האָט זיך אַז דער ייד איז דאָ געווען מיט זיין פרוי און 2 קינדער אַלס פאַרשיקטער, נישט אַלס אַרעסטאַנט נאָר אַ פאַרשיקטער אויף אַ „פּאָסיעלאָק". דער ייד האָט אונדז שוין נישט אַרויסגעלאָזט און אונדז איבערגעגעבן אַז גאָר בקרוב דאַרף אָנקומען אַ שיף, וועט ער אונטערהאַנדלען מיטן נאַטשאַלניק פון „פּריסטאַן" אַז בעתן אָנקומען פון דער שיף זאָלן מיר זיך קענען ווי עס איז אַריינגנבענען אינעווייניק און אויב מען וועט נאָר זיין אינעווייניק האָבן מיר גאָר נישט וואָס מורא צו האָבן. די שיף האָט געדאַרפט פאָרן ביז דער הויפּטשטאָט פון קאָמי־א.ס.ס.ר. — סיקטיפקאַר. אויב מען וועט נאָר זיין אין סיקטיפקאַר, זענען מיר שוין גערעטעוועטע, פון דאָרט איז שוין אַ סך לייכטער אָנצוקומען מיט „באַרקעס" ביז קאָטלאַס. און פון קאָטלאַס גייען שוין באַנען, מיט וועלכע מיר וועלן קענען דורכפאָרן די אוראַלער בערג, ביז דרום־רוסלאַנד, ביז אוזבעקיסטאַן.

די קאָמער זענען אַ מאַנגאַליער־שבט, קליין געוויקסיקע און ברייטע. זיי דערנערן זיך אַממערסטן פון יאַגד. די 3 חדשים זומער באַאַרבעטן זיי די פעלדער, פאַרזעצן ציבעלעס, קליינע ווי ניסלעך, קאַרטאָפל, האָדעווען חזרים, קי און אַזעלכע קליינע פערדלעך. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן זיך דערפרייט פון דעם יידס פאַרשלאַג און כדי צו פאַרדינען אונדזער שטיקל ברויט, האָבן מיר געהאַקט האָלץ און געטאָן אַלע אַנדערע אַרבעטן כדי כאָטש איינמאָל אין טאָג צו קענען עסן אַ ביסל אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל. געהונגערט האָבן מיר שוין נישט, אָבער מיר זענען אויך נישט געווען זאַט, האָבן מיר אַזוי געוואַרט, — כ'געדענק שוין נישט ווי לאַנג — און די ישועה איז געקומען. דער נאַטשאַלניק פון „פּריסטאַן" האָט אונדז געמאָלדן מיר זאָלן זיין גרייט, אינמיטן דער נאַכט דאַרף אָנקומען די „באַרקע" און ער וועט שוין זען מיר זאָלן זיך קענען אַריינכאַפּן!.. ווי גרויס איז געווען אונדזער פרייד ווען דער ייד האָט אונדז געמאָלדן אַז אויך ער מיט זיין פרוי און קינדער האָבן באַשלאָסן מיט צופאָרן מיט אונדז אויף דער שיף. עס איז אים פאַר מיאוסט געוואָרן צו זיין דאָ אין קאָלכאָז. גרויס איז געווען זיין פּחד פאַרן ווינטער! פאַרט ער דערפאַר צוזאַמען מיט אונדז קיין סיקטיפקאַר און פון דאָרטן האָפט ער וועט ער קענען בשלום אָנקומען קיין אוזבעקיסטאַן, ווו דער קלימאַט איז אַ וואַרעמער.

די שיף איז אָנגעקומען. מיר אַלע זיינען בשלום אַריין אינעווייניק, אויסגעלייגט זיך אויף דער ערד אַרום דער דאָזיקער יידישער משפּחה, כדי צו העלפן איר היטן פון גניבות דאָס ביסל זאַכן וואָס זי האָט נאָך געהאַט מיט זיך, ווי בעטגעוואַנט, אָנטועכץ, שוכוואַרג. געפאָרן זענען מיר 5 טעג און 5 נעכט. הונגעריקע, דערשלאָגענע זענען מיר סוף, סוף אָנגעקומען קיין סיקטיפקאַר. דאָ האָבן מיר זיך מיט דער משפּחה האַרציק געזעגנט און אַרויס זוכן יידן.

אויפן טאָלטשאָק האָבן מיר שוין געטראָפן, הונדערטער,הונדערטער פּוילישע יידן, באַפרייטע פון די אַרומיקע לאַגערן, וואָס האָבן פּונקט ווי מיר געוואַנדערט דורך די וועלדער און אָנגעקומען קיין סיקטיפקאַר. דאָ האָב איך אויך געטראָפן אַ באַקאַנטן חבר מיינעם פון וואַרשע. מיט זיין הילף איז מיר, צוזאַמען מיט מיין חבר ווינטער, געלונגען זיך אַריינצוכאַפּן אין אַ באַרקע וואָס איז אָפּגעשוווּמען קיין קאָטלאַס.

אין קאָטלאַס האָבן מיר שוין געטראָפן נישט קיין הונדערטער נאָר טויזנטער פּוילישע יידן באַפרייטע פון די לאַגערן. אַ טייל האָט זיך שוין באַוויזן דאָ איינצואָרדנען און געטראַכט אַפילו דאָ איבערצווווינטערן און ערשט אויפן זומער צו וואַנדערן ווייטער אין דרום־רוסלאַנד. דער גרעסטער טייל אָבער האָט געזוכט מעגלעכקייטן צו קענען אָפּפאָרן וואָס שנעלער, נאָך איידער עס קומען אָן די גרויסע פרעסט מיט די שרעקלעכע שניי־שטורמען, וואָס שטעלן כמעט אָפּ אויף אַ לאַנגער צייט יעדע קאָמוניקאַציע. אין קאָטלאַס זענען מיר געווען בלויז עטלעכע טעג. כדי פּשוט נישט צו שטאַרבן פון הונגער, האָבן מיר אָנגעהויבן האַנדלען מיט ברויט. אין אָנהויב האָב איך פאַרקויפט מיין געזעצלעכע פּייקע וואָס כ'האָב געקריגן אויפן סמך פון מיין דאָקומענט — די „אודאָסטאָווערעניע". דער אונטערשיד אין דעם פּרייז איז געווען אַ קאָלאָסאַלער: פון איין רובל ביז 180 רובל אַ קילאָ. דער האַנדל מיט ברויט איז געווען שטרענג פאַרבאָטן, פונדעסטוועגן האָבן אַלע געהאַנדלט. סיי די פּאָליציי און סיי די נ.ק.וו.ד. האָבן זיך געמאַכט אַוועקקוקן! זייער אָפט האָבן זיי אַליין געקויפט ברויט אויפן „טאָלטשאָק". גענעכטיקט האָבן מיר אין וואָקזאַל.

איינמאָל אין אַ באַגינען איז אָנגעקומען אַ באַן וואָס האָט געדאַרפט פאָרן ביז טאַשקענט, די הויפּט־שטאָט פון אוזבעקיסטאַן. האָבן מיר אַריינגעשטעקט אין יד אַריין פונעם באַן־

פירער עטלעכע מטבעות און מיר זיינען אַריין אין באַן. די ערשטע גרויסע שטאָט אין וועלכער מיר זענען אָנגעקומען איז געווען קיראָוו. דאָ האָבן מיר געהאַט מזל. אויפן סמך פון אונדזער דאָקומענט האָבן מיר אויפן וואָקזאַל געקריגן אַ פּייקע ברויט מיט אַ זופּ. אַ האַלבע פּייקע האָבן מיר באַלד פאַרקויפט און שוין געהאַט אַ ביסל געלט. דאָס געלט האָבן מיר געדאַרפט כדי צו קענען אויסקויפן די באַקומענע זופּ, אויף וועלכער מען פלעגט דאַרפן וואַרטן אין ריי גאַנצע שעהען.

פון קיראָוו בין איך אָפּגעפאָרן מיט אַ באַן ביז מאָלאָטאָוו.

מאָלאָטאָוו איז איינע פון די באַרימטסטע שטעט אויף אוראַל. שיין סיי אין איר אַרכיטעקטאָנישן געבוי, סיי מיט אירע ווונדערבאַרע גערטנער. אין מאָלאָטאָוו איז שוין דער ווינטער געווען אין פולן ברען. דער פּחד פאַר די פרעסט און דער עיקר — פאַר די שניי־שטורעמס און אכזריותדיקע ווינטן האָט ממש פאַרגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן, ס'האָט זיך זייער גוט פאַרגעדענקט די גרויסע פרעסט מיט די ווינטן אין די לאַגערן, דער אונטערשיד: אין לאַגער איז דאָך נאָך דער אַרבעט אין וואַלד געווען אַן אָרט, ווו זיך אָנצוואַרעמען. אין די לאַגער־באַראַקן איז געווען וואַרעם, האָסט אויך געקענט אַרויפגיין אויף דער נאַרע און זיך אַוועקלייגן אָפּרוען די מידע צעבראָכענע ביינער. אָבער אויף די וואַנדערוועגן איז דאָך נישט געווען קיין אָרט ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. דאָס איינציקע אָרט איז געווען דער וואָקזאַל. זענען מיר טאַקע אַזוי געלעגן אין וואָקזאַל און צוזאַמען מיט אונדז הונדערטער, הונדערטער אַנדערע פּליטים און געוואַרט אויף אַ באַן און ביי אַ נאָענטסטער גרעסערער סטאַציע ווידער אַראָפּגיין כדי אין די אַרומיקע קאָלכאָזן זיך באַזאָרגן מיט אַ ביסל שפּייז און ווייטער פאָרן.

פון מאָלאָטאָוו בין איך געפאָרן ביז סווערדלאָווסק. דאָס איז די באַרימטע שטאָט, ווו די רוסישע צאַרן האָבן געהאַט זייער ווינטער־ פּאַלאַץ. דעם נאָמען סווערדלאָווסק האָט די שטאָט באַקומען נאָך דער רעוואָלוציע אויפן נאָמען פון דעם יידישן רעוואָלוציאָנער און באָלשעוויק יעקב סווערדלאָוו, וועלכער איז געווען פרעמיער אין דער ערשטער סאָוויעטישער רעגירונג. אייגנאַרטיק איז די שיינקייט פון סווערדלאָווסק: ברייטע גאַסן, נישט קיין הויכע הייזער, רחבות'דיקע גערטנער. אַ געזונטער בערגיקער קלימאַט, נאָר אַכזריות'דיקע פרעסט וואָס עסן זיך איין אין די ביינער. סווערדלאָווסק האָט מיך באַצויבערט. כ'האָב מיר אין דמיון פאָרגעשטעלט ווי אַזוי די שטאָט זעט אויס זומער, ווען די גערטנער צעבליען זיך און די בלומען־ריחות פאַרשיכור'ן די איינוווינער...

נאָכן אָפּזיין עטלעכע טעג אין סווערדלאָווסק בין איך אַריין אין ערשטן בעסטן צוג, מיט דער כוונה אָנצוקומען קיין טאַשקענט. געוווּסט האָב איך אַז אין טאַשקענט געפינען זיך שוין צענדליקער טויזנטער יידן פון די לאַגערן. צוליב דעם וואָס דער קלימאַט אין אוזבעקיסטאַן איז אַ וואַרעמער, האָבן אַהין געצויגן אַלע די הונדערטער טויזנטער יידן, באַפרייטע פון די לאַגערן. אין דער באַן איז געווען וואַרעם אָבער געפּייניקט האָט דער הונגער. האָב איך באַשלאָסן אַז איך וועל ביי אַ נאָענטסטער סטאַציע ווידער אַראָפּגיין, זיך איינשאַפן אַ ביסל שפּייז און ווייטער פאָרן. אַזוי האָב איך טאַקע געטאָן. נאָכן אָפּפאָרן עטלעכע מעת־לעת בין איך אָנגעקומען קיין טשעליאַבינסק.

טשעליאַבינסק איז די באַרימטע שטאָט פון דער סאָוויעטישער שטאָל־אינדוסטרי. — דער גרעסטער צענטר פון דער סאָוויעטישער שווער־אינדוסטרי. אין טשעליאַבינסק געפינען זיך פאַבריקן, אין וועלכע עס אַרבעטן צו עטלעכע צענדליק טויזנט אַרבעטער אין יעדע פאַבריק. פאַרשטייט זיך, אַז אויך דאָ איז דאָס איינציקע אָרט, ווו מען האָט געקענט זיך אָפּרוען און ראַטעווען פון דער קעלט געווען דער וואָקזאַל. דער טשעליאַבינסקער וואָקזאַל איז באַרימט אין רוסלאַנד. ער איז דער צווייטער לויט זיין גרייס — נאָך נאָוואָסיבירסק — אין גאַנץ ראַטן־פאַרבאַנד. צווישן אַלע אַנדערע גרויסע זאַלן געפינט זיך דאָרט איין זאַל וואָס נעמט אַריין העכער צען טויזנט מענטשן. געדענק איך אַפילו אַזאַ געשעעניש:

אין מיטן דער נאַכט ווען טויזנטער מענטשן זענען אין דעם זאַל געליגן אויסגעשפּרייט אויף דער פּאָדלאָגע און געשלאָפן, האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַ מעלדונג דורכן ראַדיאָ־הילכער אַז אַלע ווערן געבעטן אַרויסגיין אין דרויסן, ווייל מען דאַרף דעם זאַל אויפרוימען. נאָכדעם וועלן אַלע צוריק אַריינגעלאָזן ווערן. אַ ציטער האָט אונדז דורכגענומען. אינדרויסן איז געווען אַ פראָסט פון עטלעכע און פערציג גראַד, שטורמישע ווינטן האָבן געבלאָזן און עס האָט זיך געדאַכט אַז זיי וועלן אַלע הייזער אומוואַרפן. גענוג געווען צו הערן דעם רעש פון די ווינטן וועלכע האָבן דורכגעדרונגען די ווענט — און אַ שרעק איז דיך באַפאַלן. אַרויסגיין אין אַזאַ פראָסט, און ווער ווייסט אויף ווי לאַנג, איז געווען אַ סכנה, אויב נישט געפרוירן צו ווערן איז אָפּצופרירן זיך עטלעכע פינגער פון די הענט, פיס, אָדער נאָז. דאָס אַלץ האָב איך דאָך גענוג געדענקט נאָך פון לאַגער. פאַרשטייט זיך אַז דער עולם אין וואָקזאַל האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. דער הילכער האָט נאָכאַמאָל געמאָלדן, און אין אַ שטרענגערן טאָן, אָבער אויך דאָס מאָל האָט נישט געהאָלפן. ס'האָט געדויערט נישט לאַנג און עס האָבן זיך אויפגעעפנט אַלע טירן פון דעם דאָזיקן ריזיקן זאַל און עס האָבן זיך אַריינגעריסן הונדערטער פּאָליציי־לייט מיט ביקסן, אַרומגעשטעלט זיך אַרום די ווענט פון זאַל און אָנגעהויבן דעם עולם אַרויסשטופּן מיט כח. די וואָס האָבן זיך אַנטקעגן געשטעלט האָבן געקריגן געשלאָגן מיט די ביקסן איבערן קאָפּ. אַזוי אַרום האָט מען טאַקע אַרויסגעטריבן דעם גאַנצן עולם אין דרויסן אַרויס.

געוווּסט האָב איך אַז אַפילו ווען מען וועט עפענען די טירן נאָכן אויפרוימען און אַלע די טויזנטער צוריק אַריינלאָזן, זענען מיינע שאַנסן אַריינצוקומען אינעווייניק, זייער שוואַכע. איידער איך וועל עס באַוויזן, וועל איך פריער צעטרעטן ווערן פון דער ריזיקער מאַסע, כ'בין געווען שוואַך און אויסגעמאַטערט, געוווויגן ווייניקער פון 40 קילאָ. בין איך אַזוי עטלעכע מינוט געשטאַנען אַ פאַרצווייפלטער, געטוליעט זיך צווישן דעם המון, כדי זיך צו שיצן פון די אַכזריות'דיקע ווינטן, געטראַכט האָב איך, ווער ווייסט צו איצט איז נישט מיין סוף? פּלוצלינג האָב איך דערזען פון ווייטן ווי אַן אינוואַליד, אָן פיס, אויף אַ וועגעלע, בעט זיך אַז עס זאָל ווער דאָס וועגעלע שטופּן כדי אים העלפן אַריינצוקומען אין וואָקזאַל. בליץ־שנעל איז מיר איינגעפאַלן אַז דאָ קען איך זיך ראַטעווען. איך בין גלייך צוגעלאָפן צום אינוואַליד, אָנגעכאַפּט דאָס וועגעלע און אָנגעהויבן מיט אַלע כחות עס שטופּן. דערביי האָב איך הויכערהייט געשריגן „דאַווייטע דאָראָגו"... און מערקווירדיק, ווי עגאָיִסטיש דער מענטש איז נישט ביי אַזעלכע סיטואַציעס, פונדעסטוועגן האָט מען

זיך אָפּגערוקט, געשריגן אויך צו אַנדערע זיי זאָלן זיך אָפּרוקן און מאַכן אַן אָרט. איך בין מיטן אינוואַליד און זיין וועגעלע אַריין אינעווייניק, אויסגעזוכט אַן אָרט ערגעץ אין אַ ווינקל, זיך אַוועקגעלייגט אויף דער פּאָדלאָגע און פון מידקייט איינגעדרימלט...

אין טשעלאַבינסק האָבן זיך דאָן געפונען הונדערטער, הונדערטער, פּוילישע יידן, וואָס האָבן, פּונקט ווי איך, געוואַנדערט פון די לאַגערן דורך אוראַל קיין אוזבעקיסטאַן. איך האָב זיי דערקענט — פּונקט ווי זיי האָבן מיך דערקענט — לויט זייער אויסזען און לויט דער לאַגער־הלבשה. ווי וויט מעגלעך האָבן מיר זיך באַמיט צו האַלטן צוזאַמען, העלפן איינער דעם צווייטן. דאָ, אין טשעלאַבינסק, האָב איך מיין חבר ווינטער, דעם וואָס כ׳האָב געוואַנדערט מיט אים די גאַנצע צייט, פאַרלוירן, ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט ווו ער איז מיר אַהינגעקומען. דאָס איז אויך געווען איינע פון די סיבות וואָס כ׳האָב געזוכט יידן. אויף וועמען עס האָט זיך מיר נאָר געדוכט אַז ער איז אַ ייד, בין איך צוגעגאַנגען און געפרעגט צו ער איז נישט קיין פּאַליאַק וואָס וואַנדערט פון לאַגער? אַזוי אַרום האָב איך מיר געשאַפן נייע באַקאַנטע כדי צו זיין צוזאַמען. דער פּחד פון זיין אַליין איז געווען זייער גרויס. געדענק איך ווי איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט קומט צו מיר צו אַזאַ באַקאַנטער און זאָגט מיר שטיל אַ סוד:

נישט וויט, בערך אַ צוויי קל״מ פון דאַנען, אין דער זייט פון די באַן־רעלסן געפינט זיך אַ „לאַראַק״ — דאָס איז געווען אַזאַ קיאָסק — וואָס טיילט פּאַיאַקן פאַר מיליטער, און יעדער איינער פון אונדז וואָס קומט מיט זיין „אודאָסט־וואָרעניע״ קריגט אויך אַ פּאַיאַק, ווי ברויט, הערינג, ווורשט און אַנדערע פּראָדוקטן. מען זאָגט — גיט ער מיר שטיל צו — אַז די פאַרקויפערין איז אַ יידיש קינד און דערפאַר טוט זי דאָס. איך האָב פּשוט אויפגעציטערט פון פרייד! — אָבער ווי אַזוי גייט מען עס צוויי קל״מ אויף אַזאַ אַכזריות׳דיקן פראָסט? דער ווינט וועט דאָך אונדז אומוואַרפן! מיר וועלן דאָך נישט דערלעבן צוצוקומען ביזן לאַראַק? — האָב איך אויסגעדריקט מיינע ספקות פאַרן חבר מיינעם. באַזונדערס, אפשר איז די גאַנצע מעשה נישט אמת, וועלן מיר דאָך אומזיסט און אומנישט איינשטעלן ממש אונדזער לעבן?

— אַט — זאָגט צו מיר מיין חבר און ווייזט מיר אַן אויף זיין קעסעלע, וואָס איז טאַקע געווען פול מיט ברויט און הערינג, — דאָס איז טאַקע דער פּאַיאַק וואָס כ׳האָב נאָר־וואָס מיט עטלעכע שעה צוריק געקריגן... איך האָב אָפּגעמעקט אויף דער „אודאָסטאָוואָרעניע״ די דאַטע וואָס די פאַרקויפערין פון לאַראַק האָט אַנגעשריבן און בין נאָכאַמאָל צוגעגאַנגען און כ׳האָב שוין היינט צוויי מאָל געקריגן פּאַיאַקן.

קלאָר ווי דער טאָג אַז אַלע מיינע ספקות זענען פאַר־שווונדן. די האָפענונג צו קריגן אַ מיליטערישן פּאַיאַק האָט פאַרטריבן יעדן פּחד. איך האָב מיט שטריק אַרומגעבונדן דעם בושלאַט, אַראָפּגעלאָזט די לאַפּעס פון היטל איבער די אויערן, אַרויס פון וואָקזאַל און צוזאַמען מיט מיין חבר, זיך געלאָזט אין וועג. געגאַנגען זענען מיר לענג־אויס די באַן־רעלסן, דער ווינט האָט פון אונדז ביידן געריסן שטיקער, ס׳האָט אונדז פאַרהאַקט דער אָטעם, עטלעכע מאָל האָבן מיר זיך אויפן וועג אָפּגעשטעלט אָפּצורוען, און ווייטער געגאַנגען. גייענדיק אַזוי, האָבן מיר פון ווייטנס דערזען דאָס בודקעלע פון לאַראַק, מיט די לעצטע כחות זענען מיר צו, זיך געשטעלט אין דער ריי, די ריי איז געווען נישט קיין גרויסע, בלויז מיליטער לייט, און ווען די ריי איז אָנגעקומען צו מיר, און איך האָב דורכן פענסטערל אַריינגעשטעקט מיין דאָקומענט, האָב איך באַמערקט ווי די פרוי, די פאַרקויפערין האָט זיך איינגעבויגן, מיך גוט אָנגעקוקט, נאָכדעם אָנגעצייכנט די דאַטע אויף מיין דאָקומענט און מיר געגעבן דעם זעלבן פּאַיאַק וואָס עס האָט געקריגן יעדער מיליטער־מאַן.

ווען איך בין אַרויס פון דער ריי מיטן פולן קעסעלע פּראָדוקטן, בין איך געווען אַזוי געפּרוירן אַז איך האָב געוווּסט אַז צוריק גיין אויפן וואָקזאַל בין איך נישט אומשטאַנד, האָב איך זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן, זוכן ערגיץ ווו אַ טיר כ׳זאָל קענען אַריינגיין זיך אָנוואַרעמען, כ׳האָב דערזען אַז די אַלע מיליטער־לייט וואָס זענען געשטאַנען מיט מיר אין ריי, ווענדן

## די צעוואָרפענע מצבות ווערן צוריקגעברענגט אין שטאָט



אויפן בילד זעט מען צוואנד: חיה בערלעווי, מענדל צימבעראָוויטש, פּיניע מעססינג, שמואל לאַקסמאַן.

זיך אַלע לינקס, ווו עס שטייען אַ גאַנצע ריי קליינע הייזער, און ווערן דאָרט פאַרשווינדן, האָב איך מיר געטראַכט, וואָס קען איך דאָ פאַרלירן? איך וועל פּרובירן אַריינגיין, אפשר וועט מען מיך דאָרט אַריינלאָזן? אַזוי טאַקע האָב איך געטאָן. צוגעקומען צו איינע פון די הייזער, האָב איך אויפגעעפנט אַ טיר און באַלד באַמערקט אַז דאָס זענען מיליטערישע קאַסאַרן. אַזוי ווי אָבער קיינער האָט מיר גאָרנישט נישט געזאָגט, האָב איך די טיר פאַרמאַכט און בין געבליבן אַזוי שטיין אינעווייניק, נישט וויסנדיק וואָס כ׳האָב ווייטער צו טאָן. אין די קאַסאַרן איז געווען וואַרעם. גרויסע אויוונס מיט רערן וואָס האָבן זיך געצויגן כמעט איבער דער גאַנצער לענג פון צימער, האָבן פאַרשפּרייט אַזאַ ליבע וואַרעם, אַז אַ סך מיליטער־לייט זענען אַרומגעגאַנגען בלויז אין די העמדער און הויזן. אַז איך בין אַזוי געשטאַנען עטלעכע מינוט און קיינער האָט מיר ווייטער גאָרנישט נישט געזאָגט, בין איך געוואָרן דרייסטער, צוגערוקט זיך נעענטער צום אויוון, זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער פּאָדלאָגע און פון דער ליבער וואַרעמקייט, איינגעשלאָפן. ווי לאַנג איך בין אַזוי געשלאָפן ווייס איך נישט, איך האָב אָבער אינמיטן שלאָף דערפילט אַז מען קאָפּעט מיך, בין איך אָבער געווען אַזוי שטאַרק פאַרשלאָפן אַז כ׳האָב נישט געקענט אויפרייסן די אויגן און ווייטער געשלאָפן. פּלוצלינג האָב איך דערפילט אַ שרעקלעכן קלאַפּ מיטן שפּיץ פון שטיוול אין ביין פון דער חוט־השדרה, פון ווייטיק האָב איך געגעבן אַ שפּרונג אויף און דערזען פאַר זיך אַ קאַפּיטאַן פון דער נ.ק.וו.ד. מיט 5 זעלנער. — אייערע דאָקומענטן? — הער איך אַ באַפעלעריש קול, — וואָס טוט איר, אַ ציווילער, אין מיליטערישע קאַסאַרן? איך דערלאַנג דעם קאַפּיטאַן מיין „אודאָסטאָוואָרעניע״ און גיב צו אַז איך פאַר אין פּוילישן מיליטער וואָס שטייט אין בוזולוק, כדי צוזאַמען מיטן סאָוויעטישן מיליטער, קעמפן קעגן היטלערן. — האָט איר נאָך דאָקומענטן? — פרעגט מיך דער קאַפּיטאַן.

אין דער רגע האָב איך זיך דערמאָנט אַז אין דער וואַטי פון בושלאַט האָב איך דעם דאָקומענט פון יוו״אָ („יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט״) אַז איך בין אַ קאָרעספּאָנדענט פון דער אָפּטיילונג פאַר פאָלקלאָר און עטנאָגראַפיע. דעם דאָזיקן דאָקומענט האָב איך נאָך אין לאַגער איינגענייט אין דער וואַטע פון בולשאַט און האָב אים אַזוי אַרום אָפּגעראַטעוועט פון אַלע רעוויזיעס וואָס איך בין אין לאַגער דורכגעגאַנגען. זאָל איך אַרויסנעמען דעם דאָזיקן דאָקומענט און אים איצט אַוועקגעבן, אָדער זאָל איך זאָגן אַז כ׳האָב נישט מער קיין דאָקומענטן? עטלעכע סעקונדן האָבן אַזוי געדויערט מיינע ספקות און פון פחד האָב איך געגעבן אַ רייס אויף די וואַטע, אַרויס גענומען דעם דאָקומענט מיטן צוויי־שפּראַכיקן אויבערקעפּל: „יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט״ — אויף יידיש און אויף פּויליש און אים דערלאַנגט דעם קאַפּיטאַן. דער קאַפּיטאַן האָט אַריינגעקוקט אין דאָקומענט, ווי אַ האָן אין בני־אדם, אַוועקגעשטעלט נעבן מיר אַ זעלנער, מיך צו היטן, און מיט די איבעריקע פיר, איז ער פאַרשוווּנדן. דער זעלנער וואָס האָט מיך געהיטן האָט מיר נישט דערלויבט זיך צו באַוועגן, אפילו נישט שטיין, נאָר בלויז זיצן און וואַרטן ביז דער קאַפּיטאַן וועט צוריק קומען. עס האָט נישט לאַנג געדויערט, דער קאַפּיטאַן איז צוריקגעקומען מיט נאָך 3 אַרעסטירטע זעלנער, באַפוילן מיך אויפצושטעלן און מאַרשירן מיט די איבעריקע דריי אַרעסטאַנטן. וווּהין מען פירט מיך, האָב איך נישט געוווּסט. אויף מיין פראַגע פאַר וואָס איך בין אַרעסטירט און וווּהין מען פירט מיך, האָב איך קיין ענטפער נישט באַקומען.

אינדרויסן איז געווען אַ שווידערלעכער פראָסט, כ׳האָב געפילט ווי די ווינטן שטעכן מיר דאָס לייב ווי מיט נאָדלען. דאָך איז מיר אַ שווייס אַרויס אויפן שטערן פון שרעק! סך־הכל עטלעכע חדשים נאָך דער באַפרייונג, אַזוי פיל האָפענונגען האָבן זיך דערוועקט נאָכ׳ן באַפרייט ווערן, און איצט — ווידער אין די הענט, פון נקוו״ד... דאָס אַלץ האָב איך אַזוי געטראַכט איבערן גאַנצן וועג בעת מען האָט מיך געפירט. ווי לאַנג מ׳האָט מיך געפירט געדענק איך נישט, כ׳געדענק נאָר אַז מען האָט אונדז אָפּגעשטעלט ביי אַ ריזיקער געביידע וואָס איז געווען פון אַלע זייטן באַלויכטן מיט פּראָזשעקטאָרן, אַרויפפירנדיק אונדז אין דער הויך, האָב איך באַמערקט ווי אויף יעדן האַלבן שטאָק איז געשטאַנען אַ וואַך מיט געווער אין האַנט. אַריינגעפירט האָט מען מיך, מיט די איבריקע דריי אַרעסטירטע, אין אַ ריזיק־גרויסן צימער מיט טעפּיכער אויף די פּאָדלאָגעס. אויף די ווענט זענען געהאַנגען די בילדער פון סטאַלין מיט די איבעריקע מיטגלידער פון פּאָליט־ביוראָ, באַפוילן האָט מען אונדז זיצן אויף דער פּאָדלאָגע און וואַרטן. אויף וואָס מיר וואַרטן און אויף וועמען מיר וואַרטן, האָב איך נישט געוווּסט. אַרויסגעוויזן האָט זיך שפּעטער אַז דאָס איז די געביידע פון מיליטערישן גאַרניזאָן אין טשעליאַבינסק און דאָס צימער אין וועלכן מיר געפינען זיך, געהער צום מיליטערישן אויספאָרשונגס ריכטער. הייסט דאָס — האָב איך געטראַכט —אַז מען שטעלט מיך פאַר אַ מיליטערישן געריכט? פון פחד איז מיר דאָס בלוט אין די אָדערן פאַרגליווערט געוואָרן! כ׳האָב אַנגעהויבן מיר מאַכן מיין חשבון־הנפש. אָבער דער האַסטיקער אויפּפּראַל פון דער טיר האָט מיר איבערגעריסן מיינע מחשבות. איך קוק זיך אום און דערזע, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אויף דער שוועל שטייט אַ מיליטער מאַן אין דער ראַנגע פון אַ פּאָלקאָווניק, מיט אַ רעוואָלווער ביי דער זייט, און קוקט מיט אַ שאַרפן בליק אויף אונדז פיר אַרעסטירטע, שטעלט אָפּ אויף אַ סעקונדע זיין בליק אויף מיר, פרעגנדיק: אַ יהודי?

דאָס איז געקומען פאַר מיר אַזוי פּלוצלינג, אַז כ׳האָב פאַרלוירן דאָס לשון אויף איניקע סעקונדן. דער פּאָלקאָווניק האָט אויף מיין ענטפער נישט געוואַרט, אַרויסגערוקט זיך פון צימער דורך דער זעלבער טיר, און פאַרשווינדן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און עס איז אַריינגעקומען אַ מיליטערמאַן, אויסגערופן מיין נאָמען, באַפוילן מיר אויפצושטיין און גיין מיט אים.

מען האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ נאָך גרעסערן צימער, ווו ס׳איז געשטאַנען אַ גרויסער טיש, אויף דער וואַנט — די זעלבע בילדער ווי אין פריערדיקן צימער. גלייך איז מיר נאָכגעקומען אַ קאַפּיטאַן פון נקוו״ד, זיך אַוועקגעזעצט ביי איין טיש און מיר באַפוילן זעצן זיך אים אַנטקעגן פון דער צווייטער זייט. ער האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש ביי זיין רעכטער האַנט, אַ גרויסן רעוואָלווער, אַרויסגענעמען פון זיין טעקע אַ פּאַק פּאַפּירן און אַריינגעקוקט אין זיי. ער האָט זיינע אויגן אין דער ריכטונג צו מיר נישט אויפגעהויבן, בכלל צו מיר נישט גערעדט, מיך גאָרנישט נישט געפרעגט, האָב איך צייט געהאַט צו טראַכטן און מיר צו צוגרייטן מיין פאַרטיידיקונג, כאָטש דער אמת איז אַז כ׳האָב נישט געוווּסט אין וואָס מען באַשולדיקט מיך... פונדערווייטנס האָב איך דערזען ווי מיינע צוויי דאָקומענטן, די „אודאָסטאָוואָרעניע״ מיטן דאָקומענט פון

יוו״אָ, ליגן אויפן פּאַק פּאַפּירן. פּלוצלינג דערהער איך אַ קול:

ווי רופט מען אייך, ווי הייסט אייער פאָטער, ווו זייט איר געבוירן, אין וועלכן יאָר? אויך ביים פרעגן מיך די אַלע פראַגן, האָט דער קאַפּיטאַן נישט אויפגעהויבן זיינע אויגן אין דער ריכטונג צו מיר, נאָר אַריינגעקוקט אין מיינע דאָ־קומענטן, כדי צו זען, צו מיינע ענטפערן שטימען מיט דעם, ווי ס׳איז אָנגעשריבן אין די דאָקומענטן. נאָך אַ גאַנצער ריי נאָך אַזעלכע פראַצעדור־פראַגן, הויבט ער פּלוצלינג אויף זיין קאָפּ, ווענדעט זיין בליק גלייך צו מיר, קוקט מיך אַ ווײַלע אָן, און פרעגט: וואָס איז דער דאָקומענט? איך פאַרשטיי נישט קיין יידיש און נישט קיין פויליש, ווייס איך נישט וואָס איז עס?

זיין בליק איז געווען זייער אַ מילדער, אויך די שטים זיינע איז געווען אַן איידעלע און סימפּאַטישע, איז מיר פון דעם אַלעם געוואָרן וואַרעם אין אַלע אברים, אַ רגע, און כ׳האָב אים נישט געענטפערט, האָט ער זיך צעשמייכלט און דערביי געזאָגט:

—אפשר פאַרשטייסטו שלעכט רוסיש וועל איך אַריינרופן מיין חבר וואָס קען פויליש און ער וועט זיין אונדזער דאָל־מעטשער. ביסטו מסכים? יאָ, בירגער, קאַפּיטאַן, האָב איך געענטפערט. האָט דער קאַפּיטאַן אויפגעהויבן דאָס טעלעפאָן טרייבל און אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז אַריינגעקומען אַ יינגיטשקער אָפיציר, אַ דאַרער און אַ הויכער, אַוועקגעזעצט זיך ביים טיש, נישט ווייט פון קאַפּיטאַן, און נאָך קורצן שמועס צווישן זיי ביידע, האָט דער יינגיטשקער אָפיציר דערלאַנגט מיר זיין האַנט צום באַגריסן.

וואָס זיי האָבן געשמועסט, האָב איך צוליב דעם וואָס זיי האָבן גערעדט שטיל, און צוליבן מרחק צווישן אונדז, נישט געהערט.

ווי נאָר דער אָפיציר האָט גענומען אין האַנט דעם דאָקומענט פון יוו״אָ איז ער ממש אויפגעשפרונגען. דו, זאָגט ער צו מיר, האָסט געאַרבעט אין ווילנע? מיין מוטער איז אַ ווילנערין, זי איז אַ פוילישע וואָס האָט פאַר דער ערשטער קריג חתונה־געהאַט מיט אַ רוסישן אָפיציר און בעת ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה, אין 1914, און די רוסישע אַרמיי איז אָפּגעטראָטן, זענען מיר אַוועק פון ווילנע, אַריבער קיין אוראַל און איך בין שוין דאָ געבוירן געוואָרן. אָבער איך קען אויך פויליש, דאָס האָב איך געלערנט ביי מיין מוטער. מיין מוטער דערציילט מיר שטענדיק מעשיות פון ווילנע. ביזן היינטיקן טאָג בענקט זי נאָך דער דאָזיקער שטאָט.

דאָס אַלץ האָט ער געזאָגט אויף פויליש מיט אַ רוסישן דיאַלעקט, פון איצט אָן האָט זיך אונדזער שמועס שוין געפירט אויף פויליש און דער אָפיציר האָט דאָס אַלץ איבערגעזעצט אויף רוסיש.

איך האָב אים אויפגעקלערט וואָס אַזוינס יוו״אָ איז, זיין קולטור־באַדייטונג פאַר די יידישע מאַסן אין פוילן, אַז דער יוו״אָ איז באַשטאַנען פון פרשידענע אָפּטיילונגען ווי למשל אַן אָפּטיילונג פאַר געשיכטע, ליטעראַטור, עקאָנאָמיק ווי אויך פאָלקלאָר און עטנאָגראַפיע. איך האָב געאַרבעט אַלס קאָרעספּאָנדענט אין דער אָפּטיילונג פאַר פאָלקלאָר און עטנאָגראַפיע און פלעג אַרומפאָרן אין די שטעטלעך, ווו עס האָט געוווינט די יידישע באַפעלקערונג, מיט רעפעראַטן וועגן די אויפגאַבן פון יוו״אָ.

דאָס אַלץ האָט דער אָפיציר איבערגעזעצט אויף רוסיש.

נאָכדעם האָט ער זיך מיט מיר געזעגנט און אַוועק, מער האָב איך אים שוין נישט געזען.

ווען כ׳בין געבליבן אַליין מיטן קאַפּיטאַן, האָט ער אויפ־געהויבן זיינע אויגן, שאַרף מיך אָנגעקוקט און געפרעגט:
— אָבער זאָג מיר, מיין ליבער חבר, וואָס האָסטו פאַרט געטאָן אין מיליטערישע קאַשאַרן? איך ראָט דיר צוזאָגן דעם אמת, דעם גאַנצן אמת, אויב דו וועסט זאָגן ליגנט, וועל איך דער־קענען, אין בין אַן אויספאָרשונגס־ריכטער שוין היפּשע יאָרן: דערפאַר ווען דו וועסט זאָגן אמת, וועל איך אויך דערקענען, אויך איך בין אַ קולטור מענטש, איך האָב געלערנט אין דער מאָסקווער מיליטערישער אַקאַדעמיע, זאָלן מיר ביידע זיין אָפנהאַרציק איינער מיטן צווייטן. — וואָס האָסטו געטאָן אין די מיליטערישע קאַשאַרן? — האָט ער נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט זיין פראַגע — איידער דו וועסט מיר ענטפערן, וויל איך זאָלסט וויסן, אַז דער קאַפּיטאַן וואָס האָט דיך אַהער געבראַכט און צונויפגעשטעלט דעם באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דיר, באַשול־דיקט דיך אין שפּיאָנאַזש, דערפאַר בעט איך דיך, זאָג מיר דעם אמת: וואָס האָט גורם געווען אַז דו זאָלסט אַריינגיין אין מיליטערישע קאַשאַרן, וויסנדיק אַז פאַר ציווילע איז דער אַריינגאַנג פאַרבאָטן?

זיינע וואַרעמע רייד האָבן מיר אויפגעבונדן די צונג. און איך האָב ממש מיט טרערן אין די אויגן דערציילט די גאַנצע מעשה מיט די פּראָדוקטן וואָס איך האָב געקריגן אין לאַראַק און אַז נאָר דער פּחד פאַר די קעלט האָט מיך געטריבן איך זאָל אַריינגיין אין די קאַשאַרן זוכן שוץ.

בעת מיין ריידן האָט ער אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויפן רעוואָלוועור וואָס איז געלעגן אויפן טיש ביי זיין רעכטער האַנט, מיך שטאַרק אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט געוואָלט מיט זיין בליק אַריינדרינגען טיף אין מיין מוח, אין מיינע מחשבות.
— נו, „כאַראַשאָ!" — גיט ער פּלוצלינג אַ זאָג הויכער־הייט, אָבער זאָג מיר, חבר, דו ביסט דאָך אוודאי הונגעריק?

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול, דערנענטערט זיך צו מיר מיט עטלעכע טריט, און געזאָגט צו מיר, שעם זיך נישט, חבר, אפשר ביסטו אויך אומריין?..

אויף דער לעצטער פראַגע האָב איך נישט געענטפערט נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ, אויף יאָ...

דעם גאַנצן וועג פון די וואַנדערונגען זענען מיר שרעק־ליך געפּייניקט געוואָרן פון פרעה׳ס דריטע מכה... צו דעם גרויסן אומגליק פון קעלט און הונגער איז צוגעקומען די פּורעניות פון לייז, וואָס האָבן אונדז אויפגעגעסן לעבעדיקער־הייט. זעט־אויס אַז דער קאַפּיטאַן האָט פון דעם געוווּסט. נאָכדעם ווי איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, האָט ער געגעבן אַ קוועטש אין אַן עלעקטריש גלעקל וואָס איז געשטאַנען אויף זיין טיש און ס׳איז אַריינגעקומען אַ פּרוי אין מיטעלן עלטער.

— זיי אַזוי גוט — האָט ער זיך געוואַנדן צו דער פּרוי, — ברענג אַריין פאַרן דאָזיקן חבר ברויט מיט וווּרשט און טיי, זאָג אויך אין מיין נאָמען דעם הויפּט־מאַגאַזינער ער זאָל אַרויסברענגען פאַרן דאָזיקן חבר וועש, שיך, הויזן און אַ בושלאַט, מאַך פאַר אים אַ וואַרעמע וואַנע און נאָכדעם ווי ער וועט אָפּעסן און זיך אָרומוואַשן, זאָלט איר פאַרברענען זיינע קליידער ווייל זיי זענען אומריין.

די קריסטן איז אַרויס און ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און זי האָט פאַר מיר געבראַכט דאָס אַלץ וואָס דער קאַפּיטאַן האָט באַפוילן. דעם טעם פון ברויט מיט וווּרשט און טיי, האָב

איך שוין נישט געוווּסט פון דעם ערשטן טאָג פון מיין אַרעסט. בעתן עסן האָבן מיך געשטיקט די טרערן. זעט אויס אַז דער קאַפּיטאַן האָט דאָס באַמערקט:

— ווייַן נישט, חבר. דער קאַפּיטאַן וואָס האָט דיך אַהער געבראַכט איז אַ גרויסער דוראַק! עס אָפּ און וואַש זיך אַרום. אַזוי ווי עס איז שוין שפּעט אין דער נאַכט, דערלויב איך דיר דאָ איבערצונעכטיקן. ווי נאָר עס וועט טאָג ווערן וועסטו קענען גיין צום וואָקזאַל און ממשיך זיין דיין רייזע אין דער ריכטונג פון בוזולוק. איך וועל מודיע זיין אַלע וואָכן אַז דו ביסט פריי און אַז דו האָסט רעכט זיך פריי דאָ צו באַוועגן, און אַז דו האָסט אויך רעכט אין דער פרי דעם גאַרניזאָן צו פאַרלאָזן. כדי דיר צו פאַרלייכטערן דיין וועג קיין בוזולוק גיב איך דיר מיט 300 רובל. איך וועל דיר אויך געבן אַ „ספּראַווקע". אין דער ספּראַווקע וועל איך בעטן אַלע פּאָליציי־אישע סטאַנציעס זיי זאָלן דיר העלפן מיט אַלעם וואָס מעגליך איז אין דיין וועג, ביזן אָנקומען אין בוזולוק, דערביי האָט ער אַוועקגעלייגט 300 רובל אויף מיינע פּאַפּירן און מיר עס צוזאַמען דערלאַנגט אין האַנט. ער האָט פון טיש־קעסטל אַרויסגענומען אַ פּעדער מיט פּאַפּיר און אָנגעשריבן אַ ספּראַווקע מער־ווייניק בזו הלשון: דער פּוילישער בירגער וואָס הייסט אַזוי און אַזוי איז באַפרייט געוואָרן פון לאַגער אויפן סמך פון אָפּמאַך צווישן אויבערשטן־סאָוויעט מיט דער פּוילישער רעגירונג און פאָרט איצט קיין בוזולוק כדי זיך צו שטעלן אין די רייען פון פּוילישן מיליטער און צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי קעמפן קעגן היטלערן. איך בעט דערפאַר אַלע פּאָליצייישע באַן־סטאַנציעס אויפן גאַנצן וועג ביז בוזולוק זיי זאָלן דעם בירגער געבן יעדע הילף וואָס נאָר מעגלעך...

די ספּראַווקע איז געווען אונטערגעשריבן אין נאָמען פון קאָמענדאַנט פון מיליטערישן גאַרניזאָן אין טשעליאַבינסק — אויספאָרשונגס ריכטער... די אונטערשריפט — נישט לייענ־באַר.

נאָכן אָנשרייבן די ספּראַווקע האָט דער קאַפּיטאַן די ספּראַווקע מיר איבערגעלייענט און מיך געפרעגט: אפשר האָסטו אַן אַנדערן נוסח, אדרבה, זאָג מיר ווי אַזוי ווילסטו איך זאָל דיר אָנשרייבן?

כ'האָב אים האַרציק געדאַנקט און צוגעגעבן אַז דער נוסח געפעלט מיר, אַז עס איז נישט נייטיק קיין אַנדערער נוסח. ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, געזאָגט מיר אַ גוטע־נאַכט, געווונשן הצלחה אויף מיין ווייטערדיקן וועג, געעפנט די טיר — און אַרויס.

מער האָב איך שוין דעם דאָזיקן קאַפּיטאַן נישט געזען, פּונקט ווי איך האָב אויך נישט געזען מער דעם פּאָלקאָווניק וואָס האָט מיך געפרעגט צי כ'בין אַ יהודי!

נאָך זיין אַרויסגיין האָט מיר די פרוי וואָס האָט מיר געבראַכט די קליידער געמאָלדן, אַז איך קען אַריינגיין זיך מאַכן אַ וואַנע און מיך געבעטן אַרויסצודערלאַנגען איר די אומריינע מלבושים צום פאַרברענען.

ווען איך בין צוריק אַריין אין דעם גרויסן, ליכטיקן צימער אַן אָפּגעוואַשענער, אַ ריינער און אַ זאַטער זיך אַוועקגעלייגט אויף די טעפּיכער, האָב איך זיך ערשט אָפּגעגעבן אַ חשבון וואָס מיט מיר איז פאָרגעקומען... פון גרויס איבערראַשונג האָב איך נישט געקענט איינשלאָפן. איך האָב עטלעכע מאָל איבערגעלייענט דעם דאָקומענט וואָס דער קאַפּיטאַן האָט מיר געגעבן. נישט געגלויבט די אייגענע אויגן, נישט געגלויבט, אַז ביי דער נקוו"ד קען אַזעלכעס פּאַסירן. פון פרייד אַז מיין אַרעסט האָט זיך אַזוי גליקלעך געענדיקט, בין איך אַלע מאָל אויפגעשפּרונגען און אָנגעהויבן זיך אַרומדרייען הין און צוריק איבערן צימער. דער סאָלדאַט וואָס האָט געהיטן אין קאָרידאָר איז אַלע מאָל צו מיר צוגעקומען, סאַלוטירט און געפרעגט, אפשר וויל איך עפּעס, ,איז ער גרייט מיין פאַרלאַנג אויסצופירן. איך האָב גאָרנישט נישט פאַרלאַנגט, כ'האָב נאָר געוואָלט עס זאָל ווערן טאָג, איך זאָל קענען דעם גאַר־ניזאָן פאַרלאָזן, צוקומען צום וואָקזאַל און פאָרן ווייטער. איין פאַרלאַנג האָב איך יאָ געהאַט, אָפּפאָרן וואָס ווייטער, טיף אין האַרץ האָט מיך געשראָקן דער פּחד: ווער ווייסט, אפשר ביז אינדערפרי וועט נאָך פאָרקומען עפּעס אַן ענדערונג... ווער ווייסט? פון מידקייט האָב איך זיך אַוועקגעלייגט אויף די טעפּיכער, געבעטן דעם זעלנער ער זאָל, ווי נאָר עס וועט אָנהויבן טאָגן, מיך אויפוועקן. ווען דער זעלנער האָט מיך אויפגעוועקט איז שוין געווען ליכטיק. איך בין אַראָפּ פון די טרעפּ אַרויס אויפן הויף, אַלע וואָכן וואָס זענען געשטאַנען אויף יעדן האַלבן שטאָק האָבן מיר סאַלוטירט, ביים טויער האָב איך זיך נאָרמאַל אומגעקוקט, אַרויפגעקוקט צו די פענצ־טער, געוואָלט נאָך איין מאָל זען דעם פּאָלקאָווניק וואָס האָט מיך געפרעגט צי איך בין אַ יהודי, געוואָלט אויך זען דעם דאָזיקן איידעלן מענטש, דעם קאַפּיטאַן, וואָס האָט זיך אַזוי איידל צו מיר באַצויגן. נישט בלויז האָט ער מיך באַפרייט, נאָר מיר נאָך געגעבן זאַט אָפּצועסן, מיך באַקליידט און באַ־זאָרגט מיך אויף מיין ווייטערדיקן וועג מיט אַזאַ וויכטיקן דאָקומענט. נאָר די וואָס זענען געווען אין ראַטנפאַרבאַנד בעת דער מלחמה, קענען אָפּשאַצן די באַדייטונג פון אַזאַ דאָקומענט אין יענער צייט — אין די יאָרן 1941—1942.

דעם סוד פון דעם אַלעם ווייס איך ביז איצט נישט: איז אפשר דער קאַפּיטאַן אויך געווען אַ ייד אַזוי ווי דער פּאָל־קאָווניק? נאָך עטלעכע מינוט אַרויפקוקן צו די פענסטער און קיינעם נישט זען, האָב איך אָנגעהויבן מיט שנעלע טריט זיך דערווייטערן פון דער דאָזיקער מיליטערישער געביידע. אין דרויסן האָט געברענט דער פראָסט, מיר אָבער איז געווען וואַרעם... די צוויי דאָקומענטן וואָס דער קאַפּיטאַן האָט מיר צוריק געגעבן צוזאַמען מיט דער ספּראַווקע, האָב איך אַריי־געלייגט אין העמד, צוגעדריקט צום האַרץ און נישט געגאַנגען, נאָר פּשוט געלאָפן, עס האָט מיך געטריבן אַן אומפאַרשטענד־לעכע קראַפט, וואָס כ'ווייס נישט פון וואַנען זי האָט זיך צו מיר גענומען; כ'בין נאָך לאַנג אַזוי געלאָפן ביז כ'בין אָנגע־קומען אויפן וואָקזאַל אין טשעליאַבינסק.

ווען איך האָב דערציילט פאַר מיינע פריינט אויפן וואָקזאַל, וואָס מיט מיר איז נעכטן ביינאַכט געשען, האָט מיר קיינער נישט געוואָלט גלויבן, ערשט ווען כ'האָב אַרויסגענומען די ספּראַווקע פון קאָמענדאַנט פון מיליטערישן גאַרניזאָן אין טשעליאַבינסק, האָבן זיי פּונקט ווי איך ערשט פאַרשטאַנען, ווי גרויס עס איז געווען מיין געפאַר און נאָך גרעסער דער נס וואָס האָט מיך אָפּגעראַטעוועט פון די הענט פון דער נ.ק.וו.ד.

אויפן גאַנצן וועג פון מיינע ווייטערדיקע וואַנדערונגען האָט מיך דער דאָזיקער דאָקומענט ממש געראַטעוועט פון הונ־גער. צו יעדן לאַראָק, וווּ כ'בין נאָר צוגעגאַנגען האָב איך באַקומען מיין פּאַיאָק אַזוי ווי יעדער מיליטער־מאַן. אָבער נישט לאַנג איז מיר באַשערט געווען צו זיין זאַט. נאָך עטלעכע וואָכן וואַנדערן, בין איך אָנגעקומען קיין טאַשקענט. אין

טאַשקענט זענען דעמאָלט געווען צענדליקער טויזנטער פּליטים. אַזוי ווי דער וואָקזאַל האָט נישט געקענט אַריינעמען אַזוי פיל מענטשן, האָבן זיי באין־ברירה גענעכטיקט אינדרויסן. עס פלעגן אויך פאָרקומען איבערפאַלן פון באַנדיטן אויף די מחנות פליטים אַרום וואָקזאַל, מיטן צוועק צו באַרויבן זיי דאָס לעצטע ביסל האָב־און־גוטס וואָס איז זיי נאָך פאַרבליבן. איך געדענק אַפילו אַ פאַל פון אַזאַ אָנפאַל אינמיטן דער נאַכט. צוזאַמען מיט נאָך טויזנטער, בין איך געלעגן אינדרויסן און געדרימלט. פּלוצלינג האָט זיך די עלעקטרי אויסגעלאָשן, און עס האָבן זיך דערהערט שרעקלעכע געשרייען פון הונדערטער מענטשן, דאָס האָט אַזוי געדויערט אַ לענגערע צייט. אַרויסגעוויזן האָט זיך שפּעטער אַז אַ באַנדע אָרגאַניזירטע באַנדיטן האָבן איבערגעריסן די עלעקטריש־דראָטן און אין דער פינצטער גערויבט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט: פּעק בעטגעוואַנט, וואַליזקעס, אַראָפּגעריסן מיט כוח פון מענטשן זייערע אויבערשטע מאַנטלען אָדער די שיך פון די פיס. ביז די פּאָליציי איז אָנגעקומען האָבן די באַנדיטן באַוויזן צו ענדיקן זייער מלאכה. געשמועסט האָט מען, אַז די פּאָליציי איז געווען אַ שותף צו דעם דאָזיקן שטיקל אַרבעט — דאָס זאָל האָבן געווען די סיבה פון דער פאַרשפּעטיקונג... וועגן דעם אַז די פּאָליציי איז אָפּט אַ שותף צו אַזעלכע רויב־איבערפאַלן, האָב איך אין רוסלאַנד אין פאַרלויף פון די מלחמה־יאָרן זיך אָנגעהערט אָן אַ שיעור מעשיות.

אין טאַשקענט בין איך פאַרבליבן אַ לענגערע צייט, גענעכטיקט זייער אָפּט אין וואָקזאַל, אין דעם „באַרימטן" זעקסטן זאַל. באַרימט איז ער, דער זעקסטער זאַל, געווען פון דעם וואָס דאָרטן פלעגן כמעט יעדע נאַכט פאָרקומען רויב־איבערפאַלן. אַזוי ווי ביי מיר איז גאָר נישט געווען וואָס צו גנבענען — אויסער דעם דאָקומענט פון דער נ.ק.וו.ד. — האָב איך דערפאַר נישט געהאַט וואָס מורא צו האָבן און האָב אָפּט גענעכטיקט אין דעם דאָזיקן טרויעריק־באַרימטן זעקסטן זאַל. זעט אויס אַז דער גורל פון מענטש איז נישט אַזוי פּשוט, נישט שטענדיק איז דער מענטש דער בעל־הבית איבער זיין אייגענעם גורל, צענדליקער גורמים איבער וועלכע דער מענטש האָט בכלל קיין שליטה נישט באַשטימען אָפּט דעם גורל זיינעם. און פּונקט ווי איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין דעם דאָזיקן גרויסן נס וואָס מיט מיר איז געשען בעת איך בין געווען אַ געפאַנגענער אין די הענט פון דער נקוו"ד, אַזוי פאַרשטיי איך אויך נישט דעם סוף — כ'וואָלט געזאָלט דעם טראַגישן סוף — וואָס איז געשען מיטן דאָזיקן דאָקומענט מיינעם.

שפּאַצירנדיק אָפּט אָן אַ תכלית, אָן אַ ציל אויף די גאַסן פון טאַשקענט, האָב איך איינמאָל זיך אָנגעשפּיגלט אין אַ פענצטער און דערזען מיין אויסגעבלייכט פּנים מיט די האַלב אויסלאָשענע אויגן. דאָס אויסגעדאַרטע פּנים מיט דער צעפּאַטלטער באָרד — וואָס כ'האָב שוין נישט געהאַט גערויזירט כמעט פון טאָג ווען איך האָב דעם לאַגער פאַרלאָזט, — האָט מיך עלטער געמאַכט מיט עטלעכע צענדליק יאָר. איך בין דאַן אַלט געווען עטלעכע און דרייסיק יאָר און אויסגעזען ווי אַ מענטש איבער די זעכציק... האָב איך מיר געטראַכט, אַז איך וועל אַריינגיין אין אַ ראַזורע און זיך אָפּראַזירן די באָרד וועט עס מיך אַ ביסל יינגער מאַכן, ממילא וועט מיין שטימונג אויך נישט זיין אַזאַ געדריקטע... כ'האָב זיך אָוועקגעשטעלט אין אַ ריי פון עטלעכע צענדליק מענטשן כדי זיך אַריינצובאַקומען אין אַ ראַזורע. נאָכן אָפּראַזירן זיך האָב איך פּלוצלינג דערזען ווי דער בושלאַט — אין דער זייט פון דער קעשענע — איז אויפגעשניטן און דער דאָקומענט וואָס איז געווען טיף אַריינגעשטעקט אין דער וואַטע און האָט מיך אַזאַ לאַנגע צייט געראַטעוועט פון הונגער, איז נעלם געוואָרן... ווי אַזוי, און ווען דאָס איז געשען, ווייס איך נישט עד היום! דאָס אַרויסגנבענען ביי מיר דעם דאָזיקן דאָקומענט האָט מיך שרעקלעך דערשלאָגן. האָב איך דאָך גוט געוווּסט וואָס עס דערוואַרט מיך פון איצט אָן. האָב איך דערפאַר פון גרויס פאַרצווייפלונג באַשלאָסן צו פאַרלאָזן טאַשקענט און פאָרן אין דער ריכטונג פון סאַמאַרקאַנד. אין טאַשקענט זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען אַז די צענדליקער טויזנטער יידן פּוילישע בירגער וואָס געפינען זיך אין סאַמאַרקאַנד באַקומען שטיצע פון דער פּוילישער „דעלעגאַטורא" און אַז זיי באַקומען אויך הילף פון די אָרטיקע יידישע איינוווינער, די בוכאַרער יידן. דער פּחד פאַרן הונגער וואָס האָט מיך באַגלייט פון ערשטן טאָג פון מיין אַרעסט, האָט מיך געטריבן צו פאַרלאָזן טאַשקענט.

אָנגעקומען קיין סאַמאַרקאַנד בין איך ערב פּסח 1942.

אין סאַמאַרקאַנד האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן נייע איבערלעבענישן, מיט נייע צרות. די מלחמה איז געווען אין פולן ברען, די רוסישע אַרמיי האָט כסדר אָפּגעטרעטן. די דייטשן זענען געווען ביי די טויערן פון מאָסקווע. לענינגראַד איז געווען אַרומגערינגלט און האָט געפירט אַ העראָישן געראַנגל קעגן די דייטשע רוצחים. און כאָטש אין דער אמתן האָבן מיר דאָ אין סאַמאַרקאַנד די מלחמה נישט געפילט, די דייטשע באָמבאַרדירער האָבן אַהער נישט דערגרייכט, אָבער דער עקאָנאָמישער מצב איז געווען אַ שוידערלעכער. אַפילו די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט געהונגערט, שוין אָפּגערעדט פון די צענדליקער טויזנטער פליטים, יידן און נישט יידן, וואָס האָבן זיך ממש געוואַלגערט אין די גאַסן.

אין דעם יאָר זענען אויך אויסגעבראָכן עפּידעמיעס פון טיפוס און דיזענטעריע, וואָס האָבן גורם געווען טויזנטער קרבנות. מיין אַרומוואַלגערן זיך אויף די גאַסן אָן אַ שטיקל ברויט, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אָן אַ העמד אויפן לייב האָט מיך אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז איך האָב נישט געקענט גיין אויף די פיס, כ'בין דערפאַר געלעגן אין דער „טשייכאַנאַ" און זיך דערנערט — צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער אַזעלכע ווי איך — פון דעם וואָס כ'האָב אַראָפּגעגנבעט אַ מייער אָדער אַ ציבעלע פון די פורלעך פּראָדוקטן וואָס די קאָלכאָזניקעס פלעגן ברענגען אויפן טאָלטשאָק, צום פאַרקויפן. נישט איינמאָל פלעג איך קריגן מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ, פאַרן אַראָפּגנבענען אַ מייערעלע אָדער אַ ציבעלע.

3.

## צוריק אין פוילן

סוף סעפּטעמבער 1945 בערך 4 חדשים נאָך דער מלחמה, האָב איך געוווינט און געאַרבעט אין אַ גרויס דאָרף בערך 10 קל"מ פון סאַמאַרקאַנד. דאָס דאָרף האָט געהייסן דזשומאַ. דער טייטש פון דעם וואָרט איז פרייטיק. איך האָב געאַרבעט אַלס טרעגער אין גרויסע מלוכה'שע תבואה־מאַגאַזינען. געאַרבעט זייער שווער און געליטן פון מאַלאַריע. די איינשפּריצונגען פון חינין האָבן כמעט נישט געהאָלפן, מיין גאַנץ לייב איז שוין געווען דורכגעשטאָכן פון די איינשפּריצונגען.

אָבער די פרייד אַז די מלחמה האָט זיך געענדיקט מיט

אַזאַ שענדלעכער מפּלה פאַר די נאַציס, האָט אונדז, פּוילישע יידן וועלכע האָבן זיך דאַן געפינען אין ראַטנפאַרבאַנד לייכטער געמאַכט אונדזערע ליידן. בפּרט אַז מיר האָבן געלעבט מיט דער האָפענונג אַז ראַטן־פאַרבאַנד וועט אונדז אַרויסלאָזן און מיר וועלן קענען אַרויספאָרן קיין פּוילן.

מיר האָבן געוווּסט פון גרויסן חורבן וואָס די דייטשן האָבן געמאַכט אין פּוילן, — געשעפּט די ידיעות האָבן מיר פון דער יידישער צייטונג „אייניקייט” וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין מאָסקווע און איז געווען דער „אָרגאַן פון יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט” אין וועמענס שפּיץ ס׳זענען געשטאַנען שלמה מיכאָעלס, איציק פעפער, פּרץ מאַרקיש, איליאַ ערענבורג און אַנדערע — האָבן מיר פונדעסטוועגן זיך נישט פאָרגעשטעלט אַז מיר וועלן נישט טרעפן קיינעם פון אונדזערע דאָרט איבערגעלאָזענע משפּחות. אין האַרץ פון יעדן איינעם פון אונדז האָט געגליט די האָפענונג אַז ווער פון זיין משפּחה איז לעבנגעבליבן. איז דערפאַר די איינציקע שטרעבונג פון די פּוילישע יידן, — באַפרייטע פון די סאָוועטישע לאַגערן, — געווען וואָס שנעלער אַרויספאָרן פון רוסלאַנד און אָנקומען קיין פּוילן.

אויף פאַרשידענע לעגאַלע און אומלעגאַלע וועגן האָבן זיך די פּוילישע יידן געלאָזט אין וועג אַריין. איך אַליין, למשל, בין טאַקע אויף אַזאַ אומלעגאַלן אויפן אַרויס פון ראַטן־פאַרבאַנד און אָנגעקומען בשלום קיין פּוילן. וויל איך טאַקע דאָ בקצור דערציילן ווי אַזוי איך האָב מיין אומלעגאַלע רייזע דורכגעמאַכט.

אין חודש סעפּטעמבער אָדער אָנהויב אָקטאָבער 1945 בין איך געשטאַנען אויף דער באַן־סטאַציע אין דזשומאַ און זיך געזעגנט מיט עטלעכע מיינע חברים וואָס זענען אָפּגעפאָרן לעגאַל קיין פּוילן. די באַן האָט באַדאַרפט פאָרן ביז זשמערינקע — אוקראַינע, אַ מהלך פון עטלעכע טויזנט קל”מ. געוווּסט האָבן מיר אַז ביזן אָפּפאָרן פון דער באַן, וועט נאָך דויערן אַ היפּשע צייט, אַזוי האָט אונדז געזאָגט דער באַן־פירער, האָבן מיר זיך טאַקע האַרציק געזעגנט, געשמועסט צו ביסלעך, זיך נישט געאיילט און געוווּנטשן זיך אַז מיר זאָלן זיך בקרוב זען אין פּוילן. אָבער אין מיטן שמועסן רופט זיך אָפּ איינער פון מיינע חברים:

— אפשר וואָלט געווען אַ יושר זאָלסט זיך מיט אונדז מיטכאַפּן אין וועג אַריין? וואָס האָסטו דאָ צו פאַרלירן??!

— מיינע טייערע פריינט — האָב איך געענטפערט — ווי מעג איך זיך לאָזן אויף אַזאַ אַוואַנטורע? נישט איך האָב אַ פּאַס (מיין פּאַס וואָס איך האָב געהאַט איז געווען גילטיק נאָר אויף 3 חדשים. יעדע 3 חדשים האָב איך געמוזט גיין אין נ.ק.וו.ד. אים באַנייען און דער דאָזיקער פּאַס איז געווען גילטיק נאָר אין סאַמאַרקאַנדסקער אָבלאַסט, דאָס הייסט נאָר אין ראַיאָן פון סאַמאַרקאַנד און דער עיקר, איך האָב נישט קיין דערלויבניש פון דער נ.ק.וו.ד. אַז איך מעג פאַרלאָזן דזשומאַ און איך האָב אויך נישט קיין באַן־בילעט.

דערפאַר האָבן מיר אַ ביסל געלט, — האָט געענטפערט דער חבר — און דאָס איז אַ סך מאָל וויכטיקער פון דער דערלויבעניש פון דער נ.ק.וו.ד. מיטן באַן בילעט צוזאַמען.

זייענדיק אין רוסלאַנד אַזוי פיל יאָרן, האָב איך דעם רמז זייער גיט פאַרשטאַנען. אויך איך האָב געהאַט מיט זיך אַ ביסל געלט וואָס כ׳האָב אָפּגעשפּאָרט פון דער אַרבעט אין די מלוכה׳שע תבואה־מאַגאַזינען.

נישט קלערענדיק קיין סך בין איך אַריין צו זיך אין דער וווינונג, איך האָב געוווינט נישט ווייט פון דער באַן, גענומען מיט זיך דאָס נייטיקסטע, ווי עטלעכע העמדער, אַ קישן, 2 קאָלדרעס, פאַרפּאַקט דאָס אַלץ אין אַ וואַליזקע און אַריינגעשטעקט 10 טשערוואָנצעס —דאָס איז הונדערט רובל — דעם באַן־פירער אין יד אַריין און אַריין צוזאַמען מיט אַ טייל פון מיינע אָפּפאָרנדיקע חברים אין איינעם פון די וואַגאָנען. קיין עסן האָב איך מיט זיך נישט געהאַט אָבער דאָס האָט מיך נישט באַאומרויִקט. געוווּסט האָב איך אַז אויף יעדער סטאַציע שטייען רוסישע פויערטעס און פאַרקויפן לעפּיאָשקעס צוזאַמען מיט פּושקעס פלייט וואָס פלעגט אָנקומען פון אַרגענטינע. בכלל איז שוין אין יאָר 1945 דער עקאָנאָמישער מצב אין רוסלאַנד געווען אַ סך בעסער ווי אין די מלחמה־יאָרן. דער הונגער איז שוין נישט געווען אַזוי גרויס, פאַר געלט האָט מען שוין געקענט קריגן כמעט אַלץ. ס׳איז טאַקע געווען טייער, אויסערגעוויינלעך טייער, אָבער מען האָט געקריגן. די גרויסע הילף אין שפּייז וואָס אַמעריקע האָט אַריינגעשיקט האָט זיך זייער גוט אָנגעזען. אמת, דער רוסישער אַרבעטער האָט פון זיינע פאַרדינסטן זיך נישט געקענט דערלויבן צו קויפן די אַלע שפּייז־פּראָדוקטן אויף די „טאָלטשאָקען”, ער האָט געמוזט לעבן פון דעם וואָס די מלוכה האָט אים צוגעטיילט, האָט ער טאַקע אַ היפּש ביסל אונטערגעהונגערט. אָבער דער וואָס האָט געהאַט געלט, נישט וויכטיק פונוואַנען ער האָט דאָס געלט גענומען, האָט שוין אויף די מערק אָדער אויף די באַן־סטאַציעס געקענט קריגן כמעט אַלץ ווי צוקער, מעל פּושקעס פלייש, פּוטער און אַנדערע פּראָדוקטן, דערפאַר אָבער בין איך געווען שרעקלעך אומרויִק פון פחד פאַר אַ רעוויזיע אין דער באַן? ווּ וועל איך זיך אַהינטאָן, ווּ וועל איך זיך באַהאַלטן?

געפאָרן זענען מיר נישט אין פּאַסאַזשיר־וואַגאָנען, נאָר אין לאַסט־וואַגאָנען, קרוב צו 50 מאַן אין יעדן וואַגאָן. געשלאָפן אויף נאַרעס פון ברעטער. בערך 5 טויזנט מאַן זענען מיר געווען אין דער באַן, דאָס רוב רוסן וואָס האָבן זיך איצט, נאָך דער מלחמה, צוריקגעקערט קיין אוקראַינע. צו מיין גרויס גליק זענען איבער דער גאַנצער צייט וואָס מיר זענען געפאָרן, בערך 12 מעת־לעת, נישט פאָרגעקומען אין דער באַן קיין שום רעוויזיעס. אַ ביסל שרעק האָב איך געהאַט בעת כ׳בין אָנגעקומען קיין סאַראַטאָוו. באַן־פּאָליציי און מיליטער האָבן זיך אַרומגעדרייט און געזוכט, כ׳ווייס נישט וועמען, און נאָכגעקוקט די פּאַסאַזשירן וואָס האָבן שפּאַצירט אויפן וואָקזאַל. אַזוי ווי אויפן גנב ברענט דאָס היטל, איז, פאַרשטייט זיך, געווען גרויס מיין שרעק זיי זאָלן חלילה נישט אַריינקומען אין דער באַן אַריין קאָנטראָלירן דאָקומענטן.

אַן ענלעכע שרעק האָב איך אויך איבערגעלעבט בעת מיר זענען אָנגעקומען אין סטאַלינגראַד. שוין צענדליקער קל”מ פאַר סטאַלינגראַד האָבן די חרוב־געוואָרענע דערפער עדות געזאָגט וועגן די גרויסע שלאַכטן וואָס זענען דאָ מיט בערך 2 יאָר צוריק פאָרגעקומען. און בעת דער קאָנדוקטאָר האָט אונדז צוגעזאָגט אַז די באַן וועט שטיין אין סטאַלינגראַד אַ גאַנצן טאָג און מיר וועלן קענען באַזוכן די שטאָט, האָט די דאָזיקע ידיעה אַרויסגערופן גרויס פרייד. דאָס וואָרט סטאַלינגראַד האָט געכישופט! האָבן מיר דאָך געוווּסט וועגן דער גרויסער בראָך וואָס עס האָט געטראָפן די נאַציס בעת די שלאַכטן אין דער דאָזיקער שטאָט. באַזונדערס האָבן מיר, פּוילישע יידן, זיך געפרייט מיט דער מעגלעכקייט צו באַזוכן סטאַלינגראַד. פאַרשטייט זיך אַז איך האָב נישט געקענט

גובר זיין דעם יצר־הרע און בין צוזאַמען מיט עטלעכע מיינע חברים אַראָפּגעגאַנגען אין שטאָט אַריין. דער גרעסטער טייל שטאָט איז נאָך געווען חרוב. ווו דו האָסט געוואָרפן דאָס אויג, האָסטו געזען בלויז חורבות. אָבער צווישן די חורבות האָבן שוין געוווינט מענטשן. ס'איז אויך געווען צו דערקענען אַז עס גייט אָן אַ גרויסע אַרבעט די שטאָט צוריק אויפצו־בויען.

שפּאַצירנדיק צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער, הונדערטער אַזעלכע נייגעריקע, האָב איך זיך געשראָקן עס זאָל נישט חלילה ווער פון דער פּאָליציי אָדער מיליטער צוקומען צו אונדז פרעגן אויף דאָקומענטן. ס'איז שוין טאַקע געווען נאָך דער מלחמה, פונדעסטוועגן איז אין ראַטנפאַרבאַנד געווען אַן אַפּטע דערשיינונג אַז מען זאָל סתם אַזוי צוקומען צו דיר פרעגן אויף דאָקומענטן. צו מיין גרויס מזל האָט מען מיך אויך דאָ, אין סטאַלינגראַד, אויף קיין דאָקומענטן נישט געפרעגט און איך בין בשלום, נאָך אַ פּאָר שעה שפּאַצירן צווישן די חורבות אין שטאָט, אָנגעקומען צוריק צום וואָקזאַל. פאַרן אָפּפאָרן פון סטאַלינגראַד איז אונדז באַשערט געווען צו זען ווי מחנות דייטשע געפאַנגענע, געהיטן פון רוסישע מיליטער־לייט, אָפּגעריסענע, טייל פון זיי האַלב־נאַקעטע און באָרוועסע פאַר־לייגן אַ באַן־ליניע. אַ טייל פון זיי געשוואָלענע פון הונגער און פון קעלט, אַרבעטן שטייענדיק אויף די קני, ווייל פון שוואַכקייט האָבן זיי נישט געקענט שטיין אויף די פיס. דאָס דאָזיקע בילד האָט מיר דערפרייט דאָס האַרץ. דאָס איז געווען מיין איינציקע נקמה אין די דייטשן. נאָך סטאַלינגראַד זענען מיר שוין אויף קיין שום באַן־סטאַציע נישט אַראָפּגעגאַנגען. נאָכן אָפּפאָרן עטלעכע מעת־לעת זענען מיר אָנגעקומען אין זשמערינקע. זשמערינקע איז איינע פון די גרויסע באַן־קנופּן וואָס רוסלאַנד פאַרמאָגט. פונדאַנען גייען אָפּ באַנען כמעט אין אַלע 4 עקן פון ראַטנפאַרבאַנד. דורכן פענסטער פון באַן־וואַגאָן האָב איך געזען ווי די באַן־פּאָליציי קאָנט־ראָלירט דאָקומענטן פון א טייל פון די פּאַסאַזשירן וואָס זענען נאָר וואָס אויסגעשטיגן פון דער באַן. אין דער ערשטער רגע האָב איך נישט געוווסט וואָס צו טאָן, זאָל איך אַראָפּגיין גלייך מיט אַלע, אָדער וואַרטן און אַראָפּגיין צום סוף? נישט לאַנג טראַכטנדיק האָב איך באַשלאָסן אַז ווי גרויס די געפאַר זאָל נישט זיין, איז אַלץ בעסער אַראָפּצוגיין פון דער באַן, צוזאַמען מיט די פיל טויזנטער, ווייל צוזאַמען מיט טויזנטער איז אומ־מעגלעך צו קאָנטראָלירן דאָקומענטן ביי יעדן איינעם. דערפאַר אָבער ווען איך וועל אַראָפּגיין צום סוף וועט די געפאַר זיין גרעסער. האָב איך טאַקע אַזוי געטאָן און אויסגעשטיגן צוזאַ־מען מיט אַלע.

אָבער וווהין גיי איך? וואָס טוט מען איצט? געוווסט האָב איך אַז איך מוז פונדאַנען אַוועק, נאָך איידער די מענטשן־מאַסע וועט זיך פונאַנדערגיין. שוין דאָס אַרומדרייען זיך אויף דער באַן אָן אַ ציל וועט אַרויסרופן חשד. דערזע איך פון ווייטן ווי עטלעכע באַן־באַאַמטע שטייען און שמועסן צווישן זיך און צו מיין אויער דערטראָגט זיך דער קלאַנג פון דער פּוילישער שפּראַך, בליץ־שנעל באַשליס איך צו פרעגן ביי זיי ווען איך קען פונדאַנען אָפּפאָרן קיין לעמבערג. דאָס ווענדן זיך צו זיי אויף פּויליש האָט ביי זיי אַרויסגערופן גרויס פרייד. איך האָב זיי דערציילט אַז איך קום פון די סאָוועטישע לאַגערן און אַז איך נייטיק זיך אין אַ באַן וואָס פאָרט קיין לעמבערג. כדי פון דאָרט צו קענען אָפּפאָרן קיין פּוילן. זיי האָבן מיך זייער אויפמערקזאַם אויסגעהערט און צווישן זיך האָבן זיי זיך באַראַטן וואָס זיי קענען פאַר מיר טאָן כדי מיר צו העלפן.

— מיט איין זאַך קען איך דיר העלפן, — זאָגט צו מיר איינער פון די פּוילישע באַן־אַרבעטער, — איך פיר אַ גאַנצע ריי וואַגאָנען קוילן קיין לעמבערג, אויב דו ווילסט גיי אַרויף אויף אַ וואַגאָן מאַך אַ טיף לאָך צווישן די קוילן, זעץ זיך דאָרט אַריין מען זאָל דיך נישט אַרויסזען, וועסטו נאָך 2 מעת־לעת אָנקומען קיין לעמבערג. עס איז אַ שווערער וועג, אַפילו אַ געפערלעכער וועג, ווייל עס זענען שוין דאַן געווען גרויסע קעלטן און שטאַרקע ווינטן, אָבער אויב דו ביסט גרייט צו נעמען אויף זיך די דאָזיקע סכנה, בין איך גרייט דיך מיט־צונעמען...

איך האָב מסכים געווען און אַזוי געטאָן. כ'בין אַרויף אויפן וואַגאָן, געמאַכט אין די קוילן אַ טיף לאָך, זיך דאָרט אַריינגעזעצט, גוט זיך ארומגעוויקלט מיט איינער פון די 2 קאָלדרעס וואָס כ'האָב מיט זיך געהאַט און נאָך 2 מעת־לעת פאָרן בין איך בשלום אָנגעקומען קיין לעמבערג. אין לעמבערג האָב איך פרייער אָפּגעאָטעמט. די גאַנצע אַוואַנטורע מיינע פון דורכפאָרן דעם מסוכנדיקן וועג פון אוזבעקיסטאַן ביז לעמבערג, אַ מהלך פון טויזנטער קילאָמעטערס, האָט מיר אויסגעזען ווי אַ גוטער חלום. ערשט דאָ אין לעמבערג האָב איך אָפּגעשאַצט די גרייס פון דער סכנה. אָנקומענדיק קיין לעמבערג האָב איך קודם כל אַוועקגעוואָרפן די קאָלדרע מיט וועלכער איך בין געווען איינגעהילט די גאַנצע צייט פון מיין נסיעה. זי איז געווען אָנגעזאַפּט מיט קוילן־שטויב און ס'איז געווען אומ־מעגלעך זי מער צו באַנוצן, נאָכדעם בין איך אוועק אויפן מארק זוכן עפּעס אָפּצועסן און דער עיקר זוכן יידן. געוווסט האָב איך נאָך פון סאַמאַרקאַנד, אַז אין לעמבערג זיצט אַ געמישטע פּויליש־סאָוויעטישע קאָמיסיע און די אַלע פּוילישע בירגער וואָס קענען מיט דאָקומענטן באַווייזן אַז זיי זענען פאַרן יאָר 1939 געווען איינוווינער פון לעמבערגער וואָיעוווּדסטוואָ, באַקומען אַריינפאָר דערלויבנישן קיין פּוילן. האָב איך דער־פאַר געזוכט יידן כדי ביי זיי געוואָר צו ווערן וואָס דאַרף איך טאָן אַזאַ דאָקומענט צו באַקומען.

איך ווייס נישט אין וועמענס זכות, אָבער מיין מזל האָט מיר אויך דאָ צוגעשפּילט. דרייענדיק זיך אַזוי אויפן טאָלטשאָק און קוקנדיק כמעט יעדן איינעם אין פּנים, אפשר וועל איך דערקענען אַ ייד? זע איך פונדערווייטן אַ פּוילישן פּלוטאָנאָווי, אָנגעטאָן אין אַ שיינעם אויסגעפּוצטן מיליטערישן מונדיר, כ'האָב זיך דערנענטערט און געפרעגט אים אויף פּויליש:

— הער פּלוטאָנאָווי, זענט איר אַ לעמבערגער? אפשר ווייסט איר ווו איך וועל קענען איבערנעכטיקן? דערביי האָב אים דערציילט אַז איך בין אַ פּאָליאַק וואָס קום נאָר־וואָס אָן פון טיפן רוסלאַנד און אַז איך בין אַ געוועזענער פאַרשיקטער אין די סיבירער לאַגערן. דאָ, אין לעמבערג, דאַרף איך זיין נאָר געציילטע טעג ביז איך וועל אַרויסבאַ־קומען פון דער געמישטער פּויליש־סאָוויעטישער קאָמיסיע די דערלויבעניש זיך אומצוקערן קיין פּוילן...

דער פּלוטאָנאָווי האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין קוקן אויף מיר, נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגערעדט, רופט ער זיך צו מיר אָן:

„ר' ייד, איר קענט ריידן צו מיר יידיש, איך בין אַ ייד גלייך מיט אייך, איך וועל אייך נעמען צו מיר און איר וועט קענען זיין ביי מיר ביז איר וועט דעם דאָקומענט באַקומען"...

ער האָט מיר דערציילט אַז אין לעמבערג געפינען זיך שוין אַ ביסל יידן, אַ טייל געראַטעוועטע פון די וועלדער, אַ טייל צוריקגעקומענע פון די סאָוויעטישע לאַגערן, אַ גרויסער טייל פון זיי וווינט אין דער איינציקער גרויסער שול וואָס די דייטשן האָבן נישט באַוויזן צו פאַרברענען. ער רופט מיר דערביי אָן די גאַס אויף וועלכער די שול געפינט זיך. פאַרשטייט זיך אַז איך האָב זיך שטאַרק דערפרייט פון דעם פאַרשלאַג זיינעם. דאָס וואָס דער פּלוטאָנאָווי איז אַ ייד האָט מיין פרייד נאָך גרעסער געמאַכט. דאָס ערשטע מיט וואָס דער פּלוטאָנאָווי האָט מיך מכבד געווען בעת כ׳בין אָנגעקומען אין זיין הויז איז געווען וואַרעם וואַסער זיך ארומצוואַשן. נאָכדעם האָב איך זיך איבערגעטאָן און געגאַנגען אין דער שול זען זיך מיט יידן.

לעמבערג האָט פון דער מלחמה ווייניק געליטן. אויסער דער טייל שטאָט וואָס איז געווען באַוווינט בלויז פון יידן און כמעט אינגאַנצן חרוב געוואָרן, איז די שטאָט געבליבן גאַנץ. אָבער ווער עס האָט געקענט די שטאָט נאָך פון פאַר דער מלחמה, האָט זי איצט בכלל נישט דערקאָנט. די לעמבערגער יידן פון פאַר דער מלחמה זענען אין גרעסטן טייל אומגעקומען. אָבער אויך די פּאָליאַקן וואָס האָבן דאָרט געוווינט זענען איצט אין לעמבערג נישט געווען. זיי זענען אַלע אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין פּוילן, די איצטיקע איינוווינער פון לעמבערג זענען געווען אוקראַינער וואָס ראַטנפאַרבאַנד האָט אַהער געשיקט פון אוקראַינע. דערמיט האָט ראַטן פאַרבאַנד געוואָלט געבן דער שטאָט דעם כאַראַקטער פון אַן אוקראַינישע שטאָט. אין שול האָב איך שוין געטראָפן פיל יידן, וואָס נישט האָבנדיק ווו צו וווינען האָבן זיי דערווייל געוווינט אין דער שול. דער גרעסטער טייל פון זיי איז געווען ווי געזאָגט געראַטעוועטע פון די וועלדער, אָדער אויסבאַהאַלטענע פון קריסטן. אַ טייל — צוריקגעקומענע פון די סאָוויעטישע לאַגערן. דער רוב פון זיי איז געווען פון די אַמאָליקע איינוווינער פון שטאָט אָדער פון דער סביבה אַרום לעמבערג. די דאָזיקע יידן האָבן מיר טאַקע געהאָלפן אַרויסבאַקומען אַ דאָקומענט אַלס לעמבערגער איינוווינער פון פאַר דער מלחמה. מיטן דאָזיקן דאָקומענט האָב איך זיך געווענדעט צו דער פּויליש־סאָוויעטישער קאָמיסיע און באַקומען א דערלויבעניש אריינצופאָרן קיין פּוילן.

בערך דריי וואָכן בין איך געווען אין לעמבערג. די דאָזיקע דריי וואָכן האָט מיך דער יידישער פּלוטאָנאָווי אויסגעהאַלטן מיט עסן און מיט שלאָפן. אַפילו מיין וועש האָט ער אַוועקגעגעבן צו וואַשן און נישט גענומען ביי מיר קיין געלט. בעת איך שרייב איצט וועגן דעם געדענק איך אַפילו נישט זיין נאָמען. כ׳געדענק נאָר אַז ער האָט געוווינט אין אַ שיינער דירה מיט אַ פרוי אַ קריסטן, וואָס פאַר דער מלחמה איז זי געווען אַ טאָכטער פון דעם סטרוזש פון הויז. דאָס הויז האָט געהערט צו אַ ייד, עס איז געווען אַפילו צו דערקענען די צייכנס פון די מזוזות אויפן גרעסטן טייל פון די טירן, אַ סימן אַז אויך דער רוב איינוווינער פונעם הויז זענען געווען יידן.

פון לעמבערג זענען מיר אָפּגעפאָרן אין אַ פאַרנאַכט. די גרענעץ צווישן פּוילן און רוסלאַנד איז געווען פּשעמישל ביים סאַן. באַגינען זענען מיר אָנגעקומען צו דער גרענעץ, אַריבער די בריק — און שוין האָבן מיר פונדערווייטנס געזען פּוילישע גרענעץ־וואַכן, אַן אויסטערליש געפיל האָט מיך אַרומגענומען. ווידער שטיי איך, נאָך העכער זעקס יאָר, אויף דער פּוילישער ערד, אָבער אין די זעקס יאָר איז חרוב געוואָרן דאָס פּוילישע יידנטום, חרוב ונחרב געוואָרן אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו דער כמעט טויזנט־יאָריקער יידישער געשיכטע אין פּוילן. אין די זעקס יאָר איז אויך חרוב געוואָרן מיין לעבן, אומגעקומען מיין גאַנצע משפחה, מיין מוטער, מיין פרוי און מיינע צוויי טעכטערלעך אין עלטער פון 10 און 6 יאָר. אַ דערשלאָגענער, איינגעהילט אין אבלות האָב איך זיך אַריינגעזעצט אין אַ באַן וואָס איז אָפּגעפאָרן אין דער ריכטונג פון קראָקע.

